


EZEKIEL'S STATUE OF RELIGIOUS LIBERTY
IN FAIRMOUNT PARK, PHILADELPHIA.

# געשיכטע פון דיא אידען
# אין אַמעריקאַ

פון דיא פעריאָדע ווען דיא נייע וועלט, איז
ענטדעקט געוואָרען ביז היינטיגע צייט

פון

פ. וויערניק

NEW YORK

THE JEWISH PRESS PUBLISHING COMPANY

1914

# פאָררעדע

דיא געשיכטע פון אידען אין אמעריקא מוז בעהאנדעלט ווערען אנדערס וויא א בעשרייבונג פון דיא אידישע פערגאנגענהייט אין אן אנדער מדינה. זיא קען אויך ניט בעהאנדעלט ווערען וויא אן אלגע־מיינע געשיכטע אָדער אפילו אן אלגעמיינע אידישע געשיכטע. אין אלע אנדערע היסטאָרישע ווערק בעשעפטיגט זיך דער געשיכטס־שריי־בער מיט דאָס וואָס איז פאָרגעקומען בעפאָר זיין צייט. אנדערע בליי־בען שטעהן מיט פופציג יאָהר פריהער, זעלטען ווער עס ריהרט אָן איינינע פונקטען וועגען ענינים וואָס האָבען פאסירט אין דעם אָנפאנג פון דעם דור אין וועלכען ער אליין לעבט. מען קען כמעט זאָגען אז עס איז א היסטאָריקער ניט ערלויבט צו פערנעהמען צו פיעל פלאץ וועגען דיא געגענווארט: אזעלכע בעשרייבונגען ווערען איבערהויפט ניט גע־רעכענט אלס געשיכטע. עס איז ניט לייכט, און אפשר טאקי גאָר ניט מעגליך, צו געבען אן אונפארטייאישע אָדער שטרענג־וויסענשאפטליכע אָפשאצונג פון פערזאָנען וואָס האלטען ערשט אינמיטען זייערע קאריע־רען, פון פלענער וואָס זיינען נאָך ניט אין גאנצען אויסגעפיהרט אָדער אפילו נאָך ניט גרינדליך אָנגעפאנגען. קורץ, דיא בעהאנדלונג פון דיא געגענווארט געהערט צו דיא ארבייט פון דעם פובליציסט אָדער זשור־נאליסט, צו דעם מאן וואָס זאמעלט דיא מאטעריאלען און פערצייכענט דיא פאקטען און דיא מיינונגען פון וועלכע מען קען ערשט שפעטער פרובירען מאכען געשיכטע. דאָס איז א כלל וואָס ווערט געוועהנליך אָפגעהיט פון יעדען וואָס אונטערנעהמט זיך דיא ארבייט צוזאמען צו שטעלען א ווערק איבער דיא געשיכטע פון אידען, אזוי גוט וויא אין דעם פאל פון אן עהנליכעם ווערק איבער אן אנדער בעזונדערען טהייל פון היסטאָריע.

עס איז אָבער איינפאך געוועזן אונמעגליך זיך צו האלטען אָן דיזען

כלל ווען עס האנדעלט זיך וועגען דיא געשיכטע פון אידען אין אמעריקא. צו בלייבען שטעהן, לאָמיר זאָגען, ביי 1880, א צייט וואָס דיא מיטעלע אָדער עלטערע מענשען פון איצטיגען דור געדיינקען נאָך, וואָלט גע־מיינט צו שרייבען פיעל וועניגער וויא א העלפט, אפילו וועניגער וויא א דריטעל, פון דאָס וואָס דיא געשיכטע פון אידען אין אמעריקא דארף דערציילען, פון דאָס וואָס יעדער אינטעליגענטער לעזער וועט אין אזא ווערק זוכען און איז בערעכטיגט צו געפינען. צו בלייבען שטעהן פריי־הער וויא ביי 1880 וואָלט געמיינט צו דערציילען אזוי וועניג אז דאָס ווערק וואָלט געהאט מעהר דעם כאראקטער פון אן אָבהאנדלונג איבער אלטערטהימליכקייטען און קוריאָזיטעטען, וויא פון א היסטאָריע אין וועלכע עס ווערט דערציילט דיא ענטוויקלונג פון אידען אין איינע פון דיא וויכטיגסטע לענדער פון דער וועלט. אלעס וואָס האָט פאסירט אין דיא לעצטע דרייסיג אָדער פינף־און־דרייסיג יאָהר געהערט אָבער צו דער געגענווארט, און ווען דער פערפאסער האָט זיך געפיהלט געצוואונ־גען אָנצוריהרען דיא איצטיגע צייט, איז שוין כמעט ניט געווען קיין אנדער ברירה וויא איהר צו בעהאנדלען מעהר אומשטענדליך וויא מען טהוט עס אין אזעלכע ווערקע.

מען קען דיעזעס אם בעסטען ערקלערען מיט סטאטיסטישע ציפער וועגען דיא צאָהל אידען אין אמעריקא אין פערשיעדענע צייטען. מיט הונדערט יאָהר צוריק זיינען אין יונייטעד סטייטס געווען ניט מעהר וויא ארום דריי טויזענד אידען, און אין דיא גאנצע נייע וועלט העכ־סטענס ארום צעהן טויזענד. עס איז שוין דאן געווען איבער דריי הונדערט יאָהר נאָך דיא ענטדעקונג פון אמעריקא, אָבער סורינאם אין סאָוטה אמעריקא און דיא אינזלען דשאמייקא און קוראסאאָ אין וועסט אינדיען האָבען געהאט צוזאמען מינדעסטענס דאָפּעלט אזוי פיעל אידען וויא אונזער גרויסע רעפּובליק. פיעלעס וואָס איז אינטערעסאנט און בעלעהרענד האָט פאסירט מיט יענע הייפאלאך שפּאנישע און האָלענ־דישע אידען, אָבער זיי זעהען זיך איצטער אָן וויא א טראָפּען אין ים אין פערגלייך מיט דיא גרויסע אידישע בעפעלקערונג פון דיא נייע וועלט, בעזאָנדערס אין פערגלייך מיט דעם שטראָם פון אידישע איינ־וואנדערונג וועלכער ברייננט אהער אריבער אין מאנכען מאָנאט מעהר

וויא דיא גאנצע צאָהל אידען וואָס האָבען זיך געפונען אין דיא נייע וועלט אין יאָהר 1800.

אין 1880 איז דיא צאָהל אידען פון יונייטעד סטייטס אָפּגעשאצט געוואָרען אויף אונגעפעהר 230,000, א היבשע ביסעל וועניגער וויא א צעהנטעל פון דיא איצטיגע אידישע בעפעלקערונג פון לאנד. צו בלייבען שטעהן ביי דיעזען צעהנטעל אָדער צוועלפטעל און ניט צו דערציילען וויא אזוי דיעזער קלענערער עולם האָט געהאָלפען עמפפאנגען דיא גרויסע מאסען וואָס זיינען געקומען שפּעטער, וויא אזוי דיא ערשטע האָבען ביז א געוויסען גראד געמאכט מיט זייער אייגענע עקזיסטענץ און אויפפיהרונג דיא נייטיגע פאָרבערייטונגען אז דיא לעצטע זאָלען קענען אהער קומען און זיך רעטען פון דיא פערפאָלגונגען פון דיא פינסטערע לענדער אין דיא אלטע וועלט — זיך אָפּצוהאלטען פון דיעזעם צו בעשרייבען וואָלט געמיינט איבערצוהיפּען דעם עיקר פון אמעריקאנישאידישע געשיכטע.

אין היסטאָרישע פאָרשונגען, אזוי גוט וויא אין נאטור־וויסענשאפטליכע, איז דער רעליגיעזער מענש ניט דער איינציגער וועלכער זוכט און געפינט א צוועק און א ציעל אין אלע וויכטיגע ערשיינונגען. דער פריידיינקער וועלכער גלויבט אז אלעס איז געוואָרען פון זיך אליין וויים אויך צו דערציילען פון דיא אויפגאבען וואָס געוויסע טהיילען פון קערפּער האָבען צו ערפילען, פון דעם תכלית צוליעב וועלכען פלאנצונגען אָדער ניט־דיינקענדע בעשעפּעניסען בענעהמען זיך אויף א געוויסען אופן, ווייל זאָנסט וואָלט ניט מעגליך געווען צו קומען צו דיא רעזולטאטען וואָס העלפען זיי זיך ערהאלטען אָדער זיך פערמעהרען. יעדער וועלכער בעטראכטעט דיא היסטאָרישע ענטוויקלונג פון דיא גאנצע מענשהייט אָדער פון א בעזונדערען טהייל, מוז קומען צו דער איבערצייגונג אז עס ווערען דורכגעפיהרט געוויסע פּלענער וועלכע האָבען אן אָנהויב און א מיטען און א סוף, פּלענער וועלכע ציהען זיך אמאָל אוים איבער הונדערטע און אמאָל איבער טויזענדע יאָהרען. מען זעהט דאָס לייכטער ווען עס קומט אוים צו דערציילען א היסטאָריע בקיצור, ווען מען שטעלט צוזאמען דיא וויכטיגסטע פאקטען פון עטליכע הונדערט יאָהר אין איין באנד, און גאנצע פּעריאָדען ווערען געצייכענט מיט דיקע שטריכען.

דער וואָס זאמעלט טיעפע היסטאָרישע חקירות. וועגען איינצעלנע פאק־טען אין דיקע בענדער מעג אין גאנצען ניט האָבען קיין מיינונג איבער דיא געשיכטליכע ענטוויקלונג, ווייל אין אמת שאפט ער נור מאטעריאל פון וועלכע אנדערע וועלען דערנאָך מאכען היסטאָריעס פאר דעם אלגע־מיינעם פובליקום. אָבער ווען איינער געברויכט דעם מאטעריאל וואָס אנדערע האָבען אָנגעזאמעלט און נעהמט זיך אונטער צו דערציילען דיזז פאסירונגען פון א לייינגערען היסטאָרישען קאפיטעל, אָדער פון עטליכע קאפיטלען, מוז ביי איהם ארויסקומען עטוואָס אין וואָס מען קען מער־קען א ציעל און א צוועק, אזוי וויא אין אלעם וואָס ענטוויקעלט זיך אין אונזער מאטעריעלע וועלט.

אין דיא לעצטע פעריאָדע פון מיטעל־אלטער איז עס דיא קריסטען געלונגען ארויסצושטופען דיא אידען פון דעם גרעסטען טהייל פון אינ־טערנאציאָנאלען האנדעל פון אייראָפא און אנדערע וועלט־טהיילען. ווען דער האנדעל פון דיעזען סאָרט — דיא וויכטיגסטע מענשליכע טהע־טיגקייט פאר פראקטישע צוועקען — איז שוין געווען כמעט אין גאנצען אין קריסטליכע הענד, האָט ער ערליטען א גרויסע אונטערברעכונג דורך דעם וואָס דיא טערקען האָבען איינגענומען קאָנסטאנטינאָפאָל און דער וועג פון מסחר מיט אינדיען איבער דער יבשה איז געוואָרען אונזיכער. דיא רעגיערונגען וועלכע וואָלטען זיך אפשר ווייניג געקימערט ווען דיא שטערונג וואָלט געקומען אין דער צייט ווען אידען האָבען קאָנטראָלירט דעם האנדעל מיט ווייטע אזיאטישע לענדער, זיינען איצטער געוואָרען שטארק פעראינטערעסירט, און זיי האָבען זיך גענומען מיט אלע כחות צו געפינען א וועג נאָך אינדיען איבער׳ן וואסער. מען דריקט אידען און מען זוכט א וועג אויפ׳ן ים פאר קריסטליכע סוחרים. דיא וויכטיג־סטע שריט איןביידע ריכטונגען: אין אידען פערפאָלגונג און אין ענט־דעקונגס־רייזען איבער׳ן ים ווערען געמאכט אין דיא זעלבע צייט, כמעט אין דעם זעלבען טאָג. קאָלאָמבוס פאָהרט אָפּ מיט זיינע שיפלאך צו געפינען אינדיען פון יענער זייט אטלאנטישען ים, און ער זעהט פון וו״יטען דיא שיפען אין וועלכע דיא אידען וואָס זיינען ארויסגעטריעבען געוואָרען פון שפאניען פאָהרען אוועק איבער פערשיעדענע געגענדען. דיא אייניקלאך און אור־אייניקלאך פון יענע פערטריעבענע אידען און

פון איבערגעבליעבענע מאראנאָם קומען שפּעטער אין האָלאנד און ענג־
לאנד, און נעהמען איבער א היבשען טהייל פון דעם האנדעל מיט אינדיען
און מיט דיא נייע וועלט פון וועלכע יענע צוויי פּראָגרעסיווע און ליבע־
ראלע לענדער האָבען פערטריעבען שפּאניען און פּאָרטוגאל.

שפּעטער קומען הייפאלאך פון דיעזע "פּאָרטוגיעזען" אין דיא נייע
וועלט, און ברייננגען מיט זייער רייכטהום, זייער פעהיגקייט און זייערע
פערבינדונגען מיט אידישע סוחרים אין אנדערע לענדער, און זיי העלפען
ענטוויקלען דיא קאָלאָניעס וואָס דיא אינקוויזיציאָנס־פעלקער האָבען
פערלאָרען. דער איד ברייננגט אין דיא נייע וועלט רייכטהום אָדער
קאפּיטאל אין דער צייט ווען דאָס איז געוועז אלעס וואָס דאָ האָט גע־
פעהלט. ער צייכענט זיך אוים אלס אונטערנעהמער און גרוים־הענדלער
און העלפט אויך דיא רעגיערונגען אלס באנקיער און אלס סאָלדאט אָדער
אָפיציער. מען האָט פון איהם א פיעל בעסערע מיינונג וויא אין דיא
אלטע וועלט, און עס איז ניטאָ קיין געלעגענהייט עס זאָל זיך איינוואָרצ־
לען געגען איהם א פּאָראורטהייל. דאָס מאכט אז אין שפּעטערע צייטען,
נאָך דעם צווייטען קריעג מיט ענגלאנד ווען יונייטעד סטייטס האָט זיך
אָנגעהויבען אויסצושפּרייטען און צו ענטוויקלען, און עס האָבען גע־
פעהלט פלייסיגע און אונטערנעהמענדע מענשען נאָך מעהר וויא קאפּי־
טאל, קענען אהער אָנקומען א פּאָר הונדערט טויזענד אידען פון מיטעל
אייראָפּא, בעזאָנדערס פון דייטשלאנד, און זיך פערשפּרייטען איבער'ן
גאנצען לאנד מיט וועניגער שטערונגען וויא אידען האָבען ווען בעגעגענט
אונטער אזעלכע אומשטענדען אין אירגענד וועלכע לאנד אין דער וועלט.
דיעזע אידען פון דיא צווייטע אָדער דייטשע פּעריאָדע פון איינוואנדע־
רונג העלפען דיא רעפּובליק אויפוואקסען, זיי ווייזען זייער טרייהייט און
איבערגעבענהייט אין בירגער־קריעג, און ווערען רייך, איינפלוסרייך און
רעספּעקטירט. מיר קריעגען דערמיט א גרויסע און רייכע מדינה וואו
עס איז ניטאָ קיין אָרגאניזירטע אנטיסעמיטישע פּארטיי, קיין אויסגע־
שפּראָכענע אידען־פיינדליכע פּרעסע, און וואו עס איז דאָ פּלאַץ פאר
מיליאָנען מענשען וואָס ווילען ארבייטען און זיין טרייע בירגער. דאָס
מאכט מעגליך אז מיליאָנען פערפאָלגטע אידען פון דיא סלאווישע לענ־
דער זאָלען קענען קומען אהער אין דיא לעצטע צייט און דאָ געפינען א

פרייערע און זיכערערע היים וויא אזעלכע גרויסע אידישע מאסען האָבען ווען געהאט זייט חורבן פון ירושלים.

דאָס איז בקיצור דיא צוועק־מעסיגע געשיכטע פון אמעריקאנישען יודענטהום און ווען מען האָט איהר אָנגעהויבען צו דערציילען איז ניט געוועזן מעגליך איהר צו סטאפּען אינמיטען; מען קען ניט בעגרייפען ריכטיג דיא פולע בעדייטונג פון דיא דריי טויזענד אידען פון פאר הונ־דערט יאָהרען, אָהן א גרינדליכע בעשרייבונג וואָס דיא דריטהאלבען אָדער דריי מיליאָן אידען טהוען דאָ היינט, אָדער אָהן צו דערמאָנען דיא אויסזיכטען אז מיר קענען דאָ גאנץ גוט פערטראָגען א פיעל גרעסערע אידישע בעפעלקערונג וויא מיר האָבען איצטער.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז שוין אויך געוועזן נאטירליך אז יונייטעד סטייטס זאָל קריעגען דעם גרעסטען טהייל אויפמערקזאמקייט אין אזא געשיכטע, אפשר זאָגאר עטוואָס מעהר וויא עס קומט אוים אויף איהר גרויסען חלק. עס איז אויך ניט נייטיג קיין ענטשולדיגונג פאר וואָס דיא רוסישע אידען פערנעהמען אזא גרויסען טהייל צווישען דיא אימיגראנטען פון דיא לעצטע פעריאָדע; אָבער עס איז ווערטה צו דער־מאָנען אז אין בעצוג אויף דיא אידען פון עסטרייך און רומעניען אין אמעריקא איז כמעט גאָר ניטאָ קיין מאטעריאל, מינדעסטענס ניט פון דעם סאָרט פערטיגע מאטעריאל אָדער "פאָר־ארבייטען" וואָס קענען גע־ברויכט ווערען אין אזא ווערק וויא דיזעס.

"דיא געשיכטע פון דיא אידען אין אמעריקא" איז אָריגינעל גע־שריעבען געוואָרן אין ענגליש, אין די שפּראכע פון די קוועלען פון וועלכע דאָס מאטעריאל איז גענומען געוואָרן. דיא גוטע מיינונג וואָס איז אויס־געשפּראָכען געוואָרן איבער דיא ענגלישע אויסגאבע אין פערשיעדענע אלגעמיינע און אידישע צייטונגען, און אויך אין דיא בריעף פון פּראָמי־נענטע פערזענליכקייטען וועלכע האָבען דאָס ווערק געזעהן*) האָבען געבראכט אלס א נאטירליכע פאָלגע אז א אידישע איבערזעצונג, פער־פערטיגט פון דעם פערפאסער, זאָל ארויסגעגעבען ווערען. דיא איבער־זעצונג איז א פרייע, אָבער זיא איז ציעמליך נאָהענט צום ענגלישען

*) זעה צום סוף פון בוך.

טעקסט, און דיא צאָהל ענדערונגען אָדער ערגענצונגען איז גאנץ קליין. דיא נאָטיצען אָדער קוועלען־אָנווייזונגען בעציהען זיך כמעט דורכאויס אויף ענגלישע ווערקע, אָבער אזוי וויא דיא איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרן שפּעציעל פאר לייטע וועלכע לעזען קיין ענגליש, איז עס בע־טראכטעט געוואָרן אלס פראקטיש צו איבערזעצען דיא טיטלען אויך אויף אידיש. פערזאָנען וועלכע לעזען ענגליש קענען בענוצען דיא אָרי־גינעלע אויסגאבע אויב זיי זיינען פעראינטערעסירט צו ווערען בעסער בעקאנט מיט דיא קוועלען.

ווען עס ווערט אין א נאָטיץ אָדער קוועלען־אנגאבע דערמאָנט דאָס וואָרט "פּאָבליקיישענס" מיינט עס דיא "פּאָבליקיישענס אָוו טהי אמע־ריקען דשואיש היסטאָריקעל סאָסייעטי", אָדער זאמלונג פון צוואנציג בענדער היסטאָרישעם מאטעריאל וואָס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרן זייט 1893 פון דיא אמעריקאניש־אידישע היסטאָרישע געזעלשאפט: איי־נע פון דיא הויפּט־קוועלען פאר דיעזעס ווערק. ווען עס ווערען געגעבען ביאָגראפישע דאטען נאָך א נאָמען ווערט אויך אָפט אָנגעמערקט דיא צייט ווען יענער איז געקומען נאָך אמעריקא, ווייל דאָס איז אָפט אזוי נייטיג, אָדער נאָך נייטיגער צו וויסען, וויא דיא צייט פון געבורט. אין אזעלכע פעלע שטעהט "געק." פאר געקומען, אזוי וויא "געב." פאר גע־באָרען אָדער "געש." פאר געשטאָרבען.

עס איז אויך געמאכט געוואָרן דיא אָנשטריינגונג אז דיא אידישע אויסגאבע זאָל אין יעדע הינזיכט זיין אזוי גוט אָדער אויב מעגליך נאָך בעסער, וויא דיא אָריגינעלע. דאָס בעציהט זיך ניט נור אויף דיא מע־כאנישע זייטע וויא אויף דרוק, פּאפּיער און בונד נור אויך אויף דיא בילדער און אויף דעם פאָלשטענדיגען אינדעקס אָדער אלפאבעטישע פערצייכניס פון אלע נעמען וואָס זיינען דערמאָנט אין בוך, וועלכעס איז א זעלטענהייט אין א אידישעם ווערק וואָס איז דאָ ערשיענען.

פ. וויערניק.

ניו יאָרק, חוהמ"ס תרע"ד.

# אינהאַלטס־פערצייכניס

## ערשטער טהייל

## דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע פּעריאָדע.

### קאַפּיטעל 1

### דיא בעטהייליגונג פון אידען אין דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט.



### קאַפּיטעל 2

### דיא ערשטע אידישע מאַרטירער אונטער שפּאַנישע הערשאַפט אין דיא נייע וועלט.

## קאַפּיטעל 3

### אָפּפער פון דיא אינקוויזיציאָן אין מעקסיקאָ און אין פּערו.



## קאַפּיטעל 4

### מאַראַנאָס אין דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס.



---

# צווייטער טהייל

# דיא האָלענדישע און ענגלישע קאָלאָניאַלע פּעריאָדע.

## קאַפּיטעל 5

### דיא קורצע הערשאַפט פון דיא האָלענדער איבער בראַזיליען.

## קאַפּיטעל 6

### רעציפע: דיא ערשטע אידישע געמיינדע אין דיא נייע וועלט.



## קאַפּיטעל 7

### דיא אידען אין סורינאַם אָדער דיא האָלענדישע גיאַנאַ.



## קאַפּיטעל 8

### דיא האָלענדישע און ענגלישע אינזלען פון וועסט אינדיען.

## קאַפּיטעל 9

### ניי־אַמסטערדאַם און ניו יאָרק.



## קאַפּיטעל 10

### ניו ענגלאַנד און דיא אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס.



---

# דריטער טהייל

## די רעוואָלוציאָן און די פעריאָדע פון פערגרעסערונג.

### קאַפּיטעל 11



### קאַפּיטעל 12



### קאַפּיטעל 13

## קאַפיטעל 14

### אַנדערע קהלות אין דיא ערשטע פעריאָדע פון אונאַבהייניגקייט.



## קאַפיטעל 15

### דיא פראַגע פון רעליגיעזע פרייהייט אין ווירדשיניע און אין נאָרד קאַראָליינאַ.



## קאַפיטעל 16

### דיא מלחמה פון 1812 און דיא אָפּשאַפונג פון אויסנאַהמען געגען אידען אין מערילענד.

## קאַפּיטעל 17

### מרדכי מאַנועל נאָאַה און זיינע טעריטאָריאַליסטיש-ציוניסטישע פּלענער.



---

# פיערטער טהייל

## דיא צווייטע אָדער דייטשע פעריאָדע פון איינוואַנדערונג.

## קאַפּיטעל 18

### דיא ערשטע קהלות אין דעם טהאָל פון מיסיסיפּי.

## קאַפּיטעל 19

### נייע קהלות אין מיטעל־וועסט און ביים ברעג פון פּאַסיפיק.



## קאַפּיטעל 20

### אידען אין דיא פריהע געשיכטע פון טעקסאַס. דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ.



## קאַפּיטעל 21

### דיא רעליגיעזע רעפאָרם־בעוועגונג.

# קאַפּיטעל 22

## דאָס קאָנסערוואַטיווע יודענטהום און דיא שטעלונג געגען רעפאָרם.



# קאַפּיטעל 23

## אריינמישונג אין דמשק. דיא שטרייטיגקייט געגען אויסנאַהמען אין דער שווייץ.

# פינפטער טהייל

## דער בירגער־קריעג און דיא פעריאָדע פון איינאָרדנונג.

### קאַפּיטעל 24

### דיא דיסקוסיאָן וועגען שקלאַפעריי. לינקאָלן און דיא אידען.



### קאַפּיטעל 25

### בעטהייליגונג פון אידען אין בירגער־קריעג. יהודה פּ. בענדשעמין.

## קאַפּיטעל 26

### אידען צייכנען זיך אוים אין דיענסט פוןביידע זייטען פון קריעג.



## קאַפּיטעל 27

### דיא צייט פון בריינגען אָרדנונג נאָך דעם בירגער־קריעג.



## קאַפּיטעל 28

### נייע שולען און טעמפּלען. איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד פאַר 1880.

---

# זעקסטער טהייל

## דיא דריטע אָדער רוסישע פעריאָדע פון איינוואַנדערונג.

### קאַפּיטעל 29

### דער שטראָם פון איינוואַנדערונג נאָך דיא רוסישע פּאָגראָמען פון 1881.



### קאַפּיטעל 30

### רעליגיעזע און קהל'שע טהעטיגקייט צווישען דיא ניי־געקומענע.

# קאַפּיטעל 31

## נייע געמיינשאַפטליכע און גייסטיגע טהעטיגקייטען.



# קאַפּיטעל 32

## דיא אַרבייטער־בעוועגונג און דיא נייע ליטעראַרישע טהעטיגקייט.



# קאַפּיטעל 33

## בעציהונגען מיט רוסלאנד. דיא פּאַספּאָרט פראַגע.

## קאפּיטעל 34

### געזעץ וועגען איינוואַנדערונג. זאָנטאַגס־געזעץ און זייער אָנווענדונג.



## קאפּיטעל 35

### דאָס ענדע פון יאָהרהונדערט. דיא שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה. דיא דרייפוס־געשיכטע. ציוניזם.

# זיעבעטער טהייל

## דער צוואַנציגסטער יאַהרהונדערט. איצטיגע צושטענדע.

### קאַפּיטעל 36

### שולען און אַנשטאַלטען. דיא ענציקלאָפּעדיע. רומעניען און דיא רו־מענישע נאָטע.



### קאַפּיטעל 37

### הילפע פאַר דיא אָפּפער פון דיא רוסישע שחיטות אין 1903 און אין 1905. אַנדערע צייכענס פון סימפּאַטהיע.

# קאַפּיטעל 38

## דיא אַמעריקאַניש־אידישע קאָמיטע. ערציהונגס־אַנשטאַלטען און פעדעראַציאָנען.



# קאַפּיטעל 39

## דיא אידען פון קענעדע.

## קאַפּיטעל 40

### אידען אין סאַוטה אַמעריקאַ, מעקסיקאָ און קיובאַ.



## קאַפּיטעל 41

### בעריהמטע אידען אין קונסט, וויסענשאַפט און דיא געלעהרטע פּראָפעסיאָנען.

# קאַפּיטעל 42

## ליטעראַטור: העברעאישע און ענגלישע. צייטשריפטען.



# קאַפּיטעל 43

## אידישע ליטעראַטור, דראַמאַ און דיא פּרעסע.



# קאַפּיטעל 44

## איצטיגע צושטענדע. דיא צאָהל און דיא פערשפּרייטונג פון אידען אין אַמעריקאַ. שלוס־וואָרט.

# בילדער פערצייכנים

# איינלייטונג

## אידען אַלס סוחרים צווישען פערשיעדענע לענדער אין אַלטע צייטען.

דיא טויזענד יאָהר וואָס זיינען אריבער צווישען דעם אונטערגאַנג פון דיא וועסטליכע רוימישע אימפעריע און דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט זיינען בעקאַנט אַלס דיא צייט פון מיטעל־אַלטער אָדער דיא פינסטערע דורות. זיי זיינען אין אַלגעמיין געוועזען זעהר פינסטער פאַר דיא מייסטע איינוואָהנער פון אייראָפּאַ, אַזוי גוט וויא פאַר דיא אידען וואָס זיינען געוועזען פערשפּרייט און צו־וואָרפען צווישען זיי. דאָס איז געוועזען אַ צייט ווען רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידעען זיינען געוואָרען אויסגעאַרבייט, ווען עס האָט זיך ענטוויקעלט דער גייסט און דיא פּאָליטישע קערפּערשאַפטען פון דיא גרויסע נאַציאָנען פון דיא איצטיגע ציוויליזירטע וועלט. עס איז געוועזען אַ פּעריאָדע פון ביטערע פיינדשאַפטען, פון גרויזאַמע פערפאָלגונגען, פון יענע שרעקליכע ערנסטקייט וועלכע בעשטימט און בערעכטיגט צו פערניכטען פיינדע און אפילו געגנער; עס האָט געהערשט אַ שטענדיגע מלחמה צווישען נאַציאָנען, צווישען קלאַסען, צווישען אמונות און סעקטען. דער פּשוט'ער מענש האָט ניט געהאַט קיין רעכטע אפילו אין טהעאָריע, דער אמת אז "אַלע מענשען זיינען בעשאַפען געוואָרען גלייך, דאָס זיי זיינען בעשאָנקען געוואָרען פון זייער בעשעפער מיט געוויסע רעכטע וואָס קיינער קען פון זיי ניט אוועקנעהמען, דאָס צווישען דיעזע געהערען דאָס רעכט צו לעבען, צו זיין פריי און צו זוכען גליקליכקייט" — איז דאַן ניט געוועזען אַזוי זעלבסטפערשטענדליך וויא אין שפּעטערע צייטען. מען האָט וועגען דעם ניט געקלערט ביז אַ פיעל שפּעטערע עפּאָכע.

דיא בעהאַנדלונג וואָס אידען קריעגען איצטער אין לענדער וואו מען איז נאָך ניט צו ווייט אוועק פון דיא צושטענדע פון מיטעל־אַלטער, גיבען אַ קלאָרען בעגריף וואָס דיא אידען האָבען געהאַט אויסצושטעהן ווען מען איז געשטאַנען אויף אַ פיעל ניעדריגערע שטופע פון קולטור וויא עס געפינען זיך איצטער אפילו יענע קריסטליכע פעלקער וואָס זיינען אם וויינִיגסטען ענטוויקעלט. דיא בעשרייבונגען פון יענע צייטען זיינען אַזוי אָנגעפילט מיט בערויבונגען, אויסווייזונגען און הריגות, אַז זיי מאַכען דעם איינדרוק אַזוי וויא דיא רציחות וואָלטען פאָרגעקומען נאָכאַנאַנד אָהן אונטערברעכונג, חאָטש אין אמת זיינען

זיי געווען ווייטער איינע פון די אַנדערע פאַר די מענשען וועלכע האָבען דורכגעלעבט די צייטען פון איין אויסברוך ביז דעם צווייטען. עס האָבען אויך ניט געפעהלט ליכטיגערע פּלעצער וואו די לאַגע פון די אידען איז געווען בעסער, בעזאָנדערס אַזעלכע פּלעצער וויא שפּאַניען און פּאָרטוגאַל אין די ערשטע צייט פון די הערשאַפט פון די אַראַבישע מורען פון אַפריקאַ. עס פלעגט פּאַסירען אַז אַ גוט־הערציגער קעניג האָט בעשיצט זיינע אידען און זיי זאָגאַר אַמאָל געגעבען ווערטהפאָלע פּריווילעגיען; אַ פירסט מיט אַ קלאָרען בליק פלעגט זיי אָפט בענוצען צוליעב זיין אייגענע טובה צו ענטוויקלען דעם האַנדעל פון זיין לאַנד, און אין אַ זעלטענע צייט פון פריעדען און וואָהלזיין פלעגט מען אין גאַנצען אַ ביסעל נאָכלאָזען די שטריינגקייט וואָס האָט כאַראַקטעריזירט יענע צייטען. אָבער ווען מיר בעטראַכטען די גאַנצע טויזענד יאָהר אַלס איין איינציגע היסטאָרישע פּעריאָדע, געפינען מיר אַז די לאַגע פון די אידען איז געוואָרן וואָס ווייטער ערגער. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס אין דער צייט וואָס די מאָדערנע נאַציאָנען זיינען ארויס פון מיטעל־אַלטערליכען קאַלך־אויוועו צוזאַמענגעשוויסט, פערשטאַרקט און ענטוויקעלט, זיינען די אידען געבליבען צוריקגעשטויסען, אָפּגעזונדערט און ערניעדריגט, פערטיג פאַר די פיעלע אויסווייזונגען און פערשיעדענע צרות וואָס האָבען אָנגעהאַלטען מעהר וויא צוויי הונדערט יאָהר אין די לענדער פון מערב אייראָפּאַ, און וועלכע זיינען נאָך ניט אין גאַנצען אַריבער אין אַנדערע טהיילען פון די אַלטע וועלט.

די גינסטיגע לאַגע פון אידען אין אָנפאַנג פון מיטעל־אַלטער איז וועניגער בעקאַנט צום לעזע פּובליקום, אפילו ביי אידען, וויא די שלעכטע צייטען וואָס זיינען געקומען שפּעטער. אין דער ווירקליכקייט האָבען זיך די אידען געפונען אין בעסערע מאַטעריעלע אומשטענדען די ערשטע פיער הונדערט יאָהר נאָך דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש וויא אין די לעצטע צייטען פון די עקזיסטענץ פון די אידישע נאַציאָן אין ארץ ישראל, ווען זיי האָבען נאָך כלומרשט געהאַט אַן אייגענע היים מיט אַן אייגענע רעגיערונג. דער אינסטינקט פאַר האַנדעל וואָס ליעגט אין די סעמיטישע ראַסע איז אויפגעוועקט געוואָרען אין גלות, און נאָך אַן אונטערברעכונג פון איבער טויזענד יאָהר, געפינען מיר ווידער צום ענדע פון די אַלטע צייטען אָדער צום אָנפאַנג פון מיטעל־אַלטער — דאָס הייסט אַרום דער צייט פון יאָהר 476, ווען רוים איז געפאַלען — אַז דער מסחר צווישען פערשיעדענע לענדער איז ווידער געווען כמעט אין גאַנצען אין די הענד פון "סעמיטען". די סומעראָ־אַקאַדיאַנס אָדער אָריגינעלע איינוואָהנער פון בבל, וועלכע זיינען געווען די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע סוחרים אויף'ן לאַנד, און די פעניציער (די צורים פון תנ"ך) וועלכע האָבען פריהער פאַר אַלע פון וועמען מיר ווייסען געוואַגט צו האַנדלען מיט ווייטע גע־

גענדען איבער׳ן וואסער, האָבעןביידע געשטאַמט פון דיא ראַסע וואָס מיר בעצייכענען מיט דעם נאָמען פון שם בן נח. אויסלענדישער האַנדעל איז דיא העכסטע פאָרם פון טהעטיגקייט אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט צו מאַכען געברויך פון דאָס וואָס מענשען פּראָדוצירען, און דיעזער סאָרט האַנדעל עפענט אויף דעם וועג פאַר גייסטיגע טהעטיגקייט און פאַר אַ קולטור וואָס ברייננגט דיא מענשהייט אויף אַ העכערע מדרגה. דיא לעצטע אויספאָרשונגען לאָזען איבער וועניג צווייפעל אַז דיא עגיפּטישע און דיא גריכישע ציוויליזאַציאָן האָבען ביידע געשטאַמט פון מעסאָפּאָטאַמיען אָדער פעניציען, מיט אַ שטאַרקע וואַהרשיינליכקייט אַז דיא צורים האָבען איבערגענומען דיא ציוויליזאַציאָן פון אור כשדים אין צייטען וואָס מען בעצייכענט נאָך אימער אַלס פאָר־היסטאָ־רישע, אָבער וועגען וועלכע מען ווייס איצטער ציעמליך פיעל. קולטור האָט נאָכגעפאָלגט דיא קאַראַוואַנען נאָך סיריען און עגיפּטען פון איין זייט, און נאָך איראַן (דיא אַלטע פּערזיען), אינדיען, און אַזוי ווייט וויא כינאַ פון דער אַנדערער זייט. און אויב מיר זאָלען אָננעהמען דיא אונריכטיגע און אונוויסענ־שאַפטליכע איינטהיילונג פון דיא ווייסע ראַסע אין אַריער און סעמיטען, דאַן איז דיעזע אָריגינעלע און פּרוכטבאַרסטע פון מענשליכע קולטורען אָהנע צוויי־פעל אַ סעמיטישע. אַ מעהר מאָדערנע און ריכטיגערע איינטהיילונג וואָלט בע־שטימט דיא גאָר אַמאָליגע איינוואָהנער פון יענעם טהייל אַזיען אַלס אַ צווייג פון דיא גרויסע מיטעללענדישע אָדער ברונעטע ראַסע, צו וועלכע עס געהערען אַלע זאָגענאַנטע סעמיטען און אויך אייניגע פעלקער פון דרום זייט פון איי־ראָפּאַ וועלכע ווערען קלאַסיפיצירט אַלס אַריער. גריעכענלאַנד האָט גע׳ירשנט צור אין האַנדעל צווישען פערשיעדענע לענדער אַזוי גוט וויא אין אַלגעמיינע קולטור, און רוים האָט דערנאָך איבערגענומען כמעט אַלע גייסטיגע און מאַ־טעריעלע בעזיצונגען פון דיא גריעכען. קולטור און האַנדעל זיינען געזונקען צוזאַמען ווען דיא ציוויליזאַציאָן פון דיא אַלטע וועלט איז כמעט אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען דורך דעם אריינדרינגען פון דיא בלאָנדע באַרבאַרען פון דיא וועלדער פון צפון, וועלכע זיינען געווען בעשטימט אליין צו עררייכען אין אַ ווייטע צוקונפט אַ פיעל העכערע שטופע פון ציוויליזאַציאָן וויא דיא דאַמאָלסדיגע מענשהייט האָט זיך געוויעזען פעהיג צו ענטוויקלען. (זעה דר. איג־נאַץ צאָלשאַן׳ס ווערק, „דאַס ראַסענפּראָבלעם", וויען 1910, זייטע 206 און ווייטער).

עס איז אַזוי אויסגעקומען אַז אין דער צייט ווען דיא רוימישע אימפּעריע פון מערב איז אונטערגעגאַנגען, איז אַן אַנדער פאָלק פון סעמיטישער אָדער מיטעללענדישער אָפּשטאַמונג, דיא אידען, געווען צום גרעסטען טהייל בע־שעפטיגט מיט אינטערנאַציאָנאַלען האַנדעל. עס זיינען צו אונז אָנגעקומען פער־צייכענטע פאַקטען פון יענע צייטען וועגען אידישע סוחרים וועלכע האָבען דאַן

געשיקט וויין, אייל, האָניג, פיש, בהמות, וואָל א. ז. וו. פון שפּאַניען נאָך רוים און אַנדערע לאַטיינישע פּראָווינצען, פון מדי נאָך בריטאַניאַ (דאָס איצטיגע ענגלאַנד), פון דעם פּערזישען גאָלף און פון עטהיאָפּיאַ (כוש אָדער אַבעסיניען) נאָך מאַקעדאָניען און איטאַליען. עס איז ניט געווען דאָן קיין וויכטיגע האַפענשטאָדט אָדער מיטעל־פּונקט פון האַנדעל וואו אידען האָבען ניט פערנומען אַ הערפאָרראגענדע שטעלונג. זייער בעדייטונג אַלס איממפּאָרטערס און עקספּאָרטערס פון סחורה איז גיכער געשטיעגען וויא געפאַלען צוליעב דעם אונטערגאַנג פון דיא רוימישע הערשאַפט. דיא נייע נאַציאָנען פון דיא גערמאַנישע קעניגרייכען וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף דיא רואינען פון רוים, האָבען כמעט גאָר ניט געוואוסט פון אינטערנאַציאָנאַלען האַנדעל, און עס איז ביי זיי אָנגענומען געוואָרען אַלס אַ נאַטירליכע זאַך אַז דיזע סאָרט בעשעפטיגונג געהערט צו דיא אידען. דערפון קומט דאָס דיא ערשטע שפּורען פון אידען אין דיא מאָדערנע אייראָפּייאישע לענדער זיינען כמעט אָהן אויסנאַהמע פערבונדען מיט דיא ערשטע פערצייכנונגען וועגען מסחר און האַנדעלס־פּריווילעגיען. אידען זיינען דאַמאָלס געווען בעוואוסט אַלס לייטע וואָס פיהרען געשעפטען מיט ווייטע לענדער, איבער'ן וואַסער אַזוי גוט וויא אויף'ן לאַנד, אַלס איינענטהימער פון שיפען און אַלס שקלאַפען־הענדלער. דער וועקסעל אָדער געשריעבענע פערפּליכטונג צו צאָהלען וועלכעס ווערט אָנגענומען אַלס בעצאָהלונג פאַר אַ חוב און ווערט אליין איבערגעגעבען פון האַנד צו האַנד אַנשטאָט געלד, איז אַ אידישע ערפינדונג פון יענע צייטען. זיי האָבען ענטוויקעלט אינדוסטריען און האָבען פערבעסערט דיא מאַטעריעלע לאַגע פון יעדען פּלאַץ וואו זיי האָבען זיך געפונען אין אַ היבשע צאָהל. אפילו אַזוי שפּעט וויא דער יאָהר 1084, ווען דיא אידישע לאַגע איז שוין געוואָרען פיעל ערגער, און מען האָט שוין געקענט מערקען דעם שאָטען פון דיא קומענדיגע קרייץ־ציגע, הויבט נאָך בישאָף רודיגער פון שפּייער אָן זיין עדיקט אָדער אוקאַז פון דיא פּריווילעגיען וואָס ער האָט געגעבען דיא אידען מיט דיא בעהויפּטונג: — "אַזוי וויא איך וויל פערוואַנדלען דעם דאָרף שפּייער אין אַ שטאָדט... רוף איך דיא אידען זיי זאָלען זיך דאָרטען בעזעצען". (זעה צאָלשאַן, זייטע 351). *)

---

*) אַ מערקווירדיגעס ווערק פון ווערנער סאָמבאַרט פון בערלין, "דיא יודען אונד דאס ווירטשאַפטס־לעבען" (לייפּציג, 1911) וועלכעס איז ערשיענען נאָכדעם וויא דיזע איינלייטונג איז שוין געווען אויפגעשריעבען, ענטהאַלטעט אַ גרויסע מאַסע מאַטעריאַל וועגען דיא וויכטיגע ראָלע וואָס אידען האָבען געשפּיעלט אין דיא ענטוויקלונג פון האַנדעל און פינאַנס אין מיטעל־אַלטער אַזוי גוט וויא אין מאָדערנע צייטען. עס איז אַ פּאַרטייאישעס ווערק, געשריעבען פאַר אַ שפּעציעלען צוועק, דאָך איז עס אַ בעדייטענדער בייטראַג צו דיא סאָציאַל־עקאָנאָמישע געשיכטע פון אידען, און יעדער וועלכער שטודירט דיזען געגענשטאַנד קען ניט בעשטעהן דיזעס ווערק צו פערנאַכלעסיגען.

## דיא שפּאַנישע אידען אַלס לאַנד־אייגענטהימער.

דיא געזעץ פון דיא קירכע פון איין זייט, און דיא אויפוואַקסונג פון שטעדט פון דער אַנדערער זייט, האָבען פערערגערט דיא אידישע לאַגע ביז זייער צו־שטאַנד איז געוואָרען זעהר שלעכט צום סוף פון מיטעל־אַלטער. דיא קירכע האָט געאַרבייט אונאויפהערליך און אָהן רחמנות אין דיא יאַהרהונדערטען אין וועלכע איירָאפּאַ איז געוואָרען דורך און דורך קריסטיאַניזירט, אָפּצושיידען דיא אידען אַזוי ווייט וויא מעגליך פון זייערע ניט־אידישע שכנים. דיא פער־בינדונג פוןביידע טהיילען פון דיא בעפעלקערונג דורך דיא טויזענדע פעדימלעך פון דיא זעלבע אינטערעסען, פון פריינדשאַפט, מיטווירקונג אָדער ניצליכען פערקעהר, זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען, און וואו עס האָט זיך געלאָזען זיינען זיי כמעט אין גאַנצען איבערגעריסען געוואָרען. אויף דיא פערשיעדענע קירכ־ליכע קאָנסיליען אָדער פערזאַמלונגען, פון דיא ערשטע וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניקעאַ, קליין אַזיען, אין 325 ביז דיא לעצטע פון דיא לאַטעראַן־קירכע אין רוים, אין 1512, איז אָנגענומען און אַנערקענט געוואָרען דיא טהעאָ־ריע אַז עס איז דורכאויס נייטיג אַרויסצושטופען דיא אידען פון דעם נאַציאָ־נאַלען לעבען פון דיא פעלקער צווישען וועלכע זיי וואָהנען, און זיי אַוועקצו־שטעלען אָן אַ זייט אַלס אַ בעזונדערע, ניעדריגערע און רעכטלאָזע קלאַס. דיא פּרינציפּען וואָס זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען פון דיא העכערע גייסטליכע זיינען פערשפּרייט געוואָרען פון גלחים און דעמאַגאָגען אונטער דיא מאַסען. נאָך שפּעציעלע געזעץ און בעשריינקונגען זיינען אָפּט געקומען איבערפאַלען פון דיא מאַסען אויף דיא אידישע נאַכבאַרשאַפטען, רויבערייען און ערניעדרי־גונגען פון פערשיעדענע סאָרטען. אין צוועלפטען יאָהרהונדערט און דיא דריי הונדערט יאָהר נאָכדעם פלעגען נאָך דיא רציחות אָפּט פּאָרקומען אויסוויזונגען, אָדער מען פלעגט בטל מאַכען דיא חובות וואָס קריסטען זיינען געווען שולדיג אידען. אַ שווערע געלד־שטראָף אויף איינצעלנע אידען אָדער אויף אַ גאַנצע געמיינדע פלעגט דאַן בעטראַכטעט ווערען פון ביידע זייטען אַלס אַ לייכטערע צרה מיט וועלכע מען האָט זיך געראַטעט פון אַ גרעסערעם אונגליק. דער העכסטער גראַד וואָס דיעזע אויפפיהרונג אין בעצוג אויף דיא בעהאַנדלונג פון אידען האָט עררייכט, דער גרעסטער שלאַג וואָס דיא אונגליקליכע קינדער פון ישראל האָ־בען געקראָגען פון קריסטליכע הערשער, איז געווען דער גירוש פון שפּאַניען אין יאָהר 1492, און זיין בעגלייטונג אָדער פאָלגע, דער גירוש פון פּאָרטוגאַל מיט פינף יאָהר שפּעטער.

אָבער דיא קירכע אליין וואָלט קיינמאָל ניט געקענט אויספיהרען צו רואי־נירען דיא אידען ווען דיא ענדערונגען אין דיא עקאָנאָמישע לאַגע און דאָס

אויפוואַקסען פון אַ רייכע און מעכטיגע קלאַס פון קריסטליכע סוחרים, וואָלט ניט אונטערגעגראָבען דיא שטעלונג פון דיא פריהעריגע איינציגע האַנדעלס־קלאַס. דיא נייע קריסטליכע בירגער אָדער שטעדט־איינוואָהנער זיינען געווען דיא הויפט־געגנער און פערפאָלגער פון זייערע אידישע קאָנקורענטען, זיי האָבען געהאָלפען, און אין מאַנכע פעלע פעראַנשטאַלטעט, דיא אונטערנעהמונגען פון דיא גייסטליכקייט אויסצושליסען אידען פון פערשיעדענע בעשעפטיגונגען. אַזוי איז עס געקומען אַז ווען דיא שטאָדט איז אַריבערגעשטיגען דעם לאַנד־איינגענטהימער און האָט אָנגעהויבען צו האָבען אַ גרויסען איינפלוס אויף דיא רעגיערונג, איז פאַר דעם אידען געוואָרען ענג דיא וועלט. ער האָט געמוזט זינקען פון זיין פריהעריגע שטעלונג אַלס פיהרער אין דיא געשעפטס־וועלט און וואַרטען אויף מעהר מענשליכע און מעהר ליבעראַלע צייטען, ווען דיא פאָדערונגען פון מענשליכע רעכטע און דיא אַנערקענונג פון דיא ברידערשאַפט פון אַלע מענשען וועלען איבערקומען דיא ענגהערציגע קויפמענישע און גייסטליכע פאָליטיק פון גרויזאַמע צייטען. דער גרויסער דייטשער היסטאָריקער ראַנקע האָט בעוויעזען אַז דיא מלחמה צווישען דיא שטעדט און דעם אַדעל אין קאַסטיליען איז ענטשידען געוואָרען צו גונסטען פון דיא שטעדט דורך דיא הייראַטה פון קעניגין איזאַבעלאַ מיט פערדינאַנד פון אַראַגאָן. דיעזע הייראַטה האָט אויך בעזיעגעלט דעם שיקזאַל פון דיא אידען פון שפּאַניען, און פון זייערע פריהעריגע פריינדע און בעשיצער, דיא מורען, וועלכע זיינען שוין דאַן געווען געזונקען אַזוי טיעף אַז עס איז זיי ניט מעהר מעגליך געווען זיך לאַנג צו האַלטען אויף דעם לעצטען פעסטען פּלאַץ וואָס איז זיי נאָך געבליעבען אין איירָאָפּאַ.

אָבער חאָטש דיא אויסזיכטען אין שפּאַניען זיינען שוין געווען זעהר שוואַרץ, איז עס געווען נאָך פיעל ערגער אין אַלע אַנדערע לענדער, וועלכעס ערקלערט דעם פאַקט אַז אידען האָבען כמעט גאָר ניט אויסגעוואַנדערט פון שפּאַניען אין דיא צייט פאַר דעם גירוש. דער שפּאַנישער איד איז דאַן געווען, און איז ביז אַ געוויסען גראַד געבליבען ביז היינטיגען טאָג, דער אַריסטאָקראַט צווישען דיא אידען פון דער וועלט. זיין שטאַרקע ליעבע פאַר יענעם לאַנד גלימערט נאָך אין דיא הערצער פון זיינע נאַכקאָמען, און ניט אָהן אורזאַכע. אין אַנדערע לענדער פון איירָאָפּאַ האָט דער איד אין דיא צייטען פון מיטעל־אַלטער נור אַמאָל געקענט געניסען דיא סימפּאַטהיע פון דיא אַדעל־קלאַסען אָדער קריעגען זייער שוץ. אין שפּאַניען און אין פּאָרטוגאַל האָט ער אליין געהערט צו דיעזע קלאַסען. וויא זעליג (דר. פּאולוס) קאַסעל האָט ריכטיג בעמערקט אין זיין גרויסען אַרטיגען אַרטיקעל "יודען" אין "ערש אונד גרובער'ס ענציקלאָפּעדיע", האָבען אידישע היסטאָריקער ניט געשאָנקען גענוג אויפמערקזאַמקייט דעם העכסט וויכטיגען פאַקט אַז שפּאַניען און פּאָרטוגאַל זיינען געווען דיא איינציגע בעדייטענדע לענדער אין דער צייט פון מיטעל־אַלטער אין וועלכע אידען האָבען גע־

קענט זיין אייגענטהימער פון לאנד. דיא בעהויפּטונג, פאר וועלכע עס שיינט צו זיין א אידישע קוועלע, אז אונגעפעהר א דריטעל פון שפּאניען האט געהערט צו אידען אין דער צייט פון גירוש, איז געוויס אן איבערטרייבונג, אָבער עס איז קיין צווייפעל אז זיי האָבען געהאט פיעלע לאנד־גיטער אין ביידע לענדער.

דיעזעס ערקלערט צום גרעסטען טהייל פאר וואָס דער איד אין שפּאניען איז קיינמאָל ניט געזונקען אין דיא אויגען פון דיא בעפעלקערונג אזוי וויא אין אנדערע לענדער, פאר וואָס זיין שיקזאל איז געוועזען אנדערס, און צום סוף ערגער, וויא עס איז געוועזען דער פאל מיט דיא אידען פון אנדערע לענדער וועל־כע זיינען געשטאנען אויף א פיעל ניעדריגערע שטופע. ווען דער דייטשער אָדער פראנצויזישער איד איז ארויסגעשטופּט געוואָרען פון האנדעל האט ער נור גע־קענט ווערען א מלוה אויף דיא זעהר הויכע פּראָצענטען וואָס מען פלעגט נעה־מען אין יענע צייטען. דיעזע בעשעפטיגונג פון פערבאָרגען געלד אויף שווערע בעדינגונגען האט אויף איהם ארויפגעצויגען דיא פעראכטונג און דעם האס פון אלע קלאסען, אזוי וויא דאָס פלעגט אימער זיין, און וויא עס איז נאָך אין פיעלע פלעצער איצטער אויך. אָבער האָטש דער פּראָצענטניק איז פעראכטעט איז ער פונדעסטוועגען זעהר ניצליך, אָפט קען מען אָהן איהם ניט אויסקומען, בעזאָנדערס אין יענע צייטען ווען דיא איידעלע מעטאלען און בעוועגליכעס קאַ־פּיטאל זיינען געווען זעלטען און טהייער. דיעזעס ערקלערט פאר וואָס אויס־געוויעזענע אידען פלעגען געוועהנליך אין אנדערע לענדער צוריק גערופען ווערען, מאנכעס מאָל א גאנץ קורצע צייט נאָך דעם גירוש. דער פּאָראורטהייל פון דיא צייטען האט געמאכט אז מען זאָל בעטראכטען דיא בעשעפטיגונג פון דיא אידען אלס אן אונאנשטענדיגע; אָבער זיא איז געווען נויטווענדיג, און דער איד האט געפעהלט אזוי שנעל וויא ער איז אוועק. עס פלעגט אָפט פּאסירען אז מען האט אָנגעהויבען צו אונטערהאנדלען מיט דיא פערטריעבענע אידען ווע־גען זייער צוריקקומען אזוי שנעל וויא דיא אויפרעגונג פון דיא מאסען האט זיך אָפּגעקיהלט, אָדער אזוי שנעל וויא דער צוועק פון בערויבען דעם אויסגעוויעזע־נעם איז ערררייכט געוואָרען.

אין שפּאניען איז עס אָבער געווען גאנץ אנדערש. דער אידישער סוחר וועלכער האט ניט מעהר געקענט האלטען פּלאץ געגען זיין ניט־אידישען קאָנקור־רענט, האט געקענט טהאָן וואָס עס טהוען אָפט אנדערע וועלכע ציהען זיך פרייוויליג צוריק פון האנדעל, דאָס הייסט ער האט געקענט ארייןלייגען זיין קאפּיטאל אין לאנד־אייגענטהום. מען קען זיך פאָרשטעלען אז דער איבערגאנג האט גאָר ניט אויסגעזעהן געצוואונגען, אז דיא וועלכע האָבען עס פעראורזאכט און אפילו דיא אָפּפער אליין האָבען עס בעטראכטעט אלס א נאטירליכען גאנג פון דיא פּאסירונגען פון לעבען. נאָך דיא גרויסע הריגות פון 1391, הונדערט יאָהר פאר דעם גירוש פון שפּאניען, זיינען פיעלע אידען אוועק פון שפּאניען

נאָך דיא געגענד פון נאָרד־אפריקאַ וואו דיא מורען האָבען געהערשט. עס איז נאָך דאָרטען געבליעבען אַ געוויסער גראַד פריינדליכקייט פאַר זיי, פיללייכט פערמישט מיט אַ האָפנונג צו קענען צוריק עראָבערן דיא טהיילען פון שפּאַניען וואָס דיא קריסטען האָבען אָפּגעוואונען. אָבער שפּעטער האָבען דיא שפּאַנישע אידען געדיינקט וועניג וועגען אויסוואַנדערען און אַם ווענינגסטען וועגען רייזען נאָך דיא געגענדען פון שפּאַניען וואָס זיינען נאָך געבליעבען אין דיא הענד פון דיא מורען. דיא ראַסע וועלכע איז מיט זיעבען הונדערט יאָהר פריהער געהאָלפען געוואָרען פון אידען צו ווערען דיא הערשער פון שפּאַניען, און וועלכע איז מיט זיי צוזאַמען אַרויפגעשטיעגען אויף דיא הויכע שטופע פון קולטור און גייסטיגע אויפטהואונגען וואָס זיינען נאָך ביז איצטער ניט ריכטיג אַנערקענט געוואָרען אין מאָדערנע געשיכטע, איז שוין דאַן געוואָרען ענטאַרטעט און כמעט ווילד אין איהר פאַנאַטיזם. דער איד פון שפּאַניען איז נאָך געבליעבען שטאָלץ, טראָץ זיינע ליידען, און ער האָט אויך ניט געקענט פאָראויסזעהן זיין שיקזאַל אַזוי קלאָר וויא מיר בעגרייפען עס איצטער מיט פינף הונדערט יאָהר שפּעטער. ער איז געוועזען איינגעוואָרצעלט אין דעם לאַנד אין וועלכען ער האָט געלעבט זייט הונדערטע יאָהרען און אַזוי וויא אַלע מענשען וועלכע בעזיצען רייכטהום אָדער פערנעהמען הויכע שטעלונגען איז ער געווען געניינט צו זיין אָפּטי־מיסטיש. ער האָט ניט געקענט מערקען אַז איהם פעהלט דער איינציגער שוץ־מיטעל געגען בערויבונג און אויסווייזונג — דער בעזיץ פון פולע רעכטע אַלס בירגער, — ווייל דיא אידען האָבען עס דאַן אין ערגיץ ניט געהאַט זייט דיא צייטען פון דיא אַלטע רוימישע אימפּעריע.

דיא קאַטאַסטראָפע פון דיא לעצטע גרויסע אויסווייזונג פון שפּאַניען, וועלכע איז געקומען מעהר אונערוואַרטעט וויא מיר קענען עס איצטער בעגריי־פען, איז וואַהרשיינליך ערלייכטערט געוואָרען דורך דיא לאַגע וואָס אידען האָ־בען פערנומען אַלס לאַנד־אייגענטהימער. דאָס האָט געוויס בייגעטראָגען אַז דיא גזירה פון גירוש זאָל ניט בטל ווערען אין דיא נאָהענטע צוקונפט. מען קען ביי דעם לאַנד־בעזיצער לייכטער און גרינדליכער צונעהמען זיין פערמעגען, ער קען ניט פערבערגען זיין בעזיצונג און קען דערמיט ניט אַנטלויפען. ער פעהלט ניט ווען ער געהט אַוועק, מען פיהלט גאָר ניט אַז ער איז ניטאָ, ווען זיין אייגענטהום איז איבערגעגאַנגען צום קעניג אָדער צו דיא ליעבלינגס פון דיא רעגירונג. ווען מען איז איינמאָל בעגאַנגען דיא רויבעריי קען נור געוויסענביסע אָדער אַן אויפ־וואַכענדעס געפיהל פון גערעכטיגקייט בעוועגען אַז מען זאָל איהם רופען צוריק און אַוועקגעבען וואָס מען האָט פון איהם צוגענומען. און אַזוי וויא מען האָט זיך אין יענע צייטען פון אכזריות זעהר וועניג געקימערט וועגען מאָראַלישע פראַגען, בעזאָנדערס נאָך ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אידען, איז עס

קיין וואונדער אַז דער גירוש איז געבליעבען ענדגילטיג, דער איינציגער אין דיא קריסטליכע איירָאָפּאַ וואו אידען זיינען ניט צוריק געקומען ביז אונזערע צייטען.

דיעזע זאָנדערבאַרע לאַגע פון דיא אידען אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל איז אויך געווען דיא אורזאַכע פון דיא אונגעהייער גרויסע צאָהל וואָס האָבען אָנ־גענומען קריסטענטהום, און וועלכע האָט געגעבען דיעזע אַנטי־אידישע נאַציאָנען אַ שטאַרקעביימישונג פון אידישעם בלוט אין זייערע אָדערען. דער נסיון צו בלייבען ביי דעם גרונד־אייגענטהום און ביי דיא הויכע געזעלשאַפטליכע שטע־לונג וואָס איז דערמיט פערבונדען און וועלכע מען האָט דאַן אַנדערסוואו ניט געקענט עררייכען, איז געווען צו שטאַרק אויסער פאַר גאָר דיא שטאַרקסטע. דעריבער געפינען מיר מאַראַנאָס אָדער געהיימע אידען צווישען דיא העכסטע קלאַסען אין דער צייט פון דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ. דיא וואָס זיינען גע־בליעבען געטריי צום יודענטהום און זיינען אין דיא צייט פאַר דיא אויסווייזונג אויך געווען פּראָמינענט, האָבען געהאָלפען אויף פערשיעדענע אופנים ביי פריי־העריגע ענטדעקונגס־רייזען, און האָבען אפילו אינדירעקט בייגעטראָגען צו דעם ערפאָלג פון דיא איינציגע גרויסע רייזע וועלכע איז ניט אָנגעפאַנגען געוואָרען ביז זיי זיינען פאַר אימער פערטריעבען געוואָרען פון שפּאַניען.

מען מוז אָבער שטענדיג האָבען אין זינען, ווען מען רעדט וועגען מיטעל־אַלטער און דיא צוויי יאָהרהונדערטע וואָס זיינען געקומען נאָך איהם, דעם זעכצעהנטען און דעם זיעבצעהנטען, אַז אידען האָבען ניט געהאַט קיין בירגער־רעכטע, און זיינען אפילו אין דיא פעלע ווען מען האָט זיי בעהאַנדעלט זעהר גוט, אויך ניט בעטראַכטעט געוואָרען אַלס אַ טהייל פון פאָלק. דאָס איז געווען דיא גרעסטע שוואַכקייט אין זייער לאַגע און דיא גרונד־אורזאַכע פון אַלע פערפאָלגונגען, הריגות און אויסווייזונגען. דאָך האָבען זיי געהאַט פיעלע גוטע געלעגענהייטען און האָבען געמאַכט פון זיי דעם בעסטען געברויך צו זיין ניצ־ליך פאַר זיך אליין און פאַר דיא לענדער אין וועלכע זיי האָבען געלעבט. מיר געפינען זיי נאָך אין דרייצעהנטען און פיערצעהנטען יאָהרהונדערט אין נאָ־הענטער בעריהרונג מיט דעם פּלוס פון נאַציאָנאַלען לעבען אין דיא לענדער וואָס זיינען דאַן געווען אַם מייסטען אריינגעטהאָן אין דיא אונטערנעהמונגען פון ענטדעקונגס־רייזען אויף'ן וואַסער. פיעלע אידען זיינען נאָך געבליעבען גרויסע קויפלייטע, אַ גרויסע צאָהל אַנדערע זיינען געווען געלעהרטע, מאַטהעמאַטיקער, אַסטראָנאָמען און אַסטראָלאָגען. מאַנכע האָבען געהאַט אַן איינפלוס אויף דעם פּאָליטישען לעבען אַלס ראַטהגעבער אָדער אַלס פינאַנציעלע בעאַמטע אין דיא

קעניגליכע הויפען. זיי האָבען אויפגעטהאָן פיעלעס אַלס אידען און אַלס מאַ־ראַנאָס, אפילו ווען דיא געפאַהר פון פערפאָלגונגען האָט געמוזט זיין שטענדיג אַנוועזענד, אָדער שפּעטער, ווען זיי זיינען אימער געווען אין טויט־שרעק פאַר דיא אינקוויזיציאָן. פיעלע פון זיי האָבען דעריבער זיך געקענט בעטהייליגען אין דער אַרבייט וואָס האָט געפיהרט צו דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט, וואו עס איז בעשטימט געוואָרען אַז זייערע קינדער זאָלען געפינען אַ פרייערע און זיכערערע היים וויא מען האָט ווען געטרוימט אין דיא מיטעל־אַלטערליכע אידישע פילאָזאָפיע.

# ערשטער טהייל

## דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע פּעריאָדע.

## קאַפּיטעל 1

### דיא בעטהייליגונג פון אידען אין דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט.

דער איד פון באַרצעלאָנאַ וועלכער האָט אַרומגערייזט אַלע טהיילען וועלט וואָס זיינען דאַן געוועזען בעקאַנט — יהודה קרשקש, "דער לאַנד־קאַרט איד", אַלס דירעקטאָר פון דיא אַקאַדעמיע פאַר שיף־פאָהרער וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון פּרינץ הענרי פון פּאָרטוגאַל — אַ אידישער אַסטראָנאָם גיט אַן עצה דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל ניט אָנצונעהמען דיא פּלענער פון קאָלאָמבוס — אברהם זאקוטאָ (זכות) אַלס איינער פון דיא ערשטע איינפלוסרייכע מענער אין שפּאַניען וועלכע האָבען ערמוטהיגט דעם ענטדעקער פון דיא נייע וועלט — אברבנאל, סעניאָר, און דיא אַנוסים סאַנטאַנגעל און סאַנכעץ וועלכע האָבען געהאָלפען קאָלאָמבוס׳ען — דיא ענטדעקונגס־רייזע ווערט אָנגעפאַנגען אַ טאָג נאָכדעם וויא דיא אידען זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען — לואיס דע טאָררעס און אַנדערע אידען וועלכע זיינען מיטגעפאָהרען מיט קאָלאָמבוס — אַמעריקאַ ווערט ענטדעקט אום הושענא רבה — דיא אינדיאַנער אַלס דיא פערלאָרענע עשרת השבטים — מען נעהמט געלד פון אידען פאַר דיא הוצאות פון קאָלאָמבוס׳עס צווייטע רייזע — וואַסקאָ דאַ גאַמאַ און דער איד גאַספּאַר — ספרי תורה פון פּאָרטוגאַל ווערען פערקויפט אין קאָשין — אַלפאָנס ד׳אַלבוקערק׳ס דאָלמעטשער וועלכער איז צוריק געוואָרען אַ איד.

אין יענע צייטען זיינען דיא קירכע און דער שטאַאט געוועזען זעהר ענג פערבונדען, און גרויסע נאַציאָנאַלע אונטערנעהמונגען אַזוי וויא מלחמות אָדער דאָס זוכען פון נייע לענדער דורך ענטדעקונגען, זיינען אָנגעפאַנגען געוואָרען אין נאָמען פון דיא קאַטהוילישע רעליגיאָן און צו פערגרעסערען איהר עהרע. עס איז דעריבער ניט געוועזען צו ערוואַרטען אַז דיא רעגיערונגען וועלען זיך נעהמען פיעל מיהע צו בעשיצען דעם אינטערנאַציאָנאַלען האַנדעל אַזוי לאַנג וויא ער איז געוועזען אין אידישע הענד. דיא ענטדעקונגס־רייזען וואָס זיינען אונטערשטיצט געוואָרען פון דיא רעגיערונג געהערען דערפאַר מעהר צו דיא פּע־

ריאָדע וועו דער גרויסער האַנדעל איז שוין געווען צום גרעסטען טהייל אין ניט־אידישע הענד, און מען מוז געהן צוריק מעהר וויא הונדערט־פופציג יאָהר פאַר דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ צו געפינען בעריכטען פון אידען וועלכע פאָהרען אויף'ן ים אויף זייער אייגענעם חשבון אויף אַן אונאָבהייענגיגען אופן. דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער דאָס וואָס איז בעשריעבען אין דיזען קאַפּיטעל (דר. מ. קייזערלינג, אין זיין ווערק "כריסטאָף קאָלומבוס אונד דער אַנטהייל דער יודען אַן דען שפּאַנישען אונד פּאָרטוגעזישען ענטדעקונגען", ענגלישע אי־בערזעצונג פון דעם פערשטאָרבענעם פּראָפעסאָר טשאַרלז גראָס פון האַר־וואַרד יוניווערסיטי) דערצעהלט אַז קעניג דזשיים דער דריטער, דער לעצטער קעניג פון מאַללאָרקאַ, האָט ערקלערט אין יאָהר 1334 אַז דער איד יוסף פאַקין פון באַרצעלאָנאַ האָט ארומגערייזט אויף'ן וואַסער אַלע טהיילען פון דער וועלט וואָס זיינען דאַן געווען בעקאַנט. אונגעפעהר הונדערט יאָהר שפּעטער געפינען מיר ווידער אַ אידען וועלכער שפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין פערבינדונג מיט רייזען אויף'ן וואַסער; אָבער אין דיזען פאַל איז ער אַ וויסענשאַפטליכער לעהרער, אַן אָנגעשטעלטער פון אַן ענערגישען פירסט וועלכער האָט בעטראַכ־טעט רייזען אויף'ן ים אַלס דיא וויכטיגסטע נאַציאָנאַלע אונטערנעהמונגען. פּרינץ הענרי דער זעע־פאָהרער פון פּאָרטוגאַל (1460—1394) וועלכער האָט גע־האָלפען זיין פאָטער איינצונעהמען סעאוטאַ, אין נאָרד אַפריקאַ, און האָט דאָר־טען געקראָגען פון אידישע רייזענדע פיעל אויסקונפט וועגען דעם דרום־ברעג פון גינעאַ און וועגען דיא אינערליכע טהיילען פון אַפריקאַ, האָט געגרינדעט אַ שול אָדער אַקאַדעמיע פאַר ים־רייזען אין ווילאַ דאַ איפאַנטע אָדער סאַגרעס, אַ האַפען־שטאָדט וועלכען ער האָט געלאָזט אויפבויען. ער האָט אויסגעקליעבען אַלס איהר דירעקטאָר מעסטרע דזשיים פון מאַללאָרקאַ, וועמעס ריכטיגער נאָ־מען איז געווען יאַפודאַ (יהודה) קרשקש, דער זוהן פון אברהם קרשקש פון פּאַלמאַ, דיא הויפּט־שטאָדט פון מאַללאָרקאַ. יהודה איז דאַמאָלס געווען בע־קאַנט אַלס דער "לאַנד־קאַרט איד", און אַ לאַנד־קאַרט וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר קעניג יואַן דעם ערשטען פון אַראַגאָן און איז פון דעם לעצטען געגעבען געוואָרען אַלס אַ מתנה צום קעניג פון פראַנקרייך, געפינט זיך אין דיא נאַציאָ־נאַלע ביבליאָטהעק פון פּאַריז.*) ער איז געוואָרען דער לעהרער פון דיא פּאָר־טוגיעזען אין דיא קונסט פון פאָהרען איבער'ן ים און אויך אין פאַבריצירען אינסטרומענטען וואָס מען געברויכט ביי אַזעלכע רייזען, און לאַנד־קאַרטען. ער האָט אין דיזע אַרבייט אין זיין צייט ניט געהאַט קיין גלייכען.

דיזער אידישער געלעהרטער האָט געהאָלפען דיא פּאָרטוגיעזען ערהייכען

*) אַ קאָפּיע פון דיזע לאַנד־קאַרטע געפינט זיך אין דיא "אידישע ענציקלאָפּעדיע" דריטען באַנד, נעגענאיבער זייטע 678.

וויכטיגע צוועקען אין זייערע געוואגטע רייזען. דאגעגען איז אן אנדער אידישער געלעהרטער אין א שפּעטערע פּעריאָדע געווען כמעט דיא דירעקטע אורזאכע פאר וואָס דיא שפּאניער האָבען זיי איבערגעיאָגט אין מאכען נייע ענטדעקונגען. עס איז געווען יאָזעף וועסינהאָ, דער ארצט פון קעניג יאָאאָ פון פּאָרטוגאל, א מאן וועלכער איז דאן בעטראכטעט געוואָרען אין קעניגליכען הויף אלס דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער רייזען אויף׳ן ים, וועלכער האָט געראַטהען דעם קעניג ער זאָל צוריקווייזען די פּלענער פון קריסטאָפער קאָלאָמבוס (1506—?1446) און ער האָט דערמיט פעראורזאכט אז דער לעצטער זאָל אוועק פון פּאָרטוגאל נאָך שפּאניען אין יאָהר 1484.

קאָלאָמבוס איז געקומען נאָך שפּאניען ווען פערדינאנד און איזאבעלא האָבען מיט דיא הילפע פון דיא ניי־געגרינדעטע אינקוויזיציאָן זיך בעשעפטיגט מיט צונעהמען דיא פערמעגענס פון רייכע מאראנאָס אָדער אנוסים, פון וועלכע פיעלע פלעגען גנריכטליך פערברענט ווערען. דיא לעצטע מלחמה מיט דיא מורען האָט זיך שוין דאן אנגעהויבען.

אן אנדערער און מעהר בעריהמטער אידישער געלעהרטער האָט גוט געמאכט דעם גרויסען ענטדעקער פאר אלעם וואָס דער לעצטער האָט געליטען דורך וועסינהאָ׳ס אונגינסטיגע ענטשיידונג. אברהם בן שמואל זאקוטאָ, אָדער זכות, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין סאלאמאנקא, שפּאניען, אין מיטען פון פופצעהנטען יאָהרהונדערט און איז געשטאָרבען אין טירקיי נאָך דעם יאָהר 1510, איז געווען בעריהמט אלס אסטראָנאָם און מאטהעמאטיקער, און אלס איי־נער פון דיא פּראָמינענטע פּראָפעסאָרען אין דיא אוניווערזיטעט פון זיין געבורט־שטאָדט, איז ער פריהער געווען דער לעהרער פון יענעם וועסינהאָ. אָבער ער האָט געהאט א שארפערען בליק וויא זיין פריהעריגער תלמיד, און ווען ער איז בעקאנט געוואָרען מיט קאָלאָמבוס׳ען גלייך נאָכדעם וויא דער לעצטער איז געקומען נאָך שפּאניען, האָט זאקוטאָ איהם פערזענליך ערמוטהיגט און האָט איהם אויך געגעבען זיינע אויסרעכענונגען און זיינע אסטראָנאָמישע טאבעלען וועלכע זיינען זעהר גוט צוניץ געקומען אויף דיא ענטדעקונגס־רייזע. זאקוטאָ איז געווען צווישען דיא ערשטע איינפלוסרייכע מענער אין שפּאניען וועלכע האָ־בען זיך ערקלערט צו גונסטען פון קאָלאָמבוס׳עס פּלענער, און דיעזע גינסטיגע בעריכטען האָבען געהאט דיא ווירקונג ער זאָל אריינגענומען ווערען אין דיענסט פון דיא קעניגליכע פאָר אין 1487. ער האָט דאן געקריעגען דעם בעפעהל ער זאָל קומען אין מאלאגא, דיא שטאָדט וואָס איז איינגענומען געוואָרען מיט עטליכע וואָכען פריהער, און דאָרטען איז ער בעקאנט געוואָרען מיט דיא צוויי פּראָמינענטסטע אידען פון שפּאניען אין יענער צייט: דער פּעכטער פון שטייער (אָטקופּשציק) אברהם סעניאָר, און דאָן יצחק אברבנאל (1508—1437). דיעזע צוויי אידען האָבען דאן צוגעשטעלט פּראָוויאנט פאר דיא שפּאנישע ארמעע

וועלכע האט זיך געשלאָגען מיט דיא מורען, און זיי האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אין קעניגליכען הויף. אברבנאל איז געווען איינער פון דיא ערשטע פון וועמען קאָלאָמבוס האט געקריעגען פינאנציעלע הילפע.

לואיס דע סאנטאנגעל און אנדערע מאראנאָס האבען זיך אָנגענומען פאר קאָלאָמבוס׳ען ווען ער האט שוין געהאלטען ביים אָפרייזען נאָך פראנקרייך אין יאנואר 1492, ווייל פערדינאנד האט ניט געוואָלט צושטימען איהם צו מאכען פאר וויצע־קעניג און לעבענסלענגליכען גאָווערנאָר פון אלע לענדער וואָס ער וועט ענטדעקען. סאנטאנגעל׳ס טענות מיט איזאבעלא׳ן האבען בעזאָנדערס געהאט א גוטע ווירקונג, און ווען דיא פראגע פון געלד איז געבליעבען דער איינציגער אָפּהאַלט, האט ער וועלכער איז געדעטעט געוואָרען דורך דעם קע־ניג׳ס גנאדע אין דער צייט ווען אייניגע מיטגליעדער פון דיא סאנטאנגעל פא־מיליע זיינען פערברענט געוואָרען, געגעבען אן אנלייהע פון זיעבצעהן טויזענד פלאָרין — אונגעפעהר פינף מיליאָן מאראוועדים — צו פינאנסירען דעם גאנצען פלאַן. ביכער אין וועלכע עס זיינען פערשריעבען דיא חשבונות פון דיא געלדער וואָס זיינען איבערגעגעבען געוואָרן פון סאנטאנגעל צו קאָלאָמבוס, דורך דעם בישאָף פון אווילא וועלכער איז שפעטער געוואָרען דער ערצבישאָף פון גרא־נאדא, געפינען זיך נאָך איצטער אין ״ארכיוו דע אינדיא״ פון סעוויל, שפאניען.

״נאָכדעם וויא דיא הערשער פון שפאניען האבען ארויסגעטריעבען דיא אידען פון זייערע לענדער אין אפריל, האבען זיי אין דעם זעלבען מאָנאט מיר געגעבען אן אויפטראג צו אונטערנעהמען דיא רייזע נאָך אינדיען״ — שרייבט כריסטאָפער קאָלאָמבוס. דיעזעס בעציהט זיך אויף דעם בעפעהל אָדער אוקאז פון גירוש, אָבער דאָס צוזאמענטרעפען פון דיא ווירקליכע פאסירונגען איז נאָך מעהר מערקווירדיג. דיא ארויסטרייבונג פון דיא אידען איז פארגעקומען דעם צווייטען אויגוסט 1492, וואָס איז דאן אויסגעקומען דעם נייגטען טאָג אין אָב, דעם טאָג אין וועלכען עס ווערט אָנגענומען אז דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען אין יאָהר 586 פאר דיא איצטיגע צייט־רעכנונג, און אויך דער צווייטער בית המקדש אין יאָהר 70 נאָך דעם קריסטליכען חשבון. אין יענעם תשעה באָב ווען דיא אידען פון אלע לענדער טרויערען זייט טויזענדע יאָהרען זיינען דיא אידען אוועק פון שפאניען אויף אייביג, און קאָלאָמבוס האט אָנגע־פאנגען זיין היסטאָרישע רייזע אויף מאָרגען, דעם דריטען אויגוסט. דיא שיפען וועלכע האָבען אוועקגעפיהרט מאסען פון דיא רואינירטע און פערצווייפעלטע אידען פון דעם לאנד וואָס זיי האבען אזוי שטארק געליעבט און וואו זייערע עלטערן האָבען געוואָהנט מעהר וויא אכט הונדערט יאָהר, האָבען זיך בעגעג־נענט מיט דיא קליינינקע פלאָטע פון דריי שיפלאך וואָס איהר איז געווען בע־שטימט צו עפענען א נייע וועלט פאר דיא אונטערדריקטע פון פערשיעדענע ראסען, א וועלט וואו מיליאָנען אידען האבען אין א ווייטע צוקונפט געפונען

א פרייע היים אונטער דעם שוץ פון געזעצע וועגען וועלכע מען האָט נאָך ניט געהאַט קיין אהנונג אין יענע צייטען.

דיא נעמען פון דיא לייטע וועלכע האָבען בעגלייטעט קאָלאָמבוס'ען אויף זיין ערשטע רייזע זיינען צו אונז ניט אָנגעקומען, און אפילו ניט זייער גענויע צאָהל. מאַנכע אויטהאָריטעטען גיבען אָן אַז עס זיינען מיט איהם מיטגעפאָהרען הונדערט צוואַנציג פּערזאָן, אַנדערע זאָגען אַז ניט מעהר וויא נייציג. אָבער צווישען דיא לייטע וואָס זייערע נעמען זיינען פערבליעבען געפינען זיך איינינע אידען, פון וועלכע לואיס דע טאָררעס, וועלכער האָט זיך געטויפט אַ קורצע צייט איידער ער איז אריינגעטראָטען אין דיא מאַנשאַפט פון יענע פלאָטע, איז אַם בעסטען בעוואוסט. טאָררעס האָט פערשטאַנען לשון קודש, כאַלדעאיש (ארמית) און אַראַביש, און איז מיטגענומען געוואָרען צו זיין דער דאָלמעטשער צווישען דיא רייזענדע און דיא איינגעבאָרענע פון יענע טהיילען פון אינדיען צו וועלכע קאָלאָמבוס האָט געוואָלט אָנקומען ווען ער וועט אריבער דעם ים. אַנדערע פון אידישער אָבשטאַמונג פון יענע גרופּע וואָס זייערע נעמען זיינען צו אונז אָנגעקומען זיינען: אַלפאָנזאָ דע קאַללע, ראָדריגאָ סאַנכעץ פון סעגאָוויאַ, דער אַרצט מעסטראָ בערנאַל און דער וואונד־אַרצט (פעלדשער) מאַרקאָ.

לאַנד איז בעמערקט געוואָרען דעם 12טען אָקטאָבער 1492, אום הושענא רבה, און לואיס דע טאָררעס וועלכער איז אַרונטערגעשיקט געוואָרען צום ברעג מיט איין בעגלייטער זיך צוזאַמענצורייידען מיט דיא איינוואָהנער, איז דערמיט געוועזען דער ערשטער ווייסער מאַן וועלכער איז אַרויפגעטרעטען אויף'ן באָדען פון דיא נייע וועלט. אַזוי וויא דער פּלאַץ האָט זיך אַרויסגעשטעלט ניט אַלס דיא מלוכה פון גרויסען כאַן וואָס קאָלאָמבוס האָט געוואָלט דערגרייכען, נור איי־נע פון דיא אינזלען פון וועסט אינדיען, מיט אַן אונבעוואוסטע ראַסע פון קופּער־פאַרביגע מענשען, האָט טאָררעס דאָרטען געקענט מאַכען זעהר וועניג געברויך פון זיינע שפּראַך־קענטניס. נאָכדעם וויא עס איז איהם געלונגען אַז ער זאָל זיך וויא עס איז קענען מיט זיי פערשטענדיגען, האָט דאָס נייע לאַנד אויף איהם געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק, און ער האָט זיך בעזעצט אין קיובאַ, וואו ער איז פערבליעבען אַזוי לאַנג וויא ער האָט געלעבט. ער איז געוועזען דער ערשטער וועלכער האָט ענטדעקט טאַבאַק, און דורך איהם איז עס פערשפּרייט געוואָרען אין דיא אַלטע וועלט. מען גלויבט אויך אַז ווען ער האָט אין אַ העברעאישען בריעף צו אַ מאַרראַנאָ אין שפּאַניען בעשריבען דעם נייעם מין עוף וואָס ער האָט צום ערשטען מאָל געזעהן אין דיא נייע וועלט (אַן אינדיג), האָט ער איהם בעצייכענט מיט דעם נאָמען "תכי" (זעה מלכים א' י' פסוק כ"ב) וועלכעס איז שפּעטער פערגרייזט געוואָרען אין "טוירקי", דעם נאָמען מיט וועלכען דיעזער פויגעל ווערט אָנגערופען אין דיא ענגליש־שפּרעכענדע וועלט.

מען קען דאָ אויך בעמערקען אין פאַרבייגעהן אַז דער גלויבען דאָס דיא

רויטע לייטע, וועלכע האָבען געקריעגען דעם נאָמען אינדיאַנער, זיינען דיא פערלאָרענע צעהן שבטים פון ישראל, האָט זיך אָנגעהויבען צו פערשפּרייטען צווישען פערשיעדענע לייטע, בעזאָנדערס געלעהרטע און גייסטליכע, באַלד נאָך דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ. אין מיטען פון זיעבצעהנטען יאהרהונדערט איז דיעזע אמונה ערהויבען געוואָרען צו דיא ווירדיגע שטעלע פון אַ פאָלשטענדיגע טהעאָריע, ווען אַן ענגלענדער מיט דעם נאָמען טהאָראָוגוד האָט פערעפענטליכט זיין בוך: "דיא אידען פון אַמעריקאַ; אָדער דיא וואהרשיינליכקייט אַז דיא אַמעריקאַנער געהערען צו יענע ראַסע" (לאָנדאָן 1650). דיעזע אַנזיכט איז אונטערשטיצט געוואָרען צווישען אונזערע אייגענע געלעהרטע ביי דעם בע־ריהמטען ר׳ מנשה בן ישראל, וועלכער האָט געשריעבען איבער דעם זעלביגען געגענשטאַנד אין זיין "עספּעראַנסאַ דע איזראַעל" וואָס איז ערשיענען אין אַמסטערדאַם דעם זעלבען יאָהר.

קאָלאָמבוס האָט געשריעבען זיינע ערשטע בעריכטען פון זיין וואונדער־באַרע ענטדעקונג צו לואיס דע סאַנטאַנגעל און גאַבריעל סאַנכעז. דער בריעף צו דעם ערשטען איז דאַטירט דעם 15טען פעברואַרי 1493, און איז געשריעבען געוואָרען אויף דיא צוריק־רייזע, נאָהענט פון דיא אַזאָרען אָדער פון דיא קאַנאַ־ריען אינזלען.

עס איז בעשטימט געוואָרען דורך אַ קעניגליכען בעפעהל פון 23טען נאָ־וועמבער 1492, אַז דיא בעאַמטע זאָלען קאָנפיסקירען פאַר דיא קעניגליכע טרע־זשורי אָדער שאַץ־קאַמער אַלע סאָרטען אייגענטהום וואָס האָט געהערט צו אידען, דאַרונטער אויך אַלעס וואָס קריסטען האָבען ביי זיי גענומען, אָדער וואָס איז צוגענומען געוואָרען אונגעזעצליך און מיט געוואַלט. דיעזעס האָט געגעבען פער־דינאַנד׳ען דיא נייטיגע מיטלען פאַר קאָלאָמבוס׳עס צווייטע רייזע (23טען מערץ 1493). דער קעניג און דיא קעניגין האָבען אונטערגעשריעבען אַ גרויסע צאָהל איינצעלנע בעפעהל־שריפטען צו דיא קעניגליכע בעאַמטע אין סאָריאַ, זאַמאָראַ, בורגאָס און פיעלע אַנדערע שטעדט, אין וועלכע עס איז זיי בעפוילען געוואָרען זיי זאָלען גלייך נעהמען אין זייער בעזיץ דיא איידעלע מעטאַלען, גאָלדענע און זילבערנע כלים, ציערונג, עדעל־שטיינער און אַנדערע ווערטה־זאַכען וואָס איז אוועקגענומען געוואָרען פון אידען וועלכע זיינען פערטריבען געוואָרען פון שפּאַניען אָדער וועלכע האָבען אויסגעוואַנדערט נאָך פּאָרטוגאַל, און אַלעס וואָס דיעזע אידען האָבען אָנגעטרויט זייערע פערוואַנדטע אונטער דיא אַנוסים, און אַלע אידישע זאַכען וואָס קריסטען האָבען געפונען אָדער צוגענומען אונגעזעצליך. שפּעטער האָבען דיא קעניגליכע בעאַמטע געקריעגען דעם בעפעהל צו פערקויפען אַלע דיעזע געגענשטענדע און איבערצוגעבען דאָס באַארעס געלד צו דעם שאַצ־מייסטער פראַנסיסקאָ פּינעלאָ אין סעוויל, צו דעקען דיא אויסגאַבען פון קאָ־לאָמבוס׳עס צווייטע עקספּעדיציאָן.

אן איינצעלנעם ביישפיעל פון דיעזע קאנפיסקירונגען וואס פערדיענט דער־מאנט צו ווערען איז דער בעפעהל צו בערנארדינא דע לערמא ער זאל איבער־געבען צו פינעלא׳ן דאס געלד, זילבער און אנדערע טהייערע זאכען וואס רבי אפרים (וועלכער ווערט אין דאקומענטען פון יענער צייט אויך אמאל אנגע־רופען ראבי פריין און רוביפראין, און וועלכער איז פיללייכט געווען דער פאטער פון ר׳ יוסף קארו, פערפאסער פון שלחן ערוך), דער רייכסטער איד פון בורגאס, האט פאר זיין אויסוואנדערען איבערגעלאזען ביי איזאבעל אזאריא, דיא פרוי פון לואיס גונעץ קאראנעל פון זאמארא. דיא קליידער, ציערונג און ווערטה־זאכען וואס מען האט צוגענומען פון דיא אידען זיינען פערקויפט געווארען און אויך דיא חובות וואס אידען האבען ניט געקענט אויפמאהנען זיינען ערקלערט געווארען אלס פערפאלען צום שאץ־קאמער און עס זיינען אנגענומען געווארען זעהר שטריינגע מיטלען זיי איינצוקאלעקטירען. עס ווערט בעהויפטעט אז דיא סומע וואס מען האט אויף דיעזען אופן צוזאמענגעקריעגען איז געוועזן מינ־דעסטענס זעקס מיליאן מאראוועדים, און דערצו דארף מען נאך צורעכענען צוויי מיליאן וואס דיא אינקוויזיציאן פון סעוויל האט בייגעטראגען אלס א חלק פון דיא ריעזיגע סומען וועלכע זיא האט ערפרעסט פון אידען און מורען. לויט אן אנדער ארדער וואס איז ארויסגעגעבען געווארען אין דיא אויבען־דערמאנטע דאטע, האט מען פון דיעזעם געלד אויך בעצאהלט קאלאמבוס׳ען דיא צעהן טוי־זענד מאראוועדים וואס דיא שפאנישע מאנארכען האבען פערשפראכען אלס א בעלוינונג צו דעם וואס וועט דער ערשטער דערזעהן לאנד.*)

אין דיא טעג פון ליידען און אונגנאדע וואס זיינען געקומען פאר קאלאמ־בוס׳ען נאך זיינע ענטדעקונגען, זיינען סאנטאנגעל און סאנכעץ געבליעבען צו איהם געטריי, און האבען זיך אפט אנגענומען פאר איהם אין קעניגליכען הויף.ביידע זיינען געשטארבען אין יאהר 1505, א יאהר פריהער פאר דעם אונשטערבליכען ענטדעקער וועמען׳ס ערפאלג זיי האבען געמאכט מעגליך. זייע־רע קינדער און אייניקלאך האבען בעקליידעט הויכע שטעלען אין דיענסט פון שטאאט.

* * *

קאלאמבוס איז ניט געוועזן דער איינציגער בעריהמטער ענטדעקער פון יענע צייטען וועלכער איז דירעקט און אינדירעקט געהאלפען געווארען פון

*) עס איז דא א בעריכט אז ניט קאלאמבוס אליין נור א מאטראז פון לעפע איז געוועזן דער ערשטער וועלכער האט דערזעהן א ליכט פון ווייטען און האט אויסגעשריען "לאנד!" און דאס ווען ער האט אויסגעפונען אז מען האט איהם אויסגעשווינדעלט פון דיא בעלוינונג וואס איהם האט געקומט, האט ער אויסגעווירקט מען זאל איהם בעפרייען פון דיענסט און איז אוועק נאך אפריקא, וואו ער האט זיך אפגעווארפען פון קריסטענטהום און זיך אומגעקעהרט צום גלויבען פון זיינע עלטערן. עס ווערט אבער ניט געמעלדעט אויב דאס מיינט צום אידישען אדער צום מחמד׳נישען גלויבען.

אידען. דער גרויסער און גרויזאמער וואסקא דא גאמא (געש. 1524) וועלכער האט געטהאן פאר פארטוגאל כמעט אזוי פיעל וויא קאלאמבוס האט געטהאן פאר שפאניען, וואלט שווערליך געקענט אויספיהרען זיינע וויכטיגע אונטערנעהמונגען אהן דיא הילפע פון מינדעסטענס צוויי אידען. איינער פון זיי איז געווען דער אויבען-דערמאנטער אברהם זאקוטא (דער פערפאסער פון "ספר יוחסין" און אנדערע ווערקע) וועלכער איז צוזאמען מיט פיעלע אנדערע פון זיינע אונגליקליכע בריעדער אוועק פון שפאניען נאך פארטוגאל נאך דיא קאטאסטראפע פון 1492. ער האט געהאט פיעל חן ביי קעניג יאאא און ביי זיין נאכפאלגער, דאם מאנועל, און דער לעצטער האט זיך מיט איהם מיישב געווען וועגען דיא ראטהזאמקייט פון ארויסשיקען אונטער וואסקא דא גאמא דיא פיער שיפען וועלכע זיינען דערנאך אנגעקומען אין אינדיען אויף דעם וועג פארביי דעם "קייפ אוו גוד האופ". זאקוטא האט אויסגערעכענט דיא געפאהרען פון אזא רייזע, אבער ער האט געגעבען זיין מיינונג אז דער פלאן קען דורכגעפיהרט ווערען, און האט געזאגט דיא נבואה אז דאס וועט ברייגגען אז א גרויסער טהייל פון אינדיען זאל געבראכט ווערען אונטער דיא הערשאפט פון דיא פארטוגעזישע קרוין. זיינע ווערקע און דיא אינסטרומענטען וועלכע ער האט ערפונדען און אריינגעבראכט אין געברויך האבען בייגעטראגען צו דיא דורכפיהרונג פון דיא אונטערנעהמונגען פון וואסקא דא גאמא און אנדערע ענטדעקער. אזוי וויא אין קאלאמבוס'עס פאל מיט שפאניען, אזוי איז אויך דיעזער רייזענדער אוועקגעפאהרען איבער'ן וויטען ים אין דעם יאהר ווען דיא אידען זיינען פערטריעבען געווארען פון דעם לאנד וועלכע האט איהם ארויסגעשיקט (1497). ווען ער איז צוריק געקומען איז זאקוטא געווען א פערוואגעלטער אין טוניס, וואו ער איז אוועק צוזאמען מיט א טהייל פון זיינע פערטריעבענע בריעדער, חאטש ער האט וואהרשיינליך געקענט בלייבען אין פארטוגאל, גראדע וויא אברבנאל האט געקענט בלייבען אין שפאניען.

אויף זיין צוריק-רייזע נאך איירא פא, ווען ער האט זיך אפגעשטעלט ביי דעם קליינעם אינזעל אנשעוויד, זעכציג מייל פון גאא (געגען דעם ברעג פון מאלאבאר, אינדיען), האט וואסקא דא גאמא זיך בעגעגענט מיט דעם צווייטען אידען וועלכער איז געווארן זעהר ניצליך פאר איהם און פאר פארטוגאל. א היבער איירא פעער מיט א לאנגען ווייסען בארד איז צוגעקומען צו זיין שיף אין א קליינע שיפעל. ער איז געשיקט געווארען פון זיין הערען, סאבאיא, דעם מורישען אדער אראבישען קעניג פון גאא, צו אונטערהאנדלען מיט דעם פרעמדען רייזענדען. דיעזער הויכער אלטער מאן איז געווען א איד וועלכער האט געשטאמט פון פאזען, אדער וויא אנדערע בעהויפטען, פון גראנאדא, וועמעס עלטערן עם האבען אויסגעוואנדערט נאך טירקיי און ארץ ישראל. אנדערע וויעדער גיבען אן זיין געבורטס-שטאדט אלס אלעקסאנדריע, עגיפטען, פון וועלכען פלאץ

ער איז אַוועק איבער׳ן ים סוף אָדער רויטען ים נאָך מעקקאַ אין אַראַביען און פון דאָרטען נאָך אינדיען. ער איז דאָרטען אַ לאַנגע צייט געהאַלטען געוואָרען אַלס אַ געפאַנגענער, דערנאָך איז ער געוואָרען דער קאַפּיטאַן מאָר אָדער אַד־מיראַל ביי קעניג סאַבאַיאַ.

דיא פּאָרטוגיעזען זיינען געוועז פול מיט פרייד צו הערען אַזוי ווייט פון דער היים אַ שפּראַכע וואָס איז אַזוי עהנליך צו זייערע (שפּאַניש). אָבער מען האָט איהם באַלד חושד געוועז אַז ער איז אַ שפּיאָן, און מען האָט איהם גע־צוואונגען דורך פּייניגונג מיטצופאָהרען מיט דיא עקספּעדיציאָן און — וויא עס איז געוועז זעלבסטפערשטענדליך אין יענע צייטען — אָנצונעהמען קריסטענ־טהום. אַדמיראַל וואַסקאָ דאַ גאַמאַ איז געוועז זיין טויף־פאָטער און זיין נאָמען איז אָנגעקומען צו אונז אַלס גאַספּאַר דאַ גאַמאַ אָדער גאַספּאַר דע לאַס אינדיאַס. ער איז געבראַכט געוואָרען אין פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט נושא חן געוועז ביי קעניג מאַנועל און ״האָט געלייסטעט אונשעצבאַרע דיענסטע פאַר וואַסקאָ דאַ גאַמאַ און שפּעטערע קאָמאַנדירערס״. ער איז מיטגעפאָהרען מיט פּעדראָ אַל־וואַרעץ קאַבראַל אויף דיא עקספּעדיציאָן וועלכע האָט געפיהרט צו דיא אונ־אבהייננגיגע ענטדעקונג פון בראַזיליען, צוליעב וועלכע יענע גרויסע מדינה פון דרום אַמעריקאַ איז געוואָרען אַ פּאָרטוגעזישע פּראָווינץ. פאָהרענדיג צוריק האָט גאַספּאַר זיך געטראָפען מיט אַמעריגאָ וועספּוטשי, דעם מאַן נאָך וועמען דיא נייע וועלט האָט געקריגען דעם נאָמען אַמעריקאַ. אַמעריגאָ האָט פון איהם געקריגען פיעל אויסקונפט און דערמאָנט איהם אַלס אַ שפּראַך־קענער און ריי־זענדער וואָס פערדיענט צוטרויען און וויס זעהר פיעל וועגען דיא אינערליכע געגענדען פון אינדיע.

ער האָט בעגלייטעט זיין טויף־פאָטער אויף אַן אַנדער עקספּעדיציאָן אין 1502 און האָט געפונען זיין פרוי אין קאָשין, אינדיען. זיא איז געבליעבען געטריי צו איהר מאַן זייט דיא פּאָרטוגיעזער האָבען איהם אַוועקגעפיהרט און אויך צום יודענטהום, אָבער עס שיינט אַז ביידע האָבען עס געהאַלטען פאַר אונזיכער אַז זיא זאָל איצטער מיט איהם מיטפאָהרען. גאַספּאַר איז ווידער געפאָהרען אין קאָשין אין יאָהר 1505 אַלס איינער פון דיא בעגלייטער פון דעם ערשטען פּאָרטוגעזישען וויצע־קעניג פון אינדיען, ווען אַ זוהן פון דר. מאַרטין פּינהייראָ, דעם ריכטער פון העכסטען געריכט פון דיא הויפּט שטאָדט ליסבאָן, איז אויך מיטגעפאָהרען. דער יונגער פּינהייראָ האָט מיטגעפיהרט אַ קאַסטען פול מיט ספרי תורה פון דיא שולען פון פּאָרטוגאַל וועלכע זיינען מיט אַ קורצע צייט פריהער צושטערט געוואָרען. גאַספּאַר׳ס פרוי האָט פאַר איהם פערקויפט דיא הייליגע ספרים אין קאָשין ״וואו עס זיינען געוועז פיעלע אידישע שולען״, און האָט געקריגען פיער טויזענד פאַראַדאָס פאַר דרייצעהן ספרי תורה. דער וויצע־קעניג האָט שפּעטער קאָנפיסקירט דאָס געלד פאַר דעם קעניגליכען שאַצ־

קאמער, און האט אוועקגעשיקט א בעריכט וועגען דיא גאנצע אנגעלעגענהייט נאך ליסבאן.

אן אנדער פארטוגעזישער קאמאנדיר און גאווערנאר פון אינדיען, אלפאנס ד'אלבוקערק, האט געקריעגען פיעל אויסקונפט און ווערטהפאלע הילפע פון זיין דאלמעטשער, א אידען פון קאסטיליען, וועמען ער האט בעאיינפלוסט זיך צו בעקעהרען צום קריסטענטהום און אנצונעהמען דעם נאמען פראנסיסקא ד'אלבור־קערק. פראנסיסקא'ס א חבר קופא אדער הוסעפע האט אויך געביטען זיין רע־ליגיאן אויף דעם זעלבען אופן און האט בעזוכט ליסבאן, אבער ער האט באלד ענטדעקט אז ער איז אין געפאהר און איז אנטלאפען נאך קאירא, עגיפטען, וואו ער איז עפענטליך צוריק געווארען א איד.

## קאפיטעל 2

### דיא ערשטע אידישע מארטירער אונטער שפאנישע הערשאפט אין דיא נייע וועלט.

קינדער וועלכע מען האט אוועקגעריסען פון זייערע עלטערן זיינען געווען דיא ערשטע אידישע אימיגראנטען — אידישע געשיכטע אין דיא נייע וועלט פאנגט זיך אן דארטען וואו דיא אידישע געשיכטע אין שפאניען ענדיגט זיך, דאס הייסט מיט דיא אינקוויזיציאן — קייזער קארל דער פינפטער, פיליפ דער צווייטער און פיליפ דער דריטער — לוטהעראנער ווערען פערפאלגט צוזאמען מיט אידען און מחמד׳נער — צוזאמענשטעלונג פון דיא געזעץ פון דיא אינקוויזיציאן, און איהרע שפעציעלע בעפעהלע פאר דיא נייע וועלט.

מיר האבען געזעהן אין דעם פריהעריגען קאפיטעל אז דיא אידען זיינען פערטריעבען געווארען פון שפאניען און פארטוגאל גראדע אין דער צייט ווען דיעזעביידע לענדער האבען, מיט א רעכטע ביסעל הילפע פון אויסגעשפראכע־נע און בעקעהרטע אידען, ענטדעקט דיא נייע וועלט און זיינען געווארען פון איהר דיא בעלי בתים. קיין זאך האט דעריבער ניט געקענט זיין אזוי ווייט פון דיא געדאנקען און דיא האפנונגען פון אידען אין יענע פינסטערע צייטען, וויא דיא אידעע אז אמעריקא וועט אמאל, אין א ווייטע צוקונפט, זיין דיא ערשטע קריסטליכע מדינה וועלכע וועט געבען איהרע אידען פולע בירגער־רעכט און אבסאלוטע גלייכהייט פאר דעם געזעץ. פאר דיא צייט פון אונגעפעהר הונדערט און פופציג יאהר נאך דיא ענטדעקונג האט קיין אויסגעשפראכענער איד ניט געוואגט צו בעטרעטען דעם באדען פון אמעריקא, און אפילו דיא געהיימע אידען, דיא מאראנאס אדער אנוסים, זיינען געווען אזוי פיעל אין געפאהר אין דיא ניי־געגרינדעטע קאלאניעס וויא אין דיא מוטער־לענדער אונטער וועמען׳ס הער־שאפט זיי זיינען געבליעבען א לאנגע צייט.

דיא ערשטע אידישע אימיגראנטען אין דיא נייע וועלט זיינען געווען קינדער וועלכע מען האט אוועקגעריסען פון דיא ארעמס פון זייערע עלטערן אין דער צייט פון גירוש, און מען האט אפילו זיי אויך אנגעהויבען צו פערפאל־גען אזוי שנעל וויא זיי זיינען אויסגעוואקסען. דיא אנוסים וועלכע האבען גע־זוכט א מקום מקלט אין אמעריקא אין יענע פריהע צייטען האבען באלד נאך

זיך געבראַכט יענע אַגענטורען פון פערפאָלגונגען וועלכע האָבען געמאַכט זייער לעבען פאַר אַ לאַסט אין די אַלטע היים. מיר טרעפען אין אַמעריקאַ מעהר וויא הונדערט יאָהר נאָך איהר ענטדעקונג כמעט די זעלבע בעדינגונגען וויא אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל נאָך די אויסווייזונגען. וואו די געשיכטע פון די אידען אין שפּאַניען ענדיגט זיך — זאָגט דר. קייזערלינג — דאָרטען פאַנגט זיך אָן די געשיכטע פון די אידען אין אַמעריקאַ. די אינקוויזיציאָן איז דער לעצטער קאַפּיטעל פון די היסטאָריע פון די אַנהייגער פון יודענטהום אויף דעם פּירענעאישען האַלב־אינזעל, און איהר ערשטער קאַפּיטעל אין די וועסטליכע העמיספערע. די נייע קריסטען האָבען אַזוי וועניג געקענט בעהאַלטען זייער גלויבען אין די נייע וועלט וויא אין די אַלטע. זיי האָבען זיך געהאַלטען אָן די אמונה פון זייערע אידישע פאָרעלטערן מיט ערשטוינענדע פעסטקייט, מען קען זאָגען מיט וואונדערבאַרע עקשנות; עס איז ניט געוועזן קיין זעלטענע פּאַסירונג אַז אייניקלאַך אָדער אור־אייניקלאַך פון אידישע מאַרטירער האָבען געהיט שבת זעהר געוויסענהאַפט, און פלעגען יענעם טאָג זיך אָפּהיטען פון אַרבייט אַזוי ווייט וויא מעגליך און אויך טראָגען בעסערע קליידער. זיי פלעגען אויך פייערען די אידישע ימים טובים, פלעגען פאַסטען יום כפור און פלעגען הייראַטהען נאָך'ן אידישען דין. זיי האָבען זיך געהאַלטען אָן זייער גלויבען און האָבען פאַר איהם געליטען אַזוי שפּעט וויא אין אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט, וועלכעס מיינט אַז די אידישע רעליגיאָן איז איבערגעגעבען געוואָרען פון עלטערן צו קינדער און ערהאַלטען געוואָרען ביז צום זיעבעטען און אַכטען דור נאָך די פערטרייבונגען. פיעלע זיינען פערברענט געוואָרען לעבעדיגערהייד אָדער זיינען געשטאָרבען אין די געפענגניסען פון די אינקוויזיציאָן אין די נייע וועלט; פיעלע אַנדערע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען גרופּען־ווייז נאָך שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און האָבען דאָרטען געאָפּפערט זייער לעבען אַלס מאַרטירער אין סעוויל, טאָלידאָ, עוואָראַ אָדער ליסבאָן. זייערע רעליגיעזע גבורות וועלען ערשט דאַן ערשיינען פאַר דער וועלט אין זייער גאַנצע גרויסקייט ווען די ריעזיגע מאַסע מאַטעריאַל פון דאָקומענטען אין די אַרכיווען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און אַנדערע פלעצער פון דיעזער זייט ים וועט ווערען סאָרטירט און אויסגעאַרבייט. (זעה "פּאָבליקיישענס" צווייטען באַנד זייטע 73).

מען האָט כמעט פון די ערשטע מינוט נאָך דער ענטדעקונג ניט געוואוסט פון טאָלעראַנץ אין אַמעריקאַ, און מען האָט די געהיימע אידען וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט ניט געלאָזען האָבען קיין רוה. יואַן סאַנכעץ פון סאַראַגאָסאַ, דער זוהן פון איינעם וואָס איז פערברענט געוואָרען אַלס מאַרטירער, איז געוועזן דער ערשטער וועלכער האָט געקריעגען די ערלויבניס פון די שפּאַנישע רעגיערונג צו פיהרען האַנדעל מיט די ניי־ענטדעקטע לענדער. אין 1502 האָט איזאַ־

בעלאַ איהם ערלויבט אַרויסצופיהרען פינף שיפען געלאַדען מיט ווייץ, גערשטען, פערד און אַנדערע סחורות נאָך עספּאַנאָלאַ (קליין־שפּאַניען, דער אינזעל אין וועסט אינדיען אויף וועלכען עס געפינען זיך איצטער דיא רעפּובליקען הייאיטי און סאַן דאָמינגאָ) פריי פון אָפּצאָהלונג. אין 1504 האָט ער ווידער געקריעגען אַן ערלויבנים צו עקספּאָרטירען סחורה נאָך יענע מדינה. אַנדערע געהיימע אידען זיינען אַוועק נאָך דיא נייע פּלעצער און זיך דאָרטען בעזעצט, אַנדערע האָבען זאָגאַר געקריעגען שטעלען אין עפענטליכען דיענסט. אָבער אַזוי פריה וויא דעם יאָהר 1511 הערען מיר שוין פון פּלענער וואָס איזאַבעלאַ'ס טאָכטער, קעניגין יואַננאַ פון קאַסטיליען, האָט געמאַכט געגען "דיא זיהן און דיא אייניקלאָך פון דיא פערברענטע" וועלכע האָבען בעקליידעט רעגיערונגס־עמטער אויף יענעם אינזעל. דיא אינקוויזיציאָן איז דאָרטען עטאַבלירט געוואָרען דורך אַ בעפעהל פון יענעם יאָהר, און איינער פון איהרע ערשטע קרבנות איז געוועזען דיעגאָ קאַבאַלעראָ פון באַראַמעדאַ אויף וועמען צוויי עדות האָבען דערציילט אַז זיינע עלטערן זיינען פעראורטהיילט געוואָרען פון דעם אינקוויזיציאָנס־געריכט אין שפּאַניען.

דער הויפּט־אינקוויזיטאָר פון שפּאַניען, קאַרדינאַל כימענעס דע סיזנעראָס, האָט דעם זיבעצעטען מאַי 1516 ערנענט פראַ יואַן קעוועדאָ, בישאָף פון קיובאַ, אַלס זיין דעלעגאַט אָדער פערטרעטער פאַר דיא קעניגרייך פון שפּאַניש־אַמעריקאַ, און האָט איהם געגעבען דאָס רעכט אַליין אויסצוקלייבען אַזעלכע בעאַמטע וויא עס וועט זיין נייטיג אויפצוזוכען און צו פערטיליגען דיא מאַראַנאָס. קייזער קאַרל דער פינפטער (1500—1558) האָט מיט דיא ערלויבנים פון זיין געוועזענעם לעהרער, קאַרדינאַל האַדריאַן, דער האָלענדישער גרויס־אינקוויזיטאָר פון אַראַגאָן וועלכער איז שפּעטער געוואָרען פּאַפּסט (האַדריאַן אָדער אדריאַן דער זעקסטער, אין דיא יאָהרען 1522 און 1523), אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל דעם 25טען מאַי 1520, אין וועלכען ער האָט אויסגעקליעבען אַלפאָנסאָ מאַנסאָ, דעם בישאָף פון פּאָרטאָ ריקאָ, און פּעדראָ דע קאָרדאָוואַ, דעם וויצע־פּראָווינציאַל פון דיא דאָמיניקאַנער, אַלס אינקוויזיטאָרען פאַר דיא שפּאַנישע בעזיצונגען וועלכע ער האָט בעצייכענט אַלס דיא אינדיעס און דיא אינזלען פון ים אוקינוס.

אין אָנפאַנג זיינען די געהיימע אידען ניט געוועזען די איינציגע אָפּפער פון די פערפאָלגונגען פון די אינקוויזיציאָן, און אפילו ניט דיא מעהרסטע אין צאָהל צוויי־שען זיי. "עס זיינען געוועזען פיעלע געצען־דיענערשע איינגעבאָרענע פון לאַנד, וועלכע זיינען מיט געוואַלד בעקעהרט געוואָרען צום קריסטענטהום דורך דיא מעכטיגע האַנד פון דיא שפּאַנישע קירכע, אָבער וועלכע זיינען פון דעסטוועגען געבליעבען אין האַרצען געטריי צו זייער אַמאָליגען גלויבען און האָבען אָפּגעהיט זייערע היידנישע מנהגים אַזוי ווייט וויא דיא מורא פאַר ענטדעקונג און בעשטראָפונג האָט ערלויבט". טייפעלשע רציחות זיינען בעגאַנגען געוואָרען געגען דיא אינ־

דיאנישע אנוסים אין נאמען פון דיא קריסטליכע רעליגיאן, און דיא שוידער־האפטע פערפאלגונגען האבען פערניכטעט אזא גרויסע צאהל פון דיא אונגליק־ליכע רויטע איינוואהנער, אז דיא טיראנען אליין האבען איינגעזעהן אז זיי מוזען אויפהערען אויב זיי ווילען ניט פערטיליגען דיא גאנצע בעפעלקערונג וואס זיי האבען געפונען.

דיא אינקוויזיציאן אליין איז אבער אין שפאניען אויך אפגעשוואכט גע־ווארען אין דער צייט פון דיא רעגיערונג פון דעם אויבען־דערמאנטען קייזער קארל דעם פינפטען, דער אייניקעל פון פערדינאנד און איזאבעלא וועלכער האט גע'ירשנט זייערע שפאנישע און אמעריקאנישע בעזיצונגען. זיא האט ווידער אויפגעלעבט און איז געווארען פול מיט נייע קרעפטען אונטער דיא פאנאטישע הערשאפט פון זיין זוהן, קעניג פיליפ דעם צווייטען, (1598—1527) וועלכער איז ארויף אויף דעם שפאנישען טראן אין 1556 נאכדעם וויא זיין פאטער האט אפגעדאנקט. אונטער דיא נייע רעגיערונג זיינען דיא געזעץ פון דיא אינקוויזי־ציאן צוזאמענגעשטעלט געווארען אין דיא פארם פון א "קאוד" (קאדעקס אדער געזעצבוך) און זיינען ארויסגעגעבען געווארען אפיציעל אין מאדריד דעם צווייטען סעפטעמבער 1561. א געדרוקטע קאפיע פון דעם נייעם קאוד איז אוועקגע־שיקט געווארען נאך אמעריקא אין 1569. אן אנדער דאקומענט, דאטירט דעם פינפטען פעברואר 1569, איז ארויסגעגעבען געווארען פון קארדינאל דיעגא דע ספינאזא, דעם "גענעראל־אפאסטאלישען אינקוויזיטאר געגען אפיקורסות, אונ־מאראליטעט און אפפאל פון גלויבען, צו דיא אינקוויזיטארען אין זיינע מאיע־סטעט'ס הערשאפטען און פראווינצען פון פירו (פערו), ניי־שפאניען און דיא נייע קעניגרייך פון גראנאנדא און דיא אנדערע פראווינצען און בישאפטהימער פון דיא אינדיעס פון גרויסען ים", בעשטעהט פון פיערציג אפטהיילונגען אין וועלכע עס ווערט בעשריעבען דיא כללים און געריכטליכע ארדנונג וויא אזוי דיא אינקוויזיציאן דארף האנדלען. (זעה דעם אויפזאץ פון עלקאן נאטהאן אדלער איבער דיא אינקוויזיציאן אין פערו, אין צוועלפטען באנד פון דיא "פאבליקיישענס" 37—5).

א שפעטערער דאקומענט ענטהאלטעט דיא אלגעמיינע בעפעהלען וואס דארפען פארגעלעזען ווערען דעם דריטען זאנטאג פון לענץ (פאסט) און דעם פיערטען זאנטאג פון אנאטהעמא (ווען מען רופט אויס א חרם) יעדער דריטען יאהר אין קאטהעדראל פון לימא און אין אלע שטעדט פון יענעם דיסטריקט, איז געדרוקט געווארען אין פערו אליין א קורצע צייט נאך 1641, און עס איז דארטען פערצייכענט דיא נעמען פון דיא פלעצער וואס געהערען אונטער יענע געריכטסבארקייט. דער אנפאנג איז: "מיר, דיא אינקוויזיטארען געגען אפיקורסות, אונמאראליטעט און אפפאל פון גלויבען אין דיא שטאדט און ערצבישאפטהום פון לאס רייעס (לימא) מיט דיא ערצבישאפטהום פון לאס

שאַרקאַס און דיא בישאָפטהימער פון קוויטאָ, קוזקאָ, ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, פּאַראַגוואיי, טוקומאַן, סאַנטיאַגאָ און קאָנסעפּשיאָן אין טשילי, לאַ פּאַז (באָליוויאַ) סאַנטאַ קרוז דע לאַ סיעררא, גואַמאַנגאַ, אַרוגיפּאַ, טרוקסילאָ, און אַלע בעזיצונגען אין טשילי און דיא וויצע־קעניגליכע רעגיערונג און דיא קעניגליכע אוידיענציאַס". אין דיעזען דאָקומענט געפינען מיר דעם נאָמען פון אַ נייע קריסטליכע סעקטע וואָס דאַרף אויך פערפאָלגט ווערען פאַר אפּיקורסות און אָפּפאַל פון גלויבען צוזאַמען מיט דיא אונגלויביגע וואָס זיינען געווען בעקאַנט צו דיא אינקוויזיציאָן פון פריהערע צייטען. לוטהעראַנער ווערען איצטער אריינגערעכענט צווישען דיא זינדיגע, נאָך דיא אידען און דיא מחמד'נער. צווישען דיא ביכער און גראַווירונגען וואָס ווערען פערבאָטען אַלס געפעהרליך ווערען דערמאָנט דיא ביכער פון מאַרטין לוטהער און אַנדערע אַפּיקורסים, "ביבליאַס ען ראָמאַנס" (דיא ביבעל אין אומגאַנגס־שפּראַך) און אַנדערע ביכער וואָס זיינען פערבאָטען געוואָרען פון דיא צענזאָרען און קאַטאַלאָגען פון דיא אינקוויזיציאָן. דאַן קומען לאַנגע בעשרייבונגען וויא אַזוי צו דערקענען אידען, מחמד'נער און לוטהעראַנער; אין פאַל פון דיא ערשטע ווערט בעצייכענט דאָס טרינקען פון כשרה וויין און דיא ברכה וואָס ווערט אויף דעם געמאַכט אַלס איינעם פון דיא סימנים נאָך וועלכען מען קען אויסגעפינען ווער עס איז אַ איד.

עס שיינט אָבער אַז מאַראַנאָס זיינען געקומען נאָך אַמעריקאַ אין גרויסע מאַסען, טראָץ אַלע שטרייגקייט פון פיליפּ דעם צווייטען. זיין זוהן פיליפּ דער דריטער, (1578—1621) וועלכער האָט איהם גע'ירשנט אין 1598, האָט געזוכט צו פערהינדערען זייער אויסוואַנדערונג נאָך דיא נייע וועלט און האָט אין אָנפאַנג פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט אַרויסגעגעבען פאָלגענדען בעפעהל:

"מיר בעפעהלען און בעשטימען אַז קיינער וועלכער איז אין דיא נאָהענטע פערגאַנגענהייט בעקעהרט געוואָרען צו אונזער הייליגע רעליגיאָן, סאַי אַ איד אָדער אַ מור, אָדער וועלכער שטאַמט אָפּ פון זיי, זאָל זיך בעזעצען אין אונזערע בעזיצונגען אין אינדיען אָהן אונזער אויסדריקליכע ערלויבנים. ווייטער פערביטען מיר איינצוואוואַנדערען אין נייע־שפּאַניען יעדען וועלכער האָט געטהאָן תשובה און איז צוריק אריינגענומען געוואָרען אין דער קירכע, און אַ קינד אָדער אַן אייניקעל פון אַ פּערזאָן וואָס האָט ווען געטראָגען אַ "סאַן בעניטאָ" אין דיא עפענטליכקייט (דאָס איז אַ בגד וואָס דיא אָפּפער פון דיא אינקוויזיציאָן פלעגען טראָגען), אַ קינד אָדער אַן אייניקעל פון איינעם וואָס איז פערברענט געוואָרען אַלס אונגלויביגער אָדער וועלכער איז בעשטראָפט געוואָרען אויף אַן אַנדער אופן פאַר דעם פערברעכען פון אפּיקורסות. אויב איינער פון דיא וואָס זיינען אויסגערעכענט אונטער דיעזע קלאַסען זאָלען זיך אונטערשטעלען צו איבערטרעטען דיעזעס געזעץ, זאָל זיינע סחורה קאָנפיסקירט ווערען פאַר דעם נוצען פון קעניגליכען שאַצקאַמער, און אויף איהם אליין זאָל פאַלען דיא פולע מאָס פון אונזער גנאַדע אָדער אונגנאַדע, אַז ער זאָל אונטער אַלע אומשטענדען און פאַר אַלע צייטען זיין פערטריעבען פון אונזערע אינדישע בעזיצונגען. אויב עס מאַכט זיך אָבער אַז ער האָט קיין אייגענטהום זאָל ער אָפּקומען פאַר זיינע איבערטרעטונג פון געזעץ מיט קריעגען אין דיא עפענטליכקייט הונדערט שמיץ."

דיעזע כאראקטעריסטישע שטיק אנטי־אימיגראציאנס־געזעץ פון דריי הונ־דערט יאהר צוריק, וועלכע ענטהאלטעט נאך א פונקט פון בערויבען רעכטע צוליעב עלטערן אדער גראס־עלטערן — אזוי וויא דיא געזעץ אין געוויסע סטייטס פון דיא סאוטה וועלכע זיינען געציעלט געגען שווארצע — האט פעראורזאכט זעהר פיעל ליידען; אבער עס איז ניט מעגליך צו בעהויפטען מיט געוויסהייט וויא וויט עס האט געהאט אן אלגעמיינע ווירקונג. עס איז וואהרשיינליך אז דיא צאהל מאראנאס אין דיא "אינדיעס" וואס האבען געהערט צום קעניג פון שפאניען האט געהאלטען אין שטייגען ביז דעם מיטען פון זיעבצעהנטען יאהרהונדערט, ווען געוויסע געגענדען זיינען צום ערשטען מאל פאר זיי אויפגעעפענט געווארען אין דיא נייע וועלט וואו זיי האבען געקענט לעבען עפענטליך אלס אידען.

# קאפיטעל 3

## אָפּפער פון דיא אינקוויזיציאָן אין מעקסיקאָ און אין פערו.

דיא אונמעגליכקייט צו קריעגען ציפער וועגען דיא אינקוויזיציאָן וועלכע זאָלען זיין אפילו עטוואָס נאָהענט צום אמת — איניגע טיפּישע ביישפּיעלע — דיא קאַראַבאַכאַל פאַמיליע — מילדערע פיהרונגען פאַר עטליכע צעהנדליג יאָהר — דער בעריהמטער פאַל פון פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ.

דיא אינקוויזיציאָן איז געווען אַן אַנשטאַלט מיט אַ געוואַלטיגע מאַכט און אַ גרויסען איינפלוס, און אין איהר עקזיסטענץ פון איבער דריי הונדערט יאָהר האָט זיא געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף דעם כאַראַקטער פון דיא פעלקער פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. אַ גרויסע צאָהל ביכער זיינען וועגען איהר געשריעבען געוואָרען, אָבער דאָס מאַטעריאַל וואָס דאַרף בעאַרבייטעט ווערען פאַר דיעזען צוועק איז אַזוי אונגעהייער גרויס אַז קיינע פון דיא ווערקע וואָס ווערען אָנגעגעבען אַלס היסטאָריעס פון דיא אינקוויזיציאָן פערדיענען דיעזען נאָמען. דיא ריעזיגע מאַסע דאָקומענטאַרישע מאַטעריאַל וואָס ליעגט אין פערשיעדענע אַרכיוועס ניט דורכגעלעזען און ניט סאָרטירט, איז דערמאָנט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל. מען קען קריעגען אַ בעגריף פון דיא ווירקליכע צאָהל דאָקומענטען, פון דיא בעהויפּטונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון מר. עלקאַן נ. אַדלער אין זיין שריפט איבער דיא אינקוויזיציאָן אין פערו וואָס איז אויבען ציטירט געוואָרען, אַז דריי־און־דרייסיג מיליאָן איינצעלנע דאָקומענטען פון דיא אינקוויזיציאָן, פערפּאַקט אין אַכציג טויזענד בעזונדערע פּאַקעטען, ליעגען אין אַ פעסטונג אין דיא קליינע שטעדטעל סימאַנקאַס, זיעבען מייל פון וואַלאַדאָליד, אין שפּאַניען. דיעזער פּלאַץ איז נור איינער פון מעהרערע וואו דיא דאָקומענטען פון פּראָצעסען וואָס זיינען געפיהרט געוואָרען פאַר דיא פערשיעדענע אינקוויזיציאָנס־געריכטען געפינען זיך.

עס איז דעריבער אַזוי גוט וויא אונמעגליך צו געבען אַן אַלגעמיינע איבערזיכט איבער דיא אַרבייט פון דיעזע שוידערהאַפטע געריכטס־פלעצער אין דיא אַלטע וועלט אָדער אין דיא נייע; עס איז אפילו אונזיכער צו ציטירען פון אַנדערע ווערקע איבער דיא צאָהל פּראָצעסען, אויטאָס דאַ פע אָדער אָפּפער,

ווייל דיא מייסטע אויטהאָריטעטען וויעדערשפּרעכען זיך איינער דעם אַנדערען אָדער שטימען ניט איין איבער זעהר וויכטיגע פּונקטען. פיעלע פאַקטען וואָס ווערען אין איין צייט אָנגענומען אַלס כמעט זיכער ווערען שנעל אָפּגעלייקענט ווען מען אונטערזוכט דיא אָריגינעלע קוועלען, וועלכעס מאַכט אַז מען מוז שטענדיג האַלטען אין ענדערן דיא צייט און דעם פּלאַץ און אָפט אויך דיא נעמען פון דיא פּערזאָנען וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך אין בעשרייבונגען וועגען דיא אינקוויזיציאָן. דער בעסטער פּלאַן איז דעריבער צו דערמאָנען היער נור איינגע פעלע פון אָפּפער וועגען וועלכע עס איז ניטאָ דער מינדעסטער צווייפעל ווער זיי זיינען געוועזן און אַז זיי האָבען געשטאַמט פון אידען. פון דיעזע ביישפּיעלע קען זיך דער לעזער אויסבילדען זיין אייגענע מיינונג וועגען דאָס וואָס פלעגט שטענדיג פּאַסירען אין פערשיעדענע פּלעצער זייט דיא אינקוויזיציאָן איז איינגעפיהרט געוואָרן אין דיא נייע וועלט אין צווייטען העלפט פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, ביז זיא איז אין גאַנצען פערשוואונדען צום ענדע פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט און אין מאַנכע פּלעצער ערשט אין אָנפאַנג פון נייְנצעהנטען.

איינגע מיטגליעדער פון דיא קאַראַבאַכאַל (קאַרוואַלהאָ ?) פאַמיליע זיינען אומגעקומען אַלס מאַרטירער אין מעקסיקאָ צום ענדע פון זעכצעהנטען און צום אָנפאַנג פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט. פראַנציסקאַ נונעץ דע קאַראַבאַכאַל, וועלכע איז געבאָרן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל אַרום 1540, איז געוועזן צווישען דיא מיטגליעדער פון יענע פאַמיליע וועלכע זיינען אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא אינקוויזיציאָן אין 1590. זיא איז געפּייניגט געוואָרן ביז זיא האָט בעשולדיגט איהר מאַן מיט איהרע קינדער, און דיא גאַנצע פאַמיליע האָט געמוזט אָפּשווערען אידישקייט ביי אַן עפענטליכען אויטאָ דאַ פע וואָס איז געפיערט געוואָרן דעם 24טען פעברואַר פון יענעם יאָהר. זיי זיינען געבליעבען פינף יאָהר אין געפענגניס און דאַן זיינען זיי פעראורטהיילט געוואָרן פאַר צוריקפאַלען צום יודענטהום. פראַנציסקאַ, איהר זוהן לואיס און איהרע פיער טעכטער זיינען פערברענט געוואָרן אין דער שטאָדט מעקסיקאָ דעם 8טען דעצעמבער 1596. זיא איז געוועזן דיא שוועסטער פון דאָן לואיס דע קאַראַבאַכאַל אי קועוואַ (געב. אין פּאָרטוגאַל, 1539) וועלכער איז ערנענט געוואָרן גאַווערנאָר פון ניי־לעאָן, אין מעקסיקאָ, 1579, און וועלכער איז געשטאָרבען אַרום 1595. ער איז אָנגעקומען אין מעקסיקאָ אין 1580, און דערפאַר וואָס מען האָט איהם געמאַכט פאַר גאָווערנאָר פון אַ געגענד פון וועלכען דיא גרענעצען זיינען ניט געוועזן גאַנץ קלאָר בעשטימט, האָט ער זיך אונטערנומען צו קאָלאָניזירען אַ געוויסע שטיק לאַנד אויף זיינע אייגענע אויסגאַבען, מיט דעם פּריווילעגיום אָפּצונעהמען דאָס געלד פון דיא עפענטליכע איינגאַהמען. צווישען זיינע קאָלאָניסטען האָבען זיך געפונען פיעלע שפּאַנישע אידען, און איידער

צעהן יאָהר זיינען אַריבער נאָך דיא גרינדונג פון זיין קאָלאָניע, זיינען עטליכע־און־צוואַנציג פון זיי פער׳מסרט געוואָרן און האָבען געליטען פערשיעדענע שטראָפען פאַר אָפּהיטען אידישקייט. א האַלב־היסטאָרישע און האַלב ראָמאַנ־טישע בעשרייבונג פון איהם געפינט זיך אין דעם בוך פון ס. ק. לאַנדיס, וועל־כעס הייסט "קאַראַבאַלכע דער איד, א לעגענדע פון מאָנטערעי" (וויינלאַנד, 1894).

אַן אַנדער העלדענמוטהיגער מאַרטירער פון מעקסיקאָ איז געוועזען דאָן טאָמאַס דע סאָברעמאָנטע, וועלכער איז פערברענט געוואָרן דעם עלפטען אַפּ־ריל 1649, אָהן אַרויסצוגעבען איין איינציגען קרעכץ, מאַכענדיג שפּאַס פון דעם פּאַפּסט און זיינע געדונגענע משרתים, און זיך רייצענדיג מיט זיינע פּייניגער ביז דעם לעצטען אָטהעמצוג.

מען ווייס אַז דיא אינקוויזיציאָן פון לימאַ, פּערו, האָט געפייערט פיער־און־דרייסיג אויטאָס דאַ פע צווישען דעם 15טען נאָוועמבער 1573 און דעם 17טען יולי 1806, און דאָס ביי צעהן אָדער עלף פון זיי זיינען געווען אידישע אָפּפער, ביי מאַנכע אַזוי ווייניג וויא צוויי און ביי אַנדערע געלעגענהייטען (23טען יאַנואַר 1639) אַזוי הויך וויא זעקס־און־פופציג. זייט דיא אינקוויזי־ציאָן איז דאָרטען געגרינדעט געוואָרן האָט זיא געקוקט מיט פערדאַכט אויף דיא פּאָרטוגיעזען וואָס האָבען זיך דאָרטען בעזעצט. אין דיעזען פאַל אַזוי וויא אין פיעלע אַנדערע איז פּאָרטוגיעזער נור געווען אַן אַנדער נאָמען פאַר מאַ־ראַנאָ, און זיי זיינען בעהאַנדעלט געוואָרן מיט דיא גרעסטע אכזריות. עס איז דאָ א בעריכט פון א געוויסען דוד עבראָן (חברון) וועלכער האָט אין 1597 געשיקט א ביטשריפט צום קעניג פיליפּ דעם צווייטען אין וועלכע ער האָט אויסגערעכענט זיינע ענטדעקונגען און זיינע ניצליכע דיענסטע פאַר דיא שפּאַנישע קרוין, אָבער עס איז ניט בעקאַנט וויא וויים מען האָט אַנערקענט זיינע פאָדערונגען. אונגעפעהר אין 1604 אָדער 1605 האָבען געוויסע לייטע וועלכע זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אַז זיי זיינען געניינט צום יודענטהום אָדער פערשפּרייטען אידישקייט, געשריעבען ביטשריפטען צו דעם קעניג פון שפּאַניען אין וועלכע זיי האָבען גע׳טענהט אַז דאָס לעבען אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז אונערטרעגליך. הילפע איז געקומען אין דיא פאָרם פון א צושריפט פון פּאַפּסט קלעמענס דעם אַכטען צו דיא אינקוויזיטאָרען אין פּערו אַז זיי זאָלען אויגענבליקליך בעפרייען אַלע פּאָרטוגיעזען וואָס זיינען פערהאַלטען אונטער דעם פערדאַכט פון בעציהונגען צום יודענטהום. ווען דער בעפעהל איז אָנגעקו־מען אין לימאַ האָבען זיך נור צוויי פערזאָן געפונען אין דיא געפענגניסען פון דיא אינקוויזיציאָן, גאָנזאַלאַ דע לונאַ און יואַן וויצענטע. דיא אַנדערע זיינען צוריק שלום געוואָרן מיט דער קירכע אָדער זיינען פערברענט געוואָרען איידער דער בעפעהל זיי צו בעפרייען איז אָנגעקומען.

דער ליבעראלער בעפעהל איז געקומען צו שפעט פאר דיא מייסטע קלעגער וועלכע האבען פון איהם געדארפט ציהען נוצען, אבער עס שיינט אז ער האט געמאכט דעם איינדרוק מען זאל דארטען דיא מאראנאס לאזען צופריעדען עטליכע צעהנדליג יאהר נאכדעם. דאך אזוי שנעל וויא זיי זיינען געווארן גרעסער אין צאהל און אין איינפלוס איז געקומען א בעפעהל צו גרינדען א נייע אינקוויזיציאנס געריכט אין פראווינץ טוקומאן, ווייל מען איז ערפאהרען דאס א גאנצע קאלאניע פון אידען האבען זיך בעזעצט אין דיא געגענד פון ריא דע לא פלאטא. דיא פאלגען פון דיעזען בעפעהל, וואס איז געווען דאטירט דעם 18טען מאי 1636, זיינען געווען אז עס האט זיך ווידער אנגעפאנגען א העצעריי אויף דיא פארטוגיעזען און פיעלע פון זיי האבען פערלארען זייער לעבען אדער זייער פערמעגען. דיא אינקוויזיציאן האט אויסגעפונען אז עס האבען דאמאלס אין טשילי אליין געלעבט ניט ווענינער וויא אכט־און־צוואנציג (גערהיימע) אידען, פון וועלכע דיא מייסטע האבען גענאסען בירגער־רעכט און האבען געלעבט בשלום מיט זייערע שכנים. מען ווייס איצטער אז א בעדייטענדע צאהל אידען אדער מאראנאס האבען געוואוינט אין פערו, טשילי, ארגענטיניע, קארטאגענא און לא פלאטא צום ענדע פון זעכצעהנטען יאהרהונדערט, דאס זייער צאהל און רייכטהום האט געהאלטען אין שטייגען דורך דיא ערשטע העלפט פון זיעבצעהנטען יאהרהונדערט, איידער דיא נייע עפאכע פון פערפאלגונגען האט זיך אנגעפאנגען.

א מערקווירדיגעס ביישפיעל אין וועלכע דיא צייטען ווערען גוט אפגעשפיעגעלט, איז דער פאל פון פראנציסקא מאלדאנאדא דע סילווא. זיין שוועסטער, דאנא איזאבעל מאלדאנאדא, פיערציג יאהר אלט, האט דעם אכטען יולי 1626 געזאגט אלס עדות פאר א רעגירונגס־בעאמטען אין דיא שטאדט סאנטיאגא דע טשילי אז איהר ברודער האט זיך פאר איהר מודה געווען אז ער איז א איד און האט איהר געבעטען זיא זאל איהם ניט פערראטהען און האט אויך געמאכט אנשטריינגונגען איהר אויך צו בעקעהרען. ער איז ארעטירט געווארן אין קאנסעפסיאן, טשילי, דעם 29טען אפריל, 1627, און איז געבראכט געווארן נאך לימא אין יולי פון דעם זעלבען יאהר, וואו ער איז איינגעשפארט געווארן אין קאנווענט פון סאן דאמינגא. ער איז פערשריעבען געווארן אין געריכט אלס אונפערהייראטהעט, דריי־און־דרייסיג יאהר אלט, א געבארענער אמעריקאנער, דער זאהן פון ניי־קריסטליכע עלטערן אין דיא שטאדט סאן מיגועל, אין פראווינץ טוקומאן, פערו. זיין פאטער דיעגא נונעץ דע סילווא און זיין ברודער דיעגא דע סילווא האבען ווידער ערקלערט זייער געטרייהייט אדער געמאכט שלום מיט דער קירכע ביי אן אויטא דא פע וואס איז געהאלטען געווארן אין לימא דעם 13טען מערץ 1605. ער האט זיך מודה געווען אז ער איז אויפגעהאדעוועט געווארן אלס קאטהאליק און דאס ער האט ביז אכצעהן יאהר שטריינג

אָפּגעהיט דיא קריסטליכע רעליגיאָן. לויט אַן אומשטענדליכע בעשרייבונג פון זיין פאַל (זעה "פּאָבליקיישענס" באַנד עלף, זייטע 163 און ווייטער) איז ער געבליעבען אין געפענגנים באַלד צוועלף יאָהר, און אונטער דער צייט האָט מען איהם פיעלע מאָל עקזאַמינירט און ער האָט אויך געהאַט פיעלע דיספּוטען מיט גלחים וועלכע האָבען איהם פּרובירט בעקעהרען. ער האָט אויך זעהר פיעל געשריעבען צו פערטהיידיגען זיינע אנזיכטען, און איינמאָל איז איהם שיער געלונגען צו אנטלויפען. אין דיא לעצטע יאָהרען פון זיין געפאַנגענשאַפט האָט ער געפאַסט זעהר פיעל און איז געוואָרן אַזוי שוואַך אַז ער האָט זיך ניט געקענט אומקעהרען אין בעט פון איין זייט אויף'ן אַנדערן, ווייל עס איז פון איהם געבליעבען ניט מעהר וויא הויט און ביינער. צום סוף איז ער, מיט צעהן אַנדערע, פערברענט געוואָרן אין לימאַ, דעם 23טען יאַנואַר 1639 אויף אַ גרויסאַרטיגע און שוידערהאַפטע אויטאָ דאַ פע, פאַר וועלכע דיא פּאָרבערייטונגען האָבען געדויערט גאַנצע פופציג טעג.

# קאַפּיטעל 4

## מאַראַנאָס אין דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס.

וועניגער פערפאָלגונג אין פּאָרטוגאַל אַליין און אויך אין דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָ־ניעס — מאַנכע וואַגען צו זיין אידען עפענטליך און דיא אינקוויזיציאָן ווערט איינגעפיהרט אין גאָאַ — דיא הילפע וואָס מען זאָגט אַז אידען האָבען געגעבען האָלאַנד אין דיא מלחמה מיט שפּאַניען.

דער גירוש פון פּאָרטוגאַל וואָס איז פאָרגעקומען פינף יאָהר נאָך דעם גירוש פון שפּאַניען איז אין מאַנכע הינזיכטען געווען נאָך גרויזאַמער און בע־גלייטעט מיט גרעסערע רציחות, צו וועלכע עס געהערען דיא געצוואונגענע בעקעהרונגען צום קריסטענטהום, און אויך דאָס אוועקרויבען פון אידישע קינ־דער פון זייערע עלטערן. דאָך איז דיא לאַגע אין דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס דאַרונטער אויך אין בראַזיליען, געווען עטוואָס גינסטיגער פאַר אידען וויא אין דיא שפּאַנישע בעזיצונגען פון דיא נייע וועלט. דאָס איז געקומען דערפון וואָס אין פּאָרטוגאַל אַליין זיינען דיא בעדינגונגען געווען פיעל בעסער פאַר אידען איידער דיא צייט פון אויסטרייבונגען איז געקומען, און דיא פּלוצלונגע שטריינג־קייט נעגען אידען אין 1497, וואָס איז געקומען גאַנץ אונערוואַרטעט, איז פער־אורזאַכט געוואָרן דורך דעם איינפלוס פון דיא שפּאַנישע הערשער. עס איז געווען קעניגין איזאַבעלאַ פון שפּאַניען וועלכע האָט אויסגעווירקט ביי קעניג מאַנועל פון פּאָרטוגאַל (וועלכער האָט רעגיערט פון 1495 ביז 1521), איהר צוקינפטיגען שוויעגער־זאָהן, אַרויסצוטרייבען דיא אידען פון זיין לאַנד. זיא האָט געשוואָרען אַז זיא וועט ניט אריינטרעטען אין פּאָרטוגאַל ביז דיא מדינה וועט זיין ריין פון זיי.

אין דיא הונדערטע יאָהרען פאַר דעם גירוש איז דיא לאַגע פון אידען אין פּאָרטוגאַל געווען גינסטיג און כמעט זיכער, פיעל בעסער וויא מען האָט געקענט ערוואַרטען אין יענעם טהייל פון מיטעל־אַלטער, האָטש דיא אידען זיינען דאָר־טען בעטראַכטעט און בעהאַנדעלט געוואָרן אַלס אַ בעזונדערע נאַציאָן נאָך מעהר וויא אין שפּאַניען. מען וויים פון קיינע פערפאָלגונגען אין פּאָרטוגאַל פאַר דיא אויסווייזונג פון שפּאַניען. דער איינפלוס פון דיא קירכע איז דאָרטען געוואַק־

סען פיעל לאַנגזאַמער וויא אין שפּאַניען, און דיא פּאָרטוגעזישע קעניגע האָבען זיך געהאַלטען אָן דיא אַלטע שפּאַנישע פּאָליטיק פון בעשיצען דיא אידען און דיא מורען געגען דיא קאַטהאָלישע גלחים לאַנג נאָכדעם וויא שפּאַניען אליין האָט אויפגעגעבען דיעזען גלייכען וועג. מאַראַנאָס און אידען וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון דיא אינקוויזיציאָן נאָך פּאָרטוגאַל פאַר דעם גלות שפּאַניען האָבען דאָרטען ניט געטאָרט בלייבען — ווייל דער קעניג האָט ניט געוואַגט אָדער ניט געוואָלט זיי האַלטען אין זיין לאַנד — אָבער ער האָט זיי ערלויבט צו פאָהרען אין אַזיען, און זיי נור פערבאָטען צו פאָהרען נאָך אַפריקאַ ווייל זיי האָבען דאָרטען געקענט ווערען געפעהרליך אַלס פריינדע פון דיא מורען. דערפון קומט עס וואָס אין דער צייט ווען מיר הערען פון דיא גרעסערע שפּאַנישע בעזיצונגען אין דיא נייע וועלט נור פון איינציגע געהיימע אידען און מעהר פון זייערע אונגליקען און הינריכטונגען, געפינען מיר בעדייטענדע קאָלאָניעס פון מאַראַנאָס אין בראַזיליען שוין גלייך אין אָנפאַנג פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט.

אָבער דיא בעסערע צושטענדע אין דיא פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס דאַרפען ניט פערשטאַנען ווערען אין דעם זין וויא מען וואָלט עס פערשטעהן היינט, אָדער אַפילו מיט הונדערט יאָהר צוריק. דיא פּאָרטוגעזישע פּאָליטיק איז געווען וועניגער גרויזאַם און ניט אַזוי אויסגעהאַלטען, אָבער זיא איז אין דיעזער הינזיכט געווען נור עטוואָס בעסער וויא דיא שפּאַנישע. קעניג מאַנועל האָט אין 1499 פערבאָטען דיא נייע־קריסטען צו פערלאָזען פּאָרטוגאַל, אין 1507 איז דיעזער פערבאָט אַרונטערגענומען געוואָרן און אין 1521 איז ער צוריק אַרויפגעלייגט געוואָרן. זיין נאָכפאָלגער יאָאַן דער דריטער (רעגיערט 57—1521) איז נאָך געווען מעהר פיינדליך צו דיא אַנוסים וואָס זיינען געבליעבען אין זיין קעניגרייך, און אין 1531 איז דאָרטען איינגעפיהרט געוואָרן דיא אינקוויזיציאָן דורך דיא בעפאָלמעכטיגונג פון פּאַפּסט קלעמענט דעם זיעבעטען. דיא מאַראַנאָס האָבען בעצאָהלט יאָאַן'ס נאָכפאָלגער, קעניג סעבאַסטיאַן (רעגיערט 78—1557) אַ פיערטעל מיליאָן דוקאַטען פאַר דיא ערלויבניס צו מעגען פריי אַרויספאָהרען פון לאַנד. עס זיינען אויך פאָרגעקומען אַנדערע ניט־פריייוויליגע אויסוואַנדערונגען אין דיא צייטען ווען דיא פרייע עמיגראַציאָן פון פערדעכטיגע נייע־קריסטען איז געווען פערבאָטען. פאַר אַ לאַנגע צייט אין זעכצעהנטען יאָהרהונדערט פלעגט פּאָרטוגאַל אַלע יאָהר אַוועקשיקען צוויי שיפען פול מיט אידען און פערברעכער נאָך בראַזיליען. מען פלעגט אויך אַהין אַוועקשיקען לייטע וועלכע זיינען דערצו פעראורטהיילט געוואָרן פון דיא אינקוויזיציאָן. עס ווערט שפּעציעל דערמאָנט אַז אין יאָהר 1548 זיינען אַ גרויסע צאָהל פערשיקט געוואָרן נאָך בראַזיליען.

אידען אָדער מאַראַנאָס האָבען זיך שנעל בעזעצט אין אַלע פּאָרטוגעזישע

קאלאניעס, און זיי האבען געפיהרט א גרויסען האנדעל מיט פערשיעדענע לענ־דער. פארטוגעזישע אידען האבען פערפלאנצט צוקער־ראהר פון מאדעירא אין בראזיליען אין 1548, אדער וויא אנדערע בעהויפטען, אין 1531. מאנכע פון זיי האבען זיך אנגעפאנגען צו פיהלען אזוי זיכער אז זיי האבען אנגעהויבען אפ־צוהיטען אידישקייט עפענטליך. דער רעזולטאט איז געווען אז דיא אינקוויזי־ציאן איז איינגעפיהרט געווארן אין גאא, וועלכע איז דאן געווען דיא הויפט־שטאדט פון אלע פארטוגעזישע בעזיצונגען אין אינדיען, און פון דארט האט זיא געהאט איהר געריכטסבארקייט אדער "דזשורישדיקשען" איבער אלע איהרע קא־לאניעס אין אזיען און אפריקא, אזוי ווייט וויא דער "קייפ און גוד האופ". עס איז דעריבער געווען גאנץ נאטירליך אז דיא געהעצטע און פערצווייפעלטע נייע־קריסטען זאלען סימפאטיזירען מיט דיא האלענדער וועלכע האבען דאמאלס (אנפאנגענדיג אין 1567) געשטריטען פאר זייער פרייהייט, און אז דיא לעצטע זאלען שפעטער אויך קריעגען הילפע פון די אידען געגען פארטוגאל אליין אין דיא נייע וועלט און אויך אין וויטען מזרח. דיא בעשולדיגונג אז דיא מאראנאס פון דיא אינדיעס האבען געשיקט הילפס־מיטלען צו דיא שפאנישע און פארטו־געזישע אידען נאך האמבורג און אלעפא (ארם צובא, אין אזיאטישע טירקיי) און פון דארטען איז עס צוגעשיקט געווארן נאך האלאנד און זעעלאנד, איז וואהרשיינליך ניט אמת. אבער אזא האנדלונג וואלט געווים געווען בערעכטיגט אין צייטען ווען דיא מאראנאס זיינען געזעצליך פערברענט געווארן לעבעדיגער־הייד ווען מען האט אויסגעפונען אז זיי היטען אפ דיא רעליגיאן פון זייערע אור־עלטערן. דיעזע בעשולדיגונג ווייזט אויך אז מען האט דאמאלס געגלויבט אז דיא אידען און דיא אנוסים פון ווייטע לענדער שטעהען צווישען זיך אין פער־בינדונג, און אז זיי העלפען זיך איינע דיא אנדערע און העלפען זייערע פריינדע ווען א געלעגענהייט פאדערט עס. מיר קענען אפילו אין דעם דערקענען דיא בלבולים אויף אידען וואס געהען ארום פון גאנץ אלטע צייטען ביז היינטיגען טאג. אבער דאס העלפט אויך צו בעווייזען אז עס איז ביי דיא אידען געבליעבען א געוויסע וויכטיגקייט אלס סוחרים צווישען פערשיעדענע לענדער וואס אנדע־רע האבען אנערקענט, אפילו אין יענע צייטען ווען דער אידישער מעמד בכלל איז געווען זעהר שלעכט.

אויסער פאר דיא קורצע פעריאדע אין זיעבצעהנטען יאהרהונדערט (וועלכע וועט בעהאנדעלט ווערען אומשטענדליך אין דעם פאלגענדען טהייל) אין וועלכע בראזיליען איז געשטאנען אונטער דיא הערשאפט פון האלאנד, איז זיא גע־בליעבען כמעט ריין פון אידען ביז דיא איצטיגע צייט. עס האט דאן אנגע־הויבען צו קומען דיא צייט ווען ליבעראלע און אונטערנעהמענדע נאציאנען וועלכע האבען פערפאלגט א מעהר אויפגעקלערטע און מעהר ניצליכע פאליטיק, האבען אנגעפאנגען צו געבען דעם פערוואגעלטען אידען ניט נור זיכערהייט זאנ־

דערן אויך רעליגיעזע פרייהייט און יענע ברייטע מענשליכע טאָלעראַנץ וואָס איז געווען כמעט אונבעקאַנט אין דיא מייסטע קאַטהאָלישע לענדער אין דיא שפּעטערע טהיילען פון מיטעל־אַלטער. דער אויפגאַנג פון א נייע עפּאָכע פאַר דיא אידען אין אייראָפּאַ פאַנגט זיך אָן ווען האָלאַנד, און דערנאָך ענגלאַנד, זיינען געוואָרן מעכטיג, און דיא קינדער פון ישראל האָבען אין קורצען געקענט גע־ניסען עפּענטליך א טהייל פון דעם אונשעצבאַרען נוצען וואָס דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט האָט געבראַכט פאַר דיא מענשהייט אין אַלגעמיין.

# צווייטער טהייל

## דיא האָלענדישע און ענגלישע קאָלאָניאַלע פּעריאָדע.

## קאַפּיטעל 5

### דיא קורצע הערשאַפט פון דיא האָלענדער איבער בראַזיליען.

דיא פריינדשאַפט צווישען דיא האָלענדער און דיא אידען — בעשריינקונגען און פריווילעגיען אין האָלאַנד — האָלענדישע אידען אַלס אויספּערקויפער פון דיא געווירצען פון אינדיען — פאָרבערייטונגען איינצופיהרען דיא אינקוויזיציאָן אין בראַזיליען — אידען העלפען דיא האָלענדער איינצונעהמען דאָס לאַנד — סאַוטהעי'ס בעשרייבונג פון רעציפע — וויערא'ס בעשרייבונג.

דיא פעראייניגטע פּראָווינצען פון ניעדערלאַנד, אָדער וויא מען רופט זיי געוועהנליך, האָלאַנד, איז געוואָרען אַ זיכערער פּלאַץ פאַר אידען אזוי שנעל וויא דער אָפּמאַך פון אוטרעכט (1579) האָט געמאַכט אזוי גוט וויא זיכער דיא אונ־אבהייננגיגקייט פון דיא נייע מדינה. ווען דער בעפרייער פון דיעזע פּראָווינ־צען, ווילהעלם פון אָראַנדזש ("דער שווייגענדער", 84—1533) האָט איבער־גענומען זיין אַמט אַלס שטאַדטהאַלטער אין 1581, האָט ער ערקלערט אַז "ער וועט ניט דערלאָזען אַז אירגענד וועלכער מאַן זאָל דאַרפען אָפּגעבען רעכענ־שאַפט, זאָל בעלעסטיגט אָדער פערלעצט ווערען צוליעב זיין גלויבען אָדער געוויסען". דיעזעס האָט געמיינט, און אויך געבראַכט, בעסערע בעהאַנדלונג פאַר אידען, וועלכע האָבען אין פערלויף פון דיא פאָלגענדע הונדערט יאָהר געהאַט בעסערע צייטען אין האָלאַנד וויא אין יעדע אַנדערע מדינה. דיא פריינד־שאַפט צווישען דיא אידען און דיא האָלענדער וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יענע פּעריאָדע איז ביז היינטיגען טאָג ניט פערדאָרבען געוואָרען דורך סיסטעמאַ־טישע פערפאָלגונג אָדער דורך אַ בעדייטענדען ריקשריט. דיעזע פריינדשאַפט האָט ביידען געבראַכט זעהר פיעל נוצען אין פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט,

און האָט געקאָסט שפּאַניען און פּאָרטוגאַל פיעל מעהר וויא עס איז געוועהנליך בעוואוסט אפילו צו דיא וואָס שטודירען היסטאָריע.*)

אָבער חאָטש דיא בעהאַנדלונג איז געוועזן זעהר פיעל בעסער, איז דער שעדליכער פּרינציפּ פון אָפּזונדערונג נאָך אימער פערבליעבען. דיא אידען אין האָלאַנד זיינען, אין טהעאָריע מינדעסטענס, געוועזן אַזוי פיעל אַ בעזונדערע נאַציאָן וויא אין שפּאַניען אָדער פּאָרטוגאַל פאַר דיא אויסווייזונגען. זיי האָבען ניט גענאָסען קיין פולע בירגער־רעכט (ביז זיי האָבען עס געקריעגען, אַביסעל געגען זייער ווילען, אין דער צייט פון דיא פראַנצויזישע בעזעצונג צום ענדע פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט) און זיינען אפילו ניט געוועזן פריי פון אַנדערע בעשריינקונגען. זיי האָבען ניט געקענט דיענען אין דיא מיליץ אָדער בירגער־אַרמעע פון דיא שטעדט, און האָבען אַנשטאָט דעם געמוזט צאָהלען אַ געוויסען שטייער. דער פערבאָט זיך צו פערהייראַטהען מיט קריסטען האָט ניט געקענט בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ גזירה פאַר אידען פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט; אָבער דער פאַקט דאָס זיי האָבען ניט געטאָרט זיין קיין בעלי מלאכה און האָבען ניט געטאָרט זיך בעשעפטיגען מיט ריטייל האַנדעל אָדער איינצעל־פערקויף, האָט אַ פיעל טיעפערע בעדייטונג. דיעזעס ערקלערט צום טהייל פאַר וואָס דיא האָלענדער האָבען געמאַכט אַן ערפאָלג דאָרטען וואו דיא פּאָרטוגיעזען זיינען דורכגעפאַלען, בעזאָנדערס אין דעם האַנדעל מיט אינדיען וואָס זיין אונטערברעכונג צוליעב דעם וואָס טירקיי האָט איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געוועזן דיא אורזאַכע פון זוכען אַ נייעם וועג איבער'ן וואַסער נאָך אינדיען און פון דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט.

ווען דיא פּאָרטוגיעזען האָבען פערטריעבען זייערע בעסטע אויסלענדישע סוחרים און האָבען געהאַלטען דיא וואָס זיינען פערבליעבען אין לאַנד אַלס מאַראַנאָס אין שטענדיגען טויט־שרעק, האָבען זיי ניט געקענט ציהען דעם פּור־לען נוצען פון דעם איינטרעגליכען מסחר מיט געווירצען אָדער בשמים וואָס האָט געדאַרפט זיין דיא בעלוינונג פאַר זייערע גרויסע ענטדעקונגען. ווען דער זעכציג־יעהריגער "גלות" וויא מען רופט דיא צייט צווישען 1580 און 1640 ווען פּאָר־טוגאַל האָט געהערט צו שפּאַניען האָט מיט זיך געבראַכט אַז דיא פּאָרטוגעזישע בעזיצונגען אין אינדיען זאָלען קומען אונטער האָלענדישער הערשאַפט, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויעזען אַז דיא מעטהאָדען פון דיא לעצטע זיינען פיעל בעסער. זייער ערפאָלג איז געוועזן לייכטער ווייל זיי האָבען פאָלגענדיג דעם ריכטיגען

---

*) דיעזער געגענשטאַנד ווערט אויספיהרליך בעהאַנדעלט אין דעם קאַפּיטעל אונטער דיא אויפשריפט: "דיא דיענסטע וואָס דיא אידען האָבען געלייסטעט דיא האָלענדער, 44—1623" אין מר. סיימאָן וואָלף'ס ווערטהפאָלעס ווערק, "דער אַמעריקאַנישער איד אַלס פּאַטריאָט, סאָלדאַט און בירגער" זייטע 443 און ווייטער, אויך אין דעם אויפזאַץ איבער "דעם שאַדען וואָס שפּאַנישע אינטערעסען האָבען געליטען פון דיא אידען פון האָלאַנד" אין "פּאַבליקיישענס" באַנד 17.

גייסט פון האַנדעל, ניט נור אימפּאָרטירט דיא געווירצען פון דיא מזרח לענדער נאָך האָלאַנד, זאָנדערן האָבען עס אויך פאַנאַנדערגעשיקט דורך האָלענדישע סוחרים איבער אַלע לענדער פון אייראָפּאַ; אָבער דיא פּאָרטוגיעזען אין דער צייט ווען זיי האָבען געהאַט אַ מאָנאָפּאָל פלעגען זיך צופריעדען שטעלען מיט ברייגנען דיא וואארע נאָך ליסבאָן און ווארטען אַז פרעמדע נאַציאָנען זאָלען דאָרטען קומען עס קויפען. עס איז ניט שווער צו טרעפען ווער עס זיינען דאָס געוועזען דיא האָלענדישע סוחרים וועלכע האָבען פאַנאַנדערגעפיהרט דיא בשמים איבער גאַנץ אייראָפּאַ, ווען מען געדיינקט דיא רייכע מאַראַנאָס וועלכע האָבען עמיגרירט נאָך האָלאַנד און האָבען זיך ניט געטאָרט בעשעפטיגען מיט דעם איינצעל־האַנדעל אָדער מיט מעכאַנישע אַרבייט. האָלאַנד׳ס פּלאַן איז געוועזען זעהר קלאָר: דיא אידען, מייסטענס פון פּאָרטוגאַל, האָבען געקריעגען דיא ערלויבנים צו בענוצען זייער רייכטהום, זייערע געשעפטס־פעהיגקייטען און זייערע אויסלענדישע פערבינדונגען פאָרטצוזעצען און צו ענטוויקלען דעם האַנ־דעל וואָס האָט זיך געשלעפּט זעהר לאַנגזאַם אין דיא הענד פון דיא נאַציאָן וואָס האָט זיי פערטריעבען. דיא אידען זיינען געוועזען זעהר דאַנקבאַר פאַר דיא גע־לעגענהייט וואָס האָלאַנד האָט זיי געגעבען צו זיין ניצליך פאַר איהר און פאַר זיך אליין און דיא זעהר ווירקזאַמע רעזולטאַטען פון דיא פריינדשאַפט צווישען אידען און האָלענדער האָט זיך שנעל ארויסגעוויעזען אין דיא מלחמה צווישען דיא לעצטע און דיא פּאָרטוגיעזען איבער דעם בעזיץ פון בראַזיליען.

דיא האָלענדער האָבען אָנגעהויבען צו פערווירקליכען זייער פּלאַן איינ־צונעהמען בראַזיליען אין ערשטען פיערטעל פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, אין דער צייט ווען דיא גרויסע צאָהל מאַראַנאָס וועלכע האָבען דאָרטען געלעבט זיינען געוועזען אין טויט־שרעק איבער דיא בעריכטען אַז מען וועט דאָרטען איינ־פיהרען דיא אינקוויזיציאָן. מען האָט אָנגעהויבען וועגען דעם צו ריידען אזוי פריה וויא אין יאָהר 1610, ווען עס ווערט בעריכטעט אַז דיא דאָקטוירים אין באַהיאַ, וועלכע זיינען מייסטענס געוועזען ניי־קריסטען, פלעגען פערשרייבען פאַר דיא חולאים צו עסען שווייגען־פלייש, כדי אָראָפּצונעהמען פון זיך דעם פער־דאַכט אַז זיי זיינען נאָך אָנהייגער פון יודענטהום. פראַנציסקאָ ריביעראָ, אַ פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן, וואָס ווערט בעצייכענט אַלס איינער וועלכער האָט געהאַט פיעלע אידישע קרובים אין האָלאַנד, ווערט דערמאָנט אין פערבינדונג מיט איינעם פון דיא ערשטע פלענער איבערצוגעבען בראַזיליען אין דיא הענד פון דיא האָלענדער. אַרום דעם יאָהר 1618 האָט דיא אינקוויזיציאָן פון אָפּאָר־טאָ, פּאָרטוגאַל, אַרעסטירט אַלע קויפלייטע וואָס האָבען געשטאַמט פון אידען. פיעלע פון דיא אָפּפער האָבען געהאַט געשעפטען אין בראַזיליען, און דער גרויס־אינקוויזיטאָר האָט זיך געווענדעט צו דיא רעגיערונג זיא זאָל איהם העלפען ארויסקריעגען זייער אייגענטהום וואָס געפינט זיך אין דיא הענד פון זייערע

בראַזיליאַנער אַגענטען. אין איינקלאַנג מיט דיעזע פאָדערונג האָט אַ הויכער בעאַמטער אין בראַזיליען, דאָן לואיס דע סוזאַ, געקריעגען דעם אויפטראַג צו שיקען אהיים אַ ליסט פון אַלע נייַ־קריסטען אין בראַזיליען, מיט דיא פּינקט־ליכסטע אויסקונפט וואָס מען קען קריעגען וועגען זייער אייגענטהום און דיא פּלע־צער וואו זיי וואָהנען. עס איז העכסט וואהרשיינליך אַז נור דיא מלחמה מיט האָלאַנד האָט פערהינדערט אַז דיא געפירכטעטע אינקוויזיציאָן זאָל ניט איינ־געפיהרט ווערען אין בראַזיליען.

דיא האָלענדישע וועסט־אינדיע־קאָמפּאַניע, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אין 1622 מיט דעם צוועק צו העלפען דעם פּלאַן איינצונעהמען בראַזיליען, האָט געהאַט אַמסטערדאַמער אידען צווישען איהרע גרעסטע אַקציען־אייגענטהימער, און אייניגע פון זיי צווישען איהרע דירעקטאָרען. איינע פון דיא אַרגומענטען צו גונסטען פון אָרגאַניזירען דיעזע האַנדעלס־קערפּערשאַפט איז געוועזען "אַז דיא פּאָרטוגיעזען אַליין — מאַנכע צוליעב זייער האַס אויף שפּאַניען, אַנדערע ווייל זיי זיינען פערהייראַטהעט מיט נייַ־קריסטען און ציטערן פאַר דיא אינקוויזיציאָן — וועלען ענטוועדער העלפען דיא האָלענדער אָדער וועלען זיך נור זעהר שוואַך שטעלען דאַגעגען, און אַז אַלעס וואָס עס איז נייטיג איז זיי גוט צו בע־האַנדלען און זיי צו געבען געוויסענס־פרייהייט."

ווען דיא האָלענדישע פלאָטע איז געשיקט געוואָרען נאָך באַהיא האָט זיא געקריעגען אַלע נייטיגע אויסקונפט פון אידען. דיא שטאָדט איז גענומען געוואָרען אין 1624 און ווילעקען, דער האָלענדישער קאָמאַנדירער, האָט גלייך אַרויסגעלאָ־זען אַ פּראָקלאַמאַציאָן אין וועלכע ער האָט אָנגעבאָטען פרייהייט, פרייען בעזיץ פון אייגענטהום און רעליגיאָנס־פרייהייט צו אַלע וועלכע וועלען זיך אונטער־געבען. דאָס האָט אַריבערגעבראַכט אויף זיין זייט צוויי הונדערט אידען וועלכע האָבען אויך געמאַכט אַנשטריינגונגען אויסצופיהרען אַז אַנדערע זאָלען פאָלגען זייער ביישפּיעל. באַהיא איז צוריק ערָאָבערט געוואָרען פון דיא פּאָרטוגיעזען אין 1625, און חאָטש דער אָפּמאַך נאָך וועלכען מען האָט איהר איבערגעגעבען האָט בעשטימט אַז אַלע אַנדערע איינוואָהנער זאָלען בלייבען זיכער, זיינען דיא נייַ־קריסטען ניט בעשיצט געוואָרען און פינף פון זיי זיינען געטויטעט געוואָרען. עס שיינט אָבער אַז אַנדערע זיינען דאָרטען פערבליעבען אויף עטליכע יאָהר אונבעריהרט.

דיא האָלענדער האָבען זיך בעסער בעפעסטיגט אין דיא שטאָדט רעציפע אָדער פערנאַמבוקאָ, וועלכע זיי האָבען גענומען אין יאָהר 1631, און וואו עס האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָהל געהיימע אידען. דיא מייסטע אידען און נייַ־קריסטען פון באַהיא און אַנדערע בראַזיליאַנישע שטעדט האָבען זיך שנעל אַריבערגעצויגען אין יענע שטאָדט. דיא בעזיעגערס האָבען זיך אויך גע־ווענדעט נאָך האָלאַנד מען זאָל זיי צושיקען פון דער היים קאָלאָניסטען און

פערשיעדענע בעלי מלאכה, און פיעלע פארטוגעזישע אידען האבען זיך אפגע־רופען אויף דיעזע איינלאדונג. דער ענגלישער פאעט ראבערט סאוטהעי, אין זיין היסטאריע פון בראזיליען, שרייבט אז דיא אידען זיינען דארטען געווען אויסגעצייכענטע האלענדישע אונטערטהאנען. "פיעלע פארטוגעזישע בראזי־ליאנער האבען מיט פרייד ארונטערגעווארפען דיא מאסקע וואס זיי זיינען פאר א לאנגע צייט געווען געצוואונגען צו טראגען, און זיינען בייגעטרעטען זייערע בריעדער אין דיא אידישע שול. דיא אפענע שמחה מיט וועלכע זיי האבען געפייערט דיא רעליגיעזע צערעמאניע האט צוגעצויגען צו פיעל אויפמערק־זאמקייט. דאס האט געמאכט גרויס אויפרעגונג אונטער דיא קאטהאליקען, און דיא האלענדער אליין, וועלכע זיינען געווען וועניגער ליבעראל וויא זייערע אייגענע געזעץ, זיינען ארויס מיט דער טענה אז דיא האלענדישע טאלעראנץ איז ניט געמיינט פאר בראזיליען". דער רעזולטאט איז געווען א בעפעהל אז דיא אידען זאלען אפהיטען זייער רעליגיאן אביסעל מעהר פריוואט.

ווען וויערא האט אין 1645 געהעצט דיא פארטוגיעזען אז זיי זאלען צוריק צונעהמען בראזיליען, האט ער אנגעוויעזען שפעציעל אויף רעציפע, און אויפ־מערקזאם געמאכט אויף דעם פאקט "אז יענע שטאדט איז בעוואהנט הויפט־זעכליך פון אידען, פון וועלכע דיא מייסטע זיינען אנטלאפען פון פארטוגאל. זיי האבען דארטען זייערע אפענע סינאגאגען, פון וועלכע דאס קריסטענטהום ווערט סקאנדאליזירט. דיא פארטוגיעזען דארפען דעריבער ריזיקירען זייער לעבען און זייער אייגענטהום פאר דיא עהרע פון זייער גלויבען, צו מאכען אן ענדע צו אזא אבשייליכען צושטאנד". דיא פארטוגיעזען האבען דאן מיט א קורצע צייט צוריק אראפגעווארפען פון זיך דעם שפאנישען יאך און געוואונען זייער אונאבהענגיגקייט ביי זיך אין דער היים. איצטער האבען זיי זיך אפגע־רופען אויף דעם אויפרוף פון זייער פיהרער און האבען פערדאפעלט זייער אנשטריינגונג צוריק צו עראבערן זייער ריעזיגע קאלאניע אין זיד אמעריקא. אבער חאטש דיא געשיכטע פון דיא ערשטע ווירקליכע אידישע געמיינדע אין דיא נייע וועלט איז קורץ, וועניגער וויא צוואנציג יאהר, איז זיא דאך אזוי ברי־ליאנט אין זיך אליין און האט געפיהרט צו אזעלכע וויט־גרייכענדע רעזולטא־טען אין דיא בעזעצונג פון אידען אין אנדערע געגענדען פון אמעריקא, אז נאך א קאפיטעל מוז אפגעגעבען ווערען פאר איהר בעשרייבונג.

# קאַפּיטעל 6

## רעציפע: דיא ערשטע אידישע געמיינדע אין דיא נייע וועלט.

דער "קהל קודש" פון רעציפע אָדער פערנאַמבוקאָ אין בראַזיליען — מנשה בן ישראל'ס פּלענער זיך דאָרטען צו בעזעצען — גרויסע איינוואַנדערונג פון אַמסטערדאַם — יצחק אבוהב דאַ פאָנסעקאַ און זיינע חברים — דיא ערשטע רבנים און אידישע פערפאַסער אין דיא נייע וועלט — דיא בעלאַגערונג און דער פאַל — דיא צוריק־רייזע און דיא קערנער פון נייע קהלות אין פערשיעדענע טהיילען פון אַמעריקאַ.

חאָטש דיא ערשטע פרעהליכע דעמאָנסטראַציאָן פון אידישקייט אין רעציפע איז פערשטערט געוואָרען, פון דעסטוועגען האָט עס ניט אָפּגעהאַלטען דיא דאָר־טיגע אידען צו גרינדען דיא ערשטע ווירקליכע אידישע געמיינדע אין דיא נייע וועלט. דער האָלענדישער שטאַטהאַלטער פון בראַזיליען, יאָהאַן מאָרים פאָן נאַססאַו, איז געוועזען אַ גערעכטער און עהרענהאַפטער בעאַמטער, וועלכער האָט ערמוטהיגט דיא ענטוויקלונג פון דיא געמיינדע און איהר צו־וואַקס דורך איינ־וואַנדערונג. רעציפע האָט שנעל געהאַט טויזענדע אידען, וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ "קהל קודש" פון וועלכען דיא פאָרשטעהער זיינען געוועזען: דוד סעניאָר קאָראָנעל, אברהם דע מערקאַדאָ, יעקב מוקאַטע און יצחק קאַסט־הונהאָ. איינער פון דיא ערשטע וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט איז געוועזען אפרים סועיראָ, אַ שטיעף־ברודער אָדער שוואָגער פון דעם בעריהמטען רב פון אַמסטערדאַם, ר' מנשה בן ישראל (57—1604). דאָן פראַנציסקאָ פער־נאַנדעץ דע מאָראַ, וועלכער האָט געהאַט אַן אייניקעל אין אַמסטערדאַם האָט בעקליידעט וויכטיגע עמטער, און אַ צווייטער מיטגליעד פון דיא קהלה, גאַס־פּאַר דיאַץ פערענאַ, איז געהאַלטען געוואָרן פאַר איינעם פון דיא רייכסטע לייטע אין לאַנד. דר. קייזערלינג אין זיין אויפזאַץ איבער "דיא ערשטע רבנים און אידישע שריפטשטעלער אין אַמעריקאַ" ("פּאַבליקיישענס" דריטען באַנד, זייטע 13 און ווייטער) ציטירט פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון צוויי בעריהמטע קריסטליכע געלעהרטע, דעם אַלטען פאָסיוס און הוגאָ גראָציוס, אין וועלכע זיי שרייבען זיך וועגען דיא אַבזיכט פון זייער איידען'ס פריינד, מנשה בן ישראל, צו עמיג־רירען נאָך בראַזיליען צו פערבעסערען זיין מאַטעריעלע לאַגע וועלכע איז ניט

געוועזן גינסטיג אין אַמסטערדאַם, חאַטש ער האָט דאָרטען געהאַט אַ הויכע שטעלע אין דער קהלה. ער האָט געווידמעט דעם צווייטען טהייל פון זיין ווערק "קאָנסיליאַדאָר" צו דיא פּראָמינענטע אידען פון רעציפע, וואַהרשיינליך ווייל ער האָט זיך גערעכנט צו מאַכען דיא רייזע, וועלכע איז אָבער צום סוף ניט געמאַכט געוואָרן.

אָבער חאַטש דער מאַן וועלכער האָט שפּעטער אויסגעווירקט ביי אָליווער קראָמוועל מען זאָל אריינלאָזען אידען אין ענגלאַנד איז ניט געקומען נאָך בראַזיליען, זיינען דאָרטען געקומען אַנדערע אידישע געלעהרטע וועלכע האָבען פערגרעסערט דעם גלאַנץ פון דיא קהלה. אין 1642 זיינען זעקס הונדערט שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידען פון אַמסטערדאַם אַוועקגעפאָהרען נאָך בראַזיליען, בעגלייטעט פון צוויי בעקאַנטע געלעהרטע, ר' יצחק אבוהב דאַ פאָנסעקאַ (1605—93) און משה רפאל דע אַגילאַר (געש. 1679). ר' יצחק אבוהב (ער איז אַן אַנדערער וויא דער מחבר פון מנורת המאור וועלכער האָט געלעבט פיעל פריהער) איז געוואָרן דער חכם אָדער רב; דער ערשטער אין אַמעריקאַ. אַגילאַר, וועלכער איז אויך געוועזן אַ מדקדק, איז געוואָרען דער חזן. אַ געמיינדע איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרען אין טאַמאַריקאַ, וועלכע האָט געהאַט איהר אייגענעם חכם ר' יעקב לאַגאַרטאַ, דער ערשטער תלמודישער פּערפאַסער אין דיא נייע וועלט. אַ געוויסער ר' יעקב דע אַגילאַר איז אויך דערמאָנט אַלס אַ בראַזיליאַנער רב פון יענער צייט. אַ בעדייטענדע צאָהל אידען האָבען אויך געוואָהנט אין אַנדערע פּלעצער אין בראַזיליען, בעזאָנדערס אין איטאַמאַריקאַ, ריאָ דע זשאַניירא און פּאַראַהיבאַ. אָבער רעציפע איז געוועזן דער גרויסער מיטעל־פּונקט און איהר נאָמען איז שנעל פערשפּרייט געוואָרן אויך אין דיא אַלטע וועלט.*) דער היסטאָריקער נייהאָף שרייבט אַז דיא אידען האָבען דאָרטען געבויט שיינע הייזער, האָבען געפיהרט אַ גרויסען האַנדעל און האָבען געקויפט צוקער־מיהלען. איינינע יאָהר שפּעטער האָבען זיי געזאַמעלט גרויסע סומען געלד צו העלפען דיא האָלענדער צו פערטהיידיגען דעם האַפען.

אַזוי שנעל וויא דיא לעצטע און וויכטיגסטע אימיגראַנטען האָבען זיך דאָרטען אָנגעהויבען צו פיהלען עטוואָס היימיש, האָט זיך אָנגעפאַנגען, אין 1645, דיא בלוטיגע מלחמה צווישען דיא פּאָרטוגיעזען און האָלענדער איבער

*) אַ שאלה פון בראַזיליען (פון יאָהר 1636) ווען מען זאָל דאָרטען זאָגען משיב הרוח, ווייל דאָרטען איז זומער ווען אין איירא‌פּאַ איז ווינטער, און אַ לאַנגע תשובה אויף דעם, איז געדרוקט אין דעם דריטען טהייל פון דיא שאלות ותשובות פון ר' חיים שבתי פון סאַלאָניקי, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יענע שטאָדט אין 1721. עס ווערט ניט אַנגעגעבען פון וועלכע שטאָדט דיא פראַגע איז געקומען, אָבער העכסט וואַהרשיינליך האָט מען עס געפרעגט פון **רעציפע.**

דעם בעזיץ פון דיא קאָלאָניע. א פערשווערונג פון איינגעבאָרענע פּאָרטוגיעזען אויסצומאָרדען אַלע האָלענדישע בעאַמטע אויף א באַנקעט אין דיא הויפּט־שטאָדט, איז אויפגעדעקט געוואָרן פון א אידען, און דיא מעגליכקייט פון א פלוצלונגע ענדע פון דיא האָלענדישע הערשאַפט איז דערמיט בעזייטיגט גע־וואָרן. דיא אָפענע מלחמה איז אויסגעבראָכען אין 1646 און רעציפע האָט געמוזט אויסשטעהן א לאַנגע און קאָסטבאַרע בעלאַגערונג. אידען און האָלענדער האָבען זיך געפליסט צו איבערטרעפען איינער דעם אַנדערען אין ליידען און אין אַרויסווייזען העלדענמוטה ביי דיא פערטהיידיגונג פון דער שטאָדט. עס איז דאָ א בעריכט אַז דיא מאַראַנאָס פון פּאָרטוגאַל האָבען בענוצט זייער איינפלוס אויפמערקזאַם צו מאַכען דיא רעגיערונג פון האָלאַנד אויף דיא ערנסטע לאַגע אין בראַזיליען. אָבער דיא וועסט־אינדיא־קאָמפּאַני איז אָרעם געוואָרן דורך דעם בעזיץ פון בראַזיליען, און אַזוי וויא דיא היימישע רעגירונג האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט איהר קומען צו הילפע, האָט דער העלדען־מוטה און דיא אויפאָפּפערונג פון דיא אידען און דיא האָלענדער נור בייגעטראָגען צו דיא פערלייינגערונג פון דיא מלחמה. עס איז אויך וואהרשיינליך אַז דאָס האָט גענוצט צו בעפעסטיגען דיא פריינדשאַפט צווישען דיא פערטהיידיגער וועלכע האָבען שפּעטער געלעבט צוזאַמען לייגגערע צייטען אין אַנדערע גע־גענדען פון אַמעריקאַ.

ר׳ יצחק אבוהב האָט פערשריעבען דיא וואונדער און דיא צרות פון יענע מלחמה אין אַנהויב פון זיין לשון קודש׳דיגע איבערזעצונג פון אברהם הירירא׳ס ״שער השמים״. ער האָט אויך איבערגעלאָזען א פּאָעטישע בעשרייבונג פון דיא בעלאַגערונג אין זיין ווערק וועלכעס הייסט: ״זכר רב, תפלות ודויים ותחנות אשר חיבר לקרוא לה׳ בעת צרתו וצרת קהלתו בבוא עליהם גדודי פורטוגאל בהיותו בבראַזיליא שנת הת״ו וזכר עשה לנפלאות ה׳ בשירים ותשבחות בהצילו אותם מכף כל אויביהם״. ער האָט געהייסען פאַסטען און טהאָן תפלה, אין דער צייט ווען רייכע אידען וויא אברהם כהן האָבען געגעבען מאַטעריעלע הילפע. ״פיעלע אידען זיינען געטויטעט געוואָרן פון פיינד, פיעלע זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער; דיא איבריגע זיינען געוועזען נאָהענט צום טויט דורך פערשיעדענע אור־זאַכען. דיא וואָס זיינען געוועזען געוואָהנט צו דיא טהייערסטע שפּייז האָבען זיך געשעצט גליקליך ווען זיי האָבען געקענט שטילען זייער הונגער מיט טרו־קענע ברויט. שפּעטער האָט מען דיעזעס אויך ניט מעהר געקענט קריגען; אַלעס האָט געפעהלט און מען איז געבליעבען לעבען נור אַזוי וויא על פי נס״.

עס האָבען ניט געפעהלט ביישפּיעלען פון איינצעלנע אידען וועלכע האָבען בעוויעזען גבורות אין דיא פערטהיידיגונג. איינער פון דיא בעריהמטע פאַ־מיליע פינטאָ ווערט דערמאָנט אַז ער האָט אַליין פערטהיידיגט א בעפעסטיגטען פּלאַץ ווען אַלע האָבען איהם אויפגעגעבען. אָבער צום סוף האָט ער זיך געמוזט

אונטערגעבען צו דיא גרעסערע מאכט געגען וועלכע עס איז געוועזן אונמעגליך צו געווינען אהן פערשטערקונגען פון דער היים.

דעם 23טען יאנואר 1654 איז רעציפע צוזאמען מיט דיא ארומיגע שטעדט מאריצשטאדט, פאראהיבא, איטאמאריקא, סעארא און אנדערע האלענדישע בע־זיצונגען איבערגעגעבען געווארן צו דיא פארטוגעזישע זיעגער, מיט דעם בעדינג אז אן אלגעמיינע אמנעסטיע זאל געגעבען ווערען צו דיא בעזיעגטע. מען האט צוגעזאגט אז מען וועט דיא אידען, אלס טרייע העלפער פון דיא האלענדער, נישט טהאן קיין אונרעכט. דאך האט דער נייער פארטוגעזישער גאווערנאר געגעבען א בעפעהל אז זיי מוזען גלייך פערלאזען בראזיליען. מען האט געגעבען דיא אידען זעכצעהן שיפען אוועקצופיהרען זיי און זייער אייגענטהום וואוהין זיי ווילען געהן, און מען האט זיי אויך געגעבען פאספארטען און פערזיכערונג אז קיינער זאל זיי ניט בעלעסטיגען.

אבוהב, אגילאר, דיא פאמיליע נאסי (נשיא), דיא פעריירעס, דיא מעזאס, אברהם דע קאסטרא און יהושע צרפתי, וועלכע האבען ביידע געהאט דעם צונא־מען "על בראזיל" און פיעלע אנדערע זיינען אוועק צוריק נאך אמסטערדאם. יעקב דע וועלאזינא (געב. אין פערנאמבוקא, 1639; געש. אין האלאנד, 1712) דער ערשטער העברעאישער פערפאסער וועלכער איז געבארען געווארן אין אמעריקא, האט זיך בעזעצט אין האאג. אנדערע זיינען אוועק אין סורינאם, קאיענע און קוראסאא, און עס ווערט אויך אנגענומען אז דיא ערשטע אידען וועלכע זיינען יענעם יאהר אנגעקומען אין ניי־אמסטערדאם (דיא צוקינפטיגע ניו יארק) זיינען געקומען דירעקט — אדער מינדעסטענס אינדירעקט — פון פערנאמבוקא. דיא קהלה פון רעציפע האט דערמיט דורך איהר אויפלעזונג פאנאנדערגעשפרייט דיא קערנער פון וועלכע עס זיינען אויסגעוואקסען איי־ניגע פון דיא עלטעסטע און וויכטיגסטע אידישע געמיינדען אין דיא נייע וועלט.

# קאַפּיטעל 7

## דיא אידען אין סורינאַם אָדער דיא האָלענדישע גיאַנאַ.

דיא אידען אין בראַזיליען נאָכדעם וויא דיא האָלענדער זיינען אַרויסגעטריעבען געוואָרען — דיא קהלה פון פּאַראַמאַרייבאַ, סורינאַם, איז געגרינדעט געוואָרען ווען רעציפע האָט נאָך געבליהט — דיא ערשטע בעריהרונג מיט דיא ענגלענדער — דוד נשיא און דיא קאָלאָניע פון קאַיענע — דיא פּריווילעגיען וואָס זיינען געגעבען געוואָרען פון לאָרד ווילאָובי — "דע יאָאָדען סאַוואַנע" — שוויריגקייטען מיט דיא שקלאַפען און מיט דיא בוש־ניגערס — פּלאַנטאַציעס מיט העברעאישע נעמען — דייטשע אידען — געזעצליכער שטאַנד און פערטרייבונגען — אידישעס טהעאַטער — ליטעראַטור און געשיכטע.

דיא געשיכטע פון אידען אין בראַזיליען ענדיגט זיך מיט דעם סוף פון דיא האָלענדישע הערשאַפט, און עס איז דאָ אַן אונטערברעכונג אָדער הפסק וואָס ציהט זיך ביז דיא נייע אידישע קאָלאָניזאַציאָן צום אָנפאַנג פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. עס האָט אין אָנפאַנג פון דיעזער צייט נאָך דיא פערטרייבונג פון בראַזיליען ניט געפעהלט דיא געוועהנליכע נאָכוועהענים פון דיא אנוסים, און עס האָבען זיך וויעדערהוילט דיא זעלבע פּאַסירונגען פון דיא פּאָר־טוגעזישע הערשאַפט איידער דיא האָלענדער זיינען דאָרטען געקומען. מאַנכע ניי־קריסטען זיינען געבליעבען וואָהנען אין בראַזיליען נאָכדעם וויא דאָס לאַנד האָט זיך אונטערגעגעבען צו פּאָרטוגאַל אין 1654. זייער צאָהל איז געוואָרען פיעל גרעסער צום ענדע פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען פּאָרטוגאַל האָט וויעדער אָנגעהויבען צו פערשיקען נאָך בראַזיליען דיא מאַראַנאָס אָדער אַנוסים וועלכע זיינען געצוואונגען געוואָרען פון דיא אינקוויזיציאָן זיך צו ערקלערען עפענטליך אַלס טרייע אַנהיינגער פון קירכע. דיעזע פערשיקונגען האָבען אָנגעהאַלטען פון 1682 ביז 1707 און דיא געוועזענע אידען זיינען דאָרטען פריהער אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ בעזונדערע קלאַס. מען האָט זיי שטאַרק געהיט, און פיעלע פון זיי זיינען פון צייט צו צייט צוריקגעשיקט געוואָרען נאָך ליסבאָן צו ווערען פּראָ־צעסירט אין אינקוויזיציאָנס־געריכט. פיעלע אידען פון ריאָ זיינען פערברענט געוואָרען ביי אַן אויטאָ דאַ פע אין ליסבאָן אין 1723. מאַנכע פון דיא מאַרטירער זיינען געווען בעריהמטע לייטע, דער פּראָמינענטסטער אונטער זיי איז געווען

דער בעוואוסטער פּאָרטוגעזישער פּאָעט און דראַמאַטיסט אַנטאָניאָ יאָסע דאַ סילוואַ, אַ געבאָרענער פון ריאָ דע זשאַניירא, וועלכער איז פערברענט געוואָרען אַלס איד אין ליסבאָן אין 1739. אַ בעריכט פון יאָהר 1734 ווייזט אַז אידען האָבען דאַן געהאַט גענוג איינפלוס צו קאָנטראָלירען דעם פּרייז פון דיאַמאַנטען אין בראַזיליען.

עס פלעגט אַזוי אָפט פּאַרקומען אין מיטען פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט אַז מען פלעגט טראַנספּאָרטירען נאָך ליסבאָן לייטע וועלכע זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען אַלס געהיימע אידען, אַז דיא געשעפטליכע לאַגע איז געוואָרען זעהר שלעכט און פיעל צוקער-מיהלען אין ריאָ זיינען צוליעב דעם אָפּגעשטעלט געוואָרען. דער איינפלוסרייכער מארקיז דע פּאָמבאַל, דער גרויסער פּאָרטוגעזישער שטאַאַטסמאַן פון יענער צייט, וועלכער האָט געוואַגט צו פערטרייבען דיא יעזויטען פון זיין פּאָטערלאַנד, האָט פון דעסטוועגען ניט געקענט פּועל'ן ביי זיך ארויסצוטרעטען צו גונסטען פון אידען. אָבער ער האָט אויסגעפיהרט אַז עס זאָל אָנגענומען ווערען אַ געזעץ אונטער וועלכע עס איז געווען אַ פערברעכען פּאָרצו־ווארפען איינעם אַז ער שטאַמט פון אידען, און ער האָט אָפּגעשאַפט אַלע אויסנאַהמען געגען דיא וואָס שטאַמען פון אידען, אפילו געגען אַזעלכע וואָס שטאַמען פון לייטע וועלכע האָבען געליטען פון דיא אינקוויזיציאָן. ער האָט פערבאָטען עפענטליכע פערברענונגען אָדער אויטאָס דאַ פע, און האָט צוגענומען ביי דיא בעאַמטע אַלע ליסטס מיט פערצייכנונגען פון פאַמיליעס וואָס שטאַמען פון אידען. ער האָט דערמיט צוגענומען ביי דיא אינקוויזיציאָן איהרע וויכטיגסטע מיטלען וועלכע זיא פלעגט בענוצען צו ברייננען קלאַגען געגען איהרע אָפּפער. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז מען האָט דיא מאַראַנאָס אין גאַנצען געלאָזען צו־רוה, און זיי זיינען מיט דער צייט פערמישט געוואָרען מיט דיא קאַטהויילישע בעפעלקערונג פון בראַזיליען.

דיא אידישע געמיינדע וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין סורינאַם אָדער דיא האָלענדישע („דאָטש״) גיאַנאַ, ביי בראַזיליען, אין דיא צייטען ווען רעציפע איז נאָך געווען אין אַ בליהענדען צושטאַנד, און וועלכע איז געוואָרען פיעל גרעסער ווען יענע קהלה איז אונטערגעגאַנגען, איז אָנגעהאַלטען געוואָרען כמעט אָהן אונטערברעכונג ביז היינטיגען טאָג. וויא עס איז בעוויעזען געוואָרען פון דיא לעצטע אויספאָרשונגען אין דיא אַרכיוועז פון דיא האָלענדיש־פּאָרטוגעזישע אידען, האָבען שוין אידען געוואָהנט אין סורינאַם אין יאָהר 1639.*) אַזוי

*) פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל האָט פערפערטיגט אַ כראָנאָלאָגיע פון דיא אידען פון סורינאַם וועלכע איז אָפּגעדרוקט אין פיערטען באַנד פון דיא „פּאָבליקיישענס.״ ראַבי פּ. א. הילפּמאַן פון פּאַראַמאַריבאָ האָט געמאַכט ערגענצונגען צו דיעזע כראָנאָלאָגיע אין אָנפאַנג פון 16טען באַנד פון דיא זעלבע אויסגאַבען. עס געפינט זיך אויך אין 13טען באַנד, אָנפאַנגענדיג מיט זייטע 126 אַן אויפזאַץ פון רעוו. י. ס. ראָאָס איבער דיא האָלענדישע קהלה אין פּאַראַמאַריבאָ.

ווייט וויא עס איז בעקאַנט געוואָרן האָט דיא ערשטע אידישע חתונה, פון דעם חכם יצחק מהטוב און יהודית מהטוב, דאָרטען שטאַטגעפונדען אין 1643. דיא כתובה פון יענע חתונה איז געפונען געוואָרן, און מען זעהט דערפון אַז סורינאַם, אָדער ריכטיגער דיא שטאָדט פּאַראַמאַרייבאָ, האָט שוין אין יענעם יאָהר געהאַט געגוג אידען זיי זאָלען דאַרפען האָבען אַ חכם אָדער רב.

גיאַנאַ איז דאַן בעטראַכטעט געוואָרן אַלס ענגלישעס אייגענטהום, חאָטש דיא האָלענדער האָבען בעהויפּטעט אַז זיא געהערט צו זיי. דאָרטען זיינען דיא אידען צום ערשטען מאָל אין דיא נייע וועלט געקומען אין בעריהרונג מיט דיא ענגלענדער, אַ היבשע צייט איידער זיי האָבען אָנגעהויבען צו וואָהנען צו־זאַמען אין נאָרד אַמעריקאַ. און אָבגלייך עס איז דאַן געוועזען אַנערקענט אַז פון אַלע אייראָפּייאישע נאַציאָנען זיינען דיא האָלענדער געווען דיא פריינדליכסטע צו אידען, האָבען פיעלע פון דיא לעצטע וועלכע האָבען געהאַט ערפאַהרונגען מיטביידע נאַציאָנאַליטעטען אין יענעם טהייל וועלט, שנעל ענטשידען אַז זיי זיינען מעהר צופריעדען צו האָבען צו טהאָן מיט דיא ענגלענדער. לאָרד ווילאָובביי, וועלכער איז אָנגעקומען צום צווייטען מאָל אין סורינאַם אין 1652, האָט מיטגע־בראַכט מיט איהם אייניגע אידישע פאַמיליען, און דיא קהלה האָט דערמיט געהאַלטען אין וואַקסען אפילו איידער עס זיינען נאָך אָנגעקומען דיא פּערטרי־בענע פון בראַזיליען צוויי יאָהר שפּעטער.

דעם 12טען סעפּטעמבער 1659 האָבען דיא אידען געקריגען דיא ערלויב־ניס צו גרינדען אונטער דיא פיהרערשאַפט פון דוד נשיא אַ קאָלאָניע אויף דיא אינזעל קאַיענע, אין דיא פראַנצויזישע גיאַנאַ. אין דיא אַכצעהן אַרטיקלען פון דעם דאָקומענט אין וועלכען דיעזע ערלויבניס איז אָפיציעל געגעבען גע־וואָרן, איז בעשטימט אַז יעדעס שטיק לאַנד וואָס זיי וועלען האָבען אין זייער בעזיץ פיער יאָהר ווערט זייער אַבסאָלוטעס אייגענטהום, און עס איז זיי אויך ערלויבט געוואָרן צו לעבען אונטער זייערע אייגענע אידישע געזעצע און מנהגים. דיא קאָלאָניע איז געוואָרן נאָך גרעסער אין יאָהר 1660, ווען עס זיינען אַהין אָנגעקומען הונדערט־צוויי־און־פופציג אידען פון ליוואָרנאָ, איטאַליען. אָבער דיא פיער יאָהר זיינען קוים געווען אַריבער ווען דיא פראַנצויזען האָבען צוגע־נומען קאַיענע אין 1664, און אַלע אידען פון דאָרטען זיינען אַוועק נאָך סורינאַם אונטער דעם זעלבען פיהרער וועלכער האָט זיי געבראַכט נאָך קאַיענע. דיא פראַנצויזען פון יענע צייטען האָבען ניט ערלויבט אידען צו וואָהנען אין זייערע קאָלאָניעס. עס האָבען נאָך געמוזט אַוועקגעהן איבער הונדערט יאָהר ביז פראַנק־רייך, וועלכע איז כמעט וויא אין גאַנצען איבערגעקעהרט געוואָרן פון דיא גרויסע רעוואָלוציאָן וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין 1789, איז געוואָרן דיא ערשטע פון דיא מאָדערנע אייראָפּייאישע נאַציאָנען צו געבען איהרע אידען

פולע בירגער־רעכט וועלכעס מיינט אבסאָלוטע גלייכהייט מיט אַלע איינוואָהנער פון לאַנד.

ווען דיא פּאָרטוגעזישע אידען זיינען נאָך געווען אין קאַיענע האָבען זיי געקריעגען פון לאָרד ווילאָוביי אין 1662 דיא זעלבע פּריווילעגיען אין סורינאַם וויא דיא ענגלישע קאָלאָניסטען. א יאָהר נאָך זייער צוריקקומען, דעם 17טען אויגוסט 1665, זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען פון גאָווערנאָר, שטאַאטראַטה און אַסעמבלי פון סורינאַם דיא בעריהמטע פּריווילעגיען פאַר אידען מיט דיא פאָלגענדע איינליטונג:

"אזוי וויא עס איז א גוטע און פערנינפטיגע פּאָליטיק צו ערמוטהיגען אַזוי ווייט וויא מעגליך אַלעס וואָס קען העלפען צו פערגרעסערען א נייע קאָלאָניע, און איינצולאַדען פּערזאָנען פון אירגענד וועלכע לענדער אָדער רעליגיאָנען דאָ צו וואָהנען און צו האַנדלען מיט אונז, און אַזוי וויא מיר האָבען אויסגעפונען אַז דיא מיטגליעדער פון דיא אידישע נאַציאָן וועלכע וואָהנען שוין דאָ האָבען מיט זייער פּערזענליכקייט און מיט זייער אייגענטהום זיך געוויעזען ניצליך און פאָרטהיילהאַפט פאַר דיא קאָלאָניע; און אַזוי וויא מיר ווילען זיי ערמוטהיגען אַז זיי זאָלען דאָ ווייטער וואָהנען און האַנדלען, האָבען מיר מיט דיא אויטהאָריטעט פון גאָווערנאָר, זיין ראַטה און אַסעמבלי, אָנגענומען פאָלגענדען אַקט".

דער אַקט אַליין וועלכער איז צו לאַנג דאָ איבערגעגעבען צו ווערען (ער איז אָפּגעדרוקט דריי מאָל אין דיא "פּאָבליקיישענס", אין דריטען, אין נײנטען און אין זעכצעהנטען באַנד) איז זעהר גינסטיג פאַר דיא אידען. דיא בריטישע רעגירונג פון סורינאַם האָט דערמיט בעשטעטיגט אַלע פריהעריגע אידישע פּריווילעגיען, האָט זיי גאַראַנטירט פולע רעליגיאָנס־פרייהייט און האָט בעשטימט אַז מען קען א אידען ניט רופען אין געריכט שבת אָדער יום טוב. זיי זיינען פאַר יענע טעג אויך בעפרייט געוואָרען פון אַלע עפענטליכע פליכטען, סיידען אין דרינגענדע פעלע. משפטים וועגען געלד־זאַכען ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען א קלענערע סומע וויא דער ווערטה פון צעהן טויזענד פונט צוקער, האָבען געדאַרפט ענטשידען ווערען פון דיא אידישע פאָרשטעהער אָדער דיינים און דיא מאַגיסטראַטען פון קאָלאָניע זיינען געוואָרן פערפליכטעט דורכצופיהרען דיעזע ענטשיידונגען. אידען האָבען אויך געמעגט אָפּזאָגען זייער פערמעגען נאָך זייערע אייגענע געזעץ פון ירושות. זיי האָבען געקריעגען צעהן אַקער לאַנד וואו אויפצובויען א שול און אַנדערע געביידען וואָס דיא געמיינדע דאַרף האָבען; און כדי צו־צוציהען אַנדערע אידען זיך דאָרטען צו בעזעצען איז בעשטימט געוואָרן אַז אַלע וועלכע קומען אַהין פאַר דיעזען צוועק זאָלען בעטראַכטעט ווערען אַלס געבאָרענע בריטישע אונטערטהאַנען, און אַלעס וואָס איז פון זיי פערלאַנגט געוואָרן איז דאָס זיי זאָלען דערפאַר אָפּהיטען דיא בעפעהלען

פון דעם קעניג פון ענגלאַנד וועלכע קומען ניט אין צוזאַמענשטויס מיט זייערע פּריווילעגיען.

פאַר פּאָרטוגעזישע אידען פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, דאָס הייסט פאַר זעהר קאָנסערוואַטיווע אידען וועמען'ס קרובים מען האָט דאַמאָלס געפּייניגט און פערברענט לעבעדיגערהייד פאַר טרייהייט צו זייער רעליגיאָן, זיינען אַזעלכע פּריווילעגיען וואהרשיינליך געווען פיעל מעהר אַנגענעהם וויא פולע בירגער־רעכטע וואָלטען געווען. עס איז אין יענע צייטען ניט געווען פוןביידע זייטען קיין פאָדערונג אָדער אָנשטרענגונג פאַר אַסימילאַציאָן, און עס איז ניט נייטיג געווען אַ בעזונדערע בעוועגונג צו בעהויפּטען אָדער בעשטעטיגען וואָס אַלע האָבען דאַן איינגעזעהן, אַז אידען זיינען אַ נאַציאָן פאַר זיך אַליין. קיינער האָט גאָר ניט געדיינקט אַנדערש ביז דיא פילאָזאָפען פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען אריינגעבראַכט אין דיא געדאַנקען פון דיא ציוויליזירטע נאַציאָנען דיא אידעען פון דעם מאָדערנעם אַסימילאַטאָר. דיא אָפענע אייגענניציגקייט פון דיא איינלייטונג צו דיא פּריווילעגיען איז דעריבער געווען אַ בעסערע גאַראַנטיע פון אויפריכטיגקייט און מעהר איבערצייגענד וויא פראַזען וועגען מענשליכקייט אָדער געבאָרענע רעכטע האָבען געקענט זיין אין יענע אינטאָלעראַנטע צייטען. דיא ענגלענדער זיינען דערמיט געווען וועניגער סענטימענטאַל און מעהר געשעפטס־מעסיג אין זייערע האנדלונגען מיט אידען וויא דיא האָלענדער, און זיינען וואהרשיינליך צוליעב דעם מעהר געטרויט געוואָרען. ווען סורינאַם איז געוואָרען אַ האָלענדישע פּראָווינץ דעם 13טען יולי 1667, האָבען אידען דאָרטען געקריגען פולע בירגער־רעכט. דאָך זיינען פיעלע פון זיי אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט דיא ענגלענדער און זיינען אַוועק נאָך דשאַמייקאַ. אַ ווייטערע ערקלערונג פון דיא היימישע רעגירונג אין האָלאַנד צו דיא אידען פון סורינאַם צוויי יאָהר שפּעטער אַז מען וועט זיי געבען פולע רעליגיאָנס־פרייהייט, קען דיענען אַלס אַ בעווייז אַז עס האָבען דאָרטען געמוזט פאָרקומען פעלע ווען דיעזע פרייהייט איז אָנגעגריפען געוואָרען אָדער אַז מען האָט מורא געהאַט אַז דאָס קען פּאַסירען. אַפילו אויב עס זאָל זיין אַ געוויסע מאָס איבערטרייבונג אין דיא "דאָקומענטען וועגען דעם פּלאַן פון אידען צו פערלאָזען סורינאַם אין 1675" (אַרויסגעגעבען פון דר. דזש. ה. האָללאַנדער, אין "פּאָבליקיישענס" באַנד זעקס, זייטען 29—9), אין וועלכע עס ווערט בעשריעבען אַ פערזוך פון דיא אידען אַוועקצוגעהן פון סורינאַם נאָך געגענדען וואָס ליעגען אונטער ענגלאַנד, קען עס דאָך ניט זיין אין גאַנצען אויסגעטראַכט. עס איז דערמיט קלאָר בעוויזען אַז אידען האָבען זיך געפיהלט מעהר גענייגט צו דער זייט פון ענגלאַנד, און עס איז אויך בעוויזען וויא ניצליך זיי זיינען געווען פאַר נייע קאָלאָניעס.

דיא אידען פון סורינאַם האָבען זיך דאַמאָלס מייסטענס בעשעפטיגט מיט

ערד־ארבייט, דיא רייכערע פון זיי זיינען געווען אייגענטהימער פון פלאנטאַ־ציעס און שקלאַפען־האַלטער. דיא וויכטיגסטע לייטע פון דיא געמיינדע זיינען געווען דוד נשיא, יצחק פעריירא, יצחק אריעס, העגריקעס דע קאַסעראַס, רפאל אבוהב, שמואל נשיא, יצחק ר. דע פאַרדאַ, אהרן דע סילוואַ, אלאוס דע פאַנסעקאַ, יצחק מערא, דניאל מעזיא, יעקב נונעץ, ישראל כלבי סיד, יצחק דאַ קאַסטאַ, יצחק דראַגאַ און בענטאַ דאַ קאַסטאַ. דיא ערשטע שול איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1672 אויף א הויכען פלאץ וואס האָט געהערט צו דיא אידען דאַ קאַסטאַ און סאַליס. עס געפינען זיך נאָך אין יענעם געגענד מצבות מיט העברעאישע אויפשריפטען וואס עס איז ניט מעהר מעגליך איבערצולעזען. מיר הערען פון יענער צייט פון א געוויסען רבי יצחק ניעטאַ וועלכער איז בערופען געוואָרן פון ענגלאַנד אלס רב פון דיא קהלה פון פאַראַמאַרייבאַ (1674 אָדער 1680) און שפּעטער געפינען מיר פערצייכענט דעם נאָמען פון אַן אנדער רב, ר' דוד פאַרדאַ, וועלכער איז אויך געקומען פון לאָנדאָן און איז געשטאָרבען אין 1713 (אָדער 1717). דער לעצטער האָט נאָך לעבענדיג אין אייראָפּאַ פערפאַסט דעם ספר „שלחן טהור", אויסציגע פון שלחן ערוך, און ער ווערט בעטראַכטעט אלס דער בעריהמטעסטער רב פון סורינאַם.

דער אויבען־דערמאָהנטער שמואל נשיא וועלכער איז בעצייכענט געוואָרן אלס „קאַפּיטעין" אָדער מיליטערישער בעאַמטער און אלס דער רייכסטער פּלאַנ־טאַציען־בעזיצער אין סורינאַם, האָט אין 1682 געשאַנקען דיא אידען אַן אינזעל אויף דעם טייך סורינאַם, זיעבציג מייל פון ים, וואו דיא מייסטע פון זיי האָבען זיך בעזעצט. דער פּלאַץ איז זייט דאַמאַלס גערופען געוואָרן „דע יאָאָדען סאַ־וואַנע" (דיא סאַוואַנאַ פון דיא אידען: סאַוואַנאַ האָט אַמאָל געמיינט א פלאץ וואו עס זיינען ניטאָ קיין בוימער), און איז געווען דער הויפּט־פּלאַץ וואו דיא אידען פון סורינאַם האָבען געוואָהנט. דאָרטען האָט דיא געמיינדע ברכה ושלום אויפגעבויט איהר פּרעכטיגע שול אין 1685. מיט הונדערט יאָהר שפּעטער האָט דיא דאָרטיגע געמיינדע געפייערט דעם טאָג ווען עס איז געוואָרן הונדערט יאָהר זייט מען האָט מחנך געווען יענע שול, מיטוואָך, ד' חשון תקמ"ה (12טען אָק־טאָבער 1785). א בעשרייבונג פון דיעזען יום טוב איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דעם פאָלגענדען יאָהר אין אַמסטערדאַם, אין לשון קודש און אין האָלענדיש. (זעה ראָעסט'ס קאַטאַלאָג פון דיא ראָזענטהאַל'שע ביבליאָטהעק, ערשטען טהייל זייטע 738).

ווען א פראַנצויזישער סקאַדראָן האָט אָנגעגריפען סורינאַם אין 1689 האָבען דיא אידען אונטער דיא פיהרערשאַפט פון שמואל נשיא מיטגעהאָלפען זיי אָפּ־צוטרייבען. עהנליכע גוטע ארבייט איז פון זיי געלייסטעט געוואָרן אין יאָהר 1712 דיעזעס מאָל אונטער קאַפּיטעין יצחק פינטאָ, געגען אַן אנדער פראַנצוי־זישען אַנגריף אונטער קאַסאַר. דיא פראַנצויזען האָבען וויעדער געהאַט יענעם

יאָהר דיא געלעגענהייט צו ווייזען זייער שנאה צו אידען ווען זיי האָבען איינ־
גענומען דיא אידישע סאַוואַנאַ און האָבען מחלל געווען דיא שול דערמיט וואָס זיי
האָבען געקוילעט אַ דבר אחר אויף'ן תיבה אָדער עמוד. פון אַנדערען זייט האָ־
בען דיא אידען ניט אימער געקריעגען דיא בעשיצונג צו וועלכע זיי זיינען גע־
ווען בערעכטיגט. ווען דיא שקלאַפען אויף דיא פּלאַנטאַציע פון מ. מאַכאַדאָ האָ־
בען רעוואָלטירט און האָבען ערמאָרדעט זייער בעל הבית אין 1690, האָט גאָ־
ווערנאָר וואַן שערפּענהויצען זיך ענטזאָגט צו העלפען דיא אידען. אין אַ שפּע־
טערע פּעריאָדע (אין 1718) ווען עס זיינען פאָרגעקומען שווירינקייטען מיט
דיא בוש־ניגערס (אַנטלאָפענע שקלאַפען און זייערע קינדער וועלכע האָבען גע־
לעבט אין דיא וועלדער אין כמעט אַ ווילדען צושטאַנד), וועלכע האָבען צושטערט
דיא פּלאַנטאַציע פון דוד נשיא, האָבען דיא אידען אליין, אונטער דיא פיהרער־
שאַפט פון קאַפּיטעין יעקב ד'אַגילאַר, זיי בעשטראָפט. דוד נשיא (1743—1672)
האָט אליין אונטער איהם געדיענט מיט אויסצייכנונג, און זיין גבורה איז
בעזונגען געוואָרן פון דיא אידיש־שפּאַנישע דיכטעריו בענווענידע בעלמאָנטע.
מיר געפינען אויך שפּורען פון גזועצליכע בעשריינקונגען אין אַזעלכע ביישפּיעלע
וויא דעם געזעץ פון 1703 נאָך וועלכען אַלע אידישע חתונות וואָס זיינען פאָר־
געקומען אין סורינאַם ביז דאַן זיינען בעשטעטיגט געוואָרן, אָבער פון דאַן
און ווייטער האָבען זיי געמוזט געמאַכט ווערען אונטער דיא האָלענדישע היי־
ראַטהס־געזעץ פון יאָהר 1580. עס זיינען אויך איינגעפיהרט געוואָרן געזעץ
וואָס האָבען געצוואונגען דיא אידען צו שליסען זייערע געשעפטען אום זאָנטאַג,
נור שפּעטער איז עס אָפּגעשאַפט געוואָרן.

אַ ליסט פון דיא נעמען פון פינף־און־זעכציג פּלאַנטאַציעס וועלכע האָבען
געהערט צו דיא אידען אין יענער צייט, מיט דיא נעמען פון דיא אייגענטהימער,
איז אָפּגעדרוקט אין ניינטען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" (זייטע 129 און
ווייטער). מאַנכע פון דיא פּלאַנטאַציעס האָבען געהאַט לשון קודש'דישע נעמען
וויא כרמל, חברון, סכות און באר שבע. דיא צאָהל אידען אין סורינאַם איז דאַ־
מאָלס (אונגעפעהר אין 1694) געווען 560, און זיי זיינען בעשטאַנען פון צוויי־און־
ניינציג האָלענדישע אָדער פּאָרטוגעזישע פאַמיליען, פופציג אונפערהייראַטהעטע
פּערזאָנען און צעהן אָדער צוועלף דייטשע פאַמיליען. זיי האָבען געהאַט אַן
ערך פון ניין טויזענד שקלאַפען.

עס זיינען אַביסעל שפּעטער פאָרגעקומען שווירינקייטען צווישען דיא אידען
וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט צום ערשטען און די דייטשע אידען וואָס זיי־
נען געקומען שפּעטער, און די לעצטע האָבען אין יאָהר 1734 געבעטען דיא ערלויב־
ניס זיך צו אָרגאַניזירען אין אַ בעזונדערע קהלה. מען האָט ערפילט זייער וואונש
אָבער מיט דיא בעשריינקונגען אַז זיי זאָלען ניט האָבען קיין אייגענטהום אין
דיא אידישע סאַוואַנאַ און זאָלען אויך ניט האָבען קיין בעזונדערע דיינים אָדער

אייגענע געריכטסבארקייט. דער אקט פון דיא אפטהיילונג פון די "האאגדויטשע" (הויך־דייטשע) אידען טראגט אויף זיך דיא דאטע פון פינפטען יאנואר 1735, און איז אונטערגעשריעבען פון א. העגרי דע שייסעס (פארשטעהער), שמואל עוץ ד'אווילאר, יצחק קארילהא, אברהם פינטא דער איגגערער, און יהושע ס. נשיא, פאר דיא פארטוגיעזען; שלמה יוסף לעווי, י. מייער וואלף, געררית יאקאבס, און יעקב אהרן פאלאק פאר דיא דייטשען. דיא לעצטע האבען דאן אויפגעבויט פאר זיך אן אייגענע שול מיט דעם נאמען נוה שלום, און דיא פארטוגיעזען האבען אויך געבויט א נייע שול, צדק ושלום, פון וועלכע דער חנוכת הבית האט שטאט־געפונדען אין 1737. אבער דיא דייטשע אידען האבען זיך דארטען אויך געהאל־טען אן דעם נוסח ספרד אין זייערע תפלות, און דיא בעהויפטונג איז געמאכט געווארן פון ראבי ראאס פון פאראמארייבא (אין 1905) אז עס האט קיינמאל ניט עקזיסטירט א שול אין סורינאם אין וועלכע מען האט געדאווענט נאך דעם נוסח אשכנז. בלוטיגע צוזאמענשטויסונגען מיט ניגערס זיינען אפט פארגעקור־מען אין דיא פאלגענדע פיערציג יאהר, און מען געפינט אין דיא בעריכטען פון יענער צייט פיעלע בעשרייבונגען פון דיא גבורות וואס אידען האבען געוויעזען אין יענע מלחמות. דוד נשיא איז געפאלען אין א שלאכט ווען ער איז שוין אלט געווען איין־און־זיעבציג יאהר, און קאפיטעין יצחק קארוואלהא איז גע־ווארן זיין נאכפאלגער. אין 1749 האט אן אנדער אידישער קאפיטעין מיט דער נאמען נאאר געוואונען א בעדייטענדען זיעג געגען אויקא־ניגערס, און אין 1750 איז דער יונגער יצחק נשיא און דריי הונדערט פון זיינע לייטע געטויטעט געווארן פון א פיעל גרעסערע מאכט פון בוש־ניגערס. ענדליך האט מען אין 1774 אויפגעבויט בעפעסטיגונגען און געצויגען א מיליטערישע ליניע פון דיא אידישע סאוואנא ביים ברעג פון טייך קאמאימבער ביז צום ים, און זייט דאמאלס הערען מיר ניט מעהר פון מלחמות מיט שווארצע.

עס זיינען אויך פארגעקומען ענדערונגען אין דיא געזעצליכע לאגע פון דיא אידען, וויא עס איז אונפערמיידליך דארטען וואו עס עקזיסטירען ניט דיא זעלבע געזעץ פאר אידען און ניט־אידען. אנדערע נייע געזעץ קענען בעטראכטעט ווערען אלס פערבעסערונגען, וויא דיא בעשטימונג פון יאהר 1749 וועלכע האט ערלויבט אידען זיך צו פערלאזען אויף זייערע אייגענע ריכטער אין אלע אנגע־לעגענהייטען אין וועלכע עס האנדעלט זיך וועגען וועניגער וויא 600 גולדען. פון אנדערען זייט הערען מיר פון א ניט־געלונגענעם פערזוך איינצופיהרען א געטא אין פאראמארייבא אין 1768, און אין 1775 האט מען פערבאטען אידען צו בעזוכען א געוויסען אמאטייר־טהעאטער אין יענער שטאדט. אין יענער צייט האבען דיא צוויי אידישע געמיינדען אויך אנגעהויבען צו מאכען געברויך פון דעם רעכט וואס זיי האבען געקריעגען פון דיא ענגלענדער (וועלכעס איז שפע־טער אויך בעשטעטיגט געווארן פון דיא האלענדער) "צו פערטרייבען אדער

אויסצו־ווייזען לעסטיגע לייטע און פּערזאָנען וועלכע פיהרען זיך אויף שלעכט״. דיא ״דעפּוטירטע פון דיא אידישע נאַציאָן״ האָבען נור געדאַרפט אָנגעבען דעם גאָווערנאָר דיא גרינדע אָדער אורזאַכען פאַר וואָס זיי פערלאַנגען אַז מען זאָל געוויסע פּערזאָנען אַרויסשיקען און ער האָט זיי געצוואונגען צו פערלאָזען דיא קאָלאָניע.

דער אויבען־דערמאָנטער ראַבי ראָאָס דערמאָנט פינף פעלע פון אַזעלכע אויסווייזונגען: שלמה מאָנטעל איז פערטריעבען געוואָרען אין 1761 אויף דעם פערלאַנג פון דיא פּאָרטוגעזישע דעפּוטירטע דערפאַר וואָס ער האָט ניט געוואָלט אָפּגעבען צוריק רענט אָדער פּראָצענטען וואָס ער האָט גענומען ״געגען דעם געזעץ פון דער תורה״. אין 1772 איז נח איזאַאקס אַרויסגעשיקט געוואָרען אויף דעם פערלאַנג פון דיא דייטשע דעפּוטירטע, און אַ יאָהר שפּעטער האָבען דיא פּאָרטוגעזישע פּאָרשטעהער אויסגעווירקט אַז מען זאָל אַרויסשיקען אברהם יצחק משה מיכאל פערנאַנדעס הענריקעס, וועלכער האָט אויך געטראָגען דעם נאָמען עסקאַראַבאַכאָס. עליאַס לעווין איז אין 1781 געצוואונגען געוואָרען פון דיא דייט־טשע פּאָרשטעהער צו פערלאָזען דעם פּלאַץ, און אברהם דע מעסקיטאַ, דער לעצטער וואָס איז פערטריעבען געוואָרן האָט געהערט צו דעם פּאָרטוגעזישען טהייל פון דיא אידישע געמיינדע.

דיא צאָהל פון דיא דייטשע אידען איז געוואָרן גרעסער און אין 1780 האָבען זיי פערגרעסערט זייער שול און האָבען געקויפט צוויי נייע בתי קברות. אין 1784 איז דאָס אידישע טהעאַטער פון יענער שטאָדט — וואהרשיינליך דאָס ערשטע אין מאָדערנע געשיכטע — פערגרעסערט און פערשענערט געוואָרן. דיא אידישע סאַוואַנאַ פון וועלכע עס זיינען איצטער געבליעבען ניט מעהר וויא חורבות, האָט שוין דאַן געהאַלטען אין אונטערגעהן; עס האָבען זיך דאָרטען געפונען ניט מעהר וויא פיערציג הייזער אין 1792, אין דער צייט ווען דיא גע־מיינדע אין פּאַראַמאַריבאָ האָט געהאַלטען אין וואַקסען און עס ווערען דאָרט יענעם יאָהר דערמאָנט צוויי אידישע טהעאַטערע. דיא פּאָרטוגיעזען וועלכע האָבען געציילט 834 נפשות זיינען נאָך אימער געווען דיא מעהרהייט, אָבער דיא דייטשען האָבען זיך פערמעהרט שנעלער וויא זיי און פון דיא צעהן פאַ־מיליען פון דאָס ענדע פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען זיי שוין איצטער געהאַלטען ביי 477. עס זיינען דאָרטען אויך געווען אין יענער צייט אונגעפעהר אַ הונדערט אידישע מולאַטאָס, דאָס הייסט לייטע מיט אַ פערמישונג פון ניגער־בלוט.

דיא אידען פון סורינאַם האָבען אין יענער צייט אויך אָנגעהויבען זיך צו

בעשעפטיגען מיט געוויסע ליטעראַרישע טהעטיגקייטען. אַ "היסטאָרישער אויפ־
זאַץ איבער דיא קאָלאָניע סורינאַם מיט דיא געשיכטע פון דיא אידישע נאַציאָן
וועלכע האָט זיך דאָרטען עטאַבלירט" (פראַנצעזיש, געדרוקט אין פּאַראַמאַריבאָ
אין 1788) איז פערפאַסט געוואָרן פון י. ס. נשיא און אַנדערע, און איז געבליעבען
איינע פון דיא הויפּט־קוועלען פון דיא געשיכטע פון אידען אין סורינאַם. אַ
זעהר אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ צווישען פערטרעטער פון יענע געמיינדע
און הערר קריסטיאַן ווילהעלם פאָן דאָהם (1751—1820) וועגען זיינע ווערקע צו
גונסטען פון אידען איז אָפּגעדרוקט צום ענדע פון יענעם אויפזאַץ. (איבער־
געדרוקט אין "פּאָבליקיישענס" באַנד 13, זייטען 35—133). פערשיעדענע
אַנדערע היסטאָרישע, רעליגיעזע און פּאָעטישע ווערקע זיינען דאָרטען געשריע־
בען און געדרוקט געוואָרן אין דיא פאָלגענדע פופציג יאָהר. דיא געשיכטע פון
דיא אידען אין יענעם פּלאַץ אין נייזצעהנטען יאָהרהונדערט ענטהאַלטעט וועניג
וויכטיגע פּאַסירונגען. אין 1836 איז דיא דייטשע געמיינדע בעשטאַנען פון 719
נפשות און איז שוין אַריבערגעשטיעגען דיא פּאָרטוגעזישע וועלכע איז אַרונ־
טער צו דיא צאָהל פון 684. אַ נייע "האָאָגדויטשע" שול איז אין יענעם יאָהר
אויפגעבויט געוואָרן. אין 1838 איז ראַבי ב. ס. קאַררילאָן געוואָרען דער
גייסטיגער פאָרשטעהער פון דיא האָלענדיש־פּאָרטוגעזישע געמיינדע. צוואַנציג
יאָהר שפּעטער איז מ. י. לעווענשטיין (1829—64) געוואָרן דער אויבער־ראַבי־
נער פון דיא געמיינדע פון פּאַראַמאַריבאָ און האָט געהאַלטען דיא שטעלע זעקס
יאָהר ביז זיין טויט. אין 1900 האָבען זיך אין שטאָדט געפונען אונגעפעהר
1500 אידען וועלכע האָבען פערנומען אַן עהרענהאַפטען פּלאַץ און האָבען
קאָנטראָלירט דיא מייסטע אייגענטהום פון דער קאָלאָניע. אפילו דער מאָדער־
נער אַנטיסעמיטיזם האָט ניט פערפעהלט צו ערשיינען אין יענע ווייטע געגענד
וואו עס געפינט זיך דיא עלטעסטע אידישע קאָלאָניע אין דיא נייע וועלט.
אין דער געגענוואַרט (1911) געפינען זיך אונגעפעהר פיער טויזענד אידען אין
סורינאַם, דיא מייסטע פון זיי אין דער שטאָדט פּאַראַמאַריבאָ, וועלכע האָט
איצטער אַן ערך פון פופציג טויזענד איינוואָהנער. דיא צוויי קהלות,ביידע
שטאַרק אָרטהאָדאָקסישע, עקזיסטירען נאָך, און יעדע האָט איהר רב. דער
פּראָמינענטסטער אידישער בירגער אין דיא קאָלאָניע איז הערר דוד דאַ קאָסטאַ,
אַ געוועזענער פּרעזידענט פון פּראָווינציעלען פּאַרליאַמענט, וועלכער איז ער־
הויבען געוואָרן פון דיא האָלענדישע רעגירונג צו זיין דער אויבער־ריכטער אָדער
פּאָרזיצענדער פון דעם העכסטען געריכט אין דיא קאָלאָניע. הערר דאַ קאָסטאַ
איז אַ לאַנגע צייט געוועזן דער פּרנס אָדער פּרעזידענט פון דיא פּאָרטוגעזישע

קהלה. אַן אַנדער אידישע בירגער, הערר בנימין, שטעהט אַן דער שפּיצע פון ערציהונגס־סיסטעם פון פּראָווינץ. אייניגע פאַמיליען שטאַמען דירעקט פון דיא אָריגינעלע קאָלאָניסטען וואָס זיינען דאָרטען אָנגעקומען אין 1639, און אַלע פון זיי, וועלכע זיינען שוין גלייך־געשטעלטע בירגער זייט עטליכע דורות, האָבען איצטער קיין אַנדער מוטער־שפּראַכע וויא האָלענדיש. זייער טרייהייט צום אָר־טאָדאָקסישען יודענטהום האָט זיי געראַטעט פון פערשלונגען צו ווערען אין דיא ניט־אידישע בעפעלקערונג, וויא עס האָט פּאַסירט מיט דיא מייסטע אידען וועלכע האָבען זיך צום ערשטען בעזעצט אין דיא בריטישע קאָלאָניעס אין נאָרד אַמעריקא.

# קאַפּיטעל 8

## דיא האָלענדישע און ענגלישע אינזלען פון וועסט אינדיען.

דיא קהלה פון קוראַסאַאָ — אידען ווערען פריהער ערמוטהיגט זיך דאָרטען צו בעזעצען און דערנאָך מאַכט מען געגען זיי בעשריינקונגען — פּלענער פון אידישע קאָלאָניזאַציאָן — האַנדעלס־פערבינדונגען מיט ניי־אַמסטערדאַם — סטייוועזאַנט׳ס בעלייריגענדע בעמערקונג — דיא ערשטע שול — מען וואַנדערט אויס נאָך נאָרד־אַמעריקאַ און נאָך ווענעזועללאַ — באַרבאַדאָס — אָפּצאָהלונגען און דיא געזעצליכע שטעלונג — דיא צושטערונג נאָך דעם שטורם פון 1831 — דשאַמייקאַ אונטער שפּאַניען און אונטער ענגלאַנד — העברעאיש אין דיא סקולס פון סט. אַנדרוס אין 1693 — שטריינגע געזעץ און הויכע אָפּצאָהלונגען — נאַטוראַליזאַציאָן.

א צווייטע אַלטע אידישע קאָלאָניע אונטער האָלענדישער הערשאַפט וועלכע איז נאָך אין א בליהענדען צושטאַנד, געפינט זיך אויף דער אינזעל קוראַסאַאָ, אין דיא האָלענדישע וועסט אינדיען. עס איז וואַהרשיינליך אַז אידען פון האָלאַנד זיינען געוועזען צווישען דיא ערשטע וועלכע האָבען זיך בעזעצט אויף יענע אינזעל אונטער דיא האָלענדישע רעגירונג, וועלכע האָט איהר צוגענומען ביי דיא שפּאַניער אין 1634. אָבער עס איז ניטאָ קיין בעשטימטע פערצייכנונג וועגען אידען ביז דעם יאָהר 1650, ווען צוועלף אידישע פאַמיליעס — דע מעזא, אבוהב, פעריירע, דע לעאָן, לאַ פּאַררא, טוראָ, קאַרדאָזאָ, ישורון, מאַרכענאַ,חאַוויץ (חפץ?), אָליוועיראָ און הענריקעס קוטינהאָ — האָבען געקריעגען דיא ערלויבנים פון פרינץ מאָריס פאָן אָראַניען זיך דאָרטען צו בעזעצען. מאַטהיאַס באָק, דער גאָווערנאָר פון אינזעל האָט געקריעגען א בעפעהל ער זאָל זיי געבען לאַנד און זאָל זיי פערזאָרגען מיט שקלאַפען, פערד, בהמות און אַגריקולטור־געצייג זיי זאָלען קולטיווירען און ענטוויקלען דיא נאַטירליכע הילפס־קוועלען פון אינזעל. דאָס לאַנד וואָס מען האָט זיי געגעבען איז געלעגען צום צפון זייט פון דעם איצטיגען דיסטריקט פון ווילעמסטאַד, וועלכעס איז נאָך איצטער בעוואוסט אַלס דיא ״יאָדענוויק״ (אידישער קוואַרטאַל). אָבער טראָץ דיא גינסטיגע בעדינגונגען אונטער וועלכע זיי האָבען זיך דאָרטען בעזעצט, האָט מען באַלד אָנגעהויבען צו בעשריינקען זייער טהעטיגקייט, און מען האָט זיי אפילו פערבאָטען אין 1653 צו קויפען מעהר שקלאַפען וואָס זיי האָבען געדאַרפט פאַר זייערע פאַרמס.

יוסף נונעז דע פאָנסעקאַ, וועלכער איז אויך בעקאַנט אַלס דוד נשיא, האָט ריגען אַ שפּעציעלע פּריווילעגיע, דאַטירט דעם 22טען פעברואַר 1652, אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערגענומען צו קאָלאָניזירען אידען אויף יענעם פּלאַץ. ער האָט זיך ערקלערט בערייט צו קומען אַהין מיט אַ גרויסע צאָהל אידען אונטער אַ אידישען פאַרשטעהער מיט דעם נאָמען יאַן דע איללאַן, און ער האָט געדאַרפט קריעגען צוויי ליגע (אונגעפעהר דריי ענגלישע מייל) לאַנד ביים ברעג פאַר יעדע פופציג פאַמיליעס וועלכע ער וועט אַריבערבריינגען און בע־זעצען. דיא קאָלאָניסטען זיינען בעפרייט געוואָרן פון אַלע אָפּצאָהלונגען פאַר צעהן יאָהר, און זיי האָבען געמעגט אליין אויסקלייבען דעם פּלאַץ וואו זיי ווילען זיך בעזעצען. זיי האָבען אויך געקריעגען רעליגיעזע פרייהייט, נור עס איז זיי פערבאָטען געוואָרן צו צווינגען קריסטען צו אַרבייטען פאַר זיי אום זאָנטאַג, "און אַנדערע האָבען אויך ניט געטאָרט אַרבייטען יענעם טאָג". דער פּלאַן איז אָבער קיינמאָל ניט דורכגעפיהרט געוואָרן אויף אַזאַ גרויסען מאַס־שטאַב וויא מען האָט איהם געמאַכט.

דיא ווירקליכע בעזעצונג פון אידען אין קוראַסאַאָ הויבט זיך ערשט אָן ווען דיא פּאָרטוגיעזען האָבען צוריק איינגענומען בראַזיליען אין 1654 און דיא דאָרטיגע אידען האָבען זיך אָנגעהויבען צו פערשפּרייטען איבער פערשיעדענע פּלעצער. דיא אידען פון בראַזיליען וועלכע זיינען אַהין געקומען אין יענער צייט האָבען מיטגעבראַכט היבשע פערמעגענס און זיי האָבען דערמיט געלייגט דעם פונדאַמענט פון זייער וויכטיגקייט אין דעם דאָרטיגען האַנדעל וואָס איז ביי זיי געבליעבען ביז היינטיגען טאָג. אַ קורצע צייט נאָכדעם (1657) זיינען איינגעפיהרט געוואָרן רעגעלמעסיגע האַנדעלס־פערבינדונגען צווישען ניי־אַמ־סטערדאַם און קוראַסאַאָ, און דער מסחר איז געווען הויפּט־זעכליך אין דיא הענד פון אידען. אַן אָריגינעלע רשימה (אין שפּאַניש) פון סחורה וואָס איז געשיקט געוואָרן פון קוראַסאַאָ נאָך ניי־ניעדערלאַנד אין 1658 אַדרעסירט צו יהושע מרדכי ען־ריקעז, רעכענט אויס וועגעציאַנער פּערל און ציערונג, פינ־גערהוטען, שערען, מעסערס, גלעקלאַך א. ז. וו. דער האַנדעל מיט יצחק דע פאָנ־סעקאַ פון באַרבאַדאָס איז געווען געגען דיא דאָרטיגע געזעץ ווייל דאָס האָט אָנגעריהרט דעם האַנדעלס־מאָנאָפּאָל פון דיא האָלענדישע וועסט־אינדיאַ קאָמ־פּאַניע. אָבער פאָנסעקאַ האָט געדראָהט אַז אויב דיא האָלענדישע בעאַמטע וועלען זיך אַריינמישען וועט ער אין גאַנצען אויפהערען צו האַנדלען מיט קוראַסאַאָ און וועט איבערטראָגען דיא געשעפטען נאָך דשאַמייקאַ, און מען האָט איהם ניט געוואַגט צו שטערען.

פעטער סטייוועזאַנט (1592—1672) דער גאָווערנאָר פון ניי־ניעדער־לאַנד, האָט זיך אין דעם פאָלגענדען יאָהר בעקלאָגט פאַר דיא דירעקטאָרען פון דיא וועסט־אינדיאַ קאָמפּאַניע אַז מען לאָזט דיא אידען אין קוראַסאַאָ האַל־

טען שקלאַפען און געניסען אַנדערע פּריווילעגיען וועלכע דיא קאָלאָניעס פון ניי־ניעדערלאַנד האָבען ניט; און ער האָט געבעטען פאַר זיינע אייגענע לייטע אויב ניט מעהר, מינדעסטענס דיא זעלבע פּריווילעגיען וואָס עס האָבען דיא "וואר־כערישע און געלדגייציגע אידען".

דיא קהלה מקוה ישראל איז געגרינדעט געוואָרן אין קוראַסאָאַ אין 1656 אונטער דיא אויפזיכט פון דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע געמיינדע פון אַמסטער־דאַם, און מען האָט געדאַווענט אַלע טאָג אין אַ קליינע הילצערנע געביידע וואָס איז געדונגען געוואָרן פאַר דיעזען צוועק. אויף איינע פון דיא עלטסטע מצבות אין קוראַסאָאַ געפינט זיך דער נאָמען ר' אברהם חיים לאָפּעץ דע פאָנסעקאַ וועלכער איז געשטאָרבען כ"ב אָב תל"ב (1672) און ער איז געווען דער ערשטער דאָרטיגער רב אָדער חזן וואָס זיין נאָמען איז צו אונז אָנגעקומען. דער ערשטער רעגעלמעסיג אויסגעקליעבענער חכם אָדער רב איז געווען ר' יהושע פּאַרדאָ וועלכער איז אָנגעקומען פון אַמסטערדאַם אין 1674 און איז געבליעבען ביז 1683, ווען ער איז אַוועק נאָך דשאַמייקאַ. אַ נייע שול איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1692 און מען האָט איהר מחנך געווען ערב פּסח פון יענעם יאָהר, ווען דוד רפאל לאָפּעץ דאַ פאָנסעקאַ (געש. 1707) האָט פונגירט אַלס חזן. דיא געביידע וועלכע איז פערגרעסערט געוואָרן אין 1731 שטעהט נאָך ביז היינט.

אין דעם לעצטען יאָהר־צעהנדליג פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט זיינען אַ היבשע צאָהל אידען אַוועק פון דאָרטען נאָך דעם נאָרד־אַמעריקאַנישען קאָנ־טינענט, פיעלע פון זיי, אונטער וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דיא טוראָ פאַמיליע, זיינען אַוועק נאָך ניופּאָרט. אַ געוויסע צאָהל איטאַליענישע אידען וועלכע זיינען געקומען פון דיא קאָלאָניע פון קאַיענע וועלכע איז פערלאָזען גע־וואָרן אין 1664, זיינען אַוועק נאָך טוקאַקאַס, ווענעזועלאַ, וואו זיי האָבען געגרינדעט אַ קהלה מיט דעם נאָמען סאַנטאַ אירמאַנדאַדע.

דיא מאַטעריעלע לאַגע פון דיא אידען וואָס זיינען געבליעבען אין קוראַ־סאָאַ איז פערבעסערט געוואָרן אין פערלויף פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. זיי האָבען געגרינדעט אַ וואָהלטהעטיגען פעראיין אין 1715. פינף יאָהר שפּע־טער האָבען זיי זיך אָפּגערופען פרייגיעביג אויף אַן אויפרוף נאָך שטיצע וואָס איז געקומען פון דיא קאָנגרעגיישען שארית ישראל פון ניו יאָרק, און אין 1756 האָבען זיי זיך געוויעזען ליבעראַל מיט נדבות וואָס זיי האָבען געשיקט ווען עס איז זיי אָנגעקומען אַ הילפס־רוף פון ניופּאָרט. אַרום 1750 איז זייער צאָהל געשטיעגען אויף אונגעפעהר צוויי טויזענד. זיי זיינען געווען וואָהל־האַבענדע קויפלייטע און האָבען פערנומען פּראָמינענטע שטעלען אין האַנדעלס־לעבען און אויך אין דיא פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען פון אינזעל. צום ענדע פון יענעם יאָהרהונדערט האָט אַ בעדייטענדער טהייל פון דעם גרונד־אייגענ־

טהום פון בעצירק פון ווילעמסטאַד צו זיי געהערט; און עס איז דערמאָנט געוואָרן אַז עס זיינען פון יענעם האַפען אין איין טאָג אַוועק נאָך האָלאַנד דריי־און־פופציג שיפען געלאָדען מיט סחורה וואָס האָט צום גרעסטען טהייל געהערט צו אידישע סוחרים.

אַ נייע קהלה וועלכע האָט זיך גערופען נוה שלום און האָט פערנומען אַ שטיק לאַנד געגענאיבער דעם האַפען פון ווילעמסטאַד, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַרום 1740 און איהר שול אין דיא "אָטראַבאַנדאַ" איז איינגעווייהט געוואָרן י"ב אלול תק"ה (1745). זיא איז געגרינדעט געוואָרן הויפּטזעכליך כדי דיא וואָס וואָהנען דאָרטען זאָלען פערשפּאָרען צו געהן שבת איבער'ן וואַסער דאַווענען אין דיא עלטערע שול, און פאַר אַ געוויסע צייט איז זיא געבליעבען אונטער דיא אויפזיכט פון יענע און איז נור בעטראַכטעט געוואָרן אַלס אַ צווייג פון איהר. דאָס האָט געפיהרט צו פערשידענע שטרייטיגקייטען וועלכע האָבען גע־פיהרט צו אַן אָפענע שפּאַלטונג אין 1749. אַלעס איז אויסגעגליכען געוואָרן דורך דיא אריינמישונג פון פירסט ווילהעלם קאַרל פאָן אָראַניען־נאַסאַו וועלכער האָט אין אַ בעפעהל פון 30טען אַפּריל 1750 בעשטימט אַז דיא דעה בלייבט ביי דיא עלטערע געמיינדע, אונטער דיא רעגולירונג פון דיא פּאָרטוגעזישע געמיינדע פון אַמסטערדאַם. דיעזע אָרדנונג איז געבליעבען פאַר דיא פאָלגענדע הונדערט צוואַנציג יאָהר, ווען דיא אינגערע געמיינדע איז געוואָרן אין גאַנצען אונאַבהיינגיג (1870).

דער צו־וואַקס אין צאָהל און אין רייכטהום האָט ניט אויפגעהערט אין ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, אָבער דיא געמיינדע איז אויך ניט געוועזן פריי פון אינערליכע סכסוכים. צוליעב איינע פון דיעזע שטרייטיגקייטען צווישען דיא רבנים און דיא פרנסים איז געגרינדעט געוואָרן אַ פעראיין מיט דעם נאָמען "פּאָרוועניר" אין 1862. מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט זיך דערפון ענטוויקעלט אַ רעפאָרם־געמיינדע מיט דעם נאָמען עמנואל, וועלכע האָט אויפגעבויט אַ נייע שול אין "שאַרלאָ" פיערטעל פון שטאָדט, אין 1866. אונגעפעהר דריי יאָהר פריהער איז אַ לייכטע ענדערונג אין דיא ריכטונג פון רעפאָרם געמאַכט געוואָרן אין דיא תפלות פון דיא עלטעסטע געמיינדע.

דיא געמיינדע פון קוראַסאַאָ האָט איצטער מעהר וויא טויזענד מיטגליעדער פון וועלכע כמעט פיער־פינפטעל בעלאַנגען צו דיא שול מקוה ישראל. דיא אידען זיינען דאָרטען צווישען דיא פּראָמינענטעסטע בירגער, אין דיא האַנדעלס־וועלט אַזוי גוט וויא אין דיא געלעהרטע פּראָפעסיאָנען; מאַנכע פון זיי זיינען רעגירונגס־בעאַמטע און ריכטער, און זיי זיינען אויך גוט פערטראָטען צווישען דיא אָפיציערען פון דיא מיליץ. כמעט אַלע פון זיי זיינען, אַזוי וויא אין האָ־לאַנד זעלבער, געטריי צו דיא אידישע רעליגיאָן, און עס קומען דאָרטען וואָהר־

שיינליך פאר וועניגער אפפאלונגען און וועניגער געמישטע הייראטהען וויא אין יעדע אנדערע פרייע געמיינדע אין וועלכע דיא גלייכשטעלונג פון דיא אידען איז דורכגעפיהרט געווארן אין טהעאריע אזוי גוט וויא אין פראקטיק.

* * *

דיא אידישע געמיינדען אין דיא ענגלישע וועסט אינדיעס האבען אויף א לאנגע צייט זיך געפונען אין גוטע מאטעריעלע אומשטענדען און האבען געהאל־טען אין וואקסען. אבער זיי זיינען אפגעשוואכט געווארן ווען דיא ענגלישע קאלאניעס פון נארד אמעריקא, און שפעטער דיא יונייטעד סטייטס, האבען אנגעבאטען א ברייטערעס פעלד פאר אלערליי טהעטיגקייט. דיא אלגעמיינע לאגע אין נארד אמעריקא איז געוועזן ניט פיעל אנדערס וויא אין דיא ענגלישע אינזלען פון וועסט אינדיען, עס איז דעריבער געוועזן פערבונדען מיט זעהר וועניג אונבעקוועמליכקייט זיך איבערצוציהען פון דעם קלענערען פלאץ אין גרעסערען, וואו עס זיינען געוועזן פיעל מעהר און בעסערע געלעגענהייטען זיך צו ענטוויקלען. דיא עלטעסטע קאלאניע אונטער דיא ענגלישע פאהן אין וועסט אינדיען איז וואהרשיינליך געגרינדעט געווארן אויף דער אינזעל בארבאדאס, וואו מען גלויבט אז אידען זיינען געקומען אין 1628. דעם 27טען אפריל 1655 האט אליווער קראמוועל געגעבען א פאספארט צו דעם אידישען דאקטאר אברהם דע מערקאדא און זיין זאהן רפאל צו פאהרען נאך בארבאדאס און דארט פראק־טיצירען זיין פראפעסיאן. אין 1756 האבען דיא אידען געקריגען דיא פריי־וויליגען אין בארבאדאס וועלכע אויסלענדער און פרעמדע האבען דארטען געהאט אונטער דיא געזעץ פון ענגלאנד און פון יענער אינזעל.

אין אפריל 1661 האבען בנימין דע קאסערעס, הענרי דע קאסערעס און יעקב פראזא געשיקט א ביטע צום קעניג פון ענגלאנד ער זאל זיי ערלויבען צו וואהנען און צו האנדלען אין בארבאדאס און אין סורינאם. זייער ביטע איז אונטערשטיצט געווארן פון דעם קעניג פון דענמארק וועלכעס שיינט צו בע־וויייזען אז זיי זיינען געוועזן וויכטיגע פערזענליכקייטען. דיא ביטע איז אי־בערגעגעבען געווארן צו דיא קאמיסיאנערס פון אויסלענדישע פלאנטאציעס, און זיי האבען בעריכטעט אז דיא גאנצע פראגע וועגען דיא ראטהזאמקייט פון ערלויבען אידען צו וואהנען און צו האנדלען אין דעם קעניג'ס קאלאניעס, "איז לאנג און אפט דעבאטירט געווארן". דיא קויפלייטע פון ענגלאנד זיינען געגען אריינלאזען אידען, ווייל דיא לעצטע זיינען פעהיג צו קאנטראלירען דעם האנדעל וואו זיי קומען אריין, און ווייל זיי וועלען פערקירעוועט דעם האנדעל פון ענגלאנד נאך אנדערע לענדער. דיא אייגענטהימער פון דיא פלאנטאציעס זיינען דאגעגען צו גונסטען פון דיא אידען, און זיי בעשולדיגען דיא ענגלישע סוחרים אז זיי ווילען צונעהמען אלעס פאר זיך. דיא קאמיסיאנערס האבען

זיך ניט אונטערנומען צו ענטשיידען דיא אַלגעמיינע פראגע, אָבער זיי האָבען געראטהען אַז דיעזע דריי אידען וועלכע האָבען רעקאָמענדיישענס פון אַזעלכע הויך־געשטעלטע פערזענליכקייטען און וועלכע האָבען זיך זעהר גוט אויפגעפיהרט און גענגעבען אַלגעמיינע צופריעדענהייט ווען זיי האָבען געוואָהנט אין באַרבאַ־דאָס, זאָלען קריעגען אַ שפּעציעלע ערלויבניס צו וואָהנען דאָרטען אָדער אין אירגענד אַנדערע קאָלאָניעס.

דיא אידישע געמיינדע פון באַרבאַדאָס איז באַלד נאָכדעם פערגרעסערט געוואָרען, טהיילווייז דורך דעם וואָס עס זיינען אָנגעקומען געוועזענע מיטגליעדער פון דיא אויפגעלעזטע קאָלאָניע פון קאַיענע (1664). עס איז פערצייכענט גע־וואָרן אין דיא ביטע פון דיא קריסטליכע געמיינדע פון "סט. מייקעל'ס פּאַריש" "אַז דיא אידען וועלכע וואָהנען אין דיעזען קירכען־בעצירק זאָלען צאָהלען דיא קוואַנטיטעט פון 35,000 פונט מוסקאָוואַדאָ צוקער וואָס זיי דאַרפען אויפקלייבען צווישען זיך און איבערגעבען צו סעניאָר לואיס דיאַס און סעניאָר דשע־ראָנימאָ ראָדעריגאָס, וועלכע קריעגען דערמיט דעם בעפעהל דאָס איינצוצאָהלען צו דיא פּאָרשטעהער פון דער קירכע". דער זעלבער בעפעהל איז ווידערהוילט אין אָקטאָבער 1666, און נאָך אַמאָל אין 1667; און אין דעם זעלבען יאָהר ווערט אַרויסגעגעבען אַן אַנדער בעפעהל אַז דיא אידען זאָלען געבען 20,000 פונט צוקער. אין 1669 איז דער בעפעהל אין יאַנואַר אויף 14,000 פונט און אין מערץ אויף 16,000. אין 1670 איז עס ווידער אויף 16,000, אָבער דיא אידען האָבען דאַן אַריינגעשיקט אַ ביטע אין וועלכע זיי האָבען ערקלערט אַז דיא אָפּצאָהלונג איז פּאַר זיי צו הויך. דיעזעס האָט געמאַכט דעם איינדרוק אַז אין 1671 ווערט נור געפאָדערט 7,000 פונט, און אין 1672 נור "אַ העלפט וויא פיעל לעצטעס יאָהר". אין דיא פאָלגענדע פינף יאָהר איז דיא אָפּצאָהלונג מייסטענס 7,000 פונט אַ יאָהר, "גענומען פון דיא אידען פּאַר זייער האַנדעל". אין 1680 איז עס 8,500 פונט, פערטהיילט צווישען פינף־און־פיערציג אידען, פון וועלכע מאַנכע צאָהלען אַזוי ווענינ וויא צו צוועלף פונט, און אַנדערע אַזוי הויך וויא 792, מיט דוד רפאל דע מערקאַדאָ אַן דער שפּיצע מיט 1075 פונט. (דיא ליסטע פון אַלע נעמען געפינט זיך אין 19טען באַנד פון דיא "פּאָבליקייי־שענס" זייטען 75—174).

אברהם ראָדריגאָ ריגיאָ, אברהם לוי רעגיאָ, לואיס דיאַס, יצחק כעראַכאָ קור־טינהאָ, אברהם פּערייערע, דוד ברוך לוזאַדאָ און אַנדערע אידען וועלכע האָבען געקריעגען בירגער־פרייהייטען פון קעניג, האָבען אין 1669 געשיקט אַ ביט־שריפט געגען דעם וואָס מען וויל ניט אָננעהמען אידען אַלס עדות אין דיא געריכטען פון דער קאָלאָניע. דער גאָווערנאָר וועלכער האָט דיא ביטשריפט אָפּגעשיקט מאַכט דיא בעמערקונג אַז "זיי האָבען ניט געליטען פון קיין אַנדער פערלעצונג צו זייער האַנדעל אָדער עטוואָס אַנדערס." אָבער דיא פּריווילעגיען

וועלכע מען האָט זיי געגעבען "האָבען זיך בעצויגען נור אויף האַנדעל" וועלכעס מיינט אַז מען האָט זיי ניט צוגעזאָגט און ניט געדאַרפט געבען קיין בירגער־רעכט. אידען האָבען דאָרטען געמוזט צאָהלען שפּעציעלע שטייערן ביי פער־שיעדענע געלעגענהייטען ביז 1761, ווען אַלע בעזונדערע לאַסטען זיינען פון זיי אַראָפּגענומען געוואָרן און אידען זיינען אָפּגעשאַצט געוואָרן און האָבען גע־צאָהלט אויף דעם זעלבען אופן וויא אַלע אַנדערע איינוואָהנער. אַלע פּאָליטישע אויסנאַהמען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דעם געזעץ פון דיא לאָקאַלע רע־גירונג אין 1802 און דורך אַ געזעץ פון ענגלישען פּאַרליאַמענט אין 1820.

דיא צאָהל אידען אין באַרבאַדאָס איז קיינמאָל ניט געוועזען אַזוי גרויס וויא אין סורינאַם. אין 1681 איז דיא אידישע בעפעלקערונג פון אינזעל בעשטאַנען פון 260. דיא צאָהל איז לאַנגזאַם געוואַקסען, דיא מייסטע פון זיי האָבען גע־וואָהנט אין ברידשטאָון, וואו דיא ערשטע שול איז אויפגעבויט געוואָרן, וואהר־שיינליך פאַר דעם יאָהר 1679, און אַ קליינער טהייל אין ספּייהטסטאָון. אין 1792, אין אָנפאַנג פון דיא פּעריאָדע פון דיא גרעסטע אויפבליהונג, האָט דיא קהלה פון ברידשטאָון געהאַט 147 מיטגליעדער און 17 וועלכע זיינען אויס־געהאַלטען געוואָרן פון צדקה. איהר נאָמען איז געוועזען "קהל קודש נדחי ישראל" און איהרע רבנים זיינען אַלע אויסגעקליעבען געוואָרן פון דיא פאָרשטעהער פון דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע געמיינדע פון לאָנדאָן.

דיא געמיינדע פון באַרבאַדאָס האָט אָנגעהויבען אונטערצוגעהן נאָך דעם גרויסען שטורם פון 1831 וועלכער האָט פערוויסטעט דיא אינזעל און חרוב געמאַכט דיא שול. אַ נייע געביידע איז אפילו אויפגעבויט געוואָרן און דער חנוכת הבית איז געפייערט געוואָרן אין 1833, און אַ רעליגיעזע שול אָדער תלמוד תורה איז געגרינדעט געוואָרן איינינע יאָהר שפּעטער. אָבער דיא מיט־גלידער זיינען ביסלאַך־וויוז אַוועק נאָך יונייטעד סטייטס, דיא מייסטע נאָך פּי־לאַדעלפיא. אין 1848 זיינען דאָרטען געבליעבען נור 71 אידען. אין 1873 האָבען דיא איבערגעבליעבענע אידען דערלאַנגט אַ ביטשריפט מען זאָל זיי בעפרייען פון דיא שטייערן אויף דער איינענטהום פון דער קהלה. דיא פאָלקס־צעהלונג פון 1882 האָט געוויעזען אַז עס זיינען דאַן געוועזען אין באַרבאַדאָס 21 אידען, און זייער צאָהל איז נאָך קלענער געוואָרן צום ענדע פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט.

* * *

ווען ענגלאַנד האָט איינגענומען דיא גרעסטע פון איהרע וועסט־אינדישע בעזיצונגען, דיא אינזעל דשאַמייקאַ, אין 1655, האָבען דאָרטען געוואָהנט אַ היבשע צאָהל אידען וועלכע זיינען בעקאַנט געווען אַלס "פּאָרטוגאַלען". זיי האָבען ניט געוואַגט אָפּצוהיטען אָפען דיא אידישע רעליגיאָן אָדער זיך צו

אָרגאַניזירען אין אַ געמיינדע; אָבער זיי זיינען דאָרטען געווען אין ווענינער געפאַהר צוליעב זייער אמונה וויא אין יעדע אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניע. דשאַמייקאַ האָט ביז דעם יאָהר 1576 געהערט צו דיא פאַמיליע פון קאָלאָמבוס און איז דאַן איבערגעגאַנגען אַלס פּערזענליכעס אייגענטהום צו דיא בראַגאַנזאַ פאַמיליע, און דיעזע בעזונדערע רעכטע פון דיא אייגענטהימער האָבען גע־ווירקט אַז דיא אינזעל זאָל ניט קומען אונטער דיא געריכטסבאַרקייט פון דיא אינקוויזיציאָן אָדער אונטער דעם בישאָף פון קובאַ. דיא נייע ענגלישע הערשער זיינען געווען פּאָרזיכטיג צו מאַכען אַ אונטערשייד צווישען דיא שפּאַניער און דיא פּאָרטוגעזישע אידען, און דער רעזולטאַט איז געווען אַז אידען האָבען באַלד אָנגעהויבען צו גרינדען און צו ענטוויקלען דעם האַנדעל וואָס האָט גרויס גע־מאַכט דיא קאָלאָניע פון דשאַמייקאַ. סער טהאָמאַס לינטש, דער גאָווערנאָר פון דער קאָלאָניע, שרייבענדיג אין מערץ 1672 דערמאָנט צו גונסטען פון דיא אידען אַז "זיי האָבען פיעל סחורה, קיין אייגענע נאַציאָן צו וועמען זיי זאָ־לען דאַרפען זיין געטריי, און זיי האָבען פיינד דיא פראַנצויזען און דיא שפּאַ־ניער".

איינינע יאָהר פאַר דיעזער צייט האָט יעקב יהושע בוענאָ ענריקעס, וועל־כער האָט געוואָהנט אין דשאַמייקאַ צוויי יאָהר, געשריעבען אַ ביטשריפט צום קעניג וועגען דיא ערלויבנים צו בעאַרבייטען אַ קופּער־מינע, און דאָס ער און זיינע בריעדער יוסף און משה זאָלען מעגען לעבען נאָך זייערע אייגענע געזעץ און האָבען אַ שול אָדער מנין. אין 1668 האָט דער קעניג רעקאָמענדירט צום גאָ־ווערנאָר דיא אידען שלמה גבאי פּאַראָ און דוד גאָמעס הענריקעס זיי זאָלען מעגען בלייבען און האַנדלען אין דשאַמייקאַ אַזוי לאַנג וויא זיי וועלען זיך אויפ־פיהרען אַנשטענדיג. דיא צאָהל אידען איז צוגעוואַקסען דורך נייגעקומענע פון בראַזיליען, שפּעטער דורך אידען וואָס זיינען אַוועק צוזאַמען מיט דיא ענגלענ־דער פון סורינאַם, און דורך דירעקטע איינוואַנדערונג פון ענגלאַנד און זאָגאַר פון דייטשלאַנד. אָבער עס שיינט אַז פיעלע האָבען אויך אויסגעוואַנדערט פון דאָרטען, ווייל צום ענדע פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען זיך אין גאַנ־צען געפונען אין דשאַמייקאַ אַכציג אידען. חאָטש מען קען רעכענען דיא איינ־פיהרונג פון העברעאיש אַלס איינע פון דיא געגענשטענדע וואָס מען האָט געלערנט אין דיא פרייע סקול וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דעם קירכען־בעצירק סט. אַנדרוס אין 1693 — דער ערשטער פאַל פון שטודירען דיא הייליגע שפּראַכע אין אַן ענגלישע קאָלאָניע אין דיא נייע וועלט — אַלס אַ צוגעשטענד־ניס פאַר דיא אידען, האָבען אויך ניט געפעהלט ביישפּיעלע פון שטרייננע און שלעכטע בעהאַנדלונג. אין 1703 האָט מען פערבאָטען אידען, אונטער אַ שטראָף פון פינף הונדערט פונט, צו האַלטען קריסטליכע בעדיענטע. אין 1711 זיינען אידען, צוזאַמען מיט מולאַטאַס, אינדיאַנער און ניגערם גע׳פּסלט געוואָרן

פון צו זיין שרייבער אָדער סעקרעטערע אין געריכטען אָדער אַנדערע רעגירונגס־פּלעצער.

דיא אַנשטריינגונג פון דיא אידען פון דשאַמייקאַ זיך צו בעפרייען פון דיא לאַסטען פון שפּעציעלע שטייערן בילדעט אַן אינטערעסאַנטען קאַפּיטעל אין זייער דאָרטיגע געשיכטע אין אָנפאַנג פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. (זעה צווייטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטע 165 און ווייטער). אין 1700 איז פּאָר־געלייגט געוואָרן אַ דענק־שריפט צו סער וויליאַם ביעסטאָן, הויפּט־גאָווערנאָר פון דשאַמייקאַ, געגען דיא שווערע לאַסטען וואָס פיער געזעצגעבונגען אָדער לאָקאַלע פּאַרליאַמענטען האָבען אַרויפגעלייגט און "געגען זיין געצוואונגען צו טראָגען וואַפען אין אונזערע שבתים און ימים טובים... ווען דאָס איז ניט נויטוועגדיג (וועלכעס איז געגען אונזער רעליגיאָן, סיידען אין פאַל ווען אַ שונא איז דערביי אָדער מען האָט מורא אַז ער איז נאָהענט)". דער ענטפער פון גאָווערנאָר און זיין ראַטה פאַנגט אָן דערמיט וואָס זיי גיבען צו אַז דיא פאַק־טען וועגען הויכע שטייערן זיינען אמת; נור עס ווערט געמאַכט דיא טענה געגען זיי אַז "זיי זיינען אַריינגעקומען אויף דיעזע אינזעל מיט דעם בעדינג אַז זיי זאָלען זיך בעזעצען אויף'ן לאַנד און ווערען פּלאַנצערס, וועלכעס זיי האָבען ניט געטהאָן, און עס איז פאַראַן אויף'ן אינזעל ניט מעהר וויא צוויי אָדער דריי קליינע בעזיצונגען פון אידען. אָבער זייער בעשעפטיגונג איז מיים־טענס צו האַלטען קראָמען און האַנדלען מיט סחורות, דורך וועלכע זיי האָבען אין גאַנצען אריינגענומען אין זייערע הענד דיעזען סאָרט האַנדעל, און דאָס דורך זייער שפּאַרזאַמעס לעבען (וועלכעס איך האַלט ניט פאַר אַ פעהלער) האָבען זיי דיא מיטלען צו פערקויפען ביליגער וויא דיא ענגלענדער; דאָס פיעלע פון דיא לעצטע קענען דעריבער ניט האַלטען קיין אָפענע געשעפטען, און זיי קענען אויך ניט אַוועקגעבען זייערע קינדער צו אידען זיך ביי זיי צו לערנען, דורך וועלכעס דיא ענגלישע נאַציאָן ליידעט אליין און אויך אין דעם וואָס קען געמאַכט ווערען פון זייערע קינדער שפּעטער".

דער גאָווערנאָר ערקלערט ווייטער וויא אַזוי דיא אידען האָבען אליין גע־פאָדערט אַז מען זאָל אַרויפלייגען אויף זיי שטייערן אַ גאַנצע סומע אויף אַלעמען צוזאַמען, און דאָס דערפאַר וואָס זיי קאָנטראָלירען דעם האַנדעל, בעזאָנדערס דעם איינצעל־פערקויף, גלויבען דיא מיטגלידער פון דיא געזעצגעבענדע קערפּער־שאַפט אַז עס איז ניט מעהר וויא רעכט זיי זאָלען צאָהלען אין פּראָפּאָרציאָן עטוואָס מעהר וויא דיא ענגלישע. ער ערקלערט ווייטער: "וועגען דיא פראַגע פון טראָגען וואַפען מוז מען צוגעבען אַז ווען דיא געלעגענהייט האָט עס גע־פאָדערט אָדער ווען אַ שונא איז ערשיענען זיינען זיי געווען פערטיג און האָבען זיך אויפגעפיהרט זעהר גוט; אָבער וועגען זייער ווערען גערופען צו וואַפען אין פּריוואַט־צייטען גראַדע ווען עס איז אויסגעקומען זייער שבת אָדער יום טוב,

זיינען זיי מייסטענס ענטשולדיגט געוואָרען פון זייערע אָפיציערען, סיידען ווען דיא לעצטע זיינען אויפגערייצט געוואָרען דורך זייער עקשנות אָדער בייזע רייד".

מען מערקט אויך שפּורען פון ריקשריט אין אַ דאָקומענט וואָס איז פאַר־געלייגט געוואָרען אין 1721 פאַר דיא רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון דשאַמייקאַ אַלס "אַ ביטשריפט פון יעקב העגריקעס, משה מענדעס קוויקסאַנאַ און דוד גבאי, פאַר זיך אליין און פאַר דיא אַנדערע אידען וועלכע וואָהנען אויף דיעזער אינזעל, .... וועלכע בעטען דאָס הויז צו נעהמען אין אַנבעטראַכט אַז דיא צאָהל אידען און זייער רייכטהום און זייער האַנדעל איז איצטער פיעל קלענער אין פערגלייך מיט פריהערע צייטען, און דיא אָפּצאָהלונגען וואָס מען לייגט אויף זיי אַרויף דאַרפען איצטער אויך פערקלענערט ווערען." עס שיינט אָבער אַז אַרום דעם מיטען פון יענעם יאָהרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ פערבעסערונג און אויך אַ צו־וואַקס אין זייער צאָהל; ווייל אונטער דיא 189 אידען פון דיא בריטיש־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס וועלכע זיינען נאַטוראַליזירט געוואָרען צווישען דעם יאָהר 1740 (אונטער דעם אַקט פון פּאַרליאַמענט פון יענעם יאָהר) און 1755, זיינען גאַנצע 151 געווען איינוואָהנער פון דשאַמייקאַ.

צווישען דיא פּראָמינענטע אידישע פאַמיליעס וועלכע האָבען אַם מייסטען בייגעטראָגען צו ענטוויקלען דעם האַנדעל פון דשאַמייקאַ זיינען: דע סילוואַ, סאָארעץ, קאַרדאָזאַ, בעליזאַריאָ, בעלינפאַנטע, נונעז, פּאָנסעקאַ, גוטערעקט, דע קאָרדאָוואַ, בערנאַל, וואַז און בראַוואָ.

דיא שטאָדט קינגסטאָן איז פון דער צייט פון איהר גרינדונג (1693) גלייך געוואָרען דער הויפּט־זיץ פון דיא אידישע געמיינדע. אַ פריהערע שול וועלכע איז דערמאָנט אין 1684 און 1687 איז וואַהרשיינליך געווען אין פּאָרט ראָיאַל. אידען האָבען אויך געוואָהנט אין שפּאַניש טאָון, מאָנטעגאָ בעי, פאַל־מאָוטה און לאַקאָוויאַ.

דאָ איז אויך פּאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס אין דיא מייסטע אַנדערע האָלענדישע און ענגלישע קאָלאָניעס, אַז דיא בעאַמטע אויף'ן פּלאַץ זיינען געווען וועניגער ליבעראַל וויא דיא רעגיערונגען אין דיא אַלטע היים, בעזאָנדערס אַזוי ווייט וויא דאָס האָט אָנבעלאַנגט צו אָפּצאָהלונגען. עס איז נייטיג געווען שטיצע פון דיא ענגלישע קרוין אָפּצושאַפען אַלע שפּעציעלע אַבגאַבען, און אויך אָפּצו־האַלטען דיא דורכפיהרונג פון דעם פּלאַן וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון דיא רעגירונג פון וויליאַם דעם דריטען צו פערטרייבען דיא אידען פון אינזעל. אין 1787 האָט אַ געוויסער מר. מאָנטעפיאָרע דערלאַנגט אַ ביטשריפט מען זאָל איהם צולאָזען צו פּראַקטיצירען אַלס אַדוואָקאַט אין דשאַמייקאַ, און האָט צוגעשטעלט בעווייזע אַז ער איז אַנערקענט געוואָרען אַלס אַדוואָקאַט אין לאָנדאָן מיט דריי יאָהר פריהער. אָבער דיא אויבען־דערמאָנטע געזעץ פון 1711

געגען אידען און אַנדערע איז ציטירט געוואָרן איהם אויסצושליסען פון דיעזעס רעכט. מען גלויבט אַז דער מאַן וועלכער איז אַזוי צוריק געוויעזען געוואָרן איז געווען יהושע מאָנטעפיאָרע (1762—1843) אַן אָנקעל פון סער משה מאָנטעפיאָרע (1784—1885 ; זעה "פּאָבליקיישענס" באַנד 19 זייטע 80—179).

דיא געמיינדע איז געווען אין אַ בליהענדען צושטאַנד ווען אַלע פּאָליטישע אויסנאַהמען זיינען ענדליך אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1831, און אידען האָבען גלייך אָנגעפאַנגען צו שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָלע אין דיא אַנגעלעגענהייטען פון דער קאָלאָניע. אין 1838 האָט סער פראַנסיס ה. גאָלדסמיד פון לאָנדאָן שוין געהאַט דיא מעגליכקייט צוזאַמען צו שטעלען אַ לאַנגע ליסטע פון אידען וועלכע זיינען אויסגעקליעבען געוואָרן פאַר ציווילע און מיליטערישע עמטער אין דשאַמייקאַ זייט דיא גלייכשטעלונג פון 1831, וועלכע ער האָט בענוצט אַלס אַ שטאַרקען אַרגומענט צו גונסטען פון דיא גלייכשטעלונג פון אידען אין ענגלאַנד זעלבער.

אַלעקסאַנדער בראַוואָ איז געווען דער ערשטער איד וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד פון דיא אַסעמבלי פון דשאַמייקאַ, אַלס דער פערטרעטער פון דעם דיסטריקט פון קינגסטאָן אין 1835. ער האָט שפּעטער בעקליידעט איינינגע העכערע עמטער. אין 1849 זיינען אַכט פון דיא זיעבען־און־פיערציג מיטגליעדער פון דיא קאָלאָניאַלע אַסעמבלי געווען אידען, און דר. ס. מ. מאָראַלעס איז יענעם יאָהר געווען דאָרטען ספּיקער אָדער פּאָרזיצענדער. פּינחס אברהם (געש. 1887) איז געווען איינער פון דיא לעצטע פון דיא גרויסע אידישע סוחרים וועלכע האָבען געהאָלפען רייך מאַכען דיא וועסט אינדיעס. (זעה "אידישע ענציקלאָפּעדיע" אונטער זיין נאָמען).

דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע שול פון קינגסטאָן, וועלכע איז געשטאַנען אויף פּרינסעס סטריט ביז זיא איז פערברענט געוואָרן אין דיא גרויסע שריפה פון יאָהר 1882, איז פערטיג געוואָרן אין 1750. אַ נייע שול איז אויפגעבויט געוואָרן אויף איסט סטריט אין 1884. דיא ענגליש־דייטשע שול איז פערטיג געוואָרן אין 1789, און אַ דריטע (דייטשע) געמיינדע איז פעראייניגט געוואָרן מיט דיא ערשטע אין 1850. דיא שול פון דיא "פעראייניגטע געמיינדע פון איזראַעליטען" וועלכע איז פערטיג געוואָרען אין 1888 איז צושטערט געוואָרן פון דיא ערד־ציטערנים אין יאַנואַר 1907. דיא פעראייניגטע געמיינדע דאַווענט איצטער אין דיא שול פון איסט סטריט, וועלכע איז פאַר דיעזען צוועק פערגרעסערט געוואָרן. דיא ענגליש־דייטשע געמיינדע האָט אויפגעבויט אַ נייע שול וועלכע איז פערטיג געוואָרן אין 1894. עס איז דאָרטען אויך דאָ אַ אידישער וואָהלטהעטיגער פעראיין און אַ גמילות חסדים וועלכער איז אַלט איבער הונדערט יאָהר.

צווישען דיא רבנים פון דזשאַמייקאַ זיינען געווען : ר׳ יהושע פּאַרדאָ וועל־

כער איז אַהין געקומען פון קוראַסאַאָ אין 1683 ; דער שפּאַנישער פּאָעט דניאל ישראל לאָפּעץ לאַגונאַ, וועלכער האָט געלעבט אין דיא זעלבע צייט ; חכם דע קאָרדאָזאַ (געש. אין שפּאַניש טאָון 1798) ; ר׳ אברהם פּעריירע מענדעס (געב. אין קינגסטאָן 1825, געש. אין ניו יאָרק 1893) ; רעוו. דשאָרדש דשייקאָבס ; רעוו. י. מ. קאָרקאָס, און דער איצטיגער ראַבינער פון דיא ענגליש־דייטשע שול אויף אָרענדש סטריט, רעוו. מ. ה. סאַלאָמאָן. דיא צוויי שולען אין קינגסטאָן זיינען דיא איינציגע אין דיא קאָלאָניע, וועלכע האָט אונגעפעהר צוויי טויזענד אידען, נאָהענט פון צעהן פּראָצענט פון דיא גאַנצע ווייסע בעפעלקערונג פון דשאַמייקאַ.

# קאַפּיטעל 9

## ניי־אַמסטערדאַם און ניו יאָרק.

אָרעמקייט פון דיא ערשטע אידישע אימיגראַנטען אין ניי־אַמסטערדאַם — גאָווערנאָר סטייוועזאַנט איז געגען זיי, אָבער ער ווערט איבערגע'פּסקנט פון דיא האָלענדישע וועסט אינדיאַ קאָמפּאַניע — פּריווילעגיען און בעשריינקונגען — בייטרעגע צו בויען דעם וואַנט פון וועלכען וואָל סטריט האָט גענומען איהר נאָמען — דער ערשטער בית הקברות — אויסשליסונג פון מיליטער־דיענסט — ווייניג ענדערונגען אין אָנפאַנג פון דיא ענגלישע ממשלה — דיא ערשטע שול ווערט געגרינדעט נאָך אַ ליבעראַלען עדיקט פון דיוק אָוו יאָרק — מאַראַנאָס ווערען געבראַכט צוריק אויף דיא שיפען וועלכע האָבען געפיהרט תבואה נאָך פּאָרטוגאַל — העבּרעאישע געלעהרזאַמקייט — דיא פראַגע וועגען אידען אַלס שטים־געבער און אַלס עדות — פּעטער קאַלם'ס בעשרייבונג פון דיא אידען אין ניו יאָרק אַרום 1745 — הײמאַן ליוואַי, ביי וועמען דער ערשטער פון דיא אַסטאָרס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער.

דיא רייכקייט וועלכע האָט געמאַכט אַז דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידען זאָלען זיין ווילקאָמען אין אַנדערע האָלענדישע קאָלאָניעס, אָדער אַז מען זאָל זיי מינדעסטענס וועלען ליידען, האָט אין גאַנצען געפעהלט אין דעם פאַל פון דיא ערשטע אידען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דיא איצטיגע ניו יאָרק. אין סעפּטעמבער 1654, אין דעם יאָהר ווען דיא האָלענדער האָבען פערלאָרען בראַזיליען, און דיא גרויסע אידישע געמיינדע פון רעציפע איז צושפּרייט געוואָרן, איז אָנגעקומען אין האַפען פון ניי אַמסטערדאַם (וויא ניו יאָרק האָט געהייסען ביי איהרע האָלענדישע גרינדער) דיא שיף "סט. קאַטאַרינאַ" פון קייפּ סט. אַנטהאָני (קיובאַ ?) פון וועלכע זשאַק דע לאַ מאָטהע איז געווען דער קאַפּיטאַן, ברייענגענדיג זיעבען־און־צוואַנציג אידען, מענער, פרויען און קינדער. דיעזע פּאַסאַזשירען וועלכע זיינען געווען דיא ערשטע אידען וואָס זיינען אָנגעקומען אין דיא איצטיגע יונייטעד סטייטס, זיינען געווען אַזוי אָרעם אַז זייערע זאַכען האָבען געמוזט פערקויפט ווערען צו בעצאָהלען וואָס עס האָט געקומט פון זיי פאַר זייער רייזע. דיא סומע געלד וואָס דיא זאַכען האָבען געבראַכט איז אויך ניט געווען גענוג פאַר'ן חוב, און דע לאַ מאָטהע האָט זיך געווענדעט צום בירגערמייסטערליכען געריכט מיט דיא ביטע אַז ער זאָל מעגען פערהאַלטען צוויי

פון דיא פּאַסאַזשירען אַלס פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם חוב, לויט אַ קאָנטראַקט וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיי פריהער. ער האָט בעצייכענט דוד איזראַעל און משה אַמבראָזיוס אַלס דיא צוויי וועמען ער האָט אויסגעקליעבען צו פערהאַלטען.

דאָס געריכט האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אַז דיעזע צוויי אידען זאָלען פערהאַלטען ווערען אין ציוויל־אַרעסט, אונטער דיא אויפזיכט פון פּראָוואָסט מאַרשאַל, ביז זיי וועלען בעצאָהלען דיא שולד; אַז דער קאַפּיטאַן מוז זיי אויסהאַלטען אין דער צייט וואָס זיי זיינען פערהאַלטען, און אַלס זיכערהייט פאַר דיעזע אויסגאַבען זאָל אַ טהייל פון דעם געלד וואָס דער פערקויף פון דיא זאַכען האָט געבראַכט איבערגעגעבען ווערען אין דיא הענד פון דעם סעקרעטערי פון דיא קאָלאָניע. אָבער אַזוי וויא דיא גאַנצע געשיכטע ווערט ניט מעהר דערמאָנט אין דעם פּראָטאָקאָל פון יענעם געריכט, שיינט אַז דיא אידען האָבען זיך אויסגעגלייכט מיט דעם קאַפּיטאַן און אַז דיא גאַנצע געשיכטע איז וואַהרשיינליך געווען ניט מעהר וויא אַ שטרייטיגקייט אָדער אַ מיספערשטענדניס איבער דיא פראַגע אויב זיי דאַרפען גוט מאַכען דאָס וואָס עס האָט געפעהלט, בעזאָנדערס ווייל דער געצוואונגענער פערקויף האָט וואַהרשיינליך געבראַכט פיעל וועניגער וויא דיא זאַכען זיינען אין דער ווירקליכקייט ווערטה געווען.*) עס לאָזט זיך גיכער שיקען אַז דיא פערלעגענהייט פון דיא פּאַסאַזשירען איז געווען נור אַ צייטווייליגע, און האָט געשטאַמט ניט דערפון וואָס זיי זיינען געווען ווירקליך אָרעם, נור ווייל זיי זיינען בערויבט געוואָרען אַ קורצע צייט פריהער אָדער אַ קורצע צייט נאָכדעם וויא זיי האָבען פערלאָזען דעם לעצטען פּלאַץ וואו זיי האָבען זיך אויפגעהאַלטען, וועלכעס איז וואַהרשיינליך געווען דשאַמייקאַ. (זעה לעאָן היהנער׳ס אויפזאַץ: ״פון וואַנען זיינען געקומען די ערשטע אידען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין ניו יאָרק?״ אין ניינטען באַנד פון דיא ״פּאָבליקיישענס״ זייטע 75 און ווייטער). עס ווערט דערמאָנט אַז אייניגע פון זיי האָבען ערוואַרטעט אַז עס זאָל זיי אָנקומען געלד, און דאָס איז וואַהרשיינליך געקומען אין דער צייט אַז זיי האָבען געהאַט פון וואַנען צו לעבען ביז דיא פראַגע אויב זיי מעגען דאָ בלייבען איז ענטשידען געוואָרען צו זייערע גונסטען דורך אַ קאָררעספּאָנדענץ מיט האָלאַנד.

פּעטער סטייוועזאַנט, דער גאָווערנאָר פון דער קאָלאָניע, וועלכער איז געווען

*) ריכטער דיילי, אין זיין בוך ״דיא בעזעצונג פון דיא אידען אין נאָרד אַמעריקאַ״ זייטע 7 און ווייטער. דיא נעמען פון דיעזע ערשטע אימיגראַנטען (פון וועלכע אייניגע זיינען געקומען פון האָלאַנד אין דער זעלבער צייט) אַזוי ווייט וויא עס איז געווען מעגליך אויסצוגעפינען זיינען געווען וויא פאָלגט: אברהם ד׳לוצענאַ, דוד איזראַעל, משה אַמבראָזיוס, אברהם דע לאַ סימאָן, סאַלוואַטאָרע ד׳אַנדראַדע, יוסף דאַ קאָסטאַ, דוד פרערא, יעקב באַרסימאָן (בר שמעון), יעקב ס. הענריקע (אָדער יעקב כהן), יצחק מעסאַ און אשר ליוואַי.

א מאַן מיט א פעסטען ווילען און איינגעוואָרצעלטע פּאַראורטהיילע, איז געווען פיינדליך צו די אַנגעקומענע אידען און ער האָט גלייך אַוועקגעשריעבען צו די דירעקטאָרען פון די האָלענדישע וועסט אינדיא קאָמפּאַניע אין אַמסטערדאַם אז מען זאָל ניט לאָזען די קאָלאָניע "געפלאָגט ווערען מיט די בעזעצונג פון די אידישע נאַציאָן". מען האָט איהם פון דאָרטען געענטפערט אַז דיעזעס וואָלט געווען א גרויסעס אונרעכט, בעזאָנדערס ווייל די אידען האָבען אַזוי פיעל געליטען ביי דעם פערלוסט פון בראַזיליען, און אויך צוליעב די גרויסע סומען קאַפּיטאַל וואָס אידען האָבען אריינגעלייגט אין דיעזער קאָמפּאַניע. "נאָך פיעלע בעראַטהונגען האָבען מיר ענטשידען צו ערפילען די ביטע פון יענע פּאָרטוגעזישע אידען אַז זיי זאָלען האָבען די ערלויבניס צו פאָהרען און צו האַנדלען אין ניי ניעדערלאַנד, דאָרטען צו וואָהנען און צו בלייבען, אונטער דער בעדינגונג אז זייערע אָרעמע לייט זאָלען ניט ווערען א לאַסט אויף די קאָמפּאַניע אָדער אויף די געמיינדע, נור זיי זאָלען קריעגען שטיצע פון זייער אייגענע נאַציאָן". דיעזעס איז דער סוף פון דעם אנטוואָרט וואָס דער גאָווער־נאָר פון די קאָלאָניע ניי ניעדערלאַנד האָט געקריעגען פון זיינע בעלי בתים, דאָס הייסט פון די דירעקטאָרען פון די האָלענדישע וועסט אינדיא קאָמ־פּאַניע צו וועמען די קאָלאָניע האָט געהערט. דער אָנהויב פון די צושריפט, וועלכע איז דאַטירט דעם 26טען אַפּריל 1655, איז געווען דער בעדייטונגספאָלער זאַץ: "מיר וואָלטען וועלען איינשטימען מיט דיין וואונש און פערלאַנג, אַז די נייע טעריטאָריען זאָלען בלייבען פריי פון א וויטערע אריינדרינגונג פון די אידישע ראַסע, ווייל מיר זעהען פּאָראויס פון אַזאַ איינוואַנדערונג די זעלבע שוויריגקייטען פאַר וועלכע דוא האָסט מורא". אָבער דער איינפלוס פון די אידען אין אַמסטערדאַם איז איבערגעקומען דעם וואונש און די מורא פון דער קאָמפּאַניע, און א שפּעציעלער אַקט איז אַרויסגעגעבען געוואָרן דעם 15טען יולי 1655, וועלכער האָט אויסדריקליך געגעבען די אידען אין ניי ניעדערלאַנד די זעלבע פּריווילעגיען וועלכע זיינען אויסגערעכענט געוואָרן אין דעם אויבען־דערמאָנטען בריעף צום גאָווערנאָר.

איידער די גינסטיגע ענטשיידונג האָט געקענט אָנקומען פון האָלאַנד, איז די לאַגע פון די אידען געווען זעהר א צווייפעלהאַפטע. דעם ערשטען מערץ 1655 איז אברהם דע לא סימאָן געבראַכט געוואָרן פאַר דעם בירגערמייסטער־ליכען געריכט אויף די קלאַגע פון דעם שאָוט אָדער שעריף אַז ער האָט געהאַל־טען אָפען זיין געשעפט אום זאָנטאַג און האָט אויך פערקויפט אין ריטייל. דער שעריף האָט ביי דיעזער געלעגענהייט ערקלערט אין געריכט אַז דער גאָ־ווערנאָר און זיין ראַטה האָבען בעשלאָסען אַז די אידען וועלכע זיינען געקומען פאַריגען הערבסט און אויך די וואָס זיינען אין די לעצטע צייט געקומען פון האָלאַנד, מוזען גלייך אַוועק צוריק. דער שעריף האָט געפרעגט אויב דאָס

געריכט וועלכעס האָט אויך געווירקט אַלס שטאָדט־ראַטה אָדער שטעדטישע רעגירונג האָט עטוואָס דאַגעגען איינצו־ווענדען. עס איז דאַן בעשטימט געוואָרן, וויא עס איז פערצייכענט אין פּראָטאָקאָל, אַז דעם גאָווערנאָר'ס בעשלוס זאָל דורכגעפיהרט ווערען.

עס איז דאָ אורזאַכע צו גלויבען אַז אייניגע אידען זיינען טאַקי אַוועק צוליעב דיעזען בעשלוס, איידער דער בעפעהל אַז זיי זאָלען בלייבען איז אָנגעקומען פון האָלאַנד. עס ווערט אָנגענומען אַז זיי זיינען אַוועק נאָך רהאָוד איילענד. דיא וואָס זיינען געבליעבען זיינען געוועזן פערהאַסט ביי דעם גאָווערנאָר, און אפילו דיא קאָמפּאַניע וועלכע איז געוועזן מעהר פריינדליך איז אויך ניט געוועזן צו ליבעראַל. אַ בריעף פון דיא דירעקטאָרען צו סטייוועזאַנט, דאַטירט דעם 13טען מערץ 1656 ענטהאַלט פאָלגענדעס: "דיא ערלויבנים וואָס מען האָט געגעבען דיא אידען צו פאָהרען נאָך ניי ניעדערלאַנד און דאָרטען געניסען דיא זעלבע פּריווילעגיען וואָס זיי האָבען היער (אין אַמסטערדאַם) איז געגעבען געוואָרן נור אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט ציווילע און פּאָליטישע רעכטע, אָבער זיי האָבען דערמיט ניט געקריעגען דאָס רעכט צו האַלטען זייער גאָטעס־דיענסט אין אַ סינאַגאָג אָדער עפענטליכע פערזאַמלונג".

אָבער מען מוז אויך געבען דיא דירעקטאָרען דיא אַנערקענונג אַז זיי זיינען בעשטאַנען אַז דיא אידען זאָלען קריעגען אַלע רעכטע וואָס מען האָט זיי געגעבען, און אין אַן אַנדער בריעף, דאַטירט דעם 14טען דשון 1656, שרייבען זיי צו דעם איינגע'עקשנטען גאָווערנאָר: "מיר האָבען געזעהן און געהערט מיט פערדרוס, אַז געגען אונזער בעפעהל פון 15טען פעברואר 1656, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרן אויף דער ביטע פון דיא אידישע אָדער פּאָרטוגעזישע נאַציאָן, האָסט דוא זיי פערבאָטען צו האַנדלען אין פאָרט אָרענדש (אָלבאַני) און דעם סאַוטה ריווער (דעלעוואר), אויך צו קויפען גרונד־אייגענטהום, וועלכעס איז זיי ערלויבט אָהן שוויריגקייטען דאָ אין לאַנד, און מיר ווינשען אַז דיעזעס וואָלט ניט געטהאָן געוואָרן, און אַז דוא וואָלסט געהאָרכט דיא בעפעהלען וואָס דוא מוזט אימער דורכפיהרען פּינקטליך און מיט מעהר רעספּעקט. אָבער אידען אָדער פּאָרטוגיעזען דאַרפען ניט פערנעהמען קיין עפענטליכע עמטער (צו וועלכע זיי ווערען דאָ אין שטאָדט אויך ניט צוגעלאָזען) און זיי דאַרפען אויך ניט צוגעלאָזען ווערען צו האַלטען ריטייל געשעפטען. אָבער זיי מעגען שטיל און פריעדליך פיהרען זייערע געשעפטען וויא עס איז אויבען געזאָגט געוואָרן, און זיי מעגען אויך שטילערהייד אָפּהיטען זייער רעליגיאָן אין זייערע הייזער, פאַר וועלכען צוועק זיי וועלען אָהנע צווייפעל שטרעבען צו בויען זייערע הייזער נאָהענט איינער נעבען אַנדערען אויף אַ בעקוועמען פּלאַץ אין דער זייט פון שטאָדט וואָס זיי וועלען אויסקלייבען, אַזוי וויא זיי טהוען דאָ".

דיעזע פעראָרדנונגען זיינען געקומען אַלס דער רעזולטאַט פון אַ ביטשריפט

וואָס אברהם ד׳לוצענאַ, סאַלוואַטאָרע ד׳אַנדראַדע און יעקב כהן האָבען געשיקט פאַר זיך אַליין און אין נאָמען פון דיא אַנדערע אידען אַז זייערע פּריווילעגיען זאָלען בעשטעטיגט ווערען, וועלכעס איז דערמיט ערפילט געוואָרען. דיעזע דריי און נאָך צוויי אידען, יוסף דאַ קאָסטאַ און דוד פרעראַ, זיינען אין פאָריגען יאָהר, 1655, בעשטייערט געוואָרען יעדער צו טויזענד פלאָרין אַלס בייטראַג צו בויען דעם אויסערליכען וואַנט פון שטאָדט פון וועלכען ״וואָל סטריט״ האָט געקריעגען איהר נאָמען. דאָס איז געוועזען דיא זעלבע סומע וועלכע מען האָט אַרויפגעלייגט אויף דיא רייכסטע בירגער, און דיא פּינף האָבען דיעזעס גע־בראַכט אַלס אַן אַרגומענט פאַר וואָס עס קומט זיי דיא רעכטע צו האַנדלען און צו האָבען גרונד־אייגענטהום.

אברהם ד׳לוצענאַ, וועלכער האָט געשיינט צו זיין דער פּראָמינענטעסטער צווישען דיא ערשטע אידישע אימיגראַנטען, און אייניגע אַנדערע, האָבען אין יולי 1655 אריינגעבראַכט אַ ביטע צו דער שטאָדט מען זאָל זיי געבען אַ פּלאַץ פאַר אַ בית הקברות. דיא פאָדערונג איז צוריקגעוויזען געוואָרען מיט דיא אַנטוואָרט אַז ״דערווייל איז נאָך ניטאָ קיין געברויך דערפאַר״. עס איז אָבער באַלד געקומען אַ צייט ווען עס איז שוין געווען אַ געברויך פאַר אַ מקום קבורה, און דעם 14טען יולי 1656 האָבען דיא אידען געקריעגען אַ שטיק פּלאַץ אויסען שטאָדט וואו ־מקבר צו זיין זייערע טויטע. דאָס איז דער אַלטער בית עולם אויף אָליווער סטריט און דיא ניו בויערי וועלכער איז אין פאָלגענדען יאָהר־הונדערט פערגרעסערט געוואָרען דורך דעם וואָס מען האָט צוגעקויפט אַ שטיק לאַנד דערביי.

דיא שטאָדט איז דאַן שטענדיג געווען אין געפאַהר אָנגעגריפען צו ווערען פון שפּאַנישע קריעגס־שיפען און פון פּיראַטען אָדער ים־רויבער, און איבער־פאַלען פון פיינדליכע אינדיאַנער זיינען אויך אָפט פאָרגעקומען. דיא ענגלענ־דער וועלכע האָבען זיך גערוקט נעהענטער אויף לאָנג איילענד און אין וועס־טשעסטער האָבען אויך געהאַלטען דיא האָלענדער אין דער מורא, ווייל ענגלאַנד האָט איבערהויפּט קיינמאָל ניט אַנערקענט דעם רעכט פון דיא האָלענדער צו בעזעצען ניי ניעדערלאַנד. דיעזעס האָט געמאַכט אַז אַלע מענליכע איינוואָהנער פון ניי אַמסטערדאַם וועלכע זיינען געווען פעהיג צו טראָגען וואַפען זיינען אריינגענומען געוואָרען אין דיא בירגער־גוואַרדיע, און עס איז געשטאַנען אַ וואַך טאָג און נאַכט מיט דיא בעשטענדיגקייט און דיא פאָרזיכטיגקייט פון אַ בעלאַגערטע שטאָדט. עטליכע מאָנאַט נאָכדעם וויא דיא אידישע אימיגראַנ־טען זיינען אָנגעקומען איז אויפגעהויבען געוואָרען דיא פראַגע אויב דיא ער־וואַקסענע מענער אונטער זיי זאָלען אריינגענומען ווערען אין דיא בירגער־גוואַרדיע; דיא אָפיציערען האָבען עס דאַן פאָרגעלייגט פאַר׳ן גאָווערנאָר און זיין ראַטה. עס איז אָנגענומען געוואָרען וועגען דעם אַן אָרדינענס נאָך אַ בע־

ראַטהונג און פערהאַנדלונג (28טען אויגוסט 1655) אין וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרן אַז אַזוי וויא "דיא מאַסע פון דיא בירגער ווילען ניט דיענען צוזאַמען מיט דיא אידען, אָדער שטעהן מיט זיי אויף'ן וואַך אין דיא זעלבע פּלעצער", און דער פאַקט דאָס דיא אידען אין האָלאַנד דיענען אויך ניט אין דיא דאָרטיגע בירגער־מיליץ פון דיא שטעדט, נור זיי צאָהלען אַ געוויסע סומע פאַר'ן זיין אויסגעשלאָסען פון דיענסט; דעריבער זאָלען דיא אידען דאָ אויך זיין פריי פון מיליטער־דיענסט, און פאַר דיזע בעפרייאונג זאָל יעדער מאַנספּערזאָן צווישען זעכצעהן און זעכציג יאָהר צאָהלען פינף־און־זעכציג סטיווערס (צוויי־סענטיגע) אַ מאָנאַט.

יעקב באַרסימאָן און אָשר ליוואי האָבען אריינגעשיקט אַ ביטשריפט אַז זיי ווילען שטעהן אויף'ן וואַך צוזאַמען מיט אַנדערע בירגער, אָדער מען זאָל זיי בעפרייען פון דיא אָפּצאָהלונג, וועלכעס איז צוריקגעוויזען געוואָרן פון דעם גאָווערנאָר און זיין ראַטה מיט דיא בעמערקונג אַז "זיי מעגען געהן אַנדערסוואו אויב זיי ווילען". ווען דער לעצטער בעפעהל פון אַמסטערדאַם גינסטיג פאַר אידען איז אָנגעקומען, האָט אָשר ליוואי (געש. 1682) דער־לאַנגט אַ ביטע אַז מען זאָל איהם צולאָזען צו פולע בירגער־רעכט, און האָט געוויעזען אַ געריכטליכען דאָקומענט אַז ער איז געווען אַ בירגער אין אַמסטער־דאַם. זיין פערלאַנג, און אַן עהנליכער וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון סאַל־וואַטאָרע ד'אַנדראַדע און אַנדערע, זיינען ניט ערפילט געוואָרן. דיא פראַגע איז געבראַכט געוואָרן פאַר דעם גאָווערנאָר און זיין ראַטה, און אַזוי וויא צום סוף איז אַלעס קאָנטראָלירט געוואָרן פון האָלאַנד, איז ארויסגעגעבען געוואָרן אַ בעפעהל דעם 21טען אַפּריל 1657 אַז דער בירגער־מייסטער זאָל זיי געבען בירגער־רעכטע. דערמיט האָבען זיך געענדיגט אַלע שטרייטיגקייטען און מען האָט דיא אידען ניט מעהר בעלעסטיגט אין דער צייט וואָס דיא האָלענדער האָ־בען געהערשט.

ווען דיא ענגלענדער האָבען איינגענומען דיא שטאָדט אין 1664 און האָבען איהר אַ נאָמען געגעבען ניו יאָרק, איז דיא אידישע לאַגע געבליעבען אונגעפעהר דיא זעלבע. עס איז דאָ אַ בעריכט פון אַ אידען וועלכער איז אָנ־געקומען פון ניופּאָרט אין ניו יאָרק אין יענער צייט און האָט געהאַט שוויריג־קייטען ווייל מען האָט געגען איהם אָנגעווענדעט דיא בעשטימונג וועלכע האָט ניט ערלויבט אַ אידען זיך צו בעשעפטיגען מיט ריטייל־געשעפט. דער טשאַר־טער פון פרייהייטען און פּריווילעגיען וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן פון דיא קאָלאָניאַלע געזעצגעבונג אין 1683 האָט ערקלערט אַז "קיינער זאָל ניט ווערען בעלעסטיגט, בעשטראָפט, בעאונרוהיגט אָדער אויסגעפרעגט וועגען זיין רעלי־גיאָן ווען ער אַנערקענט נור אַז ער גלויבט אין גאָט דורך דיא קריסטליכע רע־ליגיאָן". דיעזעס האָט געמיינט אַז אידען און אונגלויביגע קענען אויסגעשלאָסען

ווערען פון דיא פּריווילעגיען פון רעליגיאָנס־פרייהייט. אַ ביטשריפט פון דיא אידען צו גאָווערנאָר דאָנעגאַן אין 1686, פאַר פרייהייט צו היטען זייער רע־ליגיאָן, דאָס הייסט צו דאַוונען בצבור עפענטליך, איז דעריבער צוריק געוויזען געוואָרן. אָבער דשיימס, דער דיוק אָוו יאָרק (שפּעטער קעניג דשיימס דער צווייטער, 1633—1701) צו וועמען זיין ברודער דער קעניג האָט אַוועקגע־שיינקט ניו יאָרק, האָט שוין פריהער געהאַט אַרויסגעשיקט אינסטרוקציאָנען וועלכע זיינען אָנגעקומען אין יענער צייט, "צו ערלויבען יעדע פּערזאָן פון אירגענד וועלכע רעליגיאָן, צו וואָהנען רוהיג אונטער דיא רעגירונג, און קיינעם אויף קיין אופן ניט צו בעאונרוהיגען צוליעב אַן אונטערשייד אין רעליגיאָנס־אַנגעלעגענהייטען".

דיא ריכטיגע דאַטע ווען דיא אידען האָבען זיך בענוצט מיט דיעזע לי־בעראַלע בעשטימונג איז ניט בעקאַנט, אָבער עס ווערט אָנגענומען אַז אַנשטאָט וואָס מען פלעגט פריהער דאַוונען האַלב־פּריוואַט, האָט מען איצטער שוין אָנ־געהויבען זיך צוזאַמען צו קומען אין אַ הויז וואָס איז געווען אַנערקענט אַלס שול אָדער מנין. עס איז געוויס אַז עס איז שוין געווען אַ אידישע שול אין ניו יאָרק אין 1695, וואַהרשיינליך שוין אין 1691, און דיא בעשרייבונגען פון אידישען האַנדעל זיינען אַרונטערגענומען געוואָרן נאָך מיט איינינע יאָהר פרי־הער. דיא שול, דיא ערשטע אויף דעם נאָרד אַמעריקאַנישען קאָנטינענט, איז געווען אויף דער סאַוטה זייט פון דיא איצטיגע ביעווער סטריט, צווישען בראָאדוויי און בראָאד סטריט. ווען זיא איז געוואָרן צו קליין פאַר דיא קהלה וועלכע איז געוואַקסען אין רייכטהום און אין צאָהל, איז אַ נייער בנין אויפ־געבויט געוואָרן אין 1728 אויף מיל סטריט (אויף דעם איצטיגען פּלאַץ פון סאַוטה וויליאַם סטריט) וואו דיא קאָנגרעגיישען, וועלכע האָט איצטער אָנגע־נומען דעם נאָמען "שארית ישראל" האָט געדאַווענט מעהר וויא הונדערט יאָהר.

אַן איינטרעגליכער האַנדעל איז געפיהרט געוואָרן צווישען ניו יאָרק און וועסט אינדיען אין אָנפאַנג פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט אין וועלכען פיעלע אידישע סוחרים האָבען זיך בעטהייליגט. מען האָט אויך פאַר אַ קורצע צייט עקספּאָרטירט ווייץ פון דאַנען נאָך פּאָרטוגאַל, צוליעב דעם יקרות וואָס האָט געהערשט אין אייראָפּאַ אין דיא לעצטע צייט פון דיא פראַנצויזישע מלחמה. אברהם ד'לוצענאַ און לואיס מאָזעס גאָמעז, וועלכע האָבען געפיהרט דיעזען מסחר מיט פּאָרטוגאַל זיינען געוואָרן צוויי פון דיא רייכסטע אידישע איינ־וואָהנער אין ניו יאָרק, און זיי האָבען דערמיט אויך בייגעטראָגען צו פער־גרעסערען דיא צאָהל אידען פון דער היעגער געמיינדע. עס ווערט אָנגענומען אַז דיא שיפען וואָס פלעגען אַוועקפיהרען געטריידע נאָך דיא שפּאַניש־פּאָר־טוגעזישע האַלב־אינזעל פלעגען צוריק ברייננען אידען אָדער אַנוסים אַלס

פּאַסאַזשירען. דיא מייסטע נייע אידישע נעמען וואָס האָבען אין יענער צייט אָנגעהויבען צו ערשיינען שטאַמען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. אָבער דיא שטאָדט האָט שוין דאַן אויך געהאַט אידען פון אַנדערע לענדער. ווען דער גייסטליכער דשאָהן שאַרפּ האָט פּאָרגעשלאָגען מען זאָל אויפבויען אַ ביב־ליאָטהעק אין פערבינדונג מיט אַ סקול און אַ קאַפּעלע אין ניו יאָרק אין 1712—13, האָט ער אָנגעוויזען צווישען אַנדערע מעלות וואָס דיא שטאָדט האָט געהאַט פאַר אַזאַ צוועק אַז: ״עס איז שוין אויך מעגליך דאָ איצ־טער צו לערנען העברעאיש אַזוי גוט וויא אין אייראָפּאַ, ווייל עס איז דאָ פאַראַן אַ אידישע שול, און פיעלע געלערנטע מענשען פון דיעזער נאַציאָן פון פּוילען, אונגאַרן, דייטשלאַנד א. ז. וו.״

דער אויבען־דערמאָנטער לואיס מאָזעס גאָמעז (געב. אין מאַדריד 1654; געש. אין ניו יאָרק 1740) וועלכער איז אָנגעקומען אין אַמעריקאַ אַרום 1700, איז ביז דער צייט פון זיין טויט געווען איינער פון דיא גרעסטע קויפלייטע פון ניו יאָרק. ער האָט געהאַט פינף זיהן און זיינע נאַכקאָמען זיינען געווען פערבונדען דורך שדוכים מיט דיא מייסטע אַלטע אַמעריקאַניש־אידישע פאַ־מיליען.

אין דער צייט וואָס דיא אידישע געמיינדע האָט געהאַלטען אין שטייגען אין צאָהל און אין רייכטהום, איז פאָרגעקומען עטוואָס וואָס האָט דיא אידען שאַרף דערמאָנט אַז דיא צייט פון פאָלשטענדיגע גלייכשטעלונג איז נאָך ניט געקומען. אין 1737 האָט קעפּטעין קאָרנעליוס וואַן האָרן אַלס געגען־קאַנדידאַט בעהויפּטעט אַז ער און ניט קאָלאָנעל פרעדריק פיליפּס איז ערוועהלט געוואָרן אַלס מיטגליעד פון וועסטשעסטער קאַונטי אין דיא דשענעראַל אַסעמבלי אָדער קאָלאָניאַלען פּאַרליאַמענט פון ניו יאָרק. קאָלאָנעל פיליפּס האָט געבראַכט איינינגע אידען אַלס עדות פון זיין זייט, און דער אַנדערער זייט האָט פּראָטעס־טירט אַז מען קען זיי ניט אָננעהמען. נאָכדעם וויא מען האָט אויסגעהערט טענות פון ביידע זייטען, האָט דער ספּיקער אָדער פּאָרזיצענדער געגעבען זיין ענטשיידונג אַז ״קיינער פון דיא אידישע אמונה קען צוגעלאָזען ווערען אַלס בעוויז״. עס שיינט אַז אידען האָבען אויך געשטימט ביי דיעזע וואַהלען, ווייל נאָך ווייטערע אַרגומענטען פון דיא אַדוואָקאַטען פון ביידע זייטען האָט דאָס הויז בעשלאָסען דאָס אַזוי וויא עס איז ניט בעוויזען געוואָרן אַז אידען האָבען דאָס רעכט צו שטימען פאַר מיטגליעדער פון פּאַרליאַמענט אין ענגלאַנד, איז עס דיא איינשטימיגע מיינונג פון הויז אַז זיי קענען ניט צוגעלאָזען ווערען צו שטימען פאַר פערטרעטער אין דיא קאָלאָניע. דיעזע ענטשיידונג איז בע־צייכענט געוואָרן פון אַ שפּעטערען היסטאָריקער אַלס מערקווירדיג און ער ער־קלערט עס אויף פאָלגענדען אופן: ״אַז קאַטהאָליקען און אידען זיינען בע־זאָנדערס געווען פערהאַסט ביי דיא קאָלאָניסטען, ווייל דיא ערשטע וואָס האָבען

זיך דאַ בעזעצט זיינען געווען האָלענדער, מייסטענס פון די רעפאָרמירטע פּראָטעסטאַנטישע קירכע, און די וואָס זיינען געקומען פון ענגלאַנד זייט די לעצטע האָט איבערגענומען די הערשאַפט זיינען מייסטענס געווען עפּי־סקאָפּאַליער, און ביידע זיינען געווען פעראייניגט אין זייער שנאה צו קאַטהאָ־ליקען און צו אידען". (ציטירט אין דיילי'ס ווערק איבער די בעזעצונג פון די אידען אין נאָרד אַמעריקאַ, זייטע 46). *)

די אַלגעמיינע לאַגע פון די אידען פון ניו יאָרק איז פון דעסטוועגען געווען זעהר גינסטיג, וויא עס איז בעשריעבען געוואָרען פון דעם שוועדישען באָטאַניקער און רייזענדער פּעטער קאַלם (1715—79) וועלכער האָט פערבראַכט אַ היבשע צייט אין דער קאָלאָניע ארום 1745. ער שרייבט: "עס וואָהנען אין ניו יאָרק פיעלע אידען און זיי בעזיצען גרויסע פּריווילעגיען. זיי האָבען אַ שול און אייגענע הייזער, גרויסע לאַנד־גיטער וואָס געהערען צו זיי, און זיי מעגען האַלטען קראָמען אין שטאָדט. זיי זיינען אויך אייגענטהימער פון שיפען וואָס זיי לאָדען אָן מיט סחורה און שיקען ארויס, קורץ, די אידען געניסען אַלע פּריווילעגיען גלייך מיט די אַנדערע איינוואָהנער פון דיעזער שטאָדט און פון פּראָווינץ".

דער צו־וואַקס פון די אידישע געמיינדע פון דיעזער צייט ביז די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָן איז געווען זעהר לאַנגזאַם אין פערגלייך מיט דעם שנעלען צו־וואַקס פון די אַלגעמיינע בעפעלקערונג פון שטאָדט, וועלכע איז געווען ווענינגער וויא 5,000 אין 1700, ארום 9,000 אין 1750 און נאָהענט פון 23,000 אין 1776. די נאַטירליכע פערמעהרונג און דער צופלוס וואָס איז געקומען פון איינוואַנדערונג, הויפּטזעכליך פון ענגלאַנד, איז געווען קאַם גענוג גוט צו מאַכען די פערלוסטען צוליעב דעם וואָס מען איז פון ניו יאָרק אוועק נאָך ניופּאָרט, נאָך טשאַרלסטאָן און נאָך פילאַדעלפיא. אָבער חאָטש די קהלה איז געבליעבען קליין איז זיא געווען עהרענהאַפט און איינפלוסרייך, ווייל עס האָבען צו איהר געהערט מאַנכע פון די גרעסטע סוחרים פון שטאָדט.

---

*) ריכטער דיילי אַליין זעהט קיין גרונד צו גלויבען אַז די ענטשיידונג האָט געשטאַמט פון האָס. ער דיינקט אַז דאָס איז איינפאַך געווען אַ פראַגע פון געזעץ. די געזעץ פון די קאָלאָניע ניו יאָרק זיינען געווען שפּעציעל מאָדעלירט נאָך די געזעץ פון דער מוטער־לאַנד. ניו יאָרק איז געווען אַן איינגענומענע פּראָווינץ און ווען מען האָט איהר צוגענומען פון די האָלענדער איז דאָרטען איינגעפיהרט געוואָרען די ענגלישע פיהרונג און פּראָצעדור אין אַלעס וואָס אַנבעלאַנגט צו געזעץ און צו רעגיערונג. פון דיעזע אומשטענדען שטאַמט עס וואָס ענגלישע געריכטליכע פּאָרכם, פריהערע ענטשיידונגען און מעטהאָדען פון געריכטליכע פּער־האַנדלונגען זיינען געברויכט געוואָרען אין ניו יאָרק פיעל מעהר וויא אין די אַנדערע קאָלאָניעס, וואו דאָס פאָלק אַליין האָט געקריעגען די מעגליכקייט אויסצואַרבייטען אַ סיסטעם פון רעגיערונג און פון געזעץ וויא עס האָט זיך פאַר זיי אַם בעסטען געפּאַסט צו בעשיצען זייערע אייגענע אינטערעסען. די אַסעמבלי פון ניו יאָרק האָט דערמיט ניט מעהר וויא איינפאַך ערקלערט וואָס די ענגלישע געזעץ זיינען אין יענער צייט געווען וועגען דיעזען פּונקט.

איינער פון זיי איז געוועזן היימאַן ליוואַי (געש. 1790) וועלכער האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען, מייסטענס מיט דיא אינדיאַנער, און געווינענדיג זייער רעשפעקט און צוטרויען איז ער געוואָרן דער גרעסטער רויכוואַרג־הענדלער אין דיא קאָלאָניעס. אין זיינע געשעפטס־ביכער איז פערשריעבען אַז ער האָט געצאָהלט יאָהאַן יאַקאָב אַסטאָר (1763—1848) דעם גרינדער פון דיא אַסטאָר פאַמיליע, איין דאָלאַר אַ טאָג פאַר אויסקלאַפּען פעלץ־וואַרג. צפורה ליוואַי (געש. 1833), אַ טאָכטער פון היימאַן, האָט אין 1779 געהייראַטהעט בנימין הענדריקס, דעם גרינדער פון אַ בעוואוסטע אידישע פירמאַ וועלכע האָט עקזיסטירט אַ לאַנגע צייט.

# קאַפּיטעל 10

## ניו ענגלאַנד און דיא אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעם.

דער גייסט פון תנ״ך אין ניו ענגלאַנד — ראַדשער וויליאַמס — דער ערשטער איד אין מאַסאַטשוסעטס — יהודה מאָנים, דער לעהרער פון העברעאיש אין האַרוואַרד — ניופּאָרט — אידען פון האָלאַנד ברייגגען מיט זיך דיא ערשטע גראַדען פון פּרוי־מויערריי — דער בית הקברות וועלכען דער אַמעריקאַנישער פּאָעט לאָנגפעללאָו האָט געמאַכט אונשטערבליך — יעקב ראָדריגעס ריוועראַ פיהרט איין דיא פאַבריקאַציאָן פון ספּערם (פּיש) אָיל — אהרן לאָפּעץ, דער גרעסטער קויפמאַן אין אַמעריקאַ — איינוואַנדערונג פון פּאָרטוגאַל — רבי יצחק טוראָ — אידישע גע־לעהרטע וואָס זיינען געקומען בעזוכען אַמעריקאַ — דיא ערשטע אידען אין קאָנעקטיקוט — פילאַדעלפיאַ — קאָנגרעגיישען מקוה ישראל — דיא רייכע אידען פון איסטאָן — מערילענד — דר. יעקב לומבראָזאָ — גענעראַל אָגלטהאָרפּ און דיא ערשטע אידען פון דשאָרדשיאַ — יוסף אַטאָלענגי — דיא קאַראָלינאַס — טשאַרלסטאָן.

אָבגלייך ״דיא פּיוריטאַנער פון ענגלאַנד און אַמעריקאַ האָבען זיך בענוצט מיט דיא שפּראַכע פון אונזערע שופטים און נביאים״ און דער גייסט פון אַלטען טעסטאַמענט איז געווען איינער פון דיא שטאַרקסטע קרעפטען אין דיא גרינדונג און פיהרונג פון דיא עלטערע קאָלאָניעם פון ניו ענגלאַנד; דאָך איז עס ניט געווען איינער פון דיא אַנערקענטע פיהרער פון דיא לייטע וועלכע האָבען זיך בעטראַכטעט אַלס מיטגליעדער פון אַ נייע אידישע גאָט־בעהערשטע דעמאָקראַטיע, נור גראַדע איינער וואָס איז פון זיי פערטריעבען געוואָרן, וועלכער האָט דער ערשטער געגעבען אידען פולע רעליגיעזע פרייהייט און האָט זיי אויפגענומען גאַסט־פריינדליך. דיעזער מאַן איז געווען ראַדשער וויליאַמס (1684—? 1600), דער געוועזענער גייסטליכער פון דיא ענגלישע קירכע, וועל־כער איז שפּעטער (1631) געוואָרן אַ פּיוריטאַנישער פּאַסטאָר אין סיילעם, מאַסס., און איז דערנאָך פון דאָרטען ארויסגעטריעבען געוואָרן ווייל ער האָט אָפּגעלייקענט אַז דיא ריכטער האָבען אַ רעכט צו בעשטראָפען איינעם וואָס איז מחלל דיא הייליגקייט פון זאָנטאַג. ער איז פיער יאָהר געווען ״פעריאָגט פון דיא געריכטסבאַרקייט פון דיא פּיוריטאַנער פון אַמעריקאַ, און איז געטריע־

בען געוואָרן אין דיא ווילדע געגענדען צו ליידען פון דיא שטרייגנקייט פון אונזער נאָרדליכען ווינטער און דיא ביטערע יסורים פון הונגער".*)

עס איז דאָ אַ בעריכט פון מינדעסטענס איין אידען אין מאַסאַטשו־סעטס פון דער צייט איידער עס זיינען אָנגעקומען דיא ערשטע אידען אין ניי אַמסטערדאַם, און ער ווערט נור דערמאָנט אַז מען האָט איהם געהאָלפען—אָדער געצוואונגען — צו פערלאָזען דיא קאָלאָניע. דער בעריכט וועגען איהם טראָגט דיא דאַטע פון דריטען מאַי 1649, וואו עס איז פערצייכענט אַז דאָס געריכט בעשטימט סאָלאָמאָן פראַנקאָ, דעם אידען, זעקס שילינג אַ וואָך פון דיא טרעזשורי פאַר צעהן וואָכען, ער זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען ביז ער וועט קענען אַוועקפאָהרען נאָך האָלאַנד. (זעה קאָהוט, "דיא אידען אין ניו ענגלאַנד", אין עלפטען בוך פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטע 78). אייניגע אַנדערע אי־דען זיינען אויך דערמאָנט אַז זיי האָבען געלעבט אין מאַסאַטשוסעטס אין לעצטען טהייל פון זיעבצעהנטען און אין דיא ערשטע דריי־פיערטעל פון אַכ־צעהנטען יאָהרהונדערט. אָבער צוליעב דיא אינטאָלעראַנץ און דיא שטאַרקע פרומקייט פון דיא פּיוריטאַנער האָבען זיי געמוזט אַוועק אַנדערסוואו אָדער אָננעהמען קריסטענטהום. ווען אַ איד מיט דעם נאָמען יוסף פרעזאָן אָדער פרע־זיער איז געשטאָרבען אין באָסטאָן אין 1704 האָט מען דעם קערפּער אַוועק־געשיקט צו קבורה אין ניופּאָרט.

דער בעריהמטעסטער צווישען דיא ערשטע אידען וואָס זיינען בעקעהרט געוואָרן צום קריסטענטהום אין מאַסאַטשוסעטס איז געווען יהודה מאָניס (געב. אין אַלזשיר אָרום 1680; געש. אין נאָרטהבאָראָ, מאַסס., אין 1764). ער איז געטויפט געוואָרן אין קאָלעדזש האָל, אין קעמברידש, מאַסס., דעם 22טען מערץ 1722, און איז דערנאָך געווען טהעטיג פאַר זיין נייעם גלויבען, חאָטש ער האָט זיין גאַנצען לעבען אָפּגעהיט דעם אידישען שבת. ער איז געווען אַ לעהרער פון העברעאיש אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט פון 1722 ביז 1759, ווען ער האָט זיך, נאָך דעם טויט פון זיין פרוי, ענטזאָגט און איז אַריבערגעצויגען נאָך נאָרטהבאָראָ. אויסער אייניגע אונבעדייטענדע מישיאָנערסקע פּאַמפלעטען, איז ער געווען דער פערפאַסער פון דעם ערשטען העברעאישען גראַמאַטיק וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אַמעריקא (באָסטאָן 1735).

עס איז געווען אין דיא קלענסטע פון דיא אָריגינעלע קאָלאָניעס, וועלכע איז דערנאָך געוואָרן דער קלענסטער סטייט פון יוניאָן, רהאָוד איילענד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דעם אויבען־דערמאָנטען פּיאָניער פון רעליגיעזע פרייהייט אין אַמעריקא, ראָדשער וויליאַמס, וואו דיא אידען האָבען געגרינדעט

---

*) אָסקאַר ס. שטרויס, "דער אורשפּרונג פון דיא רעפּובליקאַנישע פאָרם פון רעגיערונג אין יונייטעד סטייטס", זייטע 48.

די עלטעסטע קאָנגרעגיישען אויף דעם נאָרד אַמעריקאַנישען קאָנטינענט. פראָווידענס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1636, פאָרטסמוטה און ניופאָרט אונגעפעהר צוויי יאָהר שפּעטער, און דער לעצטער פּלאַץ, וועלכער איז שנעל געוואָרן איינע פון די וויכטיגסטע שטעדט פון די קאָלאָניעס, און איז אַריבערגעשטיעגען אפילו ניו יאָרק אַלס אַ מיטעלפּונקט פון האַנדעל און אַלס אַ האַפען־שטאָדט ביז נאָך די רעוואָלוציאָן, האָט אָנגעפאַנגען צו־צוציהען אידען באַלד וויא זיי זיינען אָנגעקומען אין יענעם טהייל פון לאַנד. דער ערשטער אונצווייפעלהאַפטער בעריכט וועגען אידען אין ניופאָרט שטאַמט פון יאָהר 1658, ווען עס ווערט אָנגעגעבען אַז פופצעהן אידישע פאַמיליען זיינען אָנגעקומען פון האָלאַנד און האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך די ערשטע גראַדען פון פריי־מויערעריי. אברהם מאָזעס איז דאָרטען דאַן איינגעפיהרט געוואָרען אַלס אַ מיטגליעד פון יענע געהיימע קערפּערשאַפט אין דיא הויז פון מרדכי קאַמפּאַנאַל.*) אָבער עס איז דאָ אורזאַכע צו גלויבען אַז אידען פון ניי אַמסטערדאַם און פון קוראַסאַאָ האָבען זיך דאָרטען בעזעצט מיט אַ יאָהר אָדער צוויי פריהער. עס שיינט אַז אַ קאָנגרעגיישען מיט דעם נאָמען "ישועת ישראל" איז דאָרטען אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1658. דער בית עולם וועלכער איז געמאַכט געוואָרן אונשטערבליך דורך דיא ליעדער פון לאָנגפעללאָו און עממא לאַזארוס איז געקויפט געוואָרן אין 1677, דיא קויפער זיינען געווען קאַמפּאַנאל און משה פּאַקעקאָו; אָבער עס איז מעגליך אַז עס איז דאָרטען אויך געווען אַן עלטערער אידישער בית עולם.

דאָך איז עס אפילו אין רהאָוד איילענד אויך ניט געווען מעהר וויא טאָלעראַנץ, דיא אַנערקענונג פון גלייכע רעכטע פאַר אַלעמען האָט נאָך ערשט געדאַרפט קומען מיט דיא ערקלערונג פון אונאַבהיינגיגקייט. אַלס ענטפער אויף אַ ביטשריפט פון דיא אידען האָט דיא דשענעראַל אַסעמבלי פון רהאָוד איילענד, אין 1684, בעשטעטיגט זייער רעכט זיך צו בעזעצען אין דער קאָלאָניע, און דערביי ערקלערט אַז "זיי מעגען ערוואַרטען אַזא גוטע בעשיצונג וויא יעדער פרעמדער וועלכער געהערט ניט צו אונזער נאַציאָן און וואָהנט צווישען אונז אין דעם קעניג׳ס קאָלאָניע דאַרף קריעגען, ווען ער היט אָפּ דיא געזעץ פון זיינער מאַיעסטעט".

מעהר אידען זיינען אָנגעקומען פון וועסט אינדיען אין 1694. אָבער דיא גרעסטע טהעטיגקייט אין האַנדעל וועלכע האָט אויפגעהויבען ניופאָרט אויף איהר העכסטע שטופע האָט געשטאַמט פון אַ גרופע פּאָרטוגעזישע אידען וועל־

*) זעה אפּענהיים, "דיא אידען און פריי־מויערעריי", אין 19טען באנד פון דיא "פּאבליקיישענס" זייטע 9 און ווייטער, פאר אַן אינטערעסאנטע בעהאנדלונג פון דעם דיספּוט איבער דיא עכטהייט פון דיעזע בעהויפּטונג.

כע האבען זיך דארטען בעזעצט אין מיטען פון אכצעהנטען יאהרהונדערט. דיא בעריהמטעסטע צווישען זיי זיינען געווען יעקב ראדריגעס ריווערא (געש. גאנץ אלט אין 1789) וועלכער איז געקומען אין 1745, און אהרן לאפעז, וועלכער איז געקומען אין 1750. דער ערשטער האט מיטגעבראכט פון פארטוגאל דיא קונסט פון פאבריצירען ספערם (וואלפיש) איל, און דיעזעס איז שנעל געווארן איינע פון דיא וויכטיגסטע אינדוסטריען. דיא איינוואהנער פון ניופארט האבען זיך בעשעפטיגט מיט פאנגען וואלפישען, און זיא האט באלד געהאט זיעבצעהן פאבריקען וואו מען האט געמאכט איל און ליכט פון דיא פעטס פון יענע פיש. ניופארט האט געהאט א מאנאפאל פון דיעזען געשעפט ביז דער צייט פון דיא רעוואלוציאן.

אהרן לאפעז (געש. דעם 28טען מאי 1782) וועלכער איז געווען א שוויעגער־זאהן פון ריווערא, איז געווארען דער גרעסטער האנדעלס־פירסט פון ניו ענגלאנד. (עזרא סטיילס, דער קריסטליכער געלעהרטער פון יענער צייט, זאגט וועגען איהם, אז אלס עהרען־מאן און אלס גרויסער סוחר איז ער וואהר־שיינליך ניט איבערטראפען געווארן פון קיין אמעריקאנישען קויפמאן). ער האט שנעל איינגעזעהן דיא מעלות פון דעם האפען פון ניופארט, און ער האט מעהר בייגעטראגען צו דיא שנעלע ענטוויקלונג פון דעם מסחר פון יענע שטאדט וויא יעדער אנדערער. פיערצעהן יאהר נאכדעם וויא לאפעז האט זיך דארטען בעזעצט, האט ניופארט געהאט 150 שיפען אין דעם האנדעל מיט וועסט אינדיען אליין, אויסער דעם גרויסען האנדעל וואס איז געפיהרט געווארן מיט אזעלכע ווייטע געגענדען וויא אפריקא און דיא פאלקלאנד אינזלען. דיא אידען האבען נאך אפילו דאמאלס, דריי הונדערט יאהר נאך דעם גירוש, געהאלטען אין איבערטראגען נאך דיא ליבעראלע ענגלישע קאלאניעס דעם רייכטהום און דיא מעהר ווערטהפאלע געשעפטס־פעהיגקייטען וואס זיי האבען ניט געקענט גע־ברויכען פריי אדער זיכער אלס אנוסים אין פארטוגאל. דיא אויסוואנדערונג פון געהיימע אידען פון יענער מדינה איז געווארן גרעסער נאך דיא גרויסע ערד־ציטערנים פון ליסבאן (1755) און א היבשע צאהל פון זיי איז אוועק נאך רהאוד איילענד. איינע פון די שיפען פון יענע אונגליקליכע שטאדט, וואס איז גע־פאהרען נאך ווירדשיניע, איז פערטריעבען געווארן פון ווינד אין נאראגאנסעט בעי, רהאוד איילענד, און דיא אידישע פאסאזשירען האבען זיך בעזעצט אין ניופארט.

ר' יצחק טורא (געש. דעם 8טען דעצעמבער 1783) איז געקומען פון דשאמייקא נאך ניופארט אין 1760 און איז געווארן דער ראבינער פון דיא געמיינדע; ער האט בעקליידעט דיא שטעלע ביז דעם אנפאנג פון דיא רעוואָ־לוציאן, ווען ער איז אוועק צוריק צו פערברייגען זיינע לעצטע יאהרען אין דשאמייקא. ביז ער איז אנגעקומען פלעגט מען דאווענען אין פריוואט הייזער,

נור אין 1762 האט די קאנגרעגיישען, וועלכע האט דאן געהאט צווישען זעכציג און זיעבציג מיטגליעדער, בעשלאסען צו בויען א שול. דער חנוכת הבית פון די געביידע, וועלכע שטעהט נאך איצטער, איז געפייערט געווארן אין 1763. עס זיינען דא בעווייזע אז די אידישע בעפעלקערונג פון ניופארט האט נאך אפילו פאר דער רעוואלוציאן ענטהאלטען דייטשע און פוילישע עלע־מענטען. איינער פון די היסטאריקער פון יענער צייט בעהויפטעט אז ווען דער קריעג האט זיך אנגעפאנגען האט ניופארט געהאט 1,175 אידען — וועלכעס איז וואהרשיינליך געווען א מעהרהייט פון די אידען פון אלע קאלאניעס — און מעהר ווי 300 פלעגען קומען דאווענען אין שול.

פיעלע רבנים פון פערשיעדענע טהיילען וועלט פלעגען אין יענע צייטען קומען נאך ניופארט. דער אויבען־דערמאהנטער עזרא סטיילס (1727—95) דער בעריהמטער פרעזידענט פון יעיל יוניווערסיטי, וועלכער איז דאמאלס געווען א פרעדיגער אין ניופארט, דערמאנט איינ־יגע פון זיי אין זיין טאגעבוך. ער האט דארטען געזעהן איינעם פון ארץ ישראל אין 1759, צוויי פון פוילען אין די יאהרען 1771 און 1772, דאן א געוויסען ראבבי באסקילא פון סמירנא און א ראבבי קאהען פון ירושלים. ר׳ רפאל חיים יצחק קאררעגאל (געב. אין חברון 1733; געש. אין בארבאדאס 1777) האט געזאגט דרשות אין ניופארט אויף שפאניש אין 1773 און איז געווארן אן אינטימער פריינד פון דעם קריסט־ליכען טהעאלאגישען געלעהרטען.

א אידישע פאמיליע וועלכע איז אנגעקומען פון וועסט אינדיען אין ניו הייווען, קאנעקטיקוט אין 1772 ווערט דערמאנט פון סטיילס, וועלכער איז געווען א געבארענער פון יענער שטאדט. ער שרייבט אין זיין טאגעבוך: ״זיי זיינען די ערשטע אמת׳ע אידען אין יענעם פלאץ, מיט די אויסנאהמע פון די צוויי ברידער פינטא, וועלכע האבען זיך אפגעזאגט פון אידישקייט און פון רעליגיאן בכלל״. דאס איז ריכטיג אזוי ווייט ווי עס אנבעלאנגט די שטאדט ניו הייווען, אבער דער סטייט האט שוין געהאט איינצעלנע אידען א לאנגע צייט פריהער. דוד דער איד איז דערמאנט אין הארטפארד אין 1659 (אדער 1650) און נאך אייניגע אידען ווערען דערמאנט אין א פערצייכנים פון דער זעלבער שטאדט אונטער די דאטע פון צווייטען סעפטעמבער 1661: ״דיעזען טאג האבען די אידען וואס וואהנען אין די הויז פון דשאהן מארש געקריע־גען די פרייהייט צו בלייבען אין שטאדט נאך זיעבען מאנאט״. זיי ווערען אויך דערמאנט א היבשע ביסעל שפעטער, וועלכעס ווייזט אז זיי זיינען גע־בליעבען לייגנער ווי די צייט וואס מען האט זיי בעשטימט. אבער אלע שפורען פון זיי ווערען דערנאך פערשוואונדען, און עס איז אריבער באלד צוויי הונדערט יאהר איידער די ערשטע שול איז געבויט געווארן אין הארטפארד.

* * *

דיא אידען פון ניו אַמסטערדאַם וועלכע האָבען געהאַט שוויריגקייטען מיט פעטער סטייוועזאַנט אין 1655 וועגען זייער רעכט צו האַנדלען אויף דעם סאַוטה ריווער, וועלכען מען האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבען דעלעוואַר (זעה קאַפּיטעל 9) זיינען וואַהרשיינליך געוועזען דיא ערשטע וועלכע האָבען בעזוכט דעם פּלאַץ וואָס איז שפּעטער געוואָרען דיא קאָלאָניע, און נאָך שפּעטער דער סטייט, פּענסילוועניע. דאָס איז געוועזען צוואַנציג יאָהר איידער וויליאַם פּען (1644—1718) איז געוואָרען איינער פון דיא אייגענטהימער פון וועסט דזשוירסי, און מעהר וויא אַ פיערטעל יאָהרהונדערט איידער דער גרינדער פון פּענסילווניע איז געקומען נאָך אַמעריקא (1682) און האָט געגרינדעט דיא שטאָדט פילאַדעלפיא אין דיא קאָלאָניע וועלכע דער ענגלישער קעניג האָט איהם געשאָנקען מיט אַ יאָהר פריהער.

דער ערשטער אידישער איינוואָהנער פון פילאַדעלפיא איז געוועזען יאָנאַס אהרן, וועלכער האָט דאָרטען שוין געוואָהנט אין 1703. אַ געוויסע צאָהל אידען האָבען זיך דאָרטען בעזעצט אין דיא ערשטע העלפט פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט, און מאַנכע פון זיי, וויא דוד פראַנקס (1720—93), יוסף מאַרקס און שמשון ליוואי זיינען געוואָרען פּראָמינענט אין דעם לעבען פון דער שטאָדט. יצחק מיראַנדאַ איז דאָרטען געקומען פריהער (1710) און האָט געהאַלטען אייניגע סטייט-עמטער, אָבער ער איז געוועזען אַ געטויפטער און האָט ניט געקריעגען זיינע אויסצייכנונגען אַלס איד. אַ רייזענדער פון דייטשלאַנד דערמאָנט אידען צווישען דיא פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטען וואָס האָבען זיך געפונען אין פילאַדעלפיא אין 1734. אין 1738 האָט נתן ליוואי דערלאַנגט אַ ביטשריפט צו דיא שטאָדט-רעגירונג צו קריעגען אַ שטיק גרונד פאַר אַ בית הקברות, און האָט עס געקריעגען דעם 25טען סעפּטעמבער 1740. דאָס איז געוועזען דער ערשטער אידישער בית עולם אין שטאָדט און האָט זיך געפונען אויף ספּרוס סטריט נעבען נייִנטע. שפּעטער איז עס געוואָרען דאָס אייגענטהום פון דיא קאָנגרעגיישען מקוה ישראל, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אונגעפעהר אין 1745, און מען גלויבט אַז אָנפאַנגס האָבען דיא מיטגליעדער געדאַווענט אין אַ קליינעם הויז אויף סטערלינג אַללעי. דיא פראַגע פון בויען אַ שול איז אויפגעהויבען געוואָרען אין 1761, ווען אַ היבשע צאָהל אידען זיינען אָנגעקומען פון שפּאַניען און פון וועסט אינדיען, אָבער עס איז דאַמאָלס גאָר ניט געטהאָן געוואָרען. אין 1773 ווען בערנאַרד גראַץ (געב. אין דייטשלאַנד 1738 ; געשט. אין פילאַדעלפיא אין 1801) איז געוועזען פּרנס און סאָלאָמאָן מאַראַכע דער נאָמען אָדער טרעזשורער, האָט מען אָנגעהויבען צו זאַמלען געלד "צו שטיצען אונזער הייליגע גאָטעס-דיענסט און איהר אוועקשטעלען אויף אַ פעסטען פונדאַמענט", אָבער עס איז אַריבער נאָך צעהן יאָהר איידער אַ שול איז געבויט געוואָרען. בערנאַרד גראַץ און זיין ברודער מיכאל (געב. 1740) מיט וועמען ער איז געקור־

מען אין אַמעריקאַ ארום 1755 זיינען געווען צווישען דיא אַכט אידישע סוחרים פון פילאַדעלפיא וועלכע האָבען אונטערגעשריעבען אין 1765 דעם אָפּמאַך ניט צו אימפּאָרטירען סחורה פון ענגלאַנד. דיא אַנדערע זיינען געווען: בנימין ליוואַי, דוד פראַנקס, שמשון ליוואַי, היימאַן ליוואַי דער אינגערער, מתתיה בוש און משה מרדכי.

אידען האָבען זיך געפונען אין לאַנקאַסטער, פּענסילווענִיע, אַזוי פריה וויא דעם יאָהר 1730, נאָך איידער דיא שטאָדט און דיא קאָונטי זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן, און דער נאָמען פון יוסף סיימאָן איז פערבליעבען אַלס איינער פון דיא וואָס זיינען געווען אַם בעסטען בעוואוסט צווישען דיא ערשטע איינוואָהנער פון פּלאַץ. מאיר האַרט (געש. ארום 1795), זיין פרוי רחל און זייער זאָהן מיכאל (געב. 1738) ווערען דערמאָנט אַלס איינע פון דיא אָריגינעלע עלף פאַמיליען וועלכע מען האָט בעטראַכטעט אַלס דיא גרינדער פון איסטאָן, פּענסיל־וועניע, ארום 1750. מאיר האַרט'ס נאָמען שטעהט דער ערשטער צווישען דיא מנדבים וואָס האָבען געגעבען מאַטעריאַל אויפצובויען דיא ערשטע סקול אין איסטאָן אין 1755. ער ווערט בעצייכענט פריהער אַלס קרעמער און דערנאָך אַלס דער אייגענטהימער פון אַ האָטעל, און ער איז נאַטוראַליזירט געוואָרן אין אַפּריל 1764. אין 1780 איז זיין פערמעגען אָפּגעשאַצט געוואָרן אַלס £2,095 און דער פערמעגען פון זיין זאָהן מיכאל אַלס £2,261 און זיי זיינען ביידע דיא גרעסטע שטייער־צאָהלער פון דיא גאַנצע קאָונטי. אין יענער צייט האָבען אויך געוואָהנט נאָך צוויי אידישע קוּפּלייטע אין איסטאָן, באַרנאַרד לעווי און יוסף נאַטהאַן.

עס איז דאָ אַ טראַדיציאָן אַז שייפערסטאָון, פּאַ., האָט געהאַט אַ שוהל און אַ בית עולם אין 1732, אָבער דיא פאַקטען זיינען ניט בעשטעטיגט געוואָרן און עס בלייבט אַ פערדאַכט אַז דיא לייטע וועמען מען האָט אָנגענומען פאַר אידען זיינען געווען פרומע דייטשע קריסטען וועלכע האָבען זיך גערופען מיט ביבלישע נעמען.

צום דרום פון פּענסילווענִיע האָט דיא עלטערע קאָלאָניע מערילענד וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1634 "אָנגענומען רעליגיעזע פרייהייט אַלס דעם באַזיס פון שטאַאט". אָבער דיעזע פרייהייט איז געמיינט געוואָרן נור פאַר קריסטען, חאָטש עס איז ניטאָ קיין בעריכט אַז דיא געזעצליכע בעשטימונג פון טויט־שטראָף פאַר אַלע וואָס לייקענען אין דיא דריי־אייניגקייט איז ווען אָנגעווענדעט געוואָרן אין פראַקטיק. דער אַרצט יעקב לומבראָזאָ (געש. 1666) וועלכער האָט געשטאַמט פון פּאָרטוגאַל און איז אָנגעקומען אין מערילענד ארום יאַנואַרי 1656, און איז שפּעטער דאָרטען געוואָרן אַ גרויסער לאַנד־אייגענטהימער, איז אין 1658 ארייגעזעצט געוואָרן אין געפענגניס פאַר בלאַספעמי (חרוף וגדוף), אָבער דאָס האָט איהם ניט געשטערט שפּעטער צו

קריעגען אַ גוטע פּראַקטיק און זיך אריינצולאָזען אין פערשיעדענע געשעפטליכע אונטערנעהמונגען. ער האָט זאָגאר געקריעגען פולע בירגער־רעכט דעם צעהנטען סעפּטעמבער 1663. אָבער עס זעהט אויס אַז מען האָט מיט איהם געמאַכט אַן אויסנאַהמע, וואַהרשיינליך צוליעב זיין מעדיצינישע פעהיגקייט און זיין רייכ־טהום. אין אַלגעמיין איז דיא קאָלאָניע מערילענד ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר אידען, און ווען זיא איז שוין געוואָרן אַ טהייל פון דיא יונייטעד סטייטס איז זיא געווען איינע פון דיא לעצטע אָפּצושאַפען דיא אויסנאַהמען געגען איהרע אידישע סיטיזענס.

אין אַנדער אַרצט פון דיא אַנוסים פון ליסבאָן, דר. שמואל (ריביעראַ) נו־נעץ, וועלכער האָט זיך גערעטעט פון דיא לאַפּעס פון דיא אינקוויזיציאָן און איז אָנגעקומען, אין 1733, אין דיא ניי־געגרינדעטע קאָלאָניע דשאָרדשיאַ, האָט געקריעגען אַ פריינדליכערע אויפנאַהמע. דשאָרדשיאַ איז אין בעצוג אויף אידען געווען דער היפך פון ניי־ניעדערלאַנד, דיא דירעקטאָרען פון דיא קאָ־לאָניע אין ענגלאַנד זיינען געווען געגען אריינלאָזען אידען זיך דאָרטען צו בעזעצען; אָבער דער גאָווערנאָר, גענעראַל דשיימס עדוואַרד אָגלטהאָרפּ (1696—1785) איז געווען זעהר פריינדליך צו אידען. נונעץ איז געווען איינער פון דיא פיערציג אידישע אימיגראַנטען וועלכע זיינען אָנגעקומען גאַנץ אונ־ערוואַרטעט אין סאַוואַנאַה מיט דיא צווייטע שיף וואָס איז אָנגעקומען פון ענגלאַנד אין יענע קאָלאָניע (11טער יולי 1733). דער גאָווערנאָר, איינער פון דיא נאָבעלסטע פיגורען אין די קאָלאָניאַלע צייטען, האָט זיי אָנגענומען אַלס וויל־קאָמענע געסט, און האָט בעטראַכטעט זייער קומען אַלס אַ גוטע זאַך פאַר דיא נייע קאָלאָניע. דיא ערשטע אידען האָבען געשטאַמט פון שפּאַניען און פּאָר־טוגאַל, אָבער אידען וועלכע האָבען וואַהרשיינליך געשטאַמט פון דייטשלאַנד האָבען זיך דאָרטען בעזעצט וועניגער וויא אַ יאָהר נאָכדעם. ביידע גרופּען זיי־נען בעהאַנדעלט געוואָרן גלייך ליבעראַל, און זיי האָבען באַלד אָרגאַניזירט אַ קאָנגרעגיישען (1734). דאָס ערשטע מענליכע ווייסע קינד וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין דיא קאָלאָניע איז געווען אַ איד, יצחק מינים. אברהם דע ליאָן פון פּאָרטוגאַל האָט איינגעפיהרט דיא קולטור פון וויינטרויבען אין דשאָרדשיאַ אין 1737, אַנדערע פון דיא ערשטע אידען האָבען דאָרט זיך גענומען צו קול־טיווירען און פאַבריצירען זייד, אַ בעשעפטיגונג מיט וועלכע זיי זיינען אויך געווען בעקאַנט פון פּאָרטוגאַל. אַ דיספּוט מיט דיא דירעקטאָרען פון דער קאָ־לאָניע וועגען דיא איינפיהרונג פון שקלאַפעריי האָט פעראורזאַכט אַ בעדיי־טענדע אויסוואַנדערונג נאָך סאַוטה קאַראָליינאַ אין 1741, און האָט געבראַכט דערצו אַז דיא קאָנגרעגיישען איז אויפגעלעזט געוואָרן. אָבער אין 1751 זיינען אַ געוויסע צאָהל אידען צוריקגעקומען נאָך דשאָרדשיאַ, און אין דעם זעלבען יאָהר האָבען דיא דירעקטאָרען אַריבערגעשיקט יוסף אָטאָלענגהי (געש. 1774)

אַלס אַ הויפּט־אויפזעהער פון דיא זייד־אינדוסטריע פון דיא קאָלאָניע. אַטאַ־לענגהי האָט שנעל פערנומען אַ פּראָמינענטען פּלאַץ אין פּאָליטישען לעבען פון דיא קאָלאָניע, און איז ערוועהלט געוואָרן פאַר אַ מיטגליעד פון דיא דזשענעראַל אַסעמבלי, וואו ער האָט געדיענט פון 1761 ביז 1765. עטליכע אַנדערע אידען האָבען געלייסטעט וויכטיגע דיענסטע פאַר דזשאָרדזשיא, אָבער זיי געהערען צו דיא פּעריאָדע פון דיא רעוואָלוציאָן וועלכע ווערט בעהאַנדעלט בעזונדער אין דעם פאָלגענדען טהייל. אַ נייע קאָנגרעגיישען איז געגרינדעט געוואָרן אין 1774.

"אידען, היידען און אַנדערס־גלויביגע" האָבען געקריגען פולע געוויסענס־פרייהייט אין דעם ליבעראַלען טשאַרטער וואָס דער בעריהמטער ענגלישער פילאָזאָף דזשאָהן לאָק (1632—1704) האָט געמאַכט פאַר דיא רעגירונג פון דיא קאראָליינאַס (1669) און דער גייסט פון טאָלעראַנץ האָט דאָרטען שטענדיג געהערשט. דאָך זיינען אין אַנפאַנג וועניג אידען אהין צוגעצויגען געוואָרן, און אונגעפעהר דרייסיג יאָהר שפּעטער ווייס מען נור פון איין אידען, סאָלאָמאָן וואַלענטיין, וועלכער האָט געוואָהנט אין טשאַרלסטאָן. אייניגע אַנדערע זיינען נאָכגעקומען, און אין 1703 הערט מען דאָרטען אַ פּראָטעסט געגען דיא אידישע פרעמדע וועלכע האָבען געשטימט פאַר מיטגליעדער פון דיא אַסעמבלי. אינמיטען פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט איז דיא צאָהל אידען פון סאַוטה קאַראָליינאַ פּלוצלונג פערגרעסערט געוואָרן דורך דיא אויבען־דערמאָנטע איינוואַנדערונג פון דזשאָרדזשיא, און דיא ערשטע שול פון דיא קאָנגרעגיישען בית אלהים איז געגרינדעט געוואָרן אין 1750. דער ערשטער ראַבינער איז געווען יצחק דאַ קאָסטאַ, און צווישען דיא ערשטע מיטגליעדער זיינען געווען יוסף און מיכאל טאָביאַס, משה כהן, אברהם דאַ קאָסטאַ, משה פּימענטאַ, דוד דע אָליווערא, מרדכי שעפטאל, מיכאל לאַזאַרוס און אברהם נונעץ קאַרדאָזאָ. דיא ערשטע שול איז געווען אַ קליינע געביידע אויף יוניאָן סטריט; דיא איצטיגע געביידע איז אויף האַססעל סטריט. אַ אידישער וואָהלטהעטיגער פעראיין, וועלכער עקזיסטירט נאָך, אין אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אין יענע פריהע צייטען. אַ קאָנגרעגיישען פון דייטשע אידען האָט אויך עקזיסטירט אין דעם לעצטען פּיערטעל פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. אייניגע פּראָמינענטע אידען פון לאָנדאָן האָבען געקויפט גרויסע שטיקער לאַנד אין סאַוטה קאַראָליינאַ ניט ווייט פון פאָרט ניינטי־סיקס און דער פּלאַץ איז בעקאַנט געוואָרן אַלס "אידישעם לאַנד". משה לינדאָ, וועלכער איז אָנגעקומען אין 1756 פון לאָנדאָן, איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון אינדיגאָ־פאַרב, און ער האָט עס געמאַכט פאַר איינע פון דיא וויכטיגסטע אינדוסטריען פון דער קאָלאָניע. אַ צווייטער לאָנדאָנער איד, פראַנסיס סאַלוואַדאָר, (געש. 1776) איז געווען דער בעריהמטעסטער איד אין סאַוטה קאַראָליינאַ ווען דיא רעוואָלוציאָן געגען ענגלאַנד האָט זיך אָנגעפאַנגען.

# דריטער טהייל

## דיא רעוואָלוציאָן און דיא פּעריאָדע פון פערגרעסערונג.

## קאַפּיטעל 11

### דיא רעליגיעזע זייטע פון דער מלחמה פאַר אונאַבהייניגקייט.

דער גייסט פון תנ״ך אין דעם בעפרייאונגס־קריעג — קריסטליכע גייסטליכע פּרעדיגען איבער דיא פאָרם פון דיא אַלטע אידישע רעגיערונג — דיא נייע נאַציאָן אַלס "גאָט'ס אַמעריקאַנישע פאָלק ישראל" — דער קוויבעק אַקט — דיא אינטאָלעראַנץ צווישען דיא סעקטען אַלס דיא אורזאַכע פון פאַנאַנדערשיידונג פון קירכע און שטאַאט — אַ דענקשריפט פון אידען פון דייטשלאַנד צו דעם רעוואָלוציאָנערען אָדער קאָנטינענטאַלען קאָנגרעס — דיא מורא וואָס האָט געהערשט אין נאָרד קאַראָליינאַ אַז דער פּאַפּסט קען ערוועהלט ווערען פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס — קיינע פון דיא געוואונענע פרייהייטען זיינען דערנאָך פערלאָרען געוואָרן, וויא עס האָט פּאַסירט אַנדערסוואו.

דער גייסט פון תנ״ך וועלכער האָט געהערשט ביי דיא ערשטע קאָלאָניס־טען פון ניו ענגלאַנד, האָט זיך אַרויסגעוויזען אפשר נאָך שטאַרקער אין דער צייט ווען דיא רעוואָלוציאָנערע מלחמה געגען ענגלאַנד האָט זיך אָנגעהויבען. מען איז דאָ אין יענער צייט געוואָרן אַלץ מעהר בייז אויף דעם ענגלישען פּאַרליאַמענט פאַר וואָס ער האָט געזוכט צו רעגולירען דיא קאָלאָניעס און אַרויפצולייגען אויף זיי שווערע שטייערן, און דער כעס איז צום גרעסטען טהייל אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם (ענגלישען) לשון פון אַלטען טעסטאַמענט. דאָס פאָלק אין אַמעריקאַ האָט געמוזט נאָך אַמאָל פיהרען דיא זעלבע מלחמה פאַר קאָנסטיטו־ציאָנעלע פרייהייט וואָס דיא ענגלענדער אליין האָבען געפיהרט אין זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, און דשאָרדש דער דריטער האָט זיך אין בעצוג אויף דיא קאָלאָ־ניעס אַזוי פיעל געשטיצט אויף זיינע "געטליכע רעכטע" אַלס קעניג, וויא דשיימס דער ערשטער אין זיין צייט. אַלע פּרעטענזיעס, אַלע פראַגען פון רעכט און פרייהייט, האָבען געמוזט נאָך אַמאָל אַרגומענטירט ווערען. עס איז געווען

פאַסענד און זאָגאַר נייטיג צו געהן צוריק צו דיא עלטעסטע צייטען, צו דיא
היילינע היסטאָריע פון תנ"ך נאָך בעווייזע און טענות געגען דיא פאַלשע טהעאָ־
ריע אַז דער קעניג האָט אַ געטליכעס רעכט צו טהאָן וואָס ער וויל מיט זיינע
אונטערטהאַנען. דיעזעס איז געווען נויטווענדיג הויפּטזעכליך דעריבער וויל
דיא אידעע פון דיא אונבעשריינקטע רעכטע פון אַ קעניג דורך גאָטעס גנאַדען
און דיא פאָדערונג אַז מען מוז זיך צו איהם אין אַלעס אונטערגעבען, איז גע־
בראַכט געוואָרן, מיט רעכט אָדער אונרעכט, מייסטענס פון נייעם טעסטאַ־
מענט, און דיא פראַגע איז אריינגעבראַכט געוואָרן אויף'ן פּאָליטישען פעלד
מיט דעם צוועק צו פערשקלאַפּען דיא מאַסען דורך זייערע רעליגיעזע איבער־
צייגונגען. עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט — שרייבט דער היסטאָריקער לעקי
— אַז אין דיא גרעסטע מעהרהייט פון פעלע האָבען דיא פריהע פּראָטעסטאַנ־
טישע פערטהיידיגער פון בירגערליכע פרייהייט גענומען זייערע פּאָליטישע פּרינ־
ציפּען מייסטענס פון אַלטען טעסטאַמענט, און דיא פערטהיידיגער פון דעס־
פּאָטיזם פון נייעם. דיא רעוואָלוציאָנען וואָס זיינען אַזוי אָפט פאָרגעקומען אין
דיא אַלטע אידישע געשיכטע זיינען געווען אַ בעליעבטער געגענשטאַנד פאַר איין
זייט — דער אַנדערער זייט האָט זיך געהאַלטען אָן דיא שטריינגע אונטער־
טהעניגקייט וואָס סט. פּאָול האָט געזוכט צו פערשפּרייטען".*)

עס זיינען געווען פיעלע פריי־דענקער און אויפגעקלערטע צווישען דיא
גייסטיגע פיהרער פון דיא רעוואָלוציאָן, אָבער דיא מאַסען קאָלאָניסטען זיינען
געווען זעהר פרום, און אַן אַרגומענט פון דיא היילינע שריפטען האָט ביי זיי
געהאַט מעהר געוויכט וויא יעדער אַנדערער. ערציהונג איז אין יענער צייט
געווען זעהר בעשריינקט אין דיא קאָלאָניעס; עס זיינען געווען ווענינ צייטונ־
גען, זיי זיינען זעלטען אַרויס מעהר וויא איין מאָל אַ וואָך, און דיא צאָהל אַבאָ־
נענטען איז געווען קליין. דיא קירכע האָט דאַן פערנומען זייער אָרט, דער פּאַס־
טאָר אין זיין פּרעדיגט פלעגט בעהאַנדלען פּאָליטישע פראַגען אַזוי גוט וויא
רעליגיעזע. דיא דרשות פון דיא גייסטליכע זיינען געווען פאַר'ן פאָלק דיא
הויפּט־קוועלען פון אַלגעמיינעם אונטעררירכט. דיא פּאַסטאָרס זיינען געווען
קלאָר תנ"ך, זיי האָבען געהאַט מעהר בעקאַנטשאַפט מיט דיא אַלטע אידישע
היסטאָריע וויא מיט יעדע אַנדערע. רעווערענד דשאָנאַטהאַן מייהו (1720—66)
וועלכער איז געווען איינער פון דיא ערשטע צו אַגיטירען געגען דיא ענגלישע
אונטערדריקער, האָט אין אַ רעדע אין באָסטאָן, דעם 23טען מאַי 1766 גע־
זאָגט: "גאָט האָט געגעבען ישראל אַ קעניג ווען ער איז געוואָרן בייז וויל
זיי האָבען ניט געהאַט גענוג פערשטאַנד און גענוג טוגענד צו לעבען אַלס אַ

---

*) לעקי, "ראַציאָנאַליזם אין אייראָפּאַ" צווייטער באַנד, 168, ציטירט אין שטרויס, "אור־
שפּרונג פון דיא רעפּובליקאַנישע פאָרם פון רעגיערונג אין יונייטעד סטייטס" זייטע 19 און
ווייטער, וואו דער גאַנצער געגענשטאַנד ווערט בעהאַנדעלט באריכות.

פרייע געמיינדע, און צו האבען גאט אליין פאר זייער קעניג — וואו עס איז דא דער גייסט פון גאט דארטען איז דא פרייהייט — און אויב עס זיינען דא אונגליקליכע מענשען אויף דעם קאנטינענט אדער דיא אינזלען פון אייראפא וואס דיא נויט טרייבט זיי צו זוכען א זיכערען פלאץ פון שקלאפעריי אין א ווייטע לאנד — א, זאלען זיי קומען נאך אמעריקא". רעווערענד סעמיועל לאנג־דאן (1723—97) דער פרעזידענט פון הארווארד קאלעדש, האט געהאלטען א וואהל־פרעדיגט פאר "דעם עהרענהאפטען קאנגרעס פון מאסאטשוסעטס בעי" דעם 31טען מאי 1775 און האט גענומען פאר זיין טעקסט דעם פסוק פון ערשטען קאפיטעל ישעיה: "ואשיבה שופטיך כבראשונה". ער האט אונטער אנדערעס געזאגט: "דיא אידישע רעגיערונג לויט איהר אריגינעלע קאנסטיטוציאן וועלכע איז געגעבען געווארן פון גאט, איז געווען פון ציווילען שטאנד־פונקט א פאלשטענדיגע רעפובליק. און זאלען אלע וועלכע שרייען וועגען דיא געטליכע רעכטע פון קעניגע בעטראכטען, אז דיא איינציגע פארם פון רעגיערונג אויף וועלכע מען קען זאגען אז זיא איז עטאבלירט געווארן פון דיא געטליכע מאכט, האט ניט ענטהאלטען דיא אידעע פון א קעניג, אז עס איז געווען א גרויסעס פערברעכען פון פאלק ישראל צו בעטען אז זיי זאלען אין דיעזער הינזיכט זיין וויא אנדערע פעלקער, און דאס ווען זייער וואונש איז ערפילט געווארן איז עס גאר געווען אלס א גערעכטע שטראף פאר זייער דומהייט... דיא בירגערליכע פערפאסונג פון דיא אידען איז אהנע צווייפעל געווען אן אויסגע־צייכענטער אלגעמיינער מאדעל, אויסער אייניגע אייגענטהימליכקייטען; מאנכע פון דיא הויפט געזעץ און ארדנונגען קענען נאך היינט קאפירט ווערען אין מאָ־דערנע איינריכטונגען". כמעט יעדער איינער האט אין יענער צייט געקענט אויסווענינ וואס שמואל הנביא האט געזאגט דיא אידען וועגען דיא שטריינג־קייט מיט וועלכע א קעניג וועט איבער זיי הערשען.

פרעדיגטען אין וועלכע מען האט געמאכט א פאראלעל צווישען קעניג דשארדש דעם דריטען און פרעה, פון וועלכע מען האט אפגעלערנט אז דיא זעלבע השגחה פון גאט וועלכע האט גערעטעט דיא אידען פון דיא עגיפטישע קנעכטשאפט וועט אויך בעפרייען דיא קאלאניעס, זיינען דאמאלס געווען גאנץ געוועהנליך; און זיי האבען וואהרשיינליך געהאט מעהר איינפלוס אויף דיא מאסען וויא דיא גרויסע רעדעס פון דיא שטאאטסמענער און דיא פילאזאפישע אבהאנדלונגען פון דיא פובליציסטען וואס זיינען צו אונז אנגעקומען אין דיא ליטעראטור פון דיא רעוואלוציאן. דער ערפאלג פון דעם אונאבהייננגיגקייטס־קריעג איז אויך אנגענומען געווארן אין דעם זעלבען זינן. דר. עזרא סטיילס האט דעם אכטען מאי 1783 געהאלטען א וואהל־פרעדיגט אין הארטפארד, אין דיא אנוועזענהייט פון גאווערנאר טראמבול און דיא דשענעראל אסעמבלי פון סטייט קאנעקטיקוט, וועלכע קען ציטירט ווערען אלס א ביישפיעל. ער האט

גענומען פאַר זיין טעקסט דעם פּסוק פון דברים כ"ו י"ט: "ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה לתהלה ולשם ולתפארת". דער פּאָרטראַג פערנעהמט הונדערט צוואַנציג זייטען און איז אייגענטליך אַן אָבהאַנדלונג איבער רעגיערונגען פון דער צייט פון די אידישע טהעאָקראַטיע אָדער גאָטעס־הערשאַפט ביז דער צייט ווען ער האָט גערעדט, אין וועלכער ער האָט געזוכט צו בעווייזען מיט ביישפּיעלע פון דער היסטאָריע אַז די העכסטע שטופע פון פאָלקס־רעגיערונג איז דערגרייכט געוואָרן אין אַמעריקאַ, וואו עס איז פערפלאַנצט געוואָרן פון אַלמעכטיגען'ס האַנד צו ערפילען די נבואות פון דער ביבעל פון די טעג פון משה אין דעם לאַנד פון וואַשינגטאָן; און ער האָט ווייטער דיסקוטירט פון אַ היסטאָרישען שטאַנדפּונקט "די אורזאַכען וועלכע מאַכען עס וואַהרשיינליך אַז דאָס פאָלק פון יונייטעד סטייטס וועט, דורך די פעראָרדנונג פון הימעל, מיט דער צייט ווערען דאָס אויסערוועהלטע פאָלק". די נייע נאַציאָן ווערט פון איהם גערופען "גאָט'ס אַמעריקאַנישע פאָלק ישראל" און ער בעצייכענט וואַשינגטאָן אַלס דעם אַמעריקאַנישען יהושע וועלכען גאָט האָט ערהויבען צו פיהרען זיין פאָלק צו פרייהייט און אונאַבהייניגקייט.*)

אין דעם זעלבען טאָג ווען די אונאַבהייניגקייטס־ערקלערונג איז אָנגענומען געוואָרן — דעם פיערטען יולי 1776 — איז אויסגעקליבען געוואָרן אַ קאָמיטע וועלכע איז בעשטאַנען פון דר. פראַנקלין, מר. אַדעמס און מר. דזשעפערסאָן, צו פערפערטיגען אַן ענטוואורף אָדער צייכנונג פאַר אַ זיגעל פון די יונייטעד סטייטס. זייער ערשטער פאָרשלאַג איז געוועזען פאָרצושטעלען אַ בילד פון פּרעה זיצענדיג אין אַן אָפענעם רייט־וואָגען, מיט אַ קרוין אויף'ן קאָפּ און אַ שווערד אין האַנד, וויא ער פאָהרט דורך די צוטהיילטע וואַסער פון ים סוף יאָגענדיג די אידען, מיט די שטראַהלען פון אַ זייל פון פייער וואָס

*) אַן אַנדער גרויסער אַמעריקאַנישער גייסטליכער, דר. הענרי מ. פיעלד, (1822—1907), וועלכער האָט געשריעבען אונגעפעהר הונדערט יאָהר שפּעטער, האָט אויך געפונען אין די אידישע פערפאַסונג פּיעלעס וואָס איז שפּעטער אַנגענומען געוואָרן אין די קאָנסטיטוציאָן פון די יונייטעד סטייטס. אין זיין ווערק "אויף דער וויסטע" (ניו יאָרק 1883) שרייבט ער: "עס קומט אפשר ניט אָפט אַרויף אויף'ן געדאַנקען פון לעזער פון אַלטען טעסטאַמענט אַז עס איז דאָ פיעל עהנליכקייט צווישען די אַלטע אידישע מדינה און די אַמעריקאַנישע רעפּובליק... אויף'ן גרונד איז נור דאָ איין הויפּט־פּרינציפּ וועלכער טהיילט אָפּ אַ רעפּובליק פון אַ מאָנאַרכיע אָדער אַן אַריסטאָקראַטיע: דאָס איז די נאַטירליכע גלייכקייט פון מענשען — אַז אַלע מענשען זיינען געבאָרן פריי און גלייך — וועלכעס איז אַזוי פאָלשטענדיג אַנערקענט אין די געזעץ פון משה וויא אין די אונאַבהייניגקייטס־ערקלערונג. אין דער ווירקליכקייט איז דער פּרינציפּ געבראַכט געוואָרן ביי די אידען נאָך ווייטער וויא ביי אונז; ווייל אויסער וואָס דאָרטען איז געוועזן גלייכקייט פאַר'ן געזעץ, האָבען די געזעץ אויך געציעלט צו שאַפען גלייכקייט פון די צושטענדע אין אַ זעהר וויכטיגען פּונקט, אין לאַנד־אייגענטהום. מען האָט דאָרטען אפילו ביי דעם אָרעמסטען ניט געקענט צונעהמען זיין שטיקעל לאַנד אויף אימער, און אין דיעזער הינזיכט איז די אידישע רעפּובליק געוועזן נאָך נעהענטער צו אַ ריינע דעמאָקראַטיע". אַ לייננגערער אויסצוג איז ציטירט אין סיימאָן וואָלף'ס "דער אַמעריקאַנישער איד אַלס פּאַטריאָט, סאָלדאַט און בירגער", זייטע 98—494.

שיינט אויף משה'ן וועלכער שטעהט אויף'ן ברעג מיט זיין האנד אויסגע־שטרעקט צום ים, פעראורזאַכענדיג דערמיט אז פרעה זאָל איבערפלייצט ווערען. (אַ צייכנונג פון דיעזען פאַרגעשלאָגענעם זיעגעל איז געדרוקט אלס פראָנט־בילד פאַר'ן טיטעל־בלאַט פון מר. שטרוים'עס אויבען־דערמאָנטעס ווערק).

א גרויסע רעליגיעזע פיינדשאפט איז אויך אויפגעוועקט געוואָרן דורך דעם "קוויבעק אקט" וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן פון ענגלישען פארליא־מענט אין 1774, מיט דעם צוועק אָפצוהאלטען קענעדע פון זיך אָנשליסען אָן דיא אַנדערע קאָלאָניעס. דער אַקט האָט גאַראַנטירט דיא קאַטהוילישע קירכע דעם בעזיץ פון איהר ריעזיגעס אייגענטהום, און פולע רעליגיאָנס־פרייהייט. דער צוועק וואָס ענגלאַנד האָט געזוכט צו עררייכען מיט דיעזען אַקט איז געווען ריין שטאַאטס־פּאָליטיש, און אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט קענעדע אליין איז עס געווען אַ קלוגער, דיפּלאָמאַטישער שריט. אָבער מיט דיא מעגליכע אויסנאַה־מע פון געזעץ געגען דעם האפען פון באָסטאָן האָט דיעזעס געהאט דיא שטארק־סטע ווירקונג איינצובייזערן דיא קאָלאָניעס. זיי האָבען דאָס אויסגעטייטשט אלס א פערזוך וואָס איז געמאכט געוואָרן פון פּארליאמענט איינצופיהרען אַן אָפיציעלע אָדער שטאַאטליכע קירכע, און נאָך דערצו גראַדע יענע קירכע, דיא קאַטהוילישע, פאַר וועלכע זיי האָבען אַם מייסטען מורא געהאַט און וועלכע איז פון זיי אַלעמען פערהאַסט געוואָרן.

עס איז אויך ניט געווען צוליעב אָבוועזענהייט פון רעליגיעזע געפיהלען וואָס דיא פערבינדונג פון דיא קאָלאָניעס איז צום סוף געוואָרן אַ סטריקט־וועלטליכע, און קירכע און שטאַאט זיינען פאַר אימער פאַנאַנדערגעשיידט גע־וואָרן אין דיא קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס. דאָס איז גיכער געקומען דערפון וואָס עס האָבען געהערשט גרויסע פערשיעדענהייטען אין דיא רע־ליגיאָנען פון דיא פערשיעדענע קאָלאָניעס; מען קען זאָגען אז דערפאַר וואָס יעדע פון זיי האָט זיך געהאַלטען זעהר פעסט אָן איהר רעליגיעזע סעקטע, זיינען זיי געווען געצוואונגען זיך צו פעראייניגען אונטער אַ רעגיערונג וועלכע זאָל ניט געהערען צו קיין סעקטע. עס זיינען אונטער דיא קאָלאָניעס ניט געווען קיינע צוויי וועלכע האָבען געהאַט דעם זעלבען אויסזעהן אין רעליגיעזער הינזיכט. דיא פערשיעדענע סעקטען זיינען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן געווען גרופּירט וויא פאָלגט: דיא פּיוריטאַנער אין מאַסאַטשוסעטס, דיא באַפּטיסטען אין רהאָוד איילענד, דיא קאָנגרעגיישאַנאַליסטען אין קאָנעקטיקוט, דיא האָ־לענדישע און שוועדישע פּראָטעסטאַנטען אין ניו דשוירסי, דיא ענגלישע קירכע אין ניו יאָרק, דיא קווייקערס אין פּענסילוויינע, מעטהאָדיסטען און פּרעז־ביטעריאַנער אין נאָרד קאַראָליינאַ, דיא קאַטהאָליקען אין מערילענד, דיא קאַוואַ־ליערען אין ווירדשיניע, דיא הוגענאָטען און עפּיסקאָפּאַליער אין סאַוטה קאַ־ראָליינאַ, און דיא מעטהאָדיסטען אין דשאָרדשיא. צוליעב דיעזע פערשיעדענהיי־

טען, צוליעב דעם בעוואוסטזיין פון די געפאהר וואס די אמביציאן פון די פערשיעדענע גייסטליכע מוז ברייגגען, צוליעב די אינטאלעראנץ צווישען די סעקטען אין די קאלאניעס אליין און אנדערסוואו, האבען די פערשטענדיגע פיהרער גלייך פון אנפאנג פאראויסגעזעהן אז דער איינציגער באזיס אויף וועלכען עס איז מעגליך צו גרינדען אן אלגעמיינע פעראייניגונג, איז אויסצושליסען די נאציאנאלע רעגירונג פון יעדע מאכט איבער רעליגיאן.

די פאנאנדערשיידונג פון קירכע און שטאאט איז דערמיט געווען א פראקטישע נויטווענדיגקייט, געגרינדעט אויף אורזאכען וועלכע זיינען געווען טיעף איינגעווארצעלט אין לעבען פון פאלק. עס איז געווען כמעט א געצוואונגענער שריט אויף דעם וועג פון ענטוויקלונג, ניט אן ענטהוזיאסטישע ארויספלאצונג צו גונסטען פון אן אבסטראקטען פרינציפ. דאס איז דער טעם פאר וואס דאס וואס איז אין דיעזער הינזיכט געוואונען געווארן איז ניט צוריק פערלארען געווארען, דאס עס איז ניט געקומען קיין רעאקציאן און קיין צוריקפאל צו דעם פריהערען רעליגיעזען צושטאנד וויא עס האט פאסירט אין פראנקרייך נאך די גרויסע רעוואלוציאן וועלכע האט זיך אנגעהויבען אין 1789. דער מעסיגער, איינגעהאלטענער ליבעראליזם פון די קאלאניסטען האט געהאלטען פלאץ נאכדעם וויא די מלחמה איז געווען אריבער, און זיי האבען געקענט ווייטער מאכען לאנגזאמען פארשריט. דער געוואלטזאמער ראדיקאליזם פון די עלטערע מדינה איז געגאנגען אזוי ווייט אז מען האט דערנאך געמוזט געהן א שטיק וועג צוריק, און די מלחמה צווישען קירכע און שטאאט האט געמוזט אויסגעקעמפפט ווערען נאך אמאל אין אונזערע צייטען, מעהר וויא הונדערט יאהר נאכדעם וויא רעליגיאן איז אין גאנצען אפגעשאפט געווארן אין די שרעקענס-צייט פון די פראנצויזישע רעוואלוציאן.

אן אונבעוואוסטער דייטשער איד האט געשיקט א בריעף אין זיין אייגענעם נאמען און אין דעם נאמען פון זיינע בריעדער צום פרעזידענט פון רעוואלוציאנערען אדער קאנטינענטאלען קאנגרעס, אין וועלכען ער האט בעשריעבען די טרויעריגע לאגע פון די אידען אין דייטשלאנד און האט אויסגעדריקט זייער וואונש צו ווערען אונטערטהאנען פון די דרייצעהן פראווינצען. דער בריעף איז ערשיענען אין "דייטשעס מוזעאום" פון יוני 1783 און איז מיט פיער יאהר שפעטער אפגעדרוקט געווארן בעזונדער אונטער דעם טיטעל "שרייבען איינעס דייטשען יודען אן דען נארד אמעריקאנישען פרעזידענטען".*) אזוי וויא עס איז ניטא קיין פערצייכנים אז דער בריעף איז אנגעקומען אדער דעבאטירט

*) זעה דר. מ. קייזערלינג, וועגען דעם דענקשריפט פון דייטשע אידען צום פרעזידענט פון קאנטינענטאלען קאנגרעס, אין זעקסטען באנד פון די "פאבליקיישענס" זייטען 8—5, וואו עס ווערט אויך דערמאנט די פאלשע בעהויפטונג וואס איז פון אנדערע געמאכט געווארן אז דער פערפאסער פון בריעף איז געווען מאזעס מענדעלסאהן (86—1729).

געוואָרען אין אַמעריקאַ, האָט ער וואַהרשיינליך צוגעצויגען זעהר וועניג אויפמערקזאַמקייט. דאָס זעלבע איז אויך וואַהר פון דעם בריעף וואָס יאָנאַס פיליפס (געב. אין רהיין־פרייסען 1736 ; געש. אין ניו יאָרק 1803) האָט געשריעבען צו דיא פעדעראַל קאָנווענשאָן וועגען אָפשאַפען דיא שבועה אין פענסילוועניע וועלכע האָט געמאַכט אַן אויסנאַהמע געגען אידען און אַנדערע וועלכע האָבען ניט אַנערקענט געוויסע קריסטליכע פרינציפען (זיעבעטען סעפטעמבער 1787). ווען דיא קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד איז אָנגענומען געוואָרען זיינען ניט פאָרגעקומען קיין אויפרעגענדע דעבאַטען וועגען דיא פראַגע פון רעליגיאָנס־פרייהייט. דער פאַראַגראַף וועלכער בעשטימט אַז מען זאָל אונטער דיא געזעץ פון יונייטעד סטייטס ניט טאָרען שטעלען קיין פראַגע וועגען רעליגיאָן איז אָנגענומען געוואָרען כמעט איינשטימיג, דער סטייט נאָרד קאַראָליינאַ אַליין האָט געשטימט דאַגעגען, און אַזוי וויא עס זיינען דאָרטען דאַן ניט געוועזען קיין אידען מוז דיא ניט־ליבעראַלע שטעלונג פון זיינע פערטרעטער צוגעשריעבען ווערען צו דיא מורא פאַר קאַטהאָליקען. מען קען בעגרייפען וויא ווייט דיעזע מורא איז געגאַנגען, פון דעם פאַקט אַז ווען דיא סטייט קאָנווענשען פון נאָרד קאַראָליינאַ איז זיך צוזאַמענגעקומען אין הילסבאָראָ אין יולי 1788 אָנצונעהמען דיא קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד, האָט מען דאָרטען געטהיילט בראָשורען אין וועלכע "עס איז אָנגעוויעזען געוואָרען גאַנץ ערנסט אויף דיא געפאַהר אַז דער פאַפסט וועט קענען ערוועהלט ווערען פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס אויב דיא קאָנסטיטוציאָן זאָל אָנגענומען ווערען". (זעה מר. היהנער׳ס אויפזאַץ איבער רעליגיעזע פרייהייט אין נאָרד קאַראָליינאַ אין 16טען באַנד פון דיא "פאָבליקיישענס" זייטע 42). דיא צייט פון רעליגיעזע פרייהייט אַזוי גוט וויא פון נאַציאָנאַלע אונאַבהייניגקייט איז געקומען און עס איז אָנגענומען געוואָרען אַלס אַ נאַטירליכע זאַך. עס מאַכט בעזונדערע עהרע דיא אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָן אַז אַלע פרייהייטען וואָס מען האָט געוואונען זיינען געבליעבען, און דיא יונגע נאַציאָן האָט געקענט געהן ווייטער אויף דעם וועג פון פאָרשריט אונגעשטערט פון אַ נאָך־רעוואָלוציאָנערע רעאַקציאָן, און ווידמען איהר ענערגיע צו לעזען דיא פראַגען וועלכע דיא רעוואָלוציאָן האָט געלאָזען ניט פערענטפערט, אָדער צו נייע פראַגען וועלכע זיינען פאָרגעקומען נאָך דיעזער פעריאָדע.

# קאַפּיטעל 12

## דיא בעטהייליגונג פון אידען אין דיא מלחמה פון דער רעוואָלוציאָן.

קעפּטיין אייזאַק מייערס פון דיא מלחמה מיט דיא פראַנצויזען און אינדיאַנער אין 1754 — דייוויד ס. פראַנקס און אייזאַק פראַנקס — דייוויד פראַנקס, דער אַנהייג־גער פון ענגלאַנד — סאַלאָמאָן און לואיס בוש — אַנדערע אידישע סאָלדאַטען פון וועלכע איינער איז בעפרייט געוואָרן פון זיינע פּליכטען פרייטאָג־צו־נאַכט — דיא בריעדער פּינטאָ — קאָמיססערי־דזשענעראַל מרדכי שעפּטאַל פון דשאָר־דשיא — חיים סאַלאָמאָן, דער פּוילישער איד, און זיינע פינאַנציעלע הילפע פאַר דיא רעוואָלוציאָן.

עס זיינען געווען אין גאַנצען אונגעפעהר צוויי טויזענד אידען אין דיא קאָלאָניעס ווען דיא מלחמה איז אויסגעבראָכען, דיא מייסטע פון זיי זיינען געווען וואָהלהאַבענדע קויפלייטע פון שפּאַנישער און פּאָרטוגעזישער אָפּשטאַ־מונג, פון וועלכע אַ היבשע צאָהל האָט פריהער געוואָהנט אין ענגלאַנד אָדער געהאַט געשעפטליכע פערבינדונגען מיט דיא מוטער־לאַנד אָדער מיט איהרע קאָלאָניעס. דיא אינטערעסע פון זייער קלאַס און דיא פּערזענליכע נייגונגען האָט דערפאַר געדאַרפט העלפען אַז זיי זאָלען סימפּאַטיזירען מיט דיא ענגלישע רעגירונג; דאָך איז דיא צאָהל אידישע לאָיאַליסטען אָדער אַנהייננגער פון ענג־לאַנד אין דיא קאָלאָניעס געווען זעהר קליין. דער גרעסטער טהייל פון דיא אידען איז אַריבער אויף דער זייט פון דיא קאָלאָניסטען און האָט געטהאָן ניצליכע אַרבייט אויף פערשיעדענע אופנים — אַלס אויסלענדישע סוחרים וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אָן דעם אָפּמאַך ניט צו קויפען סחורות פון ענגלאַנד, אַלס לאָקאַלע געשעפטסלייט וועלכע האָבען צוגעשטעלט פּראָוויאַנט און אַנדערע נייטיגע זאַכען ווען דאָס איז געווען ציעמליך שווער צו קריעגען, אַלס בעאַמטע וועלכע האָבען געהאָלפען דיא אומציהונג אָדער בעוועגונג פון דיא אַרמעע, און אויך אַלס אָפיציערען און אַלס פּראָסטע סאָלדאַטען אין דיענסט. אין דיא מייסטע קאָלאָניעס האָבען אידען נאָך דאַן ניט געהאַט קיין גלייכע רעכטע און האָבען ניט געקענט ערוועהלט ווערען צו עפענטליכע עמטער; אָבער דאָס האָט זיי ניט אָפּגעהאַלטען פון זיך צו בעטהייליגען אין דיא אַרבייט פון בעפרייען

דעם לאַנד אין וועלכען זיי האָבען געוואָהנט, און פון אַנדערען זייט האָט קיינער ניט געוואָלט זיי אויסשליסען פון דיא געלעגענהייט צו טהאָן זייער פאַטריאָטישע פליכט, וויא עס האָט פּאַסירט אין פריהערען יאָהרהונדערט אונטער דיא וועניגער ליבעראַלע בירגער פון נייַ ניעדערלאַנד.

דיא נעמען פון מעהר וויא פיערציג אידען וועלכע האָבען געדיענט אין דיא אַרמעען פון דיא רעוואָלוציאָן זיינען צו אונז אָנגעקומען, און דיא מייסטע פאַקטען וועגען זיי קענען געפונען ווערען אין מר. סיימאָן וואָלף׳ס ווערטהפאָלעם ווערק.*) אַזוי וויא זיי האָבען כמעט אַלע געהערט צו דיא רייכערע קלאַסען, איז עס נאַטירליך אַז דיא צאָהל פון אָפיציערען איז געווען גרעסער וויא דיא געוועהנליכע פּראָפּאָרציאָן אין דיעזע קליינע גרופּע. פיער פון זיי האָבען ערריכט דעם רענק פון לייטענאַנט־קאָלאָנעל (פּאָר־פּאָלקאָווניק), דריי זיינען געוועזן מאַיאָרען און מינדעסטענס אַ האַלבע דוצענד קעפּטיינס. זיי זיינען אויך ניט געווען דיא ערשטע אידען וועלכע האָבען געטראָגען וואַפען אָדער געהאַט מיליטערישע עמטער אין דיא קאָלאָניעס. אַזוי פריה וויא אין יאָהר 1754, אין דער צייט פון דיא מלחמה מיט דיא פראַנצויזען און אינדיאַנער, האָט אייזאַק מייערס, אַ אידישער בירגער פון ניו יאָרק, צוזאַמענגערופען אַ פערזאַמלונג און האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמפּאַניע (ראָטע) בעוואָפענטע לייטע פון וועלכע ער איז געוואָרן דער קעפּטיין. מען ווייס אַז צוויי אַנדערע אידען האָבען געדיענט אין יענע מלחמה אין דער עקספּעדיציאָן איבער דיא אַלעגהעני בערג אין דעם זעלבען יאָהר.

צוויי מיטגליעדער פון דיא פראַנקס פאַמיליע האָבען געדיענט מיט אויסצייכנונג אין דיא קאָנטינענטאַלע אַרמעע, אין דער צייט וואָס אַ דריטער (זיי זיינען וואהרשיינליך געוועזן קאָזינס) איז געוואָרן בעוואוסט דורך זיין סימפּאַטהיע פאַר ענגלאַנד. דייוויד סאַליסבורי פראַנקס, וועלכער איז בעצייכענט געוואָרן אַלס אַ יונגער ענגלישער קויפמאַן, האָט זיך בעזעצט אין מאָנטריאָל, קענעדע, אין 1774 און איז געווען טהעטיג אין מסחר און אויך אין דיא אַנגעלעגענהייטען פון דיא אידישע געמיינדע. דעם דריטען מאַי 1775 איז ער אַרעסטירט געוואָרן פאַר ריידען אונהעפליך וועגען קעניג, אָבער ער איז בעפרייט געוואָרן זעקס טעג שפּעטער. אין 1776 האָט גענעראַל וואוסטער איהם געמאַכט פאַר צאַהלמייסטער פון דעם אַמעריקאַנישען גאַרניזאָן אין מאָנטריאָל, און ווען דיא אַמעריקאַנישע אַרמעע האָט זיך צוריקגעצויגען פון קענעדע איז פראַנקס מיטגעגאַנגען אַלס אַ פרייוויליגער און איז שפּעטער אריינגעטרעטען אין אַ רעגימענט פון מאַסאַטשוסעטס. אין 1778 האָט ער געדיענט אונטער גראַף

*) ״דער אַמעריקאַנישער איד אַלס פּאַטריאָט, סאָלדאַט און בירגער״, פון סיימאָן וואָלף, רעדאַקטירט פון לואיס עדוואַרד ליוואי, פילאַדעלפיא, 1895.

ד'עטעין וועלכער האט קאמאנדירט דיא פלאטע פון דיא יונייטעד סטייטס; און ווען דיא עקספעדיציאן איז געענדיגט געווארן מיט א דורכפאל איז ער צוריקגעקומען אין פילאדעלפיא וואו ער איז געווארן א מיטגליעד פון גענעראל בענעדיקט ארנאלד'ס סטאף אדער שטאב. אין 1779 איז ער אוועק אלס א פרייוויליגער נאך טשארלסטאן וואו ער האט געדיענט אלס עיד-דע-קעמפ אדער קארפס-אדיוטאנט ביי גענעראל לינקאלן. ער איז שפעטער צוריק גערופען גע־ווארן צו זיין דערביי ווען גענעראל ארנאלד איז פראצעסירט געווארן פאר אונ־פאסענדע אויפפיהרונג אין פילאדעלפיא, און פראנקס אליין איז אויך געווען פערוויקעלט אין דעם פראצעס. ער איז געווען עיד-דע-קאמפ ביי ארנאלד'ען ווען דער לעצטער האט פערראטהען דיא קאלאניעס אין סעפטעמבער 1780; ער איז ארעסטירט געווארן דעם צווייטען אקטאבער אבער ווען דער פראצעס איז פארגעקומען אויף מארגען איז ער עהרענהאפט בעפרייט געווארן. אבער ניט בלייבענדיג צופריעדען דערמיט האט פראנקס געשריעבען צו גענעראל וואשינגטאן און געבעטען א בעזונדערע אונטערזוכונגס-געריכט. דעם צווייטען נאוועמבער 1780 האט דאס געריכט געהאט א זיצונג אין וועסט פאינט און האט איהם פאלשטענדיג גערייניגט פון יעדען פערדאכט. אין 1781 האט איהם ראבערט מארים געשיקט מיט אפיציעלע בריעף צו דיא אמעריקאנישע פער־טרעטער דשעי אין מארדיד און פרענקלין אין פאריז. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אייראפא איז ער דורך א בעשטימונג פון קאנגרעס צוריק אריינגעטרעטען אין דער ארמעע מיט דעם רענק פון א מאיאר. דעם 15טען יאנואר 1784 האט דער קאנגרעס בעשלאסען אז "א דרייפאכע קאפיע פון דעם ענדליכען פער־טראג (פון פריעדען) זאל ארויסגעשיקט ווערען צו דיא אמעריקאנישע פערטרע־טער ביי פרעמדע רעגיערונגען דורך לייטענאנט-קאלאנעל דייוויד ס. פראנקס" און ער איז וויעדער אוועק נאך אייראפא. דעם פאלגענדען יאהר איז ער ער־נענט געווארן אמעריקאנישער וויצע-קאנסול אין מארסעיל, פראנקרייך. אין 1786 האט ער געהאלפען אלס א פערטרויטער בעאמטער פון יונייטעד סטייטס שליסען דעם האנדעל-און-פריעדענס-פערטראג מיט מאראקא, און ווען ער איז צוריקגעקומען אין ניו יארק אין 1787 האט ער מיטגעבראכט דעם פערטראג מיט זיך. דעם 28טען יאנואר 1789 האט ער געקריעגען פון דיא רעגירונג פיער הונדערט אקער לאנד אלס אנערקענונג פאר זיין דיענסט אין דער מלחמה פון דיא רעוואלוציאן.

זיין פערוואנדטער אייזאק פראנקס (געב. אין ניו יארק 1759; געש. אין פילאדעלפיא 1822) איז געווען זיעבצעהן יאהר אלט ווען ער איז אריינגע־טרעטען אין קאלאנעל לעשער'ס רעגימענט פון דיא ניו יארקער פרייוויליגע און האט מיטגעמאכט דיא שלאכט פון לאנג איילענד. דעם 15טען דעצעמבער איז ער גענומען געווארן געפאנגען ווען דיא ענגלענדער האבען בעזעצט ניו

יארק, אבער ער איז אנטלאפען דריי מאנאט שפעטער. אין 1777 איז ער ערנענט געווארן אלס בעאמטער אין קוואטיער־מייסטער׳ס דעפארטמענט; אין יאנואר 1778 איז ער געווארן אויפזעהער איבער פראוויאנט און איז פערבליעבען אויף דיזער שטעלע אין וועסט פאינט ביז דעם 22טען פעברואר 1781, ווען ער איז ערנענט געווארן פון קאנגרעס אלס אונטער־אפיציער אין זיעבעטען רעגימענט פון מאסאטשוסעטס. ער איז געבליעבען אין דיזער שטעלע ביז יולי 1782, ווען ער האט רעזיגנירט צוליעב קראנקהייט. ער האט זיך בעזעצט אין פילא־דעלפיא וואו ער האט געהאלטען פערשיעדענע ציוויל־עמטער און איז אין 1794 אויסגעקליעבען געווארן פון גאווערנאר מיפלין אלס לייטענאנט־קאלאנעל פון צווייטען רעגימענט פון דיא פילאדעלפיא קאונטי בריגאדע פון דיא מיליץ. פרעזידענט וואשינגטאן האט געוואהנט אין זיין הויז (איצטער נומער 5442 מעין סטריט) אין דשערמאנטאון אין דער צייט ווען עס האט געהערשט דער געלער פיעבער און דיא רעגירונג איז איבערגעטראגען געווארן פון פילאדעלפיא נאך יענער פארשטאדט. דער פארטרעט פון פראנקס, געמאלט פון זיין פריינד גילבערט סטיוארט, געפינט זיך איצטער אין דיא פענסילווענא אקאדעמיע פון שיינע קינסטע אין פילאדעלפיא (גיבסאן קאלעקציאן).

דער דריטער און לאיאליסטישער מיטגליעד פון דיא פאמיליע, דייוויד פראנקס (געב. אין ניו יארק 1720; געש. אין פילאדעלפיא 1793), דער זאהן פון יעקב פראנקס, האט זיך בעזעצט אין זיין יוגענד אין פילאדעלפיא, און איז געוועזען א מיטגליעד פון דיא פראווינציעלע אסעמבלי אין 1748. ער האט צוגע־שטעלט פראוויאנט פאר דיא ארמעע אין דיא מלחמה מיט דיא פראנצויזען און אינדיאנער, און האט אין 1755 געהאלפען זאמלען א פאנד צו בעשיצען דיא קאלאניע. ער האט זיך אונטערגעשריעבען אויף דעם בעשלוס ניט צו אימ־פארטירען קיין סחורה פון ענגלאנד, אבער ער געפינט זיך אויך צווישען דיא וואס האבען אפגעמאכט אנצונעהמען דעם קעניג׳ס פאפיער־געלד אנשטאט גאלד און זילבער. אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן איז ער געוועזען א פער־מיטלער אויסצובייטען געפאנגענע, און איז אויך געוועזען אן אגענט פאר דיא קאנטראקטארס וועלכע האבען צוגעשטעלט שפייז פאר דיא ארמעע פון דעם קעניג פון ענגלאנד. דיא קאלאניאלע רעגיערונג האט איהם צוויי מאל ארייננגע־זעצט אלס א פיינד פון דיא אמעריקאנער, און ווען ער איז דעם צווייטען מאל ארויסגעלאזען געווארן, אין 1780, איז ער אוועק נאך ענגלאנד. ער איז צוריק געקומען אין 1783 און האט געוואהנט דיא לעצטע צעהן יאהר פון זיין לעבען אין פילאדעלפיא.

סאלאמאן בוש, דער זאהן פון מאטהיאס בוש, א געבארענער פון פילאדעל־פיא איז געוועזען אן אפיציער אין דיא פענסילווענא מיליץ צעהן יאהר. אין 1777 איז ער ערנענט געווארן אדיוטאנט־דשענעראל פון דיא סטייט מיליץ. אין

סעפּטעמבער פון דעם זעלבען יאָהר איז ער געפעהרליך פערוואונדעט געוואָרן אין א קליינע שלאכט און איז געבראכט געוואָרן נאך פילאדעלפיא. ווען דיא בריטישע ארמעע האט גענומען יענע שטאָדט אין דעצעמבער 1777 איז ער גענומען געוואָרן געפאנגען, אבער מען האט איהם ארויסגעלאזען אויף פּאראָל. אין 1779 איז ער ערהויבען געוואָרן צום רענק פון לייטענאנט־קאָלאָנעל און איז פּענסיאָנירט געוואָרן אין 1785.

א געוויסער קאָלאָנעל אייזאקס פון דיא מיליץ פון נאָרד קאראָליינא ווערט דערמאָנט אלס „פערוואונדעט און גענומען געפאנגען אין קעמדען דעם 16טען אויגוסט 1780, אויסגעביטען יולי 1781". (וואָלף, זייטע 49).

לואיס בוש איז געוואָרן ערשטער לייטענאנט אין זעקסטען פּענסילווענישע באטאליאָן אין דעם ניינטען יאנואר 1776, און קעפּטעין דעם 24טען יוני פון דעם זעלבען יאָהר. ער איז טראנספערירט געוואָרן אין קאָלאָנעל טהאָמאס הארטלעי'ס רעגימענט אין יאנואר 1777 און איז דעם 12טען מערץ פון יענעם יאָהר געוואָרן א מאיאָר. ער האט זיך בעטהייליגט אין אייניגע שלאכטען, און ביי דיא שלאכט פון ברענדיוויין, דעם 11טען סעפּטעמבער 1777 האט ער גע־קריגען וואונדען פון וועלכע ער איז געשטאָרבען פיער טעג שפּעטער.

בענדשעמין נאָנעס (געש. 1826) א געבאָרענער פון באָרדאָ, פראנקרייך, האט איינגעוואנדערט אין פילאדעלפיא אין 1777 און איז גלייך ארייננגע־טרעטען אין דיענסט פון דיא קאָלאָניעס. ער האט געדיענט אלס פרייוויליגער אין קעפּטיין ווערדיע'ס רעגימענט אונטער גענעראל פּולאסקי דורך דער צייט פון דיא בעלאגערונג פון סאוואננאה, און דעם 15טען סעפּטעמבער 1779 האט ער ערהאלטען אן עהרען־צייגניס פאר העלדענמוטה אויף'ן שלאכט־פעלד. ער האט דערגרייכט דעם רענק פון מאיאָר און עס ווערט בעהויפּטעט אז ער איז געוועזן מיט גענעראל דע קאלב ביי דער שלאכט פון קעמדען, סאוטה קאראָליינא דעם 16טען אויגוסט 1780.

דשייקאָב דע לאָ מאָטטא זיינען געוועזן קעפּטיינס אונטער דע קאלב; קעפּטיין נח אברהם איז ארויסגערופען געוואָרען מיט דעם באטאליאָן מיליץ פון קאָמבערלאנד קאונטי, פּענסילווניע, דעם 28טען יולי 1777. אהרן בענדשעמין (געש. 1829) וועלכער האט אָנגעפאנגען אלס אן אונטער־אָפיציער אין אכטען קאָנעקטיקוט רעגימענט דעם ערשטען יאנואר 1777 איז דריי יאָהר שפּעטער געוואָרן אדיוטאנט פון רעגימענט. מאנועל מרדכי נאָאה (נח, 1747—1825) האט געדיענט אונטער גענעראל מאריאָן; אייזאק איזראעל איז געוואָרען א קעפּטיין אין אכטען ווירדשיניע רעגימענט אין 1777, און נאטהאניעל ליוואי פון באלטימאָר ווערט דערמאָנט אלס איינער וועלכער האט געדיענט אונטער לאפאיעט. עס איז אויך דאָ פערצייכענט א בעפעהל וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרן פון דיא ניו יאָרקער זיכערהייטס־קאָמיטע

אין יאַנואַר 1776 וויא פאָלגט: "האַרט דשייקאָבס, פון דיא אידישע רעליגיאָן, האַט ערקלערט פאַר דיזע קאָמיטע אַז עס איז געגען זיין אמונה צו טהאָן מיליטערישע דיענסטע פרייטאָג אַבענדס ווייל דאָס איז אַ טהייל פון דעם אידישען שבת, עס ווערט דעריבער בעשטימט ער זאָל זיין פריי יענעם אַבענד פון דער וואָך". (זעה "פּאָבליקיישענס" באַנד 11 זייטע 163).

דריי, און וואהרשיינליך, פיער מיטגליעדער פון דיא אַלטע פינטאָ פאַמיליע וועלכע האַט געוואָהנט אין קאָנעקטיקוט, האָבען גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דיא רעוואָלוציאָן. אברהם פינטאָ איז געווען אַ מיטגליעד פון קאָמפּאַניע X פון זיעבעטען רעגימענט פון יענעם סטייט, אין 1775; וויליאַם פינטאָ (וועגען וועמען עס איז ניט זיכער אויב ער איז געווען זיין ברודער) ערשיינט אַלס אַ פּרייוואַוויליגער אין 1779 און 1781. דשייקאָב פינטאָ וועלכער איז שוין געווען אין ניו הייווען אין 1759 איז געווען אַ מיטגליעד פון אַ פּאָליטישע קאָמיטע פון יענער שטאָדט אין 1775, און זיין נאָמען ווערט אויך געפונען צווישען אַנדערע איינפלוסרייכע בירגער אין אַ ביטע צו דעם זיכערהייטס־ראַטה מען זאָל אַרויסשיקען פון שטאָדט געוויסע אַנהיינגער פון ענגלאַנד אין 1776. סאָלאָמאָן פינטאָ האָט געדיענט אַלס אָפיציער פון קאָנעקטיקוט דורך דיא גאַנצע מלחמה און איז פערוואונדעט געוואָרען אין דעם אַנגריף וואָס דיא ענגלענדער האָבען געמאַכט אויף ניו הייווען אין יולי 1779. ער איז געווען, אין זיין סטייט, איינער פון דיא אָריגינעלע מיטגליעדער פון דיא סאָסייעטי אָוו סינסינעטי, אַ פעראיין וואָס איז אין אָנפאַנג בעשטאַנען נור פון מיליטערישע בעאַמטע וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דיא רעוואָלוציאָנערע מלחמה.

מרדכי שעפטאַל (געב. אין סאַוואַננאַה, דשאָרדשיא 1735; געש. דאָרטען 1797), וועלכער איז געווען איינער פון דיא ערשטע ווייסע קינדער וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען אין יענע קאָלאָניע, דער זאָהן פון בענדשעמין שעפטאַל וועלכער איז דאָרטען אָנגעקומען אין 1733, איז געווען דער פּאָרזיצענדער פון דיא רעוואָלוציאָנערע קאָמיטע פון זיין געבורטסשטאָדט. אין 1777 איז ער געוואָרען קאָמיסערי־דשענעראַל פאַר דיא מיליטער פון דשאָרדשיא און אין אָקטאָבער פון פאָלגענדען יאָהר איז ער געוואָרען דעפּיוטי קאָמיסערי פון סאַוטה קאַראָליינאַ און דשאָרדשיא. זיין געפאַנגענשאַפט נאָכדעם וויא דיא בריטישע אַרמעע האָט בעזעצט סאַוואַננאַה האָט צוגעצויגען פיעל אויפמערקזאַמקייט, און דיא בעשרייבונג דערפון בילדעט אַן אינטערעסאַנטען קאַפּיטעל פון דיא לאָקאַלע געשיכטע פון יענער צייט. אין 1782 ערשיינט שעפטאַל אין פילאַדעלפיא, וועלכע איז דאַן געווען אַן עיר מקלט פאַר פּאַטריאָטען וואָס זיינען אַנטלאָפען פון פּלעצער וואָס זיינען אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא ענגלענדער, און ער איז דאָרטען געוואָרען איינער פון דיא גרינדער פון דיא קאָנגרעגיישען מקוה ישראל. אין דעם פאָלגענדען יאָהר האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע אָפיציערען געקריעגען

אַ שטיק לאַנד אין דשאָרדשיאַ אַלס בעלוינונג פאַר דיענסט אין דער צייט פון דער מלחמה. ער איז שפּעטער (1786) געווען איינער פון די גרינדער פון די יוניאָן סאָסייעטי וועלכע איז נאָך איצטער איינע פון די וויכטיגסטע קערפּער־שאַפטען אין סאַוואַננאַה; זיין נאָמען איז אויך ענג פערבונדען מיט די פריהע געשיכטע פון פריי־מויערעריי אין יונייטעד סטייטס.

שעפטאַל און דער אויבען־דערמאָנטער מרדכי מאַנועל נאָאַה האָבען אוי־סער זייער דיענסט אין דער אַרמעע אויך בייגעטראָגען גרויסע סומען געלד פאַר די רעוואָלוציאָן. אַנדערע אידען האָבען אויך געגעבען בעדייטענדע סומען, מאַנכע פון זיי כמעט מעהר וויא זייערע מיטלען האָבען ערלויבט. אויף דער ליסט פון די וואָס האָבען געגעבען ווערטהפאָלע און צייטליכע הילפע געפינען זיך בענדשעמין ליוואי, היימאַן ליוואי, שמואל לייאָנס, אייזאַק מאָזעס און בענדשעמין דשייקאָבס.

עס איז געווען נאָך איין מאַן וועלכער האָט געגעבען מעהר וויא יענע אַלע צוזאַמען, וועלכער האָט אוועקגעגעבען כמעט אַלעס וואָס ער האָט געהאַט, און ניט ער און ניט זיינע יורשים האָבען ווען צוריקגעקריעגען די גרויסע סומען וואָס די נייע נאַציאָן איז איהם געבליעבען שולדיג. דיעזער מאַן איז געווען חיים סאַלאָמאָן (געב. אין ליסאַ, פּוילען, איצטער אַ טהייל פון פּרייסען, אין 1740; געש. אין פילאַדעלפיאַ דעם זעקסטען יאַנואַר 1785). ער האָט וואהר־שיינליך פיעל געוואַנדערט איידער ער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ, ווייל ער האָט געקענט ריידען דייטש, פראַנצעזיש און איטאַליעניש, אויסער פּויליש און רוסיש, און עס לאָזט זיך ניט שיקען אַז ער האָט געקריעגען דיעזע קענטנים אין די הויז פון אַ אידען אין אַ פּוילישע שטעדטעל אין יענער צייט. ער האָט זיך בעזעצט אין ניו יאָרק און האָט געהייראַטהעט רחל, די טאָכטער פון מאָזעס ב. פראַנקס, אַ ברודער פון דשייקאָב פראַנקס. ווען די ענגלענדער האָבען בע־זעצט ניו יאָרק אין סעפּטעמבער 1776 איז ער גענומען געוואָרען געפאַנגען אַלס אַן אַמעריקאַנישער שפּיאָן, און איז געזעסען אַ לאַנגע צייט. ווען מען האָט אויסגעפונען אַז ער קען ריידען פערשיעדענע שפּראַכען האָט מען איהם אי־בערגעגעבען צו דעם דייטשען (העסישען) גענעראַל הייסטער וועלכער האָט איהם בעשעפטיגט אין קאָמיסאַריאַט דעפּאַרטמענט. סאַלאָמאָן האָט בענוצט די גרע־סערע פרייהייט וואָס ער האָט געקריעגען צו טהאָן טובות פראַנצויזישע און אַמעריקאַנישע געפאַנגענע, און האָט מאַנכע פון זיי געהאָלפען אַנטלויפען. דעם 11טען אויגוסט 1778 איז ער אַליין אַנטלאָפען פון ניו יאָרק און האָט זיך בעזעצט אין פילאַדעלפיאַ. ער איז דאָרטען באַלד געוואָרען אַ פראָמינענטער הענדלער פון ווערטה־פּאַפּיערען און האָט געהאַט אינטימע געשעפטליכע בעציהונגען מיט ראָבערט מאָריס (1734—1806) דעם פינאַנסיער פון די אַמעריקאַנישע

רעוואָלוציאָן*) וועלכער איז געווען סופּעראינטענדענט פון פינאַנס פאַר דיא קאָלאָניעס אין דיא יאָהרען 84—1781. ער איז אויך געוואָרן דער ברוקער אָדער געלד־פּערמיטלער פון פראַנצויזישען קאָנסול און דער טרעזשורער אָדער שאַצמייסטער פון דיא פראַנצעזישע אַרמעע וועלכע איז געקומען העלפען וואַשינגטאָן'ען, און דער פינאַנציעלער אַגענט פון דעם פראַנצעזישען געזאַנדטען אין יונייטעד סטייטס, שעוואַליע דע לאַ לוצערן. אין דיעזע פערשיעדענע שטעלונגען זיינען דורכגעגאַנגען דורך זיינע הענד גרויסע סומען געלד און ער איז געוואָרן דער גרעסטער איינציגער דעפּאָזיטאָר אין דיא באַנק פון נאָרד אַמעריקאַ, וועלכע מאָרים האָט געגרינדעט. דער לעצטער, וועלכער האָט געפיהרט אַ טאָגעבוך, דערמאָנט פינף־און־זיעבציג געשעפטליכע האַנדלונגען אין וועלכע סאָלאָמאָן'ס נאָמען פיגורירט ביים פערקויף פון ווערטה־פּאַפּיערען אָדער אַנווייזונגען אויף אַנדערע פּלעצער, דורך וועלכע דער קרעדיט פון דיא יונגע רעגירונג איז אויפגעהאַלטען געוואָרן אין יענער צייט. סאַלאָמאָן איז כמעט געווען דער איינציגער אַגענט וועלכען מאָרים האָט פאַר דיעזען צוועק בעשעפטיגט. דיא מייסטע געלדער וואָס קעניג לואים דער זעכצעהנטער פון פראַנקרייך האָט געגעבען פאַר דיא אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָן און דיא סומען וואָס מען האָט געבאָרגט אין האָלאַנד זיינען דורכגעגאַנגען דורך סאַלאָמאָן'ס הענד.

ער האָט אויך אויסגעהאָלפען מיט געלד פיעלע פּראָמינענטע לייטע פון יענער צייט. דשיימס מעדיסאָן שרייבט אין אַ בריעף (אויגוסט 27, 1782) אין וועלכען ער פאָדערט געלד פון דער היים: "איך לעב שוין פון אַ היבשע צייט אַלס פּענסיאָנער פון דיא גונסט פון חיים סאַלאָמאָן, אַ אידישען געלד־מעקלער". דעם 30טען סעפּטעמבער פון דעם זעלבען יאָהר שרייבט דער מאַן וועלכער איז שפּעטער געווען אַכט יאָהר פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס: "דיא גוטסקייט פון אונזער קליינעם פריינד אין פראָנט סטריט נעבען דיא קאָפּע הויז (סאַלאָמאָן) בעשיצט מיר פון דאָס ערגסטע, אָבער עס איז מיר זעהר ניט אַנגענעהם זיך צו איהם צו ווענדען, ווייל ער וויל אויף קיין פאַל ניט נעהמען קיין בעלוינונג. מען רייסט דאָ איצטער אַזעלכע הויכע פּראָצענטען פאַר געלד אַז ער דיינקט אַז מען דאַרף דאָס נעהמען נור פון דיא וועלכע געברויכען עס צום שפּעקולירען. אָבער צו אַ דעלעגאַט וועלכער איז אין נויטה באָרגט ער פריי פון זיין פּריוואַט־קאַסע". דשיימס ווילסאָן (1742—98), אַ צווייטער בעריהמטער

---

*) אהרן ליוואַי (געב. אין אַמסטערדאַם 1742; געש. אין פילאַדעלפיא 1815), וועלכער האָט אויך פיעל געהאָלפען דיא קאָלאָניעס אין זייער מלחמה פאַר אונאַבהייננגיגקייט, איז געווען אַ שותף פון ראָבערט מאָרים אין פערשיעדענע אונטערנעהמונגען אין פּענסילוועניע. דיא שטאָדט אייראָנסבורג (אהרנסבורג) אין סענטער קאונטי, פּענסילוועניע, איז געגרינדעט געוואָרן פון ליוואַי און האָט דעם נאָמען נאָך איהם. (זעה אידישע ענציקלאָפּעדיע אַרטיקעל: ליוואַי, אהרן.)

דעלעגאַט צום קאָנטינענטאַלען קאָנגרעס, וועלכער איז מאַנכעס מאָל געווען סאַלאָמאָן'ס אַדוואָקאַט, דערציילט אויך אַז אָהן דיא הילפע פון זיין אידישען פריינד "וואָס איז געגעבען געוואָרן גרויסמוטהיג און דעליקאַט" וואָלט ער גע־ווען געצוואונגען זיך צוריק צו ציהען פון עפענטליכען דיענסט.

חיים סאַלאָמאָן איז געשטאָרבען פּלוצלונג, פינף־און־פיערציג יאָהר אַלט, און האָט איבערגעלאָזען אַן אלמנה מיט צוויי קליינינקע קינדער מיט דיא נעמען עזעקיעל (יחזקאל) און חיים מ. דער אינוועטאַר פון זיין פערמעגען האָט געוויעזען אַז ער האָט געבאָרגט דיא רעגירונג מעהר וויא 350,000 דאָלאַר, און חאָטש דיעזע שולד־אָנווייזונגען זיינען געווען כמעט אַלעס וואָס איז פון איהם געבליעבען; זיינען זיי קיינמאָל ניט בעצאָהלט געוואָרן. אַלע אָנשטריינגונגען וואָס זיינע יורשים און נאָכפאָלגער האָבען שפּעטער געמאַכט דער קאָנגרעס זאָל בעצאָהלען וואָס עס האָט איהם געקומט, אָדער חאָטש געבען אַ צייכען פון אנערקענונג פאַר דיא דיענסטע וואָס ער האָט געלייסטעט דיא קאָלאָניעס, זיינען ביז איצטער ניט גע־ווען ערפאָלגרייך.

סאַלאָמאָן האָט אויך גענומען אַ טהעטיגען אנטהייל אין אנגעלעגענהייטען פון דיא אידישע געמיינדע אין פילאַדעלפיא, און איז געווען איינער פון דיא ערשטע מיטגליעדער פון דיא קאָנגרעגיישען מקוה ישראל. אין 1784 איז ער געווען דער טרעזשורער פון אַ אידישען וואָהלטהעטיגען פעראיין, וואהרשיינליך דער ערשטער אין יענער שטאָדט.

זיין זאָהן חיים מ. סאַלאָמאָן האָט געוואָהנט אין ניו יאָרק און האָט געהאַל־טען אַ געשעפט פון פּולווער און קוילען אין פראָנט סטריט אין דער צייט פון גרויסען פייער אין 1835. וויליאַם סאַלאָמאָן (געב. אין מאָביל, אַלאַבאַמאַ, 1852) פון ניו יאָרק, איז אַן אור־אייניקעל פון חיים סאַלאָמאָן.

# קאַפּיטעל 13

## דער אונטערגאַנג פון ניופּאָרט׳ער געמיינדע; וואַשינגטאָן און דיא אידען.

ענגלאַנד׳ס בעזאָנדערע פיינדשאַפט צו ניופּאָרט מאַכט אַז דיא דאָרטיגע אידישע געמיינדע געהט אונטער — דיא דשענעראַל אַסעמבלי פון רהאָוד איילענד האַלט איהרע זיצונגען אין דיא היסטאָרישע ניופּאָרט׳ער שול — מאָזעס סייסאס׳ שרייבען צו וואַשינגטאָן אין נאָמען פון דיא אידען פון ניופּאָרט און דעם פּרעזידענט׳ס אַנטוואָרט — וואַשינגטאָן׳ס בריעף צו דיא אידישע קאָנגרעגיישען פון סאַוואַננאַה, דשאָרדשיאַ, און צו דיא קאָנגרעגיישענס פון פילאַדעלפיאַ, ניו יאָרק, ריטשמאָנד און טשאַרלסטאָן.

דער אויסברוך פון דיא רעוואָלוציאָן האָט געמאַכט אַן ענדע צו ניופּאָרט׳ס רייכטהום און צו איהר גרויסקייט אַלס אַ האַנדעל־שטאָדט. איהר לאַגע אויף׳ן ים וואָס איז פריהער געוועזן אַזוי גינסטיג פאַר דיא ענטוויקלונג פון איהר האַנדעל, האָט איצטער געמאַכט אַז עס איז איהר געוועזן לייכטער אָנצוגרייפען וויא יעדען אַנדער פּלאַץ פון גלייכער וויכטיגקייט אין נאָרד אַמעריקאַ. איהרע איינוואָהנער האָבען בעזאָנדערס אויפגערייצט דעם צאָרן פון דיא מוטער־לאַנד, וויילניופּאָרט איז געוועזן איינע פון דיא ערשטע פּלעצער זיך צו שטעלען געגען דיא בריטישע רעגירונג מיט פערברענען אַ בעוואָפענטע קריעגס־שיף וואָס איז אַהין געקומען אויפמאָנען אַ פערהאַסטען שטייער. זיא האָט זיך ניט געקענט ריכטען אויף איינזעהענים און האָט עס אויך ניט געקריעגען, ווען אַכט טויזענד בריטישע און העסישע סאָלדאַטען האָבען איהר בעזעצט אין 1776. פיער הונדערט אַכציג הייזער זיינען צושטערט געוואָרן, איהר האַנדעל איז רואינירט געוואָרן, און זיא איז אין אַ געשעפטליכען זינן קיינמאָל ניט געקומען צו זיך נאָך דיעזען קלאַפּ, וועלכער האָט געטראָפען דיא אידישע איינוואָהנער אפשר נאָך שווערער וויא אַנדערע.

דיא געמיינדע איז צושפּרייט געוואָרן, דיא שול איז געשלאָסען געוואָרן און ר׳ יצחק טורא איז אַוועק מיט זיין פאַמיליע אין דשאַמייקאַ וואו ער איז פערבליעבען ביז זיין טויט אין 1782. אהרן לאָפּעז, וועלכער האָט זעהר פיעל פערלאָרען פון דעם חורבן, איז אין בעגלייטונג פון דיא מייסטע פּראָמינענטע

אידען פון ניופארט אוועק נאך לייסטער, מאסאטשוסעטס, און זייער אנוועזענהייט האט געהאט א גינסטיגע ווירקונג אויף דיא ענטוויקלונג פון דיעזען פלאץ. אנדערע זיינען אוועק נאך פילאדעלפיא אדער אנדערע פלעצער. ווען דער פיינד איז ארויס פון ניופארט אין 1779 נאכדעם וויא ער האט חרוב געמאכט דעם האפען; און האט מיטגענומען איהר ביבליאטהעק, האבען דיא פערוואגעלטע פאטריאטען זיך אנגעהויבען ביסלעכווייז צוריק צו קעהרען. ווען דיא דשענעראל אסעמבלי פון סטייט רהאוד איילענד האט זיך צום ערשטען מאל וויעדער פערזאמעלט, (סעפטעמבער 1780) זיינען דיא זיצונגען געהאלטען געווארן אין דיא היסטארישע שול. אהרן לאפעץ איז געוועזען איינער פון א גרופע פון דיא קאלאניע פון לייסטער וועלכע זיינען ארויס אויפ׳ן וועג צו קומען צוריק נאך ניופארט, אבער ער איז דערטרונקען געווארן אויפ׳ן וועג, און זיין קערפער איז שפעטער בעערדיגט געווארן אויף דעם אלטען בית עולם פון ניופארט.

אויך דיא וואס זיינען צוריקגעקומען זיינען דארטען לאנג ניט געבליעבען. ניו יארק איז געווארן דער גרעסטער מיטעלפונקט פון האנדעל נאך דיא רעוואלוציאן און דיא וויכטיגע קויפלייטע פון ניופארט זיינען אהין אוועק איינער נאך דעם אנדערען. מאנכע זיינען אוועק נאך פילאדעלפיא, טשארלסטאן און סאוואננאה. דאך האט דיא געמיינדע נאך עקזיסטירט פאר א געוויסע צייט, און ווען פרעזידענט וואשינגטאן האט בעזוכט ניופארט אין אויגוסט 1790, האט מאזעס סייסאס אין נאמען פון דיא דארטיגע אידען איהם געשיקט פאלגענדע צושריפט:

הערר: — ערלויב דיא קינדער פון שטאם פון אברהם צו קומען פאר דיר מיט הערצליכסטע געפיהלען פון ליעבע און הויכאכטונג פאר דיין פערזאן און דיינע פערדיענסטע, און בייצושטעהן אונזערע מיטבירגער דיר אויפצונעהמען אלס ווילקאמענעם גאסט אין ניופארט.

מיר עראינערן זיך מיט פערגעניגען אן יענע טעג פון שוויריגקייט און געפאהר, ווען דער גאט פון ישראל וועלכער האט גערעטעט דוד המלך פון דיא סכנה פון שווערד, האט בעשיצט דיין קאפ אין דעם טאג פון שלאכט, און מיר פריינען זיך צו דיינקען אז דער זעלבער גייסט וועלכער האט גערוהט אין הארצען פון דעם פיעלבעליעבטען דניאל און האט איהם געגעבען דיא פעהיגקייט צו זיין דער פארשטעהער פון דיא פראווינצען פון דיא באבילאנישע אימפעריע, רוהט איצטער און וועט אימער רוהען אויף דיר און וועט דיר העלפען צו ערפילען דיא שווערע פליכטען אלס העכסטער בעאמטער פון דיעזע סטייטס.

אזוי וויא מיר האבען ביז אהער ניט געהאט דיא אונשעצבארע רעכטע פון פרייע בירגער, זעהען מיר איצטער — מיט א טיעפען געפיהל פון דאנקבארקייט צו דעם אלמעכטיגען גאט וועלכער פעראורזאכט אלעס — א רעגיערונג וואס איז אויפגעבויט געווארן דורך דיא מאיעסטעט פון פאלק, א רעגירונג וועלכע גיט ניט איהר צושטימונג צו פאנאטיזם און איהר הילפע צו פערפאלגונגען, אבער וועלכע גיט צו אלעמען גרויסמוטהיג געוויסענס־פרייהייט און זיכערהייט פון בירגערטהום, וועלכע בע־

טראַכטעט יעדען איינעם אָהן אונטערשייד פון זיין נאַציאָן אָדער שפּראַכע, אַ גלייכען טהייל פון דיא גרויסע רעגירונגס־מאַשינע. דיעזע גרויסע און ברייטע פעראייניגונג פון סטייטס, וועלכע איז געגרינדעט אויף מענשען־ליעבע, געגענזייטיגען צוטרויען און עפענטליכער טוגענד, מוז פון אונז אַנערקענט ווערען אַלס דיא אַרבייט פון דעם גרויסען גאָט וועלכער הערשט איבער דיא אַרמעען פון הימעל און צווישען דיא איינוואָהנער פון דער ערד, און טהוט וואָס איהם זעהט אויס צו זיין גוט.

מיר שיקען אַרויף אַ דאַנק צו דעם "עתיק יומין" וועלכער האָלט אויף דיא מענשען, פאַר דיא ברכות פון בירגערליכע און רעליגיעזע פרייהייט וואָס מיר געניסען דאָ אונטער אַ גלייכע און מילדע פערוואַלטונג, און בעטען איהם אַז דער מלאך וועלכער האָט געפיהרט אונזערע פאָרעלטערן דורך דעם מדבר אין דעם פערשפּראָכענעם לאַנד זאָל דיר גנעדיג דורכפיהרען דורך אַלע שוועריגקייטען און געפאַהרען פון דיעזען שטערבליכען לעבען; און ווען דוא ווענסט, אַזוי וויא יהושע, פול מיט יאָהרען און מיט עהרע, פערזאַמעלט ווערען צו דיינע עלטערן, זאָלסטו אריינגעלאָזען ווערען אין הימלישען גן עדן צו געניסען דאָס וואַסער פון לעבען און דעם בוים פון אונשטערבליכקייט.

אויף דיעזען בריעף, וועלכער טראָגט אויף זיך אונצווייפעלהאַפטע סימנים אַז ער איז אָריגינעל פערפאַסט געוואָרן אין העברעאיש, האָט דער פּאָטער פון לאַנד געענטפערט וויא פאָלגט:

## צו דיא אידישע געמיינדע פון ניופּאָרט, רהאָוד איילענד.

דשענטלמען: — אַזוי וויא איך האָב ערהאַלטען מיט גרויס צופריעדענהייט אייער צושריפט וואָס איז פול מיט אויסדריקע פון הויכאַכטונג, פרעהט עס מיר צו האָבען דיא געלעגענהייט אייך צו פערזיכערען אַז עס וועט מיר אימער בלייבען אַ דאַנקבאַרע עראינערונג פון דעם הערצליכען ווילקאָמען וואָס איך האָב געהאַט פון אַלע קלאַסען בירגער ווען איך האָב בעזוכט ניופּאָרט.

דיא בעטראַכטונגען וועגען דיא טעג פון שוועריגקייט און געפאַהר, וועלכע זיינען שוין פאָראיבער, זיינען איצטער מעהר זיס דורך דעם בעוואוסטזיין אַז עס זיינען נאָך זיי געקומען טעג פון אונגעוועהנליכען וואָהלשטאַנד און זיכערהייט. ווען מיר זאָלען נור האָבען דיא ווייזהייט צו מאַכען דעם בעסטען געברויך פון דיא גינסטיגע לאַגע אין וועלכע מיר געפינען זיך, מוזען מיר אונטער דיא גערעכטע פערוואַלטונג פון אַ גוטע רעגירונג ווערען אַ גרויסע און גליקליכע נאַציאָן.

דיא בירגער פון יונייטעד סטייטס פון אַמעריקאַ האָבען דאָס רעכט זיך אַליין צו אַפּלוידירען דערפאַר וואָס זיי האָבען געגעבען דיא מענשהייט אַ ביישפּיעל פון אַ פערגרעסערטע און ליבעראַלע פּאָליטיק וועלכע איז ווערטה אַז אַנדערע זאָלען איהר נאָכמאַכען. אַלע בעזיצען דאָ גלייכע געוויסענס־פרייהייט און בירגערליכע זיכערהייט. מען רעדט איצטער ניט מעהר וועגען טאָלעראַנץ אָדער דולדען אַזוי וויא איין קלאַס וואָלט געגאָסען איהרע נאַטירליכע רעכטע ווייל אַן אַנדער קלאַס האָט מיט איהר איינזעהענים; דיא רעגירונג פון יונייטעד סטייטס וועלכע גיט גליקליכערווייזע קיין צושטימונג צו פאַנאַטיזם און קיין הילפע צו פערפאָלגונגען, פערלאַנגט נור אַז יעדער וועלכער לעבט אונטער איהר שוץ זאָל זיך אויפפיהרען אַלס אַ גוטער בירגער, און זאָל איהר געבען ביי יעדע געלעגענהייט זיין קרעפטיגע אונטערשטיצונג.

עס וואָלט ניט איינגעשטימט מיט מיין אָפענהערציגקייט ווען איך זאָל אויך ניט זאָגען וויא ווייט עס מאַכט מיר פערגעניגען אייער גינסטיגע מיינונג פון מיין פערוואַלטונג און אייער שטאַרקער וואונש פאַר מיין גליקזעליגקייט. הלואי זאָלען דיא קינדער פון דעם שטאַם פון אברהם וועלכע וואָהנען אין דיעזען לאַנד אימערצו פערדיענען און געניסען דעם גוטען ווילען פון אַלע אַנדערע איינוואָהנער, ווען יעדער זאָל זיצען אין זיכערהייט אונטער זיין וויינשטאָק און זיין פייגען־בוים און קיינער זאָל אויף איהם ניט וואַרפען קיין מורא. הלואי זאָל דער פאָטער פון אַלע חסדים פערשפּרייטען ליכטיגקייט און ניט פינסטערניס אויף אונזער וועג און זאָל אונז אַלעמען מאַכען יעדען אין זיין בעשעפטיגונג ניצליך היער, און זאָל ער אויך אין זיין בעשטימטע צייט און אויף זיין אופן, אונז מאַכען גליקליך אויף עוויג.*)

דשאָרדש וואַשינגטאָן.

אין דעם יאָהר נאָך דיעזע קאָררעספּאָנדענץ איז דיא ניופּאָרט'ער שול צוגעמאַכט געוואָרן ווייל עס איז דאָרטען מעהר ניט געווען קיין מנין, און זיא איז געבליעבען געשלאָסען באַלד הונדערט יאָהר. דער אויבען־דערמאָנטער מאָזעס סייסאַס, וועלכער איז פאַר פיעלע יאָהרען געווען דער קאַסירער פון דיא באַנק פון רהאָוד איילענד, איז געווען איינער פון דיא לעצטע אידען אין ניופּאָרט אין יענער צייט. מאָזעס לאָפּעז, אַ נעפּפע פון אהרן, ווערט גערעכענט אַלס דער לעצטער איד וועלכער איז דאָרטען געבליעבען, און ער איז אויך אוועק צום סוף נאָך ניו יאָרק, וואו ער איז געשטאָרבען אין 1830. מען האָט זיך אָבער שטענדיג עראינערט אָן ניופּאָרט מיט צערטליכע געפיהלען וועגען איהר גרויסע פערגאַנגענהייט, און מאַנכע וואָס האָבען אָפּגעשטאַמט פון דיא דאָרטיגע אָריגינעלע אידישע פאַמיליען פלעגען בעשטימען אין זייערע צוואות אז מען זאָל זיי מקבר זיין אויף דעם אַלטען אידישען בית עולם. מצבות ווייזען אַז עס זיינען דאָרטען צוגעקומען קברים ביז דעם יאָהר 1855, ווען עס איז שוין אין ניופּאָרט פון אַ לאַנגע צייט ניט געווען קיין אידישע געמיינדע. אברהם טוראָ, (געש. אין באָסטאָן 1822) דער זאָהן פון ר' יצחק טוראָ, האָט איבערגעלאָזען אַ פאָנד מען זאָל אימער האַלטען דיא שול אין גוטער אָרדנונג חאָטש קיינער איז דאָרטען ניט אריין, און ער האָט אויך פערזאָרגט מען זאָל אַכטונג געבען אויף דעם בית הקברות. זיין ברודער יהודה טוראָ פון ניו אָרלינס האָט געלאָזט אויפבויען אַ מאַסיווען שטיינערנעם וואַנט ארום בית הקברות מיט אַ שיינעם טויער (1843), און מען האָט איהם, לויט זיין פערלאַנגען אויך דאָרטען געבראַכט צו קבורה. דיא גאַס אויף וועלכע דיא שול געפינט זיך איז בעוואוסט אַלס טוראָ סטריט. דיא שטאָדט האָט אויך אַ פּאַרק וועלכער איז בעקאַנט אַלס טוראָ פּאַרק. אַבגלייך דער טוראָ־פאָנד האָט אויך בעשטימט אַז מען זאָל דאָרטען שטענדיג

*) אַן אַבבילדונג פון וואַשינגטאָן'ס בריעף געפינט זיך אין דיא "אידישע ענציקלאָפּעדיע" ניינטען באַנד, צווישען דיא זייטען 95—294.

אָנהאַלטען אַ ראַבינער, איז דיא שול געבליעבען געשלאָסען ביז דעם יאָהר 1883, ווען ראַבבי א. פּ. מענדעס איז ערנענט געוואָרען פאַר דיא שטעלע פון דיא פּאָרטוגעזישע געמיינדע שארית ישראל פון ניו יאָרק (וועלכע איז געוואָרען גע־זעצליך אייגענטהימער פון דיא שול און פון בית הקברות) און ער האָט דאָרטען געהאַלטען גאָטעס־דיענסט ביז ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1891.

* * *

עס זיינען געבליעבען אין עקזיסטענץ נאָך צוויי בריעף וועלכע דשאָרדש וואשינגטאָן האָט געשריעבען צו אידישע געמיינדען וועלכע האָבען איהם געשיקט גליק־ווינשונגען ווען ער איז ערהויבען געוואָרען צו דיא פּרעזידענטשאַפט. איי־נער איז אַן אַנטוואָרט אויף אַן אַדרעס וואָס איז אונטערגעשריעבען געוואָרען פון ליוואי שעפטאַל אַלס פּרעזידענט אין נאָמען פון דיא אידישע קאָנגרעגיישען פון סאַוואַננאַה, און איז וויא פאָלגט:

## צו דיא אידישע קאָנגרעגיישען פון דיא שטאָדט סאַוואַננאַה, דשאָרדשיאַ.

דשענטלמען: — איך דאַנק אייך מיט גרויס אויפריכטיגקייט פאַר דיא גראַ־טולאַציאָן וואָס איהר האָט מיר געשיקט איבער מיין ערוועהלונג צו דעם אַמט וואָס איך האָב דיא עהרע צו האַלטען דורך דעם איינשטימיגען וואונש פון מיינע מיט־בירגער, און בעזאָנדערס פאַר דעם פריינדליכען אויסדרוק פון צוטרויען וועלכען אייער קאָנגרעגיישאָן האָט צו מיר.

דיא צייט וואָס איז אַריבער צווישען מיין ערוועהלונג און אייער אדרעס האָט מיר געגעבען דיא געלעגענהייט צו בעגרייפען בעסער דיא מעלות פון אונזער נאַציאָ־נאַלע רעגיערונג. און האָט אייך אויך ערמעגליכט צו קענען בעסער לאָזען וויסען אייערע געפיהלען וועגען מיין פערוואַלטונג. איך דאַרף גיכער אויסדריקען צופריעדענהייט וויא בעדויערן איבער דעם וואָס אייער צושריפט קומט נאָכדעם וויא עס איז שוין געוועזען צייט צו בעווייזען דורך ערפאַהרונג אַז איהר זייט געטריי דיא רעגירונג און האָט אַ גוטע מיינונג פון מיין פיהרונג.

עס פרעהט מיר וואָס אַ גייסט פון ליבעראַליזם און מענשענפריינדליכקייט הערשט איצטער מעהר וויא פריהער צווישען דיא אויפגעקלערטע נאַציאָנען פון דער ערד און דאָס אייערע בריעדער וועלען ציהען נוצען דערפון וואָס דיעזער גייסט וועט ווערען מעהר פערשפּרייט; גליקליכער־ווייזע האָט דאָס פאָלק פון יונייטעד סטייטס אין פיעלע פעלע געוויעזען ביישפּיעלע וואָס עס איז ווערטה אַנדערע זאָלען נאָכטהאָן. דער הויל־זאַמער איינפלוס פון דיעזע ביישפּיעלע וועט אָהנע צווייפעל פערשפּרייט ווערען פיעל וויטער אויב דאָס פאָלק וועט געניסענדיג דיא ברכות פון שלום וועלכע זיינען (מיט הימלישען גונסט) געוואונען געוואָרען אין קריעג, זיך אויפפיהרען מיט עהרווירדיגונג צו דיא געטליכקייט און וואָהלטהאַט צו אַלע מענשליכע בעשעפּניסען.

הלואי זאָל דיא זעלבע וואונדער־טהוענדע געטליכקייט וועלכע האָט מיט אַ לאַנגע צייט צוריק בעפרייט דיא אידען פון זייערע עגיפּטישע אונטערדריקער, און האָט זיי איינגעפלאַנצט אין דעם פערשפּראָכענעם לאַנד, דיא געטליכקייט וואָס איהר השגחה האָט זיך אַזוי קלאָר אַרויסגעזעהן אין דיא לעצטע צייט אין דיא גרינדונג פון דיא

יונייטעד סטייטס אַלס אַן אונאַבהיינגיגע נאַציאָן, זיי ווייטער געבען דיא טהוי פון הימעל, און מאַכען אַז דיא איינוואָהנער וועלכע געהערען צו אַלע רעליגיאָנען זאָלען קריעגען אַ טהייל פון דיא וועלטליכע און גייסטליכע ברכות פון דעם פאָלק וואָס ה׳ איז זיין גאָט.

דשאָרדש וואַשינגטאָן.

דער דריטער אַדרעס איז געוועזן פון דיא אידישע געמיינדען פון פילאַ־דעלפיא, ניו יאָרק, ריטשמאָנד און טשאַרלסטאָן, דאַטירט דעם 13טען דעצעמבער 1790, און אונטערגעשריעבען אין זייער נאָמען פון מאַנועל דשאָסעפסאָן, אויף וועלכען דער פּרעזידענט האָט געגעבען דיא פאָלגענדע אַנטוואָרט:

דשענטלמען: — דיא ליבעראַלע געפיהלען פון איינעם צום אַנדערען, וועלכע בעצייכענען יעדע פּאָליטישע און רעליגיעזע געמיינשאַפט אין דיעזעס לאַנד, האָט צו זיך קיין גלייכען אין דיא היסטאָריע פון נאַציאָנען.

דיא ליעבע פון אַזאַ פאָלק איז אַן אוצר וועלכער קען ניט אויסגערעכענט ווערען און דיא וויעדערהאָלטע בעווייזע וואָס מיינע מיט־בירגער האָבען געגעבען פון זייער ערגעבענהייט צו מיר און זייער איינשטימונג מיט מיינע טהאַטען בילדען דיא ריינסטע קוועלען פון מיין וועלטליכען גליק.

דיא ליעבליכע אויסדריקע פון אייער אַדרעס ערוועקט וויעדער מיין דאַנקבאַר־קייט און ערהאַלט מיין וואַרמסטע אַנערקענונג.

דיא מאַכט און דיא גוטסקייט פון דעם אַלמעכטיגען, וואָס האָבען זיך אַזוי שטאַרק אַרויסגעוויעזען אין אונזער לעצטע גלאָררייכע רעוואָלוציאָן, און זיין גיטיגסטע אריינמישונג פון אונזערט וועגען, האָבען זיך ניט וועניגער אַרויסגעצייגט אין דיא עטאַבלירונג פון אונזער איצטיגע רעגירונג וועלכע איז גלייך פאַר אַלעמען. אין קריעג האָט ער געפיהרט אונזער שווערד, אין פריעדען האָט ער געהערשט איבער אונזערע בעראַטהונגען. מיין מיטווירקונג איןביידע פעלע איז געפיהרט געוואָרן מיט דיא בעסטע אבזיכטען און מיט דעם בעגריף פון דיא פליכט וואָס איך בין שולדיג מיין לאַנד.

און אזוי וויא מיינע אבזיכטען זיינען ביז איצטער גוט בעלוינט געוואָרן מיט דיא צושטימונג פון מיינע מיט־בירגער, וועל איך אויך ווייטער שטרעבען צו פערדיענען אַ פאָרטזעצונג דערפון מיט מיין צוקינפטיגע אויפפיהרונג.

הלואי זאָלען דיא זעלביגע וועלטליכע און אייביגע ברכות וואָס איהר ווינשט מיר, רוהען אויף אייערע געמיינדען.

דשאָרדש וואַשינגטאָן.

# קאַפּיטעל 14

## אַנדערע קהלות אין דיא ערשטע פּעריאָדע פון אונאַבהיינגיגקייט.

ראַבבי גרשום מענדעץ סייסאַס — דיא אידישע קהלה פון פילאַדעלפיאַ וואַקסט אויף צוליעב דיא מלחמה — פּראָטעסט געגען דיא רעליגיאָנס־פּראָבע אין דיא קאָנ־סטיטוציאָן פון פּענסילוועניע — בענדשעמין פרענקלין גיט אַ נדבה פינף פונט אויף דיא שול מקוה ישראל — דער דייטש־פּוילישער עלעמענט טהיילט זיך אָפּ — נייע פּעראיינען — אידישע אַדוואָקאַטען: ריכטער מאָזעס לעוואַי — קאָנגרעססמאַן ה. מ. פיליפּס — דיא בוש פאַמיליע פון דעלעווער — ניו דשוירסי און ניו העמשייר — נאָרד קאַראָליינאַ: דיא פאַמיליע מרדכי און אַנדערע וועלכע האָבען זיך דאָרטען צום ערשטען בעזעצט.

חאָטש דיא אידישע קהלה פון ניו יאָרק איז ניט אין גאַנצען צוטריעבען געוואָרן, אַזוי וויא דיא קהלה פון ניופּאָרט, דורך דעם אויסברוך פון דיא רעַ־וואָלוציאָן, האָבען דאָך אַ גרויסע מעהרהייט בעשלאָסען צו פערלאָזען דיא שטאָדט איידער זיא איז בעזעצט געוואָרן פון דיא ענגלישע אַרמעע (15טען סעפּטעמבער 1776). דער פּאַטריאָטישער ראַבינער פון דיא געמיינדע שארית ישראל, ראַבבי גרשום מענדעץ סייסאַס (געב. אין ניו יאָרק 1745; געש. דאָרט דעם צווייטען דשולאַי 1816), וועלכער איז געווען דער גייסטיגער פאָרשטעהער פון דער געמיינדע זייט 1766, האָט זיך גאַנץ פריה אָנגענומען פאַר דער זייט פון דיא קאָלאָניעס, און זיין איינפלוס האָט מייסטענס בייגעטראָגען אַז דיא גע־מיינדע זאָל פערשליסען דיא טהירען פון איהר שול איידער דיא בריטישע אַרמעע איז אָנגעקומען אין שטאָדט. דיא מייסטע אידען וועלכע האָבען דאַן פערלאָזען ניו יאָרק זיינען אַוועק נאָך פילאַדעלפיאַ; ראַבבי סייסאַס אַליין איז פריהער אַוועק נאָך סטראַטפאָרד, קאָנעקטיקוט, וואו ער איז פערבליעבען אונגעפעהר פיער יאָהר, און וואו מאַנכע מיטגליעדער פון זיין פריהעריגע געמיינדע זיינען דער־נאָך אויך אָנגעקומען. אין 1780 איז ער אויך אַוועק נאָך פילאַדעלפיאַ; אָבער נאָך דעם קריעג, אין מערץ, 1784, איז ער צוריקגעקעהרט אין ניו יאָרק, ווען דיא שול איז וויעדער געעפענט געוואָרן און ער האָט פערנומען זיין פריהעריגע שטע־לע. ער איז שפּעטער (1787) געוואָרן אַ טראָסטיע פון קאָלאָמביאַ קאָלעדש, און זיין נאָמען שטעהט אויף דעם טשאַרטער אַלס איינער פון דיא גרינדער.

דאָך האָבען זיך געפונען קאָנסערוואַטיווע אידען אין ניו יאָרק וועלכע האָבען געהאַלטען מיט די ענגלישע קרוין, ניט־קוקענדיג אויף די בעהויפּ־טונג פון דעם אַמעריקאַנישען געלעהרטען דר. בענדשאַמין ראָש אַז אַלע אי־דען זיינען ליבעראַלע אין די סטייטס. דיעזע זיינען געבליעבען אין ניו יאָרק און מאַנכע פון זיי האָבען ביי געוויסע געלעגענהייטען גערעוועדט אין שול אין דער צייט וואָס די שטאָדט איז געווען אין בריטישע הענד. זייער פאָרשטעהער איז געווען לייאָן דשאָנאָס, און דערנאָך אַלעקסאַנדער צונץ, אַ העסישער אָפי־ציער וועלכער האָט זיך בעזעצט אין ניו יאָרק. ווען די קאָנגרעגיישען איז רע־אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך די רעוואָלוציאָן, איז היימאַן לוואי געוואָרן פּרע־זידענט אויף צונץ'ס פּלאַץ, און אַן אַדרעס פון גראַטולאַציאָן איז אָוועקגעשיקט געוואָרן צו גאָווערנאָר קלינטאָן וועגען דעם רעזולטאַט פון דער מלחמה. ראַבבי סייסאַס איז געווען איינער פון די פיערצעהן גייסטליכע וועלכע האָבען זיך בע־טהייליגט אין די אינסטאַלירונג פון וואַשינגטאָן אַלס פּרעזידענט אין ניו יאָרק דעם 30טען אַפּריל 1789. אַ ליסט פון די איינוואָהנער פון ניו יאָרק, אין 1799, וואָס זייערע וואָהנונגען זיינען אָפּגעשאַצט געוואָרן פאַר בעשטייערונג אַלס ווערטה £2,000 אָדער מעהר ענטהאַלטעט די נעמען בענדשאַמין סייסאַס, סאַלאָמאָן סאַמסאָן, אַלעקסאַנדער צונץ און אפרים האַרט.

די געמיינדע איז נאָך אַלץ געווען קליין, ניט צומאָל אַ העלפט אַזוי גרויס וויא די קהלה פון ניופּאָרט אין די פריהעריגע פּעריאָדע; עס האָבען זיך אין גאַנצען געפונען אונגעפעהר פינף הונדערט אידען אין ניו יאָרק ווען די מלחמה פון יאָהר 1812 האָט זיך אָנגעפאַנגען. אָבער זיא איז לאַנגזאַם געוואַק־סען, און מאַנכע פון די ערשטע אידישע אַנשטאַלטען שטאַמען פון יענער צייט. אַ חברה גמילת חסדים, מיט דעם צוועק פון אַ חברה קדישא, איז אָרגאַני־זירט געוואָרן אין 1785; די פּאָלאָניעס תלמוד תורה איז געגרינדעט געוואָרן אין 1802, מיט אַ פאָנד וועלכען מייער פּאָלאָניעס האָט איבערגעלאָזען די קהלה אַ יאָהר פריהער. די חברה חסד ואמת איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דעם זעל־בען יאָהר.

די אידישע קהלה וועלכע האָט געוואונען אַם מייסטען אין דער צייט פון די מלחמה איז געווען די פילאַדעלפיער. די קליינע געביידע אין סטער־לינג אַללעי וואו די קאָנגרעגיישען האָט אין יענער צייט גערעוועדט איז באַלד געוואָרן צו קליין, און אַן איינפאַכער בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף אַ פּלאַץ אין טשעררי סטריט, וועסט פון דריטע סטריט, וועלכער איז פאַר דעם צוועק געקויפט געוואָרן. דער חנוכת הבית איז געפייערט געוואָרן דעם 13טען

סעפּטעמבער 1782, מיט ראַבי סייסאַס אַלס ראַבינער. אַ ליסט פון מיטגליעדער פון דיא קאָנגרעגיישען אין יענער צייט ענטהאַלט 102 נעמען, *) און דער פּראָ־צענט פון אשכנזי'שע (דייטשע און פּוילישע) נעמען איז פיעל גרעסער וויא אין עהנליכע ליסטס פון פריהערע צייטען.

אַ יאָהר נאָכדעם וויא דיא שול איז אויפגעבויט געוואָרן ערשיינען דיא אי־דען פון פילאַדעלפיאַ צום ערשטען מאָל אַלס אַן אָרגאַניזירטער קערפּער אין אַן עפענטליכע פערהאַנדלונג. דעם 23טען סעפּטעמבער 1783, האָט דער ראַ־בינער גרשום מענדעץ סייסאַס, דער פּרנס סיימאָן נאַטהאַן; און אשר מייערס, בערנאַרד גראַץ און חיים סאַלאָמאָן, אַלס מיטגליעדער פון "מעמד" אָדער גע־מיינדע־ראַטה, אין זייער נאָמען און אין נאָמען פון זייערע בריעדער, זיך גע־ווענדעט צו דיא רעגיערונגס־בעאַמטע וועגען דיא פאָדערונג אַז יעדער מיט־גליעד פון דיא אַסעמבלי זאָל מאַכען אַן עפענטליכע ערקלערונג אין וועלכע עס האָט זיך געפונען אַז "דיא הייליגע שריפטען פון אַלטען און נייעם טעסטאַ־מענט זיינען געגעבען געוואָרן פון געטליכע אינספּיראַציאָן", און אויך אין בעצוג אויף יענעם טהייל פון דיא קאָנסטיטוציאָן אין וועלכען עס איז ערקלערט גע־וואָרן אַז "קיין אַנדער רעליגיעזע פּראָבע זאָל געפאָדערט ווערען פון ציוויל־בעאַמטע אין סטייט". דיא אידען האָבען פאָרגעלייגט אַז אונטער דיעזע בעשטימונג איז אַ איד אויסגעשלאָסען פון צו ווערען אַן ערוועהלטער פערטרע־טער פון פאָלק. זיי האָבען ערקלערט אַז זיי יאָגען זיך ניט נאָך עמטער, אָבער זיי גלויבען אַז דיא בעשטימונג איז אַן אונפּאַסענדע, און אַן אונרעכט צו מיט־גליעדער פון אַ סעקטע וועלכע איז אימער געווען געטריי צו דער זייט פון דיא אַמעריקאַנער. עס זעהט אויס אַז דיא צושריפט האָט ניט גלייך געמאַכט דעם געוואונשטען איינדרוק; אָבער זיא האָט געוויס געהאַט אַן איינפלוס צו ווירקען אַז דיעזע פּראָבע זאָל צום סוף אומגעענדערט ווערען אין דיא קאָנסטיטוציאָן פון סטייט פּענסילווועניע.

דער פּלאַץ פון ראַבבי סייסאַס איז פערנומען געוואָרן אין פילאַדעלפיאַ פון רעוו. יעקב רפאל כהן (געש. סעפּטעמבער 1811), וועלכער איז פריהער געווען אַ חזן אין מאָנטריאָל, קענעדע, און אין ניו יאָרק. דיא קאָנגרעגיישען איז שוואַכער געוואָרן דורך דעם אָפּפאָהרען פון אַ היבשע צאָהל מיטגליעדער נאָך דעם קריעג, און וואַהרשיינליך אויך דורך דעם טויט פון חיים סאַלאָמאָן וועל־כער איז געווען איינער פון איהרע גרעסטע מנדבים, און זיא האָט זיך געפונען אין פינאַנציעלע שוויריגקייטען אַרום דעם יאָהר 1788. נאָכדעם וויא דיא דזשע־נעראַל אַסעמבלי האָט צוריקגעוויעזען אַ ביטע צו מאַכען אַ לאָטערי אויסצור־

*) זעה היימאַן פּאָלאָק ראָזענבאַך, "דיא אידען אין פילאַדעלפיאַ פאַר 1800" זייטע 22 און ווייטער, פילאַדעלפיאַ 1883.

צאהלען די חובות אויף די שול־געביידע, האט די קאנגרעגיישען ארויסגע־לאזען אן אלגעמיינעם אויפרוף צו בירגער פון אלע סעקטען. צווישען די ניט־אידען וועלכע האבען זיך אפגערופען מיט נדבות אויף יענעם אויפרוף האבען זיך געפונען דער אונשטערבליכער בענדזשעמין פרענקלין (90—1706) און דער אסטראנאם דייוויד ריטענהויז (96—1732), דער ערשטער האט גע־געבען פינף פונט און דער לעצטער צוויי.

אין אפריל 1790 האט די געזעצגעבונג פון סטייט אנגענומען אן אקט וועלכער האט ערלויבט די אידישע געמיינדע צו שאפען אכט הונדערט פונט סטערלינג דורך א לאטערי. די פערוואלטער זיינען געווען: מאנועל דשאסעפ־סאן, סאלאמאן לייאן, סאלאמאן העים, סאלאמאן עטינג, וויליאם וויסטאר און דשאהן דאפיעלד. די לעצטע צוויי זיינען געווען קריסטען און זיינען אריינגענומען געווארן אין די פערוואלטונג וואהרשיינליך מיט דעם צוועק אז דער פראיעקט זאל געשטיצט ווערן פון מיטגליעדער פון אנדערע רעליגיעזע סעקטען.

די אונפערמיידליכע אפטהיילונג פון דעם אשכנזי׳שען עלעמענט פון די ספרדים, איז פארגעקומען אין 1802, ווען דער "אידיש־דייטשער פעראיין רודף שלום" איינע פון די עלטעסטע דייטשע געמיינדען אין אמעריקא, איז געגרינדעט געווארן. זיא איז רע־ארגאניזירט געווארן און האט געקריעגען א טשארטער אין 1812. צווישען איהרע ערשטע ראבינער זיינען געווען וואלף בענדזשעמין, יעקב ליפמאן, בערנהארד אילאווי, הענרי ווידאווער, מאזעס זולצ־באכער און מאזעס ראו.

א חברה ביקור חולים פאר געגענזייטיגע הילפע איז ארגאניזירט געווארן אין אקטאבער 1813, מיט יעקב כהן אלס איהר ערשטען פרעזידענט. אין 1819 האבען איינינע דאמען ארגאניזירט די וואהלטהעטיגע געזעלשאפט פון אידישע פרויען, וועלכע עקזיסטירט נאך ביז איצטער, פון וועלכע מיס רבקה גראץ (1869—1781) וועלכע איז אנגענומען געווארן אלס אור־בילד פון רבקה אין וואלטער סקאט׳ס ערצעהלונג "אייווענהאו", איז געווארען סעקרעטערי. איי־ניגע אנדערע וואהלטהעטיגע און ערציהונגס געזעלשאפטען שטאמען פון די ערשטע העלפט פון נייגצעהנטען יאהרהונדערט, און זיי האבען געהאלפען געבען די אידישע געמיינדע פון פילאדעלפיא די פעסטקייט און גרינדליכקייט פון ארגאניזאציאן וואס פעהלט אין אנדערע גרויסע שטעדט פון יונייטעד סטייטס.

אין דער זעלבער צייט איז אויך געמאכט געווארן פארשריט אין אנדערע ריכטונגען. די פעהיגקייט פון דעם אידען פאר די יוריסטישע פראפעסיאן האט זיך ניט געקענט ארויסווייזען און בענוצט ווערען אזוי פריה וויא זיין גוט־בעוואוסטע געשיקליכקייט פאר מעדיצין, וועלכע איז אנגעווענדעט געווארן אפילו אין די פינסטערסטע צייטען. אבער אזוי שנעל וויא גלייכשטעלונג האט

געגעבען דיא געלעגענהייט זיינען ערשיענען גוטע אידישע רעכטס־געלעהרטע, וועלכע האָבען אין קורצען פערנומען פּראָמינענטע פּלעצער אַלס אַדוואָקאַטען און אויך אַלס ריכטער. דער פריהעסטער אידישער פּראַקטיצירענדער אַדוואָקאַט אין פּענסילווייניע פון וועלכען מען ווייס איז געווען מאָזעס ליוואי (געש. 9טען מאי 1826), וועלכער איז צוגעלאָזען געוואָרן צו פּראַקטיק אין 1778 און וועלכער האָט אַ יאָהר שפּעטער געקריעגען דאָס רעכט צו פּראַקטיצירען פאַר דעם העכסטען געריכט פון סטייט. ער האָט געהאַלטען פערשיעדענע עמטער און איז צום סוף (1822) געוואָרן דער פּאָרזיצענדער ריכטער פון דיסטריקט קאָורט פון דיא שטאָדט און קאָונטי פון פילאַדעלפיא. מען ווייס פון נאָך דריי אידען וועלכע זיינען צוגעלאָזען געוואָרן צו פּראַקטיצירען לאָאַ אין פילאַדעלפיאַ אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט: סאַמסאָן ליוואי (געש. 1831) אין 1787, דניאל ליוואי פון נאָרטהומבערלאַנד קאָונטי (געש. 1844) אין 1791, און זעליגמאַן פיליפּס (1779—1839) אין 1799. אַ דוצענד מעהר זיינען צוגעלאָזען געוואָרן צו פּראַקטיק אין דיא ערשטע העלפט פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, צווישען זיי האָט זיך אויך געפונען דעם לעצטען'ס זאָהן, הענרי מייער פיליפּס, וועלכער איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט אין 1832 און אין פיער־און־צוואַנציג יאָהר שפּעטער ערוועהלט געוואָרן צו פערטרעטען דעם פיערטען דיסטריקט פון פּענסילווייניע אין פינף־און־דרייסיגטען קאָנגרעס. (זעה הענרי ס. מאָראַיס, "דיא אידען פון פילאַדעלפיאַ").

* * *

דיא צאָהל אידען וואָס זיינען דאָן געווען אין דיא איבריגע פון דיא דריי־צעהן קאָלאָניעס איז געווען קליין, און זיי זיינען געווען מייסטענס צו־וואָרפען. חאָטש עס זיינען למשל דאָ פערצייכנונגען פון אידען וועלכע האָבען געוואָהנט אָדער געהאַנדעלט אין דעלעווער אַזוי פריה וויא 1655, איז ניט אָרגאַניזירט געוואָרן קיין אידישע קהלה אין יענעם סטייט ביז אונגעפעהר צוויי הונדערט יאָהר שפּעטער. אָבער עס איז געווען מינדעסטענס איין אידישע פאַמיליע אין ווילמינגטאָן, דעלעווער, גלייך נאָך דער רעוואָלוציאָן, און אייניגע פון איהרע מיטגליעדער האָבען זיך בעטהייליגט אין דעם קאַמפּף. דייוויד בוש איז געוואָרן אַ מיטגליעד פון דיא וואַשינגטאָן לאָדש פון פריי־מויערער אין ווילמינגטאָן דעם 16טען דעצעמבער 1784.*) ער האָט געהאַלטען אייניגע עמטער אין יענער לאָדש צווישען דיא יאָהרען 1789 און 1795. ער איז געווען דער פאָטער פון מאַיאָר לואיס בוש וועלכער איז דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל (זייטע 100) און פון דריי אַנדערע זיהן, צוויי פון וועלכע עס האָבען

---

*) זעה אַפּענהיים, "דיא אידען און פריי־מויערעריי" אין 19טען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטע 94—1 פאַר דיא קוועלען פון וואַנען דיא מייסטע פאַקטען וועגען אידישע פריי־מויערער אין דיעזעס ווערק זייען גענומען.

אויך געהאט עמטער אין יענער לאַדש אין דיא לעצטע צעהן יאָהר פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט. יאָזעף קאַפּעללע (קאַרפּעלעס ?) איז געווען דער מאַסטער אָדער פּרעזידענט פון יענער לאַדש אין 1792.

דיא קאָלאָניע ניו דשוירסי, וואו דיא אינדיאַנער האָבען — נאָך דיא מיינונג פון וויליאַם פּענן — אויסגעזעהן זעהר עהנליך צו אידען, האָט געהאַט זעהר וועניג אמת׳ע אידען אין קאָלאָניאַלע צייטען, ניט־קוקענדיג אויף דעם וואָס ניו יאָרק געפינט זיך פון איין זייט און פּענסילווועניע פון אַנדערען. אין וועסט דשוירסי איז איינגעפיהרט געוואָרן אין 1693 אַז יעדער בעאַמטער אייַדער ער נעהמט איבער דעם אַמט מוז שווערען אָדער בעשטעטיגען אויף זיין עהרען־וואָרט אַז "ער האָט אמונה אין גאָט דעם פאָטער און אין יעזוס קריסטוס זיין אייביגען זאָהן..." אין איסט דשוירסי איז אין דיא ערקלערונג פון אַלגעמיינע רעכטע אריינגעשטעלט געוואָרן דער פּונקט אַז אַ פּערזאָן "וואָס האָט אמונה אין גאָט דורך יעזוס קריסטוס, זיין איינציגען זאָהן זאָל קיינמאָל אויף קיין אופן ניט בעלעסטיגט ווערען... מיט דיא אויסנאַהמע פון קאַטהאָליקען". אָבער וויא עס איז ריכטיג בעמערקט געוואָרן פון מר. פריעדענבערג (זעה "פּאָבליקיישענס" באַנד 17 זייטע 36), זיינען דיעזע בעשטימונגען איבערהויפּט ניט געציעלט געוואָרן געגען אידען, וועלכע האָבען זיך כמעט אין גאַנצען ניט געפונען אין דער קאָלאָניע צו יענער צייט, נור געגען היידען, אַטהעאיסטען, אונגלויביגע און קאַטהאָליקען, בעזאָנדערס געגען דיא לעצטע. קיינע אידען זיינען נאַטוראַליזירט געוואָרן אין ניו דשוירסי פאַר דער רעוואָלוציאָן. מען ווייס אַז דייוויד העיס האָט געוואָהנט אויף דער פּלאַנטאַציע אין גריגס־טאָון, סאָמערסעט קאַונטי, אין 1744, ווען ער האָט איהר אָנגעבאָטען צום פערקויף; און מייערס ליוואַי, אַ האָלענדישער איד, ווערט דערמאָנט אַז ער איז אַנטלאָפען פון ספּאַטסוויל, אין איסט ניו דשוירסי, אין 1760, איבערלאָזענדיג פיעלע שולדען. אַן אַנדער איד מיט דעם נאָמען נאַטהאַן ליוואַי דער אייגענטהימער פון אַ געשעפט אין פיליפּסבורג, סאָסעקס קאַונטי, אין וועסט דשוירסי ווערט דערמאָנט מיט יאָהרען שפּעטער. אַזוי ווייט וויא מען ווייס איז נור געוועז איין איד צווישען דיא סאָלדאַטען פון ניו דשוירסי אין דיא קאָנטינענטאַלע אַרמעע, אָשר ליוואַי אָדער לואיס, אַן אייניקעל פון דעם בעוואוסטען אָשר ליוואַי פון ניו אַמסטערדאַם. ער איז געוואָרן אַן אונטער־אָפיציער אין ערשטען רעגימענט דעם 12טען סעפּטעמבער 1778. דער "ניו דשוירסי דשוירנאַל" איז געגרינדעט געוואָרן פון דייוויד פראַנקס אין קעמדען אין 1778 און האָט עקזיסטירט אונגעפעהר פיער יאָהר.

דיא פאַמיליעס מאָזעס און אַבראַמס, "נאַכקאָמען פון אידישע קריסטען" זיינען דיא ערשטע מיט אידישע נעמען וואָס ווערען דערמאָנט אין דאָקומענטען פון ניו העמשייר. עס איז דאָרטען געוועז אַ טראַדיציאָן אַז דיא פאַמיליע אבראַמס

האָט געשטאַמט פון צוויי ברידער וועלכע זיינען געקומען פון ארץ ישראל נאָך ניו ענגלאַנד; איינער פון די בריעדער, וויליאַם אבראַמס, א שיף־קאַר־פּענטער (סטאָליער) איז אַריינגעפאַלען אין ים און דערטרונקען געוואָרן, און דער צווייטער, דשאָהן, האָט זיך בעזעצט אין איימסבערי, מאַסאַטשוסעטס. („פּאָבליקיישענס" באַנד עלף, זייטע 79). אויף א ליסט פון לייטע צו וועמען מען האָט געגעבען לאַנד אויף דעם וועג צווישען וואָלסבאָראָ און לעוויטס טאָון (אָסיפּי) אין 1770, מיט דעם תנאי אז יעדער זאָל איינלייגען א זיכערהייט פון £30 אז ער וועט אין פערלויף פון א יאָהר אויסבויען א הויז, געפינט זיך יאָזעף ליוואי אַלס נומער 11. אין 1777 איז וויליאַם ליוואי פון סאָמערסוואָרטה דער־מאָנט אַלס א סאָלדאַט אין צווייטען ניו העמשייר רעגימענט. אברהם אייזאַק האָט זיך בעזעצט אין פּאָרטסמאָוטה נאָך דער רעוואָלוציאָן און איז געווען טהע־טיג אַלס א פריי־מויערער. א לאָקאַלער היסטאָריקער שרייבט וועגען איהם אז „ער און זיין פרוי זיינען געווען געבאָרענע פון פּרייסען און זיינען געווען זעהר פרומע אידען. זיי זיינען געווען די ערשטע אידען וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין פּאָרטסמאָוטה און זיינען געבליעבען די איינציגע אזוי לאַנג וויא זיי האָבען געלעבט. ער האָט אָנגעקליעבען א שיינעם פערמעגען און האָט געבויט א הויז אויף סטייט סטריט. זיין געשעפט איז אימער געווען געשלאָסען שבת". מר. איי־זאַק איז געשטאָרבען דעם 15טען פעברואַר 1803, און אויף זיין מצבה אין נערד־ליכען פריעדהאָף געפינט זיך א גראַב־שריפט וואָס איז פערפאַסט געוואָרן פון דעם פּאָעט דש. מ. סועל, דער פערפאַסער פון א פּאָפּולערע רעוואָלוציאָנערע ליעד פון יענער צייט.

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין א פריהעריגען קאַפּיטעל (זייטע 93) אַז עס זיינען כמעט ניט געווען קיין אידען אין נאָרד קאַראָליינאַ אין דער צייט ווען איהרע פערטרעטער האָבען געשטימט געגען דעם פּונקט אין די קאָנ־סטיטוציאָן אַז מען זאָל ניט טאָרען שטעלען קיינעם קיין פראַגע וועגען זיין רעליגיאָן ווען עס האַנדעלט זיך וועגען בעקליידען אַן עפענטליכען אַמט. דער פּונקט אין די קאָנסטיטוציאָן פון סטייט פון יאָהר 1776 וועלכער האָט געלויטעט אַז „קיין פערזאָן וועלכער לייקענט אָפּ די עקזיסטענץ פון גאָט אָדער די וואָהרהייט פון די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיאָן... זאָל מעגען האָבען א ציווילען אַמט אין סטייט" איז הויפּטזעכליך געצילט געווען געגען קאַטהאָליקען חאָטש דאָס האָט געווים אויך בעטראָפען אידען, קוויקערס, מחמד'נער א. ז. וו. אידען זיינען ניט געוואָרן דירעקט פּעראינטערעסירט אין די פראַגע פון רע־ליגיעזע פרייהייט אין יענעם סטייט ביז די ערשטע צעהן יאָהר אין ניינצעהנ־טען יאָהרהונדערט, און די בעשרייבונג דערפון וועט געפונען ווערען אין דעם פאָלגענדען קאַפּיטעל. די אַננאַלען פון פריי־מויערעריי, וואו מען געפינט גע־וועהנליך די נעמען פון די אידען וועלכע האָבען זיך צום ערשטען בעזעצט

אין פערשיעדענע פּלעצער אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט, ענטהאַלטען קיינע אידישע נעמען אין דיא לאַדשעס פון נאָרד קאַראָליינאַ ביז גאָר צום סוף. דשייקאָב מרדכי (געב. אין פילאַדעלפיאַ 1762 ; געש. אין ריטשמאָנד 1838) דער זאָהן פון מאָזעס מרדכי (געב. אין באָנן, דייטשלאַנד 1707 ; געש. אין פילאַדעלפיאַ 1781) איז געוועזן מאַסטער פון דשאַהנסטאָן קאַסוועל לאַדש נומער 10 פון וואַררענטאָן, נאָרד קאַראָליינאַ פון 1797 ביז 1799. ער איז געוועזן דער גרינדער און אייגענטהימער פון אַ מעדכען־סעמינאַר אין יענער שטאָדט ·וועלכע האָט געהאַט זעהר אַ גוטען נאָמען. איינער פון זיינע זיהן, מאַיאָר אַלפרעד מרדכי (87—1804) איז וואַהרשיינליך געוועזן דער ערשטער איד וועלכער האָט גראַדואירט פון דיא יונייטעד סטייטס מיליטערישע אַקאַדעמיע אין וועסט פּאָינט.*) זכריה האַרט (אָדער האַרטי) איז געוועזן אַ מיטגליעד פון דייוויד גלאַזגאָו לאַדש אין גלאַזגאָו קאַונטי אין 1798 און 1799. אברהם אייזאַקס איז געוועזן אַ בעאַמטער אין סט. טעמעני לאַדש נומער 30 פון ווילמינגטאָן אין 1798. אהרן לאַזאַרוס וועלכער איז דערמאָנט אַלס איינער פון דיא ערשטע אידען וואָס זיינען אָנגעקומען אין ווילמינגטאָן און איז שפּעטער געוואָרן איינער פון דיא ערשטע דירעקטאָרען פון דיא ווילמינגטאָן ענד וועלדאָן אייזענבאַהן קאָמפּאַניע, איז געוועזן אַ מיטגליעד פון דיא זעלבע לאַדש אין 1803. עס זיינען געוועזן אונגעפעהר נאָך אַ האַלבע דוצענד אידישע פריי־מויערער אין דיא לאַדשעס פון ווילמינגטאָן, ניובערן און ביופאָרט קאַונטי אין יענער צייט.

---

*) א בעשרייבונג פון דיעזע אינטערעסאַנטע אידישע פאַמיליע, פון גראַץ מרדכי געפינט זיך אין זעקסטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטע 48—39.

# קאַפּיטעל 15

## דיא פראַגע פון רעליגיעזע פרייהייט אין ווירדשיניע און אין נאָרד קאַראָליינאַ.

ווענינ ענדערונג אין דיא גרונד־סיסטעמען פון דיא איינריכטונגען פון דיא סטייטס — פּאַטריק הענרי, מעדיסאָן און דשעפערסאָן וועגען רעליגיעזע פרייהייט אין ווירדשיניע — גראַף מיראַבאָ ווייזט אָן אויף דיא עהנליקייט פון דעם געזעץ פון ווירדשיניע צו דיא שליסע צו וועלכע מאָזעס מענדעלסאָהן איז געקומען — דיא ערשטע קאָנגרעגיישען פון ריטשמאָנד — דער 32טער אַרטיקעל פון דיא קאָנסטיטוציאָן פון נאָרד קאַראָליינאַ געגען קאַטהאָליקען, אידען א. ז. וו. — וויא דשייקאָב הענרי, אַ אידישער מיטגליעד פון דיא אַסעמבלי האָט פערטהיידיגט זיין זיץ און איז ביי איהם געבליעבען אין 1809 — וויא ריכטער גאַסטאָן האָט אויסגעטייטשט דעם געזעץ — דיא ערשטע קאָנגרעגיישען אין ווילמינגטאָן, נ. ק. — ענדליכע גלייכשטעלונג אין 1868.

דיא בעשטימונג פון דיא קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס אין זעקסטען אַרטיקעל (פּאַראַגראַף דריי) "אַז קיין רעליגיעזע פראַגע זאָל געשטעלט ווערען צו מאַכען איינעם פעהיג צו האַלטען אַן אַמט אָדער פערטרויאונגס־שטעלע אונטער דיא הערשאַפט פון יונייטעד סטייטס", האָט פערענטפערט דיעזען פונקט נור אַזוי ווייט וויא דאָס אָנבעלאַנגט צו דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג. יעדער פון דיא אונאַבהייגיגע און זעלבסט־הערשענדע סטייטס האָט געקענט פערענטפערן דיעזע פראַגע אויף זיין אייגענעם אופן, חאָטש דיא מייסטע פון זיי האָבען שוין דאַן געהאַט אָנגענומען פולע רעליגיעזע פרייהייט. אָבער מען מוז גערדיינקען אַז דיא פונדאַמענטאַלע איינריכטונגען פון דיא סטייטס זיינען ניט דירעקט געענדערט געוואָרן דורך דיא רעוואָלוציאָן, און מאַנכע פון זיי זיינען גאָר ניט געענדערט געוואָרן. אין מאַנכע פעלע זיינען דיא קעניגליכע פריי־בריעף אָדער טשאַרטערס געבליעבען, מיט געוויסע ענדערונגען, אַלס סטייט קאָנסטיטוציאָנען; דיא ענגלישע טראַדיציאָנעלע געזעץ אָדער "קאַממען לאָא" זיינען געבליעבען אין קראַפט אַפילו ביז היינטיגען טאָג, סיידען וואו ענדערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן דורך שפּעציעלע געזעצגעבונג. דיא קאָלאָניעס זיינען פון אָנפאַנג אָן געוועזן צו פריי זיי זאָלען דאַרפען אָדער ווינשען אַ גרינדליכע ענדע־

רונג ווען זיי האבען אראפגעווארפען פון זיך דעם בריטישען יאך. **זיי זיינען** געגאנגען ווייטער אויף דעם לאנגזאמען וועג פון פראגרעס דורך עוואלוציאן, אבער ניט אלע מיט דיא זעלבע שנעליגקייט, יעדערע האט זיך בעשעפטיגט מיט דיא פראבלעמען אין וועלכע דיא איינוואהנער זיינען געווען אם מייסטען פער־אינטערעסירט. עס איז אונטער אזעלכע אומשטענדען ניט געווען צו דיינקען וועגען דעם אז אלע זאלען טהאן דיא זעלבע זאך אדערווירקען צוזאמען אין דיא זעלבע צייט אין אנגעלעגענהייטען וואס בעלאנגען צו דיא איינצעלנע סטייטס.

ווירדשיניע, דער סטייט פון וואשינגטאן און פון דשעפערסאן, "דיא מוטער פון פרעזידענטען", און דיא היים פון דיא פערפאסערס פון דיא נאציאנאלע קאנ־סטיטוציאן, האט אנגעהויבען צו פערהאנדלען וועגען דיא פראגע פון רעליגיעזע פרייהייט אין ערנסט באלד נאכדעם וויא פריעדען איז ערקלערט געווארן. דיע־זעס איז שוין אפילו דאן אויך ניט געווען קיין נייע פראגע, ווייל ווען א נייע קאנסטיטוציאן איז געמאכט געווארן אין 1776 פאר דיא קאלאניע איז פארגע־קומען א בעדייטונגספאלע דעבאטע איבער דעם אונטערשייד צווישען טאלע־ראנץ און רעכט. דיא ערקלערונג פון רעכטע וועלכע איז אויסגעארבייטעט גע־ווארן פון א קאמיטע פון וועלכע קאלאנעל מייסאן איז געווען דער פארזיצענדער האט ענטהאלטען א פונקט וועגען רעליגיעזע פרייהייט פון וועלכען מען גלויבט אז פאטריק הענרי (1736—99) איז געווען דער פערפאסער. דער נוסח איז געווען אז אלע מענשען זאלען געניסען דיא פולסטע טאלעראנץ אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. מעדיסאן האט זיך אויסגעדריקט זעהר שארף געגען דעם געברויך פון ווארט טאלעראנץ, ווייל דאס אנערקענט רעליגיאנס־פרייהייט ניט אלס א רעכט נור אלס א טובה וואס מען טהוט צו אנדערע רעליגיאנען. ער האט אויסגעווירקט אז דער פאראגראף איז געענדערט געווארן און האט זיך געלעזען: "אלע מענשען זיינען גלייך בערעכטיגט צו דיא פרייע אויסאיבונג פון רעלי־גיאן, וויא זייער געוויסען דיקטירט זיי".

אבער אפילו דיעזעס איז נאך אויך געווען ווייט פון פאנאנדערשיידונג פון קירכע און שטאאט אין ווירדשיניע. אפילו דיא יעהרליכע בעשטייערונג וואס פלעגט פריהער ארויפגעלייגט ווערען אויף אלעמען צו גונסטען פון דיא עפיסקאפאלישע קירכע איז ניט אין גאנצען אפגעשאפט געווארן, נור מען האט איהר יעדעס יאהר שפעציעל סוספענדירט אדער איבערגעהיפט, ביז זיא איז אין 1779 דורכגעפאלען ביי אן אפשטימונג אונטער דעם איינפלוס פון דשע־פערסאן, אבער דיעזעס האט נאך אלץ געמיינט אז דעם קומענדען יאהר האט דיא שטייער געקענט ווידער ארויפגעלייגט ווערען. אין דעם זעלבען יאהר האט ער אויך פארגעלייגט א געזעץ "צו עטאבלירען רעליגיעזע פרייהייט" וועלכעס איז נאך צוויי פארלעזונגען ארויסגעשיקט געווארן איבער'ן גאנצען סטייט אויסצו־געפינען דעם וואונש פון דיא בעפעלקערונג איידער מען וועט עס אננעהמען ביי

דיא קומענדיגע זיצונג פון דיא גזעצגעבענדע קערפערשאַפט. מען האָט עס געלאָזט זיך שלעפּען עטליכע יאָהר און דערווייל איז אָנגעפיהרט געוואָרן אַן אַגיטאַציאָן געגען דעם גייסט פון דעם פאָרשלאַג. פערשיעדענע פּלענער זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרן ארום 1784 מיט דעם צוועק אַז אַנשטאָט וואָס פאַר דער רעוואָלוציאָן האָט מען געשטיצט איין איינציגע קריסטליכע סעקטע זאָל מען איצטער קריעגען שטיצע פון דער רעגירונג פאַר קריסטענטהום בכלל אָדער פאַר אַלע קריסטליכע סעקטען. דיא טהעאָריע פון דיא לייטע וועלכע האָבען געאַרבייטעט פאַר אַזאַ פּלאַן איז געווען אַז חאָטש מען דאַרף ניט פערפאָלגען דיא ניט־קריסטליכע סעקטען, דאַרף דער שטאַאט דאָך אַנערקענען קריסטענטהום אַלס דיא רעליגיאָן פון דיא גרויסע מעהרהייט פון פאָלק, און אַז דיא רעוואָלוציאָן האָט נור בעפעסטיגט דעם פּרינציפּ אַז קיין איינציגע קריסטליכע סעקטע זאָל האָבען דעם פאָרצוג איבער אַנדערע. דעם 11טען נאָוועמבער 1784 איז פאָרגעלייגט געוואָרן אין דיא אונטערסטע הויז פון דיא לעגיזלאַטור אַ רעזאָלוציאָן וועלכע איז אריינגעגעבען געוואָרן פון פּאַטריק הענרי מיט דיא בעשטימונג אַז: "דאָס פאָלק פון ווירדשיניע, יעדער נאָך זיינע מעגליכקייטען, דאַרף צאָהלען אַ מעסיגען שטייער אָדער בייטראַג צו שטיצען דיא קריסטליכע רעליגיאָן, אָדער אירגענד וועלכע קריסטליכע קירכע אָדער סעקטע..." אָבגלייך מעדיסאָן איז געווען דאַגעגען איז דיא רעזאָלוציאָן אָנגענומען געוואָרן מיט 47 געגען 32 שטימען, און אַ בעזונדערע קאָמיטע, פון וועלכע מר. העני איז געווען דער פאָרזיצענדער, איז אויסגעקליעבען געוואָרן צו פערפאַסען אַזאַ געזעץ־פאָרשלאַג.*)

מען האָט דאַן קלאָר פערשטאַנען אַז דיזער פּלאַן בעצוועקט צו בעשריינקען דיא רעכטע פון אידען און אַנדערע ניט־קריסטליכע איינוואָהנער. בעווערלי רענדאָלף, אַ שטאַאטסמאַן פון יענער צייט, שרייבענדיג וועגען דעם געגענשטאַנד צו דשיימס מאָנראָו, זאָגט: "דער איינציגער גרויסער פּונקט וועגען וועלכען מען דיסקוסירט זייט דיא זיצונגען פון דיא אַסעמבלי האָבען זיך אָנגעהויבען, איז דער פאָרשלאַג פון אַן אַלגעמיינע בעשטייערונג פאַר רעליגיעזע צוועקען, און דיא גרינדע וואָס ווערען אָנגעגעבען ווייזען ארויס מעהר בעשריינקהייט וויא איך האָב זיך ווען געקענט פאָרשטעלען. דיא גענעראַלען פון דיא צוויי לאַגערן זיינען העני און מעדיסאָן. דער ערשטער געברויכט זיין בעוואוסטע קונסט צו אַרבייטען פאַר דיא עטאַבלירונג פון דיא קריסטליכע רעליגיאָן און אויסצושליסען אַלע אַנדערע גלויבענס. איך מיין דערמיט אַז טערקען, אידען און אונגלויביגע זאָלען מוזען בייטראָגען אויסצוהאַלטען אַ רעליגיאָן וואָס זיי

---

*) זעה מאקס דש. קאהלער'ס אויפזאַץ איבער געוויסע "שטריכען אין דיא געשיכטע פון רעליגיאָנס־פרייהייט אין אַמעריקאַ" אין 11טען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס", זייטען 73—53, וואו דער געגענשטאַנד ווערט ברייט בעהאַנדעלט און דיא קוועלען ווערען אַנגעגעבען.

אנערקענען ניט איהר וואהרהייט. מעדיסאן האט ארויסגעוויעזען פיעל גע־לעהרזאמקייט און געשיקליכקייט, מיט אלע קרעפטען פון א גרינדליכען לאגיקער; אבער ער האט ניט אויסגעפיהרט, ווייל א מעהרהייט איז געווען געגען איהם. דאך בין איך געניינגט צו דיינקען אז דער פלאן וועט צום סוף ניט אנגענומען ווע־רען... די לייטע וועלכע אונטערשטיצען דיעזע הייליגע סיסטעם וועלען גע־ווים צושפאלטען ווערען אזוי שנעל וויא זיי וועלען קומען צו די איינצעלהייטען וועגען אראנזשירען די צוטהיילונג פון דעם געלד צווישען די סעקטען.”

”א געזעץ־פארשלאג צו בעשטימען א בעלוינונג פאר לעהרערס פון די קריסטליכע רעליגיאן” איז אריינגעבראכט געווארן דעם דריטען דעצעמבער 1784, און איז מיט איניגע לייכטע ענדערונגען וועלכע האבען ניט אנגעריהרט די גרונד־אידעע, דורכגעגאנגען די צווייטע פארלעזונג. אבער אויף מארגען איז מעדיסאן'ען געלונגען אויסצופיהרען מען זאל אננעהמען א רעזאלוציאן אז די דריטע פארלעזונג זאל אפגעלייגט ווערען ביז דעם קומענדיגען נאוועמבער, און אז קאפיעס פון דעם פארשלאג זאלען אפגעדרוקט ווערען און פערטהיילט ווערען איבער'ן גאנצען סטייט. דאס פאלק איז ערזוכט געווארן צו געבען א מיי־נונג אויב מען זאל דיעזען פארשלאג אננעהמען ביי די קינפטיגע זיצונג. מע־דיסאן האט פערפערטיגט א ”דענקשריפט און איינוועגדונג” געגען דעם פלאן און האט עס אויך פאנאנדערגעשיקט איבער'ן גאנצען סטייט.

מעדיסאן האט ניט געהאט קיין טעות מיט דעם וואס ער האט זיך געווענדעט צום פאלק פון ווירדשיניע. ווען די אסעמבלי איז זיך ווידער צוזאמענגעקומען אין אקטאבער 1785, איז דער טיש פון דעלעגאטען־הויז כמעט געזונקען אונטער די שווערע געוויכט פון די בערג דענקשריפטען וואס זיינען געקומען פון אלע טהיילען פון סטייט, יעדע פון זיי מיט א גרויסע צאהל אונטערשריפטען. די עפענטליכע מיינונג איז געווען אזוי שארף און מיט אזא גרויסע מעהרהייט גע־גען דעם פלאן פון בעשטייערונג פאר קריסטליך־רעליגיעזע צוועקען, אז דער צווייטער צד האט זיך פון איהם אפגעזאגט אהן א קאמפף. די ערקלערונג צו גונסטען פון אבסאלוטע רעליגיעזע פרייהייט וואס איז פארגעלייגט געווארן פון דשעפערסאן אין 1779, איז ווידער אויפגענומען געווארן און איז דורכגע־גאנגען אלס א געזעץ. מעדיסאן'ס דענקשריפט און איינוועגדונג האט אפגעראמט יעדע שטערונג פון וועג.

אין א בריעף צו מעדיסאן, דאטירט דעם 16טען דעצעמבער 1786, שרייבט דשעפערסאן, וועלכער איז דאן געווען דער אמעריקאנישער פערטרעטער אין פראנקרייך, וויא פאלגט: ”דער אקט פון ווירדשיניע פאר רעליגיעזע פרייהייט איז עמפפאנגען געווארן מיט אונענדליכען בייפאל אין אייראפא, און איז פער־שפרייט געווארן מיט ענטהוזיאזם, איך מיין ניט פון די רעגירונגען אליין, נור פון די פערזאנען וועלכע שטעלען זיי צוזאמען. ער איז איבערזעצט געווארן

אין פראַנצעזיש און איטאַליעניש, איז געשיקט געוואָרן צו דיא מייסטע הויפען פון איירָאפּאַ, און איז געוועזן דער בעסטער בעווייז אַז דער בעריכט אַז מיר געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון אַנאַרכיע איז פאַלש. ער איז אריינגעשטעלט געוואָרן אין דיא נייע ענציקלאָפּעדיע און ערשיינט אין דיא מייסטע ווערקע וועלכע ווערען איצטער אַרויסגעגעבען וועגען אַמעריקאַ. דער פאַקט איז דאָס עס איז אַ פערגניגען צו זעהן אַז דיא פאָהן פון פערנונפט איז אַם ענדע אויפגעשטעלט געוואָרן, נאָך אַזוי פיעל דורות אין וועלכע דער מענשליכער גייסט איז געוועזן פערשקלאַפּט אונטער קעניגע, פּריעסטער און אַדעללייט; און עס איז עהרענהאַפט פאַר אונז צו האָבען פּראָדוצירט דיא ערשטע געזעצגעבונג וועלכע האָט געהאַט דעם מוטה צו ערקלערען אַז מען מעג געטרויען דעם שכל פון מענשען זיך אויסצובילדען זיינע אייגענע מיינונגען".

דער בעריהמטעסטער פערטהיידיגער פון אידישע גלייכשטעלונג אין פראַנקרייך, גראַף מיראַבאָ (1749—91) האָט דעם פאָלגענדען יאָהר אויפמערקזאַם געמאַכט אין זיין ווערק "איבער מאָזעס מענדעלסזאָהן און דער פּאָליטישער רעפאָרם פון דיא אידען" (1787) אויף דיא מערקווירדיגע עהנליכקייט פון דעם געזעץ פון ווירדשיניע צו דיא שליסע צו וועלכע דער אידישער פילאָזאָף פון בערלין איז אליין געקומען נאָך זיין אייגענעם שכל; אָננעהמענדיג אַז מענדעלסזאָהן האָט ניט געזעהן דיא איינלייטונג פון געזעץ־פאָרשלאַג וואָס דשעפערסאָן האָט פערפאַסט פיער יאָהר פריהער איידער "יערוזאַלעם" איז ערשיענען. זיעבען יאָהר שפּעטער, ווען עס איז שוין געוועזן אין פולען גאַנג דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע איז בעאיינפלוסט געוואָרן פון דיא אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָן פיעל מעהר וויא מען שטעלט זיך געוועהנליך פאָר, זיינען אפילו דיא דעבאַטען פון דיא קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענציאָן פון ווירדשיניע אין 1776 געוועזן גוט בעקאַנט צו דיא פריינדע פון רעליגיעזע פרייהייט אין פראַנקרייך. אין אַ ביטשריפט וואָס דיא פראַנצויזישע אידען האָבען געשיקט פאַר זייער אייגענע בעפרייאונג צו דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענציאָן פון פראַנקרייך דעם 29טען יאַנואַר 1790, זאָגען זיי: "אַמעריקאַ, פון וועמען דיא וועלט האָט געלערנט אַזוי פיעל ניצליכעס אין פּאָליטיק, האָט צוריקגעוויעזען דעם וואָרט טאָלערירען אָדער דולדען, ווייל דאָס קאָמפּרעמעטירט אינדיווידועלע פרייהייט און מיינט אַז געוויסע קלאַסען מענשען בריינגען אַן אָפּפער צו גונסטען פון אַנדערע קלאַסען. טאָלעראַנץ מיינט אין אמת צו דולדען עטוואָס וואָס איהר קענט, אויב איהר ווילט, פערהינדערן און פערביטען".

ווירדשיניע האָט ניט געהאַט פיעל אידען אין דיא צייטען ווען דיעזע וויכטיגע פראַגע איז דעבאַטירט און פערענטפערט געוואָרן. איינצעלנע אידען זיינען דאָרט דערמאָנט געוואָרן אין זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, אָבער דיא ערשטע פערצייכנונג וועגען אַ געמיינדע קומט פאַר אין פערבינדונג מיט דעם

בריעף צו וואשינגטאן וואס איז אויבען דערמאנט געווארן (זייטע 106) אז ער איז געשיקט געווארן פון דיא קאנגרעגיישענס פון פילאדעלפיא, ריטשמאנד, ניו יארק און טשארלסטאן. דער עלטסטער פראטאקאל־בוך פון דיא קאנגרעגיישען בית שלום פון ריטשמאנד, ווירדשיניע, שטאמט פון 1791, און עס ווערט אנגענומען אז דיא ערשטע ספרדי'שע קהלה איז ארגאניזירט געווארן יענעם יאהר. אין אנפאנג האט מען גדאווענט אין א צימער פון דיא דריי־עטאזשיגע גע־מויערטע הויז אויף וועסט 19טע סטריט, צווישען פרענקלין און גריים סטריטס, וואו איינער פון דיא מיטגליעדער האט געוואהנט. שפעטער האט דיא געמיינ־דע געהאט איהר היים אין א קליינע געמויערטע הויז אויף דיא זעלבע סטריט הינ־טער דעם יוניאן האטעל, וועלכער איז דאן געשטאנען אויף דעם ווינקעל פון מעין סטריט. איינינע יאהר נאכדעם האט מען געקויפט פון דר. אדאמס א שטיק פלאץ אויף דעם מזרח זייט פון מעיא סטריט, איבער פרענקלין, וואו עס איז אויפגעבויט געווארן א גראמע שול אין וועלכע דיא דארטיגע אידען האבען גדאווענט מעהר וויא פינף־און־זיעבציג יאהר. דער בית הקברות אויף פרענקלין סטריט, ביי 21טע, וועלכע איז איצטער ארומגעבויט מיט א שטיינערנע וואנט, איז פערקויפט געווארן פון ישעיה אייזאק צו יעקב י. כהן, ישראל י. כהן, דוד אייזאק, מאזעס מארדעקיי (מרדכי), יעקב י. כהן דער אינגערער, שמעון גראץ, אהרן ליוואי, מאזעס דשייקאב און ליוואי מייערס אלס טראסטיעס אדער דירעקטארען דעם 21טען אקטאבער 1791. מען האט איהם געברויכט ביז אין יאהר 1816, ווען בנימין וואלף, וועלכער איז דאן געוועזן א מיטגליעד פון שטאדט־ראטה פון ריטשמאנד האט אין נאמען פון די אידישע געמיינדע געבעטען א נייעם בעגרעבענים־פלאץ. זיין וואונש איז ערפילט געווארן דורך א בעשלוס וואס איז אנגענומען געווארן דעם 20טען מאי פון יענעם יאהר, אונטער וועלכען דיא קהלה האט געקריעגען אן אקער לאנד אויף דעם שאקאו בערגעל וועלכער האט גע־הערט צו דיא שטאדט ריטשמאנד.*)

* * *

נארד קאראליינא האט אויך געהאט ביז א קורצע צייט פאר דער רעוואלו־ציאן, אזוי וויא ווירדשיניע, אן אפיציעלע קירכע פאר וועלכע אלע בירגער האבען געמוזט בייטראגען איהר אויסצוהאלטען, און גייסטליכע וועלכע האבען צו איהר ניט געהערט האבען אפילו ניט געטארט פונגירען ביי א הייראטה־צערעמאניע. אבער ווען דיא אנדערע פראטעסטאנטישע סעקטען האבען געוואונען געגען דיא סעקטע צו וועלכע דיא שטאאטס־קירכע האט געהערט, האבען זיי זיך מיט איהר פעראייניגט געגען דיא קאטהאליקען, דיא אידען און אנדערע

*) זעה דשייקאב עזעקיעל'ס ארטיקעל איבער דיא אידען פון ריטשמאנד אין פיערטען באנד פון דיא "פאבליקיישענס" זייטע 27—21.

וועלכע געהערען ניט צו איינע פון דיא פראָטעסטאַנטישע קירכען. זייער שטעלונג געגען אידען איז געווען ניט מעהר וויא א טהעאָרעטישע אָדער אַקאַדעמישע, ווייל עס זיינען דאָרטען אין דער טהאַט איבערהויפּט דאַן ניט געווען קיין אידען. דער קאָנטראַסט געגען מאַנכע לענדער פון דיא אַלטע וועלט איז אַ מערקווירדיגער: דאָ איז מען געווען געגען אידען נור אין יענע טהיילען פון לאַנד וואו מען האָט פון זיי געוואוסט אַם וועניגסטען. אין אַלע אָריגינעלע סטייטס וואו עס האָבען זיך געפונען בעדייטענדע געמיינדעס וויא אין ניו יאָרק, פּענסילווענ̈יע אָדער רהאָוד איילענד, איז פולע רעליגיעזע פרייהייט געווען איינגעפונדעוועט נאָך איידער דיא קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס איז אָנגענומען געוואָרען.

נאָרד קאַראָליינאַ, האָט אויך, אַזוי וויא ווירדזשיניע, אָנגענומען אַ קאָנסטיטוציאָן אין 1776. עס איז אין יענע פערפאַסונג בעשטימט געוואָרען פולע רעליגיעזע פרייהייט, און גייסטליכע זיינען אפילו אויסגעשלאָסען געוואָרען פון צו קענען זיין מיטגליעדער פון דיא געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט פון סטייט. אָבער ווען עס איז געקומען צו דיא פראַגע פון האַלטען עפענטליכע עמטער איז געמאַכט געוואָרען אַן אויסנאַהמע אין אַרטיקעל 32 וועלכער איז געווען וויא פאָלגט:

„קיין פּערזאָן וואָס לייקענט דיא עקזיסטענץ פון גאָט אָדער דיא וואַהרהייט פון דיא פּראָטעסטאַנטישע רעליגיאָן, אָדער דיא געטליכע אויטהאָריטעט פון אַלטען אָדער פון נייעם טעסטאַמענט, אָדער וועלכער גלויבט אין רעליגיעזע פּרינציפּען וואָס קענען זיך ניט פערטראָגען מיט דיא פרייהייט און זיכערהייט פון שטאַאַט, זאָל קענען האַלטען אַן אַמט אָדער אַ פּלאַץ פון פערטרויען און פּראָפיט אין דיא ציווילע דעפּאַרטמענטס פון סטייט".

דיעזער אַרטיקעל איז געווען הויפּט־זעכליך געציעלט געגען קאַטהאָליקען; אָבער ער האָט אַלעס אַזוי שאַרף אַרומגענומען אַז אידען, קוויקערס, מחמד'נער און פריי־דענקער זיינען דורך איהם אויך אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דעם רעכט צו האָבען עמטער. מאַנכע זיינען געווען געגען אָננעהמען דיעזען פּאַראַגראַף, דאָך שיינט עס אַז ער האָט אויסגעדריקט דיא מיינונג וועלכע האָט דאָרטען דאַן געהערשט, ווייל, וויא עס איז שוין פריהער בעמערקט געוואָרען (זייטע 93) האָבען דיא דעלעגאַטען פון נאָרד קאַראָליינאַ געשטימט אויף דיא קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענציאָן אין 1787 געגען דעם פּונקט אַז קיינע רעליגיעזע פראַגען זאָלען געשטעלט ווערען ביי קאַנדידאַטען פאַר אַן אַמט אונטער דיא יונייטעד סטייטס. דיא גאַנצע פראַגע איז נאָך אַמאָל פערהאַנדעלט געוואָרען אויף דיא קאָנווענציאָן פון סטייט וועלכע איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין 1788 אָנצונעהמען דיא קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס, און דיא אַנהייננגער פון בעשריינקונגען האָבען געוואונען. דיא קאָנווענציאָן האָט בעשלאָסען אַז מען זאָל דיא קאָנסטיטוציאָן ניט אָננעהמען און אויך ניט צוריקווייזען, נור אַן ערקלערונג פון רעכטע

זאָל פאַרגעלייגט ווערען פאַר דעם קאָנגרעס, און זעקס־און־צוואַנציג אַמענד־מענטס זאָלען פאָרגעשלאָגען ווערען. נאָרד קאראָליינאַ איז דעריבער ניט געווען פערטרעטען אויף דיא שפּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן דער ערשטער אַמענדמענט אַז "דער קאָנגרעס זאָל ניט אָננעהמען קיין געזעץ צו עטאַבלירען אַ רעליגיאָן אָדער צו פערביטען דיא פרייע אויסאיבונג דערפון". דיעזער פונקט איז אָנגענומען געוואָרן אַלס אַ צוגעשטענדניס צו נאָרד קאראָליינאַ, ווייל עס ליעגט אין דעם אַ גאַראַנטיע אַז אויב אַפילו אַ קאַטהאָליק זאָל ערוועהלט ווערען פּרעזידענט, זאָל ער דאָך ניט קענען אַרויפצווינגען זיין רעליגיאָן אויף דיא וואָס זיינען דאַגעגען. ווען דיעזעס איז אָנגענומען געוואָרן האָט נאָרד קאראָליינאַ אָנגענומען דיא קאָנסטיטוציאָן אין נאָוועמבער 1789.

טראָץ דעם שטאַרקען פּראָטעסט איז דער פּאַראַגראַף 32 פון קאָנסטי־טוציאָן פון סטייט מייסטענס געווען נור אַ טויטער בוכשטאַב. אין דער ווירק־ליכקייט איז אַ קאַטהאָליק ערוועהלט געוואָרן גאָווערנאָר נאָך אין יאָהר 1781. ערשט אין יאָהר 1809 איז דער גאַנצער געגענשטאַנד פאַרגעבראַכט געוואָרן פאַר דיא עפענטליכקייט צוליעב דעם פאַל פון דעם אידען דזשייקאָב הענרי, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרן אַלס מיטגליעד פון דיא "לעדזשיסלייטשור" אָדער געזעצ־געבונג פון סטייט, פאַר קאַרטערעט קאַונטי. ער האָט געדיענט דורך דעם יאָהר 1808 און עס שיינט אַז ער איז ערוועהלט געוואָרן פאַר אַ צווייטען טערמין אין יאָהר 1809, און דאַן האָט אַן אַנדער מיטגליעד געפאָדערט אַז זיין זיץ זאָל ער־קלערט ווערען לעדיג צוליעב דעם וואָס ער איז אַ איד.

הענרי האָט ביי יענער געלעגענהייט געהאַלטען אַ גרויסאַרטיגע רעדע אין דער אַסעמבלי צו פערטהיידיגען זיין רעכט אויף זיין זיץ. דיא רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק און איז שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אַלס אַ מוסטער פון רעדנער־סטיל אין אַ ווערק וואָס האָט געטראָגען דעם טיטעל "דער אַמעריקאַנישער אָראַטאָר".*) מען האָט איהם ערלויבט צו בלייבען אויף זיין פּלאַץ, אָבער דער פּרינציפּ וועגען וועלכען עס האָט זיך געהאַנדעלט איז גיכער אויסגעמיעדען וויא פעסטגעשטעלט געוואָרן. דיא ענטשיידונג איז געווען אַז דער אַרטיקעל וועלכער פערביט ניט־פּראָטעסטאַנטען צו האַלטען עמטער אין דיא ציוויל־דעפּאַרטמענטס פון סטייט קען ניט אויסשליסען אַזאַ פּערזאָן פון דיענען אַלס געזעץ־געבער, ווייל דיעזע שטעלע שטעהט איבער אַלע ציוויל־עמטער. מען האָט אַרויסגעבראַכט דיעזען פונקט נאָך שאַרפער ווען מען האָט געזאָגט אַז

---

*) זעה לעאָן היהנער'ס אויפזאַץ איבער רעליגיעזע פרייהייט אין נאָרד קאראָליינאַ, אין 16טען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטען 71—37 וואו עס געפינען זיך דיא פאַקטען און דיא קוועלען, און אויך הענרי'ס רעדע וועלכע איז צו לאַנג דאַ איבערגעגעבען צו ווערען. דיא רעדע איז אויך איבערגעדרוקט אין "זאַמלונג פאַר היים און שול" פון מאַריאָן ל. מיש וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרן פון דיא אידישע פּאַבליקיישען סאָסייעטי פון אַמעריקאַ אין 1911.

קאַטהאָליקען און אידען מעגען מאַכען דיא געזעץ פון נאָרד קאַראָליינאַ, אָבער זיי קענען זיי ניט דורכפיהרען אַלס בעאַמטע אָדער אויסטייטשען אַלס ריכטער. אין דער ווירקליכקייט זיינען דאָרטען אָבער געווען ניט־פּראָטעסטאַנטישע עקזעקיוטיווע בעאַמטע און אויך ריכטער, פאַר דיא געשיכטע מיט דשייקאָב הענרי, און אויך נאָכדעם.

ווען אַ בעריהמטער קאַטהאָליק, וויליאַם גאַסטאָן (1778—1844) איז אין 1834 ערוועהלט געוואָרן אַלס ריכטער פון העכסטען געריכט אין סטייט, האָט זיך אויפגעהויבען אַ צווייפעל, אפילו אין זיין אייגענעם געדאַנקען, אויב ער קען אָננעהמען דיא שטעלע. אָבער ער האָט ענדליך אָנגענומען נאָך אַ מעהר שאַרפזיניגען אויסוועג וויא אין הענרי'ס פאַל, און אַנדערע האָבען עס שפּעטער אויך אָנגענומען. ער האָט בעהויפּטעט אַז דאָס וואָרט "לייקענען" מיינט נור אַן עפענטליכע האַנדלונג, דאָס הייסט אַז דיא קאָנסטיטוציאָן זאָגט ניט אין וואָס אַ מאַן מוז גלויבען אָדער ניט צו קענען קריעגען אַן אַמט, נור "זיא פאָדערט אין נאָמען פון אַנשטענדיגקייט דעם רעשפּעקט פאַר דיא הערשענדע רעליגיאָן פון לאַנד, וועלכער פערבאָט איהר אָנצוגרייפען אָדער צו ערקלערען אַלס פאַלש, אָדער איהר בעשולדיגען אַלס אַ שווינדעל וואָס ווערט בעגאַנגען געגען לייכט־גלויביגע".

אָבגלייך דיעזע ענטשיידונג האָט געמאַכט מעגליך פאַר יעדען איינעם צו האַלטען אַן אַמט, האָט דיא אָנשטריינגונג אָפּצושאַפען יעדע שפּור פון רעליגיעזע בעשריינקונג דאָך ניט אויפגעהערט. דיא פראַגע איז נאָך אַמאָל גרינדליך דעבאַטירט געוואָרן אויף דיא קאָנווענציאָן וועלכע איז זיך צוזאַמענגעקומען אין 1835 צו ענדערען דיא קאָנסטיטוציאָן פון סטייט. עס זיינען נאָך דאַן אויך כמעט גאָר ניט געווען קיין אידען אין נאָרד קאַראָליינאַ, אָבער מאַנכע פון דיא בעריהמטעסטע מיטגליעדער פון יענע קאָנווענציאָן האָבען גענומען שטעלונג צו גונסטען פון אַבסאָלוטע רעליגיעזע פרייהייט, און האָבען געאַרבייט אין גאַנצען אָפּצושאַפען דעם אַרטיקעל 32. אָבער זיי האָבען ניט אויסגעפיהרט, און דיא ענדערונג וואָס איז געמאַכט געוואָרן האָט גלייכגעשטעלט נור דיא קאַטהאָליקען, דערמיט וואָס מען האָט אויסגעמעקט דעם וואָרט "פּראָטעסטאַנטישע" און אריינגעשטעלט דעם וואָרט "קריסטליכע".

דיא קליינע אידישע געמיינדע פון ווילמינגטאָן, נאָרד קאַראָליינאַ וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1852 פאַר דעם צוועק צו קויפען אַ בית הקברות, האָט מיט פיער יאָהר שפּעטער אָנגעהויבען צו זאַמלען אונטערשריפטען אויף אַ ביטשריפט אַז דיא אויסנאַהמע זאָל אָפּגעשאַפט ווערען. אַ געזעץ־פאָרשלאַג פאַר דיעזען צוועק איז אריינגעבראַכט געוואָרן אין דיא אַסעמבלי אין 1858 אָבער דיא קאָמיטע צו וועלכע דאָס איז איבערגעגעבען געוואָרן האָט ערקלערט אַז עס איז ניט ריכטיג צו ענדערן דיא קאָנסטיטוציאָן דורך אָננעהמען געזעץ,

חאטש זיא האט צוגעגעבען אז דער פונקט געגען וועלכען דיא אידען פראטעסטי־
רען "שטאמט פון צייטען פון פאנאטיזם און אינטאלעראנץ און פאסט ניט צו
זיין פערבונדען אין אונזער גרונד־געזעץ מיט דעם פרינציפ פון רעפרעזענטאטיווע
רעגיערונג".

ווען דיא קאנסטיטוציאן פון נארד קאראליינא איז וויעדער אומגעענדערט
געווארן אויף דיא קאנווענציאן פון 1861, וועלכע האט געשטימט זיך אפצו־
טהיילען פון דיא נאציאן און זיך פעראייניגען מיט דיא זידליכע שטאאטען צו
פיהרען דעם בירגער־קריעג, איז דער נוסח פון יענעם ארטיקעל געענדערט גע־
ווארן, אבער דער געדאנקען איז געבליעבען דער זעלבער. מען האט ארויסגע־
נומען דעםווארט "קריסטליכע", אבער עס איז נאך אלץ געבליעבען אין דעם
ארטיקעל אז "יעדע פערזאן וואס לייקענט אין דיא עקזיסטענץ פון גאט אדער
אין דיא געטליכע אויטהאריטעט פון דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט", איז
אויסגעשלאסען פון עפענטליכע עמטער. דיא קאנווענציאן פון 1865 וועלכע
האט זיך פערזאמעלט צוריק אריינצוטרעטען אין דיא יונייטעד סטייטס נאך
דעם קריעג, האט אין דיעזער הינזיכט גאר ניט פעררעכט, אבער דיא קאנסטי־
טוציאן וואס איז דארטען אנגענומען געווארן איז פערווארפען געווארן פון
פאלק, חאטש צוליעב אנדערע גרינדע. ערשט אויף דיא קאנסטיטוציאנעלע
קאנווענציאן פון 1868 זיינען אידען אין נארד קאראליינא פאלשטענדיג גלייכ־
געשטעלט געווארן מיט אנדערע. דיא צייט איז געווען רייף פאר דיא אפשאפ־
פונג פון אלע אויסנאהמען וועגען רעליגיאן, און עס שיינט אז עס איז וועגען
דעם גאר ניט פארגעקומען קיין דעבאטע. נור "פערזאנען וועלכע לייקענען אין
דיא עקזיסטענץ פון אלמעכטיגען גאט" זיינען אויסגעשלאסען געווארן, ביז אויף
היינטיגען טאג, פון צו האלטען עמטער אין יענעם סטייט, ווייל עס איז דארטען
אין דיעזער הינזיכט ניט געמאכט געווארן קיין ענדערונג זייט 1868.

# קאַפּיטעל 16

## די מלחמה פון 1812 און די אָפּשאַפונג פון אויסנאַהמען געגען אידען אין מערילענד.

די אידישע געמיינדע פון לאַנד שטעהט כמעט אויף אַן אָרט צווישען די רעוואָלוציאָן און די מלחמה פון 1812 — איינוואַנדערונג הערט אויף און מען פערליערט דורך אויסוואַנדערונג און דורך אַסימילאַציאָן — קיינע אידען אין די נייע סטייטס וועלכע זיינען אריינגענומען געוואָרען אין דיעזער פּעריאָדע — דער בעל צדקה יהודה טוראָ אַלס איינער פון די קליינע צאָהל אידען וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין די צווייטע מלחמה מיט ענגלאַנד — בעשריינקונגען געגען אידען אין מערילענד — פּרעזידענט דזשעפערסאָן קלייבט אויס אַ אידען אַלס יונייטעד סטייטס מאַרשאַל פאַר יענעם סטייט — "דער אידישער ביל" אַלס אַ פּאַרטיי־פראַגע אין די פּאָליטיק פון מערילענד — אָפּשאַפונג פון די בעשריינקונגען אין 1826.

די האָפנונגען פון די אידען אין די מערב־לענדער פון אייראָפּאַ זיינען געשטיעגען ציעמליך הויך צוליעב די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געגעבען די פראַנצויזישע אידען פולע בירגער רעכטע. די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבען געבראַכט פרייהייט און אידישע גלייכשטעלונג אין אַלע לענדער און פירסטענטהימער וועלכע זיינען בעזיעגט געוואָרען פון דעם גרויסען קאָרסיקאַנער, און אפילו דאָרטען וואו דאָס איז ניט באַלד עררייכט געוואָרען איז דאָס געוואָרען אַ וואהרשיינליכקייט פאַר די נאָהענטע צוקונפט. דער אונרוהיגער צושטאַנד פון אייראָפּאַ האָט געמאַכט אַלע אויסלענדישע רייזען, בעזאָנדערס איבער'ן ים, פאַר געפעהרליך, און עס זיינען אהער כמעט אין גאַנצען ניט געקומען קיינע אידען פון די אַלטע וועלט אין דעם פיערטעל יאָהרהונדערט נאָך די גרינדונג פון די רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס. פון אַנדערען זייט זיינען אַ היבשע צאָהל אידען אַוועק פון דאַנען נאָך ענגלאַנד און נאָך די ענגלישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, בעזאָנדערס נאָך דשאַמייקאַ, דורך דער צייט פון די רעוואָלוציאָן און באַלד נאָכדעם. עס זיינען אויך פאָרגעקומען פערלוסטע, דורך טויפונגען און דורך געמישטע הייראַטהען, וועלכעס ערקלערט פאַר וואָס אַ גרויסע צאָהל פון די אידישע פאַמיליען פון קאָלאָניאַלע צייטען זיינען פערשוואונדען,

און פאר וואס דער נאטירליכער צו־וואקס פון די געמיינדע איז געוועזן אונבע־דייטענד. אלס א רעזולטאט דערפון איז א ספק אויב עס זיינען געוועזן אין יונייטעד סטייטס אזוי פיעל אידען ווען די צווייטע מלחמה מיט ענגלאנד האט זיך אנ־געהויבען, אין 1812, וויא אין דער צייט פון די רעוואלוציאן. אפילו זייער רייכטהום און זייער וויכטיגקייט איז אויך ניט צוגעוואקסען אין יענע צייטען. עס שיינט אז עס איז זאגאר פארגעקומען א געוויסער ריקשריט, אהנע צווייפעל צוליעב דעם וואס עס האט געפעהלט דאס נייע בלוט וואס איז אזוי נייטיג פאר קליינע געמיינדען.

עס זיינען כמעט גאר ניט געוועזן קיין אידען אין די דריי נייע סטייטס וועלכע זיינען אריינגענומען געווארן אין יוניאן אדער פעראייניגונג פון די סטייטס אין די אכט יאהר אין וועלכע וואשינגטאן איז געוועזן פרעזידענט. אין דעם סטייט ווערמאנט, וועלכער איז אריינגעקומען אין 1791, איז ניט געוועזן קיין אידישע קהלה ביז דעם לעצטען פיערטעל פון נייגצעהנטען יאהרהונ־דערט. קענטאקי (1792) און טענעסי (1796) האבען געהאט זעהר ווייניג אידען ביז א שפעטערע פעריאדע, און די עטליכע נעמען מיט א אידישען קלאנג וואס מען בעגעגענט אין שריפטען וועגען זיי אין דעם ערשטען האלבען יאהרהונדערט פון זייער עקזיסטענץ אלס סטייטס, זיינען קיין זיכערעס מאטעריאל פאר א פונדאמענט פון די געשיכטע פון אידען אין יענע פלעצער. אהייא וועלכער איז אריינגעקומען אין 1803 האט דאן געהאט זעהר ווייניג אידען, און די ריע־זיגע טעריטאריע לואיזיענע, וועלכע איז אפגעקויפט געווארן פון נאפאלעאן׳ען אין דעם זעלבען יאהר איז געוועזן אין גאנצען פון זיי פריי, ווייל פראנצויזישע קאלאניעס אין די נייע וועלט זיינען איבערהויפט ניט געוועזן קיין פלאץ פאר אידען, אויסער אין אזעלכע פעלע וויא די קאלאניע מארטיניק*) וואו עס איז געוועזן א אידישע געמיינדע איידער פראנקרייך האט איהר בעזעצט אין יאהר 1635.

די צאהל אידען וועלכע האבען געדיענט אין די מלחמה פון 1812 איז דעריבער געוועזן קלענער וויא די צאהל וואס האבען זיך בעטהייליגט אין אונ־אבהייגניגקייטס־קריעג, און די גרויסע פראפארציאן אפיציערען אין דיעזע קליינע גרופע וועיזט אז אידען האבען דאן אויך בעלאנגט מייסטענס צו די וואהלהאבענדע קלאסען. אין די ליסט וועלכע איז אויסגערעכענט אין מר. סיימאן וואלף׳ס אויבען־דערמאנטעס ווערק, זיינען דערמאנט דרייצעהן אפיציע־רען, פון וועלכע איינער נייטהען מאזעס פון פענסילווענע, האט עררייכט דעם

*) זעה אין די אידישע ענציקלאפעדיע באנד אכט זייטען 54—353 אין דעם אר־טיקעל "מארטיניק", און אפענהיים׳ס ארטיקעל אין 18טען באנד פון די "פאבליקיישענס" זייטען 18—17.

ראַנג פון קאָלאָנעל (פּאָלקאָווניק), און צוויי, מייער מאָזעס פון סאוטה קאראָליי־נאַ און מרדכי מייערס פון פּענסילוועניע, זיינען געוועזן קעפּטיינס. (גענעראַל דשאָסעף בלומפיעלד פון ניו דשוירסי, וועלכער איז דערמאָנט אין יענער ליסטע, איז ניט געוועזן קיין איד, זעה "פּאַבליקיישענס" באַנד 11, זייטע 190.) אויסער זיי זיינען געוועזן אין דיענסט אין יענע מלחמה דריי אידישע לייטענאַנטס, איין אַדיוטאַנט, איין ענסיין (פאָהנענטרעגער), צוויי סערזשאַנטען, דריי קאָרפּאָראַלס און זיעבען־און־צוואַנציג סאָלדאַטען. צווישען דיא לעצטע זיינען געוועזן דשייקאָב הייס און בענדשעמין הייס פון ניו יאָרק, אַ פאָטער מיט אַ זאָהן; און יהודה טוראָ, דער בעריהמטער פילאַנטראָפּ, וועלכער איז געפעהרליך פערוואונדעט געוואָרן אין דיא שלאַכט פון ניו אָרלינס אין יאַנואַר 1815.

דיא מלחמה פון 1812 האָט בייגעטראָגען אַז מען זאָל זיך נעהמען מיט מעהר ענערגיע צו דער אַרבייט פון אָפּשאַפען דיא אויסנאַהמען געגען אידען אין מע־רילענד, דעם איינציגען סטייט וועלכער האָט געהאַט אַ בעדייטענדע צאָהל אידען אין אַזאַ אונגינסטיגע לאַגע. דיא פערבינדונג פון דעם שטאַאט מיט דער קירכע האָט זיך דאָרטען געענדיגט צוזאַמען מיט דיא הערשאַפט פון דיא אייגענטהימער, דאָס הייסט ווען מערילענד איז געוואָרן אַ סטייט. עס האָט זיך דערמיט דאָן אויך געענדיגט יענעס געזעץ וועלכעס האָט פאַר אַנדערהאַלבען יאָהרהונדערט געמאַכט דיא אידישע אמונה פאַר אַ פערברעכען וואָס קען בעשטראָפט ווערען מיט'ן טויט, וויא עס איז דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל (זיי־טע 84).*) אָבער אַ טהייל פון דעם אַלטען גייסט איז נאָך געבליעבען אונטער דיא נייע בעדינגונגען, און דיא נייע סטייט קאָנסטיטוציאָן פון 1776, וועלכע האָט געגעבען רעליגיאָנס־פרייהייט אַזוי וויט וויא דאָס אָנבעלאַנגט צו געוויסענס־פראַגען און צו גאָטעס־דיענסט, האָט דאָך בעשטימט "אַן ערקלערונג אין דעם גלויבען פון דיא קריסטליכע רעליגיאָן" אַלס אַ בעדינגונג צו קענען בעקליידען אַן עפענטליכען אַמט. דיעזעס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטען אַז עס זאָלען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן און באַלד נאָכדעם אָנקומען אַהין ביסלעכוויוז אַ היבשע צאָהל אידען, הויפּטזעכליך צוליעב דיא גינסטיגע קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע לאַגע פון באַלטימאָר. דער ערשטער פערזוך אָפּצושאַפען דיא אויסנאַהמע איז געמאַכט געוואָרן אין דעצעמבער 1797, ווען סאָלאָמאָן עטינג (געב. אין יאָרק, פּענסילוועניע, 1764; געש. אין באַלטימאָר 1847), בערנאַרד גראַץ (געב. אין דייטשלאַנד 1738; געש. אין באַלטימאָר 1801) און אַנדערע האָבען דערלאַנגט אַ ביטשריפט צו דיא דשענעראַל אַסעמבלי פון סטייט אין דיא

*) זעה פּראָפ. דשייקאָב ה. האָללאַנדער'ס אַבהאַנדלונג איבער דיא ציוויל־רעכטליכע לאַגע פון דיא אידען אין מערילענד, אין צווייטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטען 44—33; אויך דעם אַרטיקעל מערילענד אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע, און בלום'ס "געשיכטע פון דיא אידען אין באַלטימאָר".

הויפט־שטאָדט אַנאַפּאָליס אין וועלכע זיי האָבען ערקלערט אַז "זיי זיינען אַ סעקטע לייטע וואָס ווערען אַנגערופען אידען, און זיי זיינען דורך דיא עקזיס־טירענדע געזעץ בעריובט פון ווערטהפאָלע רעכטע אַלס בירגער און זיי בעטען אַז מען זאָל זיי שטעלען אויף אַ גלייכען פוס מיט אַלע אַנדערע גוטע בירגער". דיא קאָמיטע צו וועלכע דיא ביטשריפט איז איבערגעגעבען געוואָרן האָט בע־ריכטעט דעם זעלבען טאָג אַז "זיי האָבען וועגען דעם פערהאַנדעלט און זיי בעגרייפען אַז דיא ביטע איז אַ בערעכטיגטע, אָבער אַזוי וויא דאָס האָט צו טהאָן מיט אַ וויכטיגע קאָנסטיטוציאָנעלע פראַגע לייגען זיי פאָר פאַר דיא הויז צו ענטשיידען אויב עס לוינט זיך אַנצוהויבען וועגען דעם אַ פערהאַנדלונג ווען דיא זיצונג איז שוין אַזוי נאָהענט צום סוף". דיעזעס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דיא אַגיטאַציאָן פאַר דיא קומענדע פינף יאָהר. דערווייל איז פאַרגעקו־מען אין יאָהר 1801 אַז ראובן עטינג (געב. אין יאָרק, פּאַ., 1762; געש. אין פילאַדעלפיא 1848), אַ ברודער פון דעם אויבען־דערמאָנטען סאַלאָמאָן, איז ער־נענט געוואָרן פון פּרעזידענט דשעפערסאָן פאַר יונייטעד סטייטס מארשאַל (אַן אַמט וואָס איז עהנליך צו דעם אַמט פון שעריף) פאַר דעם סטייט מערילענד. עס איז דערמיט געשאַפען געוואָרן דיא מערקווירדיגע לאַגע אין וועלכע אַ איד, וועלכער האָט אונטער דיא געזעץ פון סטייט ניט געקענט זיין אפילו אַן איינפאַ־כער פּאָליסמאַן, האָט געהאַלטען אַ הויכען אַמט פון גרויס פעראַנטוואָרטליכקייט אונטער דיא לאַנדעס־רעגירונג. אַ צווייטע ביטע מיט דעם זעלבען צוועק וויא דיא ערשטע איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דיא דשענעראַל אַסעמבלי אין נאָוועמ־בער 1802, און דיעזעס מאָל איז עס געקומען צו אַן אָפּשטימונג, אָבער דער פאָרשלאַג איז דורכגעפאַלען מיט אַכט־און־דרייסיג דאַגעגען און נור זיעבצעהן דאַפיר. אַ נייער פערזוך איז געמאַכט געוואָרן אין יאָהר 1803 און אויך אין 1804, ווען דיא שטימען זיינען געוועזן ניין־און־דרייסיג דאַגעגען און פיער־און־צוואַנציג דאַפיר. דיעזער פיערטער דורכפאַל האָט צוגענומען דעם מוטה ביי דיא איינציגע ענטשלאָסענע מענער וועלכע האָבען אָנגעפיהרט דיא אַגיטאַציאָן, און מען האָט וועגען דיא פראַגע אַ היבשע צייט מעהר גאָר נישט געהערט.

אין יאָהר 1808 זיינען אָנגעקומען אין באַלטימאָר פון ריטשמאָנד, וויר־דשיניע, דיא פאַמיליע קאָהען וועלכע איז בעשטאַנען פון דיא אלמנה און זעקס זיהן פון דשייקאָב דש. קאָהען, אַ סאָלדאַט פון דיא רעוואָלוציאָן (וועלכער איז געוועזן אַ געבאָרענער פון רהיין־פּרייסען, איז געקומען נאָך אַמעריקאַ אין 1773 און איז געשטאָרבען אין 1808). איינציגע אַנדערע אידען זיינען אויך אָנגעקומען אין באַלטימאָר אין יענער צייט, און דיעזעס האָט געהאָלפען אַז דיא דאָרטיגע אידישע געמיינדע איז געשטיעגען אין וויכטיגקייט. נאָכדעם וויא סאַלאָמאָן עטינג און איינציגע מיטגליעדער פון דיא קאָהען פאַמיליע האָבען געדיענט מיט אויסצייכנונג אין דיא פערטהיידיגונג פון באַלטימאָר און אין עטליכע אַנדערע

שלאַכטען, האָט מען אָנגעהויבען בעסער איינצוזעהן דעם אונרעכט וואָס עס ליעגט אין דיא בעשריינקונגען פון דיא אידישע בירגער־רעכטע. אַ גרופּע מענער וועלכע זיינען געווען טהעטיג אין עפענטליכען לעבען האָבען אָנגעפאַנגען צו סימפּאַטיזירען מיט דיא אידישע פאָדערונגען און זיי האָבען אָנגעפיהרט דעם קאַמפּף אין דשענעראַל אַסעמבלי פאַר פולע גלייכבערעכטיגונג פון אידען פון 1816 ביז 1826. דער פּראָמינענטעסטער מאַן אין דיעזער גרופּע, וועלכע האָט אין זיך איינגעשלאָסען טהאָמאַס ברעקענרידש, ע. ס. טהאָמאַס, גענעראַל ווינדער, קאָלאָנעל וו. דש. ד. וואָירטהינגטאָן, און דשאָהן וו. ל. מאַק־מאַהאָן, איז געווען טהאָמאַס קענעדי פון וואַשינגטאָן קאַונטי.

"דער אידישער ביל" אָדער געזעץ־פּאָרשלאַג איז געוואָרן איינע פון דיא טאגעס־פראגען אין דיא פּאָליטיק פון מערילענד, און מיר זעהען דערביי ווידער דיא אַמעריקאַנישע אייגענטהימליכקייט וואָס איז אויבען דערמאָנט געוואָרן (זייטע 125) אַז דיא וואָס האָבען דעם אידען אַם בעסטען געקענט זיינען געווען זיינע שטאַרקסטע פערטהיידיגער. איינינע פערטרעטער פון דיא אָפּגעלעגענע געגענדען אויף'ן לאַנד, וואו מען האָט געוואוסט וועגען אידען ניט מעהר וויא דעם נאָמען איד, זיינען דורכגעפאַלען ביי וואַהלען פאַר ווייטערע טערמינען דערפאַר וואָס זיי האָבען געשטימט אָפּצושאַפען דעם געזעץ געגען אידען. פון אַנדערען זייט האָבען אין דיא שטאָדט באַלטימאָר ניט געקענט ערוועהלט ווערען קיין אַנדערע וויא דיא וואָס האָבען זיך אָנגענומען צו אַרבייטען פאַר אידישע גלייכשטעלונג. דער ערפאָלגרייכער פערזוך פון דשייקאָב הענרי צו בלייבען אויף זיין פּלאַץ אַלס מיטגליעד פון דיא געזעצגעבונג פון נאָרד קאַראָליינאַ, וויא עס איז בעשריעבען געוואָרן אין פאָריגען קאַפּיטעל, איז פון דיא פריינדע פון אידען אין באַלטימאָר בענוצט געוואָרן מיט אַ גוטען עפעקט. מר. ברעקענרידש האָט ריידענדיג וועגען דעם אידישען ביל אין 1818 דערמאָנט יענע אַנגעלעגענהייט מיט פאָלגענדע ווערטער: "אין דעם סטייט נאָרד קאַראָליינאַ איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיגער פאַל ווען מען האָט געמאַכט דעם פערזוך אַרויסצוזעצען מר. הענרי, אַ אידען, פון דיא געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט פון וועלכע ער איז געווען אַן ערוועהלטעם מיטגליעד. דיא רעדע וועלכע ער האָט געהאַלטען ביי יענער געלעגענהייט געפינט זיך איצטער אין מיין האַנד. זיא איז אָפּגעדרוקט אין אַ זאַמלונג מיט דעם נאָמען "דער אַמעריקאַנישער אָראַטאָר", אַ בוך וואָס מען גיט אייערע קינדער אין שול צום לעזען, און אין וועלכען עס געפינען זיך דיא רעפּובליקאַנישע וואַהרהייטען וואָס איהר ווינשט אַז זיי זאָלען איינגעפּלאַצט ווערען אין זייערע געדאַנקען אַזוי פריה וויא מעגליך. מר. הענרי האָט געוואונען, און עס איז אַ טהייל פון אונזער ערציהונג אַלס אַמעריקאַנער צו ליעבען און צו האַלטען טהייער דיא געדאַנקען וואָס ער האָט אויסגעדריקט ביי יענער געלעגענהייט." זעקס יאָהר שפּעטער האָט קאָלאָנעל וואָירטהינגטאָן אין אַ בעגייסטערטע

רעדע וועגען דעם זעלבען געגענשטאַנד אויף דערמאָנט העענרי'ס טריאומף אַלס אַ בעוויז צו גונסטען פון דיא אידען אין מערילענד. מאַנכע פון דיא רעדעס וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרן וועגען דיעזע פראַגע זיינען בעטראַכטעט געוואָרן אַלס גענוג וויכטיג אַז מען זאָל זיי אָפּדרוקען אין אַ בעזונדערע אויסגאַבע נאָכדעם וויא דיא פראַגע איז שוין פערענטפערט געוואָרן. איין זאַמלונג מיט דעם נאָמען "רעדעס וועגען דעם אידישען ביל אין דיא דעלעגאַטען־הויז פון מערילענד" איז ערשיענען אין פילאַדעלפיאַ אין 1829.

אין 1822 איז ענדליך אַ ביל צו גונסטען פון אידען אָנגענומען געוואָרען איןביידע הייזער פון דיא געזעצגעבונג; אָבער אונטער דיא קאָנסטיטוציאָן פון מערילענד האָט יעדער אַקט וואָס האָט געמאַכט אין איהר אַן ענדערונג געמוזט אָנגענומען ווערען ביי איין זיצונג, דאַן פערעפענטליכט ווערען און בעשטעטיגט ווערען ביי דיא פאָלגענדע זיצונג פון דיא געזעצגעבונג. מען האָט דעריבער געמוזט אָנקומען צו דיא זיצונג פון 24—1823 ווען אַ פאָרשלאַג צו בעשטעטיגען יענעם ביל איז אריינגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ ביטע פון דיא אידען פון מערילענד. דער סענאַט האָט אָנגענומען דיא בעשטעטיגונג, אָבער זיא איז דורכגעפאַלען אין הויז נאָך אַ שטירמישע דעבאַטע, און דיא גאַנצע אַרבייט איז דערמיט ווידער בטל געוואָרן. אָבער דיא צייט אָפּצושאַפען דיא אויסנאַהמע איז שוין דאַן געקומען, און אין דעם לעצטען טאָג פון דיא פאָלגענדע זיצונג פון דיא געזעצגעבונג (26טען פעברואַר 1825) איז דער אַקט "צו העלפען דיא אידען פון מערילענד" וועלכער איז שוין פריהער דורכגעגאַנגען דעם סענאַט, אָנגענומען געוואָרן אין דעלעגאַטען־הויז מיט זעקס־און־צוואַנציג געגען פינף־און־צוואַנציג שטימען. דער ביל האָט בעשטימט אַז "יעדער בירגער פון סטייט וועלכער געהערט צו דיא אידישע רעליגיאָן" ווען ער קריעגט אַן עפענטליכע אַמט זאָל ער אויסער דיא געוועהנליכע שבועה מאַכען און אונטערשרייבען אַן ערקלערונג אַז ער גלויבט אין שכר ועונש אויף יענער וועלט, אַנשטאָט דיא ערקלערונג וואָס ווערט איצטער געפאָדערט פון דיא רעגירונג פון סטייט. אין דעם פאָלגענדען יאָהר איז אַ קורצער בעשטעטיגענדער אַקט אויף אָנגענומען געוואָרן פון ביידע הייזער און דיא שלאַכט פאַר דיא גלייכשטעלונג פון דיא אידען אין מערילענד איז געוועזן געוואונען. אין טהעאָריע איז נאָך אַלץ געווען אַן אונטערשייד, ווייל אַ איד האָט געדאַרפט מאַכען אַ בעזונדערע סאָרט ערקלערונג, אָבער אין פראַקטישען לעבען איז מעהר ניט געווען קיין אויסנאַהמע. סאַלאָמאָן עטינג און דשייקאָב י. קאָהען, וועלכע זיינען געווען דיא אידישע אַנפיהרער פון דיא בעוועגונג פאַר אידישע גלייכשטעלונג, זיינען גלייך (אָקטאָבער

1826) ערוועהלט געוואָרן אַלס מיטגליעדער פון שטאָדט־ראַטה פון באַלטימאָר, פון וועלכע דער ערשטער איז שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט. מעהרערע אידען האָבען פערנומען און פערנעהמען נאָך איצטער וויכטיגע פּאָליטישע עמטער אין מערילענד, וויא זיי זיינען בערעכטיגט צוליעב זייערע פּערזענליכע פעהיג־קייטען און צוליעב דיא פּראָמינענטע שטעלע וואָס דיא אידען פערנעהמען אין דעם געשעפטליכען און פּראָפעסיאָנעלען לעבען פון סטייט.

# קאַפּיטעל 17

## מרדכי מאַנועל נאָאה און זיינע טעריטאָריאַליסטיש־ציוניסטישע פּלענער.

נאָאה׳ס פאַמיליע; זיין יוגענד און זיינע ערשטע ערפאָלגען אַלס זשורנאַליסט און אַלס דראַמאַטורג — זיין ערנענונג אַלס קאָנסול אין טוניס און זיין צוריקרופונג — זיין בעהויפּטונג אַז די יונייטעד סטייטס איז ניט אַ קריסטליכע נאַציאָן — רעדאַקטאָר און דראַמען־שרייבער, שעריף און סאַרוועיאָר אָדער רעגירונגס־אויפזעהער איבער דעם האַפען פון ניו יאָרק — זיין איינלאַדונג צו די אידען פון דער וועלט זיי זאָלען זיך בעזעצען אין די שטאָדט וואָס ער וועט פאַר זיי גרינדען אויף גרענד איילענד — איינדרוקספאָלע צערעמאָניען אין באָפאָלאָ וועלכע זיינען געווען דער אָנהויב און דער סוף פון ״אררט״ — זיין ״אָבהאַנד־לונג איבער די וויעדערקעהרונג פון די אידען״ — זיין קורצע קאַריערע אַלס ריכטער — אידישע טהעטיגקייטען.

אין דער צייט וואָס מען האָט אין מערילענד אָפּגעווישט די לעצטע שפּורען פון אויסנאַהמען געגען אידען, האָט איינער פון די פּראָמינענטעסטע אידען פון ניו יאָרק געמאַכט אַ גראַנדיעזען פּלאַן צו לעזען די אידישע פראַגע דורך קאָלאָניזירען אידען אין אַמעריקאַ. דיעזער מאַן איז געווען מרדכי מאַנועל נאָאה (נח, געב. אין פילאַדעלפיאַ דעם 19טען דשולאַי 1785; געש. אין ניו יאָרק דעם 22טען מערץ 1851). ער האָט געשטאַמט פון פּאָרטוגיזישע עלטערן, אַ זאָהן פון מאַנועל מרדכי נאָאה פון סאַוטה קאַראָליינאַ וועלכער האָט געדיענט אין דער אַרמעע פון די רעוואָלוציאָן, און אַ קאָזין פון העברי מ. פיליפּס (געב. אין פילאַדעלפיאַ 1811; געש. דאָרטען 1884) וועלכער איז געווען אַ מיטגליעד פון פיערטען דיסטריקט פון פענסילווועניע אין 35טען קאָנגרעס (ערוועהלט אַלס אַ דעמאָקראַט אין 1856) און וועלכער האָט אויסער אַנדערע עמטער פון עהרע און פערטרויען, אויך געדיענט אַלס גראָס־מייסטער פון די פריי־מויערער פון פענסילוועניע. נאָאה איז געבליעבען אַ יתום ווען ער איז אַלט געווען פיער יאָהר און איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען ביי זיין מוטער׳ס פאָטער, יאָנאַס פי־ליפּס (געב. אין דייטשלאַנד 1736; געש. אין פילאַדעלפיאַ 1803). נאָאה איז אוועקגעגעבען געוואָרען אַלס לעהרלינג ביי אַ שניצער און פערגילדער, אָבער זיין ליעבע צום לערנען האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון איינינגע

פראָמינענטע לייטע און עס ווערט דערציילט אַז דער פינאַנסיער ראָבערט מאָריס האָט איהם בעפרייט פון זיין מייסטער און האָט פאַר איהם געקריעגען אַ שטעלע אין אָפּיס פון אוידיטאָר פון יונייטעד סטייטס טרעזשורי.

ווען דיא הויפּט־שטאָדט איז איבערגעטראָגען געוואָרען פון פילאַדעלפיא נאָך וואשינגטאָן האָט דער יונגער נאָאה זיך אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע און איז געוואָרען אַ רעפּאָרטער ביי דיא זיצונגען פון דיא לעדזשיסלייטשור אָדער שטאַאטס־געזעצגעבונג אין העריסבורג, פּענסילוועניע, וואו ער האָט געקריעגען זיינע ערשטע ערפאַהרונג אַלס זשורנאַליסט. אייניגע יאָהר שפּעטער האָט ער זיך בעזעצט אין טשאַרלסטאָן, סאַוטה קאַראָליינאַ, וואו ער איז אין יאָהר 1809 געוואָרען דער רעדאַקטאָר פון דיא "סיטי גאַזעט" און האָט אַגיטירט זעהר שטאַרק פאַר מלחמה מיט ענגלאַנד. דיא עפענטליכע מיינונג פון דיא רייכע האַפען־שטאָדט איז געווען געגען קריעג און נאָאה איז צוליעב דעם פּערוויקעלט געוואָרען אין פערשיעדענע שטרייטיגקייטען, און — נאָך דיא מאָדע פון יענער צייט — אין אייניגע דועלען. ער האָט אָנגענומען יעדע אַרויספאָדערונג און ווען ער האָט געטויטעט איינעם פון זיינע געגנער האָט מען זיך איבערצייגט אַז ער איז אַ מוטהיגער מאַן און מען האָט איהם געלאָזט צופריעדען. זיין ערשטע דראַמאַ "פּאַול און אַלעקסיס" אָדער דיא "יתומים פון רהיין" איז אויך אויפגעפיהרט געוואָרען אין יענער שטאָדט. זיא איז שפּעטער אויפגעפיהרט געוואָרען אין ענגלאַנד וואו מען האָט איהר עטוואָס איבערגעמאַכט, און שפּעטער איז זיא געבראַכט געוואָרען אין ניו יאָרק אונטער דעם נאָמען "דיא וואַנדערנדע באָים" און איז אויפגעפיהרט געוואָרען אין 1820 אין פּאַרק טהעאַטער מיט גרויס ערפאָלג.

אין יאָהר 1812 ווען דיא מלחמה מיט ענגלאַנד האָט זיך שוין אָנגעהויבען איז נאָאה ערנענט געוואָרען פון פּרעזידענט מעדיסאָן אַלס אַמעריקאַנישער קאָנסול אין ריגאַ, רוסלאַנד. נאָאה האָט דיא שטעלע ניט געוואָלט אָננעהמען און איז אַ יאָהר שפּעטער אויסגעקליעבען געוואָרען אַלס אַמעריקאַנישער קאָנסול אין טוניס, מיט אַ שפּעציעלע פּאָלמאַכט צו פערטרעטען דיא יונייטעד סטייטס אויך אין אַלזשיר.ביידע לענדער זיינען נאָך אין יענער צייט געווען אונאַבהייגיג און דיא פערטרעטונג איז דעריבער דאָרטען געווען פערבונדען מיט מעהר פעראַנטוואָרטליכקייט וויא איצטער. נאָאה איז אַוועקגעפאָהרען פון טשאַרלסטאָן אויף אַ שיף וואָס איז געגאַנגען נאָך פראַנקרייך, אָבער ווען זיא איז שוין געווען נאָהענט צום פראַנצעזישען ברעג איז זיא געפאַנגען געוואָרען פון ענגלישע קריעגס־שיפען און געבראַכט געוואָרען נאָך ענגלאַנד. מען האָט דאָרטען דעם אידישען קריעגס־געפאַנגענעם בעטראַכטעט אַלס אַ וויכטיגע פּערזענליכקייט, און מען האָט איהם געגעבען אויף זיין עהרען־וואָרט דיא פרייהייט צו בעזוכען דיא צייט צו בערייזען פערשיעדענע געגענדען פון לאַנד. אין עטליכע מאָ־

נאט ארום האט מען איהם אין גאנצען בעפרייט, און ער איז דאן אוועקגעפאהרען איבער שפאניען אויף זיין שטעלע אין נארד אפריקא. ער האט זיך באלד גע־נומען צו די ארבייט פאר וועלכע ער איז שפעציעל געשיקט געווארן, אויסצו־לייזען די אמעריקאנישע געפאנגענע מאטראזען וועלכע זיינען געהאלטען גע־ווארן אין שקלאפעריי אין אלזשיר. ער האט עס געדארפט טהאן אזוי אז עס זאל מאכען דעם איינדרוק אז די געפאנגענע ווערען אויסגעלייזט פון זייערע קרובים און אז די אמעריקאנישע רעגירונג האט דערמיט גאר ניט צו טהאן. נאאה האט דיעזעס דורכגעפיהרט ריכטיג, אבער ער האט דערביי געמוזט אויסגעבען א גרעסערע סומע וויא די רעגירונג פון דער היים האט דערצו בעשטימט. זיינע פאליטישע געגנער האבען זיך בענוצט מיט דיעזע אונרעגעלמעסיגקייט אויסצו־ווירקען אין דער היים אז די רעגירונג זאל איהם צוריקרופען פון זיין אמט. מר. מאנראו וועלכער איז דאן געוועזען סעקרעטערי אוו סטייט אדער אויסלענדישער מיניסטער האט איהם געשריעבען אז אין דער צייט ווען מען האט איהם גענעבען די שטעלע האט ניט אויסגעזעהן אז זיין רעליגיאן זאל זיין א שטערונג צו די ערפילונג פון זיינע פליכטען אלס קאנסול. אבער איצ־טער זיינען אנגעקומען בעריכטען וועלכע פערדיענען דעם פולסטען צוטרויען אז דאס מאכט אן אונגיסטיגען איינדרוק, און דער פרעזידענט געפינט עס פאר ראטהזאם צוריק צו רופען די ערנענונג און ווען דיעזע שריפט קומט צו איהם אן זאל ער זיך בעטראכטען אלס ניט מעהר אין דיענסט פון די יונייטעד סטייטס.*) נאאה האט זיך צום סוף ארויסגעדרעהט פון אלע זיינע שוועריגקייטען, און קומענדיג אהיים האט ער זיך רייגגעוואשען פון אלע בעשולדיגונגען, און האט געקריגען בעצאהלט פון די רעגירונג אלעס וואס ער האט אויסגעלייגט.

איינע פון זיינע אפיציעלע האנדלונגען אלס קאנסול פערדיענט בעזאנדערס דערמאנט צו ווערען. די מלחמה מיט ענגלאנד איז נאך דאן געווען אין פולען גאנג און א געוויסען טאג איז אריינגעקומען אין האפען פון טונים אן אמעריקא־נישע שיף וועלכע האט גענומען געפאנגען דריי ענגלישע שיפען פון אסט־אינ־דיען געלאדען מיט סחורה. די געפאנגענע שיפען האבען געהערט צו דעם אמע־ריקאנער אונטער די אינטערנאציאנאלע געזעץ פאר קריעגס־צייטען, און ער האט זיי איבערגעגעבען צו דעם אמעריקאנישען קאנסול אין טונים ער זאל זיי פערקויפען. דער בריטישער געזאנדטער אין טונים האט פראטעסטירט געגען דעם פערקויף, און האט זיך געשטיצט אויף א פונקט אין דעם פערטראג צווישען ענגלאנד מיט טונים אז קיין קריסטליכע מאכט זאל ניט טארען פערקויפען אן ענגלישע געפאנגענע שיף אדער לאדונג אין דארטיגע האפענס. נאאה האט

*) דיילי, זייטע 12 און ווייטער; זעה אויך וואלף, "מרדכי מאנועל נאאה" (פילאדעל־פיא 1897) און די אידישע ענציקלאפעדיע, ארטיקעל נאאה.

צוגעגעבען אַז דער אָפּמאַך האָט געקענט זיין געמיינט וועגען אזא פאַל אויך, אָבער ער האָט בעהויפּטעט אַז אונטער אַ שטריינגע אויסטייטשונג פון אינטערנאַציאָנאַלעם געזעץ קען מען ניט אָננעהמען אַז יונייטעד סטייטס איז אַ קריסטליכע נאַציאָן, און דער אָפּמאַך קען דערפאר אויף דיעזען פאַל ניט אָנגעווענדעט ווערען. אַלס בעווייז האָט ער געוויעזען דיא קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס מיט איהרע בעשטימונגען געגען אירגענד וועלכע פערבינדונג פון רעליגיאָן מיט רעגירונגס־אַנגעלעגענהייטען, און האָט אויך געבראַכט אַ בעווייז פון דיא טריטי אָדער פערטראַג מיט טירקיי וועלכע דשאָעל באַרלאָו האָט געשלאָסען און וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן פון יונייטעד סטייטס סענאַט אין 1808, אין וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרן אַז דיא יונייטעד סטייטס האָט גאָר נישט וואָס אויסצוזעצען געגען דיא מוסולמאַנער צוליעב זייער רעליגיאָן און אַז זיי זיינען בערעכטיגט און זאָלען קריעגען אַלע פּריווילעגיען פון דיא בירגער פון פעלקער מיט וועלכע אַמעריקאַ האָט דיא גינסטיגע טראַקטאַטען. דער בעי אָדער הערשער האָט אָנגענומען דיעזען אַרגומענט און ער האָט ערלויבט דעם אַמעריקאַנער קאָנסול צו פערקויפען דיא ענגלישע שיפען מיט זייער סחורה. נאָאַה'ס בעהויפּטונג אַז יונייטעד סטייטס איז קיין קריסטליכע נאַציאָן איז דערמיט אַנערקענט געוואָרן אַלס אַ פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַלעם געזעץ וואָס איז ביז איצטער ניט בעשטריטען געוואָרן. עס איז אפשר מעגליך אַז דיעזע שטעלונג פון דעם אידישען קאָנסול אַז דאָס לאַנד וועלכע ער פערטרעט איז קיין קריסטליכע, האָט עס איבערצייגט זיין רעגירונג אין דער היים אַז זיין גלויבען איז "אַ שטערונג צו דיא ערפילונג פון זיינע פליכטען אַלס קאָנסול".

ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך אַמעריקאַ האָט זיך נאָאַה בעזעצט אין ניו יאָרק (1816) וואו ער איז פערבליעבען דעם גאַנצען לעבען, פערנעהמענדיג פערשידענע עהרענהאַפטע שטעלען און איז געוואָרן איינער פון דיא פּאָפּולערסטע מענער אין שטאָדט. ער איז געוועזן אין פערשיעדענע צייטען דער רעדאַקטאָר פון "נאַשיאָנעל אַדוואָקייט", פון "ניו יאָרק ענקווייררער", פון "איוונינג סטאַר", "קאָממוירשעל אַדווערטייזער", "יוניאָן" און "טיימס ענד מעסענדשער". אין 1819 האָט ער אָפּגעדרוקט אין ניו יאָרק זיינע "רייזען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניען און דיא בערבער שטאַאטען" אין וועלכע ער האָט בעשריעבען אַלעס וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, דיא דיענסטע וואָס ער האָט געלייסטעט אין טונים און וויא אַזוי מען האָט איהם פאַר אַלעם בעלוינט. זיין בעשעפטיגונג אַלס זשורנאַליסט האָט איהם געבראַכט אין אָפטע פערבינדונגען מיט דעם טהעאַטער, און האָט געפיהרט דערצו ער זאָל זיך ווידער נעהמען צו דראַמאַטורגיע. ער איז געוועזן איינער פון דיא בעליעבטעסטע דראַמאַטישע שריפטשטעלער פון לאַנד אין יענער צייט. זיינע מייסטע דראַמען האָבען בעהאַנדעלט טהעמען פון אַמעריקאַנישע געשיכטע, אָבער מאַנכע זיינען געוועזן וועגען אַנדערע געגענשטענדע,

ווי צום ביישפּיעל זיין ערפאָלגרייכע מעלאָדראַמע "יוסעף קארמאטי, אָדער די בעלאַגערונג פון טריפּאָלי."

ער האָט אויך גענומען א טהעטיגען אנטהייל אין פּאָליטיק און איז אין 1822 ערנענט געוואָרען האי־שעריף פון ניו יאָרק. ווען דער אמט איז אָבער אין א קורצע צייט שפּעטער געמאכט געוואָרען וועהלבאר, איז ער אלס קאנדידאט דורכגעפאלען נאָך א היציגען "קאמפּיין". ער איז געוועזען אן אנהייננער פון גענעראל דשעקסאָן און יענער האָט איהם אלס פּרעזידענט געגעבען דעם אמט פון סאַרוועיאָר אָדער אויפזעהער (פון צאָלל) פון דעם האפען פון ניו יאָרק.

אין דער צייט פון דיעזע אלע טהעטיגקייטען האָט ער ניט פערגעסען, און מען האָט איהם ניט געגעבען קיין געלעגענהייט צו פערגעסען אז ער איז א איד. ער האָט געהאט שטארקע איבערצייגונגען איבער די פראגע פון אידישע נאציאָנאליטעט, און האָט געגעבען פיעל אויפמערקזאמקייט צו די אידישע פראגע אין אלגעמיין. ענדליך האָט ער, אין יאָהר 1825, זיך געווענדעט צו דעם פּלאן מיט וועלכען ער האָט זיך לאנג ארומגעטראָגען, וויעדער צו געבען די אידען זייער אמאָליגע עהרע אלס א נאציאָן. ער האָט פאר דיעזען צוועק מיט די הילפע פון איינינע פריינדע געקויפט אן אינזעל דרייצעהן מייל לאנג און פינף מייל ברייט, וועלכער האָט געהייסען גרענד איילענד, אויף דעם ניאגארא טייך, געגענאיבער טאנאוואנדא, ניט ווייט פון באפאלא, ניו יאָרק. ער האָט דאן ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צו די אידען פון דער גאנצער וועלט און זיי איינגעלאַדען צו קומען און זיך בעזעצען אין דעם פּלאץ וואס ער האָט א נאָמען געגעבען "אררט, אן עיר מקלט פאר די אידען".

דער פּלאן האָט געהאט א פראקטישע זייט און האָט צוגעצויגען פיעל אויפמערקזאמקייט. נאָאה איז אין יענער צייט געווען וואהרשיינליך דער בעריהמטעסטער אידישער איינוואָהנער פון אמעריקא, און מען האָט איהם אויף קיין פאל ניט געקענט בעטראכטען אלס א טרוימער. ער האָט אויסגעקליבען יענעם פּלאץ מיט א קוק אויף די מעגליכקייט אז עס זאל דאָרטען ווערען א מיטעלפּונקט פון האנדעל, ווייל עס איז נאָהענט פון די גרויסע לייקס און געפינט זיך געגענאיבער דעם איריע קאנאל וואס איז דאן מיט א קורצע צייט צוריק פערטיג געוואָרען. נאָאה האָט בעטראכטעט די אינזעל אלס א פּלאץ וואס קען מיט דער צייט ווערען "דער גרעסטער האנדעלס־פּלאץ אין א נייע און בעסערע וועלט". ער האָט געארבייט פאר דעם פּלאן א היבשע צייט אין זיינע אייגענע צייטונגען און האָט אויך געווירקט אז די אלגעמיינע און די רעליגיעזע פּרעסע זאל וועגען דעם ריידען. דער צווייטער סעפּטעמבער 1825 איז אויסגעקליבען געוואָרען אלס דער טאָג צו לייגען דעם גרונד־שטיין פון די נייע שטאָדט. עס זיינען אָפּגעהאלטען געוואָרען אייגדרוקספאָלע צערעמאָניען וועלכע האָבען זיך אנגעפאנגען אין די שטאָדט באפאלא מיט אָפּפיערונג פון קאנאָ־

נען, און צווישען דיא בעטהייליגטע האָבען זיך געפונען רעגירונגס־בעאַמטע, קריסטליכע גייסטליכע און זאָגאַר אַמעריקאַנישע אינדיאַנער, וועלכע זיינען פון נאַאַה בעטראַכטעט געוואָרן אַלס דיא פערלאָרענע עשרת השבטים און וועמען ער האָט אויך געוואָלט פערזאָרגען מיט אַ היים אין דיא נייע אררט.

מען האָט באַלד אויסגעפונען אַז עס זיינען ניט געווען אין באָפּלאָ גענוג שיפען אריבערצופֿירען דעם גרויסען פובליקום נאָך גרענד איילענד, און דעריבער האָט דיא פייערליכקייט שטאַטגעפונדען איז באָפּלאָ. אַ פּראָצעסיאָן מיט מוזיקאַנטען און פאַראויס איז געגאַנגען דורך דיא גאַסען, אייניגע מיליטערישע אָרגאַניזאַציאָנען און פריי־מויערער'שע קערפּערשאַפטען האָבען מיט־מאַרשירט, און הינטער זיי איז געקומען נאַאַה אליין, אַלס גאָווערנאָר און ריכטער פון ישראל, אין אַן אויבער־בגד פון רויטע זייד, בעגלייטעט פון פערשיעדענע בעאַמטע און אַנהייננגער. נאָך דעם מאַרש דורך דיא גאַסען איז מען אריין אין דיא עפּיסקאָפּאַלישע קירכע פון שטאָדט, וואו עס איז דורכגעפיהרט געוואָרן אַ גאַנצער פּראָגראַם, פון וועלכען דער וויכטיגסטער טהייל איז געווען אַ לאַנגע רעדע פון נאַאַה איבער דעם פּלאַן. דיא צערעמאָניען האָבען זיך געענדיגט מיט אַ בעגריסונג פון פיער־און־צוואַנציג קאַנאָנען־שיסע.

דיא צערעמאָניען אין באָפּלאָ זיינען געווען דער אָנפאַנג און דער סוף פון דעם גאַנצען פּלאַן. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופען אויף דעם אויפרוף, דיא שטאָדט איז ניט געבויט געוואָרן, דער מאָנומענט פון ציגעל און האָלץ אויף דעם בעשטימטען פּלאַץ פון דיא געפּלאַנעוועטע שטאָדט איז צופאַלען געוואָרן, און מיט דער צייט איז ער אין גאַנצען פערשוואונדען. דער איינציגער אַנדענקען פון דיא גאַנצע אונטערנעהמונג איז דער גרונד־שטיין פון אררט, וועלכער געפינט זיך אין דיא צימערן פון דיא היסטאָרישע געזעלשאַפט פון באָפּלאָ, און אויף וועלכען מען קען נאָך איבערלעזען דיא דאַטע פון יאָהר 1825.

נאַאַה'ס פּלאַן איז געווען צו גרינדען דיא שטאָדט אררט נור אַלס אַ דערווייליגען פּלאַץ ביז עס וועט קומען דיא פּאַסענדע צייט זיך אומצוקעהרען אין ארץ ישראל. דער דורכפאַל פון דעם פּלאַן פאַר אַ "פּאָרלויפיגען אַזיל" האָט ניט אָפּגעשוואַכט זיין גלויבען אַז צום סוף וועלען דיא אידען אויסגעלייזט ווערען און וועלען אַוועק נאָך דעם הייליגען לאַנד. באַלד צוואַנציג יאָהר נאָך דעם ניט־געלונגענעם פערזוך צוזאַמען צו ברייננגען דיא אידען אויף גרענד איילענד האָט נאַאַה געהאַלטען דיא גרעסטע רעדע פון זיין לעבען, "אַ פּאָרטראַג איבער דיא ווידער־אויפבויאונג פון דיא אידישע נאַציאָן" וועלכע איז גלייך נאָכדעם ערשיענען אין בוך־פאָרם (ניו יאָרק 1844). ער האָט אין דיזען פּאָרטראַג געזוכט צו בעווייזען אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער וועג צו פערענטפערן דיא אידישע פראַגע, וועלכע איז געוואָרן דרינגענד אין דיא אונרוהיגע צייטען אין איירָאָפּאַ פאַר דיא רעוואָלוציאָנען פון 1848, וויא זיך אומצוקעהרען נאָך ארץ ישראל.

נאָאה האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט אַלס סאָרוועיאָר אין 1833, נאָכדעם וויא ער האָט איהם געהאַלטען אונגעפעהר פיער יאָהר. דיא פאָלגענדע אַכט יאָהר איז ער געווען זעהר טהעטיג אַלס זשורנאַליסט און פּאָליטיקער, און אין 1841 האָט איהם גאָווערנאָר סיועדר ערנענט פאַר אַ ריכטער פון "קאָורט אָוו סעשענס" (העכערעס געריכט) פון ניו יאָרק. אַזוי שנעל וויא ער האָט אָנגעהויבען צו ער־פילען זיינע נייע פליכטען האָט דשיימס גאָרדאָן בעננעט אין "ניו יאָרק העראַלד" אָנגעהויבען איהם אָנצוגרייפען און פון איהם אָפּצולאַכען. נאָאה אַליין האָט זיך ניט בעקלאָגט, אָבער אַנדערע האָבען זיך אָנגענומען פאַר דיא ווירדע פון געריכט און בעננעט איז פערזעצט געוואָרן אין אַנקלאַגע־צושטאַנד פאַר בעליידיגונג. נאָאה אַליין האָט ניט געוואָלט אַז דיא אַנקלאַגע זאָל געפיהרט ווער'ען, און האָט זאָגאָר ערקלערט אַז דער אַנגריף שטאַמט פון אַ ציימונגס־פּאָלעמיק אין וועלכע ער איז געווען ביז אַ געוויסען גראַד דער אָנפאַנגער. בעננעט איז אָפּגעקומען מיט אַ קליינע געלד־שטראָף. נאָאה האָט זיך אין אַ קורצע צייט שפּעטער אָפּ־געזאָגט פון זיין שטעלע אַלס ריכטער, צו פערמיידען צו משפּט'ען זיינעם אַ יוגענד־פריינד, אַ געוועזענעם קאָנגרעסמאַן, וועלכער איז בעשולדיגט געוואָרן אין פעלשונגען.

נאָאה האָט גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דיא אַנגעלעגענהייטען פון דיא אידישע געמיינדע פון ניו יאָרק, און איז אין 1842 ערוועהלט געוואָרן פּרעזידענט פון דיא היברו בענעוואָלענט סאָסייעטי. ער איז אויך געווען פּרעזי־דענט פון דיא אידישע "טשאַריטי אָרגאַניזיישען" פון ניו יאָרק, און איז געבליע־בען אַן דער שפּיצע ווען זיא איז פערוואַנדעלט געוואָרן אין אַ בני ברית לאָדש. צווישען זיינע ווערקע וועלכע האָבען אַן אינטערעסע פאַר אידען דאַרף אויך דער־מאָנט ווערען זיין איבערזעצונג פון "ספר הישר" וועלכע איז ערשיענען אין 1840.

ער האָט געהייראַטהעט רעבעקאַה דשעקסאָן פון ניו יאָרק און זיי האָבען געהאַט פינף זיהן מיט איין טאָכטער. ער איז געשטאָרבען אין זיין 66טען יאָהר, און איז געווען דער לעצטער איד וועלכער איז בעערדיגט געוואָרן אויף אַ בית הקברות וואָס געפינט זיך אין דיא אַלטע שטאָדט ניו יאָרק.

# פיערטער טהייל

## דיא צווייטע אָדער דייטשע פּעריאָדע פוי איינוואַנדערונג.

## קאַפּיטעל 18

### דיא ערשטע קהלות אין דעם טהאָל פון מיסיסיפּי.

דיא רעאַקציאָן נאָך דעם פּאַל פון נאַפּאָלעאָן פערגרעסערט דיא אויסוואַנדערונג נאָך אַמעריקאַ — דיא צווייטע פּעריאָדע פון אידישע איינוואַנדערונג — דיא ערשטע געזעץ וועגען איינוואַנדערונג (1819) — דער ערשטער איד אין סינסינעטי — איהר ערשטע קאָנגרעגיישען, בני ישראל — אַן אויפרוף צו אַנדערע געמיינדען נאָך הילפע צו בויען אַ שול — דיא ערשטע תלמוד תורה — דיא ראַבינערס גוטהיים, וייז און ליליענטהאַל — קליוולענד — סט. לואיס — לואיוויל — מאָנטגאָמערי; אברהם מרדכי, דער מאַן אויף וועמען מען זאָגט אַז ער האָט איהר געגרינדעט — סאַוואַננאַה און אויגוסטאַ — ניו אָרלינס — יהודה טוראָ.

דיא רעאַקציאָן אין דיא מערב לענדער פון אייראָפּאַ נאָכדעם וויא נאַפּאָ־לעאָן'ס מאַכט איז געבראָכען געוואָרן אין 1815, האָט געהאָלפען פערגרעסערען דיא אויסוואַנדערונג נאָך אַמעריקאַ. דיא אויסוואַנדערונג פון דייטשלאַנד איז בעזאָנדערס פערגרעסערט געוואָרן, און פערהעלטניס־מעסיג מעהר פון אַלעמען זיינען געפאָהרען פון דאָרטען דיא אידען. יענע וועלכע האָבען שוין געהאַט פערזוכט דיא זיסקייט פון פרייהייט האָבען ניט געקענט פערטראָגען אזוי לייכט דיא צוריק־געקעהרטע שווירינקייטען און דיא לעסטיגע אויסנאַהמס־געזעץ, וויא זייערע עלטערן וועלכע האָבען ניט געהאַט דיא ערפאַהרונג פון דיא בעסערע צייטען ווען דער פראַנצויזישער איינפלוס איז געווען שטאַרק. אין דער צייט וואָס דיא מלחמה פאַר פּאָליטישע און רעליגיעזע פרייהייט איז אָנגעפיהרט געוואָרן יעדעס יאָהר שטאַרקער אין דיא פערשיעדענע דייטשע שטאַאטען, האָבען פיעלע זיך איינגעשטעלט צו זוכען גינסטיגערע בעדינגונגען און בעסערע געלעגענהייטען. דיא נייע איינוואַנדערונג וועלכע האָט אָנגעהאַלטען נאָהענט פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט, ביז דיא אידען אין אַלע דייטשע שטאַאטען האָבען

געקריעגען גלייכע רעכטע, איז געווען פיעל גרעסער וויא דיא איינוואַנדערונג פון דיא פריהעריגע צוויי הונדערט יאָהר, חאָטש איצטער זעהט זיא אויס אונ־בעדייטענד אין פערגלייך מיט דעם שטראָם פון איינוואַנדערונג פון דיא סלאַווי־שע לענדער אין פערלויף פון דיא לעצטע דרייסיג יאָהר. דיעזע אידישע אימיג־ראַנטען פון דיא צווייטע פעריאָדע וועלכע ווערט געוועהנליך אָנגערופען דיא דייטשע (חאָטש אַ היבשער טהייל איז שוין דאַן אויך געקומען פון עסטרייך־אונגאַרן, רוסיש־פוילען און זאָגאַר פון רוסלאַנד אַליין), זיינען אין איין וויכ־טיגען פונקט געווען עהנליכער צו דיא סלאַווישע אידען וואָס זיינען געקומען נאָך זיי וויא צו דיא ספרדים וואָס זיינען געקומען אין פריהערע צייטען: זיי זיינען געקומען אָרעם און זיינען אויפגעוואַקסען מיט דעם לאַנד צוזאַמען. דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אידען אַלס אַ קלאַס זיינען געווען רייך; מאַנכע פון זיי האָבען מיטגעבראַכט מעהר קאַפּיטאַל וויא פיעל עס האָט זיך געפונען אין דיא פּלעצער וואו זיי האָבען זיך בעזעצט. זייער רייכטהום און זייערע גע־שעפטליכע פערבינדונגען האָבען געהאָלפען אַז זיי זאָלען זיין ווילקאָמען אָדער אַז מען זאָל זיי מינדעסטענס דולדען אין צייטען און אין פּלעצער — אין דיא אַלטע וועלט אַזוי גוט וויא אין דיא נייע — ווען מען וואָלט וואַהרשיינליך אין גאַנצען ניט אריינגעלאָזען דעם אָרעמען אידען וועלכער קומט מאַכען אַ לעבען אַלס פּעדלער אָדער ארבייטער. אָבער בעסערע צייטען זיינען געקומען; אַ ריע־זיגע מדינה וועלכע איז איצט געוואָרן נאָך פיעל גרעסער דורך דעם אָפּקויפען פון לואיזיענע ביי פראַנקרייך, און וועלכע האָט דאָפּעלט פערזיכערט איהר אונ־אַבהיינגיגקייט דורך דעם ערפאָלג אין דיא צווייטע מלחמה מיט איהר פריהעריגע הערשערין, האָט איצטער געדאַרפט האָבען מענשען נאָך נייטיגער וויא געלד, און דער אימיגראַנט וועלכער איז דאַ געקומען זיך בעזעצען איז געווען ווילקאָמען. אַ היבשער טהייל פון דיא אידישע איינוואַנדערער פון דיא נייע פעריאָדע זיינען געבליעבען אין דיא עלטערע געמיינדען וועלכע זיינען דורך דעם פיעל פערגרעסערט געוואָרן. אָבער פיעלע זיינען אוועק ווייטער אין דער סאָוטה און אין דיא וועסט; נייע אידישע געמיינדען האָבען זיך געגרינדעט אין צעהנדליגע פּלעצער, און כמעט אין יעדען פאַל איז אַ קאָנגרעגיישען אָדער רעליגיעזע אָר־גאַניזאַציאָן געשאַפען געוואָרען אַזוי שנעל וויא עס זיינען געווען אויף אַ פּלאַץ גענוג אידען פאַר אַזאַ צוועק. אַזוי וויא עס איז שוין ניט געווען קיין שטרייטיג־קייט צווישען דיא אידען אַלס אידען מיט דיא ניט־אידישע וועלט אַרום זיי, איז פון דאַמאָלס אָן דיא געשיכטע פון דיא אידישע געמיינדע אויף אַ געוויסען פּלאַץ הויפּטזעכליך דיא געשיכטע פון איהרע געמיינדע־אַנשטאַלטען און פון איהרע איינצעלנע מיטגליעדער וועלכע האָבען איהר געמאַכט עהרע דורך זייער אויסצייכנונג אויף פערשיעדענע פעלדער פון טהעטיגקייט. מיר וועלען איצטער נאָכפאָלגען דיא געשטאַלטונג פון דיעזע נייע געמיינדען אין פערשיעדענע

טהיילען פון לאַנד, און מאַכען אַ פערזוך צו פערשטעהן דעם גייסט וועלכער האָט געפיהרט דיעזע פריהערע אידישע אימיגראַנטען אין זייערע אידישע טהע־טיגקייטען, וועלכע האָט זיי געהאָלפען צו שטייגען אויף אַ הויכע שטופע אין זייער נייע היים און צו זיין ניצליך פאַר זייערע מיט־בירגער אַזוי גוט וויא פאַר דיא אַנדערע אידען וועלכע זיינען אָנגעקומען שפּעטער פאַר זיי.

* * *

עס זיינען ניטאָ קיין סטאַטיסטישע ציפער וועגען דיא צאָהל אימיג־ראַנטען וואָס זיינען אָנגעקומען אין דעם צווייטען יאָהר־צעהנדליג פון נייני־צעהנטען יאָהרהונדערט; אָבער אין אַן ערקלערונג וואָס קען בעטראַכטעט ווערען אַלס אָפיציעל (אין דעם בעריכט פון דיא איינוואַנדערונגס־קאָמיסיאָן פון 1910) ווערט בעהויפּטעט אַז נאָך דעם יאָהר 1816 איז דיא איינוואַנדערונג פון אייראָפּאַ געוואָרן פיעל גרעסער וויא פריהער, און אַז "עס ווערט געשאַצט אַז ניט וועניגער וויא 20,000 זיינען געקומען אין 1817". אַזוי פיעל לייטע האָבען זיך אַוועקגעלאָזען פאָהרען אַהער אַז דיא שיפען זיינען געווען פול געפּאַקט און עס זיינען פאָרגעקומען פיעלע קראַנקהייטען און טויטען־פעלע אין צווישענדעק פון דיא זעגעל־שיפען. דיעזעס האָט געפיהרט צו דיא ערשטע "געזעצגעבערישע אריינמישונג" מיט דעם געזעץ וואָס איז אריינגעטרעטען אין קראַפט דעם צווייטען מערץ 1819, מיט בעשטימונגען צו רעגולירען דיא צאָהל פּאַסאַזשירען וואָס מען מעג ארויפנעהמען אויף אַ שיף, און וועגען פערזאָרגען איהר מיט שפּייז אויף'ן וועג. דיעזעס געזעץ האָט אויך בעשטימט אַז מען זאָל אָנפאַנגען צו זאַמלען אָפיציעלע סטאַטיסטיקס פון איינוואַנדערער אין יונייטעד סטייטס. און אַזוי וויא עס זיינען שוין דאַן געקומען אַ געוויסער פּראָצענט אידען מיט דיא איינוואַנדערער פון יעדעס יאָהר, מעג מען אָננעהמען אַז דיא אידען פון יע־נער צייט זיינען געווען אַזוי פערזאינטערעסירט אין יענע נייע געזעצליכע בע־שטימונגען וויא מיר זיינען איצטער אין דיעזע אייביגע איינוואַנדערונגס־פראַגע.

אייניגע פון דיעזע פּיאָניערען פון דיא נייע אידישע איינוואַנדערונג זיינען געקומען פון ענגלאַנד, אָבער אַזוי וויא עס איז געווען דער פאַל מיט דיא ספרדים פון דיא פריהעריגע פעריאָדע, זיינען אידען פון דייטשלאַנד אָדער פון פּוילען באַלד נאָכגעקומען, אָדער זיינען געקומען גלייך מיט זיי. אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיעל קען געבראַכט ווערען פון סינסינעטי, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן דיא ערשטע אידישע געמיינדע אין טהאָל פון אָהייאָ. דער ערשטער איד וועל־כער האָט זיך דאָרטען בעזעצט איז געווען דשאָסעף דשאָנאַס (געב. אין עקסע־טער, ענגלאַנד 1792; געש. אין סינסינעטי דעם פינפטען מאַי 1869), וועלכער איז געקומען אין אַמעריקאַ אין 1816 און האָט געוואָהנט אַ קורצע צייט אין ניו יאָרק און אין פילאַדעלפיאַ. ער האָט פערלאָזען דיא לעצטע שטאָדט דעם

צווייטען יאנואר 1817 און איז אנגעקומען אין סינסינעטי דעם אכטען מערץ. ער איז געווען אן אוהרמאכער און עס איז איהם אנגעקומען זעהר לייכט זיך דארטען צו עטאבלירען. אין אנפאנג האט מען איהם בעטראכט אלס א קוריאָ־זיטעט, ווייל פיעלע אין יענער געגענד האבען פריהער קיינמאל ניט געזעהן קיין אידען. מאנכע פלעגען קומען פון ארומיגע פלעצער איהם צו זעהן, און ער פלעגט אויך דער עלטער דערציילען פון אן אלטע פרוי פון די "קוועיקער" סעקטע וועלכע איז אמאל צו איהם געקומען און האט צו איהם געזאגט: "ביזטו א איד? דוא ביזט איינער פון גאט'ס אויסערוועהלטעם פאלק. ווילסטו מיר ערלויבען דיר גוט צו בעטראכטען?" זיא האט איהם ארומגעקוקט פון אלע זייטען און האט אויסגערופען: "דוא ביזט גאר ניט פערשידען פון אנ־דערע מענשען".*)

דשאנאס איז געבליעבען דער איינציגער איד אין סינסינעטי אומגעפעהר צוויי יאהר, דאן זיינען אהין געקומען לואיס קאהען פון לאנדאן, בארנעט ליוואי פון ליווערפול און דשאסעף ליוואי פון עקסעטער. דיעזע פיער, צוזאמען מיט דייוויד איזראעל דשאנסאן פון ברוקוויל, אינדיאנא, האבען אין הערבסט פון יאהר 1819 געדאווענט צוזאמען ימים נוראים, און דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס אידען האבען זיך פאר דיעזען צוועק פערזאמעלט אין די וועסט פון יונייטעד סטייטס. סאלאמאן באקינגהעם, מאזעס נייטהען און סאלאמאן מענקען זיינען אהין אנגעקומען פון דייטשלאנד אין 1820. דער לעצטער האט געגרינדעט דעם ערשטען האלסייל געשעפט פון שניט־וואארע אין סינסינעטי. די זעקס ברידער מאזעס, פון וועלכע איינער פינחס (געש. 1895) האט גע־לעבט זיעבען־און־נייצניג יאהר, זיינען געקומען אין די פאלגענדע צוויי יאהר, און ארום יענער צייט זיינען אויך געקומען צו דשאסעף דשאנאס זיינע דריי ברידער, אברהם, שמואל און דשארדש; זייערע עלטערן און א פיערטער ברודער, עדווארד, זיינען געקומען א ביסעל שפעטער. זיי פלעגען האבען א מנין נור אום ראש השנה און יום כפור ביז דעם יאהר 1824, ווען די צאהל אידישע איינוואהנער פון סינסינעטי האט דערגרייכט צוואנציג. (זעה אין נײנטען באנד פון די "פאבליקיישענס" זייטע 155 פיערצעהן אידישע נעמען פון סיטי די־רעקטארי אדער אדרעס־בוך פון סינסענעטי פון יאהר 1825.) אין דעם ערשטען מאנאט פון יענעם יאהר איז ארגאניזירט געווארן די קאנגרעגיישען בני ישראל, און אויך א פערזאמלונג וואס זיא האט אפגעהאלטען א קורצע צייט נאכדעם, איז בעשלאסען געווארן צו בויען א שול.

---

*) זעה פיליפסאן'ס אויפזאץ איבער די אידישע פיאניערען אין אהייא־טהאל, אין אכטען באנד פון די "פאבליקיישענס" זייטע 43 און ווייטער; אויך ביי מארקענס זייטען 100—104 און אין די אידישע ענציקלאפעדיע אין דעם ארטיקעל סינסינעטי.

דיא יונגע געמיינדע האט אבער נאך ניט געהאט גענוג אייגענע מיטעל פאר אזא אונטערנעהמונג, און זיא האט דעריבער ארויסגעשיקט אן אויפרוף צו עלטערע געמיינדען אין יונייטעד סטייטס און אויך אין ענגלאנד, אין וועלכע זיא האט געבעטען הילפע פאר איהר פלאן. א קאפיע פון דיעזען אויפרוף איז פערבליעבען (זעה אין צעהנטען באנד פון דיא "פאבליקיישענס" זייטען 99—98) און זיא האט געלויטעט וויא פאלגט:

## צו דיא עלטעסטע פון דיא אידישע געמיינדע אין טשארלסטאן.

דשענטלמען: — מיר זיינען בעאויפטראגט אלס א קאמיטע פון דיא אידישע געמיינדע פון דיעזען פלאץ זיך צו ווענדען צו אייך אין נאמען פון אונזער הייליגע רעליגיאן, אזוי וויא מיר זיינען אפגעזונדערט און צושפרייט דורך דיא ווילדערניס פון אמעריקא און זיינען דאך קינדער פון דיא זעלבע משפחה און דיא זעלבע אמונה, בעטראכטען מיר עס אלס אונזער פליכט זיך צו ווענדען צו אייך נאך הילפע מיר זאלען קענען אויפבויען א הויז וואו צו טהאן תפלה צו דעם גאט פון אונזערע עלטערן, וויא דיא אידישע אמונה פאדערט; מיר האבען אימער געטהאן אלעס וואס מיר האבען געקענט אנצוהאלטען אידישקייט, און פאר דיא לעצטע פיער אדער פינף יאהר האבען מיר געדאווענט בצבור אין א געגענד וואו מען האט מיט עטליכע יאהר פריהער געהערט נור דיא קולות פון ווילדע חיות און פון ווילדע מענשען. מיר וויסען גוט אז פיעלע אידען געהען דא אין לאנד פערלארען ווייל עס איז אין זייער נאכבארשאפט ניטא קיין שול, זיי הייראטהען קריסטליכע פרויען און זייערע קינדער ווערען פון אונז אויף אייביג דערוויטערט. מיר האבען איצטער א צימער וואס דיענט אונז פאר א שול, מיר האבען צוויי ספרי תורה, און אויך א בית הקברות וואו מיר האבען מקבר געווען פיער אידען וועלכע וואלטען זאנסט בעערדיגט געווארן צווישען קריסטען. אייגער פון אונזערע מיטגליעדער איז א שוחט. איהר קענט דערפון זעהן אז מיר האבען אויפגעטהאן אלעס וואס עס איז מעגליך פאר א געמיינדע וועלכע האט אכצעהן מיטגליעדער וועלכע צאהלען און זעקס וועלכע צאהלען ניט. צוויי פון דיא פערשטארבענע זיינען געווען ארעמע פרעמדע, איינעם פון זיי האט מען געבראכט פאר בעערדיגונג פון לואיוויל, באלד צוויי הונדערט מייל וויית.

מיר זיינען צו אייך, דשענטלמען, מייסטענס פרעמדע און האבען קיין אנדער בערעכטיגונג זיך צו אייך צו ווענדען אויסער אונזער רעליגיאן און אפשטאמונג, וועלכע מיר האפען אז איהר וועט אונז העלפען. דאך זיינען איניגע פון אונזערע מיטגליעדער גוט בעקאנט אין פילאדעלפיא און אין ניו יארק — נעמליך מר. שמואל דשאסעף וועלכער האט פריהער געוואהנט אין פילאדעלפיא; מר. מאזעס דשאנאס און מר. דשאסעף דשאנאס וועלכע האבען געהייראטהעט טעכטער פון דעם פערשטארבענעם ראבינער גרשון מענדעס סייסאס פון ניו יארק. מיר פערלאזען זיך דעריבער אויף אייך אז איהר וועט העלפען אין דיעזע פרומע אונטערנעהמונג, מיר קענען אליין ניט שאפען אלעס וואס א נייע שול דארף קאסטען און מיר ווענדען זיך צו אייך אזוי גוט וויא צו אנדערע וויכטיגע קאנגרעגיישענס אין אמעריקא און אין ענגלאנד, און צווייפלען ניט אז אונזער וואונש וועט ערפילט ווערען.

עס איז אויך ווערטה צו בעמערקען אז עס איז ניטא קיין אידישע שול פינף

הונדערט מייל אַרום דיעזער שטאָדט, און מיר נעהמען אָן אַז איהר ווייסט וויא לייכט עס איז צו קומען אַהער פון ניו אָרלינס, און מען פערזיכערט אונז אַז ווען מיר וואָלטען דאָ געהאַט אַ שול וואָלטען הונדערטע פון יענער שטאָדט וועלכע זעהען גאָר ניט און וויסען גאָר ניט פון אונזער רעליגיאָן, געקומען אַהער אָפט אויף ימים טובים.

מיר פערבלייבען אייערע געהאָרזאַמע דיענער,

ש. דשאָסעף כהן,
דשאָסעף דשאָנאָס,
פּ. י. דשאָהנסאָן,
פינחס מאָזעס.

איך בעשטעטיג אַז דיעזער אויפרוף שטימט איין מיט אַ בעשלוס פון דיא אידישע קאָנגרעגיישען פון סינסינעטי.

דשאָסעף דשאָנאָס, פּרנס.

דריטער יולי 1825.

דיא געמיינדע פון טשאַרלסטאָן און פון פילאַדעלפיא האָבען ביידע געשיקט נדבות, און עס איז אויך אָנגעקומען געלד פון איינצעלנע פּערזאָנען פון ניו אָרלינס און פון באַרבאַדאָס, וועסט אינדיען. דאָך איז אַריבער אַ היבשע צייט ביז דיא נייטיגע סומע איז אָנגעזאַמעלט געוואָרען. דיא קאָנגרעגיישען איז אינ־קאָרפּאָרירט געוואָרען פון דיא דשענעראַל אַסעמבלי פון אָהייאָ אין 1830, און דער חנוכת הבית פון דיא נייע שול איז געפייערט געוואָרען אין 1836. דער ערשטער חזן איז געווען דשאָסעף סעמיועלס; זיין נאָכפאָלגער איז געווען העברי הערריס און נאָך איהם איז געקומען אין 1838 הארט דשודאה (הירש יהודה). אין דעם זעלבען יאָהר איז אָרגאַניזירט געוואָרען דער ערשטער וואָהלטהעטיגער פעראיין. דיא ערשטע רעליגיעזע שול איז געגרינדעט געוואָרען אין 1842, אָבער זיא האָט עקזיסטירט נור אַ קורצע צייט. אַ תלמוד תורה איז געגרינדעט געוואָרען אין 1845, און זיא האָט אין דעם פאָלגענדען יאָהר געמאַכט פּלאַץ פאַר אַ היברו אינסטיטוט וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען פון ראַבינער דשיימס ק. גוטהיים (געב. אין פרייסען 1817; געש. אין ניו אָרלינס 1886). דיעזע אַנשטאַלט האָט אויך געבליהט נור אַ קורצע צייט, און איז געשלאָסען געוואָרען אין 1848, ווען ראַבי גוטהיים איז אַוועק נאָך ניו אָרלינס.

אַ היבשע צאָהל דייטשע אידען זיינען אָנגעקומען אין סינסינעטי צווישען 1830 און 1840. זיי זיינען ניט געווען אין סימפּאַטהיע מיט דיא עקזיסטירענדע געמיינדע וועלכע איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון דיא ענגלישע אידען, און זיי האָבען בעשלאָסען צו גרינדען אַן אייגענע קהלה. דיא קאָנגרעגיישען בני ישרון איז פון דיעזע דייטשען אָרגאַניזירט געוואָרען אין סעפּטעמבער 1841, און איז גלייך אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אין 1842. איהר ערשטער חזן איז

געוועזן סיימאָן באַמבערגער, און וועז גוטהיים, וועלכער איז געוועזן זיין נאָכפאָלגער, איז אוועק פון דאָרטען זיינען נאָך איהם אָנגעקומען פריהער ה. א. הענרי און דערנאָך א. ראָזענפעלד. אייזאַק מ. וויז איז געוואָרן ראַבינער ביי דיא בני ישרון אין אַפּריל 1854, און מאַקס ליליענטהאַל (געב. אין מינכען 1815; געש. אין סינסינעטי 1882) איז געוואָרען ראַבינער ביי דיא קאָנגרעגיישען בני ישראל אין יוני 1855. דיעזע צוויי פעהיגע לייטע האָבען געהאָלפען דערצו אז סינסינעטי האָט אָנגעהויבען צו פערנעהמען א פּראָמינענטען פּלאַץ צווישען אידישע געמיינדען, זיא איז געוואָרן אַ מיטעלפּונקט פון אַמעריקאַנישען יודענטהום און דיא היים פון איניגע בעוועגונגען וועלכע האָבען זיך פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. אָבער זייערע טהעטיגקייט אין אַלגעמיינע אידישע אַנגעלעגענהייטען געהערט ניט צו דיא געשיכטע פון דיא אידען פון סינסינעטי, און זיי וועלען בעשריעבען ווערען אין א קינפטיגען קאַפּיטעל. דריי אַנדערע קאָנגרעגיישענס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין יענער שטאָדט איידער דיא פּעריאָדע פון דייטש-פּוילישע איינוואַנדערונג האָט זיך געענדיגט: דיא עדת ישראל אין 1847, דיא אהבת אחים אין 1848, און דיא שארית ישראל אין 1855.

דער ערשטער איד אויף וועלכען מען ווייס אז ער האָט זיך בעזעצט אין קליוולענד, אָהייאָ, איז געוועזן סיימאָן טהאָרמאַן פון בייערן, וועלכער איז אהין געקומען אין 1837. אהרן לעווענטרייט איז אהין געקומען באַלד נאָכדעם, און איניגע לאַנדסלייט זיינען שנעל אונטערגעקומען. דיא יונגע שטאָדט וועלכע האָט דאַן געהאַט אונגעפעהר זעקס טויזענד איינוואָהנער האָט אין אַ קורצע צייט געהאַט צוואַנציג אידען, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט דיא איזראַעליטישע סאָסייעטי אין 1839. אין 1842 איז פּאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און דיא וועלכע האָבען זיך אָפּגעטהיילט האָבען געגרינדעט דיא אנשי חסד סאָסייעטי; אָבער פיער יאָהר שפּעטער האָבען זיך ביידע צוריק פעראייניגט אונטער דעם נאָמען קאָנגרעגיישען אנשי חסד, דיא עלטעסטע אידישע געמיינדע אין קליוולענד. אין אָנפאַנג האָט מען געדאַווענט אין אַ האַל אויף סאַוטה וואָטער סטריט ביי וויניארד לעין; טהאָרמאַן איז געוועזן דער פּרעזידענט און אייזאַק האָפמאַן דער ראַבינער אָדער חזן. אַ בית הקברות איז געקויפט געוואָרן אין 1840. דיא געמיינדע איז שנעל געוואַקסען, אָבער נייע שטרייטיגקייטען זיינען באַלד פּאָרגעקומען, און אַ געוויסע צאָהל מיטגליעדער האָבען זיך אָפּגעטהיילט אין 1850 און געגרינדעט דיא קאָנגרעגיישען תפארת ישראל וועלכע האָט גלייך פון אָנפאַנג רעפּרעזענטירט דעם רעפאָרם-עלעמענט. איזידאָר קאַליש (געב. אין קראָטאָשין, פּרייסיש-פּוילען אין 1816; געש. אין נוארק 1886) איז געוועזן איהר ערשטער ראַבינער ביז 1855, און נאָך איהם זיינען געקומען וואָלף פאַסבינדער, דשייקאָב קאָהען, ג. מ. קאָהען, דשייקאָב מייער, אהרן האהן און דער איצטיגער אינהאַבער פון דיא שטעלע, מאָזעס דש. גריעז (געב. אין נוארק 1868) וועלכער

איז געוואָרן ראַבינער אין 1892. דיא ראַבינער פון דיא עלטערע קאָנגרעגיישען זיינען געוועזען: פולד, 1850; ע. הערצמאַן, 1860—61; ג. מ. קאָהען, 1861—66; נאַטהאַן 1866—67; גוסטאַוו מ. קאָהען, 1867—75; מאָריץ טינטנער (געב. אין אויסטערליץ, עסטרייך, 1828; געש. אין ניו יאָרק 1911) 1875—76; און מ. מאַכאָל פון 1876 ביז זיין טויט אין 1912.

דיא ערשטע אידישע קאָנגרעגיישען אין סט. לואיס, מיזורי, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער זעלבער צייט וויא אין קליוולענד, חאָטש איינצעלנע אידען האָבען דאָרטען שוין געוואָהנט מעהר וויא דרייסיג יאָהר פריהער. דיא פאַמיליע בלאָך אָדער בלאַק פון שוויהאַו, בעהמען, האָט זיך דאָרטען בעזעצט ארום 1816, דער פּיאָניער איז געוועזען וואָלף בלאָך. אליעזר בלאַק איז דאָרטען געוועזען אַן אַדוואָקאַט אין 1821. דיא מייסטע פון דיא וואָס זיינען אָנגעקומען צום ערשטען האָבען זיך פערהייראַטהעט מיט קריסטען און זיינען פערלאָרען געוואָרען פון יודענטהום. דער ערשטער מנין איז געהאַלטען געוואָרן ערשט אום ראש השנה 1836, ווען צעהן אידען האָבען געדונגען פאַר דעם צוועק אַ קליינעם צימער איבער אַ גראָסערי סטאָר אויף דעם קאָרנער פון דיא צווייטע און ספּרוס סטריטס. דיא אחדות-ישראל אָדער "יונייטעד היברו קאָנגרעגיישען" איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1839, אברהם וויינעל (געש. 1888) איז געוועזען דער ערשטער פּרעזידענט און שמואל דייווידסאָן דער ערשטער חזן. מען האָט געדאַווענט מעהרערע יאָהרען אין אַ פּריוואַט-הויז אין פרענטשטאָון. דיא ערשטע געביידע וואָס איז בענוצט געוואָרן אַלס אַ שול איז געוועזען אויף פינפטע סטריט צווישען גרין און וואַשינגטאָן עוועניוס. וויא מאַרקענס (זייטע 108) בעהויפּטעט איז בערנאַרד אילאָווי (געב. אין קאָלין, בעהמען, 1814; געש. ביי סינסינעטי 1871) איינער פון דיא פּראָמינענטע קאָנסערוואַטיווע רבנים פון אַמעריקאַ, אַ תלמיד פון דעם בעריהמטען גאון ר' משה סופר אָדער "חתם סופר" (1763—1839) פון פּרעסבורג אונגאַרן, ערוועהלט געוואָרן ראַבינער פון דיא קהלה פון סט. לואיס אין 1854. דער חנוכת הבית פון איהר טעמפּעל אויף זעקסטע סטריט, צווישען לאָקאַסט און טשאַרלז סטריטס, האָט שטאַטגעפונדען אין 1859. הענרי דש. מעסינג (1848—1913) איז דאָרטען געוועזען ראַבינער אונגעפעהר דרייסיג יאָהר. דיא קאָנגרעגיישען בני אל, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1852 איז ארייננעצויגען אין איהר אייגענע שול אין 1855. ראַבי מאָריץ שפּיץ (געב. אין שאַבאַ, אונגאַרן 1848) איז איהר פאָרשטעהער זייט 1878. דיא דריטע פון דיא עלטסטע קאָנגרעגיישענס, שערי אמת, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1866, מיט ה. ש. זאָנענשיין (געב. אין אונגאַרן 1839; געש. אין רעמאָין, אייאָווא 1908) אַלס איהר ערשטער ראַבינער.

דיא ערשטע אידישע אָרגאַניזאַציאָן פון לואיוויל, קענטאָקי, ווערט דערמאָנט אין יאָהר 1832, און עס איז בעוואוסט אַז צוויי בריעדער מיט דעם נאָמען

העימאַן אָדער היימאַן האָבען זיך דאָרטען בעזעצט נאָך אין 1814. אייניגע פּוילישע אידען פון טשאַרלסטאָן, סאוטה קאַראָליינאַ, און אייניגע דייטשע אידען פון באַלטימאָר זיינען אַהין אָנגעקומען ארום 1836, און אַנדערע אידען דירעקט פון דייטשלאַנד זיינען געקומען אַביסעל שפּעטער. זיי האָבען באַלד גע־קויפט אַ בית הקברות, אויפגעבויט אַ מקוה און געדונגען אַ שוחט. אייניגע רייכע אידען זיינען דאָרטען אָנגעקומען פון ריטשמאָנד, ווירדשיניע, אָבער זיי האָבען זיך געהאַלטען ווייט פון דיא איבריגע און זיינען פערמישט געוואָרען מיט דיא אַלגעמיינע בעפעלקערונג. דער ערשטער רעגעלמעסיגער ראַבינער איז געווען דש. דינקעלשפּיעל (1841) און דיא ערשטע קאָנגרעגיישען, וועלכע האָט געקריגען דעם נאָמען עדת ישראל, איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרען אין 1842. ב. ה. גאָטהעלף איז ערוועהלט געוואָרען אַלס חזן און שוחט אין 1848 און איז שפּעטער געוואָרען לעהרער אין אַ שולע פאַר אידישע קינדער וואָס איז געעפענט געוואָרען אין 1854. אין 1850 איז אויפגעבויט געוואָרען אַ שול אויף פיערטע סטריט, צווישען גרין און וואָלנאַט סטריטס, וועלכע איז אָפּגעברענט געוואָרען אין 1866. עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ פּרעדיגער, ל. קלעעבערג, וועלכער איז פערבליעבען ביז 1878. אַן אַנדער קאָנגרעגיישען איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרען געזעצליך אין 1851, אָבער זיא איז ניט אין גאַנצען אָרגאַניזירט געוואָרען ביז אין 1856, ווען זיא האָט געענדערט איהר נאָמען פון "בית ישראל אנשי פּוילען" אויף בית ישראל.

ווייטער אין דיא סאַוטה זיינען אין יענער צייט אָרגאַניזירט געוואָרען קאָנגרעגיישענס אין מאָביל, אַלאַבאַמאַ, און אין צוויי אַנדערע שטעדט אין יע־נעם סטייט. דער פּראָמינענטעסטער איד צווישען דיא ערשטע וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין מאָביל איז געווען איזראַעל י. דשאָנס, וועלכער איז אָנגעקומען פון טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָליינאַ, און האָט אָרגאַניזירט דיא קאָנגרעגיישען שערי שמים, דיא עלטעסטע אין סטייט, אין 1844. ב. ל. טים, פון האַמבורג, אין וועמען'ס הויז מען האָט געהאַלטען דעם ערשטען מנין; י. גאָלדסמיטה, ש. לייאָנס, ד. מאַרקשטיין, סאַלאָמאָן דשאָנס און א. גאָלדשטיקער, אַלע פון דייטשלאַנד, זיינען געווען דיא ערשטע מיטגליעדער. דיא ערשטע שול איז איינגעווייהט געוואָרען אין דעצעמבער 1846, מיט דשאָנס אַלס פּרעזידענט און דע סילוואַ אַלס ראַבינער. דער לעצטער איז געשטאָרבען אין ניו אָרלינס אין 1848 און זיין נאָכפאָלגער איז געווען ברוך מ. עמנואל, וועלכער האָט געהאַלטען דיא שטעלע פינף יאָהר. דיא שטאָדט מאָנטגאָמערי, אויף וועלכע מען זאָגט אַז זיא איז געגרינדעט געוואָרען פון אברהם מרדכי, אַן אינטעליגענטער איד, וועלכער האָט געוואָהנט פופציג יאָהר צווישען דיא קריק־אינדיאַנער און האָט געגלויבט אַז זיי שטאַמען פון דיא אידישע נאַציאָן (זעה אין 13טען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטען 81—71 און 88—83) האָט געהאַט אַלס איהר

ערשטען אידישען פעראיין אַ חברה בקור חולים, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1846. דיא ערשטע צוועלף מיטגליעדער זיינען געוועזן פון דייטשלאַנד און פוילען. דיעזע חברה פלעגט האָבען אַ מנין נור ראש השנה און יום כפור ביז זיא איז אין יאָהר 1849 פערוואַנדעלט געוואָרן אין אַ רעגעלמעסיגע קאָנגרעגיישען מיט דעם נאָמען קהל מאָנטגאָמערי אָדער טעמפעל בית אור. זיי האָבען ניט געהאַט קיין ראַבינער ביז אונגעפעהר פופצעהן יאָהר שפּעטער. עס ווערט אויך דערמאָנט אַ קאָנגרעגיישען וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין קלייבאָרן, אַלאַבאַמאַ, אין 1855, און האָט אויך געהאַט אַ ראַבינער. אָבער דיא מייסטע אידען האָבען פערלאָזען יענע שטאָדט און דיא געמיינדע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען.

אין דער צייט וואָס דיא עלטערע אידישע געמיינדע פון סאַוואַננאַה, דשאָרדשיע, וועלכע האָט נאָך געשטאַמט פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט, איז געוואָרן גרעסער דורך דיא נייע איינוואַנדערונג, איז אַ נייע געמיינדע, אין אויגאָסטאַ, אויפגעוואַקסען אין דיא ערשטע העלפט פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. אַ געוויסער מר. פלאָרענס און זיין פרוי זיינען אָנגעקומען פון האָלאַנד אין 1825. אייזאַק הענדריקס איז געקומען מיט זיין פאַמיליע פון טשאַרלסטאָן אין 1826, און מען גלויבט אַז אייזאַק און דשייקאָב מאָיזע, אויך פון טשאַרלסטאָן, זיינען אָנגעקומען אין אויגאָסטאַ אין דער זעלבער צייט. אידען פון דייטשלאַנד האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען אין 1844. אייזאַק ליוואַי וועלכער איז דאָרטען געקומען אין 1840 איז פיעלע יאָהרען געוועזן דער שעריף פון שטאָדט, און סעמיועל ליוואַי איז צוויי יאָהר געוועזן ריכטער פון סופּיריאָר קאָורט (העכערעס געריכט) און צעהן יאָהר ריכטער פון אַ געוועהנליכעם געריכט (מאַרקענס, זייטע 113). עס איז אויך דאָ אורזאַכע צו גלויבען אַז דער זעקסטער גאָווערנאָר פון דשאָרדשיע, דייוויד עמנואל (געש. 1808) וועלכער האָט איבערגענומען דעם אַמט דעם דריטען מערץ 1801, און נאָך ווען דיא גרעסטע קאַונטי פון סטייט, עמנואל טראָגט איהר נאָמען, איז געוועזן אַ איד, אָדער מינדעסטענס פון אידישער אָפּשטאַמונג.*) דיא צאָהל אידען אין אויגאָסטאַ האָט געהאַלטען אין וואַקסען ביז אַרום 1846, ווען דיא קאָנגרעגיישען בני ישראל, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז איצט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

דיא פּראָמינענטע פיגור פון דעם בעל צדקה יהודה טוראָ (געב. אין ניופּאָרט 1775; געש. אין ניו אָרלינס 1854) פערנעהמט אַ וויכטיגען אָרט אין דיא פריהע אידישע געשיכטע פון ניו אָרלינס. טוראָ איז ערצויגען געוואָרן ביי

*) זעה לעאָן היהנער׳ס אויפזאַץ וועגען "דעם ערשטען אידען וועלכער האָט געהאַלטען דעם אַמט פון גאָווערנאָר פון איינעם פון דיא יונייטעד סטייטס" אין 17טען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטען 95—187.

זיין אָנקעל, מאָזעס מייקעל העיס (1739—1805) וועלכער איז געוואָרן א גרויסער קויפמאַן אין באָסטאָן, און איז שפּעטער געווען אַן אָנגעשטעלטער אין זיין געשעפט. טורא איז געקומען אין ניו אָרלינס א יאָהר איידער יונייטעד סטייטס האָט אָפּגעקויפט לואיזיענע ביי פראַנקרייך אין 1803. ער האָט געעפענט א געשעפט און האָט אויפגעבויט א בליהענדען מסחר מיט דיא פּראָדוקטען פון ניו ענגלאַנד, און איז שנעל געוואָרן איינער פון דיא פּראָמינענטעסטע און רייכסטע סוחרים פון דיא וואַקסענדע שטאָדט. ער האָט געגעבען מיט א פרייע האַנד אויף פערשיעדענע צדקות און עפענטליכע אונטערנעהמונגען אין ניו אָרלינס און אַנדערסוואו, אין צייטען ווען גרויסע נדבות פאַר אַזעלכע צוועקען זיינען ניט געווען אַזאַ געוועהנליכע זאַך וויא איצטער. ער האָט געגעבען צעהן טויזענד דאָלאַר צו ענדיגען דעם באַנקער־היל מאָנומענט אין 1840, אין דער צייט ווען דיא וואָס האָבען געזוכט צו זאַמלען געלד פאַר דיעזען צוועק האָבען געהאַלטען ביים אויפגעבען דעם פּלאַן אין פערצווייפלונג. דער גרונדשטיין איז געלייגט געוואָרן אין 1826, ווען עס איז געוואָרן פופציג יאָהר נאָך דיא שלאַכט וואָס דער מאָנומענט האָט פערעוויגט, און דער אַמעריקאַנער איימאָס לאָורענס האָט אָנגעבאָטען צעהן טויזענד דאָלאַר צושטייער מען זאָל איהם ענדיגען אָבער אפילו אַזעלכע בעריהמטע רעדנער וויא עדוואַרד עווערעט (1794—1865) און דעניעל וועבסטער (1782—1852) האָבען געמאַכט אומזיסטע אָנשטרייננגונגען צו קריעגען מעהר געלד, ביז יהודה טורא האָט אָנגעבאָטען אין פּריוואַט צו געבען א גלייכע סומע וויא לאָורענס אויב מען וועט קענען שאַפען דיא איבריגע דרייסיג טויזענד דאָלאַר וואָס איז געווען נייטיג. ווען דער מאָנומענט איז איינגעווייהט געוואָרן אין 1843 און וועבסטער — וואהרשיינליך דער גרעסטער רעדנער וואָס אַמעריקאַ האָט פּראָדוצירט — איז געווען דער פעסט־רעדנער, האָבען אַלע געזונגען דיא שבחים פון דיא צווי לייטע וואָס האָבען געגעבען דיא גרעסטע נדבות. א קורצע ליעדעל אין וועלכע מען האָט געלויבט דעם פּאַטריאַרך יהודה און דעם נביא עמוס (איימאָס) "דעם קריסט און דעם אידען וועלכע האָבען מיט זייערע נדבות געמאַכט מעגליך אַז דער מאָנומענט זאָל אויפגעשטעלט ווערען", איז געוואָרן זעהר פּאָפּולער אין יענער צייט. ווען טורא איז געשטאָרבען האָט ער אויסער אַנדערע נדבות געלאָזען א גרויסע סומע געלד וועלכע ער האָט אָנגעטרויט סער מאָזעס מאָנטעפיאָר (1784—1885) פאַר דיא אָרעמע אידען פון ירושלים. טורא'ס נאָמען איז פערבונדען מיט דיא עלטעסטע אידישע אַנשטאַלטען אין ניו אָרלינס, און ער האָט אויך פיעלעס געגעבען פאַר דיא קהלות פון באָסטאָן, ניופּאָרט און אַנדערע שטעדט.

אַלעקסאַנדער אייזאַקס און אשר פיליפּס געהערען אויך צו דיא אידען וואָס זיינען אָנגעקומען אין ניו אָרלינס אין אָנפאַנג פון לעצטען יאָהרהונדערט.

מאָרים דשייקאָבס, אהרן דעניעלס, אברהם פלאַץ, אשר פיליפּס און אברהם גרין זיינען געווען די ערשטע בעאַמטע פון א וואָהלטהעטיגען פעראיין וועל־כער האָט געהייסען שערי חסד. זיי האָבען אַלס אַזעלכע געקויפט דעם ערשטען אידישען בית הקברות אין ניו אָרלינס, וועלכער האָט זיך געפונען ביי די פאָרשטאָדט לאַפאַיעט, אין דשעפערסאָן פּאַריש, אויף פּראָנט סטריט, וואו די ערשטע בעערדיגונג, פון חיים הערריס, האָט שטאַטגעפונדען דעם 28טען יוני 1828. די ערשטע קאָנגרעגיישען האָט אָנגענומען דעם נאָמען פון יענעם פעראיין, און האָט געדאַווענט אין א צימער אויף דעם אויבערשטען עטאַזש פון א געביידע אויף סט. לואיס סטריט. די עלטעסטע שול וועלכע עקזיסטירט דאָרטען, די שערי חסד נפוצות יהודה, וועלכע איז אין אַלגעמיין בעקאַנט אַלס די טוראָ שול, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין איהר איצטיגע פאָרם אין 1854. די אַנדערע קאָנגרעגיישענס געהערען צו א שפּעטערע פעריאָדע.

אַן אַנדער פּראָמינענטער איד, דער גרעסטער איד אין אַמעריקאַנישען עפענטליכען לעבען — יהודה פּ. בענדשעמין — האָט אויך געלעבט אין ניו אָרלינס אין יענער צייט. אָבער ער האָט זיך ניט אינטערעסירט אין אידישע אנגעלעגענהייטען, און זיין קאַריערע געהערט צו דעם טהייל אין וועלכען די בעטהייליגונג פון אידען אין די שטרייטיגקייטען וועגען שקלאַפעריי און אין בירגער־קריעג וועט בעשריעבען ווערען.

# קאַפּיטעל 19

## נייע קהלות אין מיטעל־וועסט און ביים ברעג פון פּאַסיפיק.

דער צו־וואַקס פון אַלגעמיינע איינוואַנדערונג — אָפּשאַצונג פון דעם צו־וואַקס אין דיא צאָהל פון אידען — דיא נאַטירליכע פערשפּרייטונג פון קליין־הענדלער איבער׳ן לאַנד — שיקאַגאָ — דיא ערשטע קאָנגרעגיישען און דיא ערשטע אי־דישע אַנשטאַלטען — אינדיאַנאַ — איאָוואַ: פּוילישע אידען בעזעצען זיך אין קיאָקוק און דייטשע אידען אין דייווענפּאָרט — מינעסאָטאַ — וויסקאָנסין — קאָנגרעגיישען בית אל פון דיטראָיט, מישיגען — דער ערשטער מנין פון דיא גאָלד־זוכער אין סאַן פראַנציסקאָ — "מיינינג קאָנגרעגיישענס" — סאַלאָמאָן היידענפעלדט — פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן.

דיא איינוואַנדערונג וועלכע איז געשטיעגען אין צווייטען פיערטעל פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט פיעל העכער וויא פריהער, איז דאַן בעשטאַנען מייסטענס פון דייטשען, און אַ היבשער טהייל פון זיי זיינען געווען אידען פון דייטשלאַנד און פון דיא אַרומיגע לענדער. דיא אָפיציעלע ציפער פון דיא צאָהל אימיגראַנטען וועלכע זיינען געקומען אין יונייטעד סטייטס אין יענער פעריאָדע זיינען געווען, פאַר דעם יאָהר 1826—10,837 ; אין 1832 זיינען גע־קומען 60,482 און אין 1842 איז דיא צאָהל אַרויף אויף 104,565. אין דיא יאָהרען צווישען דיעזע דריי איז דער צו־וואַקס געווען ניט גלייך, מאַנכעס יאָהר זיינען געקומען אַ העלפט וויא אין אַנדערע. אָבער ווען מען נעהמט אָן אַ דורכ־שניט פון יעדע צעהן יאָהר איז דער צו־וואַקס געווען אַ שטענדיגער, און נאָך 1845 זיינען נור געווען צוויי יאָהר — 1861 און 1862 — אין וועלכע עס זיי־נען אָנגעקומען צו ווענינער וויא הונדערט טויזענד. עס זיינען ניטאָ קיין גע־נויע ציפער וועגען דיא אידען וואָס זיינען אין יענע יאָהרען אָנגעקומען, אָבער עס איז געווים אַז אין אַ גאַנץ קורצע צייט זיינען דאָ געווען עטליכע מאָל אַזוי פיעל אידען וויא אין דיא קליינע געמיינדען וועלכע האָבען עקזיסטירט פאַר יענער פעריאָדע. אידישע פערטרעטער פון פערשיעדענע צייטען האָבען אָפּגעשאַצט אַז עס זיינען געווען אין לאַנד 3,000 אידען אין 1818, 6,000 אין 1826, 15,000 אין 1840 און 50,000 אין 1848. דיעזע אָפּשאַצער האָבען אין אמת נור געפּרובירט טרעפען, אָבער דאָס גיט אַ בעגריף וואָס מען האָט גע־

דיינקט וועגען דעם צו־וואקס פון אידען אין יענע דרייסיג יאהר. די איצטיגע ערפאהרונג לערנט אונז אז אומעדום וואו מען האט געקריגען גענויע ציפער, געפינען זיך מעהר אידען וויא פארשטעהער פון דער געמיינדע האבען אפגע־שאצט; און עס איז זעהר וואהרשיינליך אז מען וואלט אין פריהעריגע צייטען אויך געקומען צו דעם זעלבען רעזולטאט. פון דער אנדערער זייט דארף מען זיך היטען פאר איבערטריעבענע אפשאצונגען וואס ווערען געמאכט צוליעב פערשיעדענע אורזאכען, מייסטענס פאר פאליטישען עפעקט.

א גרויסער טהייל פון די אידישע אימיגראנטען האבען זיך דאן גענומען צום פעדלען אדער אנדערע פארמען פון קליין־האנדעל, און עס איז פאר זיי גע־וועזען נאטירליך אז זיי זאלען זיך פערשפרייטען איבער'ן גאנצען לאנד, חאטש פיעלע האבען זיך בעזעצט אין די גרויסע שטעדט וואו די צאהל אידען איז געוואקסען שנעל. די פראגע פון ענגשאפט אדער צו־געדיכטע בעפעלקערונג איז ניט ענטשטאנען, און האט ניט געקענט ענטשטעהן, צווישען געשעפטסלייט, עס מאכט ניט אויס וויא קליין זייערע געשעפטען זיינען געווען אין אנפאנג. זיא איז ערשט פארגעקומען אין די שפעטערע פעריאדע פון איינוואנדערונג וועלכע האט געבראכט אהער א גרויסע צאהל פראסטע ארבייטער און בעלי מלאכה פאר וועמען עס איז עקאנאמיש נויטווענדיג און אויך בעקוועם צו וואהנען נאהענט צו די מיטעל־פונקטען פון זייער בעשעפטיגונג. עס איז דע־ריבער ניט נייטיג געווען דאן קיין קינסטליכע הילפע אדער ערמוטהיגונג צו פערשפרייטען אידישע אימיגראנטען איבער'ן גאנצען לאנד, און דאס ערקלערט אויך פאר וואס אידען זיינען געווארן פיאניערען אדער ערשטע איינוואהנער אין אזוי פיעל נייע געמיינדען. דאס זעלבע פאסירט איצטער אויך מיט דעם קליינעם טהייל פון די אידישע איינוואנדערער וועלכע נעהמען זיך צום האנ־דעל אלס זייער ערשטע בעשעפטיגונג.

אזוי געפינען מיר צום ביישפיעל אין שיקאגא, וועלכע איז שפעטער גע־ווארן די גרעסטע שטאדט אין די מיטעל־וועסט, אז א איד מיט דעם נאמען דש. גאטליעב איז דארטען אנגעקומען אין דעם ערשטען יאהר ווען זיא איז אינ־קארפארירט געווארן אלס א שטאדט, אין 1837. אייזאק זיעגלער (93—1808), א פעדלער, איז דארטען געקומען אין 1840, און אין דעם זעלבען יאהר זיינען געקומען די בריעדער בענעדיקט (געש. 1854) און נייטהען שובערט, און פ. ניובורג, שניידערס. דער לעצטער איז געווארן א טאבאק־הענדלער און האט זיך דערנאך בעזעצט אין סינסינעטי. בענעדיקט שובערט האט געבויט די ערשטע געמויערטע הויז אין שיקאגא, אויף לייק סטריט, און האט דארטען גע־פיהרט זיין געשעפט מעהרערע יאהרען. אונגעפעהר צוואנציג אידען פון דייטש־לאנד, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען דשייקאב ראזענבערג (געש. 1900) און די בריעדער דשוליוס, אברהם (געב. אין בייערן 1891; געש. אין

שיקאַגאָ 1871) און מאָזעס קאָהן, זיינען געקומען אין שיקאַגאָ צווישען 1840 און 1844, און אַן ענגליכע צאָהל איז געקומען אין די פאָלגענדע דריי יאָהר. א חברה קדישא איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1845, מיט אייזאק וואָרמסער אַלס פּרעזידענט, און זיא האָט געקויפט פון דער שטאָדט אַן אַקער לאַנד אויף דער נאָרד זייט, (וועלכעס איז איצטער א טהייל פון לינקאָלן פּארק) פאר א בית הקברות. דאַמאַלס איז עס געווען אויסען שטאָדט, אָבער אין 1857, ווען דער בית עולם איז שוין געווען א טהייל פון דער שטאָדט, איז ער אויפגעגעבען גע־וואָרן.

אין דעם זעלבען יאָהר ווען מען האָט געקויפט דעם בית עולם איז אויך געהאַלטען געוואָרן דער ערשטער מנין אין א פּריוואַט צימער איבער א געשעפט אויף וועלס סטריט, אום יום כפור. פיליפּס ניובורג און מייער קליין האָבען גע־דאַווענט פאר'ן עמוד. זיי האָבען געהאַט פונקט א מנין, און יעדעס מאָל ווען איינער איז ארויס, האָט מען זיך געמוזט אָפּשטעלען מיט'ן דאַווענען און וואַרטען ביז ער וועט צוריק אריינקומען. איבער א יאָהר יום כפור איז אויך מעהר ניט געווען וויא א גענויער מנין, דיעזעס מאָל האָט מען געדאַווענט אין א צימער איבער דעם שניט־וואַארען געשעפט פון ראָזענפעלד און ראָזענבערג, 153 לייק סטריט. די מתפללים זיינען געווען פיליפּ ניובורג און אברהם קאָהן. ביי ביידע געלעגענהייטען האָט מען געברויכט א ספר תורה וועלכע די בריעדער קאָהן האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט פון דייטשלאַנד.

די קהלה אנשי מערב איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט אונגעפעהר צוואַנציג מיטגליעדער אין 1847. ל. מ. לעאָפּאָלד (געב. אין ווירטעמבערג 1821; געש. אין ניו יאָרק 1889) איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט, און רעוו. איגנאַץ קונרייטהער (1811—84) איז ערוועהלט געוואָרן אַלס ראַבינער, שוחט און בעל תפלה. ער האָט געהאַלטען די שטעלע זעקס יאָהר ווען ער האָט זיך צוריק געצויגען און איז שפּעטער געוואָרן א הענדלער מיט ריעל עסטייט אָדער גרונד־אייגענטהום. די ערשטע שול איז געבויט געוואָרן אויף קלאַרק סטריט, צווישען עדעמס און קווינסי סטריט (וואו דער נייער פּאָסט אָפיס שטעהט איצטער) און דער חנוכת הבית איז געווען דעם 13טען יוני 1851. רעוו. ליעבמאַן אַדלער (געב. אין זאַקסען־ווייםאר 1812; געק. 1854; געש. אין שיקאַגאָ 1892) דער פאָטער פון דעם ארכיטעקט דאַנקמאַר אַדלער (1844—1900) איז געווען דער צווייטער ראַבינער פון די געמיינדע און האָט געהאַלטען די שטעלע איבער צוואַנציג יאָהר. די אידישע וואָהלטהעטיגע געזעלשאַפט וועלכע עקזיסטירט נאָך ביז איצטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1851. די צווייטע קאָנגרעגיי־שען מיט דעם נאָמען בני שלום איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון פּרייסיש־פּוילישע אידען אין 1852. דער אידישער רעפאָרם־פעראיין וועלכער האָט הערנאָך גע־פיהרט צו די אָרגאַניזירונג פון סיני קאָנגרעגיישען, איז אָרגאַניזירט געוואָרן

אין 1858, מיט לעאפאלד מייער אלס פרעזידענט און דר. בערנהארד פעלזענטהאל (געב. אין דייטשלאנד 1822; געש. אין שיקאגא 12טען יאנואר 1908) אלס סעקרעטערי. דער אידישער אונטערשטיצונגס־פעראיין וועלכער האט שפּעטער געבויט דעם ערשטען אידישען האספּיטאל אין שיקאגא, איז געגרינדעט געווארן אין 1859, מיט הענרי גרינעבוים (געב. 1833) אלס דעם ערשטען פּרעזידענט. אייזאק גרינספעלדער איז געווען דער טרעזשורער, און עדווארד ס. סאלאמאן, וועלכער האט זיך דערנאך אויסגעצייכענט אין בירגער־קריעג און איז געווען גאווערנאר פון וואשינגטאן טעריטארי אין די יאהרען 1871—74, איז געווען דער סעקרעטערי פון פעראיין. סאלאמאן איז ערוועהלט געווארן קלוירק פון קוק קאונטי אין 1861.*)

די עלטעסטע אידישע קאנגרעגיישען אין אילינאיז, אויסערהאלב שיקאגא, איז די אנשי אמת פון פּיאריא, וועלכע איז ארגאניזירט געווארן אין 1861.

אין דעם נאכבאר־סטייט אינדיאנא, וועלכער איז ארייגענומען געווארן אין די יוניאן פון סטייטס אין 1816, האבען אידען זיך אנגעהויבען צו בעזעצען אונגעפעהר אין דער זעלבער צייט וויא אין אילינאיז, און עס זיינען דארטען דא פיער קאנגרעגיישענס וועלכע שטאמען פון דער פעריאדע פאר דעם בירגער־קריעג. די עלטעסטע אידישע געמיינדע פון סטייט איז די אחדות ושלום פון פארט וועין, וועלכע איז ארגאניזירט געווארן אין 1848. די קאנגרעגיישען אהבת אחים פון לאפאיעט איז מיט איין יאהר אינגער; און די קאנגרעגיישען פון עוואנסוויל שטאמט פון דעם זעלבען יאהר. די ערשטע אידען וועלכע האבען זיך בעזעצט אין די הויפּט־שטאדט אינדיאנאפּאליס, וועלכער האט איצטער די גרעסטע קהלה אין סטייט, זיינען געווען מאזעס וואולף, און אלעקסאנדער און דניאל פראנקא, וועלכע זיינען אהין געקומען פון ענגלאנד אין 1849. א פאמיליע אונגארישע אידען מיט דעם נאמען נעפעלער (קנעפּלער) איז געקומען א קורצע צייט שפּעטער. אדאלף ראזענטהאל און דר. דש. מ. ראזענטהאל זיינען געקומען אין 1854 און הערמאן באמבערגער, וועלכער איז שפּעטער געווארן א פּראמינענטער קויפמאן, איז געקומען אין 1855. די ערשטע קאנגרעגיישען איז ארגאניזירט געווארן אין 1855, אבער עס איז אריבער מעהר וויא צעהן יאהר איידער זיא האט געהאט איהר אייגענע געביידע.

אידישע אימיגראנטען זיינען אויך אריינגעקומען וועסט פון אילינאיז, אין יענעם טהייל פון די לואיזיענע טעריטארי וועלכע איז אין 1838 ארגאניזירט געווארן אלס אייאווא טעריטארי. דער פּיאניער פון יענער געגענד איז געווען אלעקסאנדער לעווי (געב. אין פראנקרייך 1809) וועלכער איז געקומען

---

*) זעה ה. עליאשאוו'ס אויפזאץ איבער די אידען פון שיקאגא אין עלפטען באנד פון די "פּאבליקיישענס" וועלכער איז אויך ערשיענען בעזונדער.

אין אַמעריקא אין 1833 און האָט געעפענט אַ געשעפט אין דוביוק אין 1836. ער איז געווען דער ערשטער אויסלענדער וועלכער איז נאַטוראַליזירט געוואָרן אין אייאָווא, און איז געוואָרן אַ פריעדענס־ריכטער אין 1846. א מר. סעמיועל דשייקאָבס איז געווען סאַרוועיאָר פון דשעפערסאָן קאונטי אין 1840, און נייטהען לואיס און סאַלאָמאָן פיין ווערען דערמאָנט אַלס פעדלערס אין פאָרט מעדיסאָן אין 1841. זיי האָבען זיך בעזעצט אין קיאָקוק און שפּעטער אין מעקרעגאָר, און עס זיינען אין יענע צייטען געווען איןביידע פּלעצער אַ היבשע צאָהל אידען. עס ווערט בעהויפּטעט (זעה גלאַזער, "דיא אידען פון אייאָווא", דעמאָין, 1905) אַז אונגעפעהר הונדערט אידישע פּעדלערס זיינען אָנגעקומען אין אייאָווא אין דיא ערשטע צעהן יאָהר נאָכדעם וויא דיא טעריטאָרי איז אריינגענומען געוואָרן אַלס אַ סטייט (1846). בוירלינגטאָן און קיאָקוק זיינען געווען דיא מיטעל־פּונקטען פאַר דיא פּעדלערס, וועלכע זיינען געווען מייסטענס פון פּוילען און רוסלאַנד; דיא מייסטע דייטשע אידען האָבען פאָרגעצויגען דייווענפּאָרט וועל־כע איז דאַן געווען כמעט אַ דייטשע שטאָדט. נאָך דעם אויבען־דערמאָנטען אוי־טאָריטעט איז דער ערשטער מנין אין אייאָווא געהאַלטען געוואָרן פּסח אין קיאָקוק, אין 1855, און עס איז דאָרטען אין יענעם יאָהר אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פעראיין פון וועלכען עס איז שפּעטער געוואָרן דיא קאָנגרעגיישען בני ישראל. אַ קאָנגרעגיישען מיט דעם זעלבען נאָמען איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דייַ־ווענפּאָרט אין 1861, און זיא עקזיסטירט נאָך ביז היינט. צווישען דיא וואָס האָבען זיך בעטהייליגט אין עפענטליכען לעבען האָט זיך געפונען וויליאַם קרויזע, (געב. אַרום 1823) וועלכער איז געקומען אין אייאָווא אין 1843 און האָט גע־האָלפען דיא בעוועגונג איבערצוטראָגען דעם זיץ פון דיא סטייט־הויפּט־שטאָדט פון אייאָווא סיטי נאָך פאָרט דעמאָין, וואו ער האָט געוואָהנט. ער איז געווען דער גרינדער און איינער פון דיא דירעקטאָרען פון דיא ערשטע פּאָבליק סקול פון יענער שטאָדט. זיין ברודער ראָבערט איז געווען איינער פון דיא ערשטע וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין דייווענפּאָרט.

ווייטער צום צפון זייט זיינען נור איניגע אידישע הענדלער אוועק ביז מי־נעסאָטא פאַר דעם בירגער־קריעג, און דיא דריי בריעדער סעמיועלס, פון ענג־לאַנד, וועלכע האָבען געהאַט אַ פּלאַץ צו פיהרען מסחר מיט אינדיאַנער אין טיילאָר פאָלס, אויף דעם מינעסאָטא זייט פון סען־קראָא טייך, זיינען וואהרשיינ־ליך געווען דיא ערשטע אידען אין יענעם סטייט. מאָריס סעמיועלס, וועלכער איז דערנאָך געווען אַ קאַפּיטאַן אין דיא יוניאָן־אַרמעע, איז געווען איינער פון זיי. אייזאַק מאַרקס, וועלכער האָט אין יענער צייט געוואָהנט אין מאַנקאַטאָ, האָט דאָרטען אויך געהאַט אַ געשעפט פאַר אינדיאַנער. איניגע אידען וועלכע זיינען אַרום 1857 געקומען אין סט. פּאָל האָבען דאָרטען אויך געהאַט געשעפטען

פון דעם זעלבען סאָרט. אָבער עס איז אין דעם גאַנצען סטייט ניט געווען קיין אידישע אָרגאַניזאַציאָן ביז אונגעפעהר פופצעהן יאָהר שפּעטער.

עס ווערט דערמאָנט אַז אַ איד מיט דעם נאָמען דשייקאָב פראַנקס האָט געוואָהנט אין גרין בעי, וויסקאָנסין, נאָך אין יאָהר 1792. (זעה "פּאָבליקיי־שענס", ניינטען באַנד, זייטע 151 און ווייטער.) אָבער מען ווייס דאָרטען כמעט גאָר ניט פון אַנדערע אידען איידער וויסקאָנסין איז געוואָרן אַ סטייט אין 1848. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָבען לייבעל רינדסקאָפּף, לעאָפּאָלד ניובויער, עמנואל סילווערמאַן און אַנדערע אָרגאַניזירט די קאָנגרעגיישען בני ישרון אין מילוואָקי. אַלעקסאַנדער לאַסקער און מארקוס הײמאַן זיינען געווען די ערשטע צוויי חזנים, איינער נאָך דעם אַנדערן. די ערשטע רבנים פון די קאָנגרעגיישען זיינען געווען אין די פאָלגענדע אָרדנונג: איזידאָר קאַליש, מ. פאַלק, עליאַס עפּשטיין, און עמנואל גערעכטער.

נאָך ווייטער צום צפון, אין מישיגען, וועלכער איז געוואָרן אַ סטייט עלף יאָהר פריהער ווי וויסקאָנסין, זיינען די ערשטע אידען אָנגעקומען אונגע־פעהר אין די זעלבע צייט. אַן ערך פון אַ דוצענד פאַמיליען בייערישע אידען האָבען זיך בעזעצט אין דיטראָיט אין 1848. לויט אַ בעשרייבונג פון דר. לעאָ מ. פרענקלין (געב. אין קעמברידש סיטי, אינדיענע, 1870; ראַבינער פון טעמ־פּעל בית אל, דיטראָיט, זייט 1899) האָבען אייזאַק קאַזענס און זיין פרוי סאָפיע, וועלכע זיינען געקומען פון ניו יאָרק נאָך דיטראָיט ארום 1850, געגרינדעט דעם בית אל פעראיין אין יענעם יאָהר. אין אפּריל 1851 האָט מען זיך גענר־מען צו אינקאָרפּאָרירען די קאָנגרעגיישען פון "די אונטערצייכענטע איזראַ־עליטען פון די שטאָדט דיטראָיט, פאַר דעם צוועק צו גרינדען אַ פעראיין זיך צו פערזאָרגען מיט אַ פּלאַץ פאַר גאָטעס־דיענסט, מיט רעליגיאָנס־לעהרער און מיט אַ בעגרעבנים־פּלאַץ, און צו געבען דיזען פעראיין דעם נאָמען קאָנגרע־גיישען בית אל". די אונטערצייכענטע זיינען געווען סאַלאָמאָן בענדיט, (געש. אין סט. קלעיר, מיש., 1902), דשייקאָב סילבערמאַן, דשאָסעף פריעדמאַן, מאַקס קאָהען, אדאם הירש, אַלעקס. היין, דשייקאָב לאַנג, אהרן דשאָעל פריעדלענדער, לואיס ברעסלער און ס. ע. ברעסלער; אַ ריכטיגער מנין. אַזוי ווי די מייסטע קאָנגרעגיישענס פון יענער צייט איז בית אל אויך געווען אָרטהאָדאָקסיש, אָבער עס האָט ניט לאַנג גערויערט ביז דער רעפאָרם־גייסט האָט אָנגעהויבען צו פער־אורזאַכען שפּאַלטונגען אין דער געמיינדע. אין 1861 האָבען זיך אַ גרויסע צאָהל מיטגליעדער צוריק געצויגען דערפאַר וואָס מען האָט אריינגעשטעלט אַן אָרגאַן און איינגעפיהרט אַ געמישטען כאָר פון מענער און פרויען אין די בית אל שול. זיי האָבען געגרינדעט די קאָנגרעגיישען שערי צדק, פון וועלכע רעוו. א. מ. הערשמאַן איז איצטער דער ראַבינער. דער ערשטער ראַבינער פון בית אל איז געווען רעוו. סעמיועל מאַרקס, און צווישען זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך

געפונען בעדייטענדע ראַבינער וויא ליעבמאַן אַדלער, איזידאָר קאַליש, קויפמאַן קאָהלער, הענרי צירנדאָרף און לואיז גראָסמאַן.

א גרויסע צאָהל אידען זיינען אַריבער דעם קאָנטינענט אָדער זיינען אַוועק מיט שיפען פון פערשיעדענע וועלט־טהיילען נאָך קאַליפאָרניע, צוזאַמען מיט דעם גרויסען שטראָם וואַנדערער וואָס האָט זיך גענומען אַהין ציהען ווען גאָלד איז דאָרטען ענטדעקט געוואָרן אין 1849. אין יום כפור פון יענעם יאָהר איז געווען אַ מנין אין סאַן פראַנציסקאָ אין אַ לייוועגטענעם געצעלט וואָס האָט געהערט צו לואיס פרענקלין. ה. דשאָסעף און דשאָעל נאָאַה, אַ ברודער פון מרדכי מאַנועל נאָאַה, זיינען געווען צווישען דיא אידען וועלכע האָבען דאָרטען גטדאווענט ביי יענער געלעגענהייט. מען האָט זיך דאָרטען גענומען צו אָרגאַניזירען דיא אידישע געמיינדע צווישען דשולאי און אָקטאָבער פון דעם פאָלגענדען יאָהר, ווען צוויי קאָנגרעגיישענס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין דער זעלבער צייט. דיא שארית ישראל, וועלכע איז בעשטאַנען פון פוילישע און ענגלישע אידען, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אויגוסט 1850, אונטער דיא פיהרערשאַפט פון איזראַעל סאָלאָמאָנס. דיא דייטשען און אַמעריקאַנער האָבען זיך פעראייניגט אין דיא קאָנגרעגיישען עמנואל, אונטער פרעזידענט עמנואל מ. בערג, וועלכער איז אונטערגעשריעבען אונטער אַ קאָנטראַקט פון ערשטען סעפּטעמבער 1850 צו דינגען אַ צימער אויף בוש סטריט, אונטער מאָנטגאָמערי סטריט, פאַר אַ פּלאַץ צום דאַווגען. אונגעפעהר אַ דוצענד "מיינינג קאָנגרעגיישענס" אָדער געמיינדען אין געגענדען וואו מען האָט געגראָבען גאָלד, זיינען אַרויסגעשפּראָצט אין פערשיעדענע טהיילען פון קאַליפאָרניע אין דיא פאָלגענדע צעהן יאָהר. סאַקראַמענטאָ… סאַנאָראַ האָט געהאַט אַ אידישען וואָהלטהעטיגען פעראיין אין 1851, דיא קאָנגרעגיישען רעים אהובים פון סטאַקטאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1853. אין לאָס אַנדשעלעס האָט קאַרוואַלהאָ, אַ שפּאַנישער איד וועלכער האָט מיטגעמאַכט גענעראַל פרימאָנט'ס עקספּעדיציאָן, געגרינדעט אַ אידישען וואָהלטהעטיגען פעראיין און מען האָט דאָרטען צום ערשטען מאָל געדאַווענט בצבור אין 1852. אַ אידישער פעראיין וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין נעוואַדאַ סיטי אין 1855, האָט מיט צוויי יאָהר שפּעטער געהאַט צוואַנציג מיטגליעדער. אין דשעקסאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָנגרעגיישען פאַר דיא ימים נוראים אין 1856, און זיא האָט אויפגעבויט דיא ערשטע שול אין יענער אומגעגענד. דיא געביידע שטעהט נאָך, אָבער זיא ווערט געברויכט פאַר אַנדערע צוועקען, ווייל דיא אידען זיינען שוין לאַנג אַוועק פון יענער שטאָדט. פּידלטאָון, גראַס וואַלעי, שאַסטאַ, פאָלסאָם, מעריסוויל און דשיסו מאַריאַ האָבען געהאַט אויף אַ ווײַלע אידישע געמיינדען וועלכע האָבען נור געלעבט אַזוי לאַנג וויא דער "גאָלד־פיעבער" האָט אָנגעהאַלטען. (זעה דיא "אידישע ענציקלאָפּעדיע" אַרטיקעל קאַליפאָרניע.) סאַקראַמענטאָ איז דער איינ־

ציגער פלאץ אין קאליפארניע אויסערהאלב סאן פראנציסקא וועלכע האט אי־דישע אנשטאלטען, א שול און צוויי פעראיינען, וועלכע שטאמען פון יענער פעריאדע.

א גרויסער טהייל פון דיא אידען פון דיא גאלד־מיין־געמיינדען וועלכע זיי־נען ניט אוועק צוריק נאך דיא איסט, זיינען מיט דער צייט אנגעקומען אין סאן פראנציסקא, וועלכע האט גלייך פון אנפאנג געהאט דיא גרעסטע און דיא וויכטיגסטע אידישע געמיינדע ביים ברעג פון פאסיפיק (שטילען ים). דער בעריהמטעסטער צווישען דיא אידען וועלכע האבען פערנומען א הויכע שטעלונג אין דעם נייעם סטייט, וואס איז אריינגעקומען אין יוניאן אין 1850, איז גע־ווען סאלאמאן היידענפעלד (געבארען אין טשארלסטאן, סאוטה קאראליינא, 1816; געש. אין סאן פראנציסקא, 1890). ווען ער איז אלט געווען 21 יאהר האט ער זיך בעזעצט אין אלאבאמא, וואו ער איז געווארן אן אדוואקאט און האט פראקטיצירט אין טאלאפוזא קאונטי. ער איז געצוואונגען געווארן צו פערלאזען יענעם פלאץ צוליעב זיינע אנזיכטען איבער שקלאפעריי, און איז געקומען נאך סאן פראנציסקא אין 1850. צוויי יאהר שפעטער איז ער ערוועהלט געווארן אלס ריכטער פון סופרים קאורט (העכסטען געריכט) פון סטייט קא־ליפארניע, און האט געהאלטען דעם אמט מיט אויסצייכנונג פון 1852 ביז 1857. זיין ברודער עלקאן און אייזאק קארדאזא זיינען געווען מיטגליעדער פון דיא לעדשיסלייטשור פון קאליפארניע אין 1852, און אן אנדער איד מיט דעם נאמען העברי א. לייאנס, איז אויך געווען א מיטגליעד פון סופרים קאורט אין יענער צייט. א. ק. לאבאט, איינער פון דיא פיאניערס, איז געווען אן אלדערמאן פון סאן פראנציסקא אין 1851, און אין דער זעלבער צייט איז סעמיועל מארקס געווען דער יונייטעד סטייטס אפרייזער פון פארט, און דשאסעף שענאן איז געווען קאונטי טרעזשורער. פיעלע אידען וואס האבען אנגעהויבען זייערע קאריערען אין סאן פראנציסקא זיינען שפעטער געווארן פראמינענטע קויפלייטע און פינאנסיערען, וויא דיא פיער בריעדער זעליגמאן, דיא דריי בריעדער לאזאר, דיא גלאזיערס און דיא ווארמסערס, וועלכע האבען זיך שפעטער אלע בעזעצט אין ניו יארק. מייקעל ריעז, איינער פון דיא גרעסטע הענדלער מיט גרונד־אייגענטהום; מאריץ פריעדלענדער, וועלכער איז שפעטער געווארן איינער פון דיא גרעסטע תבואה־הענדלער אין לאנד; און אדאלף זוטרא, דער אינדשיניר, זיינען אויך געווען צווישען דיא וועלכע האבען דארטען אנגעפאנגען קליין אין יענער צייט. צו דעם זעלבען קלאס געהערען אויך לואיס סלאס און לואיס גערסטל, וועלכע האבען שפעטער געגרינדעט דיא אלאסקא האנדעלס־געזעלשאפט.

דאס וואס קען בעטראכטעט ווערען אלס דער איבערפלוס פון דיא אידישע איינוואנדערונג נאך קאליפארניע איז אנגעקומען אין ארעגאן ארום צעהן יאהר איידער זיא איז געווארן א סטייט אין 1859. דיא מייסטע אידען וועלכע האבען

זיך דאָרטען בעזעצט האָבען געשטאַמט פון זיד־דייטשלאַנד, און זיינען אָנגעקור־
מען אין אָרעגאָן פון ניו יאָרק און אַנדערע סטייטס פון דיא איסט איבער פּאַנאַמאַ
און קאַליפאָרניע, און האָבען זיך בעזעצט הויפּט־זעכליך אין פּאָרטלענד. איהר
ערשטע קאָנגרעגיישען, בית ישראל, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1858; דיא
גרינדער זיינען געוועזען לעאָפּאָלד מייער, מ. מאַנספּיעלד, ב. סיימאָן, אברהם
פראַנק, דשייקאָב מייער, ה. פּ. בלאָך, סעמיועל ליוואי און אַנדערע. ה. באַריעס
איז געוועזען דער ערשטער חזן און דר. דשוליוס עקמאַן דער ערשטער ראַבינער
און פּרעדיגער. זיין נאָכפאָלגער איז געוועזען דר. אייזאַק שוואַב, וועלכער איז שפּע־
טער אַוועק נאָך סט. דשאָסעף, מיזורי. אַ חברה קדישא אָדער בעגרעבנים־פעראיין
איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַביסעל פריהער, און דער ערשטער וואָהלטהעטיגער
פעראיין אונגעפעהר אַ יאָהר נאָך דיא שול. דיא אידישע געמיינדע אין פּאָרט־
לענד איז געבליעבען כמעט דיא איינציגע אין סטייט ביז איצטער, און חאָטש
זיא איז ניט גרויס אין צאָהל, איז זיא פון אָנפאַנג אָן געוועזען איינע פון דיא
איינפלוסרייכסטע און וויכטיגסטע אידישע געמיינדען אין לאַנד. אַ פערהעלט־
ניס־מעסיג גרעסערע צאָהל אידען זיינען ערהויבען געוואָרן אין פּאָרטלענד צו
הויכע שטעלען אין דיענסט פון שטאָדט, פון סטייט און פון לאַנד, וויא אין
יעדע אַנדערע אידישע געמיינדע אין יונייטעד סטייטס. אָבער זיי געהערען
מייסטענס צו אַ שפּעטערע פעריאָדע וועלכע וועט בעהאַנדעלט ווערען אין וויי־
טערע טהיילען פון דיעזעס ווערק.

# קאַפּיטעל 20

## אידען אין דיא פריהע געשיכטע פון טעקסאַס. דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ.

דער ערשטער פּיאָניער אין 1821 — אַדאָלפוס שטערן וועלכער האָט זיך געשלאָגען אין דיא טעקסאַס־מעקסיקאָ מלחמה, און איז שפּעטער געווען אַ מיטגליעד פון טעקסאַס קאָנגרעס — דייוויד ס. קויפמאַן — מיליטערישער אָבער־אַרצט ליוואַי אין סעם הויסטאָן׳ס אַרמעע — אַ איד אַלס דער ערשטער פליויש "פּעקער" אין אַמעריקאַ — מאַיאָר לעאָן דייער און זיין ברודער איזאַדאָר — מעיאָר (ביר־גערמייסטער) זעעליגסאָהן פון גאַלוועסטאָן (1853) — איין איד ליגט אויס דעם פּלאַן פון דיא שטאָדט וויקאָ; קאַסטראָ קאַונטי ווערט גערופען נאָך אַ צווייטען — פערשפּעטיגטע טהעטיגקייט אין רעליגיעזע און געמיינדע־אַנגעלע־גענהייטען — דיא מלחמה צווישען יונייטעד סטייטס מיט מעקסיקאָ אין וועלכע זעהר ווייניג אידען האָבען געדיענט — דייוויד קאַמדען דע לעאָן און זיין ברודער עדווין, דער אַמעריקאַנישער גענעראַל קאָנסול אין עגיפּטען.

דיא געשיכטע פון דיא אידען אין טעקסאַס פאַנגט זיך אָן אין דער צייט ווען דער גרעסטער פון אַלע סטייטס איז נאָך געווען אַ טהייל פון מעקסיקאָ. דער ערשטער דאָרטיגער איד פון וועמען מען ווייס איז געווען סעמיועל אייזאַקס, וועלכער איז אָנגעקומען אין 1821 פון דיא יונייטעד סטייטס מיט אויסטינ׳ס ערשטע קאָלאָניע פון דריי הונדערט. ער האָט געקריעגען אַ שטיק לאַנד פון דיא שפּאַנישע רעגירונג אַלס אַ קאָלאָניסט, און האָט מיט יאָהרען שפּעטער וויעדער געקריעגען 320 אַקער לאַנד אין פּאָלק קאָונטי אַלס בעלוינונג פאַר זיין דיענסט אין דיא אַרמעע פון טעקסאַס אין דיא יאָהרען 37—1836. ווען אברהם קאָהען לאַבאַט, (געב. אין טשאַרלסטאָן 1802 ; געש. אין טעקסאַס נאָך 1894) וועלכער איז דערמאָנט געוואָרן אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָט בעזוכט וועלאַסקאָ, טעק־סאַס, אין 1831, האָט ער דאָרטען געפונען צוויי אידען, דשייקאָב הענרי פון ענג־לאַנד, און דשייקאָב לייאָנס פון טשאַרלסטאָן, וועלכע האָבען דאָרטען געהאַט געשעפטען פון אַ היבשע צייט פריהער. ווען דער ערשטער פון דיא צוויי איז געשטאָרבען אָהן קינדער, האָט ער איבערגעלאָזען זיין פערמעגען צו בויען אַ האָספּיטאַל אין יענער האַפענשטאָדט.

אדאָלפוס שטערן (געב. אין קעלן, דייטשלאַנד, 1801; געש. אין ניו אָר־לינס 1852) איז דאָ געווען איינער פון די ערשטע וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין נאַקאָגדאָקיס, אין מזרח פון טעקסאַס, וואו ער איז אָנגעקומען פון ניו אָר־לינס אין 1824. ער האָט געקענט אייניגע אייראָפּייאישע שפּראַכען און האָט זיך שנעל אויסגעלערנט עטליכע אינדיאַנישע דיאַלעקטען, וועלכעס האָט איהם געמאַכט זעהר ניצליך פאַר די רעוואָלוציאָנערען געגען די מעקסיקאַנישע הער־שאַפט צו וועמען ער איז צוגעשטאַנען. ער איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פאַר זיין בעטהייליגונג אין די פרעדאָנישע מלחמה געגען מעקסיקאָ, און איז גע־רעטעט געוואָרען דורך אַן אַלגעמיינע בעגנאַדיגונג. ער האָט אָבער געמוזט שווע־רען טרייהייט צו די מעקסיקאַנישע רעגירונג און ער האָט די שבועה גע־האַלטען ביז טעקסאַס איז געוואָרען אַן אונאַבהייננגיגע רעפּובליק אין 1836. נאָכדעם וויא ער איז געווען אַלקאַלדע (בירגער־מייסטער און ריכטער) אונטער די אַלטע אָרדנונג, האָט ער געדיענט אין די אויבערסטע און אויך אין די אונטערסטע הויז פון טעקסאַס'ער קאָנגרעס. דר. דשאָסעף הערץ איז געקומען מיט זיין ברודער הייטאַן אין נאַקאָגדאָקיס אין 1832; סיימאָן שלאָס, (געב. אין פראַנקפאָרט־אַם־מאַין אין 1812) איז דאָרטען אָנגעקומען אין 1836. דייוויד ס. קויפמאַן (געב. אין קאָמבערלאַנד קאָונטי, פּאַ. אין 1813; געש. אין וואַ־שינגטאָן 1851) וועלכער האָט אויסגעשטודירט אין פּרינסטאָן קאַלעדש, איז אַהין אָנגעקומען אין 1837 פון לואיזיענע. אין 1838 איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס רעפּרעזענטייטיוו אין קאָנגרעס פון טעקסאַס; ער איז צוויי מאָל וויעדער ער־וועהלט געוואָרען און איז צוויי מאָל געווען ספּיקער אָדער פּאָרזיצענדער פון הויז. אין 1843 איז ער ערוועהלט געוואָרען אין טעקסאַס סענאַט, וואו ער האָט אַלס מיטגליעד פון קאָמיטע פאַר אויסלענדישע בעציהונגען אריינגעבראַכט, אין 1844, אַ בעריכט צו גונסטען פון אָנשליסונג אָן די יונייטעד סטייטס. ווען דיעזער פּלאַן איז דורכגעפיהרט געוואָרען איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס איינער פון די קאָנגרעסמען פון זיין סטייט אין קאָנגרעס פון וואַשינגטאָן, און האָט געדיענט פון 1846 ביז זיין טויט פינף יאָהר שפּעטער. אַלבערט עמנואל (געב. 1808) איז דאָרטען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד אין 1834, און איז געווען איינער פון די ערשטע פּרייוויליגע אין די אַרמעע פון טעקסאַס, און האָט געדיענט אין די שלאַכט פון סאַן דשאַסינטאָ. ער האָט זיך שפּעטער בעזעצט אין ניו אָרלינס וואו ער איז געשטאָרבען אין 1851. סעמיועל מאַס (וועלכער האָט געהייראַטהעט אַ שוועסטער פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אָפענבאַך) און סיימאָן וויים, זיינען געווען נאָך צוויי אידען פון דייטשלאַנד וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין נאַקאָגדאָקיס אין יענער צייט. עס איז בעוואוסט אַז פיער אידען האָבען זיך געשלאָגען אין די שלאַכט פון גאָליאַד אונטער פאַננין (26טען מערץ 1836) און איינער פון זיי, עדוואַרד דש. דשאָהנסאָן (געב. אין סינסינעטי, אָהייאָ, 1816) איז ערמאָרדעט

געוואָרן צוזאַמען מיט זיין קאָמאַנדירער נאָכדעם וויא זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען צו דיא מעקסיקאַנער.

מאָזעס אַלבערט ליוואַי האָט געדיענט אַלס סוירדשאַן־דשענעראַל (גענעראַל־כירורג אָדער אָבער־אַרצט) אין סעם הויסטאָן'ס אַרמעע דורך דעם גאַנצען טעקסאַס־מעקסיקאַנישען קריעג. דר. אייזאַק לייאָנס פון טשאַרלסטאָן האָט געדיענט אַלס אָבער־אַרצט אונטער גענעראַל טאָם גרין אין דיא מלחמה פון 1836. צוויישען דיא אַנדערע אידען וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דיענסט פון דיא רעפּובליק טעקסאַס זיינען געוועזען דיא בריעדער לעאָן און איזידאָר דייער, געבאָרענע פון דייטשלאַנד, וועלכע זיינען געקומען יונג מיט זייערע עלטערן נאָך באַלטימאָר, וואו דער עלטערער ברודער האָט געגרינדעט אַ געשעפט פון "פּעקען" אָדער פּערפּערטיגען פלייש צום פערשיקען אין ווייטע פּלעצער, וועלכעס איז געוועזען דאָס ערשטע אין אַמעריקאַ. לעאָן דייער (געב. 1807 ; געש. אין לואיסוויל, קענטאָקי, 1883) וועלכער האָט זיך בעזעצט אין ניו אָרלינס, איז געוועזען גענעראַל־קוואַטיער־מייסטער אין דיא סטייט־מיליץ פון לואיזיענע אין 1836, ווען טעקסאַס האָט אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף מען זאָל איהר העלפען געווינען איהר אונאַבהייננגיגקייט. דייער האָט זיך אָבגערופען צוזאַמען מיט עטליכע הונדערט אַנדערע בירגער פון ניו אָרלינס, און קומענדיג נאָך גאַלוועסטאָן האָט איהם דער ערשטער פּרעזידענט פון טעקסאַס, בורנעט, ערנענט פאַר אַ מאַיאָר אין דער אַרמעע פון דיא יונגע רעפּובליק. דיא פּרייוויליגע פון לואיזיענע זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער דעם קאָמאַנד פון גענעראַל גרין, און זיי האָבען זיך בעטהייליגט אין מעהרערע שלאַכטען. מאַיאָר דייער האָט אויך געדיענט אין דיא שפּעציעלע גוואַרדיע וועלכע האָט אַוועקגעפיהרט גענעראַל סאַנטאַ אַננאַ, דעם געפאַנגענעם פּרעזידענט פון מעקסיקאָ, פון גאַלוועסטאָן נאָך וואַשינגטאָן, דעם פאָלגענדען יאָהר. זיין ברודער איזידאָר דייער (געב. 1813 ; געש. אין וואָקישאָ, וויסקאַנסין 1888) האָט זיך בעזעצט אין גאַלוועסטאָן אַלס אַ געשעפטסמאַן אין 1840, און איז געוואָרן איינער פון איהרע פּראָמינענטעסטע בירגער. ער איז געוועזען איינער פון דיא ערשטע גראָס־מייסטערס, פון דעם אָרדער "אָד פעללאָוס" אין טעקסאַס. דער ערשטער מנין אין גאַלוועסטאָן איז געהאַלטען געוואָרן אין זיין הויז אין 1856.

הענרי זעעליגסאָהן (געב. אין פילאַדעלפיאַ 1828 ; געש. 1886) איז אָנגעקומען אין טעקסאַס אין 1839 און איז ערוועהלט געוואָרן ערשטער לייטענאַנט פון דיא גאַלוועסטאָן קאַדעטס, אַן אָרגאַניזאַציאָן פון יונגע איינגלאַך, וועלכע האָט געלייסטעט וויכטיגע דיענסטע. זיין פאָטער איז געוועזען מייקעל זעעליגסאָהן, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרן מעיאָר פון גאַלוועסטאָן אין 1853. ליוואַי מייערס (וועלכער ווערט אויך אָנגערופען ליוואַי טשאַרלז אָדער טשאַרלז ליוואַי)

הארבי, (געב. אין דשאָרדשטאָון, סאוטה קאראָליינא 1793; געש. אין גאַל־וועסטאָן 1870), האָט געדיענט אין דיא נייווי אָדער פלאָטע פון דיא יונייטעד סטייטס אין 1812 און איז גענומען געוואָרן געפאנגען פון דיא ענגלענדער. ער האָט זיך אויך בעטהייליגט אין דעם אונאבהייגיגקייטס קריעג פון טעקסאַס. א. וואָלף איז געפאַלען ביי דיא שלאכט פון אלאַמאָ אין 1836, און זיין נאָמען גע־פינט זיך אויף דעם אלאַמאָ מאָנומענט אין אָוסטין. דשייקאָב דע קאָרדאָווא (געב. אין שפּאניש טאָון, דשאַמייקא, 1808; געש. אין טעקסאַס 1868) איז געקומען נאָך גאַלוועסטאָן פון ניו אָרלינס אין 1837, און האָט געגרינדעט איי־ניגע צייטונגען. ער איז ערוועהלט געוואָרן אַלס פערטרעטער פון הערריס קאונטי אין דיא לעדשיסלייטשור פון טעקסאַס אין 1847, און האָט אויסגעלייגט דעם פּלאַן נאָך וועלכען דיא שטאָדט וויקאָ איז געבויט געוואָרן, אין 1849. הענרי קאַסטראָ (געב. אין פראנקרייך אין 1786; געש. אין מאָנטערעי, מעקסיקאָ, 1861), וועלכער האָט געשטאמט פון א רייכע מאראנאָ־פאַמיליע, האָט אין 1842 געשלאָסען א קאָנטראקט מיט פּרעזידענט סעם הויסטאָן פון טעקסאַס צו בעזעצען א קאָלאָניע וועסט פון דעם טייך מעדינאַ. הויסטאָן האָט איהם אויך ערנענט אַלס גענעראַל קאָנסול פאר דיא רעפּובליק טעקסאַס אין פראנקרייך. צווישען דיא יאָהרען 1843 און 1846 האָט קאַסטראָ געשיקט נאָך טעקסאַס אן ערך פון פינף טויזענד עמיגראַנטען פון דיא רהיין־פּראָווינצען, וועלכע האָבען זיך בע־זעצט אין דיא שטעדטלאַך קאַסטראָוויל, קוויהי, וואַנדענבורגה און אָ'העררים. קאַסטראָ קאונטי, אין נאָרד־וועסט פון טעקסאַס, האָט געקריעגען איהר נאָמען צום אַנדענקען פון דיעזען שטיצער פון איינוואַנדערונג אין טעקסאַס, וועלכער האָט פערלאָרען גרויסע סומען אין דיא אונטערנעהמונג.

אין דיא ערשטע שטירמישע פּעריאָדע פון דיא ענטוויקלונג פון טעקסאַס איז ביי דיא אידען געווען זעהר וועניג רעליגיעזע טהעטיגקייט אָדער אינטערעסע אין אַנגעלעגענהייטען פון דער געמיינדע. דיא ערשטע קהלות ערשיינען א לאנגע צייט נאָכדעם וויא אידען האָבען שוין געוואָהנט אין מאנכע פּלעצער. דער ער־שטער אידישער בית הקברות אין טעקסאַס איז איינגעשאַפט געוואָרן אין הויס־טאָן אין 1844, און דיא ערשטע שול איז דאָרטען געבויט געוואָרן אקוראַט צעהן יאָהר נאָכדעם. דיא אידען פון גאַלוועסטאָן האָבען געקויפט א בית הקברות צום ערשטען מאָל אין 1852, דער ערשטער מנין איז דאָרטען געהאַלטען געוואָרן אום יום כפּור 1856, אָבער עס איז דאָרטען ניט אָרגאַניזירט געוואָרן קיין קאָנ־גרעגיישען ביז צוועלף יאָהר שפּעטער. אין סאַן אַנטאָניאָ זיינען אריבער באַלד צוואַנציג יאָהר פון דיא איינשאַפונג פון א בית עולם (1854) ביז דיא גרינדונג

פון דיא ערשטע קאָנגרעגיישען. אַלע אַנדערע אידישע געמיינדען אין דעם שנעלוואקסענדען סטייט, געהערען צו אַ שפּעטערע פּעריאָדע.*)

* * *

דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1846 איז געוועזן וועניגער בעליעבט וויא יעדער אַנדער קריעג אין וועלכען יונייטעד סטייטס האָט זיך בעטהייליגט, און דאָס איז וואהרשיינליך דיא אורזאַכע פאַר וואָס אַזוי וועניג אידען זיינען אריינגעטרעטען אַלס פּרייוויליגע אין דעם אַנגריף אויף אַ שוואַכען נאַכבאַר. עס זיינען איצטער געוועזן אין לאַנד מעהר וויא צעהן מאָל אַזוי פיעל אידען וויא אין דער צייט פון דיא מלחמות מיט ענגלאַנד; אָבער עס געפינען זיך נור אונגעפעהר אַ דוצענד מעהר נעמען אין דיא ליסט פון אידישע סאָלדאַטען אין דיא מעקסיקאַנישע מלחמה וויא אין דעם קריעג מיט ענגלאַנד אין 1812. (דיא ליסט איז אין מר. סיימאָן וואָלף'ס אויבען־דער־מאָנטען בוך.) ניו יאָרק האָט שוין אין דיעזער צייט געהאַט דיא גרעסטע אידישע געמיינדע, און זיא איז פערטראָטען מיט ניט וועניגער וויא פופצעהן אין דיא קליינע גרופע וועלכע האָט אין גאַנצען ענטהאַלטען וועניגער וויא זעכציג. עס זיינען צווישען זיי אויך געוועזן איינער פון פּענסילוועניע (גאַבריעל דראַפּסיע, פון ערשטען רעגימענט) און איינער פון ניו דשוירסי (סערדשאַנט אַלעקסאַנדער ב. וויינבערג) און פינף פון מערילענד. דיא איבריגע זיינען געוועזן מייסטענס פון דער סאַוטה, און דיא מעהרסטע פון זיי האָבען זיך געהאַט בעטהייליגט אין דיא פריהערע מלחמה צווישען טעקסאַס און מעקסיקאָ.

**דער פּראָמינענטעסטער אידישער סאָלדאַט אין דיא מעקסיקאַנישע מלחמה איז געוועזן דייוויד קאַמדען דע לעאָן** (געב. אין סאַוטה קאַראָליינאַ אין 1813; געש. אין סאַנטאַ פע, ניו מעקסיקאָ, אין 1872). ער האָט גראַדואירט אַלס דאָקטאָר מעדיצין פון דיא יוניווערסיטי פון פּענסילוועניע אין 1836, און איז צוויי יאָהר שפּעטער אריינגעטרעטען אין דיענסט פון דיא יונייטעד סטייטס אַרמעע אַלס געהילפס־ארצט. ער האָט געדיענט מיט אויסצייכנונג אין דיא מלחמה מיט דיא סעמינאָל־אינדיאַנער (1835—42) וועלכע איז געוועזן דיא בלוטיגסטע און דיא האַרטנעקיגסטע פון אַלע מלחמות מיט אינדיאַנער שבטים. ער האָט שפּעטער געדיענט ביים וועסטליכען גרענעץ, און דאַן דורך דעם גאַנצען מעקסיקאַנישען קריעג, וואו ער איז געוועזן אנוועזענד ביי דיא מייסטע שלאַכטען. אין דיא שלאַכט פון טשאַפּאָלטעפּעק האָט ער געקריעגען דעם צונאָמען "דער דאָק־

---

*) זעה דיא שריפטען פון רעוו. הענרי קאָהען פון גאַלוועסטאָן, טעקסאַס, איבער דיא אידען פון טעקסאַס אין צווייטען, פיערטען און פינפטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" (דער לעצטער אַרטיקעל איז וועגען הענרי קאַסטראָ) און זיין אַרטיקעל "טעקסאַס" אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע.

טאָר וואָס קען זיך שלאָגען", און ביי צוויי אַנדערע געלעגענהייטען האָט ער קאָמאַנדירט אַן אַנגריף פון קאַוואַלעריע נאָכדעם וויא דער קאָמאַנדירער איז געטויטעט אָדער פערוואונדעט געוואָרן. ער האָט צוויי מאָל געקריעגען דעם דאַנק פון קאָנגרעס פאַר זיין העלדענמוטהיגע אויפפיהרונג אויף'ן שלאַכט־פעלד. ער איז דערנאָך וויעדער אַוועקגעשיקט געוואָרן דיענען ביים גרענעץ און האָט אין 1856 עררייכט דעם ראַנק פון מאַיאָר. אַזוי וויא דיא מייסטע אָפיציערען פון דער סאַוטה אין דיא אַרמעע אין יענער צייט, האָט דע לעאָן אויך רעזיגנירט ווען דער בירגער־קריעג איז אויסגעבראָכען, און איז אריינגעטרעטען אין דיא נייע רעפּובליק פון דיא סאַוטה אָדער דיא "קאָנפעדערייסי". ער האָט פאַר איהר אָרגאַניזירט דעם מעדיצינישען דעפּאַרטמענט פון דיא אַרמעע און איז געוואָרן איהר ערשטער מיליטערישער אָבער־אַרצט. עדווין דע לעאָן (געב. אין קאָלאָמבוס, סאַוטה קאַראָליינאַ 1818 ; געש. 1891), וועלכער איז ערנענט געוואָרן פון פּרעזידענט פּיערס אַלס אַמעריקאַנישער גענעראַל קאָנסול אין עגיפּטען, און וועלכער איז שפּעטער געוועזן אַ פערטרויטער אַגענט פון דיא קאָנפעדערייט סטייטס אין אייראָפּאַ, איז געוועזן אַ ברודער פון דייוויד ק. דע לעאָן.

לעאָן דייער און הענרי זעליגסאָהן, וועלכע זיינען פריהער דערמאָנט געוואָרן, האָבען אויך געדיענט אַלס אָפיציערען אין דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ. עס זיינען צו אונז אויך אָנגעקומען דיא נעמען פון קאַפּיטאַן מייקעל שטיפט, וועלכער האָט געדיענט אין שטאַב פון גענעראַל זאַכאַרי טיילאָר, און פון לייטענאַנט־קאָלאָנעל איזראַעל מאָזעס, וועלכער האָט אויך אָנגעפאַנגען זיין קאַריערע אַלס מיליטערישער הילפס־אַרצט. צווישען דיא וואָס זיינען געפאַלען אין שלאַכט האָט זיך געפונען דער סערדשאַנט אברהם אַדלער פון דיא פריוויליגע פון ניו יאָרק.

# קאַפּיטעל 21

## דיא רעליגיעזע רעפאָרם־בעוועגונג.

דיא דייטש־אידישע אימיגראַנטען זיינען געוועזען ליבעראַל אין פּאָליטיק און ראַדיקאַל אין רעליגיעזע פראַגען — דער שטרייט מיט אָרטאָדאָקסיע איז דאָ געוועזען כמעט ניט מעהר וויא אַ צייטונגס־דעבאַטע — דער טעמפּעל האָט דאָ ניט געזוכט צו פערשלינגען דעם אַלטען בית המדרש, וויא עס איז געוועזען דער פאַל אין דייטשלאַנד — דיא ערשטע רעפאָרמערס אין טשאַרלסטאָן, סאַוטה קאַראָליינאַ — אייזאַק ליעסער, דער קאָנסערוואַטיווער פיהרער, איז געוועזען דער ערשטער וועלכער האָט געפּרובירט צופּאַסען דעם יודענטהום צו דיא אַמעריקאַנישע אומגעבונג — דר. מאַקס ליליענטהאַל — אייזאַק מ. וויז, דער ענערגישער אָרגאַניזאַטאָר פון רעפאָרם־יודענטהום אין אַמעריקאַ — דר. דייוויד איינהאָרן — דר. סעמיועל אַדלער — בערנהאַרד פעלזענטהאַל — סעמיועל הירש.

דיא אידישע אימיגראַנטען וועלכע האָבען זיך פערשפּרייט איבער פערשיע־דענע טהיילען פון לאַנד אין יענער פעריאָדע, זיינען געוועזען נור אַ טהייל פון דיא וואָס זיינען אַהער אָנגעקומען. אַ היבשע מאַסע איז דאַמאָלס, אַזוי וויא אין שפּעטערע צייטען, פערבליעבען אין דיא איסט, בעזאָנדערס אין ניו יאָרק, וואו עס זיינען געגרינדעט געוואָרן ניט וועניגער וויא צעהן נייע קאָנגרעגיישענס אין דעם צווייטען פיערטעל פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. דיא פּראָפּאָרציאָן פון אידען וואָס געהערען צו קיין שול איז דאַן וואַהרשיינליך געוועזען קלענער וויא איצטער, אָבער פון אַנדערען זייט איז דאַמאָלס נאָך ניט פאָרגעקומען דיא טענ־דענץ צו אָרגאַניזירען גאַנץ קליינע שולכלאַך. דיא עקזיסטענץ פון אַ דוצענד שולען אין ניו יאָרק אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט האָט דעריבער געוויע־זען אַז דיא שטאָדט האָט דאַן געהאַט אפשר אַ גרעסערע אידישע בעפעלקערונג וויא אַ פּלאַץ וואו עס געפינען זיך איצטער אזא צאָהל רעליגיעזע קערפּערשאַפ־טען. עס וואָלט אויך ניט געוועזען זיכער צו בעהויפּטען אַז עס האָבען שוין דאַ־מאָלס ניט עקזיסטירט נאָך עטליכע קאָנגרעגיישענס וואָס זייערע נעמען זיינען צו אונז ניט אָנגעקומען ווייל זיי זיינען געוועזען צו אונבעדייטענד, אָדער צוליעב אַנדערע אורזאַכען.

דער דייטשער עלעמענט וועלכער האָט געהערשט אין דיעזע צווייטע פּע־

ריאָדע פון אידישע איינוואַנדערונג, איז מייסטענס געווען אונטער דעם איינפלוס פון דיא ליבעראַלע אידעען וועלכע זיינען דאַן געווען פערשפּרייט אין דייטשלאַנד. אָבער דער פּאָליטישער ליבעראַלער פון יענער צייט האָט געפונען אין אַמעריקאַ אַלעס, און אין מאַנכע הינזיכטען נאָך מעהר וויא אַלעס, צו וואָס ער האָט געשטרעבט אין זיין אַלטע היימאַטה, און דערצו אויך דיא נאַציאָנאַלע איינינקייט וועלכע איז דאַן געווען אין דייטשלאַנד נור איין פראָמער וואונש אָדער אַ טרוים. אויסער דיא פראַגע פון שקלאַפעריי מיט וועלכע מען האָט זיך נאָך דאַן ניט שטאַרק בעשעפטיגט אין דיא נאָרד, האָט דער דייטשער ליבעראַלער דאָ געפונען פערווירקליכט אַלע זיינע אידעאַלען: פאָלשטענדיגע גלייכשטעלונג פון אַלע וויסע מענשען אָהן אונטערשייד פון גלויבען אָדער נאַציאָנאַליטעט; אַבסאָלוטע רעדע־פרייהייט און פרעס־פרייהייט; מעהר פערזענליכע פרייהייט און בעסערע געלעגענהייטען פאַר ארבייט, פאַר האַנדעל און פאַר אונטערנעהמונגען וויא ער האָט זיך געקענט פאָרשטעלען אין דיא פלעצער פון וואַנען ער איז געקומען. עס איז געווען נאַטירליך פאַר דיא מייסטע פון זיי צו סימפּאַטיזירען מיט דיא בעוועגונג אָפּצושאַפען שקלאַפעריי, און שפּעטער זיינען זיי געווען צווישען דיא ערשטע אריינצוטרעטען אין דיא ניי־געגרינדעטע רעפּובליקאַנישע פאַרטיי. אָבער אַפילו דער פּאָליטישער ראַדיקאַלער אָדער רעוואָלוציאָנער פון יענער זייט ים האָט געהאַט ווייניג וואָס אויסצוזעצען געגען דיא דעמאָקראַטיע וועלכע ער האָט דאָ געפונען פול ענטוויקעלט, און ער איז שנעל געוואָרן אַ פּאַטריאָטישער, און אין מאַנכע הינזיכטען זאָגאַר אַ קאָנסערוואַטיווער, אַמעריקאַנישער בירגער.

עס איז אָבער געווען גאַנץ אַנדערס אין בעצוג אויף דעם רעליגיעזען ליבעראַליזם אָדער ראַדיקאַליזם וועלכער האָט דאַן פערנומען אַ היבשען פּלאַץ אין דעם געדאַנקען פון דיא אידען אין דייטשלאַנד. דיא דאָרטיגע אומשטענדען האָבען געמאַכט רעליגיעזען רעפאָרם פאַר איינע פון דיא ברענענדע טאַגעס־פראַגען צווישען זיי; מאַנכע האָבען אין דעם געזעהן אַ זיכערעס מיטעל צו קריעגען דיא בעגעהרטע פּאָליטישע עמאַנציפּאַציאָן, אַנדערע ווידער האָבען עס בעטראַכטעט אַלס דעם איינציגען שוץ געגען דיא פירכטערליך גרויסע צאָהל בעקעהרונגען צום קריסטענטהום וועלכע זיינען דאַן פאָרגעקומען. דאָס אָרטאָדאָקסישע יודענטהום האָט דאַן אין דייטשלאַנד געהאַלטען אין זינקען, עס איז געווען שווער פאָראויסצוזעהן וויא ווייט דאָס וועט געהן אָדער וויא פיעל עס וועט פון איהר איבערבלייבען. אומעדום וואו עס איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען דיא אַלטע אָרדנונג אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען און דיא נייע, האָט דיא לעצטע צום סוף געוואונען. אין עטליכע צעהנדליג יאָהר איז דיא ווירקליכע אַלט־מאָדישע אָרטאָדאָקסיע כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען פון דייטשלאַנד, און איז געבליעבען בעשעסטיגט נור אין פּראָווינץ פּאָזען

און אין איינצעלנע פלעצער וויא מאַינץ אָדער פראַנקפאַרט־אַם־מאַין. אַנדערסוואו זיינען אפילו יענע וועלכע האָבען ניט אָנגענומען דעם עקסטרעמען רעפאָרם אויך אַריבער צו אַ קאָנסערוואַטיזם וואָס איז געווען ציעמליך וויית פון די אַלטע אָרטאָדאָקסיע. דער פעסטונג פון אַלטמאָדישע יודענטהום — די אָרעמע אידישע מאַסע — האָט אליין געהאַלטען אין פערשווינדען: די פאַרצייטיגע רבנים וועלכע האָבען נאָך געלעבט זיינען געווען אין פערצווייפלונג, און ווען זיי זיינען געשטאָרבען זיינען מאָדערנע דייטשע פרעדיגער אויסגעקליבען גע־וואָרן צו פערנעהמען זייערע פלעצער. עס האָט אויסגעזעהן אַז דער טעמפעל פערשלינגט דעם בית המדרש, און די רעליגיעזע ראַדיקאַלען זיינען געווען זיעגרייך צעהנדליגע יאָהרען פריהער איידער די פּאָליטישע ראַדיקאַלען האָבען געקריעגען אפילו אַ קליינעם טהייל פון דאָס וואָס זיי האָבען פערלאַנגט.

אין דיעזעם לאַנד איז די לאַגע געווען אין גאַנצען אַנדערש. די אידען האָבען שוין געהאַט פולע גלייכשטעלונג, און אַזוי וויית ווי עס אַנבעלאַנגט צו די אויסען־וועלט איז איבערהויפּט ניט געווען קיין אידישע פראַגע. מאַסען־טויפונגען זיינען געווען אונבעקאַנט, נור די רייכערע קלאַס איז לאַנגזאַם אוועק פון יודענטהום, אַן ערשיינונג וואָס איז ניט זעלטען אין צייטען און אין פלעצער וואו עס איז ניטאָ קיין געזעצליכע בעשריינקונג און קיין שטאַרקער פאַראור־טהייל וואָס זאָל אָפּהאַלטען אַ גראַדענווייזע אַסימילאַציאָן. אָבער אַנשטאָט די וואָס זיינען ביסלאַך־ווייז אַריינגעצויגען געוואָרן אין די ניט־אידישע אומ־געבונג זיינען געקומען שטענדיג מעהר און מעהר אָרעמע אָרטאָדאָקסישע אידען, צווישען וועלכע די פּוילישע און רוסישע עלעמענטען זיינען געוואָרן וואָס וייטער שטאַרקער. אַ פאָראורטהייל וועלכער איז געווען כמעט נאַציאָנאַל האָט געהאַלטען די אימיגראַנטען פון די סלאַווישע לענדער אַ ביסעל אָפּגעזונדערט פון די דייטשען, וועלכע האָבען געמאַכט שנעלען פאָרטשריט אין רייכטהום, אין געזעל־שאַפטליכע און פּאָליטישע שטעלונג אַזוי גוט וויא אין רעליגיעזען ראַדיקאַליזם. דער אַלטער אַמעריקאַנישער עלעמענט וואָס איז געבליעבען טריי צום טראַדי־ציאָנעלען יודענטהום, דער בעדייטענדער טהייל פון די דייטשען וואָס האָבען ניט געוואָלט אָננעהמען רעפאָרם, און די מאַסען סלאַווישע אימיגראַנטען, האָ־בען געגעבען דעם אָרטאָדאָקסישען יודענטהום אין אַמעריקאַ אַ שטאַרקייט פון וועלכען מען האָט ניט געוואוסט אין דייטשלאַנד זייט דעם ענדע פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. דער שטענדיגער צופלוס פון אידען פון די סלאַווישע לענדער האָט לייכט אָנגעפילט די פלעצער פון די אידען וואָס זייער פערבעסערטע מאַ־טעריעלע און געזעלשאַפטליכע לאַגע האָט זיי פעראורזאַכט אַרויסצוטרעטען פון אָרטאָדאָקסישען לאַגער; גראַדע וויא די וואָס זיינען געוואָרן רייך און זיינען אַריינגעטרעטען צו די רעפאָרמער האָבען פערנומען די ליידיגע פלעצער פון די וואָס זיינען שוין אוועק נאָך וייטער וויא רעפאָרם, אין יענע פאָלשטענדיגע

אַסימילאַציאָן אין וועלכע עס מוזען פערפיהרט ווערען דיא רעפאָרמער וועלכע בעטאָנען צו שטאַרק דעם פראָגרעסיווען זייט פון רעפאָרם און פערנאַכלעסיגען דעם אייביגען אָדער היסטאָרישען זייט.

דיעזע בעדינגונגען האָבען רעדוצירט דעם קאַמפּף צווישען אָרטאָדאָקסיע און רעפאָרם אין אַמעריקאַ צו אַ סאָרט לעבהאַפטע דעבאַטע אין דיא אידישע צייטונגען, און זיין היסטאָרישע בעדייטונג ליעגט נור אין דעם וואָס ער קען דיענען אַלס אַ בעווייז פון מאַטעריעלען פאָרטשריט. עס איז ניט געוועזען קיין קלאַסען־קאַמפּף צווישען דיא רייכע אידען און זייערע אָרעמערע בריעדער וואָס זיינען געקומען שפּעטער אין גרעסערע מאַסען, און עס איז אויך ניט געוועזען קיין ערנסטער קאַמפּף צווישען דיא רעליגיעזע אַנזיכטען פון ביידען. ווען איינער איז רייך געוואָרן איז ער געוועהנליך געוואָרן אַ מיטגליעד פון אַ רעפאָרם־געמיינדע, וואו דיא צאָהלונגען זיינען געווען צו שווער פאַר אַן אָרעמאַן אפילו אויב ער וואָלט דאָרטען געווען ווילקאָמען. עס האָבען ניט געפעהלט מאַנכע יונגע ענטהוזיאַסטען וועלכע זיינען אַריבערגעקומען דורכדרונגען מיט דעם גייסט פון דיא וואָס האָבען געפיהרט דיא רעפאָרם־מלחמות אין דייטשלאַנד, און זיי האָבען אפשר אין אָנהויב געדיינקט דאָ פאָרטצוזעצען דעם קאַמפּף אויף דעם שטייגער פון דיא אַלטע וועלט ביז דער "פיינד" וועט פערניכטעט ווערען. אָבער עס פלעגט זיי ניט נעהמען לאַנג איינצוזעהען זייער טעות. דיא אויפגאַבע פון רעפאָרם־יודענטהום אין אַמעריקאַ איז ניט געווען צו בעזיעגען דיא אָרטאָדאָקסישע שול אָדער צו געווינען אַנהיינגער צווישען דיא וואָס ווילען בלייבען געטריי דעם טראַדיציאָנעלען יודענטהום; נור אריינצוקריעגען אונטער זיין פאָהן יענע רייכע אַמעריקאַנישע אָדער אַמעריקאַניזירטע אידען וועלכע האַלטען ביי דעם פונקט פון זיך אין גאַנצען דערווייטער'ן פון יודענטהום. אַ גרויסע מעהרהייט פון דיא אידען פון יונייטעד סטייטס האָט פאַר דיא לעצטע זעכציג יאָהר געדיינקט און דיינקט נאָך איצטער אַז דיא רעפאָרמערס זיינען סאַי־וויא פערלאָרען פאַר'ן יודענטהום. אָבער דיא אָרטאָדאָקסיע האָט וויא אימער געוויעזען מעהר פעהיגקייט אַריבערצוטראָגען דאָס וואָס איז ניט אַנגענעהם וויא אָנצוגרייפען געגנער, און זיא האָט זיך פערהאַלטען רוהיג אויסער ביי געלעגענהייטען ווען מען האָט פערדאַמט עפענטליכע ערקלערונגען פון רעפאָרמער וואָס האָבען פערלעצט דעם אָרטאָדאָקסישען גייסט. דיעזעס ערקלערט פאַר וואָס עס זיינען אין רעפאָרם־לאַגער ערשיענען אַ היבשע צאָהל בעדייטענדע פיהרערס, אַגיטאַטאָרס און אָרגאַניזאַטאָרס, ווייל דאָרטען האָבען נייע שטעלונגען געדאַרפט פערטהיידיגט ווערען פאַר אייגענע צופריעדענשטעלונג, אפילו ווען דיא געגנער האָבען גאָר ניט געזוכט אָנצוגרייפען. אָרטאָדאָקסיע האָט געהאַלטען פלאַץ מיט דיא קראַפט פון איהר וואַקסענדע צאָהל, חאָטש דיא אומשטענדען האָבען איהר אויך געמאַכט שוואַכער אין מאַנכע הינזיכטען.

די אויטאָנאָמיע אָדער ;ונאבהייננגיגקייט פון איינצעלנע שול־געמיינדען אָדער קאָנגרעגיישענס איז אַ כאַראַקטעריסטיק פון די מייסטע נייע פּלעצער וואו אידען בעזעצען זיך; אָבער אין אַ לאַנד וואו עס זיינען ניטאָ קיין געזעץ וועגען רעליגיאָן איז דיעזער צושטאַנד געבליעבען אַ שטענדיגער, ווייל די רעגירונג האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע צו צווינגען די אידען אויסצוקלייבען איינענע פערטרעטער. דיעזעס האָט זעהר פיעל געהאָלפען פאַר די פערשפּרייטונג פון רעפאָרם. דאָך איז דער ערשטער פערזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין טשאַרלסטאָן, סאַוטה קאַראָליינאַ, אין 1824, צו געהן אויף דעם וועג פון די דייטשע רעפאָרם־בעוועגונג, געוועזן אַ דורכפאַל. דער "איזראַעליטישער רעפאָרם־פעראיין" איז דאָרטען אין יענעם יאָהר געגרינדעט געוואָרן פון צוועלף געוועזענע מיטגליעדער פון די געמיינדע בית אלהים, וועלכע זיינען ארויסגעטרעטען דערפאַר וואָס מען האָט ניט געוואָלט אָננעהמען זייער פאָרשלאַג צו מאַכען געוויסע ענדערונגען אין גאָטעס־דיענסט. אָבער ער האָט געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ. טשאַרלסטאָן האָט שוין דאַן אָנגעהויבען צו פערליערען איהר בעדייטונג און עס זיינען אַהין אָנגעקומען פיעל וועניגער אימיגראַנטען וויא אין אַנדערע האַפענשטעדט. און עס איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס עס קומט אָפט פאָר אין אַ וואָהלהאַבענדע אידישע געמיינדע וועלכע קריעגט קיינע נייע מיטגליעדער פון אַנדערסוואו: פיעלע זיינען געוואָרן גלייכגילטיג און האָבען זיך אין גאַנצען דערווייטערט פון יודענטהום. ווען אַ נייע שול האָט געדאַרפט אויפגעבויט ווערען אַנשטאָט די געביידע וועלכע איז צושטערט געוואָרן פון די גרויסע שריפה פון 1838, איז דער וואונש פון אַכט־און־דרייסיג מיטגליעדער מען זאָל אין דעם נייעם בנין ארייננשטעלען אַן אָרגאַן, ערפילט געוואָרן. עס איז וועגען דיעזען פונקט דאַן וויעדער פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער געמיינדע, און זיא איז ערשט געוואָרן צוריק פעראייניגט ווען זיא איז פיעל פערקלענערט געוואָרן דורך די חורבנות פון בירגער־קריעג.

דער ראַבינער פון די געמיינדע פון טשאַרלסטאָן, גוסטאַוו פּאָזנאַנסקי, וועלכער איז געוועזן דורכגעדרונגען פון דעם גייסט פון האַמבורגער רעפאָרמטעמפּעל, האָט גע׳פּסקנט אַלס אַן אויטהאָריטעט אין אידישע אַנגעלעגענהייטען, אַז די אידישע רעליגיאָן ערלויבט ארייננצושטעלען אַן אָרגאַן אין שול. דאָס איז טיפּיש פון פיעלע שפּעטערע פעלע, אין וועלכע אַ זעלבסט־שטענדיגע קאָנגרעגיישען וועלכע איז ניט אונטערוואָרפען אונטער קיין אַנדערע רעליגיעזע אויטהאָריטעט און ניט פערבונדען מיט קיין אַנדערע רעליגיעזע קערפּערשאַפט, האָט אָנגענומען די אויטהאָריטעט פון איהר אייגענעם ראַבינער וועגען רעליגיעזע פראַגען, און האָט געמאַכט די ענדערונגען וועלכע האָבען געשטימט מיט זיינע פערזענליכע אַנזיכטען אָדער נייגונגען. מאַנכע אַנדערע רעפאָרם־פעראיינע אין די איסט און מיטעל־וועסט האָבען געהאַט מעהר דויערהאַפטען ערפאָלג, ווייל

דיא יונגע דייטשע געלעהרטע וועלכע זיינען אין יענער צייט אַריבערגעקומען און האָבען זיך בעטראַכטעט אַלס פערפליכטעט צו פערשפרייטען דאָ דעם געדאַנקען פון רעפאָרם, האָבען זיך ענטוויקעלט אַלס פעהיגע און ענערגישע פיהרער. אָבער מערקווירדיגער־ווייזע — און פילייכט קען עס דיענען אַלס אַ סימן אויף דעם אופן וויא אַזוי דאָס יודענטהום אין אַמעריקאַ וועט זיך צום סוף געשטאַלטען — איז דער ערשטער ערפאָלגרייכער פערזוך צו־צופאַסען אידישקייט צו דיא נייע אומגעבונג אין יונייטעד סטייטס, געמאַכט געוואָרן ניט פון אַ רעפאָרמער, נור פון דעם שטאַרקסטען און פעהיגסטען געגנער פון רעפאָרם וואָס איז דאָ ענטוויקעלט געוואָרן. אַ היבשע צייט איידער דיא נייע פיהרער פון דיא רעפאָרם־בעוועגונג זיינען אַהער אָנגעקומען און האָבען אָנגעהויבען צו פערשפרייטען זייערע אידעען און אידעאַלען אויף דייטש, איז דאָ אויפגעוואַקסען אַ קרעפטיגע, און פלייסיגער פיאָניער וועלכער האָט איינגעפיהרט דיא ענגלישע פרעדיגט אין אַ היגע שול, וועלכער האָט געגרינדעט דיא ערשטע איינפלוסרייכע ענגליש־אידישע צייטונג, אַ מאַן וועמען'ס שטאַרקער גייסט און אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען האָבען איבערגעלאָזען אַן איינדרוק אויף דיא אידישע געמיינדע פון גאַנצען לאַנד — ראַבבי אייזאַק ליעסער.

ער איז געבאָרן געוואָרן אין נייענקירכען, פרייסען, אין 1806, און האָט געקריעגען זיין וועלטליכע ערציהונג אין דיא גימנאַזיע פון מינסטער. אָבער ער האָט אויך געקריעגען אידישען אונטעררויכט און איז געוועזן קלאָר אייניגע מסכתות פון תלמוד ווען ער איז אָנגעקומען אין יונייטעד סטייט, 18 יאָהר אַלט, (מאַי 1824). ער האָט זיך בעזעצט אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע און איז דאָרטען געבליעבען פינף יאָהר אַלס אָנגעשטעלטער אין געשעפט פון זיין אָנקעל, זלמן רעהינע. ער האָט געשטודירט זעהר פלייסיג אין זיינע ליידיגע צייט און האָט פערגרעסערט זיין בעקאַנטשאַפט מיט אידישע געלעהרזאַמקייט אין דער צייט ווען ער האָט אויך געלערנט ענגליש און אַנדערע אַלגעמיינע געגענשטענדע. ער האָט גלייך פון אָנפאַנג זיך אינטערעסירט מיט רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, און איז שנעל געוואָרן דער געהילפע פון ראַבינער אייזאַק ב. סייסאַס (1782—1839) פון דיא פאָרטוגעזישע קאָנגרעגיישען פון ריטשמאָנד, אַלס לעהרער אין רעליגיאָנס־קלאַסען. אין 1828 איז אין "לאָנדאָן קוואָרטערלי" ערשיענען אַן אַרטיקעל געגען אידען, און ליעסער האָט אויף דעם אַנגריף געענטפערט אין "ריטשמאָנד וואהיג" מיט אַ צושריפט וועלכע האָט צוגעצויגען פיעל אויפמערקזאַמקייט. דיעזעס האָט געפיהרט דערצו אַז ער איז אין 1829 אויסגעקליעבען געוואָרן אַלס ראַבינער פון דיא געמיינדע מקוה ישראל אין פילאַדעלפיאַ.

ער איז אין יענעם יאָהר אָנגעקומען אין פילאַדעלפיא און איז דאָרטען געבליעבען וואָהנען זיין גאַנצען לעבען. ער האָט געהאַלטען זיין ערשטע ענגלישע

פרעדיגט אין 1830 און אין דעם זעלבען יאהר איז אויך ערשיענען זיין ענגלישע איבערזעצונג פון יאהלסאהן'ס "שרשי הדת". אין פערלויף פון דיא פאלגענדע צעהן יאהר האט ער ארויסגעגעבען איינגע בענדער פון ארטיקלען און רעדעס, א העברעאיש־ענגלישען לעהר־בוך און א קאטעכיזם אדער האנד־בוך פון עקרים פון דיא אידישע רעליגיאן. אין 1843 האט ער געגרינדעט דעם "אקסידענט ענד אמעריקען דשואיש אדוואקייט" פון וועלכען ער איז געבליעבען דער רעדאקטאר פינף־און־צוואנציג יאהר, ביז דעם ענדע פון זיין לעבען. אין דיא לעצטע יאהרען האט מר. (איצטער ריכטער) מייער זולצבערגער איהם געהאלפען אין ארויסגעבען דיעזע צייטונג, און ער האט איהר אנגעהאלטען א יאהר נאך ליעסער'ס טויט. אין 1845 איז ערשיענען ליעסער'ס ענגלישע איבערזעצונג פון תנ"ך, וועלכע איז געוואָרן דיא אויטאריזירטע איבערזעצונג פאר דיא אידען פון אמעריקא. אויסער וואס ער האט געשריעבען, רעדאקטירט און איבערזעצט, איז ער אפט ארומגעפאהרען איבער פערשיעדענע געגענדען פון יונייטעד סטייטס און האט געהאלטען פארטרעגע איבער אידישע געגענשטענדע, און האט געארבייטעט פאר דיא פערשפרייטונג פון דעם פערנינפטיגען קאנסערוואטיזם צו וועלכען ער איז געבליעבען געטריי זיין גאנצעם לעבען.

דיא היברו עדיוקיישען סאסייעטי (אידישע ערציהונג געזעלשאפט), דיא פעראייניגונג פון לאקאלע ראבינער, און דער אידישער האספיטאל פון פילאדעלפיא זיינען דיא פרוכט פון זיינע ענערגישע טהעטיגקייט. ער האט אויך געארבייטעט פאר א פעראייניגונג פון אלע אידישע וואהלטהעטיגע אנשטאלטען פון יענער שטאדט, א פלאן וואס איז ערשט דורכגעפיהרט געוואָרן נאך זיין טויט. דער "באארד אוו דעלעגייטס אוו אמעריקען איזראעלייטס", דיא ערשטע אמעריקאניש־אידישע "פאבליקיישען סאסייעטי" און דער מאימאנידעס קאלעדש (פון וועלכען ער איז געוועזען דער ערשטער פרעזידענט) זיינען אויך געשאפען געוואָרן מייסטענס דורך זיין איינפלוס.

נאכדעם וויא ער איז געוועזען איין־און־צוואנציג יאהר ראבינער פון מקוה ישראל, האט ראבי ליעסער זיך צוריק געצויגען, אין 1850, און האט ניט געהאלטען קיין ראבינישע שטעלע ביז 1857, ווען דיא קאנגרעגיישען בית אל אמת איז ארגאניזירט געוואָרן פון לייטע וועלכע זיינען געוועזען פריינדליך צו איהם. ער איז פערבליעבען איהר ראבינער פון אנפאנג ביז זיין טויט, דעם ערשטען פעברואר 1868. דיא מיינונג אז ער איז געוועזען "דער אויסגעצייכענטסטער אידישער גייסטיגער פיהרער פון לאנד"*) איז ניט איבערטריעבען.

דער ערשטער פון דיא פראמינענטע פיהרער פון דיא רעפארם־בעוועגונג אנצוקומען אין אמעריקא איז געוועזען דר. מאקס ליליענטהאל (געב. אין מינכען,

*) זעה הענרי ס. מאראיס, "דיא אידען פון פילאדעלפיא", זייטע 45.

בייערן, 1815; געש. אין סינסינעטי, אָ., 1882). ער האָט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דורכפיהרען דיא פּראָיעקטען פון דיא רוסישע רעגירונג צו פערשפּרייטען וועלטליכע בילדונג צווישען דיא אידען מיט שטריינגע מיטלען; אָבער ווען ער האָט געשיינט צו זיין אויף דיא העכסטע שטופע פון זיין קאַריערע האָט ער פּלוצלונג פערלאָזען רוסלאַנד אונטער אומשטענדען וועלכע זיינען נאָך ביז היינט ניט ריכטיג ערקלערט געוואָרען, און איז געקומען אין יונייטעד סטייטס אין 1845. ער האָט זיך בעזעצט אין ניו יאָרק און איז פריהער געוואָרען דער ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען אנשי חסד אויף נאָרפאָלק סטריט, און דערנאָך פון דיא שער השמים אויף אַטאָרני סטריט.ביידע זיינען געווען אָרטהאָדאָקסישע שולען און עס זיינען פאָרגעקומען שטרייטיגקייטען צווישען דיא פרומע מיטגליעדער און דעם ראַבינער וועלכער איז געווען גענייגט צו דער זייט פון רעפאָרם. אין 1850 האָט ער אָפּגעגעבען דיא ראַבינער־שטעלע און האָט געעפענט אַן ערציהונגס־אַנשטאַלט, אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געוואָרען איינער פון דיא פיהרער פון דעם "פעראיין דער ליכט־פריינדע" וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1849 מיט דעם צוועק צו פערשפּרייטען דעם געדאַנקען פון רעפאָרם. אין 1855 איז ער ערוועהלט געוואָרען ראַבינער פון דיא געמיינדע בני ישראל פון סינסינעטי, אָהייאָ, און האָט געהאַלטען דיא שטעלע ביז זיין טויט. ער האָט געשריעבען פיעלע אַרטיקלען און איינינע ווערקע אין פּאָעזיע און אין פּראָזאַ, אויף דייטש און אויף ענגליש. ער איז אויך געווען טהעטיג אַלס אַ אידישער כלל־טהוער, אַלס אַ לעהרער און האָט זיך אפילו בעטהייליגט אין דיא שטעדטישע אַנגעלעגענהייטען פון סינסינעטי, וואו ער איז געווען אַ מיטגליעד פון ערציהונגס־ראַטה, אַ דירעקטאָר פון אַלגעמיינעם אונטערשטיצונגס־פעראיין און פון אויפזיכטס־ראַטה פון אוניווערזיטעט. אָבער ער איז צום סוף אַרונטערגעדריקט געוואָרן כמעט צו דיא שטעלונג פון אַ געהילפע צו דעם מאַן וועלכער האָט איהם איבערטראָפען אַלס פיהרער און אָרגאַניזאַטאָר, און וועלכער איז געוואָרן דער אַנערקענטער פאָרשטעהער פון דיא רעפאָרמירטע אידען פון דיא וועסט.

דיעזער מאַן איז געווען אייזאַק מייער ווייז (געב. אין בעהמען 1819; געש. אין סינסינעטי 1900), וועלכער איז אָנגעקומען אין לאַנד אין זומער פון 1846 און איז נאָך אַ קורצען אויפענטהאַלט אין ניו יאָרק געוואָרן דער ראַבינער פון דיא געמיינדע בית אל פון אָלבאַני (אָרגאַניזירט 1838) דיא ערשטע און איינציגע קאָנגרעגיישען פון יענער שטאָדט. ער האָט אין דער היים געקריגען אַ פּאַרציייטיגע אידישע ערציהונג, אָבער דאָ האָט ער זיך שנעל ענטוויקעלט אַלס ראַדיקאַלער רעפאָרמער, און האָט איינגעפיהרט אין זיין שול, אָפטמאָל געגען שטאַרקע פּראָטעסטען, פיעלע ענדערונגען און נייאיגקייטען. אין 1850 איז דאָרטען איבער איהם פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג, און זיינע אַנהענגער האָבען אָרגאַניזירט אַ נייע געמיינדע, דיא אנשי אמת, פון וועלכע ער איז געבליעבען

ראַבינער פיער יאָהר. אין 1854 איז ער געוואָרן ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיי־שען בני ישרון פון סינסינעטי און האָט געהאַלטען דיא שטעלע דיא איבריגע זעקס־און־פיערציג יאָהר פון זיין לעבען. ער האָט געגרינדעט דעם "איזראַעליט" (איצטער דער "אַמעריקען איזראַעליט") באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהין, און האָט דורך דיזען אָרגאַן פּראָפּאַגאַנדירט מיט פיעל ענערגיע זיינע אידעען וועגען רעפאָרם און זיינע פּלענער פון אָרגאַניזאַציאָן וועלכע זיינען נאָך פיעלע שוויריגקייטען און שטערונגען דורכגעפיהרט געוואָרן אונגעפעהר צוואַנציג יאָהר שפּעטער, ווען דיא צייט פאַר פעראייניגונג איז געקומען. ער האָט אויך גע־גרינדעט אין 1855 אַ דייטשעס וואָכענבלאַט, דיא "דעבאָראַה", דורך וועלכער ער האָט געווען צו יענעם טהייל פון פּובליקום וועלכער האָט ניט געלעזען קיין ענגליש. ער האָט געשריעבען זעהר פיעל פאַר זיינע צייטשריפטען, און איז אויך דער פערפאַסער פון מעהרערע ביכער איבער טהעאָלאָגישע און היסטאָרישע גע־גענשטענדע, אויך פון אייניגע ערצעהלונגען און זאָגאַר צוויי דראַמען (אין דייטש). אָבער זיין הויפּט־שטאַרקייט איז געווען זיין פעהיגקייט צו אָרגאַני־זירען: דיא יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגיישענס, דער היברו יוניאָן קאָלעדש (געעפענט 1875) און דער סענטראַל קאָנפערענס פון אַמעריקאַנישע ראַבינער (אָרגאַניזירט 1889) זיינען פון איהם געשאַפען געוואָרן.

דייוויד איינהאָרן (געב. אין בייערן 1809; געש. אין ניו יאָרק 1879) וועלכער איז געקומען אין אַמעריקאַ שוין אַלס מיטעל־יעהריגער מענש, האָט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דיא רעפאָרם־בעוועגונג אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט געהאַלטען אייניגע וויכטיגע ראַבינישע שטעלען. ער איז גע־שטאַנען הויך אַלס געלעהרטער, אָבער ער איז געווען נאָך מעהר ראַדיקאַל וויא ווייז אָדער ליליענטהאַל, און איז געווען זייערער אַ שטאַרקער געגנער ווען ער איז אָנגעקומען אין אַמעריקאַ אין 1855. ער איז אין דעם זעלבען יאָהר געוואָרן ראַבינער פון דיא הר סיני קאָנגרעגיישען (געגרינדעט 1843) פון באַלטימאָר, מערילענד, און האָט דאָרטען אַ קורצע צייט נאָכדעם אָנגעפאַנגען אַרויסצוגע־בען אַ מאָנאַטליכען דייטשען מאַגאַזין מיט דען נאָמען "סיני" אין וועלכען ער האָט פערטרעטען זיינע אַנזיכטען וועגען רעפאָרם. אין 1861 האָט איינהאָרן געמוזט אַוועק פון באַלטימאָר צוליעב זיינע אַנזיכטען געגען שקלאַפעריי וועלכע ער האָט מוטהיג אויסגעדריקט געגען דיא אַלגעמיינע שטימונג פון דער שטאָדט וועלכע האָט סימפּאַטיזירט מיט דער סאַוטה. ער איז אַוועק נאָך פילאַדעלפיא, וואו ער איז געוואָרן ראַבינער פון דיא געמיינדע כנסת ישראל, און האָט זיך אין 1866 בעזעצט אין ניו יאָרק אַלס ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען עדת ישרון, וועלכע שטעלע ער האָט געהאַלטען ביז אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. אין שפּע־טערע יאָהרען איז ער געוואָרן פריינדליכער צו זיינע פריהעריגע געגנער אין



ד״ר. אייזאַק מייער וויז

Dr. Isaac M. Wise

רעפאָרם־לאַגער, און איז געווען דער לייטענדער גייסט אויף דעם ראַבינישען קאָנ־פערענץ וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין פילאַדעלפיא אין 1869.

דר. סעמיועל אַדלער (געב. אין וואָרמס, דייטשלאַנד, 1809 ; געש. אין ניו יאָרק 1891) איז געווען אַ פּרעדיגער און הילפס־ראַבינער אין זיין געבורטס־שטאָדט ביז 1842, ווען ער איז געוואָרן ראַבינער אין אַלציי, רהיין־העסען, און איז דאָרטען פערבליעבען אונגעפעהר פופצעהן יאָהר. ער האָט זיך אויך בע־טהייליגט אין דיא ראַבינישע קאָנפערענצען אין דייטשלאַנד אויף וועלכע דיא רעפאָרם־בעוועגונג איז ביז אַ געוויסען גראַד סיסטעמאַטיזירט געוואָרן, און איז דאָרטען בעטראַכטעט געוואָרן אַלס איינער פון איהרע פערטרעטער, ווען ער איז אין 1857 גערופען געוואָרן נאָך ניו יאָרק צו ווערען דער ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען עמנואל. דאָס איז געווען דיא ערשטע אויסגעשפּראָכענע רעפאָרם־געמיינדע אין ניו יאָרק, און איז זייט דאַן געוואָרן דיא רייכסטע אידישע קאָנגרע־גיישען אין לאַנד. זיא איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1845, איהר ערשטער פּלאַץ איז געווען אין אַ פּריוואַט־הויז אויף קאָרנער קלינטאָן און גרענד סטריטס, און איהר ערשטער ראַבבי־פּרעדיגער, ל. מערצבאַכער (געש. 1856) האָט אָנגעהויבען צו ערפילען זיינע פּליכטען פאַר אַ געהאַלט פון 200$ אַ יאָהר. דר. אַדלער איז געבראַכט געוואָרן אַלס זיין נאָכפאָלגער און האָט בעקליידעט דעם אמט ביז ער איז פּענזיאָנירט געוואָרן אין רוהע־שטאַנד אין 1874, ווען דר. גוסטאַוו גאָטהייל (געב. אין פּינגע, פּרייסיש־פּוילען, 1827 ; געש. אין ניו יאָרק 1903) איז גע־וואָרן זיין נאָכפאָלגער. אַדלער איז אין זיין צייט געווען כמעט דער איינציגער רעפאָרם־ראַבינער אין ניו יאָרק, זיין אייגענע נייגונג אַלס געלעהרטער וועלכער האָט ליעב צוריקגעצויגענהייט, און דיא לאָקאַלע אומשטענדען וואָס זיינען בע־איינפלוסט געוואָרן פון דיא מעהרהייט וואָס דיא פּוילישע און רוסישע אידען האָבען דאָ געהאַט אפילו אין דיא זאָגענאַנטע דייטשע פּעריאָדע, זיינען ניט געווען גינסטיג פאַר דיא פערשפּרייטונג פון רעפאָרם. ער איז געווען דער איי־גענטהימער פון אַ גרויסע אידישע ביבליאָטהעק וועלכע זיינע יורשים האָבען נאָך זיין טויט אוועקגעשאָנקען דעם היברו יוניאָן קאָלעדש. דר. פעליקס אַדלער (געב. אין אַלציי 1851) דער גרינדער פון דעם פעראיין פאַר עטהישע קולטור, איז זיין צווייטער זאָהן.

דער לעצטער פון דיא פּיאָניערען צווישען דיא רעפאָרם־ראַבינער וועלכע האָבען אָנגעהויבען זייער טהעטיגקייט פאַר דעם אויסברוך פון בירגער־קריעג, איז געווען בערנהאַרד פעלזענטהאַל (געב. אין דייטשלאַנד 1822 ; געש. אין שי־קאַגאָ 1908). ער איז אין אָנפאַנג בעשטימט געוואָרן פאַר אַ געשעפטליכע קאַ־

ריערע, אָבער ער איז געווען אַ גוטער תלמודיסט און איז צעהן יאָהר איידער ער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ (אין 1854) געווען אַ לעהרער אין אַ אידישע רע־ליגיאָנס־שול. נאָכדעם וויא ער איז געווען דריי יאָהר ראַבינער און לעהרער אין מעדיסאָן, אינדיענע, האָט ער זיך בעזעצט אין שיקאַגאָ, וואו ער איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ באַנק־געשעפט. אין 1858 איז דאָרטען געגרינדעט געוואָרן דער אידישער רעפאָרם־פעראיין, מיט פעלזענטהאַל אַלס סעקרעטערי און ווירקליכען פיהרער. אין פאָלגענדען יאָהר האָט ער פערעפענטליכט אַ בראָ־שורע צו גונסטען פון רעפאָרם וועלכע האָט צוגעצויגען פיעל אויפמערקזאַמקייט. ווען דער רעפאָרם־פעראיין איז מיט צוויי יאָהר שפּעטער פערוואַנדעלט געוואָרן איז דיא סיני געמיינדע, איז ער געוואָרן איהר ערשטער ראַבינער. אין 1864 איז ער געוואָרן ראַבינער פון דיא ציון קאָנגרעגיישען, דיא צווייטע רעפאָרם־געמיינדע אין שיקאַגאָ, און האָט געהאַלטען דיא שטעלע ביז ער איז פערזעצט געוואָרן אין רוהע־שטאַנד אין 1887. אָבגלייך ער איז טהעאָרעטיש געווען אַן עקסטרעמער ראַדיקאַלער אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען האָבען זיינע לומדות, זיין ליעבע פאַר אידישע געלעהרזאַמקייט, זיינע מדות טובות און זיין פריינד־שאַפט מיט פּאַרצייטיגע אידישע געלעהרטע, איהם געבראַכט אין נעהענטערע בעציהונגען מיט דעם אָרטאָדאָקסישען יודענטהום וויא עס איז געווען דער פאַל מיט דיא מייסטע ראַבינער פון זיין קלאַס. ער איז וואהרשיינליך געווען דער איינציגער רעפאָרם־ראַבינער פון דיעזעס לאַנד וועלכער איז געווען ווירקליך בעליעבט ביי דיא מאַסען אימיגראַנטען פון דיא סלאַווישע לענדער, און ער האָט דערמיט מיט זיך אליין געוויעזען אַ ביישפּיעל פון דיא מעגליכקייט פון אַ בע־סערע פערשטענדיגונג צווישען דיא פערשיעדענע טהיילען פון אַמעריקאַנישען יודענטהום.

סעמיועל הירש (געב. אין רהיין־פּרייסען 1815 ; געש. אין שיקאַגאָ 1889) געהערט צו דיעזע גרופּע, האָטש ער איז ערשט געקומען אין אַמעריקאַ אין 1866, נאָכדעם וויא ער איז נאָהענט פון אַ פיערטעל יאָהרהונדערט געווען ראַבינער אין לוקסעמבורג. ער איז געווען איינהאָרן'ס נאָכפאָלגער אין פילאַדעלפיאַ און איז דאָרטען פערבליעבען 22 יאָהר. ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון אַמט האָט ער זיך בעזעצט אין שיקאַגאָ און האָט פערבראַכט זיינע לעצטע יאָהרען מיט זיין זאָהן, דר. עמיל ג. הירש (געב. אין לוקסעמבורג, 1852) דער בעריהמ־טער פּרעדיגער און פּראָפעסאָר פון ראַבינישע ליטעראַטור אין שיקאַגאָ יוניווער־סיטי. סעמיועל הירש האָט געהערט צו דעם עקסטרעמען פליגעל פון דיא ראַ־דיקאַלע רעפאָרמער, און איז געווען איינער פון דיא ערשטע וועלכע האָבען

געפאָדערט מען זאָל האַלטען שפּעציעלע גאָטעסדיענסט אין טעמפּעל אום זאָנטאַג. זיין הויפּט-ווערק איז געשריעבען געוואָרן אין דייטשלאַנד, "דיא רעליגיאָנס פי־לאָזאָפיע דער יודען" (לייפּציג, 1842) פון וועלכע נור איין טהייל איז ערשיע־נען. דאָס ווערק איז א פערזוך צו ערקלערען דעם יודענטהום פון העגעליאַנישען שטאַנד־פּונקט; אָבער אַזוי וויא עס איז געשריעבען געוואָרן אַ לאַנגע צייט איידער ער איז אַהער אָנגעקומען, האָט עס קיין אַנדער אינטערעסע פאַר אַמע־ריקאַניש-אידישע געשיכטע אויסער פיעללייכט אַלס אַ ביישפּיעל פון דעם איינ־פלוס פון דייטשע טהעאָריען און מעטהאָדען אויף דיא ראַדיקאַלע פּיאָניערען פון דיא היעגע רעפאָרם־בעוועגונג.

# קאַפּיטעל 22

## דאָס קאָנסערוואַטיווע יודענטהום און דיא שטעלונג געגען רעפאָרם.

"דיא אָרעמע אידען פון עלם סטריט און דיא רייכע אידען פון קראָסבי סטריט" — דיא ראַבינער סעמיועל מ. אייזאַקס, מאָריס דש. ראפאל און זשאַק דש. ליואָנס — שבתי מאָראיס -- קאַליש און היבש, דיא געמעסיגטע רעפאָרמערס — בנימין סאָלד — דר. מאַרקוס יאַסטראָוו'ס קאַריערע אין דרויי לענדער — אַלעקסאַנדער קאָהוט — דיא רוסישע אָרטאָדאָקסיע לאָזט זיך מערקען און דער בית המדרש הגדול ווערט געגרינדעט אין 1852 — הרב ר' אברהם יוסף אש און זיינע פערשיעדענע טהעטיגקייטען — צדקה אַרבייט וועלכע פערדונקעלט ניט דיא רעליגיעזע אַרבייט פון שול.

אין ניו יאָרק איז עס אויך ניט געווען אַ ראַדיקאַלער ראַבינער פון אַ רייכע קאָנגרעגיישען, נור גראַדע אַ קאָנסערוואַטיווער אין אַ נאַכבאַרשאַפט פון אָרעמע אידען, וועלכער האָט צום ערשטען אָנגעפאַנגען צו האַלטען ענגלישע דרשות אין שול. אַ קאָררעספּאָנדענט פון ניו יאָרק (זעה "אָריענט" פאַר 1840, זייטע 371) פון יענער צייט דערמאָנט "דיא אָרעמע אידען פון עלם סטריט און דיא רייכע אידען פון קראָסבי סטריט"; און עס איז טאַקי געווען אין דיא שול בני ישרון, וועלכע האָט זיך דאַמאָלס געפונען אויף עלם סטריט, וואו דיא נייעס פון ענגלישע רעדעס איז צום ערשטען מאָל איינגעפיהרט געוואָרן. סעמיועל מייער אייזאַקס (געב. אין לייוואַרדען, האָלאַנד, 1804; געש. אין ניו יאָרק 1878), דער זאָהן פון אַ האָלענדישען באַנקיער וועלכער האָט זיך בעזעצט אין ענגלאַנד, איז בערופען געוואָרן אַלס ראַבינער פון יענע קאָנגרעגיישען אין 1839. ווען מיטגליעדער וועלכע האָבען זיך אָפּגעטהיילט פון יענער שול האָבען געגרינ־דעט דיא קאָנגרעגיישען שערי תפלה אין 1847, איז ראַבבי אייזאַקס אריבער צו זיי און איז מיט זיי פערבליעבען אַזוי לאַנג וויא ער האָט געלעבט. ער איז געווען אַ פּעהיגער פערטרעטער פון קאָנסערוואַטיווען יודענטהום, און האָט געגרינדעט (אין 1857) דעם "דשואיש מעסענדשער" וועלכער איז נאָך זיין טויט פאָרטגעזעצט געוואָרן פון זיין זאָהן, פּראָפעסאָר אברהם סעמיועל אייזאַקס (געב. אין ניו יאָרק, 1852), ביז 1902, ווען עס איז פערשמאָלצען געוואָרן מיט אַן אַנדער צייטשריפט. ראַבבי אייזאַקס איז, אַזוי וויא ליעסער, אויך געווען אַ

גוטער אָרגאַניזאַטאָר און מאַנכע אידישע אַנשטאַלטען זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך זיין איינפלוס.

זיין נאָכפאָלגער אין דיא שול אויף עלם סטריט איז געוועזן ראַבבי מאָריס דשייקאָב ראַפאַל, (געב. אין שטאָקהאָלם, שוועדען, 1798; געש. אין ניו יאָרק 1868), וועלכער איז, אַזוי וויא זיין פאָרגענגער, אויך געוועזן דער זאָהן פון אַ באַנקיער. ראַפאַל איז געוועזן אַ שפּראַך־קענער און אַ ראַבינישער געלעהרטער, און זייענדיג אין ענגלאַנד האָט ער געהאַלטען פאָרטרעגע איבער העברעאישע פּאָעזיע און האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבען אַ אידיש־ענגלישען מאַגאַזין פאַר העברעאישע ליטעראַטור (1836). ער איז אויך אַ געוויסע צייט געוועזן סעקרע־טערי פון דעם לאָנדאָנער אויבער ראַבינער סאָלאָמאָן הערשעל (1762—1842); האָט געמאַכט איבערזעצונגען פון רמב"ם, אלבו און נפתלי הירץ וויזל; האָט זיך בעטהייליגט אין איבערזעצען אַ טהייל פון משניות אויף ענגליש, און האָט אויך אָנגעפאַנגען אַן איבערזעצונג פון חומש, פון וועלכע איין באַנד איז ערשיענען. נאָכדעם וויא ער איז געוועזן אַכט יאָהר ראַבינער אין בירמינגהעם, איז ער אין 1849 אָפּגערייזט נאָך ניו יאָרק, וואו ער איז פערבליעבען מיט דיא בני ישרון ביז אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. ראַפאַל איז געוועזן דער איינציגער פּראָמי־נענטער ראַבינער פון דיא נאָרד וועלכער האָט פערטהיידיגט שקלאַפעריי, אין רעדעס און אויך אין שריפט.

רעוו. זשאַק יהודה לייאָנס (געב. אין סורינאַם, סאַוטה אַמעריקאַ, 1814; געש. אין ניו יאָרק 1877), וועלכער איז געוועזן אַ ראַבינער אין זיין געבורטס־שטאָדט עטליכע יאָהר, און וועלכער איז קומענדיג נאָך אַמעריקאַ אין 1837 געוועזן צוויי יאָהר ראַבינער ביי דיא בני שלום אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע, איז געקומען אין ניו יאָרק אין 1839, און איז געוואָרן ראַבינער פון דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע געמיינדע וועלכע האָט זיך איבערגעצויגען פון מיל סטריט אויף קראָסבי סטריט אין 1834. ער איז געבליעבען אויף זיין שטעלע אַכט־און־דרייסיג יאָהר און האָט "בעקעמפפט מיט ערפאָלג יעדע בעוועגונג צו מאַכען ענדערונגען אין זיין שול".

ליעסער'ס נאָכפאָלגער אין דיא שול מקוה ישראל אין פילאַדעלפיאַ איז אויך געוועזן אַ פּראָמינענטער קאָנסערוואַטיווער, שבתי מאָראַיס (געב. אין ליוואָרנאַ, איטאַליען, 1823; געש. אין פילאַדעלפיאַ, 1897). נאָכדעם וויא ער איז געוועזן פינף יאָהר אין לאָנדאָן אַלס פאָרשטעהער פון אַ אידישע יתומים־סקול, איז ער אָנגעקומען אין פילאַדעלפיאַ אין 1851 און "ביז זיין טויט איז זיין איינפלוס געוועזן אַ שטענדיג וואַקסענדע מאַכט פאַר דעם קאָנסערוואַטיווען יודענטהום... האָטש דיא צייט פון זיין רבנות קומט אויס אין דיא פעריאָדע פון דיא גרעסטע טהעטיגקייט אין דיא צופאַסונג פון יודענטהום אין אַמעריקאַ צו דיא נייע בעדינגונגען, איז ער, אַלס דער פערטהיידיגער פון אָרטאָדאָקסישען

יודענטהום, געשטאנען פעסט געגען יעדע פאָדערונג צו מאכען ענדערונגען אין גאָטעס־דיענסט אָדער זיך צו דערווייטערען פון טראַדיציאָנעלע פיהרונגען" און האָט דערמיט בעוויזען וויא ווייט דיא פערזענליכקייט פון דעם ראבינער קען דאָ אין לאַנד האָבען אַ ווירקונג צו ענטשיידען דיא רעליגיעזע שטעלונג פון זיין געמיינדע. ווען מאימאָנידעס קאלעדש איז געגרינדעט געוואָרן אין פילאַ־דעלפיא אין 1867, איז מאָראַיס דאָרטען געוואָרן פּראָפעסאָר פון תנ"ך און ביב־לישע ליטעראַטור, און האָט געהאַלטען דיא שטעלע דיא גאַנצע זעקס יאָהר וואָס דער קאַלעדש האָט עקזיסטירט. ער איז געווען דער גרינדער און ערשטער פּרע־זידענט פון דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַריע וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק אין 1886, וואו ער איז אויך געווען אַ פּראָפעסאָר פון תנ"ך, און איז געבליעבען מיט איהר פערבונדען אַזוי לאַנג וויא ער האָט געלעבט. הענרי סעמיועל מאָראַיס, (געב. אין פילאַדעלפיא, 1860), דער שרייבער וועגען אידישע היסטאָרישע געגענשטענדע, און דער ערשטער רעדאַקטאָר פון פילאַדעלפיער "דשואיש עקספּאָנענט" (געגרינדעט 1887), איז אַ זאָהן פון שבתי מאָראַיס.

איזידאָר קאַליש, (געב. אין קראָטאָשין, פּרייסיש־פּוילען, 1816; געש. אין נואַרק, נ. דש. 1886), איז נאָך אַ געלעהרטער ראבינער פון יענער פּעריאָדע, וועלכער איז געקומען נאָך יונייטעד סטייטס אין 1849, נאָכדעם וויא ער האָט געשטודירט אין איינינגע אייראָפּייאישע אוניווערזיטעטען. ער איז געווען מעהר גענייגט צו רעפאָרם, אָבער מען געדיינקט איהם הויפּטזעכליך פאַר זיינע ליטע־ראַרישע אַרבייטען און איבערזעצונגען וועלכע בעריהרען פערשיעדענע אידישע געגענשטענדע אין לשון קודש, דייטש און ענגליש. ער איז געווען ראַבינער אין פערשיעדענע שטעדט, אָנפאַנגענדיג מיט קליוולענד, אָהייאָ, און ענדיגענדיג מיט נואַרק, ניו דשוירסי, וואו ער איז געקומען פון נעשוויל, טענעסי, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון ראַבינישע טהעטיגקייט אין 1875. סופרים־קאָורט ריכטער סעמיועל קאַליש (געב. אין קליוולענד 1851) פון נואַרק איז זיין זאָהן.

רעוו. אַדאָלף היבש, (געב. אין אונגאַרן, 1830; געש. אין ניו יאָרק 1884), איז אויך געווען אַ מעסיגער רעפאָרמער מיט אַ גוטע ראַבינישע ערציהונג. ער איז געקומען אין ניו יאָרק אין 1866 און איז געוואָרן ראַבינער און פּרע־דיגער פון דיא קאָנגרעגיישען אהבת חסד, וועלכע איז אונטער איהם בעדייטענד געוואַקסען. ער האָט, וויא מעהרערע ראַבינער פון זיין צייט, ניט געקענט בעיישטעהן דעם נסיון פון מאַכען ענדערונגען אין סדור, און זיין שפּעציעלע אויסגאַבע, וועלכע איז אויך אָנגענומען געוואָרן אין עטליכע אַנדערע קאָנגרע־גיישענס, איז אַ בייטראַג צו דיא קוריאָזיטעטען פון דיא אַמעריקאַניש־אידישע ליטורגישע ליטעראַטור.

הענרי ס. דשייקאָבס, (געב. אין קינגסטאָן, דשאַמייקאַ, 1827; געש. אין ניו יאָרק 1893), וועלכער איז געקומען נאָך ריטשמאָנד, ווירדשיניע, אַלס ראַבי־



Photo by Gutekunst, Phila.

ראַבבי שבתי מאָראיס

Rabbi Sabato Morais

נער פון דיא קאָנגרעגיישען בית שלום אין 1854 און האָט דערנאָך געהאַלטען ראַבינישע שטעלען אין טשאַרלסטאָן, סאַוטה קאַראָליינאַ, ניו אָרלינס און ניו יאָרק (שארית ישראל 74—1873, און בני ישרון 93—1874) געהערט אויך צו דיא גרופּע קאָנסערוואַטיווע ראַבינער פון יענער צייט וועלכע האָבען פּיעלעס אויפגעטהאָן צו ערהאַלטען דעם טראַדיציאָנעלען יודענטהום אַלס א לעבענדע אמונה, אָבער האָבען איהם ניט בעהאַנדעלט אַלס א בעוועגונג און האָבען זיך אליין ניט בעטראַכטעט אַלס אַגיטאַטאָרס. ער האָט זיך געקענט פערטראָגען מיט לייטע פון אַלע ריכטונגען, און דיעזעס האָט איהם געמאַכט מעגליך צו ווערען דער ערשטער פּרעזידענט פון פעראיין פון ניו יאָרקער ראַבינער און צו האַלטען דעם אַמט אַזוי לאַנג וויא ער האָט געלעבט.

בנימין סאָלד, (געב. אין אונגאַרן, 1829; געש. אין בוירקלי ספּרינגס, וועסט ווירדשיניע, 1902), וועלכער איז געקומען אין באַלטימאָר אין 1859 אַלס ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען רודף שלום און געהאַלטען דיא שטעלע ביז 1892, און אַלס ראַבינער־עמעריטוס ביז זיין טויט, איז געוועזען א געגנער פון ראַדיקאַליזם וועלכער האָט בעאיינפלוסט זיין קאָנגרעגיישען צו געהן אין א מעהר קאָנסערוואַטיווע ריכטונג אין בעצוג אויף דעם סדור תפלה. ענדערונגען אין סדור זיינען א כאַראַקטעריסטיק פון יענע שטרענג־אינדיווידואַליסטישע פּעריאָדע אין דיא רעפאָרם־בעוועגונג, ווען כמעט יעדער פּראָמינענטער פיהרער האָט צו־געלייגט א האַנד צו מאַכען אייגענע ענדערונגען, און דער צוועק האָט געשיינט צו זיין צו מאַכען דיא תפלה אין יעדע רעפאָרם־סינאַגאָגע אַזוי אונעהנליך צו דיא אַנדערע וויא נור מעגליך. סאָלד האָט זיך בענוצט מיט דיעזע טענדענץ צו ווירקען אויף זיין קאָנגרעגיישען אַז זיא זאָל זיך אומקעהרען אביסעל צוריק; און זיין "עבודת ישראל" וועלכער איז זעהר עהנליך צום אַלטען טראַדיציאָנע־לען סדור, האָט אין א קורצע צייט פערנומען דעם פּלאַץ פון דעם ראַדיקאַלען "מנהג אַמעריקאַ" אין זיין אייגענע קאָנגרעגיישען און אין מעהרערע אַנדערע. זיין סדור איז איבערגעדרוקט געוואָרן אייניגע מאָל, איינמאָל מיט אַן ענגלישע איבערזעצונג. זיין פּירוש אויף איוב, (באַלטימאָר 1886) איז איינע פון דיא בעסטע ווערקע פון דיעזען סאָרט וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרן אין דיא נייע וועלט. מיס הענריעטע סאָלד, דיא איבערזעצערין און שרייבערין וועגען אי־דישע געגענשטענדע, איז זיין טאָכטער.

אין דיא זעלבע יאָהרען און ביז א געוויסען גראַד דורכגעדרונגען פון דעם זעלבען גייסט וויא סאָלד, איז געוועזען מרדכי אָדער מאַרקוס יאַסטראָוו, (געב. אין ראָגאָזען, פּרייסיש־פּוילען 1829; געש. אין דשערמאַנטאָון, ביי פילאַדעל־פיא, 1903), וועלכער האָט געהאַט א מערקווירדיגע קאַריערע אַלס ראַבינער אין צוויי לענדער איידער ער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ. יאַסטראָוו האָט גע־נאָסען א גרינדליכע ראַבינישע ערציהונג, און האָט אויך געהאַט דעם טיטעל

דאָקטאָר דער פילאָזאָפיע פון דיא אוניווערזיטעט פון האַלע. אין 1858 איז ער געוואָרען דער פּרעדיגער פון דיא מאָדערנע אָדער "דייטשע" געמיינדע פון וואַר־שאַ, רוסיש־פּוילען, און האָט זיך גענומען מיט גרויס פלייסיגקייט צו שטודירען דיא פּוילישע שפּראַכע און דעם צושטאַנד פון דיא אידען אין פּוילען. זיין ווערק "דיא לאַגע דער יודען אין פּאָלען" וועלכע איז ערשיענען אָהן זיין נאָמען (האַמ־בורג 1859) ווייזט אַז ער האָט געזאַמעלט פיעל ווערטהפאָלע אויסקינפטע און האָט געהאַט קלאָרע אַנזיכטען איבער דיא אידישע לאַגע אין רוסיש־פּוילען; און אַ זאַמלונג פּוילישע פּרעדיגטען וועלכע איז ערשיענען אין פּאָזען (אין 1863) איז אַ בעוויז אַז ער האָט בעהערשט דיעזע שפּראַכע. ער האָט זיך גע־שטעלט אויף דעם זייט פון דיא פּאָליאַקעס געגען זייערע רוסישע אונטערדריקער, און האָט זיך בעטהייליגט אין אַ דעמאָנסטראַציאָן געגען דיא ערמאָרדונג פון פינף פּאָליאַקעס אין אַ וואַרשעווער פּאָרשטאָדט אין פעברואַר 1861, וועלכע האָט געפיהרט צו דעם אָנפאַנג פון דעם צווייטען פּוילישען אויפשטאַנד. יאַסטראָוו איז אריינגעזעצט געוואָרען אין געפענגניס צוזאַמען מיט דעם גרויסען רב ר׳ בערוש מייזלש, און נאָכדעם וויא מען האָט איהם אָפּגעהאַלטען איבער דריי מאָנאַט, איז ער אויסגעוויעזען געוואָרען פון רוסלאַנד. זיינע פיעל־געלעזענע פּוילישע דרשות, זיינע אָנשטריינגונגען צוזאַמען צו ברייגגען אידען און קריסטען אין אַ פּראָ־טעסט געגען דיא רוסישע טיראַנען, און זיין געפאַנגענשאַפט, האָבען איהם גע־מאַכט פאַר איינעם פון דיא פּאָפּולערסטע מענער פון דיא אַלטע פּוילישע הויפּט־שטאָדט אין יענער צייט. ער איז געווען ראַבינער אין מאַנהיים, דייטשלאַנד, פאַר אַ קורצע צייט אין 1862, אָבער זיין סימפּאַטהיע מיט פּוילען איז געווען צו שטאַרק, און ער האָט דאַרט ניט געקענט בלייבען ווען עס איז איהם אין נאָוועמבער פון יענעם יאָהר צוריק ערלויבט געוואָרען צו קומען נאָך פּוילען, ווייל דיא רעגירונג האָט גערייניקט אַז דאָס אונגליקליכע לאַנד איז שוין אין גאַנ־צען בערוהיגט. ער איז צוריקגעקומען אין וואַרשאַ, אָבער אין עטליכע מאָנאַט שפּעטער האָט דער ווירקליכער "מיאַטעזש" אָדער אויפשטאַנד זיך אָנגעהויבען, און ווען דר. יאַסטראָוו איז געווען אויף אַ בעזוך אין דייטשלאַנד האָט מען איהם געלאָזט וויסען אַז ער טאָר ניט מעהר צוריקקומען נאָך רוסלאַנד. ער האָט דאַן (1864) אָנגענומען אַ שטעלע אַלס ראַבינער אין וואָרמס, העסען, וואו ער איז געבליעבען ביז 1866, ווען ער האָט אָנגענומען דיא שטעלע אַלס ראַבביי פון דיא קאָנגרעגיישען רודף שלום אין פילאַדעלפיא.

אין דיא ערשטע פאַר יאָהר וואָס ער איז געווען אין אַמעריקאַ האָט יאַסטראָוו אונטערשטיצט ליעסער׳ן צו ערהאַלטען דעם קאָנסערוואַטיווען יודענטהום אין דיא איסט געגען דיא פערשפּרייטונג פון ראַדיקאַלען רעפאָרם, און האָט פאָרטגע־זעצט דיא זעלבע טהעטיגקייט נאָך ליעסער׳ס טויט. יאַסטראָוו איז געווען איי־נער פון דיא פּראָפעסאָרען פון מאַימאָנידעס קאָלעדש, און האָט שפּעטער מיט־

געאַרבייטעט מיט סאָלד'ען צו פערפערטיגען דעם סדור עבודת ישראל און איהם צו איבערזעצען אין ענגליש. אויסער זיינע טהעטיגקייט אין לאָקאַלע אידישע אנגעלעגענהייטען און אין אַנדערע אידישע ענינים פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, האָט ער אויך געשריעבען פאַר פערשידענע אידישע צייטשריפטען אין אַמעריקאַ און אייראָפּאַ, און איז איינינע יאָהר אויך געווען דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון אַ נייע איבערזעצונג פון תנ"ך אין ענגליש וועלכע דיא אידישע "פּאָבליקיישען סאָסייעטי פון אַמעריקאַ" האָט זיך אונטערנומען ארויסצוגעבען. ער האָט אויך געפונען צייט צוזאַמען צו שטעלען זיין גרויסעס ווערק, אַ ווערטער־בוך פון דיא תרגומים, תלמוד בבלי וירושלמי און דיא מדרשים (לאָנדאָן און ניו יאָרק, 1886—1903) און איז אין זיינע לעצטע יאָהרען געווען דער רעדאַקטאָר פון תלמוד־דעפּאַרטמענט אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע. צוויי פון זיינע זיהן זיינען בעוואוסטע אַמעריקאַנישע געלעהרטע. דער עלטערער, מאָרים יאַסטראָוו (געב. אין וואַרשא 1861) איז פּראָפעסאָר פון סעמיטישע שפּראַכען אין דיא יוניווערסיטי אָוו פּענסילוועניע זייט 1892, און איז איינער פון דיא פּראָמינענטעסטע אָריענטאַליסטען אין לאַנד. דער אינגערער, יאָזעף יאַסטראָוו (געב. אין וואַרשא 1862) איז פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע אין דיא יוניווערסיטי פון וויסקאָנסין זייט 1888, און אַן אַנערקענטער אויטהאָריטעט איבער זיין געגענשטאַנד. ער איז געווען דער פאָרשטעהער פון דיא פּסיכאָלאָגישע אַבטהיילונג פון דיא וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ אין 1893, און איז געווען דער פּרעזידענט פון אַמעריקאַנישען פּסיכאָלאָגישען פעראיין אין יאָהר 1900.

דער לעצטער פון דיא וויכטיגע ראַבינער וועלכע זיינען געקומען אַהער פון מערב אייראָפּאַ איז געווען אַלעקסאַנדער קאָהוט (געב. אין אונגאַרן, 1842; געש. אין ניו יאָרק 1894), דער לעקסיקאָגראַפער און אָריענטאַליסט, וועמען'ס "ערוך השלם" (וויען, 92—1878) אויף וועלכען ער האָט פערבראַכט 25 יאָהר פון זיין לעבען, איז נאָך איצטער דאָס בעסטע ווערק איבער דיעזען געגענשטאַנד. דיא ערשטע פיער בענדער זיינען געדרוקט געוואָרן ווען ער האָט נאָך געוואָהנט אין אונגאַרן, וואו ער איז געווען ראַבינער פריהער אין שטוהלווייסענבורג, דאַן אין פינפקירכען און שפּעטער אין גראָסוואַרדיין (84—1880). דיא לעצטע פיער זיינען ערשיענען ווען ער האָט שוין געוואָהנט אין אַמעריקאַ, וואו ער איז געקומען אין 1885 ווען ער איז אויסגעוועהלט געוואָרן אַלס ראַביינער פון דיא קאָנגרעגיישען אנשי חסד פון ניו יאָרק. ער איז גלייך אַנערקענט געוואָרן אַלס אַ בעדייטענדער קאָנסערוואַטיווער פיהרער, און איז געווען פערבונדען מיט מאָראַיס אין דיא גרינדונג פון דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי, וואו ער איז געוואָרן פּראָפעסאָר פון תלמודישע מעטהאָדאָלאָגיע. ער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אין מערץ 1894, אין מיטען אַ לויב־רעדע אָדער הספּד נאָך דעם אונגאַרישען פּאַטריאָט קאָשוטה, און איז געשטאָרבען עטליכע וואָכען

שפּעטער. זיין געמיינדע האָט אין דעם זעלבען יאָהר ארויסגעגעבען אין בוך־פאָרם דיא הספדים און עפענטליכע ערקלערונגען וואָס זיינען נאָך איהם געמאַכט געוואָרען. אַ צווייטער בוך וועלכער ענטהאַלטעט אויפזעצע פון פיער־און־פּיערציג בעדייטענדע געלעהרטע פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, בעטיטעלט, "סעמיטישע שטודיען צום אַנדענקען פון רעוו. דר. אַלעקסאַנדער קאָהוט" איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין בערלין (1897) פון זיין זאָהן דשאָרדש אַלעקסאַנדער קאָהוט (געב. אין שטוהלווייסענבורג, 1874), דער ביבליאָגראַף און שרייבער איבער אידישע געגענשטענדע.

דיא פּאַרצייטיגע רוסישע אָרטאָדאָקסיע האָט זיך אויך געלאָזט פיהלען אין ניו יאָרק אין מיטען פון נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט. עס זיינען שוין געווען אין אַמעריקאַ אַ היבשע צאָהל אידען פון רוסלאַנד פון פריהער, און דיא איינוואַנדערונג פון רוסיש־פּוילען איז געוואָרען פיעל פערגרעסערט נאָך דעם יאָהר 1845, ווען מען האָט אָנגעפאַנגען צו נעהמען אידען פאַר סאָלדאַטען אין פּוילען, חאָטש דיא רעגיערונג האָט זיי געהאַט פערזיכערט אַז דאָס וועט אָפּגעלייגט ווערען ביז דער צייט ווען זיי וועלען קריעגען גלייכע רעכטע מיט אַלע אַנדערע איינוואָהנער. דיא ערשטע קאָנגרעגיישען אין אַמעריקאַ וועלכע קען בעצייכענט ווערען אַלס אַ רוסישע איז געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק דעם פיערטען יוני 1852, מיט צוועלף מיטגליעדער וועלכע האָבען צו זיך שנעל צוגעקריעגען נאָך עלף, אָבער אייניגע פון זיי זיינען געווען פּרומע דייטשע אידען וועלכע זיינען געווען אונ־צופריעדען מיט דיא קאָנגרעגיישענס צו וועלכע דיא מייסטע פון זייערע לאַנדס־לייטע האָבען געהערט.*) אין אָנפאַנג האָבען זיי געדאַווענט אין אַ צימער אויף דעם אויבערסטען פלאָר אין 83 באַיארד סטריט, פאַר וועלכען זיי האָבען געצאָהלט אכט דאָלאַר אַ מאָנאַט. ב. ליכטענשטיין איז געווען דער ערשטער פּרנס אָדער פּרעזידענט, י. כהן דער סעקרעטערי, ה. ש. אייזאַקס דער חזן און ר' אברהם יוסף א"ש (אייזענשטאַדט?, געב. אין סעמיאַטיש, רוסלאַנד, 1813; געש. אין ניו יאָרק 1888) וועלכער איז אָנגעקומען אין אַמעריקאַ אין יענעם יאָהר און איז געווען אַ למדן, איז געוואָרען דער רב אָהן אַ געהאַלט.

דיא געמיינדע איז געוואַקסען אַזוי שנעל אַז דער פּלאַץ אין באַיארד סטריט איז באַלד געוואָרען צו קליין, און אין נאָוועמבער פון דעם זעלבען יאָהר האָט מען

*) דיא ליסט פון דיעזע מיטגליעדער וויא זיא ווערט אָנגעגעבען פון יהודה דוד אייזענשטיין אין זיין "געשיכטע פון דיא ערשטע רוסיש־אַמעריקאַנישע אידישע קאָנגרע־גיישען", אין נייִנטען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטען 74—63 איז וויא פאָלגט: בנימין ליכטענשטיין, יהודה מידעלמאַן, אברהם בענדשעמין (פון האַמבורג), אברהם יוסף א"ש, יהושע ראָטהשטיין, ישראל כהן, אבא בוים, דוד לאַסקי, ליב כהן, ברוך שלמה ראָטהשילד, אליהו גרינשטיין, פייוועל פיליפּס (דער סופר), אברהם ריינער, טוביה שוואַרץ, אברהם ליוואַי (פון ראַצקי) היימאַן הערים לייבעל ראַצקער, שמואל הלל אייזאַקס, ירחמיאל טשאַק (פון בערלין), איזידאָר ראַפאַל און יעקב ליוואַי. דיא ערשטע צוועלף זיינען דיא אָריגינעלע מיטגליעדער.



Photo by Gutekunst, Phila.

דר. מאַרקוס יאַסטראָוו
Dr. Marcus Jastrow

געדונגען אַ גרעסערען פּלאַץ, קאָרנער עלם און קאַנאַל סטריטס, פאַר וועלכען מען האָט געצאָהלט פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר מאָנאַטליך, חאָטש אויבען איז געוועזען אַ ווערקשטאַט פון קאַרפּענטערס אָדער טישלער. אין פערלויף פון זעקס מאָנאַט איז דיעזער פּלאַץ אויך געוואָרען צו קליין, און מען האָט געדונגען דעם אויבערסטען פלאָר פון אַ געוועזענע געריכטס־הויז קאָרנער פּוירל און סענטער סטריטס. עס איז אין דיא זעלבע געביידע אויך געוועזען אַ דייטשע קאָנגרעגיישען, בית אברהם, וועלכע איז אָבער אין אַ קורצע צייט פון דאָרטען אוועק און נאָכדעם ווי זיא האָט אויסגעביטען איהר נאָמען אויף שערי צדק, האָט זיך זיך בעזעצט אויף הענרי סטריט און איז געוואָרען בעוואוסט אַלס דיא הענרי־סטריט־שול, ביז זיא האָט זיך מיט איינינע יאָהר צוריק איבערגעטראָגען אין דעם העכערען טהייל פון שטאָדט.

דיא רוסישע קאָנגרעגיישען וועלכע האָט זיך גערופען איינפאַך בית המדרש, איז פערבליעבען אויף פּוירל סטריט דריי יאָהר, און אין דיעזער צייט איז הרב אש ערוועהלט געוואָרען אַלס שטענדיגער רב מיט אַ געהאַלט פון צוויי דאָלאַר אַ וואָך, און ר׳ יהושע פאַלק הכהן, דער מחבר פון "אבני יהושע" (אַ פּירוש אויף פּרקי אבות, ניו יאָרק, 1860) האָט אָפט געהאַלטען דרשות אָהן בעלוינונג. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ מחלוקה צווישען הרב אש און יהודה מידעלמאַן, וועלכער איז אויך געוועזען אַ למדן, איבער דיא אַנערקענונג פון אַ שוחט. דער רב האָט ניט געוואָלט אַנערקענען דיא ענטשיידונג פון אויטאָריטעטען פון איי־ראָפּאַ, און דיעזעס האָט געפיהרט צו דיא ערשטע שפּאַלטונג אין דיא קאָנגרעגיי־שען. מידעלמאַן און זיינע אַנהיינגער זיינען אוועק און געמאַכט אַ בעזונדערען מנין אויף באַיאַרד סטריט, פון וועלכע עס איז שפּעטער געוואָרען דיא קאָנגרעגיי־שען בני ישראל (קאַלוואַריער, אָרגאַניזירט 1862) וועלכע האָט איצטער איהר שול אויף פּייק סטריט.

אַ פּאָרטוגעזישער איד מיט דעם נאָמען דשאָהן האַרט, וועלכער איז גע־קומען אין דיא שוהל פון פּוירל סטריט צו זאָגען קדיש ווען ער האָט געהאַט יאָהרצייט, האָט בעאיינפלוסט זיין פריינד סאַמסאָן סימסאָן (געב. אין דענבאָרי, קאָנ., 1780 ; געש. אין ניו יאָרק 1857), דעם גרינדער פון מאַונט סיני האָס־פּיטאַל, איהר צו געבען אַ נדבה דריי טויזענד דאָלאַר. דיעזע סומע איז געוועזען דער גרעסטער טהייל פון דעם פאָנד מיט וועלכען מען האָט אָפּגעקויפט אַ קירכע, נומער 78 אַללען סטריט, און איהר פערוואַנדעלט אין אַ שול. דער חנכת הבית האָט שטאַטגעפונדען אין יוני 1856. נייע מחלוקות צווישען דעם רב׳ם אַנהיינ־גער און דיא בעאַמטע האָבען געפיהרט צו אַ משפט און דערנאָך צו אַ צווייטע שפּאַלטונג ; דיעזעס מאָל איז הרב אש און דריי־און־צוואַנציג פון זיינע אַנ־היינגער אַרויסגעטרעטען און זיי האָבען געגרינדעט אַ נייע קאָנגרעגיישען וועלכע זיי האָבען אַ נאָמען געגעבען בית המדרש הגדול (אויגוסט 1859). איהר ערש־

טער פּלאַץ איז געווען אויף פּאַרסייטה סטריט, אויף דעם סאָוטה־וועסט קאָרנער פון גרענד סטריט. העברי טשאַק איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון דיא נייע קאָנגרעגיישען, מאיר סאַלווען דער סעקרעטערי, ישראל כהן דער חזן און נתן מייער דער שמש און קאָלעקטאָר.

אין דער צייט פון אָנפאַנג פון בירגער־קריעג האָט ר׳ אברהם יוסף אַש אויפגעגעבען דיא רבנות און איז געוואָרן אַ געשעפטסמאַן, און עס איז איהם עטליכע יאָהר געגאַנגען גוט. אין יענע יאָהרען איז ער געווען פון דיא גרעסטע מנדבים פאַר דיא שול, און איז אויך פאַר אַ קורצע צייט געווען איהר פּרעזידענט. אָבער ער איז געוואָרן אָרעם און האָט זיך אומגעקעהרט צו דיא רבנות, און אויסער אַ קורצע צייט אין 1876 ווען ער האָט זיך גענומען צום האַנדעל מיט כשר׳ע וויין, איז ער געבליעבען אַ רב ביז זיין טויט. זיין געמיינדע האָט זיך איבערגעצויגען פון פּאַרסייטה סטריט אויף קאָרנער קלינטאָן און גרענד סטריט אין 1865, און פון דאָרטען אין איהר נייע שול אין 69 לודלאָוו סטריט, וועלכע איז פערטיג געוואָרן אין סעפּטעמבער 1872. דיעזע שול איז פערקויפט געוואָרן אין 1885 ווען דיא קאָנגרעגיישען האָט אָפּגעקויפט דיא גרויסע מעטהאָדיסטישע קירכע אויף נאָרפאָלק סטריט, וועלכע איז בעוואוסט אַלס דער בית המדרש הגדול פון ניו יאָרק זייט מעהר וויא אַ פיערטעל יאָהרהונדערט.

דיעזע געמיינדע וועלכע איז געוואַקסען אין רייכטהום און אין צאָהל מיטגליעדער האָט זיך ענטוויקעלט אויף אַן עכט אָרטאָדאָקסישען אופן. אין 1870 האָט זיא איינגעפיהרט אַ סיסטעם פון באַקען כשרע מצות אויף פּסח. אַ בעזונדערער שוחט, אשר לעמיל הערים, איז אָנגעשטעלט געוואָרן צו פערזאָרגען דיא מיטגליעדער מיט כשרע פלייש. אַ חברה משניות איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דעם זעלבען יאָהר, און אין 1874 איז געשאַפען געוואָרן אַ חברה ש״ס צו לערנען אַ בלאַט גמרא יעדען אָבענד נאָך מעריב. דיא גרינדער זיינען געווען הרב אש און יהודה דוד אייזענשטיין (געב. אין מעזעריץ, רוסיש־פּוילען, 1855; נעק. 1872), וועלכער איז איצטער דער רעדאַקטאָר און ארויסגעבער, און כמעט דער פערפאַסער, פון דיא לשון קודש׳דיגע ענציקלאָפּעדיע "אוצר ישראל".

דיא קאָנגרעגיישען האָט אויך געטהאָן פיעלע דירעקטע און ניט אָרגאַניזירטע צדקה אַרבייט, מייסטענס דורך נדבות וואָס מען פלעגט קריעגען ביי עליות שבת און יום טוב. אָרעמע אורחים און אימיגראַנטען פלעגען געהאָלפען ווערען, און דיא רייכערע מיטגליעדער פלעגען זיי אָפט נעהמען אהיים אויף שבתים אָדער ימים טובים. מאַנכע פלעגען אויסגעהאָלפען ווערען צו ווערען פּעדלערס, און מען פלעגט מיט זיי זאָגאַר אין אָנפאַנג מיטגעהן און זיי ווייזען וויא צו פּרובירען פערקויפען זייערע סחורה. שפּעציעלע נדבות פאַר ארץ ישראל פלעגען געגעבען ווערען פון צייט צו צייט. אָבער דיא אַרבייט פון וואָהלטהאַט האָט קיינ־

מאָל ניט פערדונקעלט דיא רעליגיעזע אַרבייט, דיא אנגעלעגענהייטען פון שול זיינען געבליעבען דער עיקר, וועלכעס איז איינע פון דיא הויפּט־אורזאכען פאַר וואָס אַזעלכע קאָנגרעגיישענס בלייבען ביי זייער עכטען אָרטאָדאָקסישען כאַ־ראַקטער. ווען דיא שול איז געוואָרן רייכער האָט זיא גענומען אַ פּראָפעסיאָנע־לען חזן, יהודה אַבערמאַן (1877), און זיין נאכפאָלגער איז געווען שמחה סאַמילסאָן אין 1880. אַנדערע גרויסע קאָנגרעגיישענס האָבען אָנגעפאנגען אויפצו־וואַקסען אויף דער איסט סייד וואו דיא אידישע בעפעלקערונג איז גע־וואַקסען זעהר שנעל; אָבער דיא ווייטערע ענטוויקלונג פון געמיינדע־לעבען געהערט צו אַ שפּעטערע פּעריאָדע.

# קאַפּיטעל 23

## אריינמישונג אין דמשק. דיא שטרייטיגקייט געגען אויסנאַהמען אין דער שווייץ.

דיא עלילת דם פון דמשק; דיא ערשטע געלעגענהייט ביי וועלכע דיא אידען פון יונייטעד סטייטס האָבען געבעטען זייער רעגירונג זיך אָנצונעהמען פאַר פערפאָלגטע אידען אין אַן אַנדער לאַנד — דשאַהן פאָרסייטה׳ס אינסטרוקציאָן צו דעם אַמעריקאַנישען פערטרעטער אין טירקיי, אין וועלכען דיעזער וואונש איז ערפילט געוואָרן נאָך איידער דיא אידען האָבען איהם אויסגעדריקט — אַן אויסנאַהמע געגען אידען אין אַ פערטראַג מיט דער שווייץ, געגען דעם וואונש פון פּרעזידענט פילמאָר, הענרי קלעי און דעניעל וועבסטער — דער פאַל פון אַ אידיש־אַמעריקאַנישען בירגער אין נייעשאַטעל אָדער נייענבורג — אַגיטאַציאָן אין צייטונגען, מאַסען־פערזאַמלונגען און דענקשריפטען געגען דעם פערטראַג מיט דער שווייץ — פּרעזידענט ביוקענען׳ס אויסדרוקספאָלע ערקלערונג, און דיא "איזראַעליטישע נאָטע" פון געזאַנדטען פעי וועגען דיא אידען פון עלזאַס — דיא פראַגע ווערט פערענטפערט ווען דיא אידען פון דער שווייץ קריעגען גלייכע רעכטע.

דיא אידען פון יונייטעד סטייטס זיינען געוועזען פריי פון שוועריגקייטען מיט דיא אויסען־וועלט און האָבען אויך ניט געהאַט קיינע בעזאָנדערע אינערליכע פּראָבלעמען אין דער פּעריאָדע פון אויסשפּרייטונג וועלכע ווערט בעהאַנדעלט אין דיעזען טהייל. דער רעזולטאַט פון דעם אָפּמאַך צווישען אונזער רעגירונג און רוסלאַנד וואָס איז געשלאָסען געוואָרן אין 1832, אין וועלכען דיא רעכטע פון אַמעריקאַנישע אידען אריינצוקומען אין רוסלאַנד אונטער דיא זעלבע בעדינגונגען וויא אַנדערע אַמעריקאַנער, זיינען ניט בעוואָרענט געוואָרן אַזוי אויסדריקליך וויא עס איז געוועזען נייטיג אין דעם פאַל פון אַ רעגירונג וואָס איז אַזוי אונפריינדליך צו אידען וויא דיא רוסישע, איז ניט דערפיהלט געוואָרן ביז אַ לאַנגע צייט שפּעטער, און דאָס דאַרף פערשריעבען ווערען מעהר צו אַ פערזעהען און צו אונוויסענהייט וועגען דיא בעהאַנדלונג וואָס אידען קריעגען אין רוסלאַנד, וויא צו מוטהווילליגע נאַכלעסיגקייט. איינינע אונגינסטיגע לאָקאַלע ענטשיי־

דונגען געגען אידען אלס אידען, מייסטענס אין פעלע פון איבערטרעטען דיא זאָנטאַגס־געזעץ, אָדער פון פאָדערונגען צו זיין פּטור צו קומען אין געריכט אום שבת*) האָבען אויגענבליקליך געמאַכט אַ מעהר שמערצליכען איינדרוק. אָבער דיעזע פראַגע איז אויך ניט געוואָרן פערשאַרפט ביז אַ פיעל שפּעטערע פּעריאָדע, ווען עס זיינען אויפגעוואַקסען געמיינדען מיט גרויסע אָרעמע אָר־טאָדאָקסישע מאַסען, פאַר וועמען עס איז אַן עקאָנאָמישע שוויריגקייט צו רוהען צוויי טעג אין וואָך. אַ געלעגענטליכער פּראָטעסט געגען דעם וואָס אַ הויכער בעאַמטער פלעגט זיך פערגעסען אַז עס זיינען דאָ אין לאַנד אַנדערע בירגער וויא קריסטליכע, וויא עס פלעגט אמאָל פּאַרקומען אין פּראָקלאַמאַציאָנען פון דאַנקזאַגונגס־טאָג, (זעה דר. ליליענטהאַל'ס קאָררעספּאָנדענץ וועגען אַזאַ פּאַל מיט גאָווערנאָר סאַלמאָן פּ. טשיים פון אָהייאָ, אין דרייצעהנטען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס", זייטען 36—30), פלעגט שנעל פערגעסען ווערען ביי אידען אַזוי גוט וויא ביי קריסטען. דיא אידען האָבען פעראורזאַכט און דורכגעמאַכט זעהר ווייניג שוויריגקייטען, זיי האָבען בייגעטראָגען צו דיא אַרבייט פון ענט־וויקלען דעם לאַנד, און האָבען דערמיט געהאָלפען פּאָרבערייטען זיך אַליין און דיא אַלגעמיינע בעפעלקערונג פּאַר דעם גרויסען צופלוס פון אידישע אימיגראַנטען אין דיא קומענדיגע פּעריאָדע.

דיא אידען פון אַמעריקאַ זיינען דעריבער געווען פּאָרבערייטעט זיך צו בעטהייליגען צוזאַמען מיט דיא אידען פון דיא לענדער פון מערב אייראָפּאַ צו ערוועקען אַלגעמיינע סימפּאַטהיע און צו פעראורזאַכען דיפּלאָמאַטישע אריינ־מישונג אין דעם פּאַל פון דיא דרייצעהן אונגליקליכע אידען פון דמשק וועלכע זיינען געפּייניגט געוואָרן צוליעב דעם בלוט־בלבול פון 1840. דיא וויטקייט פון דעם פּלאַץ און דיא אַבוועזענהייט פון דיא איצטיגע מיטלען פון שנעלע פער־בינדונגען — וויא דער טעלעגראַף — האָט פעראורזאַכט אַז דיא אידען פון אַמעריקאַ האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט שפּעטער וויא דיא אייראָפּייאישע, און דיא אריינמישונג פון דאַנען איז געקומען ווען דיא אייראָפּייאישע רעגי־רונגען, אויף דיא פערווענדונג פון דיא איינפלוסרייכסטע אידען פון פראַנקרייך און ענגלאַנד, האָבען שוין געגעבען דיא הילפע וואָס איז געווען אַם נייטיגסטען. דאָך האָבען דיא שריטע וועלכע היעגע אידען האָבען וועגען דעם גענומען, און דיא נאָבעלע האַנדלונג פון דיא אַמעריקאַנישע רעגירונג אונטער פּרעזידענט מאַרטין ווען ביורען (1862—1782) אַ ווירקליכען היסטאָרישען ווערטה, און

*) זעה א. מ. פרידענבערג'ס אויפזאַץ איבער אידיש־אַמעריקאַנישע משפּטים, אין 12טען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטע 87 און ווייטער.

זיינען אזוי בעטראכטעט געוואָרן פון דעם אידישען היסטאָריקער יאָסט.*) דאָס איז געווען דער ערשטער מאָל וואָס די אידען פון אמעריקא האָבען זיך אליין פעראינטערעסירט און האָבען אויסגעווירקט צו פעראינטערעסירען די רע־גירונג אין דעם שיקזאַל פון ליידענדע אידען אין אן אנדער טהייל פון דער וועלט. זיי האָבען זיך דערמיט בעטהייליגט אין די אויסבילדונג פון דעם אלגעמיינעם אידישען געפיהל פון איינהייט, און אין די ערשטע פראַגע פון געברויכען דעם אלגעמיינעם אידישען איינפלוס פון עטליכע לענדער מיט אמאָל. די וויכטיג־קייט פון די אריינמישונג אין יענע בלוט־בעשולדיגונג האָט בערעכטיגט די בעהויפּטונג פון מר. דשייקאָבס, אז "אין א געוויסע היגזיכט קען מען זאָגען אז די מאָדערנע אידישע היסטאָריע הויבט זיך אָן מיט די דמשק־געשיכטע פון 1840". עס זיינען שוין דאַן געווען אין איניגע לענדער עמאַנציפּירטע אידען וועלכע האָבען געוואגט ארויסצוקומען מיט אן עפענטליכען פּראָטעסט געגען רציחות אויף אידען אין אנדערע לענדער, און וועלכע האָבען אויך געקענט פער־אינטערעסירען ציוויליזירטע רעגירונגען זיי זאָלען נעהמען אָפיציעלע נאָטיץ פון אזא פאַל — עטוואָס וואָס איז געווען אין גאַנצען אונבעוואוסט אין פריהערע צייטען. די אמעריקאַנישע רעגיערונג האָט פון איהר זייט אפילו גאָר ניט גע־וואַרט ביז די אידען האָבען זיך צו איהר געווענדעט וועגען די אָפּפער פון די באַרבאַרישע גרויזאַמקייט; זיא האָט אויף איהר אייגענע רעכנונג געשיקט אינ־סטרוקציאָנען צו איהרע פערטרעטער אין טירקיי און אין עגיפּטען זיי זאָלען טהאָן אַלעס וואָס זיי קענען פאַר די אונגליקליכע אידען.

די ערשטע פערזאַמלונג פון אידען "פאַר דעם צוועק זיך צו פעראייניגען אין אן אויסדרוק פון סימפּאַטהיע פאַר זייערע בריעדער פון דמשק, און צו נעה־מען אזעלכע שריטע וויא מען וועט געפינען פאַר נייטיג צו קריעגען פאַר זיי גלייכע און אונפּאַרטייאישע גערעכטיגקייט" איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין ניו יאָרק דעם 19טען אויגוסט 1840. א בריעף מיט א רעזאָלוציאָן וואָס איז אויף יענער פערזאַמלונג אָנגענומען געוואָרן איז אוועקגעשיקט געוואָרן צו פּרעזי־דענט וואַן ביורען דעם 24טען אויגוסט, אויף וועלכען מען האָט געקריעגען דעם פאָלגענדען ענטפער:

וואַשינגטאָן, 26טען אויגוסט 1840.

צו די הערען דש. ב. קורשיעדט, פאָרזיצענדער, און טהעאָדאָר דש. סייסאָס, סעקרעטער.

דשענטעלמען: — דער פּרעזידענט האָט צוגעשטעלט צו דיעזען דעפּאַרטמענט

*) זעה יאָסט'ס "נייערע געשיכטע דער איזראעליטען" צווייטער באַנד, זייטען 68—360. זעה אויך דשייקאָב עזעקיעל'ס אויפזאַץ איבער די פערפאָלגונגען פון די אידען אין 1840, אין אכטען באַנד פון די "פּאַבליקיישענס" זייטען 45—141, און דשאָסעף דשייקאָבס, "די דמשק־געשיכטע פון 1840 און די אידען פון אמעריקא", אין באַנד 10 זייטען 28—119.

אייער בריעף פון דעם 24טען פון דיעזען מאָנאַט מיט דיא איינליעגענדע רעזאָלוציאָן וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיג אויף אַ פערזאַמלונג פון איזראַעליטען פון דער שטאָדט ניו יאָרק, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן מיט דעם צוועק זיך צו פעראייניגען אין אַן אויסדרוק פון געפיהלען וועגען דעם געגענשטאַנד פון דיא פערפאָלגונג פון זייערע בריעדער אין דמשק. אויף דעם פּרעזידענט׳ס בעפעהל האָב איך דיא עהרע אייך צו לאָזען וויסען, אַז דיא הערצרייסענדע סצענען וועלכע זיינען דאָרטען פאָרגעקומען זיינען שוין געוואָרן געבראַכט צו דיא אויפמערקזאַמקייט פון פּרעזידענט דורך אַ צושריפט פון אונזער קאָנסול אין יענעם פּלאַץ, און אין פאָלגע דערפון איז אַ בריעף פון אינסטרוקציאָנען אויגענבליקליך געשריעבען געוואָרן צו אונזער קאָנסול אין אַלעקסאַנדריען, פון וועלכע איך שיק אייך איצטער צו אַ קאָפּיע.

אין דער זעלבער צייט האָט אונזער פערטרעטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געקריעגען אַ בעפעהל ער זאָל זיך אָננעהמען פאַר דיא אונטערדריקטע און פערפאָלגטע אידישע ראַסע אין דיא אָטאָמאַנישע אימפּעריע, דיא פערוואַנדטע פון מאַנכע פון אונזערע ווערטהעסטע און העכסט פּאַטריאָטישע בירגער, און דער גאַנצער געגענשטאַנד וועלכער אַפּעלירט אַזוי שטאַרק צו דיא אַלגעמיינע געפיהלען פון גערעכטיגקייט און מענשליכקייט איז איהם ערנסט רעקאָמענדירט געוואָרן ער זאָל בענוצען זיין ענערגיע און אויסרעכענונג וועגען דעם עטוואָס צו טהאָן.

האָכאַכטונגספאָל,

אייער געהאָרזאַמער דיענער,

דשאַהן פאָרסייטה.

דער בריעף פון סעקרעטערי אָוו סטייט אָדער אויסלענדישען מיניסטער דשאָהן פאָרסייטה (1780—1841) צו דעם קאָנסול, וועלכער איז דערמאָנט אין דיעזער צושריפט איז געוועזן וויא פאָלגט:

וואַשינגטאָן, 14טען אויגוסט, 1840.

דשאַהן גלידדאָן, עסק.,

יונייטעד סטייטס קאָנסול אין אַלעקסאַנדריען, עגיפּטען.

סער: — צוזאַמען מיט אַלע ציוויליזירטע נאַציאָנען האָט דאָס פאָלק פון יונייטעד סטייטס געהערט מיט ענטזעצען פון דיא אַבשייליכע פערברעכען אין וועלכע מען בעשולדיגט דיא אידען פון דמשק, און פון דיא גרויזאַמקייטען פון וועלכע זיי זיינען געוואָרן דיא אָפּפער. דער פּרעזידענט בעטהייליגט זיך אין דעם עפענטליכען אויסדרוק פון געפיהלען און ער קען זיך ניט ענטהאַלטען אויסצודריקען זיין איבערראַשונג און שמערץ אַז מען זאָל אין דיעזער פאָרטגעשריטענער צייט בעהויפּטען אַז אירגענד וועלכער טהייל פון דיא רעליגיעזע וועלט בענוצט זיך מיט אַזעלכע אוננאַטירליכע פּראַקטיק, און דאָס אַזעלכע באַרבאַרישע מיטלען זאָלען אָנגעווענדעט ווערען זיי צו צווינגען זיך מודה צו זיין אויף דיא בעשולדיגונגען וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעוואָרפען. דיא פערברעכען אין וועלכע מען בעשולדיגט דיעזע אונגליקליכע לייטע זיינען זעהר עהנליך צו בעשולדיגונגען וועלכע מען פלעגט אין וועניגער אויפגעקלערטע

ציוטען געברויכען אַלס אַ תירוץ פאַר פאַנאַטישע פערפאָלגונגען אָדער אַרויסצופּרעסען געלד. זיי זיינען דאַמאָלס געווען פאַלש און עס שיינט אַז זיי זיינען איצטער גראַדע אַזוי אונבעגרינדעט.

דער פּרעזידענט האָט בעאָבאַכטעט מיט לעבהאַפטע צופריעדענהייט, דיא אָנשטריינגונג פון איניגע קריסטליכע רעגיערונגען צו אונטערדריקען אָדער צו פערלייכטערען דיעזע שוידערהאַפטע פּאַסירונגען און ער איז העכסט צופריעדען דערפון וואָס ער איז ערפאַהרען אַז זיי זיינען געווען טהיילווייזע ערפאָלגרייך. ער וואָלט זעהר וועלען אַז דיא טהעטיגע סימפּאַטהיע און פערווענדונג פון דיא רעגירונג פון יונייטעד סטייטס זאָל ניט צוריקגעהאַלטען ווערען פון אַזאַ וואָהלטהעטיגען צוועק, און ער האָט מיר דעריבער בעפוילען אייך צו געבען אינסטרוקציאָנען איהר זאָלט געברויכען, אויב דיא געלעגענהייט וועט עס פאָדערן, אַלע אָנשטריינגונגען אויף אַ פריינדליכען אופן, וואָס זיינען אין איינקלאַנג מיט פערנונפט און מיט אייער אָפיציעלען כאַראַקטער, צו דעם צוועק אַז גערעכטיגקייט און מענשליכקייט זאָלען געברויכט ווערען צו גונסטען פון דיעזע פערפאָלגטע לייטע וואָס זייער וועה־געשריי האָט דערגרייכט צו אונזערע ברעגעס. איך בין, סער,

אייער געהאָרזאַמער דיענער,

# דשאַהן פאָרסיִיטה.

דער פאָלגענדער בריעף איז אַדרעסירט געוואָרן צו דייוויד פאָרטער (1843—1780; דער פאָטער פון גרויסען אַדמיראַל דייוויד ד. פאָרטער) וועלכער איז דאַן געווען דער געזאַנדטער פון יונייטעד סטייטס אין טירקיי:

## שטאַאטס־דעפּאַרטמענט.

וואַשינגטאָן, 17טער אויגוסט, 1840.

## דייוויד פאָרטער, עסק.

סער: —צוזאַמען מיט דעם פאָלק פון יונייטעד סטייטס האָט דער פּרעזידענט ערפאַהרען מיט טיעפע געפיהלען פון איבערראַשונג און שמערץ דיא אַבשיוליכע גרוזיאַמקייטען וואָס זיינען בעגאַנגען געוואָרן געגען דיא אידען פון דמשק און רהאָדעס, אַלס אַ פאָלגע פון אונזיננינגע בלבולים וועלכע זיינען זעהר עהנליך צו דיא וואָס פלעגען, אין וועניגער אויפגעקלערטע ציימען, אָנגעווענדעט ווערען אַלס אויסרוידען צו פערפאָלגען און צו בערויבען דיעזע אונגליקליכע לייטע. אַזוי וויא דיא סצענע פון דיעזע באַרבאַרישע פּאַסירונגען איז אין מחמד׳נישע פּראָווינצען, און אַזוי וויא אַזעלכע אונמענשליכע האַנדלונגען קומען אָפט פאָר אין דיא מזרח־לענדער, האָט דער פּרעזידענט מיר געהייסען אייך צו געבען אינסטרוקציאָן איהר זאָלט טהאַן אַלס וואָס ליעגט אין אייער מאַכט מיט דיא רעגיערונג פון זיין קייזערליכע האָהייט, דעם סולטאַן, צו וועמען איהר זייט געשיקט אַלס פערטרעטער, אַזוי וויט וויא דאָס וועט שטימען מיט אייער איינזעהענים און מיט אייער דיפּלאָמאַטישען כאַראַקטער, צו פערהינדערן אָדער צו פערלייכטערן דיעזע געוואַלט־טהאַטען — פון וועלכע דיא בעשרייבונגען האָבען געמאַכט אַז דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט זאָל אויפשוידערן. בעזאָנדערס זאָלט איהר אָנווענדען אייערע מענשענפריינדליכע אָנשטריינגונג געגען דעם

געברויך פון פּייניגונג אַלס אַ מיטעל צו צווינגען איינעם ער זאָל מודה זיין אויף אַ בעשולדיגונג וואָס מען וואַרפט אויף איהם אַרויף. דער פּרעזידענט דיינקט אַז פון קיינעם קענען אַזעלכע גרויסמיטהיגע שטרעבונגען ניט קומען אַזוי פּאַסענד און מיט אַזאַ גוטען איינדרוק וויא פון דעם פערטרעטער פון אַ פריינדליכע מאַכט וואָס איהרע פּאָליטישע און בירגערליכע אינסטיטוציאָנען שטעלען גלייך דיא אַנהייגגער פון אַלע רעליגיאָנען, עס מאַכט ניט אויס אין וואָס זיי גלויבען אָדער אין וועלכע פאָרם זיי טהוען תפלה צו גאָט, און וועלכע אַנערקענט קיין אונטערשייד צווישען מחמד'נער, איד און קריסט. אויב עס וועט אייך אויסקומען, דורכפיהרענדיג דיעזען אויפטראַג, צו געפינען פאַר נייטיג אָדער פּאַסענד צו ריידען צו איינעם פון דיא טירקישע הויכע בעאַמטע, זאָלט איהר אָנווייזען אויף דיעזע בעזונדערע כאַראַקטעריסטיק פון אונזער רעגירונג וועלכע מאַכט עס אייגענטהימליך פּאַסענד אַז איהר זאָלט זיך פערווענדען פריינדליך צו גונסטען פון דיא אונטערדריקטע און פערפאָלגטע ראַסע וואָס זייערע מיטגלידער געפינען זיך צווישען אונזערע ווערטהעסטע און העכסט פּאַטריאָטישע בירגער.
איבערגעבענדיג צו אייך דעם וואונש פון פּרעזידענט האַלט איך עס ניט פאַר ראַטהזאַם אייך צו געבען מעהר אויסדריקליכע אינסטרוקציאָנען וועגען איינצעלהייטען, אָבער איך פערלאָז זיך אויף אייער אייפער און איינזיכט צו האַנדלען ריכטיג וועגען אַ געגענשטאַנד וואָס אַפּעלירט אַזוי שטאַרק צו דיא אַלגעמיינע געפיהלען פון גערעכטיגקייט און מענשליכקייט.

איך בין, סער, אייער געהאָרזאַמער דיענער,

## דשאהן פאָרסייטה.

דיא אידען פון פילאַדעלפיא האָבען אָפּגעהאַלטען, דעם 27טען אויגוסט, אַ פערזאַמלונג אין דיא שוהל מקוה ישראל ביי וועלכע עס זיינען אויסער דיא פּראָמינענטע אידען פון שטאָדט געווען אַנוועזענד אויך אייניגע בעדייטענדע קריסטליכע גייסטליכע, וויא דאָקטאָר דיקאַשע, דער רעקטאָר פון סט. סטיווענס קירכע, דער פּרעזביטעריאַנער דר. רעמסעי, און רעוו. מר. קעננעדי, וועלכע האָבען אַלע געהאַלטען רעדעס. דער הויפּט־רעדנער איז געווען ראַבבי אייזאַק ליעסער, און ער האָט גע'טענהט דאָס אַזוי וויא קריסטענטהום און איס־לאַם שטאַמען ביידע פון אידען, וואָלטען דיא טעכטער־רעליגיאָנען אויך געדאַרפט האָבען בלוט פאַר רעליגיעזע צוועקען אויב דיא אידישע רעליגיאָן וואָלט עס גע־פאָדערט. ער האָט פאָרגעשטעלט דעם קאָנטראַסט צווישען דיא לאַגע פון דיא אידען אין דיא מזרח לענדער און זייער שטעלונג אין דיעזע גליקליכע מדינה, און האָט ערקלערט אַז חאָטש דיא אידען פיהלען זיך אומעדום אַלס טרייע ביר־גער פון דיא לענדער אין וועלכע זיי וואָהנען, זיינען זיי דאָך פערבונדען דורך סימפּאַטהיע אַלס גלויבענס־גענאָסען איבער גאַנץ וועלט, בעזאָנדערס ווען מען ברייגגט געגען זיי אַ בעשולדיגונג וואָס ריהרט אָן די עהרע און דעם גוטען נאָמען פון זייער רעליגיאָן. אַ סעריע רעזאָלוציאָנען זיינען אָנגענומען געוואָרן און זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן נאָך וואַשינגטאָן, און מר. פאָרסייטה האָט פון דאָרטען געענטפערט אויף דעם זעלבען אופן וויא ער האָט געענטפערט דיא אידען

פון ניו יארק, און האט אויך צוגעשיקט א קאפיע פון דעם בריעף וואס ער האט געשיקט צו קאנסול גלידדאן אין אלעקסאנדריען. נאך א פערזאמלונג איז אפגעהאלטען געווארן א ביסעל שפעטער אין ריטשמאנד, ווירדשיניע, וואו עס איז אנגענומען געווארן א רעזאלוציאן צו דאנקען דעם פרעזידענט פאר זיין פראמפטע און שיינע האנדלונג אין בעצוג אויף די פערפאלגונגען פון אונזערע ברידער פון דמשק.

די אידען פון יונייטעד סטייטס האבען אויך עפענטליך סימפאטיזירט מיט די ליבעראלע בעוועגונגען אין מיטעל-אייראפא, בעזאנדערס אין דייטשלאנד, וועלכע האבען געפיהרט צו די רעוואלוציאנען פון יאהר 1848. חאטש עס איז ניט געוועזען קיין רייד פון אקטיווע מיטווירקונג אדער דירעקטע הילפע אין יענע צייטען ווען עס איז געוועזען אזוי שווער זיך צוזאמען צו ריידען מיט יענעם זייט ים, האבען אלע וועלכע האבען געשריעבען פון אמעריקא בעצייכענט די היגע צושטענדע אלס כמעט אידעאל פון דעם ליבעראלען שטאנדפונקט. א פאעמע פון זיגמונד הערצל מיט די איבערשריפט "אויף! נאך אמעריקא!" איז ער־שיענען אין "צענטראל ארגאן" וואס איז ארויסגעגעבען געווארן אין 1848 אין וויען פון איזידאר בוש (געב. אין פראג, בעהמען, 1822; געק. אין ניו יארק, 1849; געש. אין סט. לואיס, מיזורי, 1898), אין וועלכע אמעריקא איז בעצייכענט געווארן אלס א פלאץ וואו וואהרע ברודער־ליעבע הערשט, וואו אונווי־סענהייט און געמיינע פאראורטהיילע זיינען אין גאנצען אונבעקאנט; וועלכעס קען גענומען ווערען אלס א ביישפיעל וויא אזוי דיעזע געפיהלען פלעגען דאן אויסגעדריקט ווערען. ווען דער בעריהמטער אידישער פיהרער פון די ליבעראלע בעוועגונג אין דייטשלאנד, גבריאל ריעססער, (געב. אין האמבורג, 1806; געש. דארטען אין 1863) האט בעזוכט אמעריקא אין 1856, איז ער דא בעגריסט געווארן פון פיעלע פריהעריגע דייטשע רעוואלוציאנערע סאלדאטען — אידישע און קריסטליכע — און אין ניו יארק איז געגעבען געווארן אן עפענטליכער באנקעט לכבוד איהם. דייטשע אידען אין פילאדעלפיא האבען געגרינדעט א ריעססער־קלוב, וועלכער האט עקזיסטירט מעהרערע יאהרען. (זעה אלבערט מ. פריעדענבערג, אין 17טען באנד פון די "פאבליקיישענס" זייטען 5—204.)

* * *

די ערשטע דיפלאמאטישע שוויריגקייטען וואס די רעגירונג פון יונייטעד סטייטס האט געהאט צוליעב אויסנאהמען וואס זיינען געמאכט געווארן געגען איהרע אידישע בירגער, זיינען פארגעקומען אין יענער צייט, און מערקווירדיגער־ווייזע איז עס ניט געוועזען מיט רוסלאנד נור מיט די קאנפעדעראציאן אדער רעפובליק פון דער שווייץ. אן אלגעמיינער פערטראג צווישעןביידע רעפובליקען איז אונטערגעשריעבען געווארן אין בערן דעם 25טען נאוועמבער 1850, פון

א. דאַדלעי מענן, אַמעריקאַנישער געזאַנדטער אין דער שווייץ פאַר דער זייט פון יונייטעד סטייטס, און ביי דיא הערגען דריאיי און פריי־הערצאָזעע פאַר דיא שווייץ. דער פערטראַג און אַ קאָפּיע פון דיא אינסטרוקציאָנען אונטער וועלכע מר. מענן האַט געהאַנדעלט, צוזאַמען מיט זיין דעפּעשע פון 30טען נאָוועמבער 1850 וועלכע האַט ענטהאַלטען ערקלערונגען פון דעם אָפּמאַך, איז אריינגעשיקט געוואָרען צום יונייטעד סטייטס סענאַט דעם 13טען פעברואר 1851 פון פּרע־זידענט מיללארד פילמאָר (1800—74). קיינע פון דיעזע דאָקומענטען זיינען ניט פערעפענטליכט געוואָרען ביז היינטיגען טאָג, ווייל דער סענאַט, וועלכער מוז בעשטעטיגען אַזעלכע אָפּמאַכען און האַט אויך דאָס רעכט צו ענטשיידען וואָס עס זאָל אין אַזאַ פאַל געטהאָן ווערען, האָט ניט געגעבען דערצו דיא ניי־טיגע ערלויבנים. אָבער פּרעזידענט פילמאָר אליין, אין דיא ערקלערונג וואָס ער האָט געשיקט צום סענאַט צוזאַמען מיט דעם פערטראַג, האָט געמאַכט אַן איינוועגדונג געגען דיא פאָרם אין וועלכע ער איז געשלאָסען געוואָרען. ער האָט זיך שאַרף אויסגעשפּראָכען געגען דעם לעצטען פּאַראַגראַף פון ערשטען ארטיקעל פון דעם פערטראַג אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען דיא ווערטער: "איבער דעם אינהאַלט פון דיא אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָן פון דער שווייץ קענען נור קריסטען אליין געניסען אין דיא פערשיעדענע שווייצערישע קאַנטאָנען דיא פּריווילעגיען וועלכע ווערען גאַראַנטירט דורך דיעזען אָפּמאַך. אָבער עס איז ניט פערבאָטען דיא קאַנטאָנען צו געבען דיא זעלבע פּריווילעגיען צו בירגער פון יונייטעד סטייטס וועלכע געהערען צו אַנדערע רעליגיאָנען".

"עס איז גאַנץ געוויס — זעצט דער פּרעזידענט פאָרט — אַז דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט קיין רעכט און קיין מאַכט דורך אַן אָפּמאַך אָדער דורך אַן אַנדער סאָרט אָפיציעלע האַנדלונג, צו מאַכען אַן אונטערשייד צווישען איהרע סיטיזענס וואָס זאָל זיין געגרינדעט אויף אַן אונטערשייד אין רעליגיאָן. יעדער נוצען אָדער פּריווי־לעגיום וואָס ווערט דורך געזעץ אָדער דורך פערטראַג געגעבען צו איינעם מוז גע־געבען ווערען צו אַלעמען, און ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פראַגע פון אַזאַ וויכטיגע אינטערעסע און אַזאַ איינפאַכע קאָנסטיטוציאָנעלע פליכט, טאָרען מיר אפילו גאָר ניט אויסרעכענען אויב עס וועט אין אַזאַ פאַל יעמאַנדען אויסקומען צו ליידען דערפון געוויסע אונבעקוועמליכקייט אָדער אונרעכט. עס איז גענוג אַז מיר וואָלטען דער־מיט מסכים געווען צו אַן אונגלייכהייט וואָס איז פיינדליך צו דיא איינריכטונגען פון דיא יונייטעד סטייטס און קען ניט שטימען מיט דיא קאָנסטיטוציאָן און מיט דיא געזעץ. דיא רעגיערונג פון דיא יונייטעד סטייטס קען זיך אויך ניט פערלאָזען אויף דיא איינציגע קאַנטאָנען פון דער שווייץ אַז זיי וועלען אויך געבען צו אַנדערע פון אונזערע סיטיזענס דיא זעלבע פּריווילעגיען וואָס דיעזער אַרטיקעל בעשטימט פאַר קריסטען. עס קען אַנדערש ניט געהן סיידען אַז יעדע פּריווילעגיום וואָס ווערט געגעבען צו אירגענד וועלכען בירגער פון יונייטעד סטייטס זאָל געגעבען ווערען צו אַלעמען, און אַז דיעזע בעשטימונג זאָל רוהען אויף דעם אָפּמאַך און דיא פערזיכערונג

פון דיא גאַנצע שווייצערישע קאָנפעדעראַציאָן אַזוי גוט וויא יעדער אַנדער אַרטיקעל פון דיעזען פערטראַג".*)

דיא צוויי פּראָמינענטעסטע מענער אין אַמעריקאַנישען עפענטליכען לע־בען פון יענער צייט, סענאַטאָר הענרי קלעי (1777—1852) און דער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען דעניעל וועבסטער (1782—1852) האָבען זיך אויסגעשפּראָכען זעהר שאַרף געגען דיא אויסנאַהמע וואָס איז אריינגע־שטעלט געוואָרען אין דיעזען פאַרגעשלאָגענעם פערטראַג. דער ערשטער האָט געשריעבען: "איך בין פאָלשטענדיג געגען געוויסע פּונקטען פון פערטראַג, אונטער וועלכע אַ רעשפּעקטירטער טהייל פון אונזערע מיט־בירגער וואָלט אויס־געשלאָסען געוואָרען פון דיא נוצען וואָס ער וועט ברייגנען. דיעזעס איז ניט דאָס לאַנד און איצטער איז ניט דיא צייט אין וועלכע אונגערעכטע פּאַראורטהיילע זאָלען ערמוטהיגט ווערען". וועבסטער האָט אין דער זעלבער צייט געשריעבען צו אַ אידען וועלכער האָט זיך צו איהם געווענדעט וועגען דיעזען געגענשטאַנד (וואַהרשיינליך דש. מ. קאַרדאָזאָ): "דיא איינוווענדונגען געגען געוויסע פּונק־טען פון דעם שווייצערישען פערטראַג מיט בעצוג אויף דיא אידען, וועגען וועל־כע איהר האָט צו מיר געשריעבען אין אייער בריעף, איז ניט פערזעהן געוואָרען פון דיעזען דעפּאַרטמענט, און איך נעהם דיא ערשטע געלעגענהייט אייך צו לאָזען וויסען אַז זיי וועלען פאַרגעלייגט ווערען פאַר דעם סענאַט צוזאַמען מיט דעם פערטראַג".

אָבגלייך דיא שווייץ האָט פערזיכערט אַז דיא אויסנאַהמען וועלכע זיא פאַ־דערט צו מאַכען זיינען ניט מעהר וויא "אַ פאָרזיכטס־מאַסרעגעל... אַ שוץ־מיטעל געגען דיא גרויסע צאָהל (אידישע) אַרומשלעפּער פון עלזאַס", האָבען דערוייל דיא צוויי קאַנטאָנען פון באַזעל זעהר שטרענג דורכגעפיהרט דעם דעקרעט וואָס איז דאָרט אַרויסגעגעבען געוואָרען דעם 17טען נאָוועמבער 1851, אין גאַנצען אַרויסצוטרייבען אַלע אידען. דאָס געזעץ איז סוספּענדירט געוואָרען אויף איינינע מאָנאַטען צוליעב אַ צושריפט וואָס קייזער נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט געשיקט צו דעם בונדעסראַטה פון דער שווייץ, אין וועלכע ער האָט געזאָגט "אַז פראַנקרייך וועט אויסווייזען אַלע שווייצערישע בירגער וועלכע האָבען זיך עטאַבלירט אין פראַנקרייך, אין פאַל ווען יענע צוויי קאַנטאָנען זאָלען דורכפיה־רען זייער געזעץ געגען דיא אידען". אָבער אין דער צייט וואָס דיא פערהאַנד־לונגען זיינען געפיהרט געוואָרען האָבען יענע צוויי קאַנטאָנען דורכגעפיהרט

---

*) זעה סאָל. מ. סטרוק'ס אויפזאַץ איבער דיא שווייץ און דיא אַמעריקאַנישע אידען, אין עלפטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטען 52—7. אויך סיירוס אדלער'ס "אידען אין אַמעריקאַנישע דיפּלאָמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ" דאָרטען אין דעם פופצעהנטען באַנד, זייטען 39—25 וואו דער געגענשטאַנד ווערט אומשטענדליך בעהאַנדעלט און וואו עס געפינען זיך אויך דאָקומענטען און קוועלען־אנצייגען.

דעם געזעצע פון אויסוויייזונג, און פראַנקרייך האָט גאָר נישט געטהאָן דאַגעגען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך דאָ אין לאַנד אָנגעהויבען אַ בעוועגונג צו געווינען רעליגיעזע טאָלעראַנץ פאַר אַמעריקאַנישע בירגער אין אייראָפּאַ אין אַלגעמיין. עס שיינט אַז דאָס איז געוועזן געציעלט געגען דיא פערפאָלגונג פון דיא אַמעריקאַנישע פּראָטעסטאַנטען אין קאַטהאָלישע לענדער, און דיא בעוועגונג אין דיעזער ריכטונג האָט געפיהרט דערצו אַז אַ רעזאָלוציאָן איז אריינגעבראַכט געוואָרן אין דיא אונטערסטע הויז פון קאָנגרעס דעם 13טען דעצעמבער, 1852, פון דשאָהן אַ. ווילקאָקס פון מיסיסיפּי, אין וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרן "אַז דיא פערטרעטער פון דיעזע רעגיערונג אין אויסלענדישע הויפען זאָלען קריעגען אינסטרוקציאָנען צו פאָדערן אַזעלכע פערבעסערונגען אין אַלע עקזיסטירענדע פערטרעגע צווישען דיא יונייטעד סטייטס און אַנדערע מעכטע פון דער וועלט וועלכע זאָלען פערזיכערן דיא זעלבע רעליגיאָנס-פרייהייט פאַר אַלע אַמעריקאַנישע בירגער וועלכע וואָהנען אין אַנדערע לענדער וויא עס איז גאַראַנטירט צו אַלע בירגער פון יעדע נאַציאָן פון דער וועלט וועלכע וואָהנען אונטער דיא פאָהן פון אונזער יוניאָן".

אַן איינוועַנדונג איז געמאַכט געוואָרן געגען דיעזע רעזאָלוציאָן אַז זיא ריהרט אָן דיא מאַכט פון דיא עקזעקיוטיווע רעגירונג אָדער פון פּרעזידענט, און דיא ענטשיידונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַ לאַנגע צייט. אַן עהנליכע רעזאָלוציאָן וועלכע איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר'ן סענאַט און איז זאָגאַר דורכגעגאַנגען דורך דיא קאָמיטע איבער אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען, איז געטראָפען געוואָרן פון דעם זעלבען שיקזאַל. אָבער דיא דעבאַטען וועגען דיעזען פּונקט האָבען געבראַכט דערצו אַז דער סענאַט האָט זיך ענטזאָגט צו בעשטעטיגען דעם פערטראַג מיט דער שווייץ אין דיא פאָרם וויא ער איז צוגעשיקט געוואָרן פון פּרעזידענט. מר. מענן האָט דאַן זיך גענומען צום פערהאַנדלען וועגען אויסאַרבייטען אַ נייעם פערטראַג, פון וועלכען דער פּאַראַגראַף געגען וועלכען דער פּרעזידענט און דיא אַנדערע בעריהמטע לייטע האָבען פּראָטעסטירט איז טאַקי אויסגעמעקט געוואָרן, אָבער דער זעלבער פּונקט וואָס זאָל האָבען דיא זעלבע ווירקונג איז אריינגעשטעלט געוואָרן אויף אַן אַנדער אופן. דער ערשטער אַרטיקעל פון נייעם פערטראַג האָט געלויטעט:

דיא בירגער פון דיא יונייטעד סטייטס פון אַמעריקאַ און דיא בירגער פון דער שווייץ זאָלען אריינגעלאָזען ווערען און בעהאַנדעלט ווערען געגענזייטיג גלייך אין ביידע לענדער, וואו אַזאַ אריינלאָזונג און בעהאַנדלונג זאָל ניט זיין אין ווידערשפּרוך מיט דיא קאָנסטיטוציאָנעלע אָדער געזעצליכע בעשטימונגען, אַלגעמיינע אָדער פון דיא סטייטס און קאַנטאָנען פון ביידע צדדים.

טראָץ דיא פריהעריגע און פיעלע שפּעטערע פּראָטעסטען פון אַ היבשע צאָהל אידען, און אויך טראָצדעם וואָס דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא רעגיע-

רונג איז צוגעצויגען געווארן צו דעם פאל פון א. ה. גוטמאן, אן אמעריקאניש-אידישער בירגער וועלכער איז אויסגעוויעזען געווארן פון קאנטאן ניישאטעל אין 1853; איז דער פערטראג וועלכער האט ענטהאלטען דיעזען ארטיקעל בעשטעטיגט געווארן פון סענאט דעם 6טען נאוועמבער 1855, די בעשטעטיגונגען זיינען אומגעטוישט געווארן מיט צוויי טעג שפעטער, און דער פערטראג איז דעם ניינטען נאוועמבער 1855 פראקלאמירט געווארן פון פרעזידענט פרענקלין פיערס (1804—69) ווען וויליאם לוירנעד מארסי (1786—1857) איז געווען שטאאטס-סעקרעטער אדער מיניסטער פון אויסווערטיגע אנגעלעגענהייטען.

אין 1856 האט דער אויבען-דערמאנטער מר. גוטמאן, וועלכער איז פערבליעבען אין ניישאטעל דורך א שפעציעלע ערלויבניס, זיך ווידער פערווענדעט, דורך דעם אמעריקאנישען געזאנדטען אין דער שווייץ, מר. טהעאדאר ס. פעי, אז די רעגירונג פון יונייטעד סטייטס זאל זיך פאר איהם אננעהמען מען זאל איהם ניט אויסווייזען. אין זיין בריעף צום אויסווערטיגען מיניסטעריום שרייבט מר. פעי אז אלס א טהאטזאכע גיט דער פערטראג צווישעןביידע רעגירונגען ניט די אידען דאס רעכט צו וואהנען אין דער שווייץ. אין א צווייטען בריעף בעהויפטעט ער אז "עס מעג זיין איבעריג צו ווידערהוילען אז דער פערהאסטער פאראגראף אין דעם פערטראג איז געווען אונפערמיידליך אהן אן ענדערונג אין די אלגעמיינע קאנסטיטוציאן פון דער שווייץ". ער ווידערהוילט אויך אז "די אריינלאזונג פון אמעריקאנישע אידען וואלט געצוואונגען אז מען זאל מוזען אריינלאזען אידען פון אנדערע נאציאנען, און מען האט דארטען מורא פאר בעזאנדערע אונבעקוועמליכקייט פון די אידישע פראצענטניקעס פון די פראנצויזישע פראווינץ עלזאס". דיעזע צווייטע גוטמאן-געשיכטע איז געווארן אלגעמיין בעקאנט, און די עפענטליכע מיינונג איז אויפגעוועקט געווארן געגען דעם פערטראג. דער רעזולטאט פון די אגיטאציאן האט זיך געלאזט מערקען אפילו אין די אלגעמיינע פרעסע פון לאנד, פיעלע פראטעסט-פערזאמלונגען זיינען אפגעהאלטען געווארן, דענק-שריפטען זיינען געשיקט געווארן נאך וואשינגטאן און קאמיטעס זיינען אויסגעקליבען געווארן וועגען דעם צו ארבייטען. א דעלעגאציאן פון פראמינענטע אידען איז געקומען אין די הויפט-שטאדט אין אקטאבער 1857, און האט איבערגערייכט א שריפט צו פרעזידענט דשיימס ביוקענען (1791—1868) וועלכער האט געגעבען אן אויסדריקליכען פערשפרעכען צו העלפען געגען די עולה איבער וועלכע די אידען האבען זיך בעקלאגט.

די ערקלערונג פון דעם פרעזידענט איבער דיעזען פונקט איז געווען אזוי שארף און ענטשלאסען אז די מייסטע פיהרער און די לייטע וועלכע האבען געהאלפען די אגיטאציאן זיינען געווארן איבערצייגט אז די פראגע איז שוין פערענטפערט צו זייערע גונסטען. דר. איינהארן האט געשריעבען אין זיין

״סיני״: ״מיר זיינען זיכער אַז דיא אידען פון יונייטעד סטייטס מעגען האָבען
פולען צוטרויען צום פּרעזידענט, און אַז זייערע רעכטע אַלס בירגער פון יונייטעד
סטייטס וועלען בעוואָרענט ווערען״. דר. וויז, אין ״איזראַעליט״ האָט געשריע־
בען: ״עס איז ביי דיא דעלעגאַטען ניט געבליעבען קיין צווייפעל אַז דיעזע אַנ־
געלעגענהייט איז ערלעדיגט אַזוי ווייט וויא דאָס אָנבעלאַנגט צו אונז״. אָבער
ראַבי ליעסער איז ניט געווען אַזוי שטאַרק צופריעדען, און האָט אויך ניט איינ־
געשטימט מיט דיא אַנדערע אַז דיא אַגיטאַציאָן דאַרף שוין איצטער אין גאַנצען
אויפהערען. ער האָט געגעבען זיין מיינונג אַז ״עס איז ראַטהזאַם אַז אַלע גע־
מיינדען וועלכע האָבען עס נאָך ביז איצטער ניט געטהאָן זאָלען אָננעהמען בע־
שליסע און עס שיקען צום פּרעזידענט, צו וויזען מינדעסטענס אַז דיא אינ־
טערעסע אין דיא פראַגע איז ניט בעשריינקט אויף דיא פיער סטייטס וועלכע
זיינען געווען פערטרעטען אין וואַשינגטאָן דעם 31טען אָקטאָבער״.

עס איז ווייטער אָנגעפיהרט געוואָרן אַ לאַנגע דיפּלאָמאַטישע קאָרעס־
פּאָנדענץ, מיט געגענזייטיגע פאָדערונגען נאָך אויסקונפט איבער דיא לאַגע
פון דיא אידען איןביידע לענדער, מיט דרינגענדע פערלאַנגען פון וואַשינגטאָן
אַז עטוואָס זאָל געטהאָן ווערען, און מיט ערקלערונגען פון מר. פּעי אַז דיא גע־
זעץ אָדער קאָנסטיטוציאָן פון דיא קאַנטאָנען וועלען מוזען געענדערט ווערען
איידער אַ גינסטיגע ענטשיידונג קען ערוואַרטעט ווערען. אין נאָוועמבער פון
דעם זעלבען יאָהר האָט מר. פּעי געשריעבען: ״איך וויל זיין פּאָרזיכטיג און
פערמיידען צו געבען דיא אידען ערמוטהיגונג״. אָבער ער האָט איצטער געאַרבייט
זעהר פלייסיג צו ערפילען דעם וואונש פון פּרעזידענט, און האָט זאָגאַר געזאַ־
מעלט מאַטעריאַל צו בעווייזען דיא פאַלשקייט פון דיא בעשולדיגונגען וואָס דיא
שווייצער מאַכען געגען דיא אידען פון עלזאַס. אין נאָוועמבער 1858 האָט ער
געשריעבען צו דעם מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען ליואיס קאַסס
(1782—1866): ״אַז דיא מיילער פון אַלע אויסלענדישע רעגירונגען און פון
אַלע פריהעריגע פערטראַג־מאַכערס זיינען ביז איצטער געווען פערשלאָסען צוליעב
דיא טענה וועגען דיא אידען פון עלזאַס. איך דיינק אַז ווען דער בעריכט וואָס
איך שטעל איצטער צוזאַמען וועט זיין פערטיג, וועט קיין שווייצערישער בע־
אַמטער ניט מעהר וואַגען צו ברייננגען דיעזע איינווענדונג געגען אונז אַלס אַן
אַרגומענט, און איך ווער אימער מעהר און מעהר איבערצייגט אַז עס קען
לוינען אָפּצוברעכען דעם פערטראַג ביז דער צייט ווען זיי וועלען אונז נאָכגעבען
אין דיעזען פּונקט״. דיא רעזולטאַטען פון מר. פּעי׳ס אונטערזוכונגען זיינען
פערקערפּערט געוואָרן אין זיין ״איזראַעליטישע נאָטע״ וועלכע ער האָט אוועק־
געשיקט צום מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן דעם דריטען יוני 1859, און האָט
איבערגעגעבען צו דעם בונדעסראַטה פון דער שווייץ דעם זעלבען טאָג. עס
האָט געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק אויף דער שווייץ, וואו דער בונדעסראַטה

אליין האט געהאלפען פערשפרייטען דיעזען דאקומענט. א דייטשע אויסגאבע דערפון איז ערשיענען אין סט. גאלל אין 1860. דיא אידען פון דער שווייץ האבען פיעל געוואונען דערפון וואס דער פערטרעטער פון אן אויסלענדישע רע־גירונג האט זיך פאר זיי אנגענומען. דער רעזולטאט האט זיך אויך געפיהלט אין אנדערע לענדער וואו אידען האבען געפיהרט א קאמפף פאר גלייכשטעלונג. מר. פעי שרייבט אין א בריעף פון אקטאבער 1859 אז דער בייערישער געזאנד־טער האט איהם פערזיכערט דאס אויב ער (פעי) זאל האבען ערפאלג אין דער שווייץ וועלען דיא אידען פון בייערן אויך ווערען עמאנציפירט.

עס האט אין אלגעמיין אנגעפאנגען אויסצוזעהן א ביסעל גינסטיגער פאר אידען אין יענע לענדער, און אנדערע פארטגעשריטענע רעגירונגען האבען זיך אויך פערוועגדעט צו דער שווייץ פאר דיא אידען; דאך איז קיין זאך ניט אויפגעטהאן געווארן אונטער ביוקענען'ס אדמיניסטראציאן. ראבבי ליעסער האט אין מערץ 1861 אויסגעדריקט, אין "אקסידענט" זיין בעדויערן פאר וואס גאר נישט איז געטהאן געווארן, און האט געשריעבען אז ער ערוואר־טעט אז גאר נישט זאל געטהאן ווערען "ביז דיא שווייץ אליין וועט בטל מאכען דיעזע געזעץ דורך דעם וואס זיא וועט אפשאפען דורך דיא קאנטאן־רעטהע אלע אויסנאהמס־געזעץ וועלכע עקזיסטירען געגען אונז". דיעזע פאראויסזאגונג האט זיך גע־וויעזען אלס דיא ריכטיגע; ווייל חאטש דער נאכפאלגענדער אויסווערטיגער מיניסטער, וויליאם ה. סיועדרד (1801—72) האט זיך ווידער גענומען צו דער פראגע דורך מר. דשארדש ג. פאג, וועלכער איז דאן געווען אמעריקאנישער געזאנדטער אין דער שווייץ, זיינען דאך אוועק אייניגע יאהר איידער א גינסטי־גער בעריכט וועגען דעם געגענשטאנד איז אנגעקומען אין וואשינגטאן. אונטער־דעסען האט דיא רעגירונג פון יונייטעד סטייטס ערנענט א אידישען בירגער, מר. בערנאיס, אלס קאנסול אין ציריך, וועלכעס האט פעראורזאכט א שטיקעל גע־רודער איןביידע לענדער, און האט געהאלפען ווייזען אז דיא אדמיניסטראציאן פון פרעזידענט אייבראהאם לינקאלן (1809—65) איז געווען פריינדליך געניגט צו אידען.

אין 1864 האט מר. פאג געשריעבען צו מר. סיועדרד אז דער פרעזידענט פון דיא שווייצערישע קאנפעדעראציאן, מר. דאבס, האט איהם ערקלערט אז דער בונדעסראטה איז איצטער געניינט צו ענדערן דעם פערטראג אז קיין אויסנאהמע צוליעב רעליגיאן זאל מעהר געמאכט ווערען געגען בירגער פון יונייטעד סטייטס אין דער שווייץ. דיא איינצעלנע קאנטאנען האבען איצטער איינער נאך דעם אנ־דערען אפגעשאפט דיא אויסנאהמען געגען אידען בכלל; אבער אין מאנכע פון זיי אזוי וויא אין באזעל, וואו דיא שנאה צו אידען איז געווען אם שטארק־סטען, האבען אידען ניט געקריגען פולע בירגער־רעכט ביז 1872, חאטש דאס רעכט צו וואהנען פריי איבעראל איז געגעבען געווארן צעהן יאהר פריהער. דיא

נייע שווייצערישע קאָנסטיטוציאָן וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אין 1874, האָט ענדליך עטאַבלירט פולע רעליגיאָנס־פרייהייט, און האָט אויך אַרויסגענו־מען דיא גאַנצע פראַגע פון בעהאַנדלען אויסלענדער פון דיא הענד פון דיא קאַנ־טאָן־רעגיערונגען און האָט עס איבערגעגעבען צו דיא בונדעס־רעגירונג. דיא פראַ־גע איז ערשט דאַן פערענטפערט געוואָרן אויטאָמאַטיש, אָדער פון זיך אליין; אָבער עס ווערט צוגעגעבען אַז דיא אָנשטרייגגונג פון דיא רעגירונג פון יונייטעד סטייטס האָט בייגעטראָגען צו דעם רעזולטאַט, חאָטש זיא האָט ניט געקענט ערנייכען איהר צוועק דורך דירעקטע דיפּלאָמאַטישע פערהאַנדלונגען.

# פינפטער טהייל

## דער בירגער־קריעג און דיא פעריאָדע פון איינאָרדנונג

## קאפיטעל 24

### דיא דיסקוסיאָן וועגען שקלאַפעריי. לינקאָלן און דיא אידען.

דיא טענדענצען פון דיא אַריסטאָקראַטישע שפּאַניער און פּאָרטוגיעזען צו גונסטען פון שקלאַפעריי — דייוויד יוליע (ליוואַי) — מיכאל היילפּרין און זיין ענט־פער אויף ראבבי ראפאל׳ס ״אַנזיכטען פון דיא ביבעל איבער שקלאַפעריי״ — אימיגראַנטען פון דיא צווייטע פעריאָדע אַלס געגנער פון שקלאַפעריי — צוויי אידישע דעלעגאַטען אויף דיא קאָנווענשאָן וועלכע האָט נאָמינירט אייבראַהאַם לינקאָלן, און איין עלעקטאָר אין 1860 — צוויי אַנדערע אידען בעטהייליגען זיך אָפיציעל אין נאָמינירען און ערוועהלען לינקאָלן פאַר אַ צווייטען טערמין אין 1864 — אברהם דשאָנאַס — ערמוטהיגונג פון תנ״ך אויף אָריגינעלע העב־רעאיש.

אַזוי וויא כמעט אַלע פון דיא ערשטע אידען וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין אַמעריקאַ האָבען געהערט צו דיא וואָהלהאַבענדע קלאַסען, און דיא מייסטע פון זיי זיינען געווען אין יעדער הינזיכט, אויסער אין זייער רעליגיאָן, אַריסטאָ־קראַטישע שפּאַניער און פּאָרטוגיעזען, איז עס געווען פאַר זיי נאַטירליך אַז זיי זאָלען אָננעהמען דיא איינריכטונג פון שקלאַפעריי וויא זיי האָבען עס געפונען, און אַז זיי זאָלען ציהען דערפון אַזוי פיעל נוצען וויא אַנדערע רייכע לייטע. עס זיינען געווען פיעלע אידישע שקלאַפען־האַלטער אין פערשיעדענע טהיילען פון דיא נייע וועלט, דאַרונטער אויך אין וועסט אינדיען, ניו יאָרק און ניו ענג־לאַנד, אין דיא פעריאָדע פאַר דיא אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָן. עס ווערען אין יענע צייטען אויך דערמאָנט נעמען פון אידישע שקלאַפען־הענדלער. דער וואַק־סענדער גייסט פון דעמאָקראַטיע און דיא פערענדערטע עקאָנאָמישע אומשטענ־דען האָבען ביסלאַכווייז געמאַכט אַן ענדע צו שקלאַפעריי אין דיא נאָרד פון יונייטעד סטייטס אין אָנפאַנג פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט. אָבער אין דיא

סאַוטה אָדער זידליכע סטייטס איז געבליעבען שקלאַפען־האַלטעריי פערשפּרייט ביי אידען אַזוי גוט וויא ביי אנדערע. דיא עפענטליכע מיינונג אין דער סאַוטה האָט געגעבען איהר צושטימונג צו שקלאַפעריי און האָט עס זאָגאַר בעטראַכטעט אַלס דיא גרונדלאַגע פון איהר רייכטהום און איהר הערשאַפט; און דער פּראָמינענטער איד פון יענער געגענד האָט געהאַנדעלט און געפיהלט אַזוי וויא זיינע ניט־אידישע נאַכבאַרען און מיט־בירגער ווען ער איז געווען אַן אייגענטהימער פון שקלאַפען אָדער ווען ער האָט פערטהיידיגט דיא איינריכטונג ביי יעדע מעגליכע געלעגענהייט. און דיא אידען וועלכע האָבען עררייכט אַ הויכע פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטליכע שטעלונג אין דער סאַוטה האָבען ניט געקענט זיין אנדערס וויא פערטהיידיגער פון שקלאַפעריי. עס זיינען פאָרגעקומען איינצעלנע פעלע פון אידען וועלכע האָבען אַרויסגעוויעזען בעזונדערע פריינדשאַפט פאַר דעם שוואַרצען מאַן, און מאַנכע זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט וויא צו בעפרייען דיא נעגערס פון וועלכע זיי זיינען געווען דיא אייגענטהימער. עס ווערט צום ביישפּיעל דערציילט פון דעם בעל צדקה יהודה טורא "אַז דיא נעגערס וועלכע האָבען איהם בעדיענט אין הויז פון דיא שעפּאַרדס — ביי וועמען ער האָט געוואָהנט פיערציג יאָהר — זיינען בעפרייט געוואָרן מיט זיין הילף; און אַז דער איינציגער שקלאַף וועלכער איז אַמאָל געווען זיין אייגענטהום איז פון איהם ערצויגען געוואָרן צו טויגען פאַר געשעפט, דאַן האָט ער איהם בעפרייט און פערזאָרגט מיט געלד און מיט ווערטהפאָלען ראַטה". דיא אַמעריקאַנישע און אויסלענדישע אנטי־שקלאַפעריי געזעלשאַפט האָט אין איהר בעריכט פון יאָהר 1853 דערמאָנט אַז מאַנכע אידען פון דער סאַוטה "האָבען זיך ענטזאַגט צו האָבען אייגענטהומס־רעכט אין מענשען, אָדער אפילו צו האָבען שקלאַפען אַרום זיך" און אַז דיא גרויזאַמע פערפאָלגונגען פון וועלכע זיי אַליין האָבען געליטען האָט געהאַט דיא ווירקונג אַז זיי זאָלען ווערען פריינדע פון אַלגעמיינע פרייהייט.*) אָבער דאָס זיינען געווען אויסנאַהמס־פעלע, ניט כאַראַקטעריסטישע, וועלכע זיינען פאָרגעקומען צווישען קריסטען אַזוי גוט וויא צווישען אידען.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך צו געפינען אַזאַ מאַן וויא דייוויד יוליע, (אָריגינעל האָט ער געהייסען ליוואַי, געב. אין סט. טהאָמאַס, וועסט אינדיען 1811; געש. אין ניו יאָרק, 1886) וועלכער איז נאָך זיין שטודיום אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע, געוואָרן דער אייגענטהימער פון אַ פּלאַנטאַציע אין פלאָרידאַ, אַלס אַ טרייען אונטערשטיצער און פערטהיידיגער פון שקלאַפעריי. ער איז געווען אַ דעלעגאַט אין קאָנגרעס פון דיא טעריטאָריע פלאָרידאַ פון

*) זעה מאַקס דש. קאָהלער אין דעם אַרטיקעל איבער דיא אַנטי־שקלאַפעריי בעוועגונג אין אַמעריקאַ אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע.

1841 ביז 1845, ווען ער האָט נאָך געטראָגען דעם נאָמען ליוואַי. ווען פלאָרידאַ איז אין 1845 אריינגעקומען אַלס אַ סטייט, איז ליוואַי, וועלכער האָט דאַן אָנגענומען דעם נאָמען יוליע, ערוועהלט געוואָרן אַלס יונייטעד סטייטס סענאַטאָר פון יענעם סטייט, און איז געווען דער ערשטער איד אריינצוטרעטען אַלס מיטגליעד אין דיא אויבערסטע הויז פון אַמעריקאַנישען קאָנגרעס. ער האָט געדיענט אַ פולען טערמין פון זעקס יאָהר און איז שפּעטער ערוועהלט געוואָרן פאַר אַ צווייטען טערמין, אָנפאַנגענדיג פון יאָהר 1855, וועלכען ער האָט אָבער ניט געענדיגט, ווייל ער האָט זיך צוריקגעצויגען אין יאַנואַר 1861, אריינצוטרעטען אין דיא קאָנפעדעראַציאָן פון דער סאַוטה, און איז שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליעד פון איהר קאָנגרעס. מיר געפינען זאָגאַר אַן איינוואָהנער פון דיא ווייטע וועסט, ריכטער סעמיועל היידענפעלדט פון קאַליפאָרניע, וועלכער איז דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל, וועלכער איז אַלס געבאָרענער פון דער סאַוטה געווען אַ שטאַרקער אַנהייננגער פון דיא רעבעלען; געהענדיג אַזוי ווייט אַז ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון אַן איינטרעגליכע פּראַקטיק ווייל ער האָט ניט געוואָלט נעהמען דיא שבועה פון טרייהייט וואָס מען האָט דאַן געפאָדערט פון יעדען אַדוואָקאַט אין דיא גערירכטען פון קאַליפאָרניע (זעה פריעדענבערג אין צעהנטען באַנד פון דיא "פּאָבליקיישענס" זייטע 138).

אידען האָבען זיך אויך בעטהייליגט פון ביידע זייטען אין דיא רעליגיעזע וכוחים וועלכע זיינען אין יענער צייט געפיהרט געוואָרן, ווען די פראַגע פון שקלאַפעריי האָט אָנגעהויבען צו ווערען דיא וויכטיגסטע אין פּאָליטישען לעבען פון אַמעריקאַנישען פאָלק. עס איז שוין פריהער דערמאָנט געוואָרן אַז דר. איינהאָרן איז געצוואונגען געוואָרן צו פערלאָזען באַלטימאָר איבער זיין אויסגעשפּראָכענע שטעלונג געגען שקלאַפעריי אין זיינע פּרעדיגטען און אין זיין מאָנאַט־שריפט "סיני". ראַבבי שבתי מאָראיס האָט געפונען אין פילאַדעלפיאַ, גראַדע וויא דיא ראַבינער בערנהאַרד פעלזענטהאַל און ליעבמאַן אַדלער האָבען געפונען אין שיקאַגאָ, אַ פיעל פריינדליכערע אומגעבונג פאַר זייער אַרבייט געגען שקלאַפעריי. ראַבבי מאָריס דש. ראַפאַל, פון ניו יאָרק, איז אַרויסגעקומען אין יאָהר 1860 מיט אַ שטאַרקען פאָרטראַג, וועלכער איז שפּעטער אויך אַרויסגעגעבען געוואָרן אַלס אַ בראָשיורע, מיט דעם טיטעל "אנזיכטען פון דיא ביבעל איבער שקלאַפעריי" אין וועלכע ער האָט געזוכט צו בעווייזען דאָס אַזוי וויא דער תנ"ך, וועלכער איז דאָס העכסטע רעליגיעזע געזעץ, האָט צוגעשטימט צו שקלאַפעריי, איז עס אומזיסט צו ריידען וועגען אַ העכערעס געזעץ געגען דעם. עס האָבען זעלבסט־פערשטענדליך ניט געפעהלט קיין אַנטוואָרטען אָפּצושלאָגען דיעזען אַרגומענט; אָבער קיינע פון זיי איז ניט געווען אַזוי שטאַרק און האָט ניט צוגעצויגען אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט וויא איינע וואָס איז געקומען פון דיא

פּעדער פון אַ געלעהרטען וועלכער האָט רעפּרעזענטירט דיא לעצטע קלאַס פון אידישע אימיגראַנטען אין יונייטעד סטייטס.

דיעזער מאַן איז געווען מיכאל היילפּרין (געב. אין פּיאָטרקאָוו, רוסיש־פּוי־לען, 1823; געש. אין סאָממיט, ניו דשוירסי, 1888) דער זאָהן פון פּינחס מענ־דעל היילפּרין (געב. אין לובלין, רוסיש־פּוילען, 1801; געש. אין וואַשינגטאָן, 1863). דער עלטערער היילפּרין וועלכער איז געווען אַ סוחר אַ למדן און אַ משכיל פון אַלטען אידיש־פּוילישען סאָרט, און דער פערפאַסער פון איינינע ווערקע אין לשון קודש, איז געווען מיכאל'ס איינציגער לעהרער, און ער האָט איהם ערצויגען אין דעם גייסט פון דיא פערנינפטיגע אָרטאָדאָקסיע וועלכע איז ניט געגען וועלטליכע בילדונג. מיכאל'ס וואונדערבאַרער זכרון און גרויסע פלייסיג־קייט האָבען איהם ערמעגליכט בעקאַנט צו ווערען מיט פּיעלע שפּראַכען און מיט פערשיעדענע וויסענשאַפטען, וועלכעס האָט איהם שפּעטער ערמעגליכט צו ווע־רען איינער פון דיא רעדאַקטערע און וויכטיגסטע מיטאַרבייטער אין "אַפּעל־טאָן'ס נייע אַמעריקאַנישע ענציקלאָפּעדיע". דיא היילפּרינס האָבען זיך בעזעצט אין נאָרד אונגאַרן אין 1843, וואו מיכאל האָט זיך עטאַבלירט אַלס אַ בוך־הענדלער אין מישקאָלץ. ער האָט שנעל ערלערענט דיא אונגאַרישע שפּראַכע, און זיינע אַרטיקלען און געדיכטע צו גונסטען פון דיא בעפרייאונג פון אונ־גאַרן האָבען צוגעצויגען אויפמערקזאַמקייט אין דיא שטירמישע צייטען פון 1848 און 1849. ער איז געוואָרן דער פריינד און פערטרויענס־מאַן פון לודוויג קאָשוטה (1802—94) און פון אַנדערע פיהרער, און ווען דיא אונאַבהייננגיגע אונגאַרישע רעגיערונג וועלכע האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט איז געגרינדעט געוואָרן, איז מיכאל היילפּרין געוואָרן סעקרעטערי פון דיא ליטעראַרישע ביוראָ וועלכע איז געווען פערבונדען מיט איהר מיניסטעריום פון אינערליכע אַנגע־לעגענהייטען. ווען דיא רעוואָלוציאָן איז אונטערדריקט געוואָרן האָט ער פער־בראַכט אַ געוויסע צייט אין קראָקאָו און דערנאָך אין פראַנקרייך, אָבער ער האָט זיך אומגעקעהרט נאָך אונגאַרן אין 1850 און האָט זיך בעזעצט אַלס לעה־רער אין סאַטאָראַליאַ־אויהעלי, וואו זיין צווייטער זאָהן, דער גוט־בעקאַנטער אַמעריקאַנישער נאַטור־פאָרשער אַנדשעלאָ היילפּרין, איז געבאָרן געוואָרן אין 1853 (געש. אין ניו יאָרק, 1907). זיין עלטערער זאָהן, לואיס, דער ענציקלאָ־פּעדיסט, (געב. אין מישקאָלץ, 1851) איז געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1912.

מיכאל היילפּרין איז געקומען אין יונייטעד סטייטס אין 1856 און האָט זיך בעזעצט אין פילאַדעלפיא, וואו ער איז געבליעבען צוויי יאָהר אַלס לעהרער אין דיא שולען פון דיא "היברו עדיוקיישען סאָסייעטי". ער האָט "געזעהן נור איין קאַמפּף היער און אין אונגאַרן" און ער האָט גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דיא בעוועגונג געגען שקלאַפּעריי. אין 1858 האָט ער זיך בעזעצט אין ברוק־לין, וואו ער איז פערבליעבען ביז 1863 ווען ער איז אַוועק אויף צוויי יאָהר אין

וואשינגטאָן, זיך אומקעהרענדיג נאָך ניו יאָרק אין 1865. דעם 16טען יאַנואַר 1861 איז ערשיענען אין דיא "ניו יאָרק טריביון" זיין פייעריגע און גרינדליכע ווידערלעגונג פון ראפאל'ס אנזיכטען וועלכע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. זיין קרעפטיגע און איבערצייגענדע צוריקווייזונג פון דיא בעהויפּטונג אַז אידען האַלטען פון שקלאַפעריי האָט מעהר בייגעטראָגען צו ערוועקען דעם אַלגעמיינעם פּובליקום וויא דיא אַרבייט פון יעדען אַנדערען אידען אין דיעזער ריכטונג.

דיא גרויסע מאַסע אידישע אימיגראַנטען וועלכע זיינען געקומען פון דייטשלאַנד אין דיא 40 יאָהר פאַר דעם בירגער־קריעג, זיינען געווען כמעט איינשטימיג געגען שקלאַפעריי, ווייל זיי זיינען געווען אונטער דעם איינפלוס פון דיא ליבעראַלע בעוועגונגען אין דיא אַלטע וועלט. דיעזע אימיגראַנטען זיינען געווען זעהר שטאַרק פּעראינטערעסירט אין דיא אַנטי־שקלאַפעריי בעוועגונג, און זיינען געווען צווישען דיא ערשטע און דיא בעגייסטערטעסטע מיטגליעדער פון דיא ניי־געגרינדעטע רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי. דיא צוויי אידען וועלכע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דעלעגאַטען צו דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון דיעזער פּאַרטיי אין 1860, וועלכע האָט נאָמינירט אייבראַהאַם לינקאָלן פאַר דיא פּרעזידענטשאַפט, און דער איינציגער אידישער מיטגליעד פון עלעקטאָרען־קאָלעגיום וועלכער האָט בעשטעטיגט דעם אויסוואַהל פון פאָלק אין יענעם יאָהר, זיינען אַלע געווען געבאָרענע פון דייטשלאַנד. דער עלטעסטער פון זיי איז געווען זיגיסמונד קויפמאַן (געב. אין דאַרמשטאַדט, 1824; געש. אין בערלין, 1889), וועלכער האָט זיך בעטהייליגט אין דיא דייטשע רעוואָלוציאָן פון 1848—49 און קומענדיג דערנאָך אין אַמעריקאַ איז ער געוואָרן אַ פּערטרעטער פון דעם דייטשען רעפּובליקאַנישען עלעמענט אין יונייטעד סטייטס. ער האָט גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דיא פיהרערשאַפט פון דייטשע געזעלשאַפטליכע און בריעדערליכע אָרגאַניזאַציאָנען אין ניו יאָרק, איז געווען אַ דירעקטאָר פון אידישען וואייזען־הויז, און האָט אויך בעקליידעט דעם אַמט פון קאָמיסיאָנער פון איינוואַנדערונג. ער פלעגט האַלטען רעדעס אין ענגליש, דייטש און פראַנצעזיש אויף אַנטי־שקלאַפעריי פערזאַמלונגען, און איז בעטראַכטעט געוואָרן אין זיין צייט אַלס איינער פון דיא איינפלוסרייכע פּאָליטיקער אין ניו יאָרק. ער איז ערוועהלט געוואָרן אַלס פּרעזידענט־עלעקטאָר פון דעם סטייט ניו יאָרק אין 1860.

מאָריץ פּיננער (געב. אין דייטשלאַנד אַרום 1828) איינער פון דיא מיטגליעדער פון דיא רעפּובליקאַנישע סטייט קאָנווענשאָן וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין סט. לואיס דעם 12טען פעברואַר 1860, איז ערוועהלט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו דיא נאַציאָנאַלע רעפּובליקאַנישע קאָנווענשאָן וועלכע איז געהאַלטען געוואָרן אין שיקאַגאָ דעם פאָלגענדען מאַי. ער איז געווען געגען דעם

קאנדידאט פאר פרעזידענט וועלכע יענע קאָנווענשאָן האָט אויפגעשטעלט, און ווען זיא האָט אָנגענומען דיא בעשטימונג אז אַלע דעלעגאטען פון סטייט מוזען שטימען וויא דיא מעהרהייט בעשליסט, וועלכעס האָט געמיינט אז ער וואָלט געווען געצוואונגען צו שטימען געגען זיין בעליעבטען קאַנדידאַט (סיוערד), האָט ער אָנגעבאָטען זיין רעזיגנאציאָן; אָבער דיא קאָנווענשאָן האָט זיך גע־שלאָסען און זיא איז ניט אָנגענומען געוואָרן. ער איז געווען אויף דיא קאָנוועג־שאָן אין שיקאגאָ אַלס אַ דעלעגאַט, אָבער ער האָט ניט געשטימט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט זיין געבונדען דורך דיא בעשטימונג פון דיא סטייט־קאָנוועגשאָן, וועלכעס איז איינע פון דיא אורזאכען פאַר וואָס זיין נאָמען ערשיינט ניט אויף דיא אָפיציעלע ליסטע פון דיא דעלעגאַטען פון מיזורי. פיננער, וועלכער האָט זיך שפּעטער בעזעצט אין עליזאבעטה, ניו דשוירסי, האָט זיך עטליכע יאָהר פאַר דעם אויסברוך פון בירגער־קריעג בעשעפטיגט מיט פערשפּרייטען אַנטי־שקלאַפעריי ליטעראַטור אין מיזורי, און איז פאַר אַ געוויסע צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ דייטשע צייט־שריפט וועלכע האָט געאַרבייטעט אין דיא זעלבע ריכטונג.*)

דער דריטער און אינגסטער פון דיא דריי אידען וועלכע האָבען זיך דירעקט בעטהייליגט אין דעם אָפיציעלען טהייל פון דיא אַרבייט פון נאָמינירען און ערוועהלען אייבראהאם לינקאָלן צו דיא פּרעזידענטשאַפט אין 1860, איז געווען לואיס נפתלי דעמביץ, (געב. אין צירקע, פּראָווינץ פּאָזען, פּרייסיש־פּוילען, 1833; געש. אין לואיסוויל, קענטאָקי, 1907), וועלכער האָט פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט אין לואיסוויל זייט 1853. ער איז פריהער געווען טהעטיג אַלס זשור־נאַליסט, און האָט שפּעטער געשריעבען אייניגע ווערקע איבער געזעצליכע און אַלגעמיינע, וויא אויך איבער אידישע געגענשטענדע. ער איז בעטראַכטעט געוואָרן אַלס איינער פון דיא פיהרער פון קאָנסערוואַטיווען יודענטהום אין אַמעריקאַ, ער האָט גענומען אַ לעבהאַפטע אינטערעסע אין אידישע אַנגעלע־גענהייטען און האָט געהאַלטען פערשיעדענע עמטער אין לאָקאַלע און אין נאַציאָ־נאַלע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען. ער איז אַם בעסטען בעוואוסט אַלס דער פערפאַסער פון אַן ענגלישעס ווערק איבער "געבעט אין שול און אין דער היים" (1898). ער איז געווען אויף דיא קאָנוועגשאָן פון 1860 אַלס אַ דעלעגאַט פון לואיסוויל, וואו ער האָט געוואָהנט מעהר וויא אַ האַלבעס יאָהרהונדערט, און וואו ער האָט געהאַלטען דיא שטעלע פון געהילפע צום שטאָדט־אַדוואָקאַט פון 1884 ביז 1888.

דער איינציגער אידישער דעלעגאַט אויף דיא קאָנוועגשאָן וועלכע האָט רע־נאָמינירט מר. לינקאָלן אין 1864, איז אויך געווען אַ געבאָרענער פון דייטש־

---

*) זעה מארקענס, "לינקאָלן און דיא אידען" אין 17טען באנד פון דיא "פּאבליקיישענס" פאר אן אומשטענדליכע בעהאנדלונג פון דעם געגענשטאנד פון דיעזען קאפּיטעל.

לאַנד, און דער איינציגער עלעקטאָר ביי דיעזע צווייטע געלעגענהייט האָט געשטאַמט פון דייטשע עלטערן. דער ערשטער איז געווען מאיר הירש (1829—76) אַ קויפמאַן פון סיילעם, אָרעגאָן, וועלכער איז געווען איינער פון דיא זעקס דע־לעגאַטען פון יענעם סטייטס צו דיא רעפּובליקאַנישע נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן אין 1864. ער האָט זיך בעזעצט אין אָרעגאָן אין 1852, ווען ער איז געקומען אין אַמעריקאַ פון ווירטעמבערג. אין 1874 האָט ער זיך בעזעצט אין ניו יאָרק וואו ער איז געשטאָרבען מיט צוויי יאָהר שפּעטער. מאיר הירש איז געווען אַ ברודער פון סאָלאָמאָן הירש, וועלכער איז געווען דער געזאַנדטער פון יונייטעד סטייטס אין טירקיי פון 1889 ביז 1892, און פון עדוואַרד הירש, וועלכער איז געווען דער סטייט טרעזשורער און שפּעטער אַ סטייט סענאַטאָר פון אָרעגאָן.

דער עלעקטאָר פון 1864 איז געווען א. דש. דיטענהעפער, (געב. אין סאַוטה קאַראָליינאַ, 1836) וועלכער איז געקומען מיט זיינע עלטערן נאָך ניו יאָרק ווען ער איז געווען פיער יאָהר אַלט, און איז דאָרטען זייט דאַמאַלס געבליעבען וואָהנען. ער האָט געדיענט אַלס ריכטער פון מאַרין־געריכט (דיא איצטיגע סיטי קאָורט) און האָט געהאַלטען איינינע שטעלען פון פערטרויען און פעראַנטוואָרט־ליכקייט, אין דיא רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, פון וועלכע ער איז געווען איינער פון דיא ערשטע מיטגליעדער אין ניו יאָרק.

צווישען דיא פּערזענליכע פריינדע פון אייבראַהאַם לינקאָלן איז געווען אברהם דשאָנאַס (יאָנאַס, געב. אין עקסיטער, ענגלאַנד, 1801; געש. אין קווינסי, אילינאָיז, 1864) וועמען'ס פיער זיהן עס האָבען, מערקווירדיגער־וויזע, געדיענט אין דיא אָרמעע פון דיא סאַוטה. דשאָנאַס האָט פריהער געוואָהנט אין קענטאָקי וואו ער איז געווען אַ מיטגליעד פון דיא סטייט לעדשיסלייטשור אין 30—1828 און אין 1833, אין וועלכען יאָהר ער איז אויך ערוועהלט געוואָרן אַלס גראָסמייסטער פון דיא פריי־מויערער פון יענעם סטייט. ער האָט זיך בעזעצט אין אילינאָיז אין 1838 און איז דאָרטען אויך ערוועהלט געוואָרן גראָסמייסטער פון דיא גרענד־לאָדש פון פריי־מויערער וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1839. ער איז ערוועהלט געוואָרן אַלס מיטגליעד פון דיא לעדשיסלייטשור פון אילינאָיז אין 1842, און האָט זיך צוריקגעצויגען פון מסחר ווען ער איז גע־וואָרן אַן אַדוואָקאַט אין 1843. ער איז געווען פּאָסט־מאַסטער פון קווינסי פון 1849 ביז 1852. דיא רעפּובליקאַנישע קאָנווענשאָן פון סטייט אילינאָיז האָט אין מאַי 1856 אויסגעקליעבען דשאָנאַס'ען פאַר אַן עלעקטאָר פאַר איהר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, גענעראַל פרימאָנט. דיא זעלבע קאָנווענשאָן האָט אויך דאַן אויסגעקליעבען לינקאָלן אַלס איינעם פון דיא עלעקטאָרס. אַ פער־טרויענס־בריעף וואָס לינקאָלן האָט געשריעבען, נאָכדעם וויא ער איז נאָמינירט געוואָרן פאַר פּרעזידענט אין 1860, צו דשאָנאַס'ען, אין וועלכען ער לייקענט אָפּ דיא בעשולדיגונג אַז ער געהערט צו דיא "נאָו־נאָטהינג פּאַרטיי" איז אָפּגעדרוקט

אין לינקאָלן׳ס אויטהאָריזירטע ביאָגראַפיע וועלכע איז פערפאַסט געוואָרן פון ניקאָלעי און העי. ווען דשאָנאַס איז געלעגען אויף׳ן טויטען־בעט איז זיין איינציגער וואונש געווען צו זעהן זיין זאָהן טשאַרלז, פון צוועלפטען רעגימענט פון אַרקאַנסאַו, וועלכער איז געווען אַ קריעגס־געפאַנגענער אויף דשאַהנסאָן׳ס אינזעל, אויף לייק איריע. דיעזער וואונש איז צוגעשיקט געוואָרן טעלעגראַפיש צו פּרעזידענט לינקאָלן, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאַטירט דעם 2טען יוני 1864, "צו ערלויבען טשאַרלס ה. דשאָנאַס, וועלכער איז איצטער אַ קריעגס־געפאַנגענער אויף דשאַהנסאָן׳ס אינזעל, אַ פּאַראָל אויף דריי וואָכען, צו בעזוכען זיין שטערבענדען פאָטער, אייבראַהאַם דשאָנאַס אין קווינסי, אילינאָיז". בענדשעמין פרענקלין דשאָנאַס, (געב. אין וויליאַמסטאָון, קענטאָקי, 1834 ; געשטאָרבען אין ניו אָרלינס 1911), וועלכער האָט געדיענט אין דיא אַרטילעריע פון הוד׳ס קאָרפּוס אין דיא אַרמעע פון טעננעסי, און וועלכער איז נאָכדעם וויא ער האָט געדיענט איינינע טערמינען אין דיא לעדשיסלייטשור פון לואיזיענע, ערוועהלט געוואָרן אַלס יונייטעד סטייטס סענאַטאָר פון יענעם סטייט, און געדיענט פון 1879 ביז 1885, איז געווען איינער פון דיא אויבענדערמאָנטע פיער זיהן פון אברהם דשאָנאַס וועלכע האָבען געדיענט אין דיא אַרמעע פון דער סאַוטה.

דיא בעוואונדערונג וואָס אידען האָבען געפיהלט פאַר לינקאָלן איז וואַהרשיינליך אַם בעסטען אויסגעדריקט געוואָרן אין דיא זיידענע פאָהן וועלכע דער "סיטי קלוירק" אברהם קאָהן פון שיקאַגאָ האָט געשיקט צו דעם ניי־ערוועהלטען פּרעזידענט איידער ער איז אַוועקגעפאָהרען נאָך וואַשינגטאָן אין פעברואַר 1861. דיא פאָהן איז געווען אַ קאָלירטע און עס האָבען זיך אויף איהר געפונען אין שוואַרצע אידישע בוכשטאַבען זיעבען פּסוקים פון דעם ערשטען קאַפּיטעל פון יהושע, פון וועלכע דער לעצטער איז געווען : "הלא צויתיך חזק ואמץ אל תערץ ואל תחת כי עמך ה׳ אלהיך בכל אשר תלך."

# קאַפּיטעל 25

## בעטהייליגונג פון אידען אין בירגער־קריעג. יהודה פ. בענדשעמין.

דיא וואַהרשיינליכע צאָהל אידען אין יונייטעד סטייטס אין דער צייט ווען דער בירגער־קריעג האָט זיך אָנגעהויבען — סעדדאָן׳ס אָפּשאַצונג ״פון צעהן ביז צוועלף טויזענד אידען אין דיא אַרמעע פון דיא סאַוטה״ — יהודה פּ. בענדשעמין, דער גרעסטער איד אין אַמעריקאַנישען עפענטליכען לעבען — זיין יוגענד און זיין הייראַטה — פּאָליטיקער, אייגענטהימער פון אַ פּלאַנטאַציע און שקלאַפען־האַלטער — ערוועהלט אין יונייטעד סטייטס סענאַט און ווידער־ערוועהלט אַלס אַ דעמאָקראַט — ער פערלאָזט וואַשינגטאָן ווען לואיזיענע טרעט אַרויס פון יוניאָן, און טרעט אריין אין קאַבינעט פון דיא קאָנפעדעראַציאָן — יוסטיץ־מיניסטער, קריעגס־מיניסטער און מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען — זיין אויסווערטיגע פּאָליטיק — זיין אַרבייטס־פעהיגקייט — ווען אַלעס איז פערלאָרען געהט ער אַוועק נאָך ענגלאַנד און ווערט דאָרטען איינער פון דיא גרעסטע אַדוואָקאַטען — ער פערברייננגט זיינע לעצטע טעג אין פראַנקרייך.

דיא העכסטע אָפּשאַצונג פון דיא צאָהל אידען אין יונייטעד סטייטס אין דער צייט ווען דער בירגער־קריעג האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז געווען פיער הונ־דערט טויזענד (דשאָנאַס פּ. ליוואי אין 1858; זעה אין עלפטען באַנד פון דיא ״פּאָבליקיישענס״, זייטע 39); דיא קלענסטע אָפּשאַצונג, וועלכע ווערט געגע־בען פון מר. סיימאָן וואָלף אין זיין בוך וואָס איז דער הויפּט־אויטהאָריטעט איבער דיא בעטהייליגונג פון אידען אין דיא מלחמה*) איז דאָס ״עס איז אין גאַנצען צווייפעלהאַפט אויב עס זיינען געווען מעהר וויא 150,000 אידען אין לאַנד, אָדער אפילו אַזוי פיעל, ווען מען האָט זיך אָנגעהויבען צו שלאָגען.״ אָבער עס איז זיכער דאָס אפילו אויב דיא העכערע אָפּשאַצונג איז נעהענטער צום אמת, האָבען דיא אידען אויך גענומען אויף זיך זייער פולען חלק אין דעם גרויסען קאַמפּף, און אז ״דיא צאָהל אידישע סאָלדאַטען, אין דיא נאָרד און אין דיא סאַוטה, איז געווען אין אַ פיעל גרעסערע פּראָפּאָרציאָן וויא זייער פערהעלטניס צו דיא אַלגעמיינע בעפעלקערונג.״ דיא סטאַטיסטיק וואָס מר.

---

*) ״דער אַמעריקאַנישער איד אַלס פּאַטריאָט, סאָלדאַט און בירגער״ זייטע 6.



From Pierce Butler's "Judah P. Benjamin."

יהודה פּ. בענדשעמין
Judah P. Benjamin

וואָלף האָט אָנגעזאַמעלט בעווייזען אַז איבער זיעבען טויזענד אידען האָבען זיך בעטהייליגט אין דיא מלחמה פון ביידע זייטען, אָבער עס איז קיינעסוועגס געווען פאַר איהם מעגליך צו מאַכען פאָלקאָמענע ליסטס. ניט דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס און ניט דיא רעגיערונג פון דיא קאָנפעדעראַציאָן האָבען פערצייכענט דיא רעליגיאָן פון זייערע סאָלדאַטען; אַ גרויסע צאָהל פון דיא יונגע אידיש־דייטשע פרייוויליגע זיינען געווען ווייט פון רעליגיאָן און האָבען זיך ניט אויסגעגעבען אַלס אידען, און פיעלע פון דיא געבאָרענע אידען האָבען געהאַט אַמעריקאַנישע נעמען און עס איז געווען שווער אויסצוגעפינען אַז זיי זיינען אידען. ווען מען האָט געבעטען ביי מר. סעדדאָן, דעם קריעגס־מיניסטער פון דער סאַוטה, אין הערבסט פון יאָהר 1864 ער זאָל בעפרייען דיא אידישע סאָלדאַטען אויף ראש השנה און יום כפור, ווערט בעריכטעט אַז ער האָט געענטפערט דאָס ער גלויבט אַז עס זיינען דאָ פון צעהן ביז צוועלף טויזענד אידען אין דער אַרמעע פון דיא סאַוטה, און דאָס געוויסע קאָממאַנדאָס וועלען צו פיעל אָפּגעשוואַכט ווערען ווען מען זאָל פון זיי צונעהמען דיא אידען. דאָס איז וואהרשיינליך געווען אַן איבערטרייבונג, אָבער זעהר ווייט פון אמת קען עס ניט זיין, און ווען מען געדיינקט דיא קליינע צאָהל אידען אין דער סאַוטה אין אַלגעמיין, איז עס ווירקליך מערקווירדיג אַז אַזוי פיעל פון זיי זאָלען זיין אין דער אַרמעע.

דיא צאָהל אידען וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער מוטה, און וועלכע האָבען ערררייכט הויכע ראַנגעס און געקריעגען אַנדערע אַנערקענונג, איז אויך ציעמליך גרויס, בעזאָנדערס ווען מען געדיינקט אַז אידען פון יענער צייט האָבען געהאַט זעהר וועניג ערפאַהרונג אין קריעגס־דיענסט. אָבער איי־דער מיר קומען צו דיא אידען וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אויף'ן שלאַכט־פעלד, און צו דיא אַנדערע וואָס זייער ליעבענסווערטהע בעטהייליגונג אין קריעג האָט זיי געהאָלפען צו ווערען פראָמינענט אויף פערשיעדענע אופנים, וועלען מיר ריידען פון דעם איין מאַן וועלכער האָט פערנומען אַ פּלאַץ צווישען דיא ווירקליכע פיהרער פון דיעזען ריעזיגען קאַמפּף, דעם גרעסטען אידען אין אַמע־ריקאַנישען עפענטליכען לעבען — יהודה פּ. בענדשעמין.

ער איז געווען דער זאָהן פון פיליפּ (געב. אַרום 1782) און רבקה דע מענדעס בענדשעמין, וועלכע האָבען אויסגעוואַנדערט פון לאָנדאָן, ענגלאַנד, נאָך סט. טהאָמאַס, וועסט אינדיען, אין 1808, אַ קורצע צייט נאָך זייער הייראַטה, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען דעם זעקסטען אויגוסט, 1811. דיא בענדשעמינס זיינען אָנגעקומען אין יונייטעד סטייטס, וואו זיי האָבען לכתחלה געוואָלט פאַהרען, אַרום 1818, און האָבען זיך בעזעצט אין טשאַרלסטאָן, סאַוטה קאַראָליינאַ. יהודה פיליפּס איז אריינגעטרעטען אין יעיל יוניווערסיטי אין 1825, אָבער ער איז אַוועק פון דאָרטען אין 1827, אָהנע צו ענדיגען זיין שטו־

דיום. אַ יאָהר שפּעטער איז ער אַוועק נאָך ניו אָרלינס, וואו ער איז געוואָרן אַ לעהרער פון ענגליש, אַ שילער פון פראַנצעזיש, און האָט צו דער זעלבער צייט געשטודירט פאַר אַדוואָקאַט. אין 1832 איז ער צוגעלאָזען געוואָרן צו פּראַקטיצירען זיין פרייע פּראָפעסיאָן, און אַ יאָהר שפּעטער האָט ער גע־הייראַטהעט זיין פריהעריגע שילערין, נאַטאַליע סט. מאַרטין, וועלכע איז איהר גאַנצעס לעבען געבליעבען אַ פרומע קאַטהאָליקין. די הייראַטה איז ניט געווען גליקליך, און ווען זייער איינציגעס קינד וועלכעס איז געבליעבען לעבען איז אַלט געוואָרן פינף יאָהר, איז מאַדאַם בענדשעמין מיט איהר אַוועק נאָך פראַנקרייך איהר דאָרטען צו ערציהען, און מר. בענדשעמין פלעגט זיי זעהן נור אויף זיינע וויזיטען אין פּאַריז וועלכע ער פלעגט מאַכען כמעט יעדעס יאָהר.

בענדשעמין האָט זיך פעראייניגט מיט טהאָמאַס סלידעל, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער אָבער־ריכטער פון סטייט, אין די פערפערטיגונג פון אַ וויכטיגעס ווערק איבער די געזעץ פון לואיזיענע, וועלכעס איז ערשיענען אין 1834. ער איז באַלד נאָכדעם געוואָרן פעראינטערעסירט אין פּאָליטיק, און איז ערוועהלט געוואָרן אין די אונטערסטע הויז פון די אַסעמבלי פון לואיזיענע אַלס אַ פערטרעטער פון די וויג (ליבעראַלע) פּאַרטיי אין 1842. ווען אויגען־שוואַכקייט האָט איהם געצוואונגען פאַר אַ צייט אויפצוגעבען זיין פּראָפעסיאָן האָט ער זיך גענומען צו צוקער־פּלאַנצונג, און איז אין דעם אויך געווען ערפאָלגרייך. אָבער זיין פּלאַנטאַציע איז חרוב געוואָרן פון אַ פערפלייצונג און ער האָט זיך דאַן בעזעצט אין ניו אָרלינס צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע וועלכע ער האָט אריבערגעבראַכט פון סאוטה קאַראָליינאַ. די פאַמיליע איז בעשטאַנען פון זיין מוטער (געש. 1847), זיין עלטערע שוועסטער, די אלמנה פון אברהם ליוואי (מיט וועמען זיא האָט געהייראַטהעט אין 1826), און זיין איינגערע שוועסטער וועלכע איז שפּעטער געוואָרן די מוטער פון דשוליוס קרוטשניט (געב. אין ניו אָרלינס, 1854), דעם אייזענבאַהן פּערוואַל־טער. אַלס אַ פּלאַנצער איז בענדשעמין געוואָרן דער אייגענטהימער פון שקלאַ־פען, און איינינע פון זיינע געוועזענע שקלאַפען וועלכע האָבען נאָך געלעבט אין אָנפאַנג פון דיעזען יאָהרהונדערט, "פלעגען דערציילען בעזונדער פערשיעדענע געשיכטעס וועגען דעם העררען פון אַמאָליגע צייטען — זיי האָבען געהאַט דורכ־אויס גוטע עראינערונגען און ראָמאַנטישע לעגענדען וועגען דעם גלאַנץ פון יענעם פּלאַץ אין אַלטע צייטען."*)

*) פּיערס באַטלער, אין זיין בוך "יהודה פּ. בענדשעמין", פילאַדעלפיא, 1907, זייטע 62. דיעזע פאָלשטענדיגע ביאָגראַפיע איז די איינציגע פון דעם סאָרט וואָס איז געשריעבען געוואָרן וועגען אַן אַמעריקאַנישען אידען, און זיא פערנעהמט דעם אָרט פון אַלעס וואָס איז פריהער ערשיענען וועגען בענדשעמין.

ער איז שנעל געוואָרן איינער פון דיא אַנערקענטע פיהרער פון דיא וויהיג פּאַרטיי אין זיין סטייט, און "אַ היבשער טהייל פון דיא צופעליגע ערפאָלגען פון יענע פּאַרטיי אין דיא לעצטע צעהן יאָהר וואָס זיא האָט עקזיסטירט אין לואיזיענע דאַרף צוגעשריעבען ווערען צו זיין ענערגיע און זיין פּאָליטישע קלוגהייט." ער איז, נאָך דיא זשורנאַליסטישע זיטטע פון יענע צייטען, אָנגעגריפען געוואָרען מיט גרויס ביטערקייט אין דיא צייטונגען וואָס זיינען געווען געגען איהם, און מען האָט איהם אפילו בעשולדיגט, אין 1844, אַז ער געהערט צו דיא פרעמדען-פיינדליכע "נאָו נאָטהינג פּאַרטיי", טראָצדעם וואָס ער איז אַליין געווען אַ געבאָרענער אויסלענדער. אָבער ער האָט געשטימט מיט יענע פּאַרטיי דערמיט וואָס ער איז געווען געגען געבען שטים-רעכט צו איינגעוואַנדערטע אין סטייט, אפילו צו דיא וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין סטייטס פון דיא נאָרד, ווייל ער האָט אין דעם געזעהן אַ קוועלע פון געפאַהר פאַר דיא סאוטה.

ווען זיין זיץ אין דיא קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן פון 1844 איז בעשטריטען געוואָרן האָט ער רעזיגנירט און איז ווידער-געוועהלט געוואָרן מיט אַ פיעל גרעסערע מעהרהייט. ווען דיא קאָנווענשאָן איז נאָך אַמאָל צוזאַמען געקומען אין ניו אָרלינס און ער האָט ווידער גענומען זיין זיץ, איז ער אַנערקענט געוואָרן אַלס דער פיהרער פון דיא דעלעגאַטען פון דער שטאָדט, אין אַלע דיספּוטען מיט דיא פערטרעטער פון דיא לאַנד-געגענדען. איינע פון זיינע רעדעס אויף יענע קאָנווענשאָן בעווייזט אַז ער האָט קלאָר פאָראויסגעזעהן דיא מלחמה אין 1845, חאָטש מען האָט דאַמאָלס זיינע בעהויפּטונגען ניט גענומען צו ערנסט. ער איז ערוועהלט געוואָרן סטייט סענאַטאָר אין 1852, און איז באַלד געוואָרן איינער פון דיא הויפּט-קאַנדידאַטען פאַר יונייטעד סטייטס סענאַטאָר. ער איז נאָמינירט געוואָרן מיט אַן אונערוואַרטעטע גרויסע מעהרהייט און איז דעם זעלבען יאָהר ערוועהלט געוואָרן, אַלס אַ מיטגליעד פון דיא וויהיג פּאַרטיי. ווען דיעזע פּאַרטיי איז צושפּאַלטען געוואָרן צוליעב דיא געגנערשאַפט פון דיא נאָרד מיט דיא סאוטה איז ער ארויסגעקומען מיט אַן עפענטליכע ערקלערונג אין 1855 אַז זיא עקזיסטירט ניט מעהר אַלס אַ נאַציאָנאַלע פּאַרטיי. ער האָט אָנגעוויעזען אויף דיא נויטווענדיגקייט זיך צו פעראייניגען אין איין גרויסע פּאַרטיי פון דיא סאוטה, אויף אַ פּלאַטפאָרם "אויף וועלכען מיר קענען אַלע שטעהן צו זיין פּאַרבערייטעט פאַר דעם קומענדען צוזאַמענשטויס." ווען עס האָט זיך ארויסגעוויעזען אַז דיא גרינדונג פון אַ נייע פּאַרטיי איז ניט פּראַקטיש, האָט ער זיך געווענדעט צו דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און איז געוואָרן מעהר פריינדליך צו דיא אַדמיניסטראַציאָן. זיין ערשטע גרויסע רעדע אין סענאַט איז געהאַלטען געוואָרן דעם צווייטען מאַי, 1856, איבער דעם פאָרשלאַג אריינצונעהמען קענזעס אַלס אַ סטייט, און וועלכע ער

האָט זיך ערקלערט אויסדריקליך און אָהן אויפרעגונג צו גונסטען פון דעם פּרינציפּ פון סעצעסיאָן, דאָס הייסט אַז אַ סטייט מעג ארויסטרעטען פון יונייטעד סטייטס, דער פּרינציפּ איבער וועלכען דער בירגער־קריעג איז געפיהרט געוואָרן.

אין 1859 איז בענדשעמין ווידער־געוועהלט געוואָרן פאַר אַ יונייטעד סטייטס סענאַטאָר מיט דיא מעהרהייט פון איין איינציגע שטימע, (פון דעם לעצטען "נאָו נאַטהינג" אין דיא לעדשיסלייטשור פון לואיזיענע). ער איז געווען איצטער איינער פון דיא פּראָמינענטע סענאַטאָרען, און דער פּאָרזיצענדער פון דיא קאָמיטע איבער געריכטס־פראַגען, אַ שטעלע וועלכע ווערט געגעבען נור צו איינעם פון דיא גרעסטע אַדוואָקאַטען אין אַזאַ קערפּערשאַפט. ער איז געווען צו גונסטען פון סעצעסיאָן נור אין ערגסטען פאַל, אָבער ער האָט געגלויבט אַז עס איז געקומען צו דאָס ערגסטע פון דעם שטאַנד־פּונקט פון דער סאָוטה ווען לינקאָלן איז ערוועהלט געוואָרן פּרעזידענט אין 1860. ער האָט געהאַלטען צוויי וויכטיגע רעדען אין סענאַט דעם פאָלגענדען ווינטער, און אַ דענקווירדיגע אַבשיעדס־רעדע, דעם פיערטען פעברואַר, 1861, איבער דאָס רעכט פון לואיזיענע ארויסצוטרעטען פון דעם יוניאָן פון דיא סטייטס. זיין לעצטע רעדע אין דיא הויפּט־שטאָדט איז געהאַלטען געוואָרן פאַר דיא וואַשינגטאָן אַרטילעריע דעם 22טען פעברואַר (וואַשינגטאָן'ס געבורטסטאָג) פון יענעם יאָהר. באַלד נאָכדעם האָט ער גענומען אַבשיעד פון זיין פאַמיליע אין ניו אָרלינס וועלכע ער האָט מעהר קיין מאָל ניט געזעהן.

לואיזיענע האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטהיילט פון יוניאָן דעם 26טען יאַנואַר 1861, און אַ מאָנאַט שפּעטער, דעם 25טען פעברואַר, איז בענדשעמין ערנענט געוואָרן פון דעם פּרעזידענט פון דיא נייע קאָנפעדעראַציאָן פון דיא סאָוטה, דשעפערסאָן דייוויס (1808—89) אַלס זיין אַטאָרני־דשענעראַל אָדער יוסטיץ־מיניסטער. בענדשעמין האָט איבערגענומען זיין נייעם אַמט אין דיא נייע הויפּט־שטאָדט, מאָנטגאָמערי, אַלאַבאַמאַ; אָבער עס איז פאַר איהם כמעט ניט געווען קיין ארבייט, ווייל דיא נייע רעגירונג האָט אונטער זיך ניט געהאַט קיין געריכטען. פּרעזידענט דייוויס האָט איהם אָפט איינגעלאַדען צו ערפילען אַנדערע פליכטען וועלכע האָבען געפאָדערט טאַקט און איידעלקייט, און ער האָט אימער מעהר געוואונען יענעם'ס צוטרויען. דעם 17טען סעפּטעמבער 1861 איז בענדשעמין ערנענט געוואָרן אַלס פּאָרלויפיגער סעקרעטערי אָוו וואָר אָדער קריעגס־מיניסטער, אַלס נאָכפאָלגער פון סעקרעטערי וואָקער, און איז אויך פערבליבען אַטאָרני־דשענעראַל ביז דעם 15טען נאָוועמבער פון יענעם יאָהר. ער איז געווען זעהר ניט פּאָפּולער אין זיין נייעם אַמט, און אַ קאָמיטע פון קאָנגרעס האָט איהם אָפיציעל געטאַדעלט פאַר וואָס ער האָט ניט געשיקט אַמוניציאָן צו גענעראַל וויז אין דער צייט, און יענער האָט צוליעב דעם פּער־

לאָרען אַ וויכטיגע שלאַכט. אָבער אין דער ווירקליכקייט איז ניט געווען וואָס צו שיקען, און דער פּרעזידענט מיט זיין קריעגס־מיניסטער זיינען בעסער גע־ווען צופריעדען מען זאָל זיי עפענטליך טאַדלען אין זייער אייגענעם קאָנגרעס, אַבי זיי זאָלען ניט דאַרפען אויסזאָגען אַז זיי האָבען קיין פּולווער, און דיא יענקים אָדער דיא נאָרד זאָל זיך דערפון דערוויסען. בענדשעמין האָט וויא גע־וועהנליך אַרויפגענומען אויף זיך דיא גאַנצע שולד און איז געוואָרן דער ציעל פון אַלע אַנגרייפער, אָבער ער איז צוליעב דעם אליין געשטיעגען זעהר הויך ביי פּרעזידענט דייוויס און ביי דיא פיהרער וועלכע האָבען געוואוסט דעם אמת'ען צושטאַנד פון זייער זייט. דעריבער איז עס פאָרגעקומען אַז אין דער צייט ווען כמעט יעדער אין דער סאַוטה האָט ערוואַרטעט אַז בענדשעמין זאָל פערלירען זיין אמט מיט חרפות, איז ערשיענען דיא איבערראַשענדע נייעס, דעם 27טען מערץ 1862, אַז ער איז ערהויבען געוואָרן צום אמט פון סעקרעטערי אָוו סטייט, אָדער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען.

זיין נייער דעפּאַרטמענט איז געווען דער איינציגער פאַר וועלכען ער האָט זיך אַם בעסטען געפּאַסט; און האָטש עס איז פאַר איהם געווען אונמעגליך אויפצוטהאָן דאָס וואָס מאַנכע האָבען פון איהם ערוואַרטעט, האָט ער פערדיענט דיא אונשטערבליכע עהרע וועלכע איז אַם בעסטען אויסגעדריקט געוואָרן מיט דעם וואָס מען האָט איהם בעצייכענט אַלס "דיא מאַרך פון דיא קאָנפעדע־ראַציאָן." דער שווערסטער פּראָבלעם איז געווען צו קריעגען דיא הילפע פון אַ מאַכט וועלכע איז שטאַרק אויף'ן וואַסער, דיא איינציגע וועלכע וואָלט געקענט העלפען דיא פערבלאָקאַדירטע קאָנפעדעראַציאָן וואָס האָט צוליעב דיא בלאָ־קאַדע ניט געקענט פערקויפען איהר הויפּט־פּראָדוקט — קאַטען. אין דיא שפּאַ־נישע קאָלאָניעס האָט נאָך דאַן געהערשט שקלאַפעריי, אָבער שפּאַניען איז געווען בייז אויף די סאַוטה פאַר וואָס עס פלעגען פון דאָרטען אָפט אַוועק עקספּע־דיציעס צו מאַכען אָדער העלפען מאַכען רעוואָלוציאָנען אין געגענדען וואָס האָבען צו איהר געהערט, בעזאָנדערס אין קיובאַ, און מען האָט ניט געקענט בייקומען איהר מיסטרויען צו דיא נייע רעפּובליק. פראַנקרייך איז דאַן געווען צו פריינדליך מיט ענגלאַנד, און וואָלט זיך ניט אריינגעמישט אָהן דיא צו־שטימונג אָדער דיא מיטווירקונג פון דיא לעצטע, אַזוי דאָס אפילו ווען דיא סאַוטה וואָלט געקענט שיקען אַ צווייטען בענדשעמין פרענקלין נאָך פּאַריז, וויא אין דער צייט פון דיא רעוואָלוציאָן פון דיא קאָלאָניעס געגען ענגלאַנד, וואָלט ער אויך גאָר נישט געקענט אויפטהאָן. אַזוי וויא דיא מייסטע שטאַאטס־מענער פון דער סאַוטה, האָט בענדשעמין אויך געגלויבט אַז ענגלאַנד וועט ניט קענען אויסקומען אָהן קאַטען, און אַזוי וויא ער האָט איגנאָרירט אָדער מיס־פערשטאַנדען דיא מאָראַלישע קראַפט וועלכע האָט געווירקט אַז אייראָפּאַ זאָל האַלטען מיט דיא נאָרד, האָט ער זיך אין אָנפאַנג אויפגעפיהרט מיט מעהר

אונאַבהייגגיגקייט וויא ער איז געווען בערעכטיגט אונטער דיא אומשטענדען. שפּעטער, ווען ער איז געווען אין ענגלאַנד, האָט בענדשעמין ערקלערט: ״איך האָב נישט געגלויבט אַז אייער רעגירונג וועט דערלאָזען אַז אייערע אַרבייטער זאָלען ליידען אַזוי פיעל נויטה, און אייערע פאַבריקאַנטען אַזוי פיעל פערלוסט, אָדער אַז דאָס פאָלק אַליין וועט דאָס איבערטראָגען.״ בענדשעמין האָט גע־גלויבט אַז אַנערקענונגען (פון ענגלאַנד און פראַנקרייך) אפילו אָהן אריינמישונג, וואָלטען געענדיגט דיא מלחמה, און עס וואָלט אפשר טאַקי אַזוי געווען ווען דיא אַנערקענונג פון דיא אונאַבהייגגיגע רעפּובליק פון דער סאוטה וואָלט געקומען פריה.

מייסאָן, דער פערטרעטער פון דיא סאוטה אין ענגלאַנד, האָט געמאַכט וועניג פאָרשריט, און אפילו ווען דיא זאַכע וועלכע ער האָט פערטראָטען וואָלט געווען שטאַרקער, איז ער אויך ניט געווען גענוג פעהיג זיך צו שטעלען געגען עדעמס, דעם געזאַנדטען פון דיא נאָרד. סליידעל, בענדשעמין׳ס פּערזענליכער פריינד, איז געווען לכתחלה אַ ביסעל מעהר ערפאָלגרייך אין פראַנקרייך. בענדשעמין האָט איהם בעאויפטראַגט ער זאָל אָנבאָטען פראַנקרייך פאַר זעכ־ציג מיליאָן פראַנק קאָטען פאַר ברעכען דיא בלאָקאַדע פון דיא סאוטה, אָדער אפילו פאַר אַנערקענען דיא אונאַבהייגגיגקייט פון דיא קאָנפעדעראַציאָן. קייזער לואי נאַפּאָלעאָן (1808—73) האָט געשיינט צו זיין גינסטיג געניינגט צו דיעזען פאָרשלאַג, און מערסיע, דער פראַנצעזישער געזאַנדטער אין וואַשינג־טאָן, וועלכער האָט בעזוכט ריטשמאָנד מיט לינקאָלן׳ס ערלויבניס, איז אַזוי בעאיינפלוסט געוואָרן פון בענדשעמין׳ען, אַז ער איז געוואָרן כמעט ענטהו־זיאַסטיש. אָבער דיא פערבינדונגעז צווישען דיא רעגיערונג אין ריטשמאָנד און איהרע פערטרעטער אין אייראָפּאַ זיינען געווען זעהר אונרעגעלמעסיג און אונ־זיכער, און מאַנכע דעפּעשען זיינען אָנגעקומען זיעבען מאָנאַט נאָכדעם וויא זיי זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּאַריז. אַלס אַ ביישפּיעל קען דיענען דיעזער פּאַל: בענדשעמין האָט דעם 27טען פּעברואַר, 1863, געקריעגען אַ צושריפט פון סליידעל׳ען וועלכע איז געווען דאַטירט דעם 27טען דעצעמבער 1862, אין וועלכע דער שליח אין פראַנקרייך שרייבט אַז ער האָט ניט געהאַט קיין צושריפט פון בענדשעמין זייט דעם 15טען אַפּריל. ווען דיא נאָרד האָט גענומען ניו אָרלינס, דעם ערשטען מאַי, 1862, זיינען אַלע האָפנונגען אויף שנעלע אריינ־מישונג פערניכטעט געוואָרן.

בענדשעמין האָט געאַרבייטעט זעהר שווער אַלס אויסלענדישער מיניס־טער, האָטש ער האָט נישט געהאַט קיינע אויסלענדישע געזאַנדטע צו עמפּפאַנ־גען און קיינע דיפּלאָמאַטישע בעלער צו געבען אין דיא הויפּט־שטאָדט ריטש־מאָנד פאַר דיא רעגירונג וועלכע איז פון קיין אנדער מאַכט ניט אַנערקענט געוואָרן. עס איז בעהויפּטעט געוואָרן פון לייטע וועלכע זיינען געווען אים

שטאַנדע צו וויסען, אַז פּרעזידענט דייוויס פלעגט זיך מיישב זיין מיט זיין סעקרעטערי אָוו סטייט אָפטער וויא מיט יעדען אַנדער מיטגליעד פון זיין קאַ־בינעט, און אַזוי וויא ער האָט איהם שטענדיג געפונען בערייט און פעהיג אַלעס צו טהאָן, האָט ער זיך איינגעוואָהנט איבערצוגעבען צו בענדשעמין'ס דעפּאַרטמענט אַלעס וואָס ער איז ניט געווען אַבסאָלוט געצוואונגען איבער־צוגעבען צו אַן אַנדערען. בענדשעמין'ס הילפס־מיניסטער, ל. א. וואַשינגטאָן, שרייבט וועגען איהם: "ער איז שטענדיג געווען קאַלט, האָט זיך קיינמאָל ניט פערלאָרען, און האָט צו אַלעס געפונען אַ מיטעל אויב דאָס איז נור געווען מעגליך. ער האָט בעגריפען אַ געגענשטאַנד זעהר שנעל; עס האָט אויסגע־זעהן אַז זיין קאָפּ אַרבייטעט אָהן אַ שום שטערונג, און זיין געדאַנקען איז שטענדיג געווען קלאָר." מאַדאַם דשעפערסאָן דייוויס שרייבט: "מר. בענ־דשעמין איז שטענדיג געווען פערטיג צו אַרבייטען; ער פלעגט מאַנכעס מאָל בלייבען מיט דעם פּרעזידענט פון צעהן אין דער פריה ביז ביינאַכט, און זיך אָפּרוהען נור אַ האַלבע שטונדע... דער פּרעזידענט און דער סעקרעטערי אָוו סטייט האָבען ביידע געאַרבייט וויא אַרעסטאַנטען, פון פריה ביז שפּעט. מר. דייוויס פלעגט קומען אַהיים ניט געגעסען, אַ הויפען ציטערענדע נערווען, און פאַלשטענדיג ערשעפּפט; אָבער מר. בענדשעמין איז שטענדיג געווען פריש און מונטער."

ווען ניו אָרלינס איז געפאַלען האָט זיין קליינע פאַמיליע, נאָך פיעל ליידען און שוויריגקייטען, זיך בעזעצט אין לאַ גראַנדש, דשאָרדשיע, וואו ער האָט זיי ווידער געקענט צושיקען געלד. ווען דיא קאָנפעדעראַציאָן איז געקומען נע־הענטער צו איהר אונטערגאַנג איז ער געוואָרען מעהר פערהאַסט, און דיא אַנגריפע אויף איהם צוליעב זיין רעליגיאָן און זיין אָפּשטאַמונג, וועלכע זיינע געגנער האָבען ניט פערנאַכלעסיגט אין פערלויף פון זיין גאַנצע קאַריערע, זיי־נען איצטער געוואָרען פיעל שטאַרקער. ער איז בעזאָנדערס געטאַדעלט געוואָרען פאַר דעם פערצווייפעלטען פּלאַן, וועלכער איז אויסגעפיהרט געוואָרען דורך דעם וואונש און איינפלוס פון גענעראַל ראָבערט ע. ליע, (1807—70), דעם אויבער־קאָמאַנדירער פון די אַרמעע פון דיא סאַוטה, אריינצונעהמען נעגערס אין דיא אַר־מעע וועלכע האָט געקעמפּפט געגען זייער בעפרייאונג. דעם 9טען פעברואַר, 1865, האָט בענדשעמין געהאַלטען פאַר אַ מאַסענפערזאַמלונג אין ריטשמאָנד, די לעצטע עפענטליכע רעדע פון זיין לעבען. ער האָט נאָך אימער געהאַט אַ שטאַרקע מאַכט איבער זיינע צוהערער, אָבער אַלעס איז געווען פערלאָרען. ריטשמאָנד איז געפאַלען אין וועניגער וויא צוויי מאָנאַט. נאָך אַן אונרוהיגע וואָך אין דענוויל, איז ער אוועק מיט פּרעזידענט דייוויס אין גרינסבאָראָ, וואו דיא פלי־הענדע רעגירונג האָט זיך אויפגעהאַלטען עטליכע טעג. ער האָט זיך דאָן אָפּגעזעגענט מיט מר. דייוויס, וועמען ער האָט מעהר ניט געקענט זיין בע־

הילפיג, און איז אַנטלאָפפען נאָך וועסט אינדיען, וואו ער האָט צום לעצטען מאָל בעזוכט זיין געבורטס-פּלאַץ. נאָך פיעלע געפאַהרען און אבענטייער איז ער אָנגעקומען אין ענגלאַנד, דעם 22טען יולי, 1865.

* * *

אָבגלייך ענגלאַנד האָט ניט אַנערקענט דיא קאָנפעדעראַציאָן פון דער סאַוטה האָבען דאָרטען זעהר פיעלע מיט איהר סימפּאַטיזירט, און בענדשעמין איז אויפגענומען געוואָרן אין לאָנדאָן זעהר פריינדליך, טראָצדעם וואָס ער האָט אַלס סעקרעטערי אָוו סטייט געגעבען אַ בעפעהל אַרויסצוטרייבען פון דיא קאָנ־פעדערירטע סטייטס אַלע בריטישע קאָנסולען דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו בעטראַכטען דעם ענגלישען געזאַנדטען אין וואַשינגטאָן אַלס זייער פאָרגעזעצטען. דיא וויכטיגסטע לייטע פון יענער צייט אין דיא ענגלישע הויפּט-שטאָדט זיינען געוואָרן מיט איהם בעפריינדעט, דאַרונטערביידע בע־ריהמטע שטאַאטסמענער, בענדשעמין דיזראַעלי, (אוירל אָוו ביקאָנספיעלד, 1804—81), און וויליאַם ע. גלאַדסטאָן, (1809—98). אַזוי וויא ער איז גע־באָרן געוואָרן אין אַן ענגלישע קאָלאָניע און איז געוועזען דער זאָהן פון אַן ענגלענדער, האָט ער זיך איינפאַך אומגעקעהרט צו זיין ערשטע פּליכטס-טריי־היט, און עס האָט אויסגעזעהן אַז ער האָט געמאַכט אַן אָנשטריינגונג צו פער־געסען אַלעס וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין דיא עטליכע-און-פיערציג יאָהר וואָס ער איז געווען אַן אַמעריקאַנער. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַלטען קיין רעדע אָדער געמאַכט קיין עפענטליכע ערקלערונג זייט ער האָט פערלאָזען אַמעריקאַ.

זיין שפּעטערע קאַריערע אַלס ענגלישער אַדוואָקאַט, אַלס איינער פון דיא גרעסטע אַדוואָקאַטען פון זיין צייט, איז געווען וואונדערבאַר, בעזאָנדערס ווען מען געדיינקט אַז ער האָט איהר אָנגעהויבען ווען ער איז שוין געווען איבער פינף-און-פופציג יאָהר אַלט; מיט אַ פערגאַנגענע געשיכטע פול מיט טהעטיג־קייט און אויפּערענדע ערפאַהרונגען וואָס זיינען געווען גענוג אויסצומאַטערן יעדען געוועהנליכען מענשען. ער האָט אין לאָנדאָן געשריעבען זיין בעריהמטע „אָבהאַנדלונג איבער דעם פערקויף פון פערזענליכעס אייגענטהום" וועלכעס איז אַנערקענט געוואָרן אַלס איינע פון דיא בעסטע ווערק איבער דיזען גע־גענשטאַנד, און איז געברויכט געוואָרן אַלס אויטהאָריטעט פון ביידע זייטען ים. זיינע איינגאַהמען אַלס אַדוואָקאַט אין ענגלאַנד זיינען מאַנכע יאָהרען געווען אַזוי הויך וויא £15,000, וועלכעס איז אין יענע צייטען געווען פיעל זעלטענער וויא איצטער. אין 1872 האָט ער געקריעגען פון דיא ענגלישע רעגירונג אַן אויס־צייכנונג וועלכע האָט איהם אַוועקגעשטעלט אַלס דעם ערשטען אין דיא רייהע פון אַדוואָקאַטען פון זיין קלאַס. אַרום 1877 האָט ער אָנגעפאַנגען צו בויען אַ נייעס הויז אויף אַווענו ד'זשענאַ (נומער 41) אין פּאַריז, וואו זיין פרוי

מיט זיין איינציגע טאָכטער זיינען געבליעבען וואָהנען אפילו נאָכדעם וויא ער האָט זיך בעזעצט אין ענגלאַנד. אַן אונפאַל וואָס איז פעראורזאַכט געוואָרען דורך אַרונטערפאַלען פון אַ סטריט־קאַר אין 1880 האָט איהם געמאַכט פאַר אַ חולה אין דיא לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען. ער איז שפּעטער געוואָרען נאָך ערגער, און אין פעברואַר 1883 איז ער געווען געצוואונגען צו אַנאָנסירען אַז ער ציהט זיך צוריק פון פּראַקטיק. אַ דענקווירדיגער באַנקעט איז דאַן גע־געבען געוואָרען צו זיין עהרע פון דיא ריכטער און אַדוואָקאַטען פון לאָנדאָן, דער ערשטער פון דיעזען סאָרט אין ענגלאַנד. ער האָט זיך דאַן צוריקגעצויגען אין זיין פּאַלאַסט אין פּאַריז, וואו ער איז געשטאָרבען דעם זעקסטען מאַי 1884, אונגעפעהר דריי־און־זיעבציג יאָהר אַלט. ער איז בעערדיגט געוואָרען אַלס קאַטהאָליק אָבגליך מען גלויבט ניט אַז ער האָט ווען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. זיין פרוי האָט איהם איבערגעלעבט זיעבען יאָהר. זיין איינציגע טאָכטער, ניגעט, וועלכע האָט געהייראַטהעט קאַפּיטאַן הענרי דע בור־זיניאַק פון דיא פראַנצויזישע אַרמעע, איז געשטאָרבען קינדערלאָז אין 1898.

# קאַפּיטעל 26

## אידען צייכנען זיך אוים אין דיענסט פוןביידע זייטען פון קריעג.

אין דיא סאַוטה זיינען פאָרגעקומען מעהר פעלע פון בריעדער פון דיא זעלבע פאַמי־ליע וועלכע האָבען געדיענט, און אויך אַ גרעסערע פּראָפּאָרציאָן פון אָפיציערען וויא אין דיא נאָרד, ווייל דיא מייסטע אידען פון דיא סאַוטה זיינען געווען היעגע געבאָרענע — אייניגע בעריהמטע אידישע מיליטערישע בעאַמטע — אַ מוטהיגער סאָלדאַט וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ ראַבינער — מאַנגעל פון מאַטעריאַל וועגען דיא אַרמעע פון דיא סאַוטה — דיא גענעראַלען נעפלער, סאַ־לאָמאָן, בלומענבערג, יאָאַכימסען און אַנדערע וועלכע האָבען עררייכט אַ הויכען ראַנג אין דיא יוניאָן־אַרמעע — ניו יאָרק שטעהט צום ערשטען, אָהייאָ צום צווייטען און איליגאָיז אַלס דער דריטער סטייט אין דיא צאָהל אידישע סאָל־דאַטען וועלכע זיינען געגאַנגען אין קריעג — צוויי רעגימענטען פון פּענסיל־וועניע וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט מיט אידישע קאָלאָנעלס (פּאָלקאָווניקעס) — קאָממאָדאָר אוריה פּ. ליוואַי, דער העכסטער בעאַמטער אין דיא פלאָטע פון יונייטעד סטייטס ווען דער בירגער־קריעג האָט זיך אָנגעהויבען, איז געווען צו אַלט צו נעהמען אַ טהעטיגען אַנטהייל.

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין פריהעריגען קאַפּיטעל אַז אַ פער־העלטניסמעסיג גרויסע צאָהל אידען האָבען געדיענט אין דיא אַרמעע פון דיא סאַוטה. אַ צווייטער בעוויז דערצו איז דיא גרויסע צאָהל פעלע פון דאָס וואָס מר. וואָלף בעצייכענט אַלס וואַפען־בריעדער, דאָס הייסט פון גרופּען פון עטליכע בריעדער פון אַ פאַמיליע וועלכע זיינען אַוועק אויף'ן שלאַכטפעלד מיט זייערע שכנים צו קעמפּפען פאַר דעם סטייט אָדער פאַר דעם טהייל פון לאַנד אין וועלכען זיי האָבען געלעבט. זעקס בריעדער קאָהען: אהרן, דשייקאָב ה., דשוליוס, עדוואַרד, גוסטאַוואוס א. און העגרי מ. זיינען אַוועק אין קריעג פון נאָרד קאַראָליינאַ. סאוטה קאַראָליינאַ האָט געשיקט פינף בריעדער פון דיא פאַמיליע מאָזעס: פּערסי, דשאָשוא ל., האָראַס, דש. האַרבי און א. דשעקסאָן. דיא פיער בריעדער דשאָנאַס זיינען שוין דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל, אָבער זיי האָבען אויך געהאַט אַ פינפטען ברודער וועלכער איז אַזוי וויא זייער פאָטער געבליעבען טריי צו דער יוניאָן. ראַפאַעל מאָזעס און זיינע

דריי זיהן זיינען געווען פיער סאָלדאַטען פון דשאָרדשיע, און אַלאַבאַמאַ האָט אויך געשיקט דריי ברידער מאָזעס: מרדכי, הענרי ס. און אַלפרעד. דריי ברידער קאָהען זיינען אוועק העלפען דיא סאַוטה פון אַרקאַנסאַו, דריי ברידער ליוואי האָבען געשטאַמט פון ווירדשיניע און דריי מיט דעם זעלבען פאַמיליע־נאָמען פון לואיזיענע; פון דריי ברידער גאָלדסמיטה זיינען צוויי געווען פון דשאָרדשיע און איינער פון סאַוטה קאַראָליינאַ. אַלס אורזאַכע פאַר וואָס אַזוי פיעל ברידער האָבען זיך געפונען אין דיא אַרמעע פון דיא סאַוטה ווערט אָנגעגעבען אַז אַ פיעל גרעסערע פּראָפּאָרציאָן פון דיא אידען פון דער סאַוטה וויא פון דיא נאָרד זיינען דאָן געווען היגע געבאָרענע אָדער האָבען דאָ געוואָהנט אַ גאַנץ לאַנגע צייט. אין דיא נאָרד איז געווען פיעל מעהר אידען, אָבער זיי זיינען מייסטענס געווען אימיגראַנטען וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק אָנגעקומען, און זיי זיינען ניט געווען אַזוי שטאַרק דורכגעדרונגען פון דעם גייסט פון דעם גרויסען קאַמפּף.

עס זיינען אין דיא אַרמעע פון דיא סאַוטה געווען עטליכע־און־צוואַנציג אידישע שטאַבּס־אָפיציערען, וועלכעס איז אויך אַ גרעסערע צאָהל וויא דיא אידען וואָס האָבען פערנומען עהנליכע פּלעצער אין דיא אַרמעע פון דיא נאָרד, און וואהרשיינליך צוליעב דיא זעלבע אורזאַכע וואָס איז פריהער דערמאָנט געוואָרן. דיא בעריהמטעסטע פון זיי זיינען געווען: דער מיליטערישער אָבער־אַרצט דייוויד דע לעאָן, וועלכער האָט זיך אויך בעטהייליגט אין דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ (זעה זייטע 172); הילפס־גענעראַל־אַדיוטאַנט דש. רענדאָלף מרדכי, און קאָלאָנעל ראַפאַעל דש. מאָזעס, וועלכער האָט געדיענט אין שטאַב פון גענעראַל לאָנגסטריט, און איז געווען דער הויפּט פון קאָמיסאַריאַט פאַר׳ן סטייט דשאָרדשיע. אַדאָלף מייער, (געב. אין ניו אָרלינס, 1842; געש. דאָרטען 1908), וועלכער האָט שפּעטער געדיענט ניין טערמינען אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז אין וואַשינגטאָן פון ערשטען דיסטריקט פון לואיזיענע (פון 52טען ביז׳ן 60טען קאָנגרעס) איז אריינגעטרעטען אין דיא אַרמעע פון דיא קאָנפעדעראַציאָן אין 1862, און האָט געדיענט ביז צום סוף פון דער מלחמה אין שטאַב פון בריגאַדיער גענעראַל דשאָהן ס. וויליאַמס פון קענטאָקי. עס זיינען אויך געווען אונגעפעהר אַ דוצענד אידישע העכערע בעאַמטע אין דיא פלאָטע פון דיא סאַוטה, פון וועלכע איינער, קאַפּיטאַן ליוואי מייערס הארבי, (געב. אין דשאָרדשטאָון, סאַוטה קאַראָליינאַ, 1793; געש. אין גאַלוועסטאָן, טעקסאַס, 1870), וועלכער האָט פריהער געדיענט אין דעם קריעג פון 1812 און אין מעקסיקאַנישען קריעג און אויך אין באָליוויא, און וועלכער האָט רעזיגנירט פון דיענסט פון יונייטעד סטייטס און איז בייגעטרעטען דיא קאָנפעדעראַציאָן, האָט זיך אויסגעצייכענט אין דיא פערטהיידיגונג פון גאַלוועסטאָן,

און איז געווען דער קאָמאַנדירער פון יענעם האפען ווען דער בירגער־קריעג האָט זיך געענדיגט.

ליאָנעל ליוואַי, אַ נעפפע פון יהודה פ. בענדשעמין, האָט געדיענט אַלס ריכטער־אַדוואָקאַט אין מיליטער־געריכט פון דיא אַרמעע איבער וועלכע זיין אָנקעל איז געווען אַ קורצע צייט דער קריעגס־מיניסטער. צווישען דיא וועלכע האָבען געדיענט אַלס איינפאַכע סאָלדאַטען און פערדיענען דערמאָנט צו ווערען, איז געווען סעמיועל אולמאַן פון 16טען רעגימענט פון מיסיסיפּי וועלכער איז צוויי מאָל פערוואונדעט געוואָרן אין דיא פיער יאָהר פון זיין דיענסט־צייט, און איז שפּעטער (אין 94—1891) געווען דער ראַבינער פון דיא עמנואל קאָנ־גרעגיישען פון בירמינגהעם, אַלאַבאַמאַ. עס זיינען צו אונז אויך אָנגעקומען דיא נעמען פון פינף־און־צוואַנציג אידען צווישען דיא קריעגס־געפאַנגענע וועל־כע זיינען געשטאָרבען אין עלמיירא, ניו יאָרק, אין דער צייט ווען זיי זיינען דאָרטען פערהאַלטען געוואָרן. אַ ליסט פון זיעבצעהן סאָלדאַטען וועלכע זיינען בעערדיגט געוואָרן אויף דעם אידישען בית עולם אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע, ענטהאַלטעט דיא נעמען פון איין קאַפּיטאַן, דריי לייטענאַנטס און איין קאָר־פּאָראַל, וועלכעס איז אַ זעהר הויכער פּראָצענט פון בעאַמטע אין בירגער קריעג פון ביידע זייטען. אפילו אין דער סאוטה זיינען שוין דאַן אויך געווען צעהנד־ליגע טויזענדע אידען, מיט אַ פיעל גרעסערען פּראָצענט פון אָרעמע לייטע, אָדער אימיגראַנטען, וויא אין פריהערע צייטען, און דיא פּראָפּאָרציאָן פון אָפיציערען האָט דעריבער געמוזט זיין קלענער וויא אין דיא צייטען פון דער רע־וואָלוציאָן אָדער פון דיא צווייטע מלחמה אין 1812. דאָך זיינען דיא אידען פון דער סאָוטה דאַן געוועזען, וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרן, פיעל מעהר אַסימילירט אָדער אַמעריקאַניזירט וויא דיא אידען פון דיא נאָרד, און עס זיינען אויך ניטאָ אַזעלכע גענויע פערצייכנונגען פון דיא אַרמעע פון דיא סאָוטה אַזוי וויא עס איז געבליעבען פון דיא זיעגרייכע יוניאָן־אַרמעע. דער־פון קומט דאָס ווען מען אורטהיילט נאָך דאָס וואָס מען קען אָפּלערנען פון אַנדערע קוועלען, און נאָך געוויסע אַלגעמיינע בעהויפּטונגען, קען אויסזעהן אַז דיא צאָהל אידען אין דיא אַרמעען פון דיא קאָנפעדעראַציאָן איז געווען כמעט אַזוי גרויס, אויב ניט נאָך גרעסער, וויא דיא צאָהל אין דיא אַרמעע פון דיא נאָרד. אָבער דיא זאַמלונג פון מר. סיימאָן וואָלף אין דעם בוך וואָס איז דיא הויפּט־קוועלע פאַר דיא בעטהייליגונג פון אידען אין קריעג, ווייזט אונז דע־ריבער אַ גאַנץ אַנדער חשבון. זיינע ליסטס ענטהאַלטען דיא נעמען פון באַלד זעקס טויזענד אידען וועלכע האָבען געדיענט אין דיא אַרמעע פון דיא נאָרד; אָבער פון דיא פערטהיידיגער פון סעצעסיאָן און שקלאַפערייַ האָט ער נור צוזאַמענגעשטעלט אַ פינפטעל פון דיעזע צאָהל וואָס ער האָט געקענט בע־צייכנען אַלס אידען.

מיר מוזען אויך קומען צו דיא יוניאָן אַרמעע צו געפינען אידען וועלכע האָבען קאָמאַנדירט רעגימענטען אויף'ן שלאַכטפעלד. ברעוועט-גענעראַל-מאַיאָר פרעדריק נעפּלער, אַ געבאָרענער פון אונגאַרן, וועלכער איז געוואָרען דער קאָ־לאָנעל פון 79טען רעגימענט פון אינדיאַנאַ און איז שפּעטער געוואָרען בריגאַדיער־גענעראַל און האָט דערנאָך געקריעגען דעם טיטעל גענעראַל-מאַיאָר פאַר אויס־צייכנונג ביי דיא שלאַכט פון טשיקאַמאָגאַ, ווערט קלאַסיפיצירט אַלס אַ איד. עדוואַרד ס. סאַלאָמאָן, (געב. אין שלעזוויג-האָלסטיין, 1826; געש. 1909), איז געקומען אין יונייטעד סטייטס נאָכדעם וויא ער האָט דורכגעמאַכט אַ גימ־נאַזיום אין זיין געבורטס-פּלאַץ, און האָט זיך בעזעצט אין שיקאַגאָ, וואו ער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס אָלדערמען אין 1860. ווען דיא מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען איז ער אריינגעטרעטען אין 24טען אינפאַנטעריע-רעגימענט פון אילינאָיז אַלס סעקאָנד-לייטענאַנט, האָט טהיילגענומען אין דיא שלאַכטען פון פרעדריקסאָן און מיינפאָרדסוויל, קענטאָקי, און איז ערהויבען געוואָרען צום ראַנג פון מאַיאָר אין 1862. ער האָט דאַן רעזיגנירט און האָט געהאָלפען אָר־גאַניזירען דעם 82טען אינפאַנטעריע-רעגימענט פון אילינאָיז, אין וועלכען ער איז געוואָרען לייטענאַנט-קאָלאָנעל און איז שפּעטער געוואָרען קאָלאָנעל. ער האָט זיך בעטהייליגט, אונטער גענעראַל האָו, אין דיא שלאַכטען פון טשענס־לאָרוויל, געטיסבורג, טשעטענוגאַ, לוקאַוט מאָונטעין און מישיאָנערי רידזש. אין 1865, ווען דער קריעג איז געוועזן צו ענדע, איז ער ענטלאַסען געוואָרען אַלס בריגאַדיער-גענעראַל. ער האָט זיך צוריק בעזעצט אין שיקאַגאָ וואו ער איז געוואָרען ערוועהלט קלוירק פון קוק קאָונטי. אין 1870 האָט איהם פּרעזידענט יוליסעס ס. גרענט (1822—85) ערנענט אַלס גאָווערנאָר פון וואַשינגטאָן טערי־טאָרי און ער האָט געהאַלטען דעם אַמט אונגעפעהר פיער יאָהר. ווען ער האָט רעזיגנירט אין 1874 האָט ער זיך בעזעצט אין סאַן פראַנציסקאָ, וואו ער איז צוויי מאָל ערוועהלט געוואָרען אין דיא לעדשיסלייטשור פון קאַליפאָרניע און האָט אויך בעקליידעט דעם אַמט פון דיסטריקט אַטאָרני פון סאַן פראַנציסקאָ.

לעאָפּאָלד בלומענבערג, (געב. אין פּרייסען, 1827; געש. אין באַלטימאָר 1876), האָט געדיענט מיט אויסצייכנונג אין פּרייסיש-דעניש׳ען קריעג פון 1848—49 און האָט דאָרטען עררייכט דיא ראַנגע פון ערשטען לייטענאַנט. ער איז געקומען אין יונייטעד סטייטס אין 1854 און האָט זיך בעזעצט אין באַלטימאָר וואו ער האָט געהאַט אַ גוט-געהענדען געשעפט וועלכען ער האָט אויפגעגעבען ווען דיא מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען. ער האָט געהאָלפען אָרגאַ־ניזירען דעם פינפטען רעגימענט פון מערילענד, אין וועלכען ער איז געוואָרען אַ מאַיאָר. זיין אַרבייט פאַר דיא יוניאָן האָט איהם געמאַכט פיעלע פיינדע אין יענער געגענד, וואו מען האָט שטאַרק סימפּאַטייזירט מיט דיא סאַוטה, מען האָט זאָגאַר געוואָלט איהם אויפהיינגען, און ער האָט געמוזט פערבארי־

קאַדירען און בעוואַכען זיין הויז איינינע נעכט. בלומענבערג איז געוועזען דער שטעל־פערטרעטענדער קאָלאָנעל פון זיין רעגימענט ביי העמטאָן ראָודס, ער האָט שפּעטער גדיענט אין מאַנספעלד׳ס קאָרפּוס, און האָט קאָמאַנדירט זיין רעגימענט אַלס קאָלאָנעל אין אַנטיעטעם, וואו ער איז שווער פערוואונדעט געוואָרן. ווען ער איז געוואָרן בעסער האָט איהם פּרעזידענט לינקאָלן ערנענט פאַר פּראָוואָסט־מאַרשאַל פאַר דעם דריטען דיסטריקט פון מערילענד, און ער האָט געהאַלטען די שטעלע צוויי יאָהר. פּרעזידענט ענדרו דזשאָהנסאָן (1808—75) האָט איהם געגעבען אַ שטעלע אין רעווענױ דעפּאַרטמענט און האָט איהם אויך געגעבען דעם טיטעל בריגאַדיער־גענעראַל פון יונייטעד סטייטס וואָלאָנטיערס (פרייוויליגע). גענעראַל בלומענבערג איז געווען אַ מיטגליעד פון הר סיני קאָנגרעגיישען, און פון אידישען וויַיזען־הויז פון באַלטימאָר.

פיליפּ דש. יאָאַכימסען, (געב. אין ברעסלוי, דייטשלאַנד, 1817; געק. 1831; געש. אין ניו יאָרק, 1890) איז ערנענט געוואָרן עסיסטענט קאָרפּאָ־ריישען אַטאָרני פון די שטאָדט ניו יאָרק באַלד נאָכדעם וויא ער איז געוואָרן אַדוואָקאַט אין 1840, און האָט מיט פופצעהן יאָהר שפּעטער געהאַלטען עמטער אַלס עסיסטענט און אַלס שטעל־פערטרעטענדער יונייטעד סטייטס דיסטריקט אַטאָרני אין ניו יאָרק. ער האָט אין זיין אַמטס־צייט געפיהרט אַ פּראָצעס אין וועלכען ער האָט אויסגעפיהרט אַז איינער איז צום ערשטען מאָל פעראורטהיילט געוואָרן צום טויט פאַר שקלאַפען־הענדלעריי, און האָט אויך געהאָלפען פער־אורטהיילען לייטע וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין העלפען מאַכען אַ רע־וואָלוציאָן אין די רעפּובליק ניקאַראַגואַ, אין סענטראַל אַמעריקאַ. ער האָט אָרגאַניזירט און קאָמאַנדירט דעם 59טען רעגימענט פון ניו יאָרקער פרייוויליגע, און איז פערוואונדעט געוואָרן אין ניו אָרלינס. ער איז אַרויסגעטרעטען פון דיענסט מיט דעם טיטעל בריגאַדיער־גענעראַל. אין 1870 איז ער ערוועהלט געוואָרן אַלס ריכטער פון מארין־גריכט פון די שטאָדט ניו יאָרק און האָט גדיענט דעם פולען טערמין פון זעקס יאָהר. ריכטער יאָאַכימסען איז געווען טהעטיג אין אידישע געמיינדע־אַנגעלעגענהייטען, און איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון אידישען וויַיזען־הויז פון ניו יאָרק (1859). צוואַנציג יאָהר שפּעטער האָט ער אָרגאַניזירט די צווייטע גרויסע אַנשטאַלט פאַר יתומים פון ניו יאָרק, די היברו שעלטערינג גאַרדיען אָרפאַן אסיילום.

גענעראַל וויליאַם מייער האָט געלייסטעט וויכטיגע ארבייט אין די רייאָטס וואָס זיינען פאָרגעקומען אין ניו יאָרק ווען מען האָט געמוזט נעהמען רעקרוטען מיט געוואַלט, און איז בעדאַנקט געוואָרן אין אַ פּערזענליכען בריעף פון פּרעזידענט לינקאָלן. שפּעטער האָט זיך גענעראַל מייער בעשעפטיגט מיט זשורנאַליזם, און איז געווען דער רעדאַקטאָר פון איינינע דייטשע צייטונגען.

מאַרקוס מ. שפּיעגעל, דער זאָהן פון אַ ראַבינער פון אָפּענהיים־אַם־רהיין,

איז אריינגעטרעטען אין 76טען אינפאנטעריע־רעגימענט פון אָהייאָ, און איז געשטיעגען גראַדענווייז ביז ער איז געוואָרן לייטענאנט־קאָלאָנעל, און איז שפּעטער אַלס בעלוינונג פאַר העלדען־מוטה וואָס ער האָט געוויעזען אויף'ן שלאַכטפעלד, ערנענט געוואָרן קאָלאָנעל פון 120טען אינפאַנטעריע־רעגימענט פון אָהייאָ. ער איז פערוואונדעט געוואָרן אין וויקסבורג, און ווען ער איז דערנאָך צוריק געקומען צו זיין רעגימענט, איז ער געפאַלען אין סנעגי פּאָינט, לואיזיענע. ווען ניט זיין אונצייטיגער טויט וואָלט קאָלאָנעל שפּיעגעל ער־רייכט דיא ראַנגע פון אַ בריגאַדיער־גענעראַל, וויא זיינע פאָרגעזעצטע האָבען רעקאָמענדירט.

מאַקס איינשטיין, (געב. אין ווירטעמבערג, 1822; געק. 1844), האָט געהאַט ערפאַהרונג אין מיליטערישע אַנגעלעגענהייטען איידער דער קריעג איז אויסגעבראָכען. ער איז געוועזן אַ הענדלער מיט זיידען־וואַארע. ער איז געוואָרן ערשטער לייטענאַנט פון דיא וואַשינגטאָן גאַרדס אין 1852. אין פאָל־גענדען יאָהר איז ער אריינגעטרעטען אין דיא פילאַדעלפיא אַרטילעריע קאָמ־פּאַניע און איז געוואָרן איהר קאַפּיטאַן. שפּעטער איז ער געוואָרן אייד־דע־קאַמפּ (מיט דעם טיטעל לייטענאַנט־קאָלאָנעל) פון גאָווערנאָר דשיימס פּאָללאַק פון פּענסילווענ יע אין 1856. אין 1860 איז ער ערוועהלט געוואָרן בריגאַדיער־גענעראַל פון דיא צווייטע בריגאַדע פון דיא מיליץ פון פּענסילווענ יע. אין פאָלגענדען יאָהר האָט ער אָרגאַניזירט דעם 27טען אינפאַנטעריע־רעגימענט פון פּענסילווענ יע, וועלכער איז אריינגעטרעטען אין דיענסט דעם 31טען מאַי, 1861, אויף אַ טערמין פון דריי יאָהר. דער רעגימענט אונטער קאָלאָנעל איינ־שטיין'ס קאָמאַנדאָ, האָט געדעקט דעם ריק־מאַרש פון דיא יוניאָן־אַרמעע נאָך דיא ערשטע שלאַכט פון בול ראָן, און האָט דאַפיר געוואונען אַנערקענונג. איינשטיין איז שפּעטער ערנענט געוואָרן פון פּרעזידענט לינקאָלן יונייטעד סטייטס קאָנסול אין נירענבורג, דייטשלאַנד, און האָט דערנאָך געהאַט אַ רע־גיערונגס־אַמט אין פילאַדעלפיאַ.

עס איז ווערטה צו בעמערקען אַז דער איינציגער רעגימענט פון וועלכען איינשטיין איז געווען דער הויפּטמאַן האָט געהאַט נאָהענט פון דרייסיג אידישע אָפּיציערען און אונטער־אָפּיציערען און אונגעפעהר זעכציג אידישע סאָלדאַטען אין דיא רייהען. דאָס איז זעלבסט־פערשטענדליך געווען אַן אויסנאַהמס־פאַל, אָבער עס האָבען זיך געפונען אידען אין דיא מייסטע רעגימענטען פון יענעם סטייט, בעזאָנדערס אין דיא וואָס זיינען רעקרוטירט געוואָרן אין פילאַדעלפיאַ, כמעט אַזוי פיעל וויא צווישען דיא סאָלדאַטען פון אַנדערע סטייטס וועלכע האָבען געשיקט מעהר אידען אין קריעג. דער ערשטער אין דיעזער הינזיכט צווישען אַלע סטייטס איז געווען ניו יאָרק, וועלכער האָט שוין דאַמאָלס געהאַט דיא אויסצייכנונג פון ענטהאַלטען דיא גרעסטע אידישע געמיינדע אין דיא

נייע וועלט, און פון וואנען עס זיינען אוועק אין קריעג נאָהענט פון צוויי טויזענד אידען. אָהייאָ איז געווען דער צווייטער מיט 1,134 און אילינאָיז דער דריטער מיט 1,076, וועלכעס ווייזט דייטליך אז די מיטעל־וועסט איז שוין דאַן שטענדיג געוואַקסען אין איהר וויכטיגקייט פאַר די נייע אימיגראַציאָן. אינדיענע האָט געשיקט פינף הונדערט אידען, באַלד אַזוי פיעל וויא פענסילווניע; מישיגען'ס חלק איז געווען מעהר וויא צוויי הונדערט. די ניו ענגלאנד סטייטס האָבען דאַן געהאַט אַ זעהר קליינע אידישע בעפעלקערונג, און דעריבער האָבען זיי בייגעטראָגען אַ גאַנץ קליינע צאָהל אידען וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין בירגער־קריעג.

עס איז געווען נאָך אַ רעגימענט פון פענסילוועניע, דער זעקס־און־פופציגסטער, אָדער פינפטער קאַוואַלעריע־רעגימענט, וועלכער איז געווען בעקאַנט אַלס קאַמעראָן'ס דראַגונער, (ווייל ער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַ בעפעהל פון קריעגס־מיניסטער סיימאָן קאַמעראָן (1799—1889) דעם זעקסטען דשולאַי 1861) וועלכער איז אין אָנפאַנג אוועק אין פעלד אונטער אַ אידישען קאָלאָנעל. זיין נאָמען איז געווען מאַקס פריעדמאַן, (געב. אין מילהויזען, דייטשלאַנד, 1825), וועלכער איז געקומען אין אַמעריקא אין 1848 און האָט זיך בעזעצט אין פילאַדעלפיא. ער האָט געדיענט אַלס מאַיאָר אין אַ רעגימענט פון די סטייט מיליץ איידער דער קריעג האָט זיך אָנגעפאַנגען. קאָלאָנעל פריעדמאַן איז געבליעבען מיט זיין רעגימענט ביז אַ שווערע וואונד וועלכע ער האָט געקריעגען ביי די שלאַכט פון וויעננא, ווירדשיניע, האָט איהם געצוואונגען צו רעזיגנירען דעם פאָלגענדען מאָנאַט. ער האָט זיך שפּעטער בעזעצט אין ניו יאָרק אַלס דער קאַסירער פון יוניאָן סקווער נעשיאָנעל באַנק, וועלכע ער האָט געהאָלפען אָרגאַניזירען.

אברהם הארט (געב. אין העסען־דאַרמשטאַדט, 1832), וועלכער איז געקומען נאָך אַמעריקא ווען ער איז אַלט געווען אַכצעהן יאָהר, איז געווען אַ קאַפּיטאַן אין דעם 73טען אינפאַנטעריע־רעגימענט פון פענסילוועניע און ווען קאָלאָנעל קאָלטער, אונטער וועמען ער האָט געדיענט, איז געוואָרן אַ בריגאַדיער־גענעראַל אין גענעראַל בלענקער'ס דיוויזיאָן פון די אַרמעע פון פּאָטאָמעק, איז קאַפּיטאַן הארט געוואָרן דער הויפּט־אַדיוטאַנט פון די בריגאַדע. מאָזעס אייזאַק פון ניו יאָרק האָט געקריעגען דעם זעלבען אַמט אין דריטען קאָרפּוס פון די זעלבע אַרמעע, ער האָט זיך בעטהייליגט אין מעהרערע שלאַכטען, און האָט שפּעטער געדיענט אונטער בענקס. אַ צווייטער ניו יאָרקער איד וועגען וועמען מען ווייס זעהר ווייניג איז געווען לייטענאַנט־קאָלאָנעל לעאָפּאָלד ס. ניומאַן, פון 31טען אינפאַנטעריע רעגימענט פון יענעם סטייט, וועלכער האָט פערלאָרען אַ פוס דורך אַ קאַנאָן־קויל אין די שלאַכט פון טשענסלאָרוויל, (צווייטען מאַי, 1863) און איז געבראַכט געוואָרן אין וואַשינגטאָן וואו ער איז



קאָמאַדאָר אוריה פּ. ליוואַי

Commodore Uriah P. Levy

געשטאָרבען. פּרעזידענט לינקאָלן האָט איהם בעזוכט אין האָספּיטאַל, און האָט מיטגעבראַכט אַ קאָמיסיאָן וואָס האָט איהם אין זיינע לעצטע שטונדען געמאַכט פאַר בריגאַדיער־גענעראַל.

דיא צאָהל אידישע סאָלדאַטען איז געווען פּראָפּאָרציאָנעל גרויס, און פּיעלע פון זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט און האָבען עררייכט אַ הויכע שטופּע אַלס מיליטערישע בעאַמטע; דאָך איז עס געווען אין דעם צווייטען טהייל פון דיענסט, אין דיא פלאָטע, אין וועלכע אַ איד האָט עררייכט דיא העכסטע ראַנגע אין יענער צייט. קאָמאַדאָר אוריה פיליפּס ליוואַי (געב. אין פילאַדעלפיא, 1792; געש. אין ניו יאָרק 1862) האָט געהאַט עררייכט די העכסטע שטעלונג אין דיענסט פון דיא פלאָטע איידער דער קריעג האָט זיך אָנגעהויבען, אָבער ער איז שוין געווען צו אַלט צו נעהמען אַ טהעטיגען אַנטהייל. ליוואַי איז אָנגעקומען אַלס קאַיוטען־יונג אויף אַ שיף ווען ער איז אַלט געווען עלף יאָהר, און צו פיערצעהן יאָהר איז ער געוואָרן אַ מאַטראָזען־לעהרלינג. ער האָט איין יאָהר געשטודירט אין אַ פלאָטען־שולע און איז עטליכע יאָהר שפּעטער געוואָרן דער געהילפע פון אַ שיפס־קאַפּיטאַן. צו צוואַנציג יאָהר איז ער שוין געווען אליין דער קאַפּיטאַן פון אַ שיף. זייענדיג אויף אַ רייזע אויף דיא שיף "דשאָרדש וואַשינגטאָן" פון וועלכע ער איז אויך געווען צום טהייל דער אייגענטהימער, האָבען דיא מאַטראָזען געמאַכט אַ בונט און מען האָט צוגענומען דיא שיף. ער איז געבליעבען הילפלאָז, אָבער ער האָט זיך דערשלאָגען צוריק נאָך יונייטעד סטייטס, און האָט דערנאָך אויסגעווירקט אַז מען האָט דיא בונטאָוושציקעס אויך געבראַכט אהער און זיי זיינען פערורטהיילט געוואָרן פאַר זייער פערברעכען.

ליוואַי איז אריינגעטרעטען אין דיענסט פון דיא יונייטעד סטייטס פלאָטע אַלס זעגעל־מייסטער אין אָקטאָבער 1812, ווען דיא מלחמה מיט ענגלאַנד האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבען. ער האָט געדיענט ביז דעם פאָלגענדען דשון אויף דיא שיף "אַלווירט" ביי דיא ברעגעס פון לאַנד, דאַן איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט דיא שיף "אַרגוס" נאָך פראַנקרייך. דיא "אַרגוס" האָט גענומען געפאַנגען איינינע ענגלישע שיפען און ליוואַי איז אַרויף אויף איינע פון זיי. אָבער דיא ענגלענדער האָבען צוריק געפאַנגען יענע שיף, און ליוואַי מיט זיין מאַנשאַפט זיינען געהאַלטען געוואָרן זעכצעהן מאָנאַט אַלס קריעגס־געפאַנגענע אין ענגלאַנד. אין 1816 האָט ער געדיענט אַלס זעגעל־מייסטער אויף דיא "פרענקלין" און אין מערץ 1817 איז ער געוואָרן אַ לייטענאַנט אין דיא פלאָטע פון יונייטעד סטייטס. ליוואַי האָט געהאַט פיעלע שווירינקייטען אין דיענסט, טהיילווייז ווייל ער האָט זיך דערדיענט פון אַן איינפאַכען מאַטראָז, דאָס הייסט אַז ער האָט געהערט צו דעם סאָרט מיליטערישע בעאַמטע וועלכע זיינען קיינמאָל ניט בעליעבט ביי זייערע געשטודירטע קאַמעראַדען, און צום טהייל, וויא ער אַליין און מאַנכע אַנדערע האָבען געדיינקט,

צוליעב זיין רעליגיאן און אפשטאמונג. ער האט געהאט א דועל אין וועלכען ער האט געטויטעט זיין געגנער; ער איז זעקס מאל געשטעלט געווארן פאר א קריעגס־געריכט און איז ענדליך ענטלאסען געווארן פון די פלאטע וואו ער האט שוין עררייכט צו ווערען א קאפיטאן. ער האט זיך אבער ענדליך פער־טהיידיגט מיט ערפאלג פאר אן אונטערזוכונגס־געריכט אין 1855, און איז צו־ריק אריינגענומען געווארן אין דיענסט אלס קאפיטאן. שפעטער איז ער גע־ווארן קאמאדאר, וועלכעס איז דאן געוועזן די העכסטע ראנגע אין דיענסט פון די היעגע פלאטע. ליוואי האט געשטאמט פון אן אלטע פילאדעלפיער פאמיליע, ער איז אימער געשטאנען אין נאהענטע פערבינדונגען מיט די אי־דישע געמיינדע, און איז געוועזן איינער פון די גרינדונגס־מיטגליעדער פון די אידישע קאנגרעגיישען אין וואשינגטאן. ער האט אפגעקויפט מאנטי־סעלא, די היים פון טהאמאס דזשעפערסאן, וועמען ער האט אימער בעוואונ־דערט, און דער פלאץ געהערט נאך צו די פאמיליע; דער איצטיגער אייגענטהי־מער איז קאנגרעסמען דזשעפערסאן מ. ליוואי, א נעפפע פון דעם קאמאדאר. אוריה פ. ליוואי האט געשאנקען די רעגירונג א שטאטוע פון דזשעפערסאן, וועלכע געפינט זיך אין דעם פלאץ פון די שטאטוען אין קאפיטאל־געביידע אין וואשינגטאן. ליוואי איז בעערדיגט אויף דעם טהייל פון סייפרעס־היל בית עולם אין ניו יארק וואס געהערט צו די געמיינדע שארית ישראל (פון וועלכע א צווייטער נעפפע, לואי נאפאלעאן ליוואי, א ברודער פון קאנ־גרעסמען איז דער פרעזידענט) און אויף זיין מצבה איז אויסגעקריצט אז "ער איז געוועזן דער פאטער פון דעם געזעץ אפצושאפען די בארבארישע פראקטיק פון קערפערליכע שטראף אין די פלאטע פון יונייטעד סטייטס."

# קאַפּיטעל 27

## דיא צייט פון בריינגען אָרדנונג נאָך דעם בירגער־קריעג.

עבבע און פלוטה אין איינוואַנדערונג צווישען 1850 און 1880 — דיא אידישע איינ־וואַנדערונג פון דייטשלאַנד פאַלט אָפּ און הערט דערנאָך כמעט אין גאַנצען אויף — דיא צייט ווען מען האָט אָפּגעצויגען דעם אָטהעם צווישען צוויי פּע־ריאָדען פון איינוואַנדערונג, און דיא פאַרבערייטונג פאַר דעם גרויסען צופלוס וואָס איז שפּעטער געקומען — דיא פּעריאָדע פון גרויסע וואָהלטהעטיגע אַנ־שטאַלטען — אָרגאַניזאַציאָן און פעראייניגונג — דער היברו יוניאָן קאָלעדש און דער יוניאָן פון אַמעריקאַנישע אידישע קאָנגרעגיישענס — דער אינדע־פּענדענט אָרדער בני ברית — אַנדערע גרויסע בריעדערליכע אָרגאַניזאַציאָנען און זייער ניצליכקייט — וויכטיגע לאָקאַלע אַנשטאַלטען אין ניו יאָרק, פילאַ־דעלפיאַ, שיקאַגאָ א. ז. וו.

דיא צאָהל אימיגראַנטען וואָס זיינען אָנגעקומען אין יונייטעד סטייטס האָט געהאַלטען אין שטייגען אין מיטען פון לעצטען יאָהרהונדערט, און זיא האָט עררייכט דעם העכסטען פּונקט פון יענער פּעריאָדע אין 1854, ווען 427,833 זיינען אָנגעקומען. דאַן האָט דיא איינוואַנדערונג אָנגעפאַנגען אָפּצור־פאַלען און עס זיינען נור געקומען אונגעפעהר 150,000 אין 1860, און צו ווע־ניגער וויא 90,000 אין דיא צוויי ערשטע יאָהרען פון קריעג, 1861 און 1862. אין דעם פאָלגענדען יאָהר איז דיא צאָהל ווידער געשטיעגען, און אין דיא לעצטע יאָהרען פון קריעג, ווען מען האָט שוין לייכט געקענט פאָראויסזעהן דעם רעזולטאַט, איז דיא איינוואַנדערונג געווען גרעסער וויא אין דיא לעצטע דריי יאָהר פאַר'ן קריעג. אין 1865 זיינען געקומען 247,453, אין 1867 (ווען מען האָט אָנגענומען דאָס איצטיגע סיסטעם פון רעכענען נאָך דעם פיסקאַל־יאָהר וואָס ענדיגט זיך דעם 30טען יוני) זיינען געקומען 298,967, און נור עטוואָס ווענינער אין 1868. אין 1869 זיינען געקומען 352,569, אין 1870 איז דיא צאָהל געשטיעגען אויף 387,203. נאָך אַ קליינעם אָפּפאַל אין 1871 — אויף 321,350 — איז דיא אימיגראַציאָן געשטיעגען אין 1872 אויף 404,806 און אין 1873 אויף 459,803, דאַן איז דער שטראָם ווידער אָפּגעפאַלען צוליעב דיא שוואַכע צייטען וואָס זיינען געקומען נאָך דעם פּאַניק פון יענעם יאָהר. ער

איז געזונקען אין 1878 אויף 138,469, און איז צוריק געשטיעגען ביז 177,826 אין 1879 און האָט זיך אויפגעהויבען ביז 457,257 אין 1880, ווען מען האָט זיך שוין אין גאַנצען ערהוילט פון דעם פּאַניק און אויך פון די פערוויסטונגען וואָס דער קריעג האָט געמאַכט.

דייטשען זיינען נאָך אַלץ געקומען אין גרויסע מאַסען אין די צוואַנציג־דרייסיג יאָהר נאָך דעם בירגער־קריעג, אָבער די צאָהל אידען וואָס זיינען אַוועק פון דייטשלאַנד איז געוואָרען זעהר קליין, און זיא איז אַרונטער כמעט אויף נול אין 1880. דאָס וואָס אַ אידישער רייזענדער בעצייכענט*) אַלס די צווייטע דייטש־אידישע פּעריאָדע פון וואַנדערונג נאָך אַמעריקאַ, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אַרום 1836 און צו וועלכע "בייערן האָט בייגעטראָגען דעם גרעסטען טהייל פון אידישע אימיגראַנטען צוליעב איהרע אייגענטהימליך שווערע אַנטי־אידישע הייראַטהס־געזעץ און האַנדעלס־בעשריינקונגען", האָט זיך טהאַטזעכליך געענדיגט אין די צעהן יאָהר נאָך דעם בירגער־קריעג, ווען די אידען האָבען געקריעגען גלייכע רעכטע אין די מייסטע דייטשע שטאַאַטען. דער פּראָגרעס וואָס דיעזע אימיגראַנטען האָבען געמאַכט אין וועניגער ווי די צייט פון אַ דור, קען אַם בעסטען בעצייכענט ווערען דורך ציטירען צוויי אויסציגע פון דעם זעלבען אַרטיקעל פון מר. קאָהלער. "די ערשטע דייטשע אימיגראַנטען זיינען געוועהנליך געקומען אָהער אָהן מיטלען, אָפט מיט זעהר וועניג קענטניס". שפּעטער ציטירט ער פון אַ דייטש־אַמעריקאַנישען פּאָליטיקער וועלכער האָט געשריעבען אין 1869 : "די דייטשע אידען אין אַמעריקאַ געווינען איינפלוס מיט יעדען טאָג, זיי זיינען רייך, אינטעליגענט און גוט ערצויגען, אָדער מינדעסטענס שטרעבען זיי צו ערציהונג. זיי לעזען בעסערע ביכער ווי די אַנדערע דייטשען . . . ."

דיעזער פּראָגרעס איז געמאַכט געוואָרען לייכטער דורך די גרויסע אויפלעבונג פון האַנדעל נאָך דעם קריעג. אַ גרויסע צאָהל פון די דייטש־אידישע אימיגראַנטען האָבען אָנגעזאַמעלט פערמעגענס, און ווען עס האָבען אויפגעהערט צו קומען נייע אָרעמע אימיגראַנטען, אָדער ריכטיגער געזאָגט אָרעמע פערוואַנדטע, איז די צאָהל אָרעמע און הילפלאָזע דאָ געוואָרען גאַנץ אונבעדייטענד. מען קען זאָגען אַז אין דיעזע פופצעהן יאָהר (1865—1880) צווישען די פריהעריגע גרויסע דייטש־אידישע איינוואַנדערונג און די פאָלגענדע אונפערגלייכליך גרעסערע רוסיש־אידישע, האָבען די אידען אין יונייטעד סטייטס געמאַכט אָרדנונג אין זייערע אינערליכע געמיינדע־אַנגעלעגענהייטען, און האָבען זיך פאַרבערייטעט פאַר זייער היסטאָרישע אויפגאַבע צו

*) זעה קאָהלער, דייטש־אידישע וואַנדערונג נאָך אַמעריקאַ, אין גיינטען באַנד פון די "פּאַבליקיישענס" זייטע 96 און ווייטער.



יוליוס ביען (פּאָרשטעהער פון דיא "בני ברית")

Julius Bien

עמפּפאַנגען דיא גרויסע מאַסען וועלכע זיינען באַלד נאָכדעם געטריעבען געוואָרן אהער דורך דיא אייזערנע האַנד פון פערפאָלגונג פון דיא סלאַווישע לענדער. דיא מייסטע גרויסע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, וועלכע זיינען דער שטאָלץ פון אַמעריקאַנישען יודענטהום, און וועלכע האָבען געהאָלפען צו לינדערן נויטה און שמערצען אין פערשיעדענע פאָרמען, שטאַמען פון דיעזער פעריאָדע. דיא דאַטע פון אָרגאַניזאַציאָן אָדער פון דיא ערשטע גרינדונג קומט מייסטענס אוים פיעל פריהער. אָבער אין אָנפאַנג זיינען דיעזע אַנשטאַלטען געווען מייסטענס וויא דיא קליינע צדקות וואָס אונזערע אָרעמע אימיגראַנטען גרינדען איצטער. עס זיינען געווען זעהר וועניג גרויסע אידישע אינסטיטוציאָנען אין יונייטעד סטייטס פאַר דעם בירגער־קריעג, חאָטש דיא מייסטע איצטיגע גרויסאַרטיגע אָרגאַניזאַציאָנען פון דיא עלטערע קהלות שטאַמען פון פריהערע צייטען. דיא גרעסטע צאָהל און דיא וויכטיגסטע פון זיי זיינען אויסגעוואַקסען און פול ענטוויקעלט געוואָרן "אין דיא זיעבציגער יאָהרען" דאָס הייסט אין דיא צייט ווען דיא אידען פון אַמעריקאַ האָבען אָפּגעצויגען דעם אָטהעם צווישען צוויי פעריאָדען פון איינוואַנדערונג.

דיא טענדענץ צו אָרגאַניזירען, צו פערשמעלצען און זיך צו נעהמען אין ערנסט צו דיא אַרבייט פון אַמעריקאַנישען יודענטהום, וועלכע כאַראַקטעריזירט דיעזע פעריאָדע, האָט זיך אויך אַרויסגעוויעזען אין דיא קאָנפערענצען פון רעפאָרם־ראַבינער; חאָטש אַלס געלעגענהייט פאַר רייסערייען וועגען צושטערענדע בענייאונגען און פאַר עקסטרעם־ראַדיקאַלע פּרינציפּען־ערקלערונגען, פערדיענען זיי גיכער קלאַסיפיצירט צו ווערען אַלס פאָראיבערגעהענדע סענסאַציאָנען וויא אַלס פאַסירונגען פון היסטאָרישער וויכטיגקייט. אויף דיא דריטע פון דיעזע קאָנווענציאָנען, וועלכע איז געהאַלטען געוואָרן אין סינסינעטי אין יוני 1871, איז בעשלאָסען געוואָרן צו גרינדען דעם היברו יוניאָן קאַלעדש אָדער סעמינאַר פאַר רעפאָרמירטע ראַבינער, און צו אָרגאַניזירען דעם פעראיין פון אַמעריקאַניש־אידישע קאָנגרעגיישענס. דיא לעצטע אָרגאַניזאַציאָן וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יולי 1873, מיט פיער־און־דרייסיג געמיינדען וועלכע האָבען צוזאַמען געהאַט אַרום אַכצעהן הונדערט מיטגליעדער*) בעשטעהט איצטער פון לערך צוויי הונדערט קאָנגרעגיישענס מיט אונגעפעהר צוואַנציג טויזענד מיטגליעדער, און ענטהאַלטעט טהאַטזעכליך דעם גאַנצען אַמעריקאַנישען און אַמעריקאַניזירטען דייטשען עלעמענט וועלכער איז פערבונדען מיט אידישע רעליגיעזע אַנשטאַלטען. דער קאַלעדש איז געגרינדעט געוואָרן צוויי יאָהר שפּעטער, און האָט אַרויסגעגעבען נאָהענט פון הונדערט־און־פופציג אַמעריקאַנישע ראַ־

*) זעה רעוו. יאָזעף קרויזקאָפּף, "א האַלבעס יאָהרהונדערט פון יודענטהום אין יונייטעד סטייטס", אין "אַמעריקאַניש־אידישען יאָהר־בוך פאַר 5648, (תרמ"ח)", זייטע 87.

בינער, פון וועלכע מאנכע זיינען געוואָרן פּראָמינענט אַלס פּרעדיגער און אַלס כלל־טהוער.

דער אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית, וועלכער שיינט בעשטימט צו ווערען דיא גרויסע אידישע אינטערנאציאָנאַלע אָרגאַניזאציאָן פון דיא צו־קונפט, איז אפילו שוין געגרינדעט געוואָרן אין 1843, אָבער ער האָט ניט פּער־נומען זיין פּראָמינענטע שטעלונג אין היגען אידישען לעבען ביז מיט א פיער־טעל יאָהרהונדערט שפּעטער. ער האָט געהאַט וועניגער וויא דריי טויזענד מיטגליעדער אין 1857. דריי יאָהר נאָך דעם שלום פון בירגער־קריעג איז דיא מיטגליעדערשאַפט געשטיעגען אויף צוואַנציג טויזענד, וועלכעס איז וואהר־שיינליך געוועזען א גרעסערע פּראָפּאָרציאָן פון דיא אידישע בעפעלקערונג פון לאַנד אין יענער צייט, וויא דער אָרדער האָט ווען געהאַט פריהער אָדער נאָכדעם. איצטער האָט ער אונגעפעהר פיער־און־דרייסיג טויזענד מיטגליעדער, צוטהיילט אין זיעבען דיסטריקטס אָדער בעצירקען אין יונייטעד סטייטס; עס זיינען אויך דאָ בליהענדע לאָדשען אין דייטשלאַנד, עסטרייך און רומעניען. אין דיא לעצטע צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרן א לאָדש אין ענגלאַנד. דער לייי־טענדער גייסט פון דעם אָרדער איז געוועזען יוליוס ביען, (געב. אין העססען־נאַססאַו, דייטשלאַנד, 1826; געש. אין ניו יאָרק, 1909), וועלכער איז געוועזען דער פּרעזידענט אין דיא יאָהרען 57—1854 און אין 1900—1868. זיין נאָכ־פאָלגער איז געוועזען לעאָ נ. ליוואי (געב. אין וויקטאָריא, טעקסאַס, 1856; געש. אין ניו יאָרק 1904) אויף וועמען'ס פּלאַץ עס איז ערוועהלט געוואָרן דער איצטיגער קאָנסטיטוציאָנעלער פּרעזידענט, אַדאָלף קרויז (געב. אין בעהמען, 1850; געק. 1865), א פּראָמינענטער אדוואָקאַט וועלכער וואָהנט אין שיקאַגאָ זייט 1871, וואו ער האָט בעקליידעט דיא עמטער פון פּרעזידענט פון ערצי־הונגס־ראַטה, שטאָדט־אדוואָקאַט און פּרעזידענט פון ציוויל־דיענסט קאָמיסיאָן.

אַנדערע אידישע בריעדערשאַפט־אָרגאַניזאציאָנען, וועלכע האָבען זיך אָב־געגעבען מייסטענס מיט טהעטיגקייט צו גונסטען פון זייערע אייגענע מיטגליע־דער, און האָבען צוליעב דעם אויפגעטהאָן וועניגער פאַר אַלגעמיינע אידישע צוועקען און פאַר אַלגעמיינע צדקות, זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן אין יענער פּעריאָדע. אַזעלכע קערפּערשאַפטען זיינען דער אָרדער ברית אברהם (אָרגאַ־ניזירט 1859) און דיא צוויי אַנדערע אָרדערס וועלכע שטאַמען פון איהם: דער קשר של ברזל (אָרגאַניזירט 1860) און דער אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם (אָרגאַניזירט 1887); דיא פרי סאָנס אָוו איזראַעל (1849) און דיא פרי סאָנס אָוו בענדשעמין (1879). דיא צוויי אָרדערס ברית אברהם, פון וועלכע דער צווייטער איז געשאַפען געוואָרן דורך אַן אָפּפאַל פון ערשטען, זיינען געוואַקסען זעהר שנעל אין דיא לעצטע יאָהרען; דער עלטערער האָט אונגעפעהר זיעבציג טויזענד מיטגליעדער פוןביידע געשלעכטער און דער אינ־

גערער כמעט דאָפעלט דערפון. אַזוי וויא אין דיא מייסטע אידישע אָרדערס וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן שפעטער, בעשטעהט דיא מיטגליעדערשאַפט צום גרעסטען טהייל פון דיא אימיגראַנטען פון דיא לעצטע פעריאָדע וועלכע שטאַמען פון דיא סלאַווישע לענדער. אויסער דיא פינאַנציעלע נוצען וואָס מיטגליעדער און זייערע פאַמיליען קריעגען פון דיעזע אָרגאַניזאַציאָנען ביליגער וויא זיי וואָלטען עס געקענט קריעגען אַנדערסוואו, האָבען דיעזע קערפערשאַפטען אויך אַ ווערטה פאַר דיא ערציהונג אין פעראיינס־לעבען וואָס דיא מיטגליעדער קריעגען דאָרטען. פיעלע האָבען דאָרטען דיא ערשטע געלעגענהייט בעקאַנט צו ווערען מיט דיא סיסטעמאַטישע אַרבייט פון אַן אָרגאַניזאַציאָן וועלכע פיהרט זיך נאָך איהרע אייגענע כללים.

אַזוי פיעל, אויב ניט נאָך מעהר פאָרטשריט איז געמאַכט געוואָרן אין גרינדען אַנשטאַלטען וועלכע זיינען אפילו נור לאָקאַל אין זייער כאַראַקטער, אָבער וועלכע האָבען אין אַזעלכע גרויסע געמיינדען וויא אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיא אָדער שיקאַגאָ אין פערלויף פון אַ לאַנגע צייט געהאָלפען מעהר לייטע און געמאַכט גרעסערע אויסגאַבען וויא מאַנכע פון דיא נאַציאָנאַלע קערפערשאַפטען. דיא יונייטעד היברו טשאַריטיס פון ניו יאָרק איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1874, דיא היימאַטה פאַר אַלטע און שוואַכע אידען מיט צוויי יאָהר שפעטער. דער מאָונט סיני האָספיטאַל האָט פריהער געהייסען אידישער האָספיטאַל (אָרגאַניזירט 1857) אָבער ער איז פריהער געוועזן קליין, און דיא גרויסע געביידע (וועלכע איז אויפגעגעבען געוואָרן פאַר אַ נאָך גרעסערע אין 1901) וועלכע האָט צום ערשטען געטראָגען דעם טיטעל מאָונט סיני איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1870. דער היברו בענעוואָלענט אָרפאַן אסיילום אָדער וויזענהויז וועלכער איז אין זיין ערשטער פאָרם אָרגאַניזירט געוואָרן אין ערשטען פיערטעל פון לעצטען יאָהרהונדערט, האָט נור געהאַט דרייסיג קינדער אין אַ געדונגענעם הויז אין 1860. דיא ערשטע אייגענע געביידע, אויף קאָרנער דריטע עוועניו און זיעבען־און־זיעבציגסטע סטריט איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1862, און דער פראַכטפאָלער בנין אויף אַמסטערדאַם עוועני איבער צוואַנציג יאָהר שפעטער. דיא היברו שעלטערינג גאַרדיען אָרפאַן אסיילום סאָסייעטי איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1879. דער פעראיין פון אידישע פרייע שולען: היברו פרי סקול אַסאָסיאיישען, פון וועלכען עס זיינען שפעטער אַרויסגעוואַקסען אַנדערע וויכטיגע ערציהונגס־אַנשטאַלטען, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יענער צייט און האָט עקזיסטירט ביז 1899. דער פעראיין פון אידישע יונגע לייטע (יאָנג מען היברו אַסאָסיאיישען) איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1874.

אין פילאַדעלפיאַ איז דיא טהעטיגקייט פון דער געמיינדע אויך פיעל פערגרעסערט געוואָרן אין יענע פאָרמירונגס־פעריאָדע פון דיא געשיכטע פון אידען אין אַמעריקאַ. דיא ערשטע אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי, מאַימאָנידעס

קאלעדש, איז דארטען געעפענט געווארן אין 1867 און האט עקזיסטירט זעקס יאהר. דיא היברו עדיוקיישען סאסייעטי, וועלכע איז ארגאניזירט געווארן אין 1848 און האט געעפענט איהר שול מיט צוויי־און־צוואנציג שילער אין 1851, האט געעפענט א צווייטע שול אין דיא סינאגאג פון דיא בני ישראל אויף פינפטע סטריט אין 1878, און א דריטע אויף דעם נארד־וועסט קארנער פון מארשאל סטריט און זשיראר עווענױ אין 1879. דער ערשטער אידישער האספיטאל־פעראיין איז דארטען ארגאניזירט געווארן אין 1865, א אידישער קינפעטארין־פעראיין איז געגרינדעט געווארן אין 1873. דיא פאסטער־האום אדער וויזען־הויז וועלכע האט געהאט איהר ערשטע קליינע געביידע פון 1855, איז ארגאניזירט געווארן אין איהר איצטיגע פארם אין 1874, און איז זייט דאן געווארן איינע פון דיא וויכטיגסטע אנשטאלטען אין פילאדעלפיא. א פעראיין פון אידישע יונגע לייטע איז דארטען געגרינדעט געווארן אין 1875, א יאהר שפעטער וויא אין ניו יארק.

דער ערשטער אידישער האספיטאל אין שיקאגא איז אויפגעבויט געווארן אויף לאסאל עווענױ אין 1868. ער איז צושטערט געווארן אין דיא גרויסע שריפה פון 1871, און אכט יאהר שפעטער איז געשאפען געווארן דער פאנד וועלכער האט געמאכט מעגליך דיא עררירכטונג פון דעם מייקעל ריעז האספיטאל. דיא יונייטעד היברו טשאריטיס פון שיקאגא, וועלכע האט אנפאנגס געהייסען דיא יונייטעד היברו רעליעף אסאסיאיישען, איז ארגאניזירט געווארן אין 1859, און האט שפעטער געענדערט דעם נאמען. דיא יונייטעד היברו טשאריטיס פון סט. לואיס איז ארגאניזירט געווארן אין 1875.

# קאַפּיטעל 28

## נייע שולען און טעמפּלען. איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד פאַר 1880.

דיא דייטש־אידישע געמיינדען ווערען גרעסער אין רייכטהום און אין וויכטיגקייט — נייע און גרויסע שולען און טעמפּלען ווערען אויפגעבויט אין פערשיעדענע טהיילען פון לאַנד אין דיא "זעכציגער" און "זיעבציגער" יאָהרען — פּראָבּ־לעמען פון רוסיש־אידישע איינוואַנדערונג פאַר דעם יאָהר 1880 — דיא עקאָ־נאָמישע לאַגע פון דיא אידישע מאַסען אין רוסלאַנד איז געוועזן ערגער אין "דיא גאָלדענע צייט" וויא אונטער ניקאָלאַי דעם ערשטען — אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד נאָך דעם הונגער פון 1867—68 און נאָך דעם פּאָגראָם פון אָדעסאַ אין 1871 — דיא פּאָראויסזעצונג אַז עס איז געוועזן אַ העברעאיש־לעזענדעם פּובליקום אין ניו יאָרק אין 1868 — דיא ערשטע לשון קודש'דיגע און אידישע צייטשריפטען.

דיא וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען וועלכע זיינען געגרינדעט אָדער פערגרעסערט געוואָרן אין דיעזער פּעריאָדע זיינען ניט דער איינציגער בעווייז פון דיא פערבעסערטע און איינגעפונדעטע לאַגע פון דיא אידען וועלכע זיינען אַהער אָנגעקומען אין דעם האַלבען יאָהרהונדערט פריהער. דיעזע אַנשטאַלטען זיינען שפּעטער נאָך מעהר פערגרעסערט געוואָרן, און פיעלע אַנדערע זיינען געגרינדעט געוואָרן צופריעדען צו שטעלען דיא פאָדערונגען פון דעם קומענדען פיערטעל יאָהרהונדערט. מיר מוזען זיך ווענדען צו דיא שול און צום טעמ־פּעל וועלכע שטאַמען פון יענער צייט, צו קריעגען אַ ריכטיגען בעגריף פון דעם אַלגעמיינעם אידישען צושטאַנד. אין דיעזער הינזיכט איז דאָ אַן אויפ־פאַלענדע עהנליכקייט צווישען דעם צושטאַנד פון דיא ספרדים אין אָנפאַנג פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט, און דיא דייטשע אידען צום ענדע פון זיין דריטען פיערטעל. איןביידע פעלע האָט דער צו־וואַקס אין צאָהל כמעט אין גאַנצען אויפגעהערט ווען דיא איינוואַנדערונג פון דיא היימישע לענדער האָט זיך געענדיגט. דיא קליינע צאָהל פון דיא וואָס פלעגען דערנאָך קומען איז קוים געוועזן גענוג גוט צו מאַכען דיא פערלוסטען וואָס זיינען פעראורזאַכט געוואָרן דורך דעם טויט, דורך דעם דירעקטען אַרויסטרעטען פון אידישען לאַ־גער אָדער דורך דעם לאַנגזאַמערען פּראָצעס פון געמישטע הייראַטהען. און

אזוי וויא דער שפאנישער און פארטוגעזישער עלעמענט פון אמעריקאנישען יודענטהום האט אויפגעהערט צו וואקסען זייט דער אונטערגאנג פון דיא אינקוויזיציאן האט ערלויבט דיא איבערגעבליעבענע מאראנאס צו בלייבען וואו זיי זיינען געווען, און דיא פערבעסערטע בעדינגונגען אין מערב אייראפא האבען געמאכט אז דיא ספרדים פון האללאנד, פראנקרייך און ענגלאנד זאלען ניט מעהר דארפען זוכען קיין נייע היים; אזוי האט דער גרעסערער און מעהר טהעטיגער דייטשער עלעמענט אויפגעהערט צו וואקסען אין צאהל נאך דיא עמאנציפאציאן פון דיא אידען אין דיא דייטשע שטאאטען. דיא צאהל דייטשע אידען וואס זיינען געקומען אהער נאך 1880 איז אונבעדייטענד, און דאסזעלבע קען אויך געזאגט ווערען וועגען דיא צאהל דייטש־אידישע געמיינדען וועלכע זיינען געגרינדעט געווארן זייט יענער צייט.

אין דער טהאט האט דיא גרינדונג פון דייטשע קאנגרעגיישענס שוין געהאט אויפגעהערט מיט עטליכע יאהר פריהער. דיא אמעריקאניזירטע אידען האלטען זיך פעסט צוזאמען ווען זיי זיינען ארגאניזירט, און שפאלטונגען קומען פאר זעהר זעלטען. נור אין דיא גרויסע שטעדט האט אפט פאסירט אז מיטגליעדער פון אן עלטערע געמיינדע וועלכע האבען זיך בעזעצט אין אן אנדער טהייל שטאדט, ווייט פון איהר סינאגאג, האבען געגרינדעט א נייע קאנגרעגיישען וועלכע איז בעשטאנען פון מיטגליעדער פון עלטערע קערפערשאפטען, מיט א קליינע צאהל אימיגראנטען פון דיא סלאווישע לענדער. אין דיא קלענערע שטעדט איז איצטער אויך מייסטענס דא נור איין דייטש־אמעריקאנישע קאנגרעגיישען, וועלכע שטאמט געוועהנליך פון פאר דעם בירגער־קריעג אדער פון דיא ערשטע צעהן יאהר נאכדעם. אין דיא גרויסע שטעדט קענען אמאל זיין עטליכע פון זיי פון אונגעפעהר דעם זעלבען עלטער, אויסער אין אייניגע געמיינדען וויא טשארלסטאן, סאוטה קאראליינא, וואו דיא ספרדים און דיא דייטשען זיינען פעראייניגט אין דיא איינציגע רעפארם־געמיינדע, אדער וויא אין ניו יארק, וואו יעדער טהייל פון דיא געמיינדע איז גענוג גרויס צו האבען אייניגע קאנגרעגיישענס פאר זיך אליין.

מען זעהט דעריבער דעם פארטשריט פון דיא דייטש־אידישע געמיינדען ניט אין זייער פערגרעסערטע צאהל נור אין דיא פערגרעסערונג פון זייער רייכטהום און וויכטיגקייט, וויא דאס וויזט זיך אין דיא פערגרעסערטע מאס און דעם פראכט פון דיא סינאגאגען און טעמפלען פון יענער פעריאדע. דיא בעדייטענדסטע קאנגרעגיישענס פון ניו יארק זיינען בעשריעבען געווארן אין א פריהעריגען טהייל פון דיזעם ווערק. אין פילאדעלפיא האט דיא עלטעסטע געמיינדע, מקוה ישראל, איינגעווייהט איהר נייע גרויסע שול אין 1860, און דער שיינער טעמפעל פון דיא קאנגרעגיישען רודף שלום, "איינע פון דיא עלטעסטע

דייטש־אידישע געמיינדען אין אמעריקא" איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1870. דיא קהלה אנשי מערב פון שיקאגא האָט פערטיג געמאכט איהר ערשטען גרויסען טעמפעל (פערוואנדעלט פון א קירכע) אין 1868. דיא צווייטע עלטעסטע קאָנגרעגיישען האָט אויפגעבויט איהר ערשטען טעמפעל אויף קאָרנער הערריסאָן סטריט און פיערטע עווענו, אין 1864, וועלכער איז דאמאָלס געווען דיא שענסטע אידישע שול אין שיקאגא. סיני קאָנגרעגיישען האָט געקויפט דעם פּלאַץ פאר איהר טעמפעל אין 1872 (נאָכדעם וויא דיא גרויסע שריפה פון דעם יאָהר פריהער האָט פערניכטעט איהר אלטע שול) און דיא געביידע איז פערטיג געוואָרן מיט פיער יאָהר שפּעטער. אין ווייטען קאליפאָרניע איז דער טעמפעל עמנואל פון סאן פראנציסקא פערטיג געוואָרן אין 1866. אין דיסטריקט אָוו קאָלומביא (וואשינגטאָן) איז דיא ערשטע שול פערטיג געוואָרן אין 1863 און דיא צווייטע אין 1873. דיא אלטע געמיינדע פון סאוואננאה, דשאָרדשיע, האָט אויפגעבויט א נייע און פיעל גרעסערע שול אין 1876.

דער טעמפעל אחדות ושלום פון עוואנסוויל, אינדיענע, וועלכער איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1856, האָט געמאכט פּלאַץ פאר א טהייערערע געביידע אין 1874. אין אינדיאנאפּאָליס, דיא הויפּט שטאָדט און דיא גרעסטע שטאָדט אין יענעם סטייט, איז א נייער טעמפעל איינגעווייהט געוואָרן אין 1868, דריי יאָהר נאָכדעם וויא דער גרונד־שטיין איז געלייגט געוואָרן. דער ערשטער טעמפעל פון דיא קאָנגרעגיישען עדת ישראל אין לואיסוויל, קענטאָקי, איז פערטיג געוואָרן אין 1868; ארום דריי יאָהר נאָכדעם זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן קאָנגרעגיישענס אין דיא שטעדט אָוענסבאָרא און פאדוקאה אין יענעם סטייט. טעמפעל סיני פון ניו אָרלינס, לואיזיענע, פון וועלכע דר. מאקסימיליאן העללער (געב. אין פּראג, בעהמען, 1860) איז דער ראבינער זייט 1887, שטאמט פון יאָהר 1870. אין מאָנראָו, אין דעם זעלבען סטייט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן א קאָנגרעגיישען אין דעם זעלבען יאָהר, און אין שריוופּאָרט מיט איניגע יאָהר פריהער. דיא שול פון דיא באלטימאָר היברו קאָנגרעגיישען וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1845, איז פערגרעסערט געוואָרן אין 1860, און דיא חזוק אמונה, וועלכע האָט זיך פון איהר אָפּגעטהיילט אין 1871, האָט אויפגעבויט איהר שול אויף ללאָיד סטריט מיט פינף יאָהר שפּעטער.

דיא עלטערע שולען פון באָסטאָן, מאסאטשוסעטס, און דיטראָיט, מישיגען, זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין יענער צייט. הר ציון קאָנגרעגיישען פון סט. פּאול, מינעסאָטא, איז געגרינדעט געוואָרן אין 1871. מערידיען, נאטשעז, פּאָרט גיבסאָן און וויקסבורג, אין סטייט מיסיסיפּי, האָבען שולען וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין דיא צעהן יאָהר נאָך'ן בירגער־קריעג. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערען פון קענזעס סיטי, סט. דשאָסעף און סט. לואיס אין מיזורי, און פון טעמפעל איזראעל פון אָמאהא, נעבראסקא. דיא ערשטע שולען

אין האָבאָקען און דשוירסי סיטי, אין ניו דשוירסי, זיינען געבויט געוואָרן ארום 1870; אין דיא גרעסטע שטאָדט פון יענעם סטייט, נואַרק, האָט דיא שול (געבויט 1858) פון דיא קאָנגרעגיישען בני ישרון (אָרגאַניזירט 1848) געמאַכט פּלאַץ פאַר דעם שיינעם טעמפּעל וועלכער איז פערטיג געוואָרן אין 1868.

אין דעם סטייט ניו יאָרק, אויסערהאַלב פון זיין גרעסטע שטאָדט, זעהט מען אויך דאָסזעלבע. דיא ערשטע בעדייטענדע שול פון אָלבאַני, פון דיא קאָנגרעגיישען בית אל, איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1865. דיא ערשטע קאָנ־גרעגיישען פון באָפאַלאָ, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1847, האָט אויפ־געבויט איהר אייגענע שול אין 1874. איןביידע דיעזע שטעדט, אַזוי וויא אין פיעלע אַנדערע, זיינען גרעסערע און מעהר קאָסטבאַרע טעמפּלען אויסגע־בויט געוואָרן שפּעטער. אָבער עס איז אין לאַנד בכלל געוועזן זעהר פיעל וועניגער רייכטהום נאָך דעם קריעג, און אַ געביידע וועלכע האָט געקאָסט פופציג טויזענד דאָלאַר אין דיא "זעכציגער" און "זיעבציגער" יאָהרען האָט געוויעזען אַ גרעסערען שריט ווייטער אין פערגלייך מיט פריהערע יאָהרען, וויא אַ בנין וואָס האָט געקאָסט דריי מאָל אַזוי פיעל האָט געוויעזען אין דיא "ניינציגער" אָדער וויא איינער וואָס קאָסט צעהן מאָל אַזוי פיעל ווייזט איצטער. אין מאַנכע פעלע, אַזוי וויא אין ראָטשעסטער, וואו דיא געמיינדע וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1848 האָט געקויפט אַ גרויסע קירכען־געביידע ווען זיא איז נאָך געוועזן יונג (1856) איז דיא נויטווענדיגקייט פון אַ גרעסערע געביידע אָפּגעלייגט געוואָרן אויף פיעל שפּעטער. דער איצטיגער פיינער טעמפּעל פון דיא קאָנגרעגיישען ברית קודש איז ערשט אויפגעבויט געוואָרן ווען ראַבבי מאַקס לאַנדסבערג (געב. אין בערלין, 1845; געק. 1871) האָט שוין ביי איהר פערבראַכט נאָהענט פון אַ פּיערטעל יאָהרהונדערט (1894). אין אַנדערע פּלעצער האָבען צוטהיילונגען אָדער שפּאַלטונגען עס געמאַכט אונפּראַקטיש צו בויען גרויסע טעמפּלען ביז אַ פיעל שפּעטערע צייט; אַזוי געפינען מיר אין סיראַקיוז, וואו דיא ערשטע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציאָן איז געגרינדעט געוואָרן אין 1841 און דיא ערשטע שול איז געעפענט געוואָרן אין 1846, אַז אַ געביידע וועלכע איז פערטיג געוואָרן אין 1850 איז געוועזן גענוג פאַר דיא קאָנגרע־גיישען ביז אַ האַלבען יאָהרהונדערט שפּעטער. דאָס איז געקומען דערפון וואָס אַ נייע קאָנגרעגיישען איז געגרינדעט געוואָרן אין 1854; אַ צווייטע שפּאַל־טונג איז פאָרגעקומען אין 1864, און אַ פיערטע קאָנגרעגיישען איז געגרינדעט געוואָרן אין 1870. ברוקלין האָט צוליעב איהר נאָהענטקייט צו ניו יאָרק קיינמאָל ניט געקענט ענטוויקלען אַ ווירקליך אונאַבהייגיגען געמיינדע־לעבען, ביז זיא האָט געהאַט אַ זעהר גרויסע אידישע בעפעלקערונג, און אין מאַנכע הינזיכטען האָט זיא עס נאָך ביז איצטער ניט געטהאָן. דיא שול אויף קיעפ

סטריט, וועלכע שטאַמט פון דיא פּעריאָדע וועגען וועלכע מיר ריידען דאָ איצ־טער, איז געווען דיא גרעסטע פון איהר סאָרט אין ברוקלין פאַר פיעלע יאָהרען.

* * *

דיא פערקלענערונג אָדער אויפהערונג פון דיא אידישע איינוואַנדערונג פון דייטשלאַנד האָט אָבער ניט געמיינט אַז אידען האָבען אויפגעהערט צו קומען אַהער. דער שטענדיגער שטראָם פון איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד וואָס האָט אָנגע־פאַנגען מיט דיא אויסוואַנדערונג פון רוסיש־פּוילען אין יאָהר 1845, (זעה אויבען זייטע 198) האָט אין דער ווירקליכקייט ניט אויפגעהערט ביז היינ־טיגען טאָג, האָטש ער איז דאַן ניט געווען אַזוי גרויס וויא ער איז געוואָרען אין דיא לעצטע דרייסיג יאָהר. דער אויפרוף צו העלפען דיא אויסוואַנדערנדע רוסישע אידען וועלכען ראַבינער ש. מ. שילער (שילער־שינעסי, געב. אין אַלט־אָפען, אונגאַרן, 1820; געש. אין קעמברידש, ענגלאַנד, 1890), האָט פערע־פענטליכט אין "אָריענט" פון יאָהר 1846, איז גענוג צו בעווייזען אַז דער פּראָבלעם וואָס מאַנכע מיינען אַז מען האָט פון איהם ניט געוואוסט ביז נאָך דיא פּאָגראָמען פון 1881, איז אין אמת פיעל עלטער. עס איז נאָך וועניגער בע־וואוסט אין דיא מערב־לענדער אַז דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון דיא אידען אין רוסלאַנד איז געווען פיעל ערגער אין דיא זאָגענאַנטע "גאָלדענע פּעריאָדע" אונטער צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען (1818—81) וויא אונטער זיין שטרייגגען דעספּאָטישען פאָטער. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ שפּריכוואָרט ביי אידען אין יענער צייט — ווען עס האָט קיינעם ניט געקענט איינפאַלען אַז דיעזע הונגער־יאָהרען וועלען אַמאָל בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ גליקליכע צייט — אַז ניקאָלאַי דער ערשטער (1796—55) האָט געוואָלט דעם נפש און האָט געלאָזען דעם רכוש, אָבער זיין זאָהן וויל נור דאָס לעצטע און קימערט זיך פיעל וועניגער וועגען נפשות. דיעזע אָנשפּיעלונג אויף דעם פסוק אין בראשית י"ד כ"א אין וועלכען דער קעניג פון סדום זאָגט צו אברהם: "תן לי הנפש והרכש קח לך" האָט אויסגעדריקט דיא אַנזיכט אַז ניקאָלאַי וועלכער האָט אָנ־געהויבען צו נעהמען אידען פאַר סאָלדאַטען און האָט געברויכט פערשיעדענע מיטלען צו בעקעהרען אידען צום קריסטענטהום, האָט געגעבען דיא אידען מעהר געלעגענהייט צו פערדיענען אויף לעבענסמיטעל וויא דער ליבעראַלער אַלעק־סאַנדער. דער פאַקט דאָס מען האָט ניט געמאַכט קיין ריכטיגע בעשטימונג וואָס עס זאָל ווערען פון דיא אידען אונטער דיא נייע אָרדנונג נאָך דיא אָפּשאַ־פונג פון לייב־אייגענשאַפט, און דאָס אַזעלכע קליינע הנחות וויא דיא ערלויב־ניס פאַר אידישע בעלי מלאכה צו וואָהנען אויסערהאַלב דיא "טשערטאַ אָסיעד־לאָסטי" זיינען קיינמאָל ניט דורכגעפיהרט געוואָרען עהרליך, האָבען פעראורזאַכט דעם גרעסטען טהייל פון דיא צרות וואָס אידען האָבען דאָרטען געליטען.

א קריזיס איז געקומען ווענינער וויא פינף יאהר נאך דיא בעפרייאונג פון דיא פויערים, אין דיא שלעכטע צייטען נאך דעם ניט־געראטענעם יאהר 1867, ווען עס האט געהערשט א לאגע פון נויטה אין אסט־פרייסען און א הונגער־צושטאנד פון אנדערען זייט גרענעץ.״*) דיא אידען פון דייטשלאנד האבען געטהאן זעהר פיעל צו לינדערן דיא צרות פון דיא גרויסע צאהל רוסישע אידען וועלכע האבען דאן געוואהנט אין אסט־פרייסען, און האבען געשיקט שטיצע צו דיא נויטליידענדע אידען אין מערב רוסלאנד. אבער דאמאלס, אזוי וויא איצטער, איז דאס עלענד געווען צו פיעל פערברייטעט און דיא לאגע איז געווען צו האפנונגסלאז אז מען זאל קענען העלפען מיט צדקה, און דער רעזולטאט איז געווען אז עס האט זיך אנגעהויבען א ציעמליך גרויסע אויסוואנדערונג. דיעזע עמיגראציאן איז בעהאנדעלט געווארן אין א סעריע ארטיקלען אין דיא ״אלגעמיינע צייטונג דעם יודענטהומס״ פון יאהר 1869, וועלכע האט געטראגען דיא איבערשריפט: ״אויסוואנדערונג דער יודען אויס דען וועסט־רוסישען פראווינצען.״ מ. אנאטאל לערוא־באליעי (אין זיין פראנצעזישעם ווערק: ״דיא איינגעוואנדערטע אידען און דאס יודענטהום אין יונייטעד סטייטס״, פאריז, 1905, זייטע 5) דערציילט פון פינף הונדערט אידישע עמיגראנטען פון רוסיש־פוילען וואס דיא אלליאנס איזראעליט אוניווערסעל האט אוועקגעשיקט אין יונייטעד סטייטס פון די הונגער־ליידענדע פראווינצען אין רוסלאנד אין 1869. דער גרויסער פאגראם אין אדעסא אום פסח פון יאהר 1871, וועלכער האט צושמעטערט דיא אידישע האפנונגען אויף גלייכשטעלונג אין דיא נאהענטע צוקונפט, און האט בעצייכענט דעם אנפאנג פון דיא רעאקציאן וועלכע האט ערררייכט איהר העכסטע שטופע אונטער דיא רעגירונג פון דעם קומענדיגען צאר, האט אויך בעאיינפלוסט פיעלע אידען צום אויסוואנדערן. א היבשע צאהל זיינען געבליעבען אין פרייסען, וועלכע איז נאך דאן געווען אפען פאר רוסישע אונטערטהאנען, אבער א גרויסער טהייל איז אוועק נאך אמעריקא, אדער זיינען דארטען געקומען נאכדעם וויא זיי האבען פערבראכט א געוויסע צייט אין ענגלאנד.

דיא אידישע בעפעלקערונג פון יונייטעד סטייטס און בעזאנדערס פון דיא שטאדט ניו יארק האט דעריבער שטענדיג געהאלטען אין וואקסען, חאטש עס איז ניט מעגליך איצטער צו וויסען וויא גרויס זיא איז דאן געווען, אדער איינצוטהיילען דיא בעפעלקערונג נאך דיא לענדער פון וועלכע יעדער טהייל האט געשטאמט. ריכטער דיילי (זייטע 56) ציטירט פון דשאסעף א. סקאוויל, דעם פערפאסער פון ״אלטע סוחרים פון ניו יארק״ וועלכער בעהויפטעט אז עס

*) זעה דר. יצחק רילף, (1834—1902), ״דיא רוסישע יודען״, מעמעל 1892, זייטע 4 און ווייטער.



כתריאל צבי שרהזאָהן

Kasriel H. Sarasohn

זיינען "איצטער (אין 1868) פאראן 80,000 אידען אין דיעזער שטאָדט, און מען דאַרף עס צורעכענען צו דיא אויסגעצייכענטע כאראקטערע פון דיא אַלטע אי־דישע סוחרים פון 1800 וואָס דיא ראַסע פערנעהמט איצט אזא שטאָלצע לאַגע אין שטאָדט און אין לאַנד". דיילי אליין האָט געהאַלטען דיא צאָהל פאַר עטוואָס קלענער. ער זאָגט (זייטע 58): "דיא אידען האָבען איצטער (1872) אין ניו יאָרק ניין־און־צוואַנציג סינאַגאָגען, און אַלס אַ פּראָפּאָרציאָנעלער טהייל פון דיא בעפעלקערונג ווערען זיי אָפּגעשאַצט אויף אונגעפעהר 70,000."

מען מעג אָננעהמען דיא העכערע אָפּשאַצונג אָדער דיא ניעדריגערע, עס איז יעדענפאַלס קלאָר אַז ניו יאָרק האָט שוין דאַן געהאַט אַ גרויסע צאָהל אי־דען, און אַז אַ בעדייטענדער טהייל פון זיי זיינען געווען פון רוסלאַנד. אַ זעלטענער ביכעל אויף לשון קודש מיט דעם נאָמען "עמק רפאים", וועלכער איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון דעם מחבר, אליהו האָלצמאַן, אַ שוחט פון קורלאַנד, אין ניו יאָרק אין 1868, בעווייזט אַז עס זיינען שוין דאָ דאַמאָלס געווען גענוג לעזער פון העברעאיש אַז מען זאָל איינשטעלען אָפּצודרוקען אַזא ווערק. אַזוי וויא נור דיא גייסטיגע אַריסטאָקראַטיע פון דיא אידען פון דיא סלאַווישע לענדער לעזט אַזעלכע ביכער, און דיא גרעסטע מעהרהייט פון דיא רוסיש־אידישע אימיגראַנטען פון יענער צייט האָט געהערט צו דיא אָרעמסטע און אונוויסענדסטע קלאַסען, מוז מען פאָראויסזעצען דיא אנוועזענהייט פון אַ גרויסע צאָהל רוסישע אידען אפילו אויב דער גלויבען פון דעם פערפאַסער אַז ער קען דאָ געפינען אַ לעזע־פּובליקום האָט זיך צום סוף אַרויסגעוויעזען אַלס ניט ריכטיג.

דער ערשטער פערזוך צו גרינדען צייטשריפטען פאַר דיעזעס פּובליקום איז געמאַכט געוואָרען אַ קורצע צייט נאָכדעם. הירש בערנשטיין (געב. אין וואָלאָדיסלאַוואָוו אָדער נייעשטאָדט־שירווינט, סובאַלקער גובערניע, אין 1846; געש. אין טאַנערסוויל, ניו יאָרק, 1907) איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק אין 1870, און האָט אין דעם זעלבען יאָהר געגרינדעט דיא ערשטע אידישע צייטונג און דיא ערשטע העברעאישע צייטונג אין יונייטעד סטייטס. דיא אידישע צייט־שריפט, וועלכע האָט געהייסען "דיא פּאָסט" האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט; אָבער דיא העברעאישע, "הצופה בארץ החדשה" פון וועלכע מרדכי בן דוד יהלמשטיין (געב. אין סובאַלק, 1835; געש. אין ניו יאָרק, 1897) איז גע־ווען דער רעדאַקטאָר דיא מייסטע צייט, איז ערשיענען וועכענטליך מעהר וויא פינף יאָהר. דעם לעצטען'ס שוואָגער, כתריאל צבי שרהזאָהן, (געב. אין פּייזער, רוסיש־פּוילען, 1835; געש. אין ניו יאָרק 1905), וועלכער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ אין 1866 און האָט זיך בעזעצט אין ניו יאָרק, האָט דאָרטען אין 1874 געגרינדעט דיא וועכענטליכע "אידישע גאַזעטען" וועלכע איז דערנאָך מיט איהר טעגליכע אויסגאַבע, "יידישעס טאַגעבלאַט" (געגרינדעט 1886)

געוואָרען דיא ערפאָלגרייכסטע אידישע צייטשריפט. יהלמשטיין איז געווען דער הויפט־מיטארבייטער פאר דיעזע צייטונגען אין פערלויף פון אונגעפעהר צוואנציג יאָהר. א צווייטע אידישע וועכענטליכע צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן אין שיקאגאָ אין 1879, פון נחמן דוב עטעלסאָן און ש. ל. מארקוס, וועלכע האָט געהאט א העברעאישע ביילאגע און האָט עקזיסטירט עטליכע יאָהר. דיא אידישע פרעסע אין אלגעמיין וועט בעהאנדעלט ווערען אין א שפעטערען קאפיטעל; אָבער עס איז ווערטה דאָ דערמאָנט צו ווערען אז מאנכע פון דיא בעסטע אידיש־ענגלישע צייטונגען פון לאנד וויא דער "אמעריקען היברו" פון ניו יאָרק און דער "דשואיש עקספאָונענט" פון פילאדעלפיא, (ביידע געגרינדעט אין 1879) און דער "דשואיש אדוואנס" פון שיקאגאָ (געגרינדעט 1878, און האָט עקזיסטירט אונגעפעהר פיער יאָהר) האָבען בייגעטראָגען צו ברייגען דיא אידען פון לאנד אין דעם ריכטיגען צושטאנד זיי זאָלען קענען עמפפאנגען דיא גרויסע מאסע פערפאלגטע אידעז וועלכע זיינען אָנגעקומען אביסעל שפעטער.

# זעקסטער טהייל

## דיא דריטע אָדער רוסישע פעריאָדע פון איינוואַנדערונג.

## קאַפּיטעל 29

### דער שטראָם פון איינוואַנדערונג נאָך דיא רוסישע פּאָגראָמען פון 1881.

דאָס לאַנד אליין איז גוט פאָרבעריייטעט געוואָרן פאַר דעם עמפּפּאַנג פון אַ גרעסערע צאָהל אידישע אימיגראַנטען — דיא אַבוועזענהייט פון אָרגאַניזירטען אָדער פּאָליטישען אַנטיסעמיטיזם — דער צו־וואַקס אין דיא אַלגעמיינע איינוואַנדערונג אין 1880 און 1881 — דיא ערשטע אָנגעקומענע מיטגליעדער פון "עם עולם" — איינדרוקספאָלע פּראָטעסט־מיטינגס געגען דיא פּאָגראָמען אין רוסלאַנד — ווילקאָמען און הילפע — עממאַ לאַזאַרוס — מיכאל היילפּרין און דיא ערשטע פערזוכען צו גרינדען אַגריקולטור קאָלאָניעס — הערמאַן ראָזענטהאַל — דיא ניט־געלונגענע פּראָבען אין פערשיעדענע סטייטס — איניגע ערפאָלגרייכע קאָלאָניעס אין קאָנעקטיקוט און מעהרערע אין ניו דשוירסי — וואודביין — צו־שפּרייטונג איבער'ן לאַנד — אינדוסטריעלע אַרבייטער און דער נייער ראַדי־קאַליזם.

דיא גינסטיגע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פון לאַנד אַליין איז געוועזן דיא בעסטע פּאָרבערייטונג פאַר דעם עמפּפּאַנג פון דיא גרויסע צאָהל אידישע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד, וועלכע זיינען געקומען אַהער אַלס דער רעזולטאַט פון דיא גרעסטע אידישע אויסוואַנדערונג זייט יציאת מצרים. דיא שטאַרקע קאָנגרעגיישענס, דיא גוט־אָרגאַניזירטע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַל־טען, און דיא בעדייטענדע צאָהל וואָהלהאַבענדע אידען וועלכע זיינען געוועזן פעהיג און וויליג צו העלפען דיא פערוואָגעלטע, אַזוי גוט וויא דיא פיעלע פעהיגע, ענערגישע און אונערמיעדליכע אַרבייטער וועלכע האָבען געטהאָן זייער בעסטעס צו לינדערן דיא צרות פון דיא ניי־אָנגעקומענע און זיי צו העלפען געפינען זייער וועג אין דיא נייע אומגעבונג — אַלעס דיעזעס איז געוועזן ניי־

טיג און עס וואָלט אָהן דעם אפשר ניט געווען מעגליך צו טהאָן אזוי פיעל פאַר די לעזונג פון פּראָבלעם וויא די אומשטענדען האָבען ערלויבט. אָבער קיין זאַך וואָלט ניט געהאָלפען ווען עס וואָלט ניט געווען גענוג פּלאַץ פאַר נייע אימיגראַנטען זיך דאָ צו בעזעצען, און גענוג ארבייט פאַר זיי צו טהאָן. עס וואָלט אויך געווען כמעט אונמעגליך צו ציהען דעם פולען נוצען פון די גוטע געלעגענהייטען וואָס ווערען דאָ אין לאַנד אָנגעבאָטען פאַר יעדען וואָס וויל ארבייטען, ווען ניט די אבוועזענהייט פון יענעם אָרגאַניזירטען אָדער אָפיציע־לען אַנטיסעמיטיזם וואָס מען געפינט אין פערשיעדענע פאָרמען כמעט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער אויסערהאַלב פון די ענגליש־שפּרעכענדע וועלט. איינ־צעלנע פעלע פון געזעלשאַפטליכע אַנטיפּאַטהיע אָדער אפילו פון פּערזענליכען האַס צו אידען זיינען ניט געווען זעלטען אין יונייטעד סטייטס אין יענער פּע־ריאָדע אָדער אין אירגענד אַנדערע צייטען. אָבער דער יודענהעצער איז דאָ קיינמאָל ניט ערמוטהיגט געוואָרן און האָט ניט געקריעגען דעם בייפאַל פון די אַלמעכטיגע עפענטליכע מיינונג פון גאַנצען לאַנד; סימפּאַטהיע פאַר אידישע ליידען איז לייכט ערוועקט געוואָרן, און די וואָס זיינען ארויסגעטרעטען פאַר די עפענטליכקייט צו גונסטען פון די אָפּפער פון פערפאָלגונגען זיינען ניט געשטערט געוואָרן דורך אָפענע געגנערשאַפט אָדער דורך געהיימען פּאָליטישען איינפלוס.

דיא אַלגעמיינע איינוואַנדערונג איז פּלוצלונג פערגרעסערט געוואָרן אין די צוויי יאָהר איידער די מאַסען אידען פון רוסלאַנד האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען. דאָס לאַנד האָט געהאַלטען אין קומען צו זיך נאָך דעם פּאַניק פון 1873 און פון די צייטוויילליגע געלד־ענגשאַפט וואָס איז פעראורזאַכט געוואָרן דורך דעם וואָס די רעגירונג האָט אין אָנפאַנג פון 1879 אָנגעפאַנגען צו צאָהלען מעטאַל פאַר איהרע פּאַפּיער־געלד וואָס איז פריהער געווען זעהר ביליג. די צאָהל אימיגראַנטען וואָס זיינען געקומען אין 1876 איז געווען 169,986; אין 1877 איז עס געפאַלען ביז 141,857, און אין 1878 ביז 138,469. אין 1879 איז עס עטוואָס געשטיעגען, אויף 177,826; אָבער אין 1880 איז די צאָהל פּלוצלונג ארויף אויף 427,527 און אין 1881 (אין דעם פיסקאַל־יאָהר וואָס ענדיגט זיך דעם 30טען דשון, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין צו־וואַקס צוליעב די רוסישע פּאָגראָמען) אויף 669,431. מען האָט געדאַרפט אַלע לייטע וועלכע זיינען געקומען, וויא עס איז אויך געווען דער פאַל מיט דעם מיליאָן אָדער מעהר וואָס זיינען דאָ געקומען יעהרליך אין די דריי יאָהר פאַר דעם פּאַניק פון 1907, און ווידער אין די לעצטע פּאָר יאָהר, וויא מען זעהט דערפון וואָס זיי זיינען אזוי לייכט אריינגעצויגען געוואָרן אין די היעגע בעפעלקערונג. די צייט איז אויך געווען גינסטיג פאַר אַ פערגרע־סערטע אידישע איינוואַנדערונג, ווייל עס איז ניט געווען קיין נאַציאָנאַלע אור־

זאכע אדער א טעם וואס האט צו טהאן מיט ראסען־פאראורטהייל וואס זאל אפהאלטען פון צו געבען דיא וואס זיינען געפלויגען פון דיא פאגראמען דעם בעסטען עפענטליכען און אפענהערציגען קבלת פנים וואס אידען האבען ווען געקריעגען ווען זיי זיינען פערוואגעלט געווארן פון איין לאנד אין א צווייטעס.

דער ערשטער אנפאל אויף אידען אין יענער צייט איז פארגעקומען אין יעליסאוועטגראד, דעם 21טען אפריל, 1881; א צווייטער אויסברוך איז פאר־געקומען אין קיעוו דעם אכטען מאי, און עס האבען נאכגעפאלגט אונרוהען אין "איבער 160 שטעדט און דערפער אין וועלכע עס זיינען פארגעקומען רייאטס, פערגוואלטיגונגען, מארדטהאטען און בערויבונגען אין דיא לעצטע ניין מאנאט פון 1881." (דשאסעף דשייקאבס, "דיא פערפאלגונגען פון דיא אידען אין רוסלאנד", 1881, זייטע 3). דיעזע רייאטס און דיא שטיצע וועלכע מען האט געגעבען דיא אפפער, בעזאנדערס צו יענע וואס האבען פערלאזען רוסלאנד איבער דייטשלאנד און עסטרייך, האבען בעשאפען א בעזונדערע קליינע ליטע־ראטור; אבער דער געגענשטאנד אין אלגעמיין געהערט גיכער צו דיא גע־שיכטע פון אידען אין רוסלאנד וויא צו דיעזעס ווערק, וואו מען קען בעהאנדלען דיא וואנדערער נור נאכדעם וויא זיי זיינען אהער אנגעקומען. דיא ערשטע וועלכע זיינען געקומען אהער אלס א דירעקטער רעזולטאט פון דיא פאגרא־מען און צווישען וועלכע דיא נייע טענדענצען וועלכע יענע אונגליקען האבען ארויסגערופען האבען זיך ארויסגעוויעזען, איז געווען א גרופע פון אונגעפעהר 250 מיטגליעדער פון דעם פעראיין "עם עולם" וועלכע איז אנגעקומען אין ניו יארק דעם 29טען יולי 1881.

עס איז איצטער געווען גאנץ אנדערש וויא אין דער צייט פון דיא דמשק־געשיכטע פון 1840 (זעה אויבען זייטע 205); דיא אידען פון אמעריקא האבען דיעזעס מאל ניט נור גענומען דיא הויפט־ראלע אין ערוועקען דיא עפענטליכע מיינונג געגען דיא רציחות, זיי האבען געקענט טהאן מעהר וויא געווינען דיא סימפאטהיע פון זייערע ניט־אידישע מיט־בירגער: זיי האבען געזאמעלט געלד פאר דיא ליידענדע און האבען זיי פערזיכערט א פריינדליכע אויפנאהמע ביי דיא ברעגעס פון דיא נייע וועלט. אן אויפרוף פאר "א פערזאמלונג פון דיא בירגער פון ניו יארק, אהנע אונטערשייד פון רעליגיאן, וועלכע וועט אפגע־האלטען ווערען מיטוואך אבענד, דעם ערשטען פעברואר, 1882, ...... פאר דעם צוועק אויסצודריקען זייער סימפאטהיע מיט דיא פערפאלגטע אידען פון דיא רוסישע אימפעריע", איז אונטערגעשריעבען געווארן פון פינף־און־זיעבציג פון דיא פראמינענטעסטע ניט־אידישע בירגער פון ניו יארק, מיט דעם געוועזענעם פרעזידענט יו. ס. גרענט אן דער שפיצע. יענע דענקווירדיגע פער־זאמלונג איז געהאלטען געווארן אין טשיקערינג האל, דער פארזיצענדער איז געווען דער בירגער־מייסטער פון ניו יארק, מר. וויליאם ר. גרייס; רעדען

זיינען געהאַלטען געוואָרן פון בעריהמטע לייטע אויף דיא פערשיעדענע וועגען פון לעבען, דאַרונטער דריי קריסטליכע גייסטליכע, און זיא האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דיא עפענטליכע מיינונג. אין דעם זעלבען טאָג איז אַן עהנליכע פערזאַמלונג, אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם לאָרד מעיאָר, אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין לאָנדאָן, אין מענשאָן הויז. צוויי וואָכען שפּעטער (דעם 15טען פעברואַר) איז אַן עהנליכע פערזאַמלונג, מיט דעם זעלבען פּאַרציגליכען מאָראַלישען רעזולטאַט, געהאַלטען געוואָרן אין פילאַדעלפיא, וואו צוויי פּראָטעסטאַנטישע בישאָפּס און אַ פערטרעטער פון קאַטהאָלישען ערצבישאָף זיינען געווען צווישען דיא רעדנער. דער אידישער אימיגראַנטען-הילפס-פעראיין האָט אויפגעזאַמעלט איבער $300,000 פאַר דיא ניי־אָנגעקומענע, באַלד צוויי דריטעל דערפון איז בייגעטראָגען געוואָרן דאָ אין לאַנד, דאָס איבריגע איז געקומען פון דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך. מאַנכע גרופּען אימיגראַנטען האָבען געקריעגען אַן עפענטליכעס ווילקאָמען; מען האָט אויפגעבויט ציטוויילליגע לאַגערן פאַר זיי אויף וואַרד׳ס איילענד און אין גרינפּאָינט, לאָנג איילענד וואו מען האָט אויסגעהאַלטען איינינגע טויזענד ביז זיי האָבען געקריעגען בעשעפטיגונג.

נאָך איין שטימע האָט זיך געלאָזט הערען אין יענער צייט פאַר אידען און פאַר אידישקייט, אַ שטימע וועלכע איז ליידער מיט אַ קורצע צייט שפּעטער ענטשווינגען געוואָרן אויף אייביג. דיא בעגאַבטעסטע פּאָעטין וועלכע דאָס אַמעריקאַנישע יודענטהום האָט פּראָדוצירט, עממאַ לאַזארוס, (געב. אין ניו יאָרק, 1849; געש. דאָרטען 1887), איז אויפגעוועקט געוואָרן און איהר איידעלער גייסט האָט עררייכט זיין פולע גרויסקייט דורך דעם מאַרטירערטהום פון דיא רוסישע אידען. אַזוי וויא פיעלע אינטעליגענטע אידען פון פערשיעדענע לענדער, אַזוי האָט אויך עממאַ לאַזארוס, דיא טאָכטער פון אַן אַריסטאָקראַטישע ספרדישע פאַמיליע, דיא פריינדין פון דעם פילאָזאָף עמערסאָן און אַנדערע ליטעראַרישע בעריהמטהייטען, זיך ביז יענער צייט אינטערעסירט נור אין אַלגעמיינע געגענשטענדע, און האָט צו זיי געווידמעט איהר פּאָעטישען און ליטעראַרישען טאַלענט. „זיא האָט געדאַרפט אַ גרויסע טהעמאַ צו ברייננגען איהר זשעניע צום אויפבליהען, און זיא האָט דיעזע טהעמאַ געפונען אין דיא רוסישע פערפאָלגונגען פון 1881.... איהר פּאָעזיע האָט אָנגעהויבען צו גליהען מיט אַ גרעסערען מענשליכען פייער; דיא ליידען, דיא ליידענשאַפטען און דיא ערהויבונג פון דיא נאַציאָן פון דיא מכביים האָט אריינגעבראַכט שטירמישעס לעבען אין איהרע שריפטען.*) איהר פאַמיליע האָט

*) אַדעלע סאַלד, אין „עממאַ לאַזארוס, אַ ביאָגראַפישע סקיצע" אין **„היברו סטענדערד"** פון ערשטען דעצעמבער 1905.



עממאַ לאַזאַרוס
Emma Lazarus

זיך גערופען אָרטאָדאָקסיש, אָבער זיא האָט זיך ניט בעטהייליגט אין דיא טהע־
טיגקייטען פון שול אָדער פון דער געמיינדע. אָבער דיא בעריהרונג מיט דיא
אונגליקליכע פון רוסלאַנד האָט איהר געבראַכט דערצו אז זיא האָט אָנגעהויבען
צו שטודירען תנ"ך, לשון קודש, דעם יודענטהום און דיא אידישע געשיכטע.
זיא האָט פאַרגעשלאָגען, און האָט צום טהייל געזעהן עס זאָלען דורכגעפיהרט ווע־
רען, פּלענער צו העלפען דיא אימיגראַנטען. דיא פרוכט פון איהר לעצטע לי־
טעראַרישע טהעטיגקייט ענטהאַלטעט צווישען אַנדערע ווערקע: "דיא געזענג
פון אַ סעמיט" (1882); "אַ שריפט צו דיא אידען: ליעדער וויא "דיא פאַהן
פון דעם אידען", "דער נייער יחזקאל", און "ביי דיא וואַסערן פון בבל: קליינע
געדיכטע אין פּראָזאַ" (1887) דאָס לעצטע ווערק וואָס איז פון איהר געדרוקט
געוואָרן. אַ זאַמלונג פון איהרע שריפטען, אין צוויי בענדער, איז ארויסגעגעבען
געוואָרן נאָך איהר טויט (1889) און אין 1903 איז אַ בראָנזענער טאַפעל נאָך
איהר אַנדענקען אָנגעשלאָגען געוואָרן אין דעם פּעדעסטאַל פון דיא ריעזיגע
שטאַטוע פון פרייהייט אין האַפען פון ניו יאָרק. (זעה דעם אַרטיקעל "לאַזאַרוס,
עממא" אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע, געשריעבען פון מיס העגריעטע סאָלד).

דיא צאָהל פון דיא וואָס האָבען געקריעגען הילפע איז נור געווען אַ
קליינער פּראָצענט פון דיא מאַסע וואָס איז אין יענער צייט געקומען פון רוס־
לאַנד. נאָך דיא מיינונג פון דעם פּערפאַסער פון אַרטיקעל "יונייטעד סטייטס"
אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע "האָבען דיא פערשיעדענע קאָמיטעס און פער־
איינען געהאָלפען אונגעפעהר פינף פּראָצענט פון אַלע אידישע אימיגראַנטען".
איינער פון דיא טהעטיגסטע און זעלבסט־אויפּאָפּפערנדע אַרבייטער פאַר דיא
פערוואָגלטע איז געווען מיכאל היילפּרין, וועלכער איז אַליין אויפגעוואַקסען
אונטער דעם איינפלוס פון דיא השכלה בעוועגונג, און איז וויא אַלע משכילים
פון אַלטען חדר געווען אַ גרויסער מאמין אין דיא טהעאָריע אַז דיא אידישע
פראַגע קען פערענטפערט ווערען דערמיט וואָס מען זאָל מאַכען אידען פאַר ערד־
אַרבייטער. פיעלע פון דיא אימיגראַנטען האָבען געהערט צו דיא קלאַסען
וועלכע ווערען אין רוסלאַנד בעצייכענט אַלס אינטעלעקטועלע אָדער אינטע־
ליגענטען, וואָס זייערע חלומות וועגען פּאָליטישע פרייהייט און אַסימילאַציאָן
אין רוסלאַנד זיינען צושמעטערט געוואָרן פון דיא פּאָגראָמען, און זיי האָבען
אויך געהאַט פאַנטאַסטישע געדאַנקען וועגען דיא טוגענד פון אַגריקולטור. זיי
האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן אַלע קאָלאָניזאַציאָנס־פּלענער פאַר וועלכע זיי האָבען
געהאַט מעהר ענטהוזיאַזם וויא נאַטירליכע פעהיגקייטען, און דיעזעס האָט
געבראַכט צו אַ גאַנצע רייהע פּראָבען צו קאָלאָניזירען דיא רוסישע אימיגראַנטען
פון וועלכע קיינע איז אין אָנפאַנג ניט געווען ערפאָלגרייך. אָבער זיי האָבען
בייגעטראָגען צו דיא בעשאַפונג פון אַ קליינע קלאַס אידישע פאַרמערס וועל־

בע וואקסט לאַנגזאַם אין דיא יונייטעד סטייטס, און אין וועלכע פיעלע זעהען גוטע אויסזיכטען פאַר דיא צוקונפט.

דיא ערשטע אידישע קאָלאָניע פון יענער פעריאָדע איז געגרינדעט געוואָרען אויף דיא סיסילי אינזעל, קאטאהולא פעריש, לואיזיענע וואו עס האָבען זיך בעזעצט פינף־און־דרייסיג פאַמיליען פון קיעוו און פינף־און־צוואַנציג פון יע־ליסאַוועטגראַד. איהר לייטענדער גייסט איז געווען הערמאַן ראָזענטהאַל (געב. אין פריעדריכשטאַדט, קורלאַנד, 1843; געק. 1881), וועלכער איז איצטער דער פאָרשטעהער פון סלאַוואָנישען דעפּאַרטמענט אין דיא גרויסע ביבליאָטהעק פון ניו יאָרק. איידער דיא קאָלאָניע איז נאָך אין גאַנצען איינגעריכטעט גע־וואָרען איז זיא פערניכטעט געוואָרען דורך אַן איבערשוועמונג פון טייך מיסיסיפּי אין פריהלינג פון 1882, און דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך צושפּרייט; אָבער מאַנכע פון זיי האָבען זיך בעזעצט אַלס אונאַבהייננגיגע פאַרמערס אין קענזעס און מיזורי. אין יולי 1882 האָט זיך ראָזענטהאַל געשטעלט אַן דער שפּיצע פון אַן אַנדער גרופּע פון צוואַנציג פאַמיליען, וועלכע האָט געגרינדעט דיא קאָלאָניע קרעמיע, אין דייוויסאָן קאונטי, אין דעם איצטיגען סטייט סאַוטה דאַקאָטאַ. זיא האָט געהאַט אַן אונזיכערע עקזיסטענץ פון אונגעפעהר דריי יאָהר און איז ענדליך אויפגעגעבען געוואָרען. אַ צווייטער פערזוך וועלכער איז גע־מאַכט געוואָרען פון די אַלליאַנס איזראַעליט אוניוועראַסעל פון פּאַריז מיט די גרינ־דונג פון קאָלאָניע מיט דעם נאָמען בית לחם יהודה אין דער זעלבער געגענד, האָט אויך ניט געהאַט מעהר ערפאָלג. קאָלאָניעס וועלכע זיינען אין דעם זעל־בען יאָהר געגרינדעט געוואָרען אין קאָלאָראַדאָ און אָרעגאָן האָבען אויך ניט געהאַט קיין בעסערען שיקזאַל. דיא קאָלאָניעס וועלכע זיינען געגרינדעט גע־וואָרען אין נאָרד דאַקאָטאַ (איינע), אין קענזעס (פינף), אין מישיגען (איינע) און אין ווירדשיניע (צוויי) בלייבען נור פערצייכענט אין דיא ליסטעס פון אַזעל־כע מיסלונגענע אונטערנעהמונגען. שפּעטער זיינען אייניגע קאָלאָניעס גע־גרינדעט געוואָרען אין קאָנעקטיקוט וועלכע זיינען געוועזען מעהר ערפאָלגרייך, און מאַנכע פון זיי עקזיסטירען נאָך איצטער און האַלטען זאָגאַר אין וואַקסען. דיא ערפאָלגרייכסטע פון אַלע זיינען געווען אין סטייט ניו דשוירסי, וואו עס עקזיסטירען נאָך היינט פיער פון דיא ניין וועלכע זיינען דאָרטען געגרינדעט געוואָרען זייט 1882, און ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט דיא שוועריגקייטען פון אַזעלכע אונטערנעהמונגען, זיינען זיי אין אַ בליהענדען צושטאַנד. זיי זיינען: אַלליענס, אין סיילעם קאונטי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען פון דיא אַלליאַנס איזראַעליט אין 1882; כרמל, אין קאָמבערלענד קאונטי, געגרינדעט פון מיכאַל היילפּרין אין דעם זעלבען יאָהר; ראָזענהיין, אין דיא זעלבע קאונטי, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען פון זעקס פאַמיליען וועלכע דער ניו יאָרקער אי־דישער פעראיין צו העלפען עמיגראַנטען האָט דאָרטען בעזעצט אין 1883;

און וואודביין, אין קייפּ מעי קאונטי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון דיא דירעקטאָרען פון באראָן הירש פאָנד אין 1891, און איז דיא גרעסטע און דיא בליהענדסטע פון אַלע אידישע קאָלאָניעס אין יונייטעד סטייטס. וואודביין האָט איצטער איבער צוויי טויזענד איינוואָהנער און איז אַן אינקאָרפּאָרירטע שטאָדט מיט אַן אייגענע רעגירונג, וועלכע איז איינגעפיהרט געוואָרן אין 1903, מיט פּראָפעסאָר הירש לייב סאַבסאָוויטש, (געב. אין בערדיאַנסק, רוסלאַנד, 1860 ; געק. 1888) דער פריהעריגער סופּעראינטענדענט פון דיא באראָן דע הירש אַגריקולטור און אינדוסטריע־שול אין יענעם פּלאַץ, אַלס דער ערשטער בירגער־מייסטער. זיין נאָכפאָלגער איז געווען דער פאבריקאנט באיארד, וועלכער איז אויך אַ געבאָרענער פון רוסלאַנד.

אין דער צייט וואָס דיא הילפע וועלכע איז געגעבען געוואָרן צו נויט־ליידענדע אימיגראַנטען און דיא גרויסע סומען וועלכע מען האָט אויסגעגעבען אויף דיא גרינדונג פון קאָלאָניעס האָבען צוגעצויגען דיא מייסטע אויפמערקזאמקייט, זיינען אַ פיעל גרעסערע צאָהל געהאָלפען געוואָרן דערמיט וואָס מען האָט זיי פאַנאַנדער געשיקט איבער פערשיעדענע טהיילען פון לאַנד, וואו זיי האָבען זיך געקענט נעהמען צו מסחר אָדער געפינען אַרבייט פאַר וועלכע זיי האָבען זיך געפּאַסט פיעל בעסער וויא פאַר פאַרמעריי. דיא גרעסטע צאָהל זיינען גאָר ניט געהאָלפען געוואָרן, אויסער וואָס זיי האָבען געקריגען פון זייערע קרובים אָדער לאַנדסלייטע וועלכע זיי האָבען דאָ געפונען. דיא וואָס האָבען געהאט דעם קנאַפּסטען ערפאָלג און דיא וואָס זיינען געוואָרן הילפלאָז אָדער אַבהייניגיג דורך פערשיעדענע אורזאַכען, זיינען געהאָלפען געוואָרן פון דיא אַלטע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען וועלכע זיינען פערגרעסערט און פערשטאַרקט געוואָרן צוליעב דיא נייע אַרבייט וואָס איז פאַר זיי צוגעקומען, און פון נייע אַנשטאַלטען וועלכע האָבען אַרויסגעשפּראָצט אומעדום וואו דיא אומשטענדען האָבען עס געפאָדערט. אָבער דיא מאַסע פון דיא נײ־געקומענע האָט געהאט אַ מערקווירדיג גוטען ערפאָלג, און פיעלע פון זיי זיינען אין אַ קורצע צייט געווען אים שטאַנדע צו העלפען דיא וואָס זיינען געקומען שפּעטער פאַר זיי, און אויך צו ווערען בייטרעגער צו דיא צדקות וועלכע האָבען זיי אליין פריהער געגעבען שטיצע, אָדער צו גרינדען נייע וואָהלטהעטיגע אינסטיטוציאָנען וואָס ווערען געפיהרט אויף אַן אופן וועלכער איז בעסער צוגעפּאַסט צו דעם כאַראַקטער פון דיא אימיגראַנטען.

דיא צאָהל אידען וועלכע האָבען זיך געווענדעט צו דיא צדקות נאָך הילפע איז געוואַקסען, און עס איז אויך געשטיעגען דיא צאָהל לייטע וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין דיא נאָכבאַרשאַפטען פון דיא גרויסע שטעדט וואו אידען וואָהנען אין ענגשאַפט צוזאַמען. אָבער איןביידע פעלע איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיגע ענדערונג צוליעב דיא נײ־איינגעוואַנדערטע וועלכע זיינען אימער

אונטערגעקומען, און פון דעם אנדערען זייט צוליעב דעם וואס פיעלע וועלכע האבען ערהייכט א העכערע עקאנאמישע און געזעלשאפטליכע שטופע האבען זיך בעזעצט אין אנדערע נאכבארשאפטען אדער אין אנדערע שטעדט. די זעלבע לייטע האבען מייסטענס ניט לאנג געגומען קיין צדקה און האבען אויך ניט געוואהנט לאנג אין די טענעמענט הייזער. זיי האבען שנעל געמאכט פלאץ פאר די וואס זיינען געקומען שפעטער פאר זיי, און דאס וואס האט אויס־געזעהן פאר דעם אויבערפלעכליכען בעאבאכטער וויא א סאלידע, אונבעוועגליכע מאסע פון ארעמקייט און הילפלאזיגקייט וועלכע פרעזענטירט א שווערען פראבלעם, איז אין דער ווירקליכקייט געווען אין א פליסענדען צושטאנד. די מאסע האט זיך געצויגען וויא א שטראם און האט זיך לאנגזאם פערשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד, ביז מיר געפינען איצטער געמיינדען פון אידישע אי־מיגראנטען אין יעדען סטייט, און איינצעלנע פון זיי כמעט אין יעדען פלאץ. די מייסטע פון די אידישע אימיגראנטען וועלכע וואהנען אין קלענערע פלע־צער, און כמעט אלע וועלכע וואהנען אין די בעקוועמערע קווארטאלען פון די גרויסע שטעדט און זייערע פארשטעדט, זיינען דורכגעגאנגען דורך די טע־נעמענט־הויז־דיסטריקטען אדער די זאגענאנטע "גהעטאס"; וועלכעס בע־ווייזט אז די פערשפרייטונג וואס אנדערע האלטען אלס ווינשענסווערטה און גלויבען אז דאס דארף דורכגעפיהרט ווערען מיט די הילפע פון קינסטליכע מיטלען, ווערט אין דער ווירקליכקייט דורכגעפיהרט פון זיך אליין דורך די פרייוויליגע בעוועגונגען פון איינצעלנע פערזאנען וועלכע מען קען קוים בע־מערקען.

די צאהל פון די וואס זיינען געבליעבען, אפילו נור פארלויפיג, אין די ענגע מיטעל־פונקטען פון די בעפעלקערונג, בעזאנדערס אין ניו יארק, איז געווען זעהר גרויס, און איז געווארן שטענדיג גרעסער דורך דעם וואס עס זיינען יעדעס יאהר אנגעקומען מעהר אימיגראנטען וויא די צאהל וואס זיינען פון דארטען אוועק אנדערסוואו. די קליינע צאהל וואס זיינען אוועק נאך די קאלאניעס זיינען געווען אונבעדייטענד אין פערגלייך מיט דיזע מאסע, וועלכע איז געווען צו גרויס און איז געוואקסען צו שנעל אז אלע זאלען זיך קע־נען נעהמען צום האנדעל אויף'ן לאנד אדער אנהויבען אלס קליינע געשעפטס־לייט אין די שטעדט, וויא עס האט געטהאן די קלענערע צאהל אידישע אי־מיגראנטען וועלכע זיינען געקומען אין פריהערע פעריאדען. און אזוי קומט עס אז ווען מען רעכענט ארונטער אלע וועלכע האבען זיך גענומען צו אנדערע בעשעפטיגונגען, איינשליסליך די וואס זיינען אוועק ווערען פארמערס און די וואס זיינען אוועק ווערען פעדלערס, די וואס זייער מיטגעבראכטע אינטעליגענץ און געלעהרזאמקייט האט זיי ערמעגליכט אז זיי זאלען אליין אדער מיט עטוואס הילפע קענען פארטזעצען זייערע שטודיען, און די וואס זייער

געשעפטס־פעהיגקייט אָדער קליינער קאַפּיטאַל וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט האָט זיי ערמעגליכט זיך צו נעהמען צו מסחר און זיך אַרויפצואַרבייטען אין אַ קורצע צייט — נאָכדעם וויא מען רעכענט אַלעס אַרונטער איז נאָך אַלץ געבליעבען אַ גרויסע מאַסע וועלכע איז שטענדיג געוואַקסען דורך דעם וואָס עס זיינען צו איהר מעהר צוגעקומען וויא דיא וואָס זיינען פון איהר לאַנגזאַם אַוועק, און זיא האָט געקענט טהאָן נור דאָס איינציגע וואָס אָרעמע לייטע קענען טהאָן אין אַ לאַנד וואו עס איז דאָ פיעל קאַפּיטאַל און וואו אינדוסטריען בליהען: — געהן אַרבייטען. דיא אידישע אימיגראַנטען האָבען שנעל אָנגעהויבען אָנצופילען דיא פאַבריקען און דיא שעפּער, בעזאָנדערס אין דיא קליידונג־אינדוסטריע וועלכע איז שוין דאַן אויך ביז אַ געוויסען גראַד געווען אין אידישע הענד. דיא מלאכות צו וועלכע זיי האָבען זיך גענומען זיינען שנעל געוואַקסען, אימיגראַנטען־אַרבייטער האָבען באַלד אָנגעהויבען צו עפענען אייגענע שעפּער און צו בעשעפטיגען ביי זיך דיא וואָס זיינען געקומען שפּעטער. חאָטש אַרבייטס־לוין איז געווען פערהעלטנים־מעסיג קליין און "סוועטינג" איז געווען אַ געוועהנליכע זאַך, זיינען דיא פערדיענסטען דאָך געווען אַזוי פיעל העכער וויא דאָס וואָס אַן אָרעמאַן קען מאַכען אין רוסלאַנד, און דיא לאַגע פון לעבען איז געווען אַזוי פיעל בעסער וויא דעם רוסישען אַרבייטער'ס לאַגע, אַז אפילו דיא וואָס האָבען געאַרבייטעט אונטער אומשטענדען וואָס אַן אַמעריקאַנער וואָלט בעטראַכטעט אַלס דיא ערגסטע, האָבען שנעל אָפּגעשפּאָרט גענוג געלד צו שיקען צו זייערע פאַמיליען, צו ווייטערע קרובים, און אפילו צו גוטע פריינדע. דיא גרויסע מאַסע האָט געלעזט איהרע אייגענע פראַגען דורך שווערע אַרבייט און דורך שפּאַרזאַמקייט; זיא האָט אויפגעבויט און פערגרעסערט דיא צאָהל פון דיא אינדוסטריען אין וועלכע זיא איז געווען בעשעפטיגט, און האָט עס דערמיט געמאַכט מעגליך אַריינצונעהמען דיא מחנות ניי־געקומענע פון יאָהר צו יאָהר און צו ווערען אַ טהייל פון דיא גרויסע אינדוסטריעלע אַרמעע וועלכע טהוט דיא אַרבייט פון לאַנד.

אַזוי איז אויפגעוואַקסען אַ דריטע און נייע קלאַס פון אידישע אימיגראַנטען, אונגלייך צו דיא ערשטע אָדער ספרדי'שע קליינע גרופּען וועלכע זיינען געקומען אַהער רייך און האָבען פערנומען אַ פּלאַץ אין דיא העכערע קלאַסען גלייך וויא זיי זיינען אָנגעקומען; און אויך אונגלייך צו דיא צווייטע און גרעסערע גרופּען פון דייטשע, פּוילישע און אונגאַרישע אידען וואָס זיינען געקומען אין דיא צווייטע פעריאָדע, פון וועלכע דיא מייסטע האָבען אָנגעפאַנגען אַלס פּעדלערס אָדער בעלי מלאכה און זיינען צום סוף געוואָרן געשעפטס־לייטע אָדער פּראָפעסיאָנעלע מענער. צווישען דיא אימיגראַנטען פון דיא דריטע פעריאָדע וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1881 זיינען אויך געווען פיעלע לייטע מיט געלד און מיט שפּעציעלע קענטנים אָדער פעהיגקייטען, וועלכע זיינען גלייך אַריינ־

געקומען אין דיא קלאַסען וועלכע געפינען זיך אין אַ בעסערע לאַגע. עס זיינען אונטער זיי אויך געווען אַ גרויסע צאָהל וועלכע האָבען זיך גענומען צום פּעדלען אָדער קליין־האַנדעל מיט פערשיעדענע גראַדען ערפאָלג. אָבער דער ערד־אַר־בייטער און דער אינדוסטריעלער אַרבייטער אָדער פּראָלעטאַריער גיט דיעזע פּעריאָדע איהר בעזונדערען כאַראַקטער. דער קאָלאָניסט איז מעהר פון אַלע־מען געהאָלפען געוואָרען, און ער איז מייסטענס דורכגעפאַלען מיט זיין אונטער־נעהמונג, דאַן איז ער געקומען אין שטאָדט און זיך גענומען צום האַנדעל אָדער צו דער אַרבייט. דיא אינדוסטריעלע קלאַס האָט געזאָרגט פאַר זיך אַליין און האָט אויסגעמאַכט פיעל בעסער, אפילו איהרע נייע פּראָבלעמען האָבען פּרע־זענטירט שוויריגקייטען וועלכע זיינען געווען פיעל לייכטער וויא זיי האָבען אויסגעזעהן. דאָס וואָס עס זעהט אויס אַז דיעזע מאַסע האַלט זיך אָן איר־טהימער אָדער פאַלשע געזינונגען וואָס כאַראַקטעריזירען דעם ניי־אָנגעקומענעם, קען ערקלערט ווערען ווען מען געדיינקט אַז אין שטעדט וויא פילאַדעלפיא און שיקאַגאָ זיינען אימער דאָ טויזענדע, און אין ניו יאָרק צעהנדליגע טוי־זענדע אידישע אימיגראַנטען פון סלאַווישע לענדער וועלכע זיינען געקומען אין לאַנד אין פערלויף פון לעצטען יאָהר. עס איז דאָ דעריבער אימער פאַראַן אַ מאַסע וועלכע ווייס ניט וואָס אַן אַנדער מאַסע—פאַר דעם אויסוועניגסטען זעהט זיא אויס דיא זעלבע — האָט געטהאָן מיט אַ יאָהר פריהער. און דאָס וואָס זעהט אויס אַזוי וויא וויעדערהוילונגען, יאָהר איין און יאָהר אויס, פון דיא זעלבע האַנדלונגען וועלכע פיהרען צו דיא זעלבע רעזולטאַטען אָדער צו קיינע רעזול־טאַטען, זיינען אין דער ווירקליכקייט עקספּערימענטען וועלכע ווערען געמאַכט נור איינמאָל ביי יעדע פאָלגענדע כוואַליע פון איינוואַנדערונג, און ווערען באַלד אויפגעגעבען און וויעדער אויפגענומען אַלס אַ גאַנץ נייע ערפאַהרונג פון דיא וואָס קומען שפּעטער.

אַזוי וויא דער אַרבייטער האָט פערנומען דעם פּלאַץ פון הענדלער, אַזוי קומט אין דיעזע פּעריאָדע דער פּאָליטישער ראַדיקאַלער אין פאָדער־גרונד, אַנ־שטאָט דעם ראַדיקאַלען אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען פון דיא פריהערע פּע־ריאָדע. פיעלע פון דיא אינטעלעקטועלע האָבען סימפּאַטיזירט מיט דיא רע־וואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד, און זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט דעם סאָציאַליזם וועלכער איז דער פלוך פון יענע בעוועגונג און מאַכט איהר ערפאָלג כמעט אונמעגליך. אין דער צייט וואָס דער דייטשער אָדער עסטרייכישער רעוואָלוציאָנער פון דיא "פיערציגער" און "פופציגער" יאָהרען האָט געפאָדערט פאַר זיין פאָטערלאַנד נור אַזעלכע זאַכען וואָס דאָס פאָלק פון יונייטעד סטייטס האָט שוין געהאַט, האָט דער רוסישער טהעאָרעטיקער געטרוימט פון אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און פון פאַנטאַסטישע טריאומפען פאַר דיא פּויערים און דיא פּראָלעטאַריער וועלכע זאָלען שטעלען רוסלאַנד אָן דער שפּיצע פון דיא ציווי־

ליזירטע מענשהייט, פיעל העכער איבער דיא "פערפוילטע וועסט". דיא רעדע־פרייהייט און פרעס־פרייהייט וואָס הערשט דאָ האָט געגעבען אַ גוטע געלעגענהייט "פאָרטצוזעצען דעם קאַמפּף געגען קאַפּיטאַל" צווישען דיא ארבייטער אין דיא סוועט־שאַפּס. פאַר אַ געוויסע צייט איז דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר געוואָרען דער טהעטיגסטער פיהרער צווישען דיא איינגעוואַנדערטע מאַסען; דיא משכילים אָדער האַלב־דייטשע העברעאישע געלעהרטע זיינען פערדרענגט געוואָרען צום הינטערגרונד, און דיא גרויסע אָרטאָדאָקסישע מעהרהייט האָט זיך צוריקגעצויגען אין דיא שולען וועלכע זיינען שטענדיג געוואַקסען אין צאָהל, און זיא איז געווען שטיל, וויא אימער. אָבער ווען יאָהרען זיינען אַריבער און דיא אימיגראַנטען פון דעם אָנפאַנג פון דיעזער פעריאָדע זיינען געוואָרען מעהר אַמעריקאַניזירט און מעהר קאָנסערוואַטיוו, איז עס געוואָרען קלאָר אַז ראַדיקאַליזם איז נור אַ פאָראיבערגעהענדע ערשיינונג אין דיא ענטוויקלונג פון דעם רוסיש־אידישען אימיגראַנט, אַז דיא גרעסטע צאָהל האַלט זיך אָן דעם העכסטענס נור עטליכע יאָהר, און אַז דיא עקסטרעמע בעוועגונגען זיינען אין גאַנצען אַבהייננגיג פון דיא ניי־געקומענע וועלכע ווערען צוגעצויגען צו זיי דורך דיא אונגעוועהנליכקייט אָדער נייאיגקייט, און פון דיא וואָס זוכען זיי צו בעאיינפלוסען. אויסער דאָס וואָס קען בעצייכענט ווערען אַלס אַ סאָציאַליסטישע טענדענץ אין דיא אידישע סענסאַציאָנעלע פרעסע — אין וועלכעס זיא איז אַ היבשע ביסעל עהנליך צו דיא אַלגעמיינע אַמעריקאַנישע פרעסע פון דעם זעלבען סאָרט — איז דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג ניט געוואַקסען פּראָפּאָרציאָנעל מיט דיא רוסישע איינוואַנדערונג. דיא מורא פון דיא פריינדע פון דיעזע אימיגראַנטען אַז דיא נאַכבאַרשאַפטען וואָס ווערען פון זיי בעוואָהנט און וואו דיא ליאַרעמדיגע אַגיטאַציאָנען ווערען אָנגעפיהרט, וועלען פערוואַנדעלט ווערען אין סאָציאַליסטישע פּאָליטישע פעסטונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס אַן אומזיסטע נאָך כמעט איידער דיא ערשטע צעהן יאָהר פון דיעזער פעריאָדע זיינען אַריבער.

# קאַפּיטעל 30

## רעליגיעזע און קהל'שע טהעטיגקייט צווישען דיא נייע־געקומענע.

דיא טהעטיגקייט פון דיא נייע־געקומענע אין קאָנגרעגיישענס און פעראיינען — אָר־גאַניזאַציאָנען וועלכע עקזיסטירען נור אַ קורצע צייט — דיא שטרעבונג צו פּראָ־פעסיאָנעלע ערציהונג — שולען האַלטען זיך פעסטער וויא אַלע אַנדערע נייע־גע־גרינדעטע קערפּערשאַפטען — דער ערשטער פערזוך צו פעראייניגען דיא אָרטאָ־דאָקסישע קהלה פון ניו יאָרק — דיא אגודת הקהלות — דער רב הכולל ר' יעקב יוסף — אַ שפּעטערער רב הכולל אין שיקאַגאָ און נאָך אַ שפּעטערער אין באָסטאָן — פּראָמינענטע אָרטאָדאָקסישע רבנים אין פערשיעדענע שטעדט — דר. פיליפּ קליין — דיא קורצע פּעריאָדע אין וועלכע דער חזן איז געווען דער וויכטיגסטער אָנגעשטעלטער פון דער געמיינדע — שולען געהען איבער אין אַנדערע הענד, אָבער געהען זעלטען אונטער

א גרויסע מעהרהייט פון דיא רוסישע אימיגראַנטען, אַזוי וויא דיא איבער־וויעגענדע מעהרהייט פון דיא אידען פון רוסלאַנד, זיינען געווען אָרטאָדאָק־סישע אידען, און דיא יונגע לייטע וועלכע זיינען צוגעצויגען געוואָרן צו דיא ראַדיקאַלע בעוועגונגען וואָס זיינען, אויף'ן רוסישען אופן, געווען פיינדליך צו רעליגיאָן, האָבען אָנגעהויבען ביסלאַך־וויוז צוריק צו קומען אין שול אַזוי שנעל וויא זיי זיינען געוואָרן עלטער און מעהר געזעצט און מעהר אַמעריקאַניזירט. דיא עלטערע און דיא מיטעל־יעהריגע האָבען געדאַרפט דעם שול־לעבען פון דער ערשטער מינוט וואָס זיי זיינען אַהער אָנגעקומען, און דיעזעס האָט פער־אורזאַכט אַז עס זאָלען געגרינדעט ווערען אַן איבערראַשענד גרויסע צאָהל פון נייע שולען און בתי מדרשים אין אַלע פּלעצער וואו דיא נייע־געקומענע האָבען זיך בעזעצט. דיא אַלגעמיינע לאַגע שפּיעגעלט זיך וויעדער אָפּ אַם בעסטען אין ניו יאָרק; פון דיא נייין־און־צוואַנציג קאָנגרעגיישענס פון 1872, זיינען געוואָרן מעהר וויא צעהן מאָל אַזוי פיעל אין פערלויף פון זעכצעהן יאָהר, וועלכעס אי־בעטרעפט דיא צאָהל פון וואָהלטהעטיגע פעראייניגונגען, אַרבייטער יוניאָנס, ברידערליכע פעראיינען אָדער זעלבסט־ערציהונג פעראיינען, וואָס זיינען אין יע־נער צייט אויך אַרויסגעשפּראָצט אין גרויסע מאַסען. דיא געזעצליכע בע־שריינקונגען וואָס מאַכען עס שווער אין רוסלאַנד צו אָרגאַניזירען אירגענד

וועלכע קערפערשאַפט, זיינען צום טהייל געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר דיא גרינדונג פון אַזוי פיעל אָרגאַניזאַציאָנען פאַר אַלערליי מעגליכע צוועקען. דיא לייכטקייט מיט וועלכע מען קריעגט דאָ אַ טשאַרטער האָט צוגעצויגען פיעלע זיך צו אָרגאַניזירען פאַר דעם צוועק צו געניסען דיעזע פּריווילעגיע וואָס קומט דאָרטען אָן אַזוי שווער; און דיא נייע ערפאַהרונג פון מעגען גרינדען אָן אָרגאַניזאַציאָן גאָר אָהן אַ טשאַרטער און אָהן ערלויבניס, צו האַלטען פערזאַמלונגען און ערוועהלען בעאַמטע אָהן מורא פאַר דיא אריינמישונג פון דיא פּאָליציי, איז אויך געווען אַן אורזאַכע וואָס האָט בייגעטראָגען אַז מען זאָל גרינדען מעהר אָרגאַנזיציאָנען וויא עס איז געווען נייטיג. אָבער דער זעלבער מאַנגעל פון ערפאַהרונג איז אויך געווען דיא אורזאַכע פאַר וואָס מען איז געווען אונבעקאַנט מיט אַ פּריוויליגע עקזיסטענץ אַלס אַ פעראיין און פאַר וואָס מען האָט אָפט ניט געקענט אָנהאַלטען דיא אָרגאַניזאַציאָן נאָכדעם וויא מען האָט איהר געשאַפען. אַ גרויסער פּראָצענט פון דיא פעראיינען וועלכע זיינען דאַן געגרינדעט געוואָרן האָבען עקזיסטירט נור אַ קורצע צייט; דאָס איז געווען אמת פון אַלע סאָרטען אָרגאַניזאַציאָנען, בעזאָנדערס פון אַרבייטער־יוניאָנס. נור דיא וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דיא דיסציפּלין פון אַ סענטראַלע קערפערשאַפט, וויא לאַדשעס וועלכע האָבען געבילדעט אַ טהייל פון דיא גרעסערע און גוט־געפיהרטע אָרדענס, קענען אויפווייזען אַ בעסערע פּראָפּאָרציאָן פון איבערלעבענדע פעראיינען.

דיא בעדינגונגען וועלכע האָבען געהערשט אין רוסלאַנד זיינען אויך צום גרעסטען טהייל געווען דיא אורזאַכע פאַר וואָס אַן אויסערגעוועהנליכע גרויסע פּראָפּאָרציאָן פון יונגע לייטע האָבען פערזוכט צו שטודירען פאַר דיא איידעלע פּראָפעסיאָנען דורך זייערע אייגענע אָנשטרענגונגען, אָדער מיט דיא הילפע פון זייערע עלטערן וועלכע זיינען אָפט געווען שטאַרק פעראיינגט. אונטער דיא רוסישע בעגרענצונגען אין אַנגעלעגענהייטען פון ערציהונג האָבען נור דיא גאַנץ פעהיגע אָדער דיא רייכע קינדער געקענט האָפען אריינצוקומען אין דיא העכערע ערציהונגס־אַנשטאַלטען; דאָ זיינען דיא זעלבע געלעגענהייטען אָפען פאַר אַלעמען, מיט פרייע ערציהונג ביז צום אוניווערזיטעט. עס איז געווען נאַטירליך אַז דיא אָרעמע זאָלען שטרעבען צו מאַכען געברויך פון דיעזע מעגליכקייטען, און דאָס זיי זאָלען מאַכען דיא גרעסטע אָנשטרענגונגען אריינצוקומען אין דיא רייהען פון דיא אויסגעשטודירטע, וועלכע ווערען פון דיא רוסישע מאַסען בעטראַכטעט אַלס אַ סאָרט העכערע בעשעפּניסען.

אָבער ווען יאָהרען זיינען אַריבער און דער טהייל פון דיא וואָס זיינען מעהר אַמעריקאַניזירט איז געוואָרן גרעסער, און ווען דיא ניי־געקומענע וואָס זיינען אפילו געקומען מעהר און מעהר, זיינען דאָך געוואָרן אַ שטענדיג קלענערע מינדערהייט אין פערגלייך מיט דיא גאַנצע מאַסע אימיגראַנטען, האָט אויך

אָנגעהויבען אַפצופאַלען דיא צאָהל פון דיא אונרייפע און האסטיג־געשאַפענע אָרגאַניזאַציאָנען, און אַ גרעסערער פּראָצענט פון דיא וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן זיינען געבליעבען לעבען. אין דיא לעצטע יאָהרען לאָזט זיך זאָגאר מערקען אַן אָפּפאַל צווישען קינדער פון אָרעמע פאַמיליען פון דיא יאָגענים נאָך העכערע ערציהונג; אָבער צום טהייל זיינען אין דעם אויך שולדיג דיא שטרענגערע פאָדערונגען ביים אריינטרעטען אין דיא בעסערע קלאַס קאָלע־דשעס און אוניווערזיטעטען.

אַלע דיעזע עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטליכע און ערציהונגס־טהעטיגקייטען — דיא לעצטע זעלבסטפערשטענדליך נור אַזוי ווייט וויא דאָס אָנבעלאַנגט ערוואַקסענע וועלכע האָבען ניט געקענט ציהען דעם פולען נוצען פון דיא היעגע סיסטעם פון עפענטליכע סקולס — און דיא אַגיטאַציאָן וועגען עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגען, און ביז אַ געוויסען גראַד אפילו דיא בעשעפטי־גונגען פון דיא אימיגראַנטען, זיינען געווען נייע ערפאַהרונגען און מייסטענס נור צייט־ווייליגע. דיא איינציגע טהעטיגקייט וועלכע קען בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ נאָרמאַלע, און צו וועלכע מען איז שטענדיג צוריק געקומען אפילו פון דיא קרייזען פון יענע וועלכע האָבען זיך פון איהר אָפּגעריסען מיט האסטיגקייט, איז געווען דיא טהעטיגקייט פון שול אָדער בית המדרש. אין פערגלייך מיט אַנדערע אינסטיטוציאָנען זיינען נור אַן איבערראַשענד קליינע צאָהל שולען וואָס דיא אימיגראַנטען האָבען געגרינדעט אונטערגעגאַנגען; און דער שטענ־דיגער צו־וואַקס אין דיא צאָהל און דיא פעסטקייט פון דיעזע רעליגיעזע אַנ־שטאַלטען, אויך אין דיא תלמוד תורות, און שפּעטער אין דיא צאָהל עכט־אָרטאָדאָקסישע ישיבות, איז דער בעסטער בעווייז אַז אידען ווערען איינגע־וואָרצעלט אין יונייטעד סטייטס. דיא מייסטע טהעטיגקייטען וואָס האָבען אַ שייכות מיט געבען אַלערליי מאַטעריעלע און מאָראַלישע שטיצע צו דעם איינוואַנדערער, קענען ניט זיין אַנדערס וויא צייטווייליגע, אפילו אויב זיי האַלטען אָן פיעלע צעהנדליגע יאָהרען. נור דיא אויפבויאונג פון אַ שול בע־צייכענט דיא פאָרטזעצונג פון דיא אידישע עקזיסטענץ דורך דיא יאָהרהונ־דערטע, זיא פעראייניגט אונז מיט דיא אידען פון אַנדערע לענדער און מיט דיא אידען פון אַנדערע צייטען, און זיא בעווייזט דיא פעהיגקייט און דיא בערייט־וויליגקייט פון דיא אידישע מאַסען צו שטיצען דיא אַלטע אמונה אונטער אַלע אומשטענדען.

דיא טויזענדע קליינע שולכאַלאַך איבער'ן גאַנצען לאַנד, פון וועלכע עס זיי־נען איצטער דאָ נאָהענט פון אַכט הונדערט אין ניו יאָרק, טראָגען אויך אויף זיך שטאַרקע סימנים פון סלאַווישען, בעזאָנדערס פון רוסישען איינפלוס. דער איינציגער פּלאַץ וואו עס איז פאַר אידען געווען זיכער זיך צוזאַמען צו קומען און צו פערברייגגען צווישען זיך, איז געווען דער בית המדרש אָדער קלויז,

וועלכער האָט צוליעב דיעזען טעם געדיענט ניט נור אַלס אַ בית תפלה נור אויך אַלס אַ פערזאַמלונגס־פּלאַץ און ביז אַ געוויסען גראַד זאָגאַר אַלס אַ קלוב־הויז. דער אַלט־מאָדישער איד וועלכער איז געבליעבען פרעמד פון דיא היעגע נייע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען אָדער וועלכער האָט זיך פון זיי דערווייטערט מיט וויעדער־ווילען נאָך אַ קורצע בעריהרונג, האָט דאָ בענוצט דיא שול פאַר אַלע צוועקען פאַר וועלכע זיא האָט איהם געדיענט אין דער היים. און דערצו איז נאָך דיא קליינע שולכעלע מייסטענס בעשטאַנען פון מיטגליעדער וועלכע זיינען געקומען פון דיא זעלבע שטאָדט אָדער פון דעם זעלבען אומגעגענד אין דער היים. דיא לאַנדסלייט זיינען זיך דאָ צוזאַמען געקומען, האָבען עמפּפאַנגען דיא לעצטע אימיגראַנטען און דיא שפּעטעסטע נייעס פון דער היים; עס האָט אָפט פּאַסירט אַז דיא שול איז געוואָרן דער הויפּט־קוואַרטיער פאַר אויסער־אָרדענטליכע צדקה־ארבייט, ווען דיא היימישע שטעדטעל האָט געליטען פון אַ שריפה אָדער פון אַ פּאָגראָם.

דיא איצטיגע טענדענץ איז זיך אָפּצורייסען פון דיעזע קליינע שולכאַלאַך און אַריינצוטרעטען אין גרעסערע וועלכע געפינען זיך אין בעקוועמערע נאַכ־באַרשאַפטען, און אויך זיי צו פערגרעסערען דורך אריינצונעהמען מיטגליעדער וועלכע קומען פון אַנדערע שטעדט אָדער אפילו פון אַנדערע לענדער. אָבער דיא ענדערונג קומט פאָר מייסטענט דורך אַ לאַנגזאַמען איבערגאַנג, דיא ליידיגע פּלעצער פון דיא וואָס טרעטען ארויס ווערען לייכט אָנגעפילט פון דיא ניי־אָנגעקומענע; אַזוי אַז דיא גאַנצע אומבילדונג איז נעהענטער צו דעם לאַנגזאַ־מען פּראָצעס פון עוואָלוציאָן וויא צו "דעם אונטערגאַנג פון יודענטהום אין אַמעריקא" פאַר וועלכען פיעלע האָבען אַזוי מורא. דער ערשטער אויסדרוק פון דיעזע נייע ענטוויקלונג איז געווען דער פערזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרן וועניגער וויא צעהן יאָהר נאָך דעם אָנפאַנג פון דיא נייע איינוואַנדערונג, צו פעראייניגען דיא אָרטאָדאָקסישע געמיינדע פון ניו יאָרק אונטער דיא פיהרער־שאַפט פון אַ גרויסען רב, און צו דעקען דיא אויסגאַבען פון דיא נייע איינריכ־טונג נאָך דיא זעלבע מעטהאָדע וויא דיא אידישע קהלות אין רוסלאַנד ווערען פינאַנסירט — מיט איינצאָהמען פון דעם האַנדעל מיט כשר'ע פלייש.

אין רוסיש־פּוילען, אַזוי וויא אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, צאָהלען דיא מיטגליעדער פון דיא אידישע געמיינדע אַ דירעקטען שטייער אויסצוהאַל־טען דיא רבנים און דיא אַנשטאַלטען פון דער קהלה, און האָטש דיא אידען וועהלען אליין דיא בעאַמטע וואָס לייגען אויף זיי אַרויף דעם שטייער, ווערט דער "עטאַט" אויפגעמאַכט מיט געוואַלט, דאָס הייסט מיט דיא הילפע פון פּאָליציי, פון דיא וועלכע צאָהלען איהם ניט פריינוויליג. געוועהנליך בעטהיי־ליגען זיך אין דיא וואַהלען נור יענע מיטגליעדער וועלכע צאָהלען אַ העכערען שטייער, דיא אָרעמערע מוזען צאָהלען האָטש זיי זיינען ניט פערטרעטען אין

דעם פאַרשטאַנד פון דיא געמיינדע, און דיא גאַנץ אָרעמע צאָהלען גאָר ניט. אָבער אין רוסלאַנד אַליין, דאַרונטער אויך ליטא און דער גאַנצער "אידישער תחום" וואו דיא מאַסען אידען וואָהנען, פערנעהמט דיא "קאָראָבקא" אָדער אָפּצאָהל אויף כשר'ע פלייש (ריכטיגער געזאָגט אַן אָפּצאָהל אויף שעכטען בהמות און עופות) דעם פּלאַץ פון דעם פּוילישען "עטאַט" און פון דעם קולטוס-שטייער אין מאַנכע מערב-לענדער. דיעזער אינדירעקטער שטייער וועלכער ליעגט מייסטענס אויף דיא אָרעמע ווערט ניט אַזוי שטאַרק געפיהלט און ווערט ניט בעטראַכטעט אַלס אַזאַ לאַסט, חאָטש ער איז אימער געווען פערהאַסט ביי דיא אידישע מאַסען אין רוסלאַנד. דיא אַבסאָלוטע פאַנאַנדערטהיילונג פון קירכע און שטאַאַט אין דיעזעם לאַנד מאַכט אַז עס זאָל דאָ ניט קענען זיין דיא רעדע פון אַ געצוואונגענעם שטייער פאַר רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען. און ווען מען האָט אָנגעהויבען ערנסט צו פיהלען אַז עס פעהלט פאַר דיא גרויסע מאַסע אָרטאָדאָקסישע אידען פון ניו יאָרק אַן אַנערקענטע אויטהאָריטעט אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, און מען האָט אָנגעהויבען צו דיסקוטירען ערנסט וועגען דיא פראַגע פון שאַפען אַ געהאַלט פאַר אַ גרויסען רב און פאַר אַנדערע אַלגעמיינע הצטרכות פון דער קהלה וואָס איינצעלנע קאָנגרעגיישענס האָבען זיך ניט געפיהלט פערפליכטעט צו פערזאָרגען; איז מען פון זיך אַליין געקומען צו דעם פּלאַן פון אַ קאָנטראָל איבער דעם האַנדעל מיט כשר'ע פלייש וואָס זאָל שטעהן אונטער דיא השגחה פון נייעם רב, אַלס דיא איינציגע פּראַקטישע לעזונג פון דעם פּראָבלעם.

אַן אגודת הקהלות פון פופצעהן פון דיא וויכטיגסטע אָרטאָדאָקסישע שולען פון ניו יאָרק איז פּאָלגליך אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1888, און איינער פון דיא גרעסטע רבנים פון רוסלאַנד, ר' יעקב יוסף, (געב. אין קראָז, קאָוונער גו-בערניע, 1840; געק. 1888; געש. אין ניו יאָרק דעם 28טען יולי 1902), וועלכער איז דאַן געווען דער מגיד פון ווילנא, איז אַריבערגעבראַכט געוואָרען אַלס דער רב הכולל. אָבער דיא אגודת הקהלות איז באַלד צופאַלען געוואָרען און דער פּלאַן פון קאָנטראָלירען דיא השגחה איבער בשר כשר איז געווען אַ דורכפאַל כמעט גלייך פון אָנפאַנג. דער פּאָראורטהייל געגען אַ קאָראָבקע איז געווען צו גרויס אפילו צווישען דיא אָרטאָדאָקסישע מאַססען, חאָטש זיי האָבען ווייטער געצאָהלט, אַזוי וויא זיי טהוען נאָך איצטער, אַ העכערען פּרייז פאַר כשר'ע פלייש, און אַ סיסטעמאַטיזירונג פון דיא ביזנעס האָט געקענט ברייגגען אַ גרויסע איינגאַהמע אפילו ווען דער פּרייז פון פלייש זאָל בלייבען דער זעלבער. פיעלע אונאַבהיינגיגע רבנים האָבען ניט געוואָלט אַנערקענען דיא אויטהאָריטעט פון רב הכולל, און ער איז איניגע יאָהר שפּעטער געפאַלען אַלס אָפּפער פון אַ שווערע קראַנקהייט וועלכע האָט איהם אויסגעשלאָסען פון דיא מעגליכקייט פון טיכטיגע אַרבייט אָדער פּיהרערשאַפט. אָבער דער דורכפאַל פון סיסטעם

איז נור געקומען דערפון וואָס עס איז אונמעגליך צו פיהרען דיא אידישע אנ־געלעגענהייטען פון אמעריקא נאָך מאָדעלען און פּלענער וואָס פּאַסען זיך פאַר רוסלאַנד. דער רב הכולל פּערזענליך איז פערגעטערט געוואָרען פון דיא מאַ־סען פרומע אידען, און ווען ער איז געשטאָרבען נאָך א פערלייינגערטע קראַנק־הייט, איז זיין לויה (דעם 30טען יולי 1902) וועלכע איז אפילו געשטערט גע־וואָרען דורך אונרוהען אין וועלכע מעהרערע פּערזאָנען זיינען פערלעצט גע־וואָרען, געווען איינע פון דיא גרעסטע וואָס מען האָט ווען געזעהן אין ניו יאָרק.

איינינגע אַנדערע פּראָבען צו ערוועהלען רבנים כוללים מיט דעם צוועק צו פערייינינגען אָדער צו פערשמעלצען אונטער זיי דיא אָרטאָדאָקסישע גע־מיינדען פון גרויסע שטעדט, זיינען ניט געווען מעהר ערפאָלגרייך. א פעראיייני־גונג פון קאָנגרעגיישענס וואָס איז צו דיעזען צוועק געגרינדעט געוואָרען אין שי־קאַגאָ, האָט אויסגעקליעבען אַן אַנדער בעריהמטען רב, ר׳ יעקב דוד ווילאָווסקי (רידב״ז, געב. 1845, געשטאָרבען אין צפת 1913) אלס איהר רב הכולל אין 1903. ער איז געווען דער פאָרגעענגער פון ר׳ יעקב יוסף אין ווילנא, און איז צום ערשטען מאָל געקומען אין יונייטעד סטייטס אין 1900, צו פערקוי־פען זיין גרויסעס ווערק אויף׳ן תלמוד ירושלמי. דער פערזוך איהם צו פער־האַלטען אלס רב הכולל פון דיא אָרטאָדאָקסען אין דיא צווייטע שטאָדט פון אמעריקא, איז געמאַכט געוואָרען ווען ער איז דאָ געקומען דעם צווייטען מאָל. אָבער א שטאַרקע אָפּאָזיציאָן אונטער דיא פיהרערשאַפט פון הרב צבי שמעון אלבום האָט געמאַכט זיין שטעלע אונהאַלטבאַר, און ער האָט רעזיגנירט נאָכדעם וויא ער האָט איהר פערנומען נור צעהן מאָנאַט. ער איז ארומגעפאָהרען אי־בער׳ן לאַנד אונגעפעהר נאָך א יאָהר, און איז אין 1905 אַוועק נאָך ארץ ישראל וואו ער איז נפטר געוואָרען ער״ה תרע״ד. מען האָט אין דיעזען פאַל וויעדער געזעהן אזוי וויא אין דעם פאַל פון דעם ערשטען און גרעסטען רב הכולל מיט פופצעהן יאָהר פריהער, אז דיא רבנים און דיא בעלי בתים זיינען דאָ צו אונאַבהייינגיג צו זיין אונטערטהעניג צו א רב הכולל, עס מאַכט ניט אויס וויא גרויס ער זאָל זיין. דער לעצטער וועלכער האָט אָנגענומען דיעזען טיטעל איז ר׳ גבריאל צבי מרגליות (געב. אין ווילנא, 1848 ; געק. 1906) פון גראָדנאָ, וועלכער ווערט בעטראַכטעט אלס דער גרעסטער רב אין יונייטעד סטייטס. ער איז געווען דער רב הכולל פון באָסטאָן אונגעפעהר פיער יאָהר, ביז ער האָט זיך בעזעצט (1911) אין ניו יאָרק אלס דער רב פון דיא גרויסע אָרטאָדאָקסישע פעראייניגונג עדת ישראל.

אין דיא מייסטע אַנדערע גרויסע שטעדט געפינען זיך פּראָמינענטע אָר־טאָדאָקסישע רבנים וועלכע ווערען הויך געשעצט און זיינען אַנערקענט אלס גייסטיגע פיהרער פון דיא פרומע מאַסען, האָטש אין דער ווירקליכקייט זיינען

זיי רבנים נור פון דיא איינצעלנע שולען צו וועלכע זיי געהערען. אם בעסטען בעוואוסט פון דיזער קלאס אין ניו יארק איז געוועזן דער "מאסקוועער רב", ר' חיים יעקב ווידרעוויץ, (געב. אין דאבראמיסל, מאהילעווער גובערניע, 1836; געק. 1891; געש. אין ניו יארק 1911). צווישען דיא לעבענדע זיינען ר' משה זבלון מרגליות, (געב. אין קראז, 1851; געק. 1889) וועלכער איז פריהער געוועזן אין באסטאן; ר' אברהם אליעזר אלפערשטיין, (געב. אין קאברין ארום 1854; געק. 1881) וועלכער איז פריהער געוועזן אין שיקאגא; און ר' שלום אלחנן יפה, (געב. אין וואבאלניק, ווילנער גובערניע, 1858; געק. 1889), צווישען דיא בעסער בעקאנטע פון דיא פיעלע ארטאדאקסישע רבנים פון ניו יארק.

אויסערהאלב ניו יארק איז ר' אברהם יעקב גרשון לעססער, (געב. אין מיר, מינסקער גובערניע, 1835; געק. ארום 1880) וועלכער איז פריהער געוועזן אין שיקאגא און איז זייט דיא לעצטע צעהן-צוועלף יאהר אין סינסינעטי, אנערקענט אלס דער עלטעסטער פון דיא ארטאדאקסישע רבנים פון לאנד. ער איז דער פערפאסער פון אייניגע ווערקע פון וועלכע איינע איז איבערזעצט געווארען אין ענגליש פון מר. ה. עליאשאוו. אונגעפעהר אין דעם זעלבען עלטער איז אויך דער זקן הרבנים פון שיקאגא, ר' אליעזר אניקסטער, וועלכער פערנעהמט דארטען א רבנישע שטעלע לערך פיערציג יאהר. אין פילאדעלפיא פערנעהמט ר' דוב אריה לעווינטהאל, (געב. אין קאוונא, 1864; געק. 1891) א פארנעהמע שטעלע און איז מעהר אמעריקאניזירט וויא דער דורכשניטליכער ארטאדאקסישער רב. ר' משה שמעון זיוויץ, (געב. אין ציטאוויאן, קאוונער גובערניע, 1853; געק. 1880), וועלכער איז פריהער געוועזן אין באלטימאר, (89—1886), איז דער פראמינענטעסטער ארטאדאקסישער רב אין פיטסבורג. ר' אהרן מרדכי אשינסקי (געב. אין רייגראד, רוסיש-פוילען, 1866) וועלכער איז פריהער געוועזן אין דיטראיט, מישיגען, און אין מאנטריאל, קענעדע, איז אויך זייט פיעלע יאהרען אין פיטסבורג.

ר' אשר ליפמאן זרחי, (געב. אין קאוונא, 1862; געק. 1893), פריהער פון ברוקלין און דעמאין, אייאווא (1903—1893) איז איצטער דער פארשטעהער פון דיא פעראייניגטע ארטאדאקסישע געמיינדען פון לואיסוויל, קענטאקי.

דיא צאהל פראמינענטע ארטאדאקסישע ראבינער צווישען אימיגראנטען וועלכע קומען פון אנדערע לענדער וויא רוסלאנד, איז פערהעלטניסמעסיג קליין. דיא אונגארען וועלכע געהערען צו א פריהערע פעריאדע זיינען לאנגזאם צוגעצויגען געווארן צו דעם דייטשען און אמעריקאנישען עלעמענט אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. דיא עסטרייכער אדער גאליציאנער וועלכע האבען אנגעהויבען צו קומען אין א גרעסערע צאהל אביסעל שפעטער וויא דיא רוסישע, זיינען אויך פיעל לאנגזאמער דא געווארן איינגעזעסען; דיא פרייהייט צו פאהרען צוריק אהיים ווען זיי ווילען האט געמאכט אז א גרויסער פראצענט פלעגט

אוועקפאָהרען און צוריק קומען אין איניגע יאָהר, און דיעזעס האָט פעראור־זאכט אז דאָס געמיינדע־לעבען זאָל זיך ענטוויקלען ביי זיי פיעל שפעטער. פון אנדערען זייט זיינען זיי פערהעלטניסמעסיג פיעל מעהר ערפאָלגרייך אין געזעלשאפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען וויא לאַנדס־לייט־פעראיינען, צוליעב דיא גרעסערע אָרגאַניזאַציאָנס־פרייהייט וואָס הערשט אין זייער אלטע היימאטה. זייער גרעסטער רב אין ניו יאָרק איז געוועזען ר' נפתלי רייטער, (געב. אין אונגארן, 1844; געק. 1887; געש. 1911), וועלכער איז געוועזען דער רב פון דיא מגן אברהם דוקלער שול, דיא גרעסטע גאַליציאַנער שול פון ניו יאָרק, פון 1893 ביז זיין טויט. דער הערפאָרראַגענדער אונגארישער רב פון ניו יאָרק איז דר. הלל הכהן אָדער פיליפ קליין, (געב. אין באַראַעסקאַ, אונגארן, 1849; געק. 1891), וועלכע פערנעהמט אַ בעזאָנדערען פלאַץ אין דיא אידישע וועלט פון ניו יאָרק און פון לאַנד, זייענדיג אַנערקענט אלס תלמודישער אויטהאָריטעט און צו דער זעלבער צייט בעזיצענדיג דיא וועלטליכע געלעהרזאַמקייט וועלכע ער האָט געקריעגען דורך שטודירען אין בערלינער אוניווערזיטעט. דר. קליין איז געוועזען ראַבינער אין ליבוי, רוסלאַנד, צעהן יאָהר, איידער ער איז געקומען נאָך ניו יאָרק צו פונגירען ביי דיא אונגארישע שול אוהב צדק, וועלכע שטעלע ער בעקליידעט נאָך איצטער.

* * *

אין דעם אָנפאַנג פון דיא פעריאָדע פון ענטוויקלונג ביי דיא אידישע אי־מיגראַנטען פון דיא סלאַווישע לענדער איז עס געוועזען ניט דער רב זאָנדערן דער חזן וועלכער איז בעטראַכטעט געוואָרען אלס דער וויכטיגסטער אָנגעשטעל־טער פון דיא אָרטאָדאָקסישע שול, בעזאָנדערס פון דיא גרעסערע. דיא צאָהל רייכע מיטגליעדער איז געוועזען זעהר קליין; דיא קליינע קאָנגרעגיישען וועלכע האָט געדאַווענט אין אַ געדונגענעם פלאַץ האָט געקענט אויסקומען מיט דיא קליינע בייטרעגע אָדער נדבות פון דיא וואָס פלעגען שטענדיג קומען, אָדער פון דיא וואָס קומען געלעגענטליך אויף ימים נוראים, צוליעב חתונות, ברית'ן, יאָהרצייטען, א. ז. וו. אָבער דיא גרויסע שול מיט איהר אייגענע געביידע אויף וועלכע מען איז מייסטענס געוועזען שולדיג אַ גרויסע סומע, האָט זיך זעהר אָפט געראַנגעלט צו קענען עקזיסטירען. דער רב, סיידען אויב ער איז געוועזען אַ בע־ליעבטער זאָגער אָדער בעל דרשן, איז בעטראַכטעט געוואָרען אלס ביז אַ גע־וויסען גראַד אַן איבריגע לאַסט; ער פלעגט קריעגען זעהר אַ קליינעם געהאַלט אָדער גאָר קיינעם, און איז געוועזען אבהיינגיג פאַר זיינע איינגאַהמען פון זייטיגע קוועלען וואָס האָבען אַ פערבינדונג מיט רבנישע פליכטען. אָבער אַ בעליעב־טער חזן האָט צוגעצויגען נייע מיטגליעדער און אויך אַ גרעסערעס פובליקום ביי דיא שפעציעלע געלעגענהייטען ווען מען פלעגט דאַרפען בעצאָהלען אריינצו־קומען איהם הערען. עס איז דעריבער בעטראַכטעט געוואָרען אלס אַ תכלית־זאַך

איהם צו צאָהלען א גוטעס געהאלט, און מאנכע פון דיא בעסטע חזנים פון רוסלאנד זיינען דאן געבראכט געוואָרן אין אמעריקא, בעזאָנדערס נאָך ניו יאָרק.

דיא בעריהמטעסטע חזנים וועלכע זיינען אריבערגעבראכט געוואָרן אין יענער פעריאָדע זיינען געוועזן: ישראל מיכאלאָווסקי, (געב. אין סובאלק, רוסיש־פוילען, 1831; געק. 1886; געש. אין ניו יאָרק 1911); ישראל קופער, (געב. אין אלוסעניץ, קאמענעץ־פאָדאָלסק, 1840; געק. 1885; געש. אין ניו יאָרק 1909); און פינחס מינקאָווסקי, (געב. אין ביעלאיא צערקאָוו, 1859), וועלכער האָט פערבראכט א קורצע צייט אין ניו יאָרק און איז דאן אוועק צוריק נאָך אָדעסא פון וואנען ער איז געקומען. אָבער דיא אומשטענדען אונטער וועלכע דער איינפלוס פון דיא חזנים איז געוועזן פאָרהערשענד, זיינען ניט געוועזן נאָרמאל, און דאָס האָט ניט געקענט לאנג אָנהאלטען. דיא פערבעסערונג אין דיא אלגעמיינע מאטעריעלע לאגע, דער צו־וואקס אין דיא צאָהל און דיא פראָפּאָרציאָן פון וואָהלהאבענדע מיטגליעדער, און דיא אויפוואכענדע געפיהלען פון פליכט און פעראנטוואָרטליכקייט אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, האָבען געהאָלפען בריינגען דעם רב נעהענטער צו דיא העכסטע שטעלונג אין דער געמיינדע וועלכע געהערט איהם. עס זיינען נאָך איצטער אויך פאראן פיעלע אויסגעצייכענטע און גוט־בעצאָהלטע חזנים אין דיא גרעסערע שטעדט, און דיא אָרטאָדאָקסישע רבנים זיינען נאָך ווייט פון דיא זיכערהייט אין אמט און דיא איינקינפטע וואָס זיי האָבען אין דיא אלטע וועלט. אָבער מען איז איצטער נעהענטער צו א נאָרמאלע לאגע אין דיעזער הינזיכט; און דיא רבנים האָבען דערפון געוואונען מאָראליש אזוי גוט וויא מאטעריעל.

אין דיא לעצטע עטליכע יאָהר זיינען פיעלע פון דיא גרויסע שולען אין דיא עלטערע אידישע נאכבארשאפטען פון דיא גרויסע שטעדט ווידער געקומען אין א פערארייניגטע פינאנציעלע לאגע, צוליעב דעם וואָס פיעלע פון דיא עלטערע און רייכערע מיטגליעדער זיינען אוועק זיך בעזעצען אין שענערע טהיילען פון שטאָדט אָדער אין דיא פאָרשטעדט. אָבער איצט דיינקט מען ניט, וויא מיט א פיערטעל יאָהרהונדערט צוריק, וועגען בעפעסטיגען דיא לאגע פון א שול דורך אימפּאָרטירען א בעריהמטען חזן. אין מאנכע פעלע פיהלען עס דיא עלטערע אויפגעקומענע מיטגליעדער אלס זייער רעליגיעזע פליכט אָנצוהאלטען דיא גרויסע שולען וואָס זיי האָבען אויפגעבויט אין דיא געגענדען וואו עס וואָהנען איצטער מייסטענס נור אָרעמע און ניי־געקומענע, חאָטש זיי אליין וואָהנען שוין צו ווייט צו קענען אהין קומען, און האָבען אויך אויפגעבויט נייע שולען אין דיא נייע אידישע נאכבארשאפטען, און האָבען זאָגאר אָנגעשטעלט ענגליש־שפּרעכענדע ראבינער צו האלטען רעדעס. אין אנדערע פעלע זיינען דיא אימיגראנטען פון שפּעטערע יאָהרען בערייט איבערצונעהמען דיעזע שולען, מאנכעס מאָל אויף דעם גאנץ פשוט'ען אופן פון אריינטרעטען אלס מיטגליעדער

און קריעגען קאָנטראָל דורך דעם וואָס זיי ווערען דיא מעהרהייט. עס טרעפט אויך אַז דיא שול אליין ווערט איבערגעטראָגען אין דיא געגענד וואו דיא מייסטע מיטגליעדער האָבען זיך בעזעצט, און דיא אַלטע געביידע ווערט פערקויפט צו אַ קלענערע אָדער צו אַ ניי־געגרינדעטע געמיינדע. אָבער וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרן, איז דיא צאָהל קאָנגרעגיישענס וועלכע לעזען זיך אויף, און דיא צאָהל שול־געביידען וועלכע ווערען אין גאַנצען אויפגעגעבען פאַר אַנדערע צוועקען, זעהר קליין. דיא אָנהאַלטענדע איינוואַנדערונג און דער שטענדיגער צו־וואַקס פון דיא צאָהל פריהערע אימיגראַנטען וועלכע ווערען מיטגליעדער פון שולען מאַכט אַז עס זאָל ניט זיין נייטיג אויפצוגעבען אַלטע שולען אין דער צייט ווען נייע ווערען געבויט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

# קאַפּיטעל 31

## נייע געמיינשאַפטליכע און גייסטיגע טהעטיגקייטען.

דיא אידישע אַלליאַנס פון 1891 אַלס דער ערשטער פערזוך צו גרינדען אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָן אין וועלכע דיא אימיגראַנטען פון דיא לעצטע פּעריאָדע זאָלען אָפיציעל אַנערקענט ווערען — מאַנבע פון דיא פּראָמינענטע אידען וועלכע האָבען זיך אין איהר בעטהייליגט — דער באַראָן הירש פאָנד — פערשיעדענע טהעטיג־קייטען — פערקלענערונג אין דיא צאָהל און דיא פּראָפּאָרציאָן פון הילפלאָזע און נויט־לײדענדע — דיא אַמעריקאַניש־אידישע היסטאָרישע געזעלשאַפט — דיא אידישע "פּאָבליקיישען סאָסייעטי פון אַמעריקאַ" — דיא "טשאַטאַקוואַ" — בעטהייליגונג אין דיא וועלט־אויסשטעלונג פון 1893 — דער "קאָונסיל" פון אידישע פרויען.

אין וועניגער וויא צעהן יאָהר נאָך דיא ערשטע מאַסען־איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד, איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פערזוך צו גרינדען אַ סאָרט קאָ־אָפּעראַציאָן צווישען דיא אימיגראַנטען פון דיא נייע פּעריאָדע און דיא אַמע־ריקאַנישע אָדער אַמעריקאַניזירטע אידען וועלכע געהערען צו דיא פריהערע פּעריאָדען. דיא לעצטע האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעקלאָגען אַז דיא לאַסטען פון דיא צדקות זיינען געוואָרן פאַר זיי צו שווער, און פון דיא ערשטע, בעזאָנ־דערס פון דיא מעהר אינטעליגענטע אימיגראַנטען וועלכע האָבען זיך אינטע־רעסירט אין אידישע אַנגעלעגענהייטען האָט זיך שוין דאַן געלאָזט הערען אַ פּאָדערונג פאַר אַנערקענונג און פאַר אַ טהייל פון דיא פעראַנטוואָרטליכקייט אין דיא אַרבייט פון דער געמיינדע. דיא טהעאָריע אַז דיא צוויי עלעמענטען, וועלכע ווערען געוועהנליך בעצייכענט אַלס דיא דייטשע און דיא רוסישע, מוזען געבראַכט ווערען נעהענטער איינע צו דיא אַנדערע, און אַז דיא לעצטע מוזען איבערנעהמען דיא הערשאַפט פון דיא גאַנצע אידישע געמיינדע פון דיא ערשטע, גראַדע וויא דיא דייטשען האָבען עס איבערגענומען פון דיא ספרדים, איז שוין דאַמאָלס אויך געווען אַזוי וויא איצטער איינע פון דיא בעליעבטע טהעאָריען פון דיא וואָס בעטראַכטען זיך אַלס דיא פערטרעטער פון דיא אימיגראַנטען. דער פערזוך אַנצו־ווענדען אַ טהייל פון דיעזע טהעאָריע אין פּראַקטיק, אָדער וויא אַנדערע האָבען געדיינקט, אויסצופּרובירען וויא ווייט



Photo by Harris & Ewing, Wash., D. C.

האָנ. סיימאָן וואָלף

Hon. Simon Wolf

דאָס איז מעגליך, האָט געבראַכט דערצו אַז אַן אויפרוף איז ארויסגעלאָזען גע־וואָרן פאַר אַ קאָנווענשאָן פון דיא אידישע אלליאַנס פון אַמעריקא, וועלכע איז זיך צוזאַמענגעקומען אין פילאַדעלפיא דעם 15טען פעברואר 1891.

ניינצעהן שטעדט זיינען געוועזען פערטרעטען, מאַנכע פון זיי אזוי ווייט וויא סאַן פראַנציסקא, קאַליפאָרניע (דורך בערנהארד מארקס) און פאָרטלאַנד, אָרעגאָן (דוד סאָלים־קאָהען). באָסטאָן איז געוועזען פערטרעטען דורך דוד בלוי־שטיין, (געב. אין לידא, רוסלאַנד, 1866; געש. 1912), וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ בעוואוסטער ערציהער און כלל־טהוער. סיימאָן וואָלף (געב. אין רהיין־בייערן, 1836; געק. 1848), אַן אנערקענטער פערטרעטער פון דיא אידען פון לאַנד אין וואַשינגטאָן, איז געקומען פון דיא הויפּט־שטאָדט. צוואַנציג דעלעגאַטען זיינען געקומען פון באַלטימאָר, אונטער וועלכע עס האָבען זיך גע־פונען סעמיועל דאָרף און ב. ה. האַרטאָגענזים. שיקאַגאָ האָט געשיקט זעקס לייטע, דאַרונטער דר. אַלבערט פּ. קאַדיסאָן און לעאָן זאָלאָטקאָף, (געב. אין ווילנא, אַרום 1865; געק. 1887). צווישען דיא זיעבען דעלעגאַטען פון ניו יאָרק זיינען געוועזען דיא רוסישע אימיגראַנטען ניקאָלאַי אַליינִיקאָוו און פּ. קאַפּ־לאַן, און דער געבאָרענער אַמעריקאַנער פערדינאַנד ליוואַי (געב. אין מיל־וואָקי, וויסקאָנסין, 1843) וועלכער האָט מיט זיין פאָטער און צוויי ברידער געדיענט אין דיא יוניאָן־אַרמעע אין בירגער־קריעג, און האָט שפּעטער געהאַל־טען פערשיעדענע עמטער אין דיא שטאָדט ניו יאָרק און אין געזעלשאַפטליכע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען. דיא גרעסטע צאָהל איז זעלבסט־פערשטענדליך גע־ווען פון פילאַדעלפיא, צווישען איהרע פיער־און־פופציג דעלעגאַטען האָבען זיך געפונען פיעלע וואָהלבעקאַנטע לייטע פוןביידע עלעמענטען, וויא דער ערפינ־דער לואיס ע. ליוואַי (געב. אין בעהמען 1846); דר. סאָלאָמאָן סאָלים־קאָהען, אַ געבאָרענער פון פילאַדעלפיא; בערנהארד הערים, וועלכער איז ערוועהלט גע־וואָרן אַלס סעקרעטערי, און דר. חיים ספּיוואַק, (געב. אין קרעמענטשוג, רוסלאַנד, 1861; געק. 1882) וועלכער איז געוועזען דער פּאָרזיצענדער פון דיא צייטווייליגע אָרגאַניזאַציאָן.

אַ קאָנסטיטוציאָן איז אָנגענומען געוואָרן און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ שטענדיגע אָרגאַניזאַציאָן פון וועלכע אַ לאָקאַלער פילאַנטראָפּ, סיימאָן מיוהר, (געב. אין בייערן 1845; געש. אין פילאַדעלפיא, 1895) איז ערוועהלט געוואָרן פּרעזידענט; סיימאָן וואָלף, שאַצמייסטער; און בערנהארד הערים, סעקרע־טערי. דיא טראַסטיעס אָדער דירעקטאָרען וועלכע זיינען ערוועהלט געוואָרן האָבען צווישען זיך געהאַט, אַלס פערטרעטער פון ניו יאָרק, דעם כלל־טהוער דעניעל פּ. הייס, (געב. אין פלעזאַנטוויל, ניו יאָרק, 1854) און דעם ערציהער דר. הענרי מ. לייפּציגער, (געב. אין מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, 1854). ענטהו־זיאַזם איז ערוועקט געוואָרן אין מאַנכע שטעדט פאַר דעם פּלאַן "צו פעראייני־

גען אַלע אידען מיט דעם צוועק צו קענען בעסער קעמפּפען מיט דיא ערנסטע פּראָבלעמען וועלכע ענטשטעהען דורך געצוואונגענע אויסוואַנדערונג..." און איין־און־דרייסיג צווייג־אָרגאַניזאַציאָנען זיינען געגרינדעט געוואָרן אין פערשיעדענע טהיילען פון לאַנד.*) אָבער עס האָט זיך פון דעם גאַנצען פּלאַן גאָר נישט אויסגעלאָזען. אין פעברואַר 1892 איז דיא אידישע אַלליאַנס פערשמאָלצען געוואָרן מיט דיא "אַמעריקאַנישע קאָמיטע צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון דיא רוסישע פּליכטלינגע" וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין ניו יאָרק מיט דעם צוועק מבטל צו זיין דיא טהעטיגקייט פון דיא אַלליאַנס. ביידע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען באַלד פערגעסען געוואָרן, און דער היסטאָרישער ווערטה פון דיא אַלליאַנס בעשטעהט הויפּט־זעכליך אין דעם וואָס זיא איז געווען דער ערשטער אויסדרוק פון א וואונש וועלכער איז צום טהייל בעפריעדיגט געוואָרן מיט פופצעהן יאָהר שפּעטער אויף אַ גאַנץ אַנדער אופן דורך דיא גרינדונג פון דיא אַמעריקאַנישע אידישע קאָמיטע.

נייע פערפאָלגונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין רוסלאַנד דעם זעלבען יאָהר, וועלכע האָבען ניט אָנגענומען דיא סענסאַציאָנעלע פאָרם פון שלאַכטערייען אָדער רויב, אָבער וועלכע האָבען געווירקט אַזוי פיעל, אויב ניט נאָך מעהר, צו צווינגען אידען צו פערלאָזען דאָס לאַנד. אונבאַרמהערציגע אויסווייזונגען פון מאָסקוואַ און פון דערפער אין וועלכע אידען האָבען געוואָהנט פריעדליך מיט זייערע שכנים, האָבען געצוואונגען צעהנדליגע טויזענד אַרויסצופאָהרען אין אויסלאַנד, און אַזוי וויא פיעלע פון זיי האָבען שוין דאַן געהאַט פערוואַנדטע און פריינדע אין יונייטעד סטייטס איז עס געווען נאַטירליך אַז זיי זאָלען זיך ווענדען צו דיא נייע וועלט. דיא בעדינגונגען זיינען ווידער געווען גינסטיג צוליעב עטליכע טעמים. דער שטראָם פון אַלגעמיינע איינוואַנדערונג וואָס איז אַראָפּגעפאַלען פון 788,992 אין 1882 אויף 334,203 אין 1886 האָט אָנגעהויבען צוריק צו שטייגען און האָט עררייכט 455,302 אין 1890, איז אַרויף אויף 560,319 אין 1891 און אויף 623,084 אין 1892. זין דעם יאָהר וואָס האָט זיך געענדיגט דעם 30טען יוני 1893, וועלכער שליסט שוין אין זיך איין עטליכע מאָנאַט פון דיא שלעכטע צייטען וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין דעם פריהלינג פון יענעם יאָהר, איז דיא צאָהל אימיגראַנטען נאָך אַלץ געווען אַזוי הויך וויא 502,917. ערשט אין דיא פאָלגענדע צוועלף מאָנאַט, ווען עס זיינען געקומען נור 314,467 און אין 1895, ווען אימיגראַציאָן איז אַרונטער צו 279,948, דער ניעדריגסטער פונקט זייט 1879, האָט מען געקענט זעהן וויא וויים דער פּאַניק פון 1893 האָט אָפּגעהאַלטען לייטע פון פאָהרען אַהער.

---

*) זעה מאָראַיס, "דיא אידען פון פילאַדעלפיא", זייטע 142, און אויך "דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא אידישע אַלליאַנס פון אַמעריקא" פילאַדעלפיא 1891.

אויסער וואָס דיא אידען אין אַלגעמיין האָבען געמאַכט פּאָרשריט אין דיא צעהן יאָהר נאָך 1881, און זיינען געװען בעסער פעהיג צו העלפען דיא אָפּפער פון 1891 וויל זיי האָבען ענטדעקט זייער אייגענע שטאַרקייט און האָבען אויך געלערנט פון ערפאַהרונג אַז דער נייער עלעמענט קען זיך צופּאַסען מערקווירדיג שנעל צו נייע אומשטענדען; איז אויך צוגעקומען אַ נייע קראַפט וועלכע האָט מיטגעווירקט אין דיא אַרבייט פון העלפען אַ טהייל פון דיא ניי־געקומענע צו געפינען זייער וועג צו אַרבייט און צו אונאַבהיינגיגקייט. דער גרויסער אי־דישער פילאַנטראָפּ באַראָן מאָרים דע הירש, (געב. אין מינכען, בייערן, 1831; געש. אין אונגאַרן, 1896), האָט מיט אַ קורצע צייט פאַר דעם נייעם צו־וואַקס פון דיא איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד געשטיפטעט דעם באַראָן דע הירש פאָנד, מיט דעם צוועק צו פערבעסערען דיא לאַגע פון געוויסע אידישע אימיגראַנטען אין יונייטעד סטייטס. דער פאָנד, אויף וועלכען ער האָט לכתחלה געגעבען $2,400,000 (און וועלכער איז שפּעטער פערגרעסערט געוואָרן מיט נאָהענט פון נאָך אַ מיליאָן), איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אונטער דיא געזעץ פון סטייט ניו יאָרק דעם 12טען פעברואַר 1891, מיט דיא פאָלגענדע טראָסטיעס אָדער קוראַטאָרען: מ. ס. אייזאַקס, פּרעזידענט; דשייקאָב ה. שיף, (געב. אין פראַנק־פורט־אַם־מאַין, 1847; געק. 1865), שאַצמייסטער; דר. יוליוס גאָלדמאַן (וועל־כער איז שפּעטער געוואָרן דער פּרעזידענט) עהרען־סעקרעטער. דיא אַנדערע טראָסטיעס זיינען געוועזן: הענרי רייס, (געב. אין בייערן 1835; געק. 1850), וועלכער איז שפּעטער געוועזן פיעלע יאָהרען פּרעזידענט פון דיא יונייטעד היברו טשאַריטיס פון ניו יאָרק; דשיימס ה. האָפּמאַן און אָסקאַר ס. שטרויס (געב. אין דייטשלאַנד 1850; געק. 1854) פון ניו יאָרק, און מייער זולצבערגער, (געב. אין הילדעסהיים, באַדען, 1843; געק. 1848), און וויליאַם ב. האַקענבורג, (געב. אין פילאַדעלפיאַ 1837) פון פילאַדעלפיאַ. אַדאָלפוס ס. סאָלאָמאָנס, (געב. אין ניו יאָרק 1826; געש. אין וואַשינגטאָן 1910) איז געוועזן דער ערשטער גע־נעראַל־אַגענט. דיא איצטיגע טראָסטיעס זיינען: יודשין ס. בענדשעמין, פּרע־זידענט; דשייקאָב ה. שיף, וויצע־פּרעזידענט; מאָררי גוגענהיים, שאַצמייסטער; מאַקס דש. קאָהלער, עהרען־סעקרעטער; נייטהען בידשור, אברם דש. עלקוס, הענרי רייס, לואיס זיעגבערט, ס. דש. ראָזענבוים, אַלע פון ניו יאָרק; מייער זולצבערגער, וו. ב. האַקענבורג, און ס. ס. פליישער פון פילאַדעלפיאַ. ה. ל. סאַבסאָוויטש איז דער נאָכפאָלגער פון א. ס. סאָלאָמאָנס אַלס גענעראַל אַגענט.

דיא טראָסטיעס פון דעם פאָנד, וועלכער האָט אַ יעהרליכע איינאַהמע פון אונגעפעהר $125,000 האָבען אין אָנפאַנג געגעבען אויגענבליקליכע הילפע צו דיא פערוואָגעלטע אימיגראַנטען; אַ טהייל זיינען אויסגעלערנט געוואָרן צו אַרבייטען ביי פערשיעדענע בעשעפטיגונגען, בעזאָנדערס ביי קליידער־אַרבייט, כדי עס זאָל זיי זיין לייכטער צו פערדיענען זייער לעבענסמיטעל אין אַ קורצע

צייט. דער פאָנד האָט געטהיילט זיינע צדקה דורך דיא יונייטעד היברו טשאַריטיס פון ניו יאָרק, און ער גיט נאָך איצטער אויך געוויסע יעהרליכע סומען צו אַנשטאַלטען וואָס זייער הויפּט־אויפגאַבע איז צו העלפען אימיגראַנטען. פון אַנדערען זייט קריעגט דער פאָנד אליין שטיצע פון דיא "דשואיש קאָלאָניזיישען אַסאָסיאיישען" (יק"א, צו וועלכע באַראָן הירש האָט געלאָזען אַ גרויסען טהייל פון זיין פערמעגען) אין דיא אַרבייט וואָס ער טהוט דורך דען אידישען אַגריקולטור און אינדוסטריע פעראיין צו ערמוטהיגען ערד־אַרבייט און דורך דעם "אינדאָסטריעל רימואוועל אָפיס" צו העלפען אַרבייטער אַרויספאָהרען פון דיא געדיכט־בעפעלקערטע געגענדען, (ביידע לעצטע קערפּערשאַפטען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1900). ווען דער דרוק פון דיא פערגרעסערטע איינוואַנדערונג האָט אַ ביסעל נאָכגעלאָזען, האָבען דיא טראָסטיעס אָנגעהויבען אויסצואַרבייטען און דורכצופיהרען זייערע פּלענער פון ערציהונג און פון קאָלאָניזאַציאָן, טהוענדיג פיעל גוטעס מיט דיא פערשיעדענע פאָרמס פון טעכנישע און עלעמענטאַרישע אונטעררִיכט; אין דער זעלבער צייט זיינען געגרינדעט געוואָרן דיא קאָלאָניעס וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל, ביי וועלכע דער פאָרשריט איז ניט אַזוי שנעל צוליעב דיא פיעלע שוויריגקייטען וואָס ליעגען אין וועג פון דיא דורכפיהרונג פון אַזעלכע פּלענער.

דיא אידען פון אַמעריקאַ זיינען דערמיט געוועזען בעסער פאָרבערייטעט צו עמפּפאַנגען אַ גרויסע צאָהל אידישע אימיגראַנטען אין אָנפאַנג פון דעם לעצטען יאָהר־צעהנדליג פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, וויא זיי זיינען געוועזען מיט צעהן יאָהר פריהער. עס האָבען זיך אויך דיעזעס מאָל געפונען אַ קלענערע צאָהל און אַ קלענערער פּראָצענט הילפלאָזע צווישען דיא לייטע וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו קומען אַהער פון רוסלאַנד, ווייל דיא וואָס האָבען דאָרטען געלעבט אין דיא אינערליכע טהיילען פון לאַנד, אויסערהאַלב דיא "טשערטאַ", און וואָלטען דאָרטען געבליעבען ווען ניט דיא אויסווייזונגען, זיינען געווען מייסטענס טהעטיגע און ערפאָלגרייכע לייטע, און זיינען דעריבער געוועזען בעסער פעהיג זיך אליין צו פערזאָרגען וויא דיא לייטע וועלכע ווערען געצוואונגען אויס־צו־וואַנדערן ווייל זיי זיינען אָרעם אָדער ווייל זיי האָבען קיין בעשעפּטיגונג. פיעלע מעהר האָבען דאָ געפונען קרובים און פריינדע וויא אין 1881—82 און צווישען דיא וואָס זיינען שוין דאָ געוועזען איז אויך אַ גרעסערער טהייל געווען פעהיג צו העלפען דיא ניי־געקומענע וויא אין פריהערע צייטען. אין דער ווירקליכקייט האָט דיא אידישע איינוואַנדערונג פון דיא סלאַווישע לענדער באַלד נאָכדעם אָנגענומען דעם נאָרמאַלען כאַראַקטער וועלכען זיא האָט זייט דאַמאָלס, אויסער אין דיא יאָהרען נאָך דיא רציחות אין היינטיגען יאָהרהונדערט. דיא מייסטע לייטע קומען צו קרובים אָדער פּערזענליכע פריינדע וועלכע זיינען בערייט און פעהיג זיי צו העלפען צו געפינען זייער וועג.

א גרויסע מעהרהייט בעשטעהט פון פרויען און קינדער, פון עלטערן אדער אנ־דערע נאהענטע קרובים וועלכע קומען וויל מען האט געשיקט נאך זיי און וויל זייער ברויט־געבער אדער דער מיטגליעד פון פאמיליע וועלכער בעזיצט דיא מייסטע ענערגיע האט זיך שוין דא פריהער עטאבלירט און פערלאנגט זייער אנוועזענהייט אדער פיהלט זיכער אז זיי וועלען אין קורצען קענען זארגען פאר זיך אליין. דער הילפלאזער אידישער אימיגראנט וועלכער האט ניט וואו צו געהן און וואס צו טהאן ווען ער קומט אהער, איז איצטער גאנץ זעלטען, און איז שוין געווען זעלטען פאר דיא לעצטע צוואנציג יאהר.

דיא צאהל נייע אימיגראנטען וועלכע דארפען הילפע גלייך נאך זייער אנ־קומען איז געווארן אזא קליינע פראקציאן פון דיא גאנצע אידישע איינוואנ־דערונג, אז דיא לייטע וועלכע נעהמען אן אינטערעסע אין דעם שיקזאל פון דיא אידישע מאסען האבען אנגעפאנגען אויסצודריקען זייער מיינונג אז עס וואלט אפשר געווען גלייכער אז ארגאניזירטע וואהלטהעטיגקייט זאל אין גאנצען לאזען צופריעדען דיא אימיגראנטען. אין אנפאנג איז דיעזע מיינונג אויסגעשפראכען געווארן מייסטענס נור אין דיא אידישע פרעסע אדער אויף פערזאמלונגען פון איינגעוואנדערטע. אבער מיט דער צייט איז ניט נור געקומען א וויטערע פערבעסערונג אין דיא אלגעמיינע לאגע פון אידען און דיא צאהל פון הילפלאזע אימיגראנטען איז געווארן נאך קלענער; זאנדערן דיא שטימע פון דעם אי־מיגראנט־בירגער האט אויך אנגעהויבען צו האבען מעהר מאכט אין דיא אנגע־לעגענהייטען פון דיא אידישע געמיינדע. מען האט אנגעהויבען איינצוזעהן דיא דומהייט פון ארויסלאזען אויפרופען אין וועלכע דיא נויטה פון דיא איינ־געוואנדערטע איז איבערטריעבען געווארן; א גרויסע צאהל פון דיא אנגע־שטעלטע פון דיא וואהלטהעטיגע אנשטאלטען, און זאגאר מאנכע פון דיא דירעק־טארען, זיינען שוין איצטער געווען רוסישע אדער גאליציאנער אדער רומע־נישע אידען, מיט א נעהענטערע בעקאנטשאפט מיט דאס וואס דיעזע אי־מיגראנטען דארפען און וואס זיי דארפען ניט. א היבשער טהייל פון דיא אונצופריעדענהייט מיט הילפע וואס איז געגעבען געווארן מיט מעהר אויפ־זעהען וויא עס איז געווען נייטיג, איז איצטער בעזייטיגט געווארן אונטער דיא פערענדערטע בעדינגונגען, און עס איז פארבערייטעט געווארן דער גרונד פאר מיטווירקונג צווישען אלע עלעמענטען פון דיא גרויסע אידישע געמיינדע.

אין דער זעלבער צייט איז געגרינדעט געווארן דער אמעריקאניש־אידישער היסטארישער פעראיין, מיט דעם צוועק צו זאמלען און אויפבעוואהרען מא־טעריאל וואס האט א שייכות מיט דיא געשיכטע פון אידען אין אמעריקא. דאס קען אויך גענומען ווערען אלס א בעווייז אז דיא צייטען זיינען ווידער בעטראכטעט געווארן אלס נארמאל אין אידישען לאגער. דער פעראיין איז ארגאניזירט געווארן אין יוני 1892, מיט אסקאר ס. שטרויס אלס פרעזידענט,

און דר. סיירוס אדלער, (געב. אין ווען ביורען, ארקאנסאו, 1863) אלס סעקרעטערי. דער לעצטער איז איצטער (זייט 1899) פרעזידענט און אלבערט מ. פריעדענבערג און דר. הערבערט פריעדענוואלד זיינען סעקרעטערים. דער פעראיין האט ביז איצטער ארויסגעגעבען צוואנציג יעהרליכע בענדע פון זיינע "פאבליקיישענס" אדער פובליקאציאנען, וועלכע בילדען אן אונשעצבארע זאמלונג פון מאטעריאל איבער דעם געגענשטאנד, פון וועלכע פיעלעס איז גענוצט געווארן אין פערפערטיגען דיעזעם ווערק. דער פרעזידענט אוןביידע סעקרעטערע, וויא אויך דער קוראטאר, לעאן היהנער, און מאנכע פון דיא בעאמטע און מיטגליעדער פון עקזעקוטיוו־ראטה, וויא פראפעסאר ריטשארד דש. ה. גאטהייל פון קאלאמביא אוניווערזיטעט, פראפעסאר דשייקאב ה. האללאנדער, (געב. אין באלטימאר 1871), און מאקס דש. קאהלער זיינען צווישען דיא וויכטיגסטע מיטארבייטער וועלכע האבען בייגעטראגען אויפזעצע און מאנאגראפס איבער פערשיעדענע היסטארישע און ביאגראפישע געגענשטענדע פאר דיא פובליקאציאנען פון דעם פעראיין.

א צווייטער פעראיין מיט א געוויסע פערוואנדשאפט צום היסטארישען פעראיין, וועלכער אפעלירט צו א ברייטערעס פובליקום, דער אידישער פובליקאציאנס־פעראיין פון אמעריקא, (ארגאניזירט אין פילאדעלפיא, 1888; אינקארפארירט דארטען 1896) האט אויך אנגעהויבען צו ווערען פראמינענט אין יענער צייט. ער האט פערעפענטליכט צום פערטהיילען צו זיינע מיטגליעדער און אויך צום פערקויף צום אלגעמיינעם פובליקום אונגעפעהר זעכציג ביכער איבער פערשיעדענארטיגע געגענשטענדע, פון וועלכע מאנכע, וויא דיא ענגלישע אויסגאבע פון גרעץ'ס אידישע געשיכטע, שעכטער'ס "שטודיען אין יודענטהום" און דיא ערשטע ערצעהלונגען פון איזראעל זאנגוויל, האבען א הויכען ווערטה. מאריס ניובערגער, (געב. אין האהענצאלערן־זיגמארינגען, 1834; געק. 1854) איז געוועזן דער ערשטער פרעזידענט און האט געהאלטען דעם אמט פיערצעהן יאהר, ביז דער איצטיגער פרעזידענט, עדווין וואלף, איז געווארן זיין נאכפאלגער אין 1902. דער לייטענדער גייסט פון דיעזען פעראיין איז דער פארזיצענדער פון זיין פובליקאציאנס־קאמיטע, מייער זולצבערגער, דער בעריהמטער כלל־טהוער און ביכער־פריינד, וועלכער איז זייט 1895 א ריכטער אין איינע פון דיא העכערע געריכטען פון פילאדעלפיא. הענריעטע סאלד, סעקרעטערי פון דיעזער קאמיטע האט געטראן פיעל ניצליכע ארבייט אין איבערזעצען און פארבערייטען צום דרוק א היבשען טהייל פון דיא ווערקע וועלכע דער פעראיין האט ארויסגעגעבען.

דיעזער פעראיין איז דער דריטער פון דעם סארט וועלכער איז געגרינדעט געווארן אין אמעריקא. דער ערשטער וועלכער האט געהייסען דער אמעריקאניש־



סיידיע אַמעריקען

Miss Sadie American

Sadie American
1912

אידישער פובליקאַציאָנס־פעראיין איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אייזאַק ליעסער אין 1845, און אין דעם זעלבען יאָהר איז אויך אַ צווייג־פעראיין געגרינדעט געוואָרן אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע. ער האָט פערעפענטליכט פופצעהן ווערקע צווישען יענעם יאָהר און 1849; אָבער ער איז אונטערגעגאַנגען ווען זיינע ביכער און פּלאַטען זיינען צושטערט געוואָרן פון אַ שריפה אין 1851. דער צווייטער, דער אידישער פובליקאַציאָנס־פעראיין, איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק אין 1873, פון לעאָפּאָלד באַמבערגער, בענדשעמין י. האַרט, מייער שטערן, עדוואַרד מאָררִיסאָן און אייניגע אַנדערע פון ניו יאָרק, וויליאַם ב. האַקענבורג פון פילאַדעלפיא און סימאָן וואָלף פון וואַשינגטאָן. דיא ראַבינער גוסטאַוו גאָטטהייל, מאָזעס מיעלצינער, (געב. אין שובין, פּאָזען, 1828; געש. אין סינסינעטי, 1903, וואו ער איז געוועזן פּראָפעסאָר פון תלמוד אין היברו יוניאָן קאָלעדש זייט 1879, און ווייז'עס נאָכפאָלגער אַלס פּרעזידענט); מאַר־קוס יאַסטראָוו פון פילאַדעלפיא, און מאָריץ עללינגער, (געב. אין 1830; געק. 1854; געש. אין ניו יאָרק 1907), אַרויסגעבער פון דיא "מנורה" און פון דיא "דשואיש טיימס" האָבען געבילדעט זיין פובליקאַציאָנס־קאָמיטע. ער האָט עקזיסטירט נור צוויי יאָהר.

דיא אידישע "טשאַטאָקוואַ סאָסייעטי" "פאַר דיא פערשפּרייטונג פון קענטניס פון דיא אידישע רעליגיאָן דורך פּפלעגען דעם שטודיום פון איהר גע־שיכטע און ליטעראַטור, געבען פּאָפּולערע קורסען פון אונטעררִיכט, אַרויסגע־בען פובליקאַציאָנען, גרינדען לעזע־קרייזען, האַלטען אַלגעמיינע פערזאַמלונגען, און דורך אַנדערע מיטלען וועלכע וועלען פון צייט צו צייט געפונען ווערען אַלס נויטוועגדיג און פּאַסענד", איז אויך אַ פּראָדוקט פון דיעזע נייע פּעריאָדע פון גייסטיגע און ליטעראַרישע טהעטיגקייט אין דיא אַמעריקאַניש־אידישע וועלט. זיא איז געגרינדעט געוואָרן אין 1893 פון דר. העגרי בערקאָוויטץ, (געב. אין פּיטסבורג, פּענסילוועניע, 1857; זייט 1892 ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען רודף שלום פון פילאַדעלפיא) וועלכער איז נאָך איצטער איהר קאַנצלער. זיא האָט אַרום דריי טויזענד מיטגליעדער.

דיא וועלט־אויסשטעלונג וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין שיקאַגאָ אין 1893 האָט געגעבען דיא אידען אַ געלעגענהייט זיך צו בעטהייליגען אין דיעזע גרויסע פּאַסירונג אויף פערשיעדענע אופנים. וואָס זיי האָבען געטהאָן און וואָס זיי האָבען אויסגעשטעלט אַלס קינסטלער, וויסענשאַפטס־מענער, פאַבריקאַנטען און קויפלייטע, געהערט ניט צו דעם געגענשטאַנד פון דיעזעס ווערק וועלכע בעשעפטיגט זיך מייסטענס מיט אידישע אַנגעלעגענהייטען. אָבער זיי האָבען זיך בעטהייליגט אַלס אידען אין דעם וועלט־פּאַרליאַמענט פון רעליגיאָנען וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין שיקאַגאָ אין יענער צייט. צווישען דיא בע־זונדערע קאָנגרעסען פון איינציגע רעליגיאָנען פון וועלכע דער פּאַרליאַמענט איז

געוועזן צוזאַמענגעשטעלט, איז אויך געוועזן אַ קאָנגרעס פון אידישע פרויען, דער ערשטער פון דעם סאָרט וואָס איז ווען געהאַלטען געוואָרן. דיעזער קאָנגרעס האָט געהאַט אַלס פאָלגע דיא גרינדונג פון דעם נאַציאָנאַלען ראַטה אָדער "קאָונסיל" פון אידישע פרויען "צו בעפערדערען פעראייניגטע אָנשטריינגונג צו גונסטען פון יודענטהום דורך פערזאָרגען מיטלען צום שטודירען; דורך אַן אָרגאַנישע פעראייניגונג צו בריינגען נעהענטערע בעציהונגען צווישען אידישע פרויען; צו שאַפען מיטלען פאַר אַן אויסטויש פון געדאַנקען און פאַר בעסערע פערבינדונגען און צו אַרבייטען פאַר דיא אַלגעמיינע אינטערעסען; צו אַרבייטען צוזאַמען פאַר סאָציאַלע פערבעסערונג דורך רעליגיאָן, פילאַנטהראָפיע און ערציהונג." האַננאַה דש. סאַלאָמאָן און סיידיע אַמעריקען, פון וועלכע דיא ערשטע איז געוועזן פּאָרזיצענדע און דיא אַנדערע סעקרעטערי פון קאָנגרעס, זיינען ערוועהלט געוואָרן פאַר דיא זעלבע עמטער אין קאָונסיל. אין 1896 איז דאָס וואָרט "נאַציאָנאַל" אַראָפּגענומען געוואָרן פון דעם נאָמען, מען זאָל קענען אריינגעהמען אָפּטהיילונגען פון קענעדע. מיס אַמעריקען האַלט נאָך דיא שטעלע פון סעקרעטערי; דיא נאָכפאָלגערין פון מרס. סאַלאָמאָן אַלס פרעזידענט איז מרס. מאַריאָן ל. מיש, פון פראָווידענס, רהאָוד איילענד.

# קאַפּיטעל 32

## דיא אַרבייטער־בעוועגונג און דיא נייע ליטעראַרישע טהעטיגקייט.

דיא שוויריגקייט צו קריעגען פאַקטען און ציפער פאַר דיא געשיכטע פון דיא אַר־בייטער־בעוועגונג צווישען אידישע אימיגראַנטען — דשאהן ר. קאַממאָנס'ס כאַראַקטעריזירונג פון אַ אידישען אַרבייטער־יוניאָן — אַן אַרמעע אין וועלכע דיא אַנהייגער בייטען זיך שטענדיג און דיא פיהרער בלייבען דיא זעלבע — דיא בעוועגונג אונטער דיא קאָנטראָלע פון דיא ראַדיקאַלע פּרעסע — דיא פיה־רער אַלס זשורנאַליסטען און ליטעראַטען — זיי פּאָפּולאַריזירען דיא פּרעסע און זיינען דיא לעהרער פון עלעמענטאַרישע פּאָליטיק — דער שטים־געבער — דיא העפטען — דיא ניי־העברעאישע צייטשריפטען — דיא צרות פון דיא בעלי לשון קודש.

עס איז אונגעהייער שווער צו געבען אפילו בדרך כלל דיא הויפּט־שטריכען פון דיא אַרבייטער־בעוועגונג צווישען דיא איינגעוואַנדערטע אידען אין יונייטעד סטייטס, ווייל דיא מייסטע ציפער זיינען איבערטריעבען, דיא בעהויפּ־טונגען ניט צופערלעסיג, און עס איז שווער צו געפינען איינשטימיגקייט אפילו צווישען דיא פריינדע פון דיא בעוועגונג. דער רוסישער איד אין אַמעריקאַ, אַזוי וויא דער רוס אליין אין דער היים האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט פאַנאַנ־דערצושיידען טרייד־יוניאָניזם פון פּאָליטיק; זיין אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן איז ענטוועדער אָרגאַניזירט און פערוואַלטעט פון סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרס און פּאָליטיקער און ווערט צום סוף צושפּאָלטען פון אינוועניג דורך דיא אונענדליכע מלחמות צווישען דיא פערשיעדענע אַבטהיילונגען פון דיא סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי; אָדער אויב זיא איז ניט סאָציאַליסטיש און דיא מאַשינעריע פון איהר אָרגאַניזאַציאָן קען ניט בענוצט ווערען פאַר דעם נוצען פון דיא פּאַרטיי, אָדער פון איינע פון דיא סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווערט זיא בעקעמפּפט און אָפט רואינירט דורך אָפּענע געגנערשאַפט, אָדער דורך פערנאַכלעסיגונג. אַזוי קומט עס דאָס אַזוי לאַנג וויא אַן אַרבייטער־יוניאָן איז שפּעציעל אידיש, דאָס הייסט אַזוי לאַנג ווי ער אונטערשיידעט זיך פון אַן אַמעריקאַנישען יוניאָן דערמיט וואָס ער איז מעהר פּאָליטיש און איז מעהר פעראינטערעסירט אין דיא אַלגעמיינע מלחמה געגען קאַפּיטאַל, איז זיין עקזיסטענץ אונזיכער. דיא קליינע צאָהל

יוניאָנס וואָס זייערע מיטגליעדער זיינען אויסשליסליך אידישע אימיגראַנטען און זיינען שטרענגע טרייד־יוניאָנס, וועלכע ערלויבען זייערע מיטגליעדער צו האָבען אייגענע פּאָליטישע אַנזיכטען אָדער נייגונגען, זיינען געוועהנליך פערבונדען מיט אַמעריקאַנישע צענטראַלע אַרבייטער־קערפּערשאַפטען, און זיי געהערען גיכער צו די געשיכטע פון די אַלגעמיינע אַרבייטער־בעוועגונג פון לאַנד וויא צו אַ ווערק וועלכעס בעשעפטיגט זיך מיט אידען בעזונדער.

אָבער דער ראַדיקאַליזם פון דעם אידישען אַרבייטער אַלס אַזעלכען, און דער ראַדיקאַליזם פון דעם יוניאָן אין וועלכען ער טרעט אַריין און האַלט אויף, איז וויא דער ראַדיקאַליזם פון דעם אידישען אַרבייטער אין אַלגעמיין און וויא זיין וואָהנונג אין די טענעמענט־הייזער: אַ פּאַראיבערגעהענדער צוג וועלכער זעהט אויס שטענדיג נור ווייל ניי־אָנגעקומענע פערנעהמען נאָך אַנאַנד דעם פּלאַץ פון די וואָס טרעטען אַרויס ווייל זייער מאַטעריעלע און גייסטיגע לאַגע האָט זיך פערבעסערט. אייזאַק א. הורוויץ (געב. אין ווילנאַ, 1860; געק. 1892), דער עקאָנאָמיסט און סטאַטיסטיקער, ווען ער האָט געמאַכט דעם פערזוך צו געבען אַן איבערבליק איבער די אידישע אַרבייטער־בעוועגונג דאָ אין לאַנד, האָט נישט געפונען קיין בעסערען וועג וויא צו ציטירען די פאָלגענדע כאַראַקטעריזירונג פון די פעדער פון אַן אַנערקענטען שפּעציאַליסט איבער דעם געגענשטאַנד:

דעם אידען'ס בעגריף פון אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן איז מעהר פון אַ הענדלער וויא פון אַן אַרבייטער. ווען עס קומען פאַר מיסברויכע צווישען די אידישע אַרבייטער אין די פאַבריקאַציאָן פון קליידער, קומען זיי אַלע צוזאַמען אין ריעזיגען יוניאָן און פאַנגען גלייך אָן אַ סטרייק. זיי נעהמען אַריין 95 פּראָצענט פון די גאַנצע בעשעפטיגונג. זיי זיינען ענערגיש און ענטשלאָסען. זיי פאָדערען מען זאָל בעזייטיגען דעם גאַנצען מיסברויך און פון איהם פאָלשטענדיג בעפרייט ווערען: די פאָדערונג איז כמעט אימער איינשטימיג, און זיא ווערט געמאַכט מיט ענטהוזיאַזם און מיט ביטערקייט. זיי בלייבען סטרייקען אַ לאַנגע צייט, אָפטמאָל אפילו ווען זיי ליידען דערביי זעהר פיעל. אין דער צייט פון אַ סטרייק געפינט מען ביי זיי פיעלע וועלכע האָבען ניט פון וואַנען צו לעבען און זייערע פאַמיליען ליידען נויטה, דאָך האַלטען זיי זיך פעסט און ערקלערען אין די גאַסען און אין זייערע פערזאַמלונגס־פּלעצער, אַז דער גרויסער קאַמפּף מוז געוואונען ווערען אום יעדען פּרייז. אָבער אַזוי שנעל וויא דער סטרייק איז געענדיגט, צו זייערע גונסטען אָדער געגען זיי, זיינען זיי צופריעדען מיט די אַרבייט וואָס זיי האָבען אויפגעטהאָן, און דאָס איז געוועהנליך דאָס ענדע פון יוניאָן, ווייל זיי זעהען ניט איין דעם פּראַקטישען נוצען פון אַ יוניאָן ווען עס איז ניטאָ פאַר וואָס צו קעמפּפען. דעריבער איז די מיטגליעדער־צאָהל פון אַ אידישען יוניאָן אין גאַנצען אונגעוויס. די ביכער פון סעקרעטערי קענען ווייזען 60,000 מיטגליעדער אין איין מאָנאַט, און ווייניגער וויא פינף טויזענד

דריי מאָנאַט שפּעטער. אויב עס מאַכט זיך אַז אַ לאָקאַלער צווייג האָט שטענדיג טויזענד מיטגליעדער, און אויב זיי זיינען ווירקליך צאָהלענדע מיטגליעדער, איז וואַהרשיינליך אַז דאָס זיינען ניט דיא זעלבע מיטגליעדער פון דעם פריהעריגען יאָהר.*)

דיעזעס, מיט געוויסע מאָדיפיצירונגען וואָס פּאַסען זיך צו דער צייט און צום פּלאַץ, איז דיא געשיכטע פון כמעט יעדען טרייד־יוניאָן ביי אידישע אי־מיגראַנטען פון דיא סלאַווישע לענדער פון דעם ערשטען יוניאָן וואָס אי־דישע שניידער האָבען אָרגאַניזירט אין ניו יאָרק אין 1877, דורך דער צייט פון דעם גרויסען סטרייק אין דיא קליידער־אינדוסטריע אין דער זעלבער שטאָדט אין 1890, דעם נאָך גרעסערען סטרייק פון דעם זעלבען סאָרט אין 1894, ביז דעם גרויסען סטרייק פון דיא וועיסט־מאַכער אין 1909, און דיא גרויסע סטרייקס אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, און קליוולענד אין 1910 און 1911. דיא פיהרערשאַפט איז כמעט געבליעבען אין דיא זעלבע הענד זייט אַ פיערטעל יאָהר־הונדערט. אברהם קאַהאַן, (געב. אין פּאָדברעזיע, ביי ווילנא, 1860 ; געק. 1882), וועלכער איז געווען דער ערשטער צו האַלטען סאָציאַליסטישע רעדעס אין יונייטעד סטייטס, איז נאָך איצטער פּראַקטיש אַן דער שפּיצע פון דיא בעוועגונג צווישען זיינע לאַנדסלייט. מאָרים הילקוויט, (געב. אין ריגאַ, רוסלאַנד, 1870; געק. 1887), האָט אָנגעפאַנגען זיין טהעטיגקייט אַלס סאָציאַליסטישער פיהרער צווישען דיא אימיגראַנטען נאָך איידער ער איז געוואָרן פול־יעהריג, און איז איצט אַן אַנערקענטער פיהרער פון דיא סאָציאַליסטען פון לאַנד, און איז אויך דער פערפאַסער פון אַ געשיכטע פון סאָציאַליזם אין יונייטעד סטייטס. יאָזעף באַראָנדעס, (געב. אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, 1867 ; געק. 1885), דער פיהרער פון דעם צווייטען גרויסען מאַנטעל־מאַכער־סטרייק, וועלכער איז איצטער אַ כלל טהוער און ציוניסטישער פיהרער, ווערט נאָך אימער בעטראַכטעט אַלס אַ פערטרעטער פון דיא אידישע אַרבייטער־קלאַסען אין ניו יאָרק. דיא זעלבע בעדינגונגען הערשען אויך אין אַנדערע גרויסע שטעדט ; נור דאָרטען האָט זיך דיא בעוועגונג אָנגעפאַנגען אַביסעל שפּעטער, און דיא לאָקאַלע פיהרער זיי־נען זעלטען געוואָרען פּראָמינענט אפילו אויף'ן פּלאַץ. דאָס קומט דערפון וואָס די בעוועגונג איז מעהר ווי אַלעס אַ צייטונגס־בעוועגונג, און דיא לייטע וועלכע קאָנ־טראָלירען דיא אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע אין ניו יאָרק בעהערשען דיא סיטואַציאָן אין יעדען מיטעל־פּונקט פון בעפעלקערונג וואו עס איז דאָ אַן אַרבייטער־בעוועגונג צווישען אידישע אימיגראַנטען.

אַזוי וויא דיא ראַדיקאַלע פּרעסע איז דאָס מיטעל מיט וועלכע דיא אונ־

*) דשאָהן ר. קאָממאָנס, אין זיין בעריכט איבער "אימיגראַציאָן און איהרע עקאָ־נאָמישע רעזולטאַטען", ציטירט אין דעם אַרטיקעל "טרייד־יוניאָניזם" אין 12טען באַנד פון דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע.

זיכערע און מייסטענס צייט־ווייליגע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען ווערען קאָנטראָלירט, האָט זיא אויך געשפּיעלט אַ פיעל וויכטיגערע ראָלע אין דיא גאַנצע אידישע אַרבייטער־בעוועגונג וויא דיא אַלגעמיינע אַרבייטער־פּרעסע האָט געשפּיעלט אין דיא שטאַרקערע און מעהר דויערהאַפטע אַמעריקאַנישע אַרבייטער־בעוועגונג. דאָס איז ווידער צוליעב איהר פּאָליטישען ראַדיקאַליזם, וועלכער אַפּעלירט צו אַ גרויסען קרייז לעזער וועלכע זיינען קיינע טריידס־יוניאָן־אַרבייטער און אפילו קיינע סאָציאַליסטען. אין דיא לעצטע פאָרם פון איהר ענטוויקלונג איז דיא אידישע ראַדיקאַלע פּרעסע געוואָרן אַ סענסאַציאָנעלע נאַכמיטאַגס־צייטונג, וועלכע איז נור עטוואָס "רויטער" וויא דיא ענגלישע צייטונג פון דעם זעלבען סאָרט. דער איבער־געוויכט פון דיא ליטעראַרישע זייטע פון דער בעוועגונג האָט געהאַט דעם רעזולטאַט וועלכען מען האָט געקענט ערוואַרטען: זיא האָט פּראָדוצירט בעסערע שרייבער וויא אַרבייטער־פיהרער, בעסערע ליטעראַרישע קינסטלער וויא שפּעציאַליסטען אין אָרגאַניזאַציאָן אָדער דיסציפּלין. חאָטש דיא מייסטע ראַדיקאַלע צייטשריפטען זיינען אויך פריהער אָדער שפּעטער אונטערגעגאַנגען, האָבען זיי דאָך געלאָזען אַ מעהר דויערהאַפטען איינדרוק אויף דיא ענטוויקלונג פון דעם אימיגראַנט וויא דיא עקסטרעמע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען. אין דיעזעם שפּיעגלען זיך אויך אָפּ דיא רוסישע אומשטענדען: דאָרטען איז אויך דיא אַרבייטער־בעוועגונג כמעט אין גאַנצען אין דיא הענד פון דיא "אינטעליגענץ" אָדער דיא געלערנטע קלאַסען, חאָטש צוליעב אַ גאַנץ אַנדער אורזאַכע, ווייל דיא מייסטע אַרבייטער קענען ניט שרייבען אָדער לעזען. דאָ איז יעדער אידישער אַרבייטער־פיהרער אַ זשורנאַליסט אָדער אַ פערפאַסער, אָפט ביידעס; און זיי געהערען מעהר פּאַסענד צו דיא קאַפּיטלען אין וועלכע דיא אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ וועט ווערען בעהאַנדעלט.

דער אַגיטאַטאָר צווישען דיא אימיגראַנטען האָט אויך אויפגעטהאָן עטוואָס אַנדערעס וואָס איז געווען זעהר ניצליך, אויסער וואָס ער האָט געהאָלפען ענטוויקלען און פּאָפּולאַריזירען דיא אידישע פּרעסע. דער דורכשניטליכער אַרבייטער־אימיגראַנט פון רוסלאַנד האָט געוואוסט זעהר ווייניג פון צייטונגען, חאָטש כמעט יעדער האָט געקענט לעזען זיין מוטער־שפּראַך, אידיש. דיא רוסישע רעגירונג האָט אין יענער צייט ניט ערלויבט צו דרוקען קיין אידישע צייטונגען פאַר דיא מאַסען, און מיר געפינען דאָרטען צום ביישפּיעל אין יאָהר 1886 דריי טעגליכע צייטונגען אין לשון קודש וואָס ווערט פערשטאַנען נור פון דיא בעסער־ערצויגענע קלאַסען, און קיין איינציגע אין אידיש. אָבער וויא ווייניג דער אימיגראַנט האָט געוואוסט פון צייטונגען, האָט ער געוואוסט נאָך ווייניגער, אָדער איבערהויפּט גאָר נישט, פון פּאָליטיק. דיא ערקלערונגען פון דיא צוועקען פון דיא איינציגע פּאַרטיי פאַר וועלכע דער אַגיטאַטאָר האָט איהם

געוואָלט געווינען, האָבען געמוזט ערקלערט ווערען דורך אַן איינלייטונג איבער דעם כּאַראַקטער און דיא אויפגאַבען פון פּאַרטייען אין אַלגעמיין, איבער זייער ניצליכקייט אַלס אַ מיטעל איינצופיהרען רעפאָרמס, און זייער מאַכט דורכצופיהרען זייער פּראָגראַם ווען אַן ערפאָלגרייכע וואַהל גיט אריין דיא רעגירונג אין זייערע הענד. דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר איז דערמיט געוואָרן דער ערשטער פּאָפּולערער לעהרער פון סיוויקס אָדער רעגירונגס־וויסענשאַפט, און ער איז אויך געווען זעהר טהעטיג אין דיא אַרבייט פון נאַטוראַליזירען זיינע אַנהיינגער. ער האָט געוואָלט אַז דער אימיגראַנט־אַרבייטער זאָל ווערען אַ בירגער און זאָל מיט זיינע שטימען אויפבויען דיא סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועלכע דער היעגער געבאָרענער אַרבייטער האָט אַזוי וועניג אַנערקענט.

אָבער דיא גרויסע מעהרהייט פון דיא אידישע אַרבייטער זיינען שוין געווען זאַט מיט סאָציאַליזם ווען עס איז געקומען פאַר זיי דיא צייט צו קענען ווערען סיטיזענס, דיא צאָהל שטימען פון דער פּאַרטיי איז דעריבער געוואַקסען זעהר לאַנגזאַם אין דיא אידישע נאַכבאַרשאַפטען, און אַזוי וויא דער אויבענדערמאָנטער פאַל פון דיא יוניאָנס, זיינען עס ניט געווען דיא זעלבע פון איין יאָהר צום אַנדערען. אין דער צייט וואָס דיא אידישע בעפעלקערונג איז געוואַקסען זעהר שנעל אין געוויסע טהיילען פון ניו יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעדט, און דיא צאָהל ניט־אידישע אָדער ניט־אימיגראַנטען שטים־געבער איז געוואָרן קליין אָדער איז אין גאַנצען פערשוואונדען; איז די צאָהל סאָציאַליסטישע שטימען געשטיעגען און געפאַלען און איז קיינמאָל ניט געוואָרן אַ מעהרהייט אין איינע פון דיא אידישע דיסטריקטען. דיא פיהרערס האָבען געפּרעדיגט אַז אַלע גוטע געלעגענהייטען זיינען שוין אַוועק און אַלע וועגען צו שטייגען זיינען שוין פערשלאָסען פאַר דעם אָרעמאַן; אָבער אין דער זעלבען צייט האָט יעדער פון זייערע נאָכפאָלגער געקעמפּפט זיך אויפצוהויבען אויף אַ העכערע מדרגה. ווען איינער איז געוואָרן אַמעריקאַניזירט האָט עס געמיינט אַז ער האָט אויפגעהערט צו האָבען עקסטרעמע אַנזיכטען איבער אירגענד וועלכען געגענשטאַנד, און דער נאַטוראַליזירטער אימיגראַנט, אפילו ווען ער איז געבליעבען אַן אַרבייטער, האָט אין קורצען אָנגעהויבען צו שטימען פאַר איינע פון דיא צוויי גרויסע אַמעריקאַנישע פּאַרטייען. עס איז נאָך ביי איהם געבליעבען אַ נייגונג צו ראַדיקאַלען רעפאָרם, ווייל דער רוסישער גייסט איז גענייגט צו טהעאָריזירען; אָבער איצטער געהט ער זעלטען ווייטער וויא צו שטיצען אַן אַמעריקאַנישען רעפאָרמער, אָדער אריינצוטרעטען אין איינע פון דיא בעוועגונגען פון דיא בעסערע עלעמענטען צו פערבעסערען דיא שטאָדט־רעגיערונגען. אָבער אַזוי וויא דער אַמעריקאַנישער רעפאָרם־עלעמענט, ווען ער קריגט דיא מאַכט אין דיא הענד, נעהמט זיך געוועהנליך דורכצופיהרען שטרענג דיא זאָנטאַגס־געזעץ און גרייפט אָן אַנדערע פּערזענליכע פריהייטען אויף אַן אופן וואָס מאַכט

דעם איינדרוק פון פערפאַלגונג, פעראייניגט זיך דער אידישער אימיגראַנט מיט־טענס מיט דיא אַנדערע ענטטוישטע קלאַסען און העלפט אַז דיא רעפאָרמערס זאָלען דורכפאַלען ביי דיא פאָלגענדע וואַהלען.

מען האָט זיך אויך ביסלאַך־וויז אַנגעהויבען אָפּצוקעהרען פון דיא טרוקענע און איינטעניגע ליטעראַטור פון יענער פעריאָדע, וועלכעס איז געווען אַ טהייל פון זיך אָפּקעהרען פון דיא פּאָליטיק וואָס זוכט איבערצוקעהרען דיא וועלט. אין איין פונקט איז דיא ענדערונג אין דעם ליטעראַרישען געשמאַק אָדער דיא פּאָדערונג פון אידיש־לעזענדען פּובליקום געווען אַ געוואַלטיגע, און קען בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ מין רעוואָלוציאָן געגען דעם פערדאַרטען וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. דער ערשטער פערזוך צו דרוקען סענסאַציאָנעלע ערצעהלונגען אין וועכענטליכע אָדער האַלב־וועכענטליכע פּאָרטזעצונגען, אָדער העפטען, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין ניו יאָרק אַרום 1890, איז געווען אַן אויסעראָרדענטליכער ערפּאָלג, דיא צאָהל פון אַזעלכע ערשיינונגען איז פיעלפאַך פערדאָפּעלט געוואָרן, און זיי האָבען געהאַט אַ גרויסען אָפּגאַנג אין אַנדערע שטעדט אַזוי גוט וויא אין ניו יאָרק. דיא צייטונגען האָבען געפיהלט דיא נייע געפאַהר, אָבער זיי האָבען זיך געראַטעט און צו דערזעלבען צייט זיך נוקם געווען דורך דעם וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו דרוקען איינעם, צוויי און מאַנכמאָל דריי ראָמאַנען אין טעגליכע אָדער וועכענטליכע פּאָרטזעצונגען. דיעזעס האָט צום סוף רואינירט דעם געשעפט פון דיא העפטען.

דיא משכילים אָדער העברעאיסטען מיט אַ דייטשע אויסבילדונג וועלכע זיינען פערדונקעלט געוואָרן פון דיא הערשאַפט פון דיא ראַדיקאַלע אין אַנפאַנג פון דיא "רוסישע פעריאָדע", האָבען אין דיעזער צייט אויך אָנגעהויבען צו קומען צוריק אין פאָדער־גרונד. דיא צאָהל אידען וואָס קענען לעזען העברעאיש איז שנעל געוואַקסען, דיא פּראָפּאָרציאָן אינטעליגענטע און גוט־ערצויגענע איז געווען פיעל גרעסער אונטער דיא וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו עמיגרירען וויא אונטער דיא פריהעריגע אימיגראַנטען. בעקאַנטע העברעאישע געלעהרטע וועלכע זיינען אַריבער געקומען אַהער אין דיעזער פעריאָדע האָבען אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען העברעאישע צייטונגען, און חאָטש קיינע פון יענע צייטשריפטען איז געבליבען לעבען, האָבען מאַנכע פון זיי עקזיסטירט מעהרערע יאָהרען, און האָבען געהאַט אַ געוויסען איינפלוס. אויסער דעם האָבען זיי בייגעטראָגען צו ענטוויקלען דיא טאַלענטען פון נייע שרייבער, און האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ ניי־העברעאישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ וועלכע פּראָגרעסירט לאַנגזאַם אָבער זיכער.

איינער פון דיא ערשטע העברעאישע רעדאַקטאָרען פון דיא נייע פעריאָדע איז געווען אפרים דיינאַרד, (געב. אין קורלאַנד, 1846 ; געק. 1888), דער פערפאַסער און רייזענדער. ער האָט געגרינדעט דעם וועכענטליכען "הלאומי" אין

ניו יאָרק אין 1889, וועלכער האָט עקזיסטירט אונגעפעהר צוויי יאָהר. אַן אַנדער פערפאַסער און רייזענדער, וואָלף שור, (געב. אין אוטיאַן, רוסלאַנד, 1844; געש. אין שיקאַגאָ, 1910), האָט געגרינדעט זיין וועכענטליכע "הפסגה" וועלכע איז ערשיענען אין ניו יאָרק און באַלטימאָר אין דיא יאָהרען 94—1890 און אין שיקאַגאָ אין 1900—1897. דער "העברי" וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען פון כתריאל צבי שרהזאָהן איז רעדאַקטירט געוואָרען פון גרשון ראָזענצוויג (געב. אין קאַראַטשין, גראָדנער גובערניע, 1861; געק. 1888), אין דער צייט וואָס ער האָט עקזיסטירט, פון 1892 ביז 1898. פון דיא העברעאישע מאָנאַטליכע צייטונגען פון יענער צייט פערדיענט דערמאָנט צו ווערען נור דער "נר המערבי" וועלכער איז ערשיענען אין 97—1895, פון וועלכען דער ערשטער רעדאַקטאָר איז געוועזען אברהם ח. ראָזענבערג, (געב. אין פינסק, 1838; געק. אין 1891), און דער צווייטער ש. ב. שוואַרצבערג.

אין איין הינזיכט האָבען דיא העברעאישע און דיא אידישע שרייבער זיך געראַנגעלט מיט דיא זעלבע שוויריגקייטען, זיך צו מאַכען פערשטענדליך פאַר אַזאַ גרויסע צאָהל לעזער וויא מעגליך. דיא מעטהאָדע וועלכע האָט דאַן גע־הערשט אין רוסלאַנד צו שרייבען אַזוי שווער און אונפערשטענדליך וויא מעגליך כדי דער הויך־אינטעליגענטער לעזער — יעדער לעזער האָט זיך דאַן בעטראַכ־טעט אַלס אַזעלכער — זאָל קענען שטאָלצירען אַז נור ער קען פערשטעהן וואָס מען שרייבט, האָט ניט געקענט צוציהען לעזער דאָ אַזוי וויא אין אַ פּלאַץ וואו דאָס געדרוקטע וואָרט איז געוועזען אַזוי זעלטען אַז דאָס פּובליקום האָט פער־שלונגען אַלעס וואָס איז ערשיענען. אָבער דער העברעאישער שרייבער איז גע־קומען אָהער מיט אַ סטיל וואָס קען בעצייכענט ווערען אַלס אַריסטאָקראַטיש, און דער אידישער שרייבער, וועלכער האָט דאָ געמוזט אָנהויבען אַלעס פון אָנהויב, האָט כמעט אין גאַנצען ניט געהאַט קיין סטיל. אַלעס איז געגאַנגען זעהר לייכט אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט צו דיא אַרבייט פון דעם אַגיטאַ־טאָר; אַנקלאַגען און בעשולדיגונגען זיינען אימער גרינג צו פערשטעהן און דאָס איז איינע פון דיא אורזאַכען פאַר וואָס דער עולם הערט זיי אַזוי גערן. אָבער ווען עס איז געקומען צו דיא טהיילען פון דער אַרבייט וואו דער שרייבער האָט געוואָלט בעשרייבען אָדער ערקלערען, בעזאָנדערס אין דיא וויסענשאַפט־ליכע אָדער האַלב־וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען וועלכע אַ פּובליקום אָהן אַ סיס־טעמאַטישע ערציהונג לעזט אַזוי פלייסיג, איז דיא שפּראַכע פון דיא מייסטע שרייבערס געוועזען ניט גענינגענד אָדער שווער צו פערשטעהן.

דעריבער האָט עס פּאַסירט אַז כאָטש דיא מייסטע אידישע צייטשריפטען פון יענער צייט האָבען געאַרבייט, מאַנכע פון זיי זעהר היציג, פאַר געוויסע פּרינ־ציפּען, אָדער האָבען געפיהרט געוויסע בעוועגונגען; זיינען דיא ערשטע רע־פּוטאַציאָנען געמאַכט געוואָרען ביי סטיליסטען וועלכע זיינען ניט געוועזען שטאַרק

אריינגעטהאָן אין בעוועגונגען. די גרעסטע פּאָפּולאריטעט צווישען די לע־זענדע מאסען האט געקריגען אבנר טאַנענבוים,( געב. אין שירווינט, רוסלאנד, 1848 ; געק. אין 1887), וועמען'ס קלאָרעס שרייבען, סאי אלס פערפאסער פון אידישע "העפטען" וועלכע האָבען זיך מיט איהם אָנגעפאנגען, סאי אין זיין ליעבלינגס־געגענשטאנד, פּאָפּולערע וויסענשאפט, עס איז איינפאך געווען אונמעגליך ניט צו פערשטעהן. געציל זעליקאָוויץ, (געב. אין ריטעווע, קאָוונער גובערניע, 1863 ; געק. 1887) א שפּראך־קענער און א גוטער העברעאישער סטיליסט, איז נאך א שרייבער וועמען יעדער האט לייכט פערשטאנען, און וועלכער איז געוואָרען פּאָפּולער ביי א פּובליקום צו וועמען אידישע פעריאָדישע ליטעראַטור איז דאָ צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע ארונטערגעבראכט געוואָרען. נחום מאיר שייקעוויטש, (שמ"ר, געב. אין ניעשוויז, מינסקער גו־בערניע, 1849 ; געק. 1888 ; געש. אין ניו יאָרק 1905), דער פערפאסער פון ערצעהלונגען און דראמען, האט אויך אפּעלירט צו די מאסען מיט זיין לייכ־טען פליסענדען סטיל, און איז דאָ געווען בעליעבט ביי די זעלבע קלאסען וועל־כע האָבען געלעזען זיינע ווערקע און געזעהן זיינע שטיקער אין די אלטע וועלט.

די אנערקענונג וואס דיעזע שריפטשטעלער האָבען דאָ געקריגען, האָטש קיינער פון זיי איז געווען אן אגיטאַטאָר אָדער אפילו א פּארטיי־מאַן, בעווייזט דאָס אפילו אין די צייטען ווען עס האט אויסגעזעהן אז די נאכבארשאפטען פון אידישע אימיגראנטען האָבען געקאָכט מיט אגיטאציאָנען און בעוועגונגען, איז די גרויסע מאסע אין זיי ניט געווען שטאַרק פעראינטערעסירט ; האָטש די נייגיעריגע האָבען אָנגעפילט די גרויסע פערזאמלונגס־פּלעצער, און פיעלע וועלכע זיינען נאך ניט געווען זיכער מיט זייער ניי־געפונענע פרייהייט זיינען געווען גענייגט איהר צו שטעלען אויף פּראָבע דורך א מארש אָדער דורך אן אנ־דער פאָרם פון דעמאָנסטראציאָן וועלכע איז פערבאָטען אין די אלטע היי־מאט. מאנכע שרייבער, פון דער אנדערען זייט, האָבען געפאָלגט די רוסישע מאָדע פון שטעלען די פּרינציפּען וועלכע זיי האָבען פּראָפּאגאנדירט העכער פאר די קונסט ; זייערע הייפּאלאך אנהייגער האָבען זיי בעטראכטעט אלס גרויסע זשעניען, אָבער זיי האָבען געהאט א פיעל קלענערעס פּובליקום וויא די אויבען־דערמאָנטע ליטעראַטען.

די העברעאישע שרייבער, וועלכע זיינען בעאיינפלוסט דורך זייער ער־ציהונג און זייערע נייגונגען זיך צו האלטען אביסעל וויטער פון זייער איי־גענעם פּובליקום, האָבען נאך ביז היינט ניט פערענטפערט די גרויסע פראגע פון סטיל. דיעזעס ערקלערט דעם מערקווירדיגען פאקט אז זייער פעריאָדישע לי־טעראַטור איז אין גאנצען פערשוואונדען אין די צוואנציג יאָהר אין וועלכע זייער מעגליכעס פּובליקום איז געוואָרען כמעט צעהן מאָל אזוי גרויס. מאנכע פון

דיא בעסט בעוואוסטע העברעאישע ליטעראַטען פון דיא אַלטע וועלט זיינען אריבער געקומען אַהער זייט דער צייט פון דיא גרינדונג פון דיא נייע־העברעאישע צייטשריפטען וועלכע זיינען אויבען דערמאָנט געוואָרן: לייטע וויא דער פּאָעט מנחם מענדעל דאָליצקי, (געב. אין ביאַליסטאָק, 1856; געק. 1892); דער מפרש אברהם דוב דובזעוויץ, (געב. אין פּינסק, 1843; געק. 1891; געש. אין ניו יאָרק 1900); דער פילאָזאָף יוסף ליב זאָסניץ, (געב. אין בירז, 1837; געק. 1891; געש. אין ניו יאָרק 1910); דער מדקדק משה הכהן רייכערסאָן, (געב. אין ווילנא 1827; געק. 1890; געש. אין ניו יאָרק 1903); און דער בלאָנדזשענדער שטערן פון דיא העברעאישע ליטעראַטור, נפתלי הערץ אימבער, (געב. אין זלאָטשאָוו, גאַליציען, 1856; געק. אַרום 1892; געש. אין ניו יאָרק, 1909). אָבער ניט זיי און ניט דיא אַנדערע ווענינער בעריהמטע וועלכע וואָלטען אפשר געקענט מעהר פּראָדוצירען אונטער גינסטיגערע אומשטענדען האָבען געקענט עטוואָס אויפטהאָן אפילו אין יענע צווייגען פון דיא זשורנאַליסטישע ליטעראַטור אין וועלכע אידיש איז ניט אַריינגעקומען. זיי זיינען ניט געווען אין גאַנצען לעבעדיג, און מאַנכע רעזולטאַטען פון זייער ליטעראַרישע אַרבייט וועלען דערמאָנט ווערען אויף דעם פּאַסענדען פּלאַץ אין אַ וועיטערען טהייל פון דיעזעם ווערק. אָבער זיי האָבען דאָ ניט בעאיינפלוסט דעם אידישען גייסט און האָבען ניט בייגעטראָגען צו דיא אַלגעמיינע גייסטיגע ענטוויקלונג פון דער געמיינדע. זייער טראַדיציאָנעלע מלחמה פאַר פּראָגרעס וואָס זיי האָבען גע־פיהרט אין דער היים וואו זיי זיינען אָפט געווען דיא איינציגע געלערנטע אָדער אויפגעקלערטע אין זייערע שטעדט, האָט קיין פּלאַץ אין אַ וועלט וואו אַלגע־מיינע ערציהונג איז אָפען פאַר אַלעמען; און זיי קענען זיך ניט פיהלען היימיש אין דיא רייהען פון דיא קאָנסערוואַטיווע, וואו זיי געהערען דאָ אין לאַנד. דיא מייסטע פון זיי האָבען זיך ניט געפונען קיין פּאַסענדען פּלאַץ, ביז עס האָט זיך אויפגעהויבען דיא ציוניסטישע בעוועגונג, אין וועלכע זיי זיינען אַריינגע־טרעטען, אויך ניט מיט'ן גאַנצען האַרצען. פיעלע זיינען געוואָרן לעהרער פון העברעאיש, און זיי וואַרטען נאָך אויף דיא אויפלעבונג פון אינטערעסע אין העברעאישע ליטעראַטור וואָס האָט געדאַרפט פּראָדוצירט ווערען פון דעם נייעם נאַציאָנאַליזם.

# קאַפּיטעל 33

## בעציהונגען מיט רוסלאַנד. דיא פּאַספּאָרט פראַגע.

דיא פּראָפּאָרציאָן פון אידישע איינוואַנדערונג ווערט נור וועניג געענדערט צוליעב דעם פּאַניק פון 1893 — דיא נייע אימיגראַנטען פיהלען דיא בעדריקונגען פון דיא זאָנטאַגס־געזעץ — דער אויסליפערונגס־פערטראַג מיט רוסלאַנד — דער אָנפאַנג פון דעם קאַמפּף וועגען דיא פּאַספּאָרט־פראַגע — דיא ערשטע רעזאָלוציאָן געגען דיא אויסנאַהמען וואָס רוסלאַנד מאַכט, ווערט פאָרגעלייגט אין קאָנגרעס פון מר. קאקס אין 1879 — דיפּלאָמאַטיע און דיפּלאָמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ — וויטערע רעזאָלוציאָנען — רײנער, פיצדשעראַלד, פּוירקינס — העגרי מ. גאָלדפאָגעל — דשאַהן העי׳ס בריעף צו דיא אונטערסטע הויז פון קאָנגרעס — וויטערע בריעף, רעדעס און דעבאַטען — דיא זולצער רעזאָלוציאָן און דער לעצטער שריט אָפּצוברעכען דעם פערטראַג פון 1832.

דער גרויסער צו־וואַקס אין אידישע איינוואַנדערונג פון רוסלאַנד נאָך דיא נייע פערפאָלגונגען פון 1891, אַזוי וויא דער אַלגעמיינער צו־וואַקס פון איינוואַנדערונג אין דעם אָנפאַנג פון לעצטען יאָהר־צעהנדליג פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, האָט אָנגעהאַלטען נור ביז מען האָט אָנגעהויבען צו פיהלען דעם רעזולטאַט פון פּאַניק פון פריהלינג פון יאָהר 1893. אָבער דער צו־וואַקס אין דיא אידישע איינוואַנדערונג איז געוועזען מעהר וויא געוועהנליך גרויס אָדער — פאַר יענע צייטען — אַבנאָרמאַל נור אין איין יאָהר: 1892. ווען יענער יאָהר אין וועלכען עס זיינען אָנגעקומען 76,417 אידען פון רוסלאַנד*) זאָל אַרויסגענומען ווערען פון חשבון, וועט זיך אַרויסווייזען אַז אידישע איינוואַנדערונג איז אָפּגעפאַלען פיעל וועניגער וויא אַלגעמיינע. דיא אַלגעמיינע ציפער זיינען: 560,319 פאַר 1891, 502,917 פאַר 1893, 314,467 פאַר 1894 און 279,948 פאַר 1895. דיא צאָהל אידישע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד פאַר יענע יאָהרען זיינען: 42,145 פאַר 1891, 35,626 פאַר 1893, 36,725 פאַר 1894 און 33,332 פאַר 1895. דיא אורזאַכע דערפון איז דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהערען קאַפּי־

*) זעה אַרטיקעל "מיגראַציאָן" אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע, וואו דיא ציפער זיינען אינטערעסאַנט, אָבער דיא קוועלען זיינען ניט אין גאַנצען צופערלעסיג.

טעל, דער גרעסטער טהייל פון דיא אידישע אימיגראציאן איז איצטער בעשטאנען פון פאמיליעס אדער נאהענטע קרובים וועלכע זיינען געבראכט געווארן פון לייטע וואס האבען זיך דא פריהער עטאבלירט. דיא לאגע פון דיא וואס זיינען געבליבען דארטען איז געווארן אימער ערגער, אין דער צייט וואס דיא לייטע וואס זיינען שוין דא האבען געקענט מיט עטוואס אנשטריינגונג אפשפארען גענוג, אפילו אין שוואכע צייטען, צו רעטען זייערע קרובים פון דיא צושטענדע אין רוסלאנד וועלכע האבען אנגעהויבען צו ווערען אונערטרעגליך.

דיא בעציהונגען צווישען יונייטעד סטייטס און רוסלאנד זיינען געווארן א וויכטיגע און ערנסטע פראגע פאר דיעזע גרויסע און וואקסענדע מאסע פון רוסישע איינגעוואנדערטע. און פאר זיי צוזאמען מיט דיא אידען פון גאליציען און רומעניע, וועלכע זיינען צוזאמען געווען באלד א העלפט אין צאהל פון דיא רוסישע, איז דיא פראגע פון דיא בעשריינקונג פון איינוואנדערונג, וועגען וועלכע מען האט דאן געהאלטען אין ריידען אין קאנגרעס און איבער'ן גאנצען לאנד, אויך געווען זעהר וויכטיג. דיא מורא אז דיא אונטערדריקטע אידען וועלכע זיינען געבליבען אין דער היים וועלען איצטער ניט קענען מעהר אריינקומען, און דאס עס קען זאגאר פארקומען שוויריגקייטען מיט אריבערברייינגען מיטגליעדער פון דער פאמיליע, איז געווען גענוג צו מאכען אז דיעזע פראגע זאל פערדונקלען אלע אנדערע פראגען אין דעם געדאנקען פון דעם אידישען אימיגראנט; אז פיעלע זאלען בעטראכטען אימיגראציאן ניט נור אלס דעם וויכטיגסטען, זאנדערן אלס דעם איינציגען אידישען פראבלעם.

א קלענערער פראבלעם וואס איז אויך געווארן מעהר דרינגענד אונטער דיא פערענדערטע בעדינגונגען, האט געהאט צו טהאן מיט דיא זאנטאגסגעזעץ אין דיא פערשיעדענע סטייטס. דיא געזעץ אליין זיינען פיעל עלטער, מאנכע פון זיי שטאמען נאך פון אכצעהנטען יאהרהונדערט, און זיי זיינען אויך ניט דורכגעפיהרט געווארן מיט מעהר שטריינגקייט וויא פריהער, אבער דיא געלעגנהייטען צו קומען מיט זיי אין צוזאמענשטויס זיינען איצטער פערמעהרט געווארן. דיא אידישע אימיגראנטען פון דיא פריהערע פעריאדע וועלכע זיינען מייסטענס געווען האנדעלס־לייט וועלכע האבען געטהאן ביזנעס מיט זייערע ניט־אידישע שכנים, און זיינען אויך געווען גענייגט צום רעפארם־יודענטהום, האבען געהאלטען זאנטאג צוליעב עקאנאמישע אורזאכען אזוי גוט וויא צוליעב זייערע רעליגיעזע אנזיכטען. אבער איצטער האבען זיך אין דיא מייסטע גרויסע שטעדט, און בעזאנדערס אין ניו יארק, געפונען גרויסע אידישע נאכבארשאפטען וואו אידען האבען געטהאן ביזנעס איינער מיט דעם אנדערען. עס האבען זיך דארטען געפונען אידישע שעפער און פאבריקען אין וועלכע דיא אייגענטהימער, דיא פערוואלטער, דיא אויפזעהער און דיא ארבייטער זיינען אלע געווען אידען. און אויסער דעם וואס דיא פראפארציאן ארטאדאקסישע

אידען איז צווישען זיי געווען זעהר גרויס, האָבען דיא אונגלויביגע און דיא ראַדיקאַלע צווישען זיי אויך געהאַלטען דיא זאַנטאַגס-געזעץ פאַר בעדריקענד און אונפּאַסענד. דאָס איז געוויס ניט געווען וואָס דיא מייסטע פון זיי האָבען ערוואַרטעט צו געפינען אין דעם לאַנד פון פרייהייט: צו ווערען געשטערט און צו ליידען פאַר אַן אויפפיהרונג וואָס איז דאַן געווען כמעט פאַלשטענדיג ערלויבט אין לענדער וויא רוסלאַנד און עסטרייך, וואו דיא קירכע האָט דיא גרעסטע מאַכט און וואו מען זוכט יעדען מעגליכען אויסרייד אַנצוטהאָן אידען צרות.

דיא אינטערעסע פון דיא רוסישע אידען אין אַמעריקא איז אין יענער צייט ערוועקט געוואָרן אין דיא בעציהונגען צווישען יונייטעד סטייטס און רוסלאַנד צוליעב צוויי זאַכען. דיא ערשטע האָט געהאַט אַ שייכות מיט דעם אויסליפערונגס-פערטראַג וואָס איז אָפּגעמאַכט געוואָרן צווישעןביידע רעגירונגען אין דער צייט פון דיא ערשטע אַדמיניסטראַציאָן פון פּרעזידענט קליווּלענד, וועלכער איז אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן וויל דיא רוסישע אידען פון לאַנד האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט, און פיעלע ליבעראַלע אַמעריקאַנער און אַ גרויסער טהייל פון דיא פּרעסע האָט זיי אונטערשטיצט. אָבער דער דאָקומענט אליין, וועלכער איז אונטערגעשריעבען געוואָרן פון דיא פערטרעטער פון ביידע רעגירונגען מיט זיעבען-אַכט יאָהר פריהער, איז געבליבען אין שטאַאַטס-מיניסטעריום און איז ווידער פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר'ן סענאַט פון דשאָהן וו. פאָסטער, אַ פריהעריגען געזאַנדטען נאָך רוסלאַנד, וועלכער איז געווען אויסווערטיגער מיניסטער אין דיא לעצטע עטליכע מאָנאַטען פון דיא אַדמיניסטראַציאָן פון פּרעזידענט בענדשעמין העררימאָן (1833—1901). דער סענאַט האָט אָנגענומען דעם פערטראַג אין פעברואַר 1893, און דיא נייעס פון דיא בעשטעטיגונג און פון דעם אויסטויש פון דיא דאָקומענטען מיט רוסלאַנד איז געווען אַ פּיינליכע איבעררעשונג פאַר דיא אידען פון לאַנד, בעזאָנדערס פאַר דיא וואָס זיינען געקומען פון רוסלאַנד. גליקליכער-ווייזע האָט זיך דיא מורא וועגען דעם מעגליכען רעזולטאַט פון דעם פערטראַג אַרויסגעוויעזען גאַנץ אומזיסט. יעדער פאַל פון אַן אויסליעפערונג אונטער דיעזען פערטראַג געגען וועלכען מען האָט זיך געשטעלט אין דיא געריכטען פון יונייטעד סטייטס איז געוואונען געוואָרן, און אַזוי וויט וויא מען ווייס איז ניט אויסגעליעפערט געוואָרן קיין איינציגער אַנטלאָפענער וועלכער האָט געמאַכט דיא בעהויפּטונג אַז מען וויל איהם דאָרטען קריעגען צוליעב פּאָליטישע אורזאַכען.

דיא צווייטע פּאַסירונג האָט געהאַט אַ שייכות מיט אַ שוועריגקייט וואָס האָט זיך שוין געצויגען זעהר לאַנג: וועגען דעם אַלגעמיינעם פערטראַג צווישען יונייטעד סטייטס און רוסלאַנד וואָס איז געשלאָסען געוואָרן אין יאָהר 1832. דיא צאָהל אידען אין יונייטעד סטייטס איז אין יענער צייט געווען פערהעלטניסמעסיג קליין, און זעהר ווייניג פון זיי האָבען געשטאַמט פון רוסלאַנד. דער

פערקעהר צווישעןביידע לענדער איז געװען אונבעדייטענד, און קיין איד פון יענער צייט האָט וואַהרשיינליך געדיינקט וועגען פאָהרען פון אַמעריקאַ נאָך רוסלאַנד פאַר אירגענד וועלכען צוועק. עס האָט דעריבער ניט געקענט איינפאַלען דיא פערטרעטער פון אונזער רעגירונג וועלכע האָבען פערהאַנדעלט וועגען דיזען פערטראַג, אַז רוסלאַנד קען מאַכען אַן אויסנאַהמע געגען אַמעריקאַנישע אידען וועלכע זאָלען וועלען אַהין קומען. אין דער ווירקליכקייט בעשטימט דער נוסח פון דעם פערטראַג גלייכע בעהאַנדלונג פאַר אַלע אַמעריקאַנישע בירגער, און עס איז דערמיט געווען געגען איהם וועניגער וואָס אויסצוזעצען וויא געגען דעם פערטראַג מיט דער שווייץ וואָס איז געשלאָסען געוואָרען שפּעטער (זעה אויבען, קאַפּיטעל 23), אין וועלכען דיא אויסנאַהמע געגען אידען איז וויסענדיג אַריינגענומען געוואָרען. אין דעם לעצטען פאַל האָט דאָס מיניסטעריום פון וואַשינגטאָן געהאַלטען אין פערהאַנדלען וועגען אַ פאַל אין וועלכען דיא שווייצערישע רעגירונג האָט געמאַכט אַן אויסנאַהמע געגען אַן אַמעריקאַנישען בירגער אין דער צייט וואָס דער אָפּמאַך פון 1855 איז אָנגענומען געוואָרען; אָבער מעהר וויא פיערציג יאָהר זיינען אַריבער פון 1832 ביז דער צייט ווען דיא פראַגע פון רוסלאַנד'ס אונטרייהייט צו דעם אָפּמאַך האָט צוגעצויגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא אַמעריקאַנישע רעגירונג, חאָטש עס שיינט אַז עס איז שוין וועגען דעם געפיהרט געוואָרען אַ בריעף־וועקסעל אַזוי פריה וויא אין יאָהר 1866.*) דער נאָמען פון אַ נאַטוראַליזירטען אידישען בירגער טהעאָדאָר ראָזענשטרויס, ערשיינט אָפט אין דיא דיפּלאָמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ פון שטאַאטס־מיניסטעריום צווישען 1873 און 1879, און זיינע שוויריגקייטען זיינען געווען דיא אורזאַכע פון דיא פאָלגענדע רעזאָלוציאָן וועלכע מר. סעמיועל ס. קאַקס פון ניו יאָרק, אַ מיטגליעד פון דיא קאָמיטע פאַר אויסוועָרטיגע אַנגעלעגענהייטען, האָט פאָרגעלייגט פאַר דעם רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון 46טען קאָנגרעס, אין מאָנאַט יוני 1879:

## אַ רעזאָלוציאָן אין בעציהונג אויף דעם פערטראַג מיט רוסלאַנד וועגען אַמעריקאַנישע בירגער.

אַזוי וויא עס ווערט אָנגעגעבען אַז נאָך דעם געזעץ פון דיא רוסישע רעגיערונג טאָר אַ איד ניט זיין קיין אייגענטהימער פון לאַנד, וועלכע אונגערעכטע אויסנאַהמע עס ווערט אויך אָנגעווענדעט געגען אידישע בירגער פון יונייטעד סטייטס וועלכע וואָהנען אין רוסלאַנד; און

*) זעה דעם אויפזאַץ איבער דעם אַמעריקאַנישען פּאַספּאָרט אין רוסלאַנד, אין אַמעריקאַניש־אידישען יאָהר־בוך פאַר תרס"ה; אויך דעם אויפזאַץ איבער דיא פּאַספּאָרט־פראַגע אין קאָנגרעס אין דעם זעלבען יאָהר־בוך פאַר תר"ע.

אַזוי וויא דיא רוסישע רעגיערונג האָט געמאַכט אַן אויסנאַהמע געגען איינעם ט. ראָזענשטרויס, אַ נאַטוראַליזירטער בירגער פון יונייטעד סטייטס, דערמיט וואָס זיא האָט איהם פערבאָטען צו האַלטען גרונד־אייגענטהום נאָכדעם וויא ער האָט עס געקויפט און בעצאָהלט דערפאַר, ווייל ער איז אַ איד; און

אַזוי וויא אַזעלכע אויסנאַהמען זיינען געגען דעם אויפגעקלערטען גייסט פון אונזערע אינסטיטוציאָנען און פון איצטיגער צייט, וועלכע פאָדערען רעליגיאָנס־פרוי־הייט פאַר אַלעמען גלייך; און

אַזוי וויא דער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען, אין זיין צו־שריפט פון 29טען אַפּריל 1879, דריקט אויס אַ צווייפעל אויב ער וועט זיין פעהיג צו געבען דיא הילפע וואָס מען פאָדערט פון איהם אונטער דעם איצטיגען פערטראַג; דעריבער

זאָל עס זיין בעשלאָסען, פון דעם סענאַט און דיא רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון דיא יונייטעד סטייטס פון אַמעריקאַ פערזאַמעלט אין קאָנגרעס, אַז דיא רעכטע פון דיא בירגער פון יונייטעד סטייטס טאָרען ניט פערקלענערט ווערען אין דער היים אָדער אין אויסלאַנד צוליעב רעליגיאָנס־פראַגען; און אויב דיא אָפּמאַכונגען צווישען יונייטעד סטייטס און רוסלאַנד זאָלען געפונען ווערען, אַזוי וויא עס ווערט אָנגעגעבען, אַז זיי מאַכען אַן אויסנאַהמע אין דיעזען פּונקט אָדער אין אַן אַנדערען, געגען איר־גענד וועלכע קלאַס פון אונזערע בירגער, ווערט דער פּרעזידענט ערזוכט ער זאָל גלייך נעהמען שריטע צו ענדערען דעם אָפּמאַך אַזוי אַז דיעזע עוולה זאָל בעזייטיגט ווערען.

נאָך אַ דעבאַטע אין וועלכע עס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער פאַקט אַז ענגלישע אידען האָבען יא דאָס רעכט צו קויפען גרונד־אייגענטהום אין רוסלאַנד, איז דיעזע רעזאָלוציאָן אָנגענומען געוואָרן אין אונטערסטען הויז פון קאָנגרעס דעם 10טען יוני 1879, און אַזוי וויית וויא מען ווייס האָט מען פון איהר מעהר ניט געהערט.

אין דיא דיפּלאָמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ וועלכע האָט נאָכגעפאָלגט איז דיא אַמעריקאַנישע רעגירונג בעשטאַנען אויף איהר רעכט אונטער דעם אָפּמאַך און האָט געהייסען איהר געזאַנדטען צו פאָדערן אַבסאָלוטע גלייכע בעהאַנדלונג פאַר אַלע אַמעריקאַנישע בירגער, אידישע אַזוי גוט וויא אַנדערע. דיא אַרגו־מענטען און דיא פּראָצעדור וועלכע זיינען איצטער אַזוי גוט בעקאַנט צו אַלע וועלכע זיינען פּעראינטערעסירט אין דיא פראַגע, זיינען אַלע געברויכט געוואָרן מיט דרייסיג יאָהר צוריק, חאָטש דיא איינציגע ווירקזאַמע רפואה וועלכע איז פאָרגעשלאָגען געוואָרן אין דיא ערשטע רעזאָלוציאָן, "צו נעהמען גלייך שריטע צו ענדערען דעם אָפּמאַך" איז ניט אָנגעווענדעט געוואָרן. אָבער דיא פראַגע וועגען פריהעריגע רוסישע אונטערטהאַנען וועלכע קומען צוריק נאָך רוסלאַנד אַלס אַמעריקאַנישע בירגער, ביי וועלכע עס האַנדעלט זיך וועגען דעם פּרינציפּ פון עקספּאַטריאַציאָן (זיך אָפּזאָגען פון אַ פאַטערלאַנד) און דאָס רעכט פון נאַטוראַליזאַציאָן, איז אין דיעזע ערשטע דיספּוטען ניט בעריהרט געוואָרן.

עס איז זאָגאַר געגעבען געוואָרן קלאָר צו פערשטעהן אַז דיא רוסישע רעגירונג האָט אַם מייסטען געהאַט אויסצוזעצען געגען נאַטוראַליזירטע אידען פון דייטש־לאַנד. מר. פאַסטער, וועלכער איז דאַן געווען אונזער פערטרעטער אין סט. פעטערסבורג, בעריכטעט אין אַ דעפּעשע פון 30טען דעצעמבער 1880 פון אַן אונטעררעדונג וואָס ער האָט געהאַט מיט מ. דע גיערס, דעם רוסישען מי־ניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען, און זאָגט:

אַזוי ווייט וויא עס אָנבעטרעפט אידען וועלכע זיינעןווירקליכע אַמעריקאַנישע בירגער (ניט פערשטעלטע דייטשע אידען) איז ער געווען בערייט מיר צו פערזיכערען דיא ליבעראַלסטע בעהאַנדלונג, ווייל ער ווייס אַז עס איז דער וואונש פון קייזער צו ווייזען אַלע מעגליכע אַכטונג צו אַמעריקאַנישע בירגער. אויב אַזעלכער קומט נאָך סט. פעטערסבורג און בעגעגענט אירגענד וועלכע שוויריגקייטען, זאָל איך איהם נור שיקען אַ ניט־אָפיציעלע צושריפט וועט ער זיי געבען אַזוי פיעל צייט וויא פיעל איך וועל פאַר זיי בעטען צו פערבלייבען דאָ און צו בעזאָרגען זייער ביזנעס....

דיא זעלבע דעפּעשע בעריכטעט אויך וועגען אַן אונטעררעדונג מיט דעם מיניסטער פון רעליגיאָן (פּראָקוראַטאָר פון סינאָד), "וועלכער האָט זיך צוגע־הערט מיט פיעל אינטערעסע צו מיין פאָרלייגונג פון דעם געגענשטאַנד. ער האָט געזאָגט אַז אַ קאָמיסיאָן איז איצטער בעשעפטיגט מיט שטודירען דיא פראַגע פון רעפאָרמירען דיעזע געזעץ" און האָט אָפענהערציג צוגעגעבען אַז דיעזע געזעץ זיינען ניט אין גאַנצען אין איינקלאַנג מיט דעם צייט־גייסט. אָבער צום ענדע פון דיעזען דאָקומענט איז מר. פאַסטער מודה אַז עס איז איהם ניט געלונגען צו קריעגען וואָס ער האָט פערלאַנגט, און אַז "דיא רוסישע רעגירונג איז גענייגט צו געבען וואָס מיר ווילען נור אַלס אַ גונסט, ווען מיין רעגירונג פאָדערט עס אַלס אַ רעכט" (ציטירענדיג דיא ווערטער פון לאָרים־מעליקאָוו).

אין אַ דעפּעשע וואָס דער אַמעריקאַנישער אויסווערטיגער מיניסטער דזשיימס דזש. בלעין האָט געשיקט צו מר. פאַסטער, דאַטירט 29טען יולי 1881, ווערט געגעבען אַ היסטאָרישע איבערזיכט איבער דעם גאַנצען געגענשטאַנד, און דיא פּרינציפּען וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך ווערען ווידער ערקלערט אין שטאַרקע און קלאָרע אויסדריקע. צוויי שטעלען פון דיעזער דעפּעשע זיינען ווערטה צו ציטירען. אין דיא ערשטע לעזט מען: "פון דער צייט וואָס דער פערטראַג פון 1832 איז אונטערצייכענט געוואָרען ביז דיא איצטיגע פּעריאָדע, איז גאָר נישט פאָרגעקומען אין אונזערע בעציהונגען מיט רוסלאַנד וואָס זאָל אונז פיהרען אָנצונעהמען אַז אונזער פאָהן טראָגט ניט מיט זיך גלייכען שוץ פאַר יעדען אַמעריקאַנער אין דיא הערשאַפט פון קייזעררייך." דיא צווייטע שטעלע איז דער לעצטער זאַץ וועלכער לויטעט: "איך קען ניט פיהלען אַנדערס וויא זיכער אַז דיעזע ערנסטע פאָרלייגונג פון דיא אַנזיכטען פון דיעזע רעגירונג

וועט זיין אין איינקלאנג מיט רוסלאנד'ס געפיהל פון גערעכטיגקייט און פון יושר, און דאס דיא פראגען וועגען וועלכע עס האנדעלט זיך וועלען אין קורצען געפינען זייער נאטירליכע לעזונג אין הארמאניע מיט דעם גייסט פון טאלע־ראנץ מיט וועלכען עס איז געוועזן פול דער אוקאז פון דיא קייזערין קאטהערינא מיט הונדערט יאהר צוריק, און דיא שטאאטסמענישע ערקלערונג פון דעם פרינציפ פון געגענזייטיגע אנערקענונג וואס מען געפינט אין דעם שפעטערען אוקאז פון צאר אלעקסאנדער דעם צווייטען אין 1860." ווירקליכער פערקעהר מיט רוסלאנד איז נאך דאן געוועזן א נייע ערפאהרונג פאר אמעריקאנישע דיפ־לאמאטען, און אפילו אזא בעריהמטער שטאאטסמאן וויא מר. בלעין האט גע־קענט גלויבען — נאך דיא פאגראמען פון דעם פריהלינג פון יענעם יאהר — אז דיא פראגע וועט פערענטפערט ווערען אויף דעם זעלבען אופן וויא אין דער שווייץ, דורך דיא גלייכשטעלונג פון דיא אידען פון יענע מדינה.

אונטערדעסען זיינען פארגעקומען אנדערע פעלע און דיא פראגע איז וויי־דער פארגעבראכט געווארן פאר דעם קאנגרעס. קאנגרעסמאן קאקס פון ניו יארק האט פארגעלייגט זיין צווייטע רעזאלוציאן אין רעפרעזענטאנטען־הויז דעם 26טען יאנואר 1882, וועלכע איז אנגענומען געווארן פיער טעג שפעטער, אין וועלכע דער פרעזידענט איז ערזוכט געווארן, אויב דיא עפענטליכע אינטע־רעסען זיינען ניט דאגעגען, צו־צושיקען צום הויז דיא קארעספאנדענץ צווישען דעם אויסווערטיגען מיניסטעריום און דעם אמעריקאנישען געזאנדטען אין פעט־ערסבורג, אין בעציהונג אויף דיא אויסווייזונג פון אמעריקאנישע אידען פון רוסלאנד, און וועגען פערפאלגונגען פון אידען אין דיא רוסישע אימפעריע. אן אנדער רעזאלוציאן, אין וועלכע עס איז געבעטען געווארן אז ווייטערע קא־רעספאנדענץ וועגען דעם געגענשטאנד זאל צוגעשטעלט ווערען צום הויז, איז פארגעלייגט געווארן פון מר. קאקס דעם 31טען מאי פון דעם זעלבען יאהר, און איז איבערוויעזען געווארן צו דיא קאמיטע איבער אויסלענדישע אנגע־לעגענהייטען. ער האט ווידער פארגעלייגט דיא זעלבע רעזאלוציאן אין פעב־רואר 1883, ווען זיא איז אנגענומען געווארן. נאך א רעזאלוציאן איז פארגע־לייגט געווארן אין 1884, און אין 1886 איז ווידער געפיהרט געווארן א קא־רעספאנדענץ צווישען דעם אויסווערטיגען מיניסטער טהאמאס פ. באיארד און דעם אמעריקאנישען פערטרעטער אין רוסלאנד, מיט קיינע בעסערע רע־זולטאטען וויא פריהער.

מען האט זיך גענומען צו דעם געגענשטאנד מיט מעהר ערנסט אין דיא פאלגענדע צעהן יאהר. קאנגרעסמאן ס. לאגאן טשיפמאן פון מישיגען האט פארגעלייגט אין הויז, אין פעברואר, 1892, א רעזאלוציאן "אויסצופארשען דיא ווירקונג פון אנטי־אידישע געזעץ אין רוסלאנד אויף אמעריקאנישע בירגער." זיא איז איבערוויעזען געווארן צו דיא קאמיטע איבער אויסלענדישע אנגעלע־

גענהייטען און איז צוריק בעריכטעט געוואָרן אין אַ פערגרעסערטע פאָרם דעם זעקסטען אַפּריל, 1892, אָבער עס ווערט ניט דערמאָנט אַז זיא איז אָנגענומען געוואָרן. מר. אוירוויין דאָנגען פון אָהייאָ, האָט פאָרגעלייגט דעם 10טען דשון 1892, אַ רעזאָלוציאָן וועלכע "האָט פעראָרדנעט אַפּצוברעכען דיפּלאָ־מאַטישע בעציהונגען מיט רוסלאַנד", וועלכע איז וויא עס שיינט ניט געקו־מען ווייטער וויא דיא קאָמיטע איבער אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען. עס איז אויך פאָרגעקומען ווייטערע קאָרעספּאָנדענץ אַלס דער רעזולטאַט פון נייע פעלע פון אויסנאַהמען, און וואהרשיינליך אויך אינדירעקט אַלס דער רעזולטאַט פון דיא רעזאָלוציאָנען וואָס זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן אין קאָנגרעס. אַ בריעף וואָס איז געשריעבען געוואָרן פון אויסווערטיגען מיניסטעריום אין 1893 צו דעם ערציהער און היסטאָריקער אַנדרו ד. ווהייט, (געב. 1832), דעם גרעסטען מאַן וועלכער האָט ווען פערטרעטען דיא יונייטעד סטייטס אין רוס־לאַנד, האָט ענטהאַלטען "דיא השערה אַז אַ זאָנדערבאַרע מיספערשטענדניס עקזיסטירט אין דעם געדאַנקען פון דיא רעגירונג פון זיינער מאַיעסטעט, וועל־כע אייער בעוואוסטע פעהיגקייט און טאַקט קען ערקלערען און פיליייכט בעז־זייטיגען." עס האָט זיך צום סוף אַרויסגעוויעזען אַז ער האָט ביידעס ניט געקענט טהאָן.

אין 1894 איז דער געגענשטאַנד ווידער פאָרגעבראַכט געוואָרן פאַר דיא הויז, צום ערשטען מאָל פון אַ פערטרעטער וועלכער האָט געשטאַמט פון אי־דען. איזידאָר ריינער, (געב. אין באַלטימאָר, 1850), וועלכער איז פריהער געוועזען אַ מיטגליעד פון דיא שטאַאַט־געזעצגעבונג פון מערילענד, אַ סטייט סע־נאַטאָר, אַ פערטרעטער אין קאָנגרעס דריי טערמינען, דערנאָך דער הויפּט־אַנוואַלט פון סטייט מערילענד, און איז געשטאָרבען אין 1912 דיענ־נענדיג דעם צווייטען טערמין אַלס יונייטעד סטייטס סענאַטאָר פון יענעם סטייט, האָט דאַמאָלס געדיענט זיין צווייטען טערמין אין הויז, און איז דאָרטען געוועזען אַנערקענט אַלס איינער פון דיא פעהיגסטע רעדנער און פיהרער צווישען דיא מיטגליעדער פון דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אָבער זיין רעזאָ־לוציאָן וועלכע איז פאָרגעלייגט געוואָרן דעם 28טען מאַי, 1894, אין וועלכע דער פּרעזידענט "איז געהייסען געוואָרן צו רופען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא רוסישע רעגיערונג אויף דיא פאָרטגעזעצטע פערלעצונג פון רעכטע אונטער דעם פערטראַג" האָט ניט געהאַט קיין בעסערען שיקזאַל וויא דיא פריהעריגע וועלכע זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן פון ניט־אידען. אָבער עס האָט געמאַכט ווייניג אונטערשייד פאַר דיא היעגע רעגירונג וואָס עס איז געוואָרן פון דיא רעז־זאָלוציאָנען, זיא האָט פון איהר זייט געאַרבייט אַזוי פלייסיג צו בעזייטיגען דיא שוויריגקייטען וויא זיא וואָלט געקענט טהאָן ווען זיא וואָלט דערצו געקריע־גען אַ בעפעהל פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס.

דער געזאנדטער ברעקינרידש וועלכער איז געוועזן אין סט. פעטערסבורג, אין 1895, שרייבענדיג צו דעם רוסישען מיניסטער פון אויסווערטיגע אנגעלעגענהייטען אין יענעם יאהר, בעהויפטעט "אז עס איז שוין לאנג געוועזן א געגענשטאנד פון זארג און בעדויערען פאר דיא יונייטעד סטייטס, אז אירגענד וועלכער פון איהרע בירגער זאל ליידען פון אויסנאהמען צוליעב רעליגיעזע אורזאכען ווען ער וואהנט פריעדליך אין דיעזעם לאנדע." עס האט אויסגעזעהן אז מען האט זיך איצטער גענומען צו דער זאך מעהר ערנסט וויא פריהער, און עס איז געוועזן א בערעכטיגונג צו גלויבען אז דיא פראגע וועט שנעל פערענטפערט ווערען. מר. ה. ה. ד. פעירס, דער אמעריקאנישער לעגאציאנס-סעקרעטערי, שרייבענדיג אין יוני 1895, דערציילט פון אן אוטערערדונג מיט א הויכען רוסישען בעאמטען און ערקלערט אז דער לעצטער האט צוגעגעבען דיא שטארקייט פון דיא ארגומענטען און "האט זיך אויסגעדריקט אלס האפנונגספאל אז עס וועט זיין מעגליך צו ברייננגען צו א צופריעדענשטעלענדע ענדערונג אין דיא רוסישע פיהרונגען אזוי וייט וויא דאס אנבעלאנגט צום אריינלאזען אמעריקאנישע אידען אין דיא רוסישע אימפעריע." אין דעם פאלגענדען מאנאט האט דער הילפס-מיניסטער א. א. אדיע געשריעבען פון וואשינגטאן צו דיא געזאנדשאפט אין פעטערסבורג:

אייער שלום אז עס איז ניט פראקטיש צו פאדערען איצטער א פארמאלע אנטווארט אויף דיא קלאגע שיינט צו זיין בערעכטיגט דורך פארזיכט, אבער דער דעפארטמענט מוז אויסדריקען זיין טיעפען בעדויערען איבער דעם וואס איהר האט בעגעגענט אין אויסלענדישען מיניסטעריום פון פעטערסבורג אזא וויעדערווילען צו בעטראכטען דיא פראגע אין דעם ליכט וויא דיעזע רעגיערונג לייגט עס פאר. דיא רוסישע רעגיערונג קען ניט ערווארטען אז אזא רעגיערונג וויא אונזערע וועט אנערקענען אדער דולדען איהר פיהרונג צו מאכען אינקוויזיטארישע אונטערזוכונגען אין יונייטעד סטייטס וועגען בירגער פון יונייטעד סטייטס איבער זייער גלויבען אדער בירגערליכע שטעלונג, און דיא פארטזעצונג פון אזא אויפפיהרונג, נאכדעם וויא אונזערע אנזיכטען זיינען ערקלערט געווארן קלאר אבער געמעסיגט, קען אריבערגעהן דיא גרעכטע גרענעץ פון איינזעהענים.

דריי אנדערע ציעמליך לאנגע דעפעשען זיינען געשיקט געווארן וועגען דיעזען געגענשטאנד דעם זעלבען יאהר, 1895; איינער פון געזאנדטען ברעקינרידש צום אויסווערטיגען מיניסטער ריטשארד אלנעי דעם פיערטען יולי; דער צווייטער פון מר. אדיע צו מר. ברעקינרידש דעם 22טען אויגוסט, און א דריטער, דאטירט דעם 23טען אקטאבער, פון וואשינגטאן נאך דיא רוסישע הויפטשטאדט, אין וועלכע עס ווערט דערמאנט דער עמפפאנג פון א סעריע רעגולירונגען אין בעציהונג אויף דיא אידען אין רוסלאנד, און עס ווערט דארויף בעמערקט פאלגענדעס: "דער געגענשטאנד ווערט איצטער פארגעלייגט נאך אין

אַ מעהר אונגינסטיגעם ליכט וויא פריהער, ווייל עס שיינט אַז דיא רוסישע אַגענטען מעגען נאָך זייער אייגענעם שקול הדעת מאַכען פאָרשונגען אין אַ פרעמדעם טעריטאָריום וועגען דיא געשעפטליכע שטעלונג וועגען דיא אייגענטהימער פון האַנדעלס־הייזער וועלכע בעשעפטיגען אידישע אַגענטען, און דאַן ענטשיידען גינסטיג אָדער אונגינסטיג נאָך זייער אייגענעם אורטהייל וועגען דיא וויכטיגקייט פון אַזעלכע הייזער." עס ווערט פאָרטגעזעצט אַז אפילו "אויב עס זאָל אָנגענומען ווערען צוליעב דעם אַרגומענט אָבער ניט אַלס אַ צוגעשטענדניס אַז אַזאַ רעכט עקזיסטירט אין אַ טעכנישען זינן, בלייבט דיא פראַגע אויב דער שריט אויסצואיבען אַזאַ רעכט אין דער צייט ווען אונזער רעגירונג האָט אַזוי ערנסט און געמעסיגט פראָטעסטירט געגען אויסלענדישע אריינמישונג אין דיא פריוואַט־אַנגעלעגענהייטען פון איהרע בירגער, איז אין איינקלאַנג מיט דיא העפליכע פרינציפּען פון אַרטיגקייט וואָס דיעזע רעגירונג איז אַזוי געוויסענהאַפט צו בעאָבאַכטען אין איהרע בעציהונגען מיט אַלע פרעמדע שטאַאטען."

דאָס אַלעס האָט גאָר נישט געהאָלפען, און דיא פראַגע איז וויעדער פאָרגעבראַכט געוואָרן פאַר'ן קאָנגרעס. קאָנגרעסמאַן דשאַהן פ. פיטצדשעראַלד, (געב. אין באָסטאָן 1863; איצטער דער בירגערמייסטער פון באָסטאָן) פון מאַסאַטשוסעטס, האָט פאָרגעלייגט פאָלגענדע רעזאָלוציאָן אין הויז דעם 31טען מערץ 1897, און זיא איז איבערוויעזען געוואָרן צו דיא קאָמיטע איבער אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען:

בעשלאָסען, אַז דער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען ווערט ערזוכט צו פאָדערען פון דיא רוסישע רעגיערונג אַז דיא זעלבע רעכטע זאָל געגעבען ווערען צו אידיש־אַמעריקאַנישע בירגער אין בעצוג אויף פאַספאָרטען וויא עס קריעגען איצטער אַלע אַנדערע קלאַסען פון אַמעריקאַנישע בירגער, און ער זאָל אויך לאָזען וויסען דיא רעפרעזענטאַנטען־הויז אויב אירגענד וועלכע אַמעריקאַנישע בירגער זיינען אויסגעוויעזען געוואָרן פון רוסלאַנד אָדער מען האָט זיי ניט צוגעלאָזען אויסצואיבען דיא געוועהנליכע פריווילעגיען וואָס דיא איינוואָהנער געניסען, צוליעב זייער רעליגיאָן.

דיא זעלבע רעזאָלוציאָן איז וויעדער פאָרגעלייגט געוואָרן פון מר. פיטצדשעראַלד אין דעצעמבער 1899, מיט קיין בעסערע רעזולטאַטען. אונטער דער צייט האָט מען זיך ענטזאַגט אריינצולאָזען אין רוסלאַנד אַ אידישען באַנקיער פון קאַליפאָרניע, מר. אַדאָלף קוטנער, אין 1897, און דיעזעס האָט פעראורזאַכט אַז סענאַטאָר דש. ס. פוירקינס פון יענעם סטייט האָט אריינגעבראַכט אַ לאַנגע רעזאָלוציאָן וועגען דיעזען געגענשטאַנד אין יונייטעד סטייטס סענאַט (25טען מאַי, 1897) וועלכע איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון אַ קירצערע רעזאָלוציאָן וועלכע קאָנגרעסמאַן קוירטיס ה. קעסל פון דעם זעלבען סטייט האָט פאָרגעלייגט אין רעפרעזענטאַנטען־הויז אין מאָנאַט דעצעמבער פון דעם זעלבען יאָהר.

אין 1902 איז דיא פראַגע געבראַכט געוואָרן צו דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא הויז דורך אַ פערטרעטער וועלכער איז אליין א איד און וועלכער רעפּרעזענטירט אַ דיסטריקט וואָס איז אַם מייסטען בעוואָהנט פון אידישע אימיגראַנטען וואָס זיינען פעראינטערעסירט אין דיא פּאַספּאָרט־פראַגע. הענרי מייער גאָלדפאָגעל, (געב. אין ניו יאָרק, 1856), וועלכער איז צוויי מאָל ערוועהלט געוואָרן ריכטער פון דעם שטעדטישען געריכט אויף דער איסט סייד, איז אין 1900 ערוועהלט געוואָרן אַלס אַ דעמאָקראַט צו פערטרעטען אין קאָנגרעס דעם ניינטען דיסטריקט פון ניו יאָרק, וועלכער שליסט אין זיך איין דעם געדיכט־בעפעלקערטען טהייל פון דיא אידישע נאַכבארשאַפט אין מזרח־זייט פון שטאָדט; ער איז ווידער־געוועהלט געוואָרן ביי יעדע וואַהל פאַר קאָנגרעס זייט דאַמאָלס, און דיענט איצטער (1913) זיין זיעבעטען טערמין. ער האָט אין זיין ערשטען טערמין פאָרגעלייגט דעם בעשלוס וואָס איז זייט דאַמאָלס בעקאַנט געוואָרן אַלס "דיא גאָלדפאָגעל־רעזאָלוציאָן", וועלכע איז אין פערשיעדענע פאָרמען געוועזן פאַר'ן קאָנגרעס באַלד צעהן יאָהר. איהר אָריגינעלע פאָרם, וויא זיא איז פאָרגעלייגט געוואָרן דעם 28טען מאַי, 1902, איז געוועזן וויא פאָלגט:

בעשלאָסען, ביי דיא רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון יונייטעד סטייטס, אַז דער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען ווערט דערמיט העפליכסט ערזוכט צו געבען דיא הויז אויסקונפט אויב אַמעריקאַנישע בירגער פון אידישען גלויבען, וועלכע האָבען פּאַספּאָרטען וואָס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרן פון דיעזער רעגירונג, ווערען אויסגעשלאָסען אָדער געשטערט אריינצוקומען אין דיא טעריטאָריע פון דיא רוסישע אימפּעריע, און אויב דיא רוסישע רעגיערונג האָט געמאַכט אָדער מאַכט איצטער אירגענד וועלכע אויסנאַהמען צווישען בירגער פון יונייטעד סטייטס פון פערשיעדענע רעליגיאָנען, וועלכע בעזוכען אָדער ווילען בעזוכען רוסלאַנד, און וועלכע האָבען אַמעריקאַנישע פּאַספּאָרטען; און אויב דיא רוסישע רעגיערונג האָט געמאַכט רעגולירונגען וועלכע בעשריינקען אָדער ווערען שפּעציעל אָנגעווענדעט אויף אַמעריקאַנישע בירגער, געבאָרענע אָדער נאַטוראַליזירטע, וועלכע געהערען צו דיא אידישע רעליגיאָן און זיינען פערזעהן מיט אַמעריקאַנישע פּאַספּאָרטען, און אויב עס איז אַזוי, צו בעריכטען דיא פאַקטען אין בעצוג אויף דעם, און וועלכע האַנדלונג וועגען דיעזע אויסנאַהמען, אויסשליסונגען און בעשריינקונגען עס איז פאָרגענומען געוואָרן ביי אירגענד וועלכען דעפּאַרטמענט פון דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס.

דיעזע רעזאָלוציאָן איז אַמענדירט געוואָרן דערמיט וואָס דיא ווערטער "אויב עס איז ניט געגען דיא עפענטליכע אינטערעסען" זיינען צוגעשטעלט געוואָרן נאָך דעם וואָרט "הויז" אין דיא דריטע צייל. זיא איז אָנגענומען געוואָרן פון הויז דעם 30טען אַפּריל 1902. אַ קורצע צייט נאָכדעם (דעם 27טען יוני) האָט סענאַטאָר ע. וו. פּעטטוס פון אַלאַבאַמאַ פאָרגעלייגט אַ רע־

זאָלוציאָן אין סענאַט, ערזוכענדיג דעם פּרעזידענט, "אויב עס איז ניט געגען דיא עפענטליכע אינטערעסע, צו לאָזען וויסען דעם סענאַט וועגען דיא שטע־לונג פון דיא רוסישע רעגירונג צו אַמעריקאַנישע בירגער וועלכע פּרובירען אַריינקומען אין איהר לאַנד מיט אַמעריקאַנישע פּאַספּאָרטען." דיעזע רעזאָ־לוציאָן איז אויך אָנגענומען געוואָרן פון סענאַט, אָבער דיא אַנטוואָרט איז גע־געבען געוואָרן צו דיא הויז איידער דיא סענאַט־רעזאָלוציאָן איז נאָך פאָרגע־לייגט געוואָרן. דער תמצית פון אַ בריעף צו דיא הויז וואָס איז געשריעבען גע־וואָרן פון אויסווערטיגען מיניסטער דשאַהן העי (1838—1905), דאַטירט דעם צווייטען מאַי, 1902, איז דאָס אַמעריקאַנישע אידען ווערען ניט ערגער בעהאַנ־דעלט אין רוסלאַנד וויא אידען פון אַנדערע לענדער; אַז דיא אויסשליסונג פון נאַטוראַליזירטע בירגער וועלכע שטאַמען פון רוסלאַנד איז ערקלערט געוואָרן פון מיניסטער אָלנעי אין זיין בעריכט צום פּרעזידענט אין 1896, אַז דאָס קומט פון אומשטענדען אונטער וועלכע "אַ צוזאַמענשטויס צווישען נאַציאָנאַלע גע־זעצע, פון וועלכע יעדע איז אַבסאָלוט אין איהר אייגענע ספערע און ניט־ווירקענד אין דיא צווייטע, קען שווערליך פערמיעדען ווערען"; אַז דיא אָנשטריינגונג צו קריגען גלייכע בעהאַנדלונג פאַר אַלע אַמעריקאַנישע בירגער, וועלכע איז אָנגעפאַנגען געוואָרן מיט פיעלע יאָהרען צוריק, זיינען פאָרטגעזעצט געוואָרן חאָטש זיי האָבען נאָך ניט געבראַכט קיין ערמוטהיגענדען ערפאָלג; און דאָס עס ווערט פון אויסווערטיגען מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן געשיקט צו אַלע פערזאָנען פון רוסישער אָפּשטאַמונג וועלכע ערהאַלטען פּאַספּאָרטען, אַן אונ־אָפיציעלע נאָטע וועלכע ווייזט אָן אויף דיא בעשטימונגען פון רוסישען געזעץ וואָס קענען זיי בעריהרען, כדי זיי זאָלען ניט אַריינקומען אין געפאַהר דורך אונ־וויסענהייט.

דער געגענשטאַנד איז בעהאַנדלעט געוואָרן אָפיציעל און האַלב־אָפיציעל אויף פערשיעדענע אופנים זייט יענער צייט, אָבער גאָר נישט איז אויפגעטהאָן געוואָרן. עס איז איינינע מאָל פאָרגעקומען אין קאָנגרעס און איז פעהיג בע־שפּראָכען געוואָרן פון אידישע פערטרעטער און פון זייערע פריינדליכע קאָלעגען, און עס איז כמעט קיין איינציגע שטימע ניט אויפגעהויבען געוואָרן צו פערטהיי־דיגען דיא רוסישע רעגיערונג. נייע רעזאָלוציאָנען זיינען פאָרגעלייגט גע־וואָרן פון ריכטער גאָלדפאָגעל, וועלכער איז שוין איצטער געווען אַנערקענט אַלס דער אידישער פערטרעטער אין קאָנגרעס; עס זיינען ווייטער געפיהרט געוואָרן קאָרעספּאָנדענצען צווישען דעם אויסווערטיגען מיניסטעריום און דעם אַמעריקאַנישען אַמבאַסאַדאָר אין סט. פּעטערסבורג; פּרעזידענט טהעאָדאָר רוזוועלט האָט געשריעבען אַ פּערזענליכען בריעף צו גראַף וויטע (וועלכער איז געקומען אין יונייטעד סטייטס שליעסען אַ פריעדענס־פערטראַג מיט יאַפּאַן אין 1905) און אין וועלכען ער האָט איהם געבעטען עטוואָס צו טהאָן אין דיע־

זער הינזיכט; דער אויסווערטיגער מיניסטער עליהו רוט (געב. 1845; איצטער א סענאטאר פון ניו יארק) האט געשריעבען א בריעף צו מר. דשייקאב ה. שיף, אין אקטאבער 1908, אין וועלכען ער האט געזאגט אז "דיא אדמיניסטראציאן האט געפאדערט צו מאכען א נייעם פערטראג מיט דעם צוועק צו רעגולירען דעם גע־גענשטאנד." דער בעקאנטער אדוואקאט און כלל־טהוער לואיס מארשאל, (געב. אין סיראקיוז, ניו יארק, 1856), האט וועגען דעם געהאלטען א דענקווירדיגע רעדע אויף דיא קאנווענציאן פון דעם יוניאן פון אמעריקאניש־אידישע קאנ־גרעגיישענס אין יאנואר 1911, און דיא פראגע איז דאן פארגעבראכט געווארן פאר פרעזידענט וויליאם ה. טאפט (געב. 1857) פון א דעלעגאציאן וועלכע יע־נע קאנווענציאן האט ערנענט.

מענער וועלכע פערנעהמען אן ארט אין עפענטליכען לעבען אין פערשיע־דענע טהיילען פון לאנד זיינען געווארן פעראינטערעסירט אין דיא פראגע, דיא אלגעמיינע פרעסע איז כמעט געוועזען איינשטימיג זיי צו ערמוטהיגען אז זיי זאלען פאדערן גלייכע אנערקענונג פאר אלע אמעריקאנישע בירגער אהן אונטערשייד פון רעליגיאן, און דיא בעוועגונג איז געווארן אזוי שטארק אז קיין זאך האט איהר מעהר ניט געקענט אפהאלטען. פיעלע געזעצגעבענדע קערפערשאפטען פון סטייטס האבען אנגענומען רעזאלוציאנען אין וועלכע זיי האבען זיך ערקלערט צו גונסטען פון אפברעכען דעם פערטראג אויב רוסלאנד וויל ניט אנערקענען אז דער אמעריקאנישער פאספארט גיט א רעכט יעדען היעגען בירגער צו וואהנען וואו ער וויל אין דיא רוסישע אימפעריע. דער קאנגרעס איז פערפלייצט געווארן מיט רעזאלוציאנען וואס פערשיעדענע אי־דישע ארגאניזאציאנען אין אלע טהיילען פון לאנד האבען אנגענומען, און פיעלע פערזאמלונגען זיינען אפגעהאלטען געווארן אויסצודריקען ענטריסטונג, און אויך אונצופריעדענהייט מיט דיא לאנגזאמקייט פון דיא רעגיערונג אין איהר אר־בייט צו קריעגען גערעכטיגקייט פאר איהרע אידישע בירגער. דיא וויכטיגסטע פערזאמלונגען זיינען פעראנשטאלטעט געווארען פון דיא נאציאנאלע בירגער־ליגא, א ניי־געגרינדעטע ארגאניזאציאן פון פראמינענטע קריסטען, פון וועלכע דער געוועזענער געזאנדטער נאך רוסלאנד, אנדרו ד. ווהייט איז געווארן פארזיצענדער.

אין דעצעמבער 1911 איז דיא רעזאלוציאן וועלכע קאנגרעסמאן וויליאם סולצער פון ניו יארק האט פארגעלייגט אין רעפרעזענטאנטען־הויז, אפצוברע־כען דעם פערטראג מיט רוסלאנד, אנגענומען געווארן כמעט איינשטימיג. אבער פרעזידענט טאפט האט נאך מיט איניגע טעג פריהער געגעבען א בעפעהל צו דעם אמעריקאנישען אמבאסאדאר אין סט. פעטערסבורג צו געבען רוסלאנד דיא פארמאלע נאטיץ אז דער פערטראג פון יאהר 1832 וועט בטל ווערען דעם 31טען דעצעמבער 1912, דאס הייסט ווען א פולער יאהר וועט אריבער נאכדעם

וויא דיעזע נאָטיץ איז געגעבען געוואָרן, וויא עס איז בעשטימט אונטער דיא בעדינגונגען פון פערטראַג אליין.ביידע הייזער פון קאָנגרעס האָבען דאַן איינשטימיג אויסגעדריקט איינשטימונג מיט דיא האַנדלונג פון פּרעזידענט, און דיא מלחמה איז געווען געוואונען אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט דיא אַמעריקאַנישע זייטע פון דער פראַגע. אָבער דיא אַרבייט פון שליסען אַ נייעם פערטראַג האָט וויעדער געמוזט איבערגעלאָזען ווערען פאַר דיא לאַנגזאַמע פּראָצעדור פון דיפּלאָמאַטיע, וועלכע איז נאָך דאָפּעלט לאַנגזאַם ווען מען דאַרף פערהאַנדלען מיט אַ רעגירונג וועלכע איז אַזוי אונוויליג צו אַנערקענען רעכטע פון אידען וויא דיא רוסישע.

# קאַפּיטעל 34

## געזעץ וועגען איינוואַנדערונג. זאָנטאַגס־געזעץ און זייער אַנוועבדונג.

אידישע אינטערעסע אין אימיגראַציאָן — דיא ערשטע געזעץ וועגען דעם געגענשטאַנד — דיא נאַטיוויסטען אָדער "נאָו נאַטהינגס" — אַ קאָנגרעס־אונטערזוכונג אין 1838 — פּרעזידענט טיילאָר'ס איינלאַדונג צו אויסלענדער זיי זאָלען קומען און זיך דאָ בעזעצען — פּרעזידענט לינקאָלן רעקאָמענדירט אַ געזעץ צו ערמוטהיגען איינוואַנדערונג, וועלכעס ווערט אָנגענומען אין 1864 — דיא אַלגעמיינע אימיגראַציאָנס־געזעץ פון 1882 — דיא "פאָרד קאָמיטע" — שטענדיגע אימיגראַציאָנס־קאָמיטעס אין קאָנגרעס — ווייטערע אַגיטאַציאָן און געזעצגעבונג וועגען דעם געגענשטאַנד — אַ פאָרשלאַג מיט אַן ערציהונגס־פּראָבע פאַר אימיגראַנטען ווערט וועטירט פון פּרעזידענט גראָווער קליוולענד אין 1897 — דיא לעצטע אימיגראַציאָנס־געזעץ פון 1907 — דיא איינוואַנדערונגס־קאָמיסיאָן פון 1907 און איהר בעריכט אין 1910 -- זאָנטאַגס־געזעץ און זייער בעדייטונג פאַר דעם אָרטאָדאָקסישען אידען — דיא געזעץ פון פערשיעדענע סטייטס און טעריטאָריעס — זייער איינפלוס אויף דיא שטעדטישע רעפאָרם־בעוועגונגען — וויא עס האַלט איצטער מיט דיזע פּראָבלעמען.

דיא פראַגע פון איינוואַנדערונג, אָדער ריכטיגער פון איהר בעשריינקונג, האָט שטענדיג געהאַט אַ גרויסע אינטערעסע פאַר אידען, נישט נור וויל זיי זיינען גרויסע וואַנדערערס און פיעלע פון זיי זוכען אַ היים, זאָנדערן אויך וויל פאַר דיא פיעלע וואָס קומען פון לענדער וואו זיי ווערען פערפאָלגט אָדער פון וועלכע זיי ווערען אויסגעוויזען, איז אויסשליסונג אַ פיעל ערנסטערע זאַך וויא פאַר דיא וועלכע האָבען אַ היים וואו צו געהן צוריק. דיא איינוואַנדערער פון דיא צווייטע פעריאָדע, פון 1815 ביז 1880, זיינען אין דיזער הינזיכט געוועזען גליקליכער וויא דיא וואָס זיינען געקומען גאַנץ פריה און האָבען געליטען פון אָפענע אויסנאַהמען געגען אידען, וויא עס איז דערציילט געוואָרען אין דיא פאָריגע טהיילען פון דיזעס ווערק; און זיי זיינען אויך געוועזען גליקליכער וויא דיא וואָס זיינען געקומען שפּעטער, פון וועלכע פיעלע זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען אַלס אונווינשענסווערטה, צוזאַמען מיט דיא פעהלערהאַפטע און הילפלאָזע פון אַנדערע ראַסען און נאַציאָנאַליטעטען. פון דער צייט וואָס דיא רעגירונג פון יונייטעד סטייטס איז געגרינדעט געוואָרען ביז דעם יאָהר 1835, איז איינ־

וואַנדערונג אָנגענומען געוואָרן אַלס אַ נאַטירליכע זאַך; דיא איינציגע געזעצ־געבונג וואָס איז אָנגענומען געוואָרן, און טהאַטזעכליך דיא איינציגע וואָס איז פאָרגעשלאָגען געוואָרן, איז געווען דאָס געזעץ פון יאָהר 1819, צו רעגולירען דיא פיהרונג פון צווישענדעק־פּאַסאַזשירען אויף'ן ים, אַ געזעץ וועלכעס האָט צו דער זעלבען צייט בעשטימט אַז דיא רעגירונג זאָל אָנהויבען צו זאַמלען סטאַטיסטיק פון איינוואַנדערונג אין יונייטעד סטייטס.

דיא צווייטע פעריאָדע פון 1835 ביז 1860 איז דיא צייט פון דיא זאָ־גענאַנטע "געבאָרענע אַמעריקאַנער" אָדער "נאָו נאַטהינג" בעוועגונג, וועלכע איז געגרינדעט הויפט־זעכליך אויף דיא שנאה צו דיא איינוואַנדערונג פון קאַ־טהאָליקען.*) דיעזע פיינדשאַפט האָט פריה אָנגענומען דיא פאָרם פון אַ פּאָליטישע בעוועגונג, און אין 1835 איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נאַטיוויסטי־שער קאַנדידאַט פאַר קאָנגרעס אין דיא שטאָדט ניו יאָרק, וואו דיא פּאַרטיי האָט אויך נאָמינירט אַ קאַנדידאַט פאַר בירגערמייסטער אין דעם פאָלגענדען יאָהר. דיא בעוועגונג האָט זיך פערשפּרייט איבער פערשיעדענע סטייטס און אין 1845, ווען זיא האָט אָפּגעהאַלטען איהר ערשטע נאַציאָנאַלע קאָנווענציאָן אין פילאַדעלפיא, האָט זיא געהאַט זעקס רעפּרעזענטאַנטען אין קאָנגרעס פון ניו יאָרק און צוויי פון פּענסילוועניע. דיא הויפּט־פאָדערונגען פון יענע קאָנ־ווענציאָן זיינען געווען אַז מען זאָל אָפּשאַפען דיא געזעץ פון נאַטוראַליזאַציאָן, און אַז נור געבאָרענע אַמעריקאַנער זאָלען קענען האָבען עפענטליכע עמטער.

חאָטש דיעזע שאָוויניסטישע פעראיינען זיינען געווען שטאַרקער אין לאָ־קאַלע פּאָליטיק וויא אין נאַציאָנאַלע, האָבען זייערע עטליכע פערטרעטער אין קאָנגרעס דאָך פּרובירט צו מאַכען נאַטיוויזם פאַר אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. אַלס אַ רעזולטאַט פון זייער אָנשטריינגונג האָט דער יונייטעד סטייטס סענאַט אין 1836 אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן אין וועלכע דער מיניסטער פון אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען האָט געקריגען דעם אויפטראַג צו זאַמלען געוויסע אינ־פאָרמאַציאָן וועגען דיא איינוואַנדערונג פון אויסלענדישע בעטלער און פער־ברעכער. אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז איז דעם 19טען פעברואַר 1838 אָנגע־נומען געוואָרן אַ רעזאָלוציאָן אין וועלכע דיא קאָמיטע איבער געריכטס־פראַגען איז בעאויפטראַגט געוואָרן זיך מיישב צו זיין אויב עס איז ניט ניצליך אָנצו־נעהמען אַ געזעץ אַז מען זאָל דאַרפען וואָהנען אַ לייננגערע צייט אין לאַנד איידער מען קען ווערען אַ בירגער, און אויך אויב עס איז פּאַסענד און פּראַק־טיש אָנצונעהמען אַ געזעץ געגען אריינלאָזען אין יונייטעד סטייטס וואַגאַבונדען און בעטלערס וועלכע ווערען אַרויסגעשיקט פון אַנדערע לענדער. דיעזע רעזאָ־

*) זעה "אַבסטראַקט פון דעם בעריכט איבער פעדעראַלע געזעצגעבונג וועגען אימיגראַ־ציאָן", פון דיא אימיגראַציאָנס־קאָמיסיאָן, אַרויסגעגעבען פון דיא רעגירונג, וואשינגטאָן, 1911.

לוציאָן איז איבערגעגעבען געוואָרן צו אַן אויסערוועהלטע קאָמיטע פון זיעבען מיטגליעדער, און איהר בעריכט (הויז־רעפּאָרט נומער 1040, 25טער קאָנגרעס, צווייטע זיצונג), איז דער ערשטער בעריכט פון אַ קאָנגרעס־אונטערזוכונג וועגען אירגענד וועלכע פראַגע וואָס האָט אַ שייכות מיט אימיגראַציאָן. דער בעריכט האָט פאָרגעשלאָגען אַ סיסטעם אונטער וועלכע דיא קאָנסולען זאָלען בעזיכטיגען דיא וואָס ווילען פאָהרען נאָך יונייטעד סטייטס, און מען האָט זאָגאַר געראָדט וועגען אַ שטייער פון 20$ וואָס דער אימיגראַנט זאָל מוזען איינצאָהלען ווען ער קריעגט זיין פּאַספּאָרט פון קאָנסול. דער געזעץ־פאָרשלאַג וואָס איז געווען געגרינדעט אויף דיא רעקאָמענדאַציאָנען פון דיעזער קאָמיטע, האָט בעשטימט שווערע שטראָפען פאַר דעם שיפס־קאַפּיטאַן וועלכער האָט ארויפגענומען אויף זיין שיף צו ברייגגען אַהער אידיאָטען, משוגעים, פערזאָנען וועלכע ליידען פון אַן אונהיילבארע קראַנקהייט אָדער וועלכע זיינען פעראורטהיילט געוואָרן פאַר אַ שענדליכעם פערברעכען. עס איז אויך בעשטימט געוואָרן אַז ער מוז צאָהלען 1,000$ פאַר יעדען פרעמדען וואָס ער ברייגגט אַהער וועלכער קען דאָ ניט פערדיענען אויף לעבענסמיטעל.

דער קאָנגרעס האָט אפילו ניט פערהאַנדעלט וועגען דיעזען פאָרשלאַג, און אין פערלויף פון דיא פאָלגענדע צעהן יאָהר האָט מען זעהר ווייניג געטהאָן צו פּרובירען איינפיהרען געזעץ געגען פרעמדע.

אין אַ באָטשאַפט צום קאָנגרעס, דעם ערשטען יוני 1841, האָט פּרעזידענט דשאָהן טיילער (1813—62) גערעדט וועגען דיא איינוואַנדערונגס־פראַגע צום טהייל וויא פאָלגט:

מיר לאַדען איין לייטע פון אַנדערע לענדער צו קומען אַהער און זיך בעזעצען צווישען אונז אַלס מיטגליעדער פון אונזער שנעל־וואַקסענדע פאַמיליע; און פאַר דעם זעגען וואָס מיר באַטען זיי אָן, פערלאַנגען מיר פון זיי אַז זיי זאָלען קוקען אויף דיעזען לאַנד אַלס זייער לאַנד, און זיך פעראייניגען מיט אונז אין דיא גרויסע אויפגאַבע פון ערהאַלטען אונזערע אינסטיטוציאָנען און דערמיט פערעוויגען אונזערע פרייהייטען.

דיא אַלטע מורא פאַר אויסלענדער איז ווייטער אויפגעוועקט געוואָרן ווען דיא איינוואַנדערונג האָט זיך פערגרעסערט אינמיטען פון נייגצעהנטען יאָהרהונדערט, און דיא נאַטיוויסטישע פּאָליטיקער זיינען ווידער געוואָרן טהעטיג. דיא נייע בעוועגונג, אַזוי וויא דיא פריהעריגע, איז געווען ענג פערבונדען מיט דיא אַנטי־קאַטהאָלישע פּראָפּאַגאַנדאַ. דיא נייע אָרגאַניזאַציאָן האָט אָנגענומען דיא פאָרם פון אַ געהיימע פעראייניגונג. זיא איז אָרגאַניזירט געוואָרן וואַהרשיינליך אין 1850 אין דער שטאָדט ניו יאָרק, און אין 1852 איז זיא געוואָרן פיעל גרעסער דורך דעם וואָס זיא האָט אריינגעקריעגען אַ גרויסע צאָהל

מיטגליעדער פון דעם אַלטען אָרדער פון פעראייניגטע אַמעריקאַנער. דיא פערזאַמלונגען זיינען געוועזן געהיים, זיי האָבען קיינמאָל ניט ארויסגעגעבען פאַר דער עפענטליכקייט וועמען זיי אונטערשטיצען, און מען זאָגט אַז נור דיא וואָס האָבען עררייכט דעם העכסטען גראַד אין פעראיין האָבען געוואוסט זיין נאָמען און זיין צוועק. אַ געוועהנליכער מיטגליעד פלעגט דעריבער אויף אַלע פראַגען מוזען ענטפערן: ״איך וויים ניט״; און מען האָט זיי דארום געגעבען דעם נאָמען ״נאָו נאַטהינגס״ — (דיא וואָס וויסען גאָר נישט). זיי האָבען זיך בעטהייליגט אין לאָקאַלע וואַהלען, און אויך אין סטייט פּאָליטיק און זאָגאַר אין נאַציאָנאַלע וואַהלען, און זיי האָבען בעהויפּטעט אַז זיי האָבען דריי־און־פיערציג רעפּרעזענטאַנטען און פינף סענאַטאָרען אין פיער־און־דריי־סיגסטען קאָנגרעס. אָבער זיי זיינען אַם ענדע פערשוואונדען און האָבען גאָר נישט אויסגעפיהרט געגען אימיגראַציאָן, געגען נאַטוראַליזירטע בירגער אָדער געגען קאַטהאָליקען, און עס איז אין דער צייט פון זייער אַגיטאַציאָן זאָגאַר אָנגענומען געוואָרן איינינגע געזעץ וואָס זיינען געוועזן גינסטיג פאַר אויסלענדער. דאָס פּאַסאַזשיר־געזעץ פון 1819 איז געענדערט געוואָרן אין 1847 און ווידער אין 1848 צו פערזאָרגען בעסערע בעדינגונגען פאַר דיא וואָס פאָהרען אין צוויי־שענדעק. דער אַקט אונטער וועלכען דיא טעריטאָריעס פון נעבראַסקאַ און קאַנזאַס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1854, איז אויך געוועזן גינסטיג צו פרעמדע, ווייל עס איז בעשטימט געוואָרן אַז עס איז גענוג צו ערקלערען דיא אַבזיכט צו ווערען אַ בירגער, (ארויסנעהמען ערשטע פּייפּערס) און שווערען טרייהייט צו דיא קאָנסטיטוציאָן צו האָבען שטים־רעכט אין יענע טעריטאָריעס. ווען מען האָט דיסקוטירט אין 1854 דעם געזעץ וועגען געבען רעגירונגס־לאַנד צו דיא וואָס ווילען זיך בעזעצען אַלס פאַרמערס, — וועלכעס איז ערשט אָנגענומען געוואָרן אין 1862 — האָט מען אויך זעהר פיעל גערעדט וועגען אימיגראַנטען און וועגען דיא פראַגע אויב מען זאָל זיי ערלויבען צו קריגען לאַנד אונטער דעם נייעם פּלאַן. דיא ״נאָו נאַטהינגס״ האָבען געפאָדערט אַז מען זאָל אויסמעקען דעם פּונקט וואָס האָט בעשטימט אַז דיא וואָס ערקלערען זייער אַבזיכט צו ווערען בירגער זאָלען קענען קריעגען לאַנד; אָבער זיי האָבען עס ניט דורכגעפיהרט.

אָבגלייך דיא נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט ניט איבערגענומען דיא קאָנטראָלע איבער איינוואַנדערונג ביז 1882, האָט דאָך דער קאָנגרעס, אין 1862, אויף דיא רעקאָמענדאַציאָן פון פּרעזידענט לינקאָלן, אָנגענומען אַ געזעץ צו ערמוטהיגען אימיגראַציאָן. עס איז בעשטימט געוואָרן אַז אַ קאָמיסיאָנער פון אימיגראַציאָן, אונטער דיא אויפזיכט פון אויסלענדישען מיניסטעריום, זאָל האָבען דיא דעה איבער איינוואַנדערונגס־פראַגען, און עמיגראַנטען מעגען אין אויסלאַנד שליסען קאָנטראַקטען אין וועלכע זיי פער׳משכון׳ען זייער ארבייטס־לוין פאַר דעם

ערשטען יאָהר צו בעצאָהלען דיא אויסגאַבען וואָס מען האָט געמאַכט זיי אריבערצובריינגען. דאָס געזעץ האָט בעשטימט אַז אַזעלכע קאָנטראַקטען זאָלען אַנערקענט ווערען אין דיא יונייטעד סטייטס געריכטען, און אויך אין דיא געריכטען פון דיא סטייטס און טעריטאָריעס, און דאָס דיא געצוואונגענע ארבייט אונטער אַזאַ קאָנטראַקט זאָל ניט בעטראַכטעט ווערען אַלס שקלאַפעריי. אייניגע קאָמפּאַניעס זיינען באַלד נאָכדעם אָרגאַניזירט געוואָרן צו האַנדלען מיט אימפּאָרטירטע קאָנטראַקט־ארבייט, אָבער זיי זיינען ניט געוועזען צופריעדען מיט דעם געזעץ און האָבען געפאָדערט געוויסע ענדערונגען וואָס זאָלען זיי געבען נאָך מעהר מאַכט. דיעזעס האָט אינדירעקט געפיהרט אַז דאָס גאַנצע געזעץ איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1868, און דיא קורצע פּעריאָדע פון נאַציאָנאַלע ערמוטהיגונג פון אימיגראַציאָן איז דערמיט געווען צו ענדע. אַ בעוועגונג געגען אויסלענדישע קאָנטראַקט־ארבייטער בכלל האָט זיך אָנגעפאַנגען באַלד נאָכדעם, חאָטש עס זיינען נאָך אַוועק פיעלע יאָהרען איידער געזעץ וועגען דיעזען פּונקט זיינען אָנגענומען געוואָרן. אַ געזעץ אויסצושליסען אונאַנשטענדיגע פרויען, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1875, איז געווען הויפּט־זעכליך געציעלט צו רעגולירען דיא כינעזישע איינוואַנדערונג. עס זיינען דערמיט דאָן בעריהרט גע־וואָרן צוויי געגענשטענדע וועגען וועלכע עס זיינען אָנגענומען געוואָרן זעהר שטריינגע געזעץ אין דיא פּעריאָדע פון נאַציאָנאַלע קאָנטראָל איבער אימיגראַ־ציאָן, צו וועלכע מען איז אין קורצען געקומען.

אין 1876 האָט דיא סופּרים קאָורט פון יונייטעד סטייטס (דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד) ערקלערט אַז אַלע געזעץ וואָס איינצעלנע סטייטס האָבען אָנגענומען צו רעגולירען און צו בעשטייערן אימיגראַציאָן, זיינען געגען דיא קאָנסטיטוציאָן, און האָט אויסדריקליך רעקאָמענדירט אַז דער קאָנגרעס זאָל אויסאיבען זיין פולע אויטהאָריטעט איבער איינוואַנדערונג. דיעזעס האָט ענדליך געפיהרט צום אָננעהמען דאָס ערשטע אַלגעמיינע אימיגראַציאָנס־געזעץ, וועלכעס איז אונטערגעשריעבען געוואָרן פון פּרעזידענט טשעסטער אַ. אַרטהור (1830—86) דעם דריטען אויגוסט, 1882. עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ שטייער פון 50 סענט פּער קאָפּ אויף אַלע פרעמדע וועלכע לאַנדען אין דיא האַפענס פון יונייטעד סטייטס, און מיט דיעזעס געלד זאָלען געדעקט ווערען דיא אויסגאַבען פון רעגולירען דיא איינוואַנדערונג, און פון אַכטונג געבען אויף דיא אימיגראַנטען נאָכדעם וויא זיי האָבען געלאַנדעט. עס איז אויך בע־שטימט געוואָרן אַז דיא וואָס זיינען פעראורטהיילט געוואָרן אין אויסלאַנד פאַר אַנדערע פערברעכען וויא פּאָליטישע, משוגעים, אידיאָטען, און פּערזאָנען וועלכע וועלען וואהרשיינליך פאַלען צו לאַסט אויף דיא עפענטליכקייט, זאָלען ניט אריינגעלאָזען ווערען. אויסער דעם געזעץ וואָס פערביט צו אימפּאָר־טירען קאָנטראַקט־ארבייטער, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1885, און איז

פערשטאַרקט געוואָרן דורך הוספות אין 1887 און 1888, און אויסער דיא גע־
זעץ וועגען כינעזישע איינוואַנדערונג וועלכע אינטערעסירען אונז דאָ ניט,
זיינען ניט געמאַכט געוואָרן קיין נייע געזעץ וועגען אַלגעמיינע איינוואַנדערונג
פאַר אונגעפעהר צעהן יאָהר, האָטש דיא פראַגע איז איצטער אָפט בעשפּראָכען
געוואָרן אין דיא פרעסע און עס איז אָנגעפיהרט געוואָרן אַן אגיטאַציאָן פאַר
ווייטערע בעשריינקונגען.

אין 1888 האָט דאָס רעפּרעזענטאַנטען־הויז אויטהאָריזירט דורך אַ רע־
זאָלוציאָן אַז אַ קאָמיטע זאָל אויסגעקליעבען ווערען צו אונטערזוכען דיא בע־
שולדיגונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אַז דיא איינוואַנדערונגס־געזעץ ווע־
רען ניט אָפּגעהיט. דיעזע קאָמיטע, וועלכע איז בעוואוסט געווען אַלס דיא
"פאָרד קאָמיטע", האָט אויסגעפונען אַז דיא בעשולדיגונגען זיינען געווען נאָך
מעהר וויא ריכטיג; זיא האָט געלויבט דיא אימיגראַנטען פון פריהערע פעריאָ־
דען און האָט אַרונטערגעריסען דיא וואָס זיינען דאַן געקומען; און זיא האָט
פאָרגעשלאָגען אַ נייעס געזעץ אונטער וועלכע פּאָליגאַמיסטען, אַנאַרכיסטען און
פּערזאָנען וועלכע ליידען פון עקעלהאַפטע אָדער אַנשטעקענדע קראַנקהייטען
זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צו דיא קלאַסען וועלכע ווערען אויסגעשלאָסען. אָבער
דער קאָנגרעס האָט ניט אָנגענומען וואָס דיעזע קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט.

אין 1889 זיינען עטאַבלירט געוואָרן קאָמיטעס איבער איינוואַנדערונג אין
סענאַט און אין דיא אונטערסטע הויז פון קאָנגרעס, און אין 1890 זיינען דיעזע
קאָמיטעס אויטהאָריזירט געוואָרן צו מאַכען צוזאַמען אַ נייע אויספאָרשונג
וועגען דיא איינוואַנדערונגס־פּראַגע. פערשיעדענע בעריכטען זיינען פאָר־
געלייגט געוואָרן, און מען איז געקומען צום בעשלוס אַז אַ ראַדיקאַלע ענדערונג
איז ניט ראַטהזאַם, האָטש עס איז אויסגעפונען געוואָרן אַז עס עקזיסטירט אי־
בער'ן גאַנצען לאַנד אַ פאָדערונג פאַר אַ שטרענגערע אָנווענדונג פון דיא אי־
מיגראַציאָנס־געזעץ. אין פערלויף פון דעם יאָהר 1890 האָט איינע אָדער מעה־
רערע פון דיא פּאָליטישע פּאַרטייען אין דריי־און־צוואַנציג סטייטס געפאָדערט
ווייטערע רעגולירונג. אַלס פאָלגע דערפון איז אין 1891 אָנגענומען געוואָרן
אַ געזעץ וועלכע האָט פערשטאַרקט דיא פריהעריגע געזעץ אין איניגע וויכ־
טיגע איינצעלהייטען, אָבער דיא אַלגעמיינע פּאָליטיק איז אין דיעזער הינזיכט
געבליעבען וויא פריהער.

דיא פראַגע האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו בעשעפטיגען דעם קאָנגרעס.
אַ נייע אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרן פון אַ קאָמיטע פון ביידע הייזער אין
1892, זיא האָט בעריכטעט אין מאָנאַט יולי, און דאַן האָט דער סענאַט בע־
שטימט צו מאַכען נאָך אַן אויספאָרשונג. צוויי נייע פאָרשלעגע זיינען גע־
מאַכט געוואָרן: איינער פאַר ווייטערע רעגולירונג, דער צווייטער אין גאַנצען
צו פערביטען איינוואַנדערונג אויף אַ יאָהר צוליעב דיא עפּידעמיע פון כאָלערא

וועלכע האט דאן געהערשט אין איירָאפּא. אבער קיינע פון דיזע פלענער, און אויך ניט דער פּארשלאג פון אן ערציהונגס־פּראָבע וואס איז דאן צום ערשטען מאל רעקאמענדירט געוואָרן פון א קאנגרעס־קאמיטע, זיינען אנגענומען געוואָרן, און דאס רעווידירטע אימיגראציאָנס־געזעץ וואס איז אונטערגעשריעבען גע־וואָרען פון פּרעזידענט הערריסאן דעם דריטען מערץ 1893, איז קיינעסוועגס גע־ווען ראדיקאל. דער קאפּ־שטייער אויף אימיגראנטען איז געהעכערט געוואָרן פון פופציג סענט אויף איין דאלאר אין 1894.

די אגיטאציאָן אין קאנגרעס איז אבער פאָרטגעזעצט געוואָרן, און ענדליך האבעןביידע הייזער אנגענומען א געזעץ־פאָרשלאג וועלכער האט ענטהאלטען א בילדונגס־פּראָבע, בעשטימענדיג אז יעדע פּערזאָן איבער זעכצעהן יאהר וואס איז קערפּערליך פעהיג דערצו און קען ניט לעזען און שרייבען ענגליש אָדער אירגענד אן אנדער שפּראכע, מיט די אויסנאהמע פון עלטערן, גרויס־עלטערן, פרויען און מינדער־יעהריגע קינדער פון אימיגראנטען וועלכע פּערדיענען אריינ־געלאָזען צו ווערען, זאָלען ניט קענען אריינקומען. פּרעזידענט גראָווער קליוו־לענד (1837—1908) האט צוריקגעשיקט דעם פאָרשלאג מיט זיין "וויטאָ" דעם צווייטען מערץ 1897. ער האט זיך אויסגעדריקט געגען די ראדיקאלע ענ־דערונג אין די נאציאָנאלע פּאָליטיק וועגען איינוואנדערונג, אונטער וועלכע אלע וואס זיינען געקומען זיינען געווען ווילקאָמען, און פון וועלכע מען האט גע־זעהן דעם גרויסען ערפאָלג אין דעם צו־וואקס פון די לעצטע הונדערט יאהר. אין בעצוג אויף די בעהויפּטונג אז איצטיגע אימיגראנטען זיינען וועניגער ווינשענסווערטה וויא פריהעריגע, האט ער געזאגט: "מען קען זיך דערמאָנען די צייט ווען מען האט געזאגט דאסזעלבע וועגען אימיגראנטען וועלכע זיינען איצטער, צוזאמען מיט זייערע קינדער, גערעכענט צווישען אונזערע בעסטע בירגער." וועגען די בעהויפּטונג אז א ראדיקאלע בעשריינקונג איז נייטיג צו בעשיצען אונזער בעפעלקערונג געגען ענטאַרטונג און צו פּערזיכערען אונ־זער נאציאָנאלען פריעדען פון אימפּאָרטירטע אונאָרדנונג, האט פּרעזידענט קליוולענד ערקלערט אז ער דיינקט ניט דאס די נאציאָן וועט בעשיצט ווערען פון אזעלכע איבעל דערמיט וואס מען וועט ניט אריינלאָזען אימיגראנטען וועל־כע קענען ניט לעזען און שרייבען. ער האט אויסגעדריקט זיין מיינונג אז עס איז זיכערער אריינצולאָזען הונדערט טויזענד אימיגראנטען וועלכע קענען אפילו ניט לעזען און שרייבען נור זיי זוכען צווישען אונז ניט מעהר וויא א היים און א געלעגענהייט צו ארבייטען, איידער אריינצולאָזען איינעם פון די אגיטא־טאָרס וועלכע קענען אליין זעהר גוט לעזען און שרייבען, נור זיי האבען פּער־גנניגען פון אויפרייצען די אונוויסענדע און די פריעדליכע. ער האט ער־קלערט אז אויב עס זיינען דא קלאסען וועלכע מען וויל אויסשליסען זאָל מען מאכען געזעץ דירעקט געגען זיי, און ניט פּרובירען זיי אויסצושליסען דורך

דעם אומוועג פון א פּאָדערונג אַז זיי זאָלען קענען לעזען און שרייבען. אייניגע פּונקטען אין דעם געזעץ געגען פרעמדע וועלכע קומען רעגעלמעסיג אין דיא יוניימעד סטייטס צו קריעגען אַרבּייט, האָט ער ערקלערט אַלס "אונליבעראַל, ענגהערציג און אונ־אַמעריקאַניש."

דעם דריטען מערץ 1897 האָט דאָס רעפּרעזענטאַנטען־הויז אָנגענומען דעם פּאָרשלאַג איבער דעם פּרעזידענט'ס וויטאָ מיט 193 געגען 37 שטימען, אָבער דער סענאַט האָט וועגען דעם גאָר נישט געטהאָן, און דער וויטאָ האָט דערמיט פּערניכטעט דעם פּלאַן וועלכער האָט אונטער אַזעלכע אומשטענדען ניט גע־קענט אָנגענומען ווערען סיידען אַז צוויי דריטעל פון יעדעם הויז פון קאָנ־גרעס בעזונדער זאָל שטימען געגען פּרעזידענט. דער זעלבער פּאָרשלאַג איז אריינגעבראַכט געוואָרן אין פּאָלגענדען קאָנגרעס (דעם 55טען) און איז אָנגע־נומען געוואָרן אין סענאַט, אָבער ער איז דורכגעפאַלען אין אונטערסטען הויז, וואו 101 האָבען געשטימט דאַפיר און 103 דאַגעגען.

אַן אינדוסטריעלע קאָמיסיאָן "צו אונטערזוכען פראַגען וועלכע האָבען אַ שייכות מיט אימיגראַציאָן און צו בעריכטען צום קאָנגרעס און פּאָרצושלאָגען געזעץ וועלכע זיא וועט בעטראַכטען אַלס דיא בעסטע וועגען דיעזע געגענשטענ־דע" איז געשאַפען געוואָרן דורך אַן אַקט פון קאָנגרעס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 18טען יוני 1898. דער בעריכט פון דיעזע קאָמיסיאָן איז פּאָר־געלייגט געוואָרן פאַר דעם קאָנגרעס אין פעברואַר 1902, און באַלד נאָכדעם איז פּאָרגעלייגט געוואָרן אין הויז אַ געזעץ־פּאָרשלאַג לויט דיא רעקאָמענדאַציאָנען וואָס דיא קאָמיסיאָן האָט געמאַכט. עס איז אין הויז אויך צוגעלייגט געוואָרן אַ בילדונגס־פּראָבע, אָבער דער סענאַט האָט עס אויסגעמעקט און אַנשטאָט דעם געהעכערט דעם קאָפּ־שטייער פון איין דאָלאַר אויף צוויי. דיא אונ־טערסטע הויז האָט שפּעטער דערצו מסכים געווען, און דאָס געזעץ, וויא עס איז אונטערגעשריעבען געוואָרן פון פּרעזידענט דעם דריטען מערץ 1903, האָט ווידער ניט געמאַכט קיין ראַדיקאַלע ענדערונג אין דיא עקזיסטירענדע גע־זעץ. דאָסזעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען דיא איצטיגע אימיגראַ־ציאָנס־געזעץ וועלכע איז בעשטעטיגט געוואָרן דעם 20טען פעברואַר 1907, וועלכע האָט אויסער דיא העכערונג פון שטייער פון צוויי דאָלאַר אויף פּיער, און אייניגע פערשטערקונגען געגען פעהלערהאַפטע און אונגעוואינשטע קלאַסען, נישט אויפגעטהאָן קיין בעדייטענדע נייעס און איז אויך ניט אַרונטערגע־גאַנגען פון דעם אַלטען וועג פון אימיגראַציאָנס־פּאָליטיק, אריינצולאָזען אַלע אויף וועלכע מען קען רעכענען אַז זיי וועלען זיין אים שטאַנדע צו זאָרגען פאַר זיך און צו ווערען גוטע בירגער. דיא צאָהל און דער פּראָצענט פון דיא וואָס ווערען איצטער אויסגעשלאָסען איז בעדייטענד גרעסער וויא אין פריהעריגע יאָהרען; אָבער דער שטראָם פון איינוואַנדערונג ווערט ניט אָפּגעהאַלטען, און

ווען מען איז שנעל צו זיך געקומען נאך דיא שווערע צייטען וואס האבען זיך אנגעפאנגען מיט דעם פאניק פון 1907, האבען אימיגראנטען ווידער אנגעהויבען צו קומען אין גרויסע מאסען, און דיא פראפארציאן אידען צווישען זיי איז קיינעסוועגס קלענער וויא אין פריהערע יאהרען.

דער אקט פון 1907 האט אויך געשאפען אן אימיגראציאנס־קאמיסיאן צו מאכען א פולע אויספארשונג און אונטערזוכונג, דורך סוב־קאמיטעס אדער אויף אנדערע אופנים וועגען דעם געגענשטאנד פון אימיגראציאן. דיזע קאמיסיאן האט פארגעלייגט איהר בעריכט, וועלכער האלט פיערציג בענדער, אין 1910, און האט רעקאמענדירט אייניגע שארפע בעשריינקונגען מיט דעם צוועק אז א געניגענדע צאהל זאלען אויסגעשלאסען ווערען צו פערקלענערען דיא צאהל פראסטע ארבייטער. דיא קאמיסיאן האט אויך געראטהען אז אזוי ווייט וויא מעגליך זאלען אויסגעשלאסען ווערען יענע פרעמדע וועלכע קומען אהער ניט מיט דיא אבזיכט צו ווערען אמעריקאנישע בירגער אדער אפילו דא צו בלייבען שטענדיג וואהנען; נור אנצוקלייבען גענוג געלד, אויב נויטיג דורך לעבען זעהר ארעם, צו קענען צוריקפאהרען אויף שטענדיג אין זייער אלטע היים. א מעהרהייט פון דיא קאמיסיאן האט זיך ערקלערט צו גונסטען פון דיא ביל־דונגס־פראבע און דער קאנגרעס האט אין אנפאנג פון יאהר 1913 אנגענומען א געזעץ־פארשלאג וואס האט ענטהאלטען דיזען פונקט. אבער פרעזידענט טאפט האט אויף איהם ארויפגעלייגט א "וויטא" און דיא בעשרענקונג איז ווידער ניט געווארן קיין געזעץ.

דיא פראגע פון געצוואונגענע רוהע אום זאנטאג איז פיעל עלטער וויא דיא פראגע פון רעגולירען דיא איינוואנדערונג; מאנכע סטייטס האבען זאנטאגס־געזעץ וואס זיינען אין זייער אריגינעלע פארם אנגענומען געווארן נאך אין אכצעהנטען יאהרהונדערט, און אין דיא קאראליינאס זיינען דיזע געזעץ ווענינ געענדערט געווארן פון דער צייט וואס זיי זיינען געוועזען קאלאניעס. אבער אן איבערזיכט איבער דיזע געזעץ אין דיא פערשיעדענע סטייטס און טעריטאריעס, זייער איינדרוק אויף אידען און דיא געריכטס־פעלע וואס זיינען אונטער זיי פארגעקומען אין פערשיעדענע צייטען און פלעצער, גיט קיין ריכטיגען בעגריף פון זייער בעדייטונג פאר דיא ארטאדאקסישע אימיגראנטען פון דיא לעצטע פעריאדע. וואס אונזער בעסטער אויטהאריטעט איבער דיזען געגענשטאנד, אלבערט מ. פרידענבערג*) האט אנגעזאמעלט און סארטירט, ענטהאלטעט נור פעלע וואס זיינען פארגעקומען אין העכערע געריכטען. דאס זיינען מייסטענס משפטים וואס זיינען געפיהרט געווארן פון לייטע וועלכע

*) זעה זיין אויפזאץ איבער דיא אידען און דיא אמעריקאנישע זאנטאגס־געזעץ אין עלפטען באנד פון דיא "פאבליקיישענס" זייטען 15—101 (אויך אין צוועלפטען באנד זייטען 73—171) און זיין "זאנטאגס־געזעץ אין יונייטעד סטייטס און בעדייטענדע ענטשיידונגען..." אין אידיש־אמעריקאנישען יאהר־בוך פאר תרס"ט זייטען 89—152.

האָבען געהאַט דיא מיטלען צו דינגען אַדוואָקאַטען און אויסצוקעמפּפען דיא פראַגע אַלס אַ פּרינציפּ־זאַך. דיא פערצייכנונגען פון דיעזע משפטים ווייזען אָבער גאָר נישט וועגען דיא צעהנדליגע טויזענד אַרעסטען וואָס זיינען גע־מאַכט געוואָרן אין גרויסע שטעדט, בעזאָנדערס אין ניו יאָרק, אין דיא לעצטע יאָהרען, און וועלכע דער געריכטליכער פאַל איז קיינמאָל ניט געגאַנגען ווייטער וויא דיא ערשטע אינסטאַנץ, ווייל דער אָרעמער מאַן אויב ער איז ניט בע־פרייט געוואָרן אין פּאָליציי־געריכט, האָט געמוזט בעצאָהלען זיין שטראָף אָדער געהן זיצען אין געפענגניס. עס האָט אין דיעזע פעלע ניט געקענט זיין דיא רעדע פון אַפּעלירען צו אַ העכערעם געריכט אָדער פון בעשטעהן אויף קאָנסטי־טוציאָנעלע רעכטע; דיא לייטע זיינען דאַפיר געווען צו אָרעם און צו אונוויסענד, און זיי זיינען אויך געווען צו גוט בעקאַנט מיט אַזעלכע פּראָצעדורען פון דער אַלטער וועלט. דיא זאָנטאַגס־געזעץ זיינען דאָ ניט שטענדיג אָנגעווענדעט גע־וואָרן אויף דעם זעלבען אופן, עס זיינען געווען פּעריאָדען פון שטריינגקייט און פעריאָדען פון מילדקייט, אפילו אונטער דיא זעלבע לאָקאַלע אַדמיניסטראַציאָן, און אָפטמאָל איז אָנגענומען געוואָרן אַ גאַנץ נייע פּאָליטיק אונטער אַ נייע שטעדטישע רעגירונג, האָטש דיא געזעצע פון סטייט זיינען געבליעבען דיא זעל־בע. דער איד פון רוסלאַנד אָדער רומעניען איז געווען אַזוי צוגעוואָהנט צו דיעזע הפסקות פון פּאָליציייסקע טיראַניי מיט דעם צוועק צו ערפּרעסען געלד, אַז ער האָט ניט געקענט אויסטייטשען דיעזע ענדערונגען אין דיא פּאָליטיק פון אָנוועגדען דיא זאָנטאַגס־געזעץ אויף אַן אַנדער אופן וויא ער וואָלט עס געטהאָן אין דער היים, און דיעזעס האָט איהם אויך ענטמוטהיגט ווען ער האָט אפילו געדיינקט וועגען אַפּעלירען צו אַ העכערעם געריכט. דיא פראַגע האָט געדאַרפט אויסגעפאָרשט ווערען ניט יוריסטיש, זאָנדערן סטאַטיסטיש; דיא צאָהל פון אַרעסטס וואָס ווערען געמאַכט, דער פערלוסט פון צייט און געלד וואָס עס ליי־דען דיא וואָס ווערען בעשולדיגט אַז זיי איבערטרעטען דיא זאָנטאַגס־געזעץ, און דער קאָנטראַסט צווישען דיא אָנוועגדונג פון געזעץ אין פערשיעדענע פעריאָ־דען — ווען אַזעלכע פאַקטען און ציפער וואָלטען פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דעם אַמעריקאַנישען פאָלק און פאַר דיא געזעץ־מאַכער, וואָלט זייער שטעלונג אין בעצוג אויף זאָנטאַגס־געזעץ וואַהרשיינליך געענדערט געוואָרן. אָבער עס איז ניט מעגליך צו קריעגען דיא ציפער פאַר דעם געברויך פון אַזאַ ווערק וויא דיעזעס, און עס קען דאָ נור אויסגעדריקט ווערען דיא האָפנונג אַז זיי וועלען געזאַמעלט ווערען אין דיא נאָהענטע צוקונפט פון איינע פון יענע קערפּערשאַפ־טען וועלכע זאַמלען מאַטעריאַל וועגען אידישע געגענשטענדע.

עס איז ניטאָ קיין לאַנדעס־געזעץ וועגען זאָנטאַג, אויסער וואָס עס איז אין יענעם טאָג פערבאָטען צו דיסטילירען גייסטיגע געטריינק. אין קאַליפאָר־ניע איז נור פערבאָטען פאַר אַן אָנגעשטעלטען צו אַרבייטען מעהר וויא זעקס

טעג אין וואך, אבער עס איז ניט בעשטימט אז אלע מוזען רוהען אין א געוויסען טאג. אין קאלארעדא איז פערבאטען נור צו האנדלען מיט גייסטיגע געטריינק און צו ארבייטען אין בארבער־שאפס, און אין מאנטאנא איז נור באר־ביערען פערבאטען אום זאנטאג.

אין די מייסטע אנדערע סטייטס וויא אויך אין די טעריטאריעס, און אין דיסטריקט אוו קאלאמביא (וועלכע ווערט אויך גערעכענט פאר א טעריטא־ריע) זיינען דא מעהר אדער וועניגער שטרענגע געזעצע, אין די מייסטע איז פער־באטען ניט נור ארבייט זאנדערן אויך האנדעל און געשעפט. אין עלף סטייטס: ארקאנסאו, איליניאיז, קענזעס, מינעסאטא, מיזורי, נעבראסקא, ניו דשוירסי, ניו יארק, סאוטה דאקאטא, טעקסאס און ווירדשיניע איז ערלויבט צו ארביי־טען זאנטאג יעדען וואס האלט שבת אלס זיין רוהע־טאג. אין אנדערע, וויא קאנעקטיקוט, אינדיענע, אייאווא, קענטאקי, מעין, מאסאטשוסעטס, מישיגען, נארד דאקאטא, אהייא, אקלאהאמא, רהאוד איילענד, וועסט ווירדשיניע און וויסקאנסין איז די אויסנאהמע פאר די וואס רוהען דעם זיעבעטען טאג געמאכט געווארן פאר געשעפטסלייט אזוי גוט וויא פאר ארבייטער. אבער מען קען ניט אורטהיילען נאך דעם בוכשטאב פון געזעץ וויא ווייט זאנטאגס־רוהע ווערט אפגעהיט אדער דורכגעפיהרט אין א געוויסען פלאץ. מאנכע געזעץ, אזוי ווי אין ניו יארק סטייטס, בעשטימען אז "עס איז א גענינענדע פערטהיידיגונג ביי א קלאגע פאר ארבייטען דעם ערשטען טאג אין וואך, ווען דער אנגעקלאגטער האלט אלע מאל אן אנדער טאג אין וואך פאר הייליג, און ער ארבייט ניט יע־נעם טאג, און אז די ארבייט פאר וועלכע ער איז אנגעקלאגט איז ניט געטהאן געווארן אויף אן אופן צו שטערען אדער צו בעאונרוהיגען לייטע וועלכע האלטען דעם ערשטען טאג אלס הייליגע צייט." אין מאנכע פלעצער, בעזאנדערס אין גרויסע שטעדט, זיינען די זאנטאגס־געזעץ טויטע בוכשטאבען, און מען בריינגט זיי געוועהנליך צוריק אין קראפט אין נאמען פון רעפארם ווען א רע־פארם־פארטיי איז ערפאלגרייך ביי די וואהלען, און זיי ווערען ווידער פער־געסען ווען די רעפארם־פארטיי פאלט דורך ביי די פאלגענדע וואהלען. דער דורכפאל קומט געוועהנליך טאקי צוליעב קיין אנדער אורזאכע וויא דורך די אונצופריעדענהייט פון א גרויסען טהייל בירגער מיט די שטרענגע אנווענ־דונג פון די זאנטאגס־געזעץ. אידען זיינען קיינעסוועגס דער איינציגער עלע־מענט פון די בעפעלקערונג וואס ווערט אויפגערייצט דורך שטריינגקייט אין אזעלכע ענינים. מען קען זאגען אז די צוזאמענפארונג פון שטרענגע דורכ־פיהרונג פון זאנטאגס־געזעץ מיט די בעוועגונג פאר גוטע שטאדט־רעגירונ־גען אין גרויסע שטעדט האט מעהר געשאדעט די פלענער פאר שטעדטישע רעפארם אין יונייטעד סטייטס וויא יעדע אנדערע איינציגע אורזאכע.

פון אלע דריי פראבלעמען אין וועלכע די אידען פון יונייטעד סטייטס

זיינען שפּעציעל פּעראינטערעסירט, שיינט דער ערשטער, אָדער דיא פּאַספּאָרט־
פראַגע צו זיין אַם נעהענטסטען פערענטפערט צו ווערען. דיא איינוואַנדערונגס־
פראַגע וועט נאָך גענויס בלייבען אָפען פאַר פיעלע יאָהרען ווייל קיינער פון
דיא שטרייטענדע אינטערעסען פון ביידע זייטען וועט זיין גענייגט נאָכצו־
געבען אין דיא נאָהענטע צוקונפט. דיא טרייד־יוניאָנס וועלכע זעהען אין דעם
אימיגראַנט אַ געפאַהר פאַר דעם היעגען הויך־בעצאָהלטען אַרבייטער, און דיא
זאָגענאַנטע פּאַטריאָטישע פעראיינען וועלכע האָבען מורא אַז דיא אַמעריקאַנישע
ראַסע וועט זינקען דורך אַ פערמישונג מיט פעלקער און ראַסען וואָס זיי
בעטראַכטען אַלס ניעדריגער פאַר זיך, האַלטען אָן אַ שטענדיגע אַגיטאַציאָן פאַר
בעשריינקונג. פון אַנדערען זייט ווערט אימער גרעסער דיא נאָכפראַגע פאַר
אַרבייטער אין דיא וואַקסענדע אינדוסטריען, פאַר פאַרם־אַרבייטער און פאַר
הויז־דיענערשאַפט, און דער מיליאָן אימיגראַנטען וואָס קומט איצטער אָן אין
אַ יאָהר פון געוועהנליכע געשעפטליכע טהעטיגקייט ווערט אַזוי שנעל אַבסאָר־
בירט אַז מען קען ניט אָפּלייקענען זייער ניצליכקייט. עס איז מעגליך אַז דיא
וואָס אַגיטירען פאַר בעשריינקונג זאָלען בעאיינפלוסען דעם קאָנגרעס אָנצו־
נעהמען עטוואָס שטרענגערע געזעץ, אָבער וועגען אַ ווירקליכע פערשליסונג
פון דיא טהירען פון לאַנד פאַר איינוואַנדערער קען ניט זיין דיא רעדע איידער
דאָס לאַנד וועט ווערען אָנגעפילט און אויפגעבויט; און דיעזעס וועט נאָך דויערן
אַזאַ לאַנגע צייט אַז אַלע שפּעקולאַציאָנען וועגען וואָס עס וועט דאַן פּאַסירען
זיינען איצטער צו פריהצייטיג.

עס איז כמעט אין גאַנצען ניטאָ קיין אַגיטאַציאָן דירעקט געגען דיא זאָנ־
טאַגס־געזעץ. נייע און מייסטענס בעשרענקענדע געזעץ ווערען איצטער אָנגע־
נומען ענטוועדער געגען דעם ליקאָר־האַנדעל אַלס אַ צוגעשטענדניס צו דעם פּראָ־
היביציאָנס־עלעמענט וועלכער ווערט געשטיצט פון דיא קירכען; אָדער געגען
איינציגע בעשעפטיגונגען וויא קצבים אָדער באַרבערס אַלס אַ צוגעשטענדניס
צו דיא שטימונג צו גונסטען פון אַרבייטער וועלכע אַרבייטען צו שווער. דיא
צייט פאַר אָפּשאַפען דיא זאָנטאַגס־געזעץ אָדער פאַר בעשטימען אויסדריקליך
אַז דער וואָס היט אַן אַנדער טאָג זאָל אין גאַנצען זיין פריי פון זיי, אַז אַנשטאָט
וואָס דער איד קען איצטער אין אַזאַ פּלאַץ וויא ניו יאָרק אָנגעבען דיא אָפּהי־
טונג פון שבת אַלס אַ פערטהיידיגונג זאָל דאָס איהם פערזיכערן געגען אָנגע־
ריהרט צו ווערען, איז נאָך ניט געקומען; אָבער דאָס געפיהל פון רעכט און
גערעכטיגקייט וואַקסט אונצווייפעלהאַפט, און עס איז זיכער אַז צום סוף וועלען
דיא ליבעראַלע טענדענצען טריאומפירען איבער דיעזע ירושה פון יענע אינטאָ־
לעראַנטע צייטען, ווען קיינער האָט זיך ניט געפיהלט פערפליכטעט צו רעש־
פּעקטירען דיא רעכטע, בעזאָנדערס נאָך דיא רעליגיעזע רעכטע, פון הילפלאָזע
מינאָריטעטען.

# קאַפּיטעל 35

## דאָס ענדע פון יאָהרהונדערט. דיא שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה. דיא דרייפוס־געשיכטע. ציוניזם.

אידען אין דיא שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה — העכערע און נידעריגע אָפיציערען, סאָלדאַטען און "ווילדע רייטער" — אידען אין דיא פלאָטע; סיימאָן קוק, דשאָסעף שטרויס און עדוואַרד דייוויד טויססיג — דיא קאַריערע פון קאָנטר־אַדמיראַל אַדאָלף מעריקס — זיין בעטהייליגונג אין דיא אויספאָרשונג וועגען דיא "מעין" און אין דעם קריעג — דיא בעדייטונג פון דיא דרייפוס געשיכטע — איהר איינפלוס אויף דיא פערשפּרייטונג פון ציוניזם — דיא אַמעריקאַנישע פּרעסע איז כמעט אַזוי איינשטימיג אויף דער זייט פון דרייפוס וויא דיא אידישע — דיא ציוניסטישע בעוועגונג אין אַמעריקאַ — אימיגראַנטען פון דיא סלאַווישע לענדער אין דיא רייהען, אונטער אַמעריקאַנישע פיהרערשאַפט.

אַ יהיבשע צאָהל אידען זיינען אריינגעטרעטען אַלס פריינוויליגע, אויסער דיא וואָס האָבען פון פריהער געדיענט אין דיא אַרמעע און דיא נייווי, אין דיא קורצע שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה פון 1898, אין וועלכע דיא ליבעראַלסטע און פאָרטגעשריטענסטע מאָדערנע נאַציאָן איז געשטאַנען געגען אַ פאָלק וועלכע האָט אָנגעפאַנגען צו זינקען באַלד נאָכדעם וויא זיא האָט פערטריעבען דיא אידען פון איהר לאַנד אין דעם זעלבען יאָהר ווען אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרן. עס ווערט גערעכענט אַז אַרום פיער טויזענד אידען האָבען זיך געפונען אין דיא אַרמעע און פלאָטע וועלכע איז אַרויס געגען שפּאַניען*), דיא מייסטע פון זיי זיינען געוועזען אימיגראַנטען פון דיא לעצטע פעריאָדען, פון וועלכע אַ היבשער פּראָצענט האָבען געדיענט אין דיא אַרמעען פון רוסלאַנד, עסטרייך אָדער רומעניען איידער זיי זיינען אַהער אָנגעקומען. דיא אַרמעע־אָפיציערען פון העכסטען ראַנק זיינען געוועזען פיער מאַיאָרען וועלכע האָבען גע־

*) זעהע דיא "פאַרלויפיגע ליסטע פון אידישע סאָלדאַטען און מאַטראָזען וועלכע האָבען געדיענט אין דיא שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה" אין אידיש־אַמעריקאַנישען יאָהר־בוך פאַר תרס"א, זייטען 622—525.

דיענט אין דיא רעגעלמעסיגע אַרמעע איידער דער קריעג איז אויסגעבראָכען. זיי זיינען געווען: מאַיאָר דניאל מ. אַפּפּעל (געב. אין פּענסילוועניע, 1854), און מאַיאָר אהרן ה. אַפּפּעל, (געב. 1856) ביידע דאָקטוירים וועלכע זיינען איצטער קאָלאָנעלס אָדער פּאָלקאָווניקעס אין מעדיצינישען קאָרפּוס פון דיא רעגעלמעסיגע אַרמעע. דער דריטער איז געווען מאַיאָר (פון פרייוויליגע) דשאָרדש וו. מאָזעס, אַ געבאָרענער פון אָהייאָ, וועלכער האָט אויסגעשטודירט אין דיא מיליטערישע אַקאַדעמיע אין וועסט פּאָינט אין 1892, און איז געווען אַ לייטענאַנט אין דריטען קאַוואַלעריע־רעגימענט ווען ער איז געשיקט גע־וואָרן אין מלחמה אַלס אַ מאַיאָר פון פרייוויליגע, און איז נאָך'ן קריעג צור־ריקגעקעהרט אין רעגעלמעסיגען דיענסט אין 1899. דער פיערטער איז געווען מאַיאָר פעליקס ראָזענבערג, וועלכער איז געשטאָרבען אין פּאָרט טהאָמאַס. אויי־סער דעם זיינען געווען אין דער אַרמעע אַרום אַ האַלבער דוצענד קעפּטעינס, פון וועלכע איינער, מאָזעס דש. זאַלינסקי (געב. אין ניו יאָרק 1863), וועלכער האָט גראַדואירט פון דיא אַרטילעריע־סקול אין 1894, איז איצטער אַ לייטענאַנט־קאָלאָנעל אין דיא רעגעלמעסיגע אַרמעע. עס זיינען אויך געווען אין קריעג אַרום אַ דוצענד אידישע לייטענאַנטס, פון וועלכע דיא מייסטע האָבען גע־ענדיגט דיא מיליטערישע אַקאַדעמיע פון וועסט פּאָינט.

אייניגע הונדערט אידען האָבען געדיענט אַלס אונטער־אָפיציערען אָדער איינפאַכע סאָלדאַטען אין דיא רעגעלמעסיגע אַרמעע, אָדער זיינען אַריינ־געטראָטען אין דיא רעגימענטען פון פרייוויליגע וועלכע דיא רעגירונג פון יוניי־טעד סטייטס האָט אָרגאַניזירט. אָבער דיא גרויסע מאַסע אידישע סאָלדאַטען האָבען געדיענט אין דיא רעגימענטען פון סטייט־פרייוויליגע, און זיינען גע־ווען פערטרעטען צווישען דיא סאָלדאַטען פון יעדען סטייט, האָבענדיג צווישען זיך אַ היבשע צאָהל פון קלענערע מיליטערישע בעאַמטע, און אויך אַ געוויסע צאָהל אָפיציערען. זיי זיינען נאַטירליך געווען אַם בעסטען רעפּרעזענטירט אין דיא רעגימענטען און קאָמפּאַניעס (ראָטעס) וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין דיא גרויסע שטעדט; מאַנכע קאָמפּאַניעס אין ניו יאָרקער רעגימענ־טען האָבען געהאַט פון פינף־און־צוואַנציג ביז דרייסיג אידישע רעקרוטען. מען ווייס פון אונגעפעהר אַ האַלבע דוצענד אידען וואָס האָבען געדיענט אין דעם ערשטען יונייטעד סטייטס פרייוויליגען קאַוואַלעריע־רעגימענט (בעוואוסט אַלס דער רעגימענט פון "ווילדע רייטער") וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון טהעאָ־דאָר רוזוועלט, (געב. אין ניו יאָרק, 1858) וועלכער האָט שפּעטער געדיענט אַלס פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, פון 14טען סעפּטעמבער 1901 ביז דעם פיערטען מערץ 1905, אַלס נאָכפאָלגער פון ערמאָרדעטען פּרעזידענט וויליאַמס מעקקינלעי, (1843—1901), און דאַן אַ פולען טערמין, פון פיערטען מערץ 1905 ביז פיערטען מערץ 1909, ווען ער האָט געמאַכט פּלאַץ פאַר זיין

נאָכפאָלגער, דעם פאָריגען פרעזידענט, וויליאם האָווערד טאפט, (געב. אין סינסינעטי, אָהייאָ, 1857).

עס האָבען זיך געפונען ארום צוואנציג אידישע אָפיציערען אין דיא פלאָטע פון יונייטעד סטייטס אין דער צייט פון קריעג, און כמעט אלע פון זיי זיינען געווען אויסגעשטודירטע פון די נייוועל אקאדעמיע פון אנאפאָליס, מערילענד. איינער פון זיי, סיימאָן קוק, (געב. אין אילינאָיז, 1856; געש. אין סט. לואיס, מיזורי, 1907), איז ערנענט געוואָרען פאר דיא אקאדעמיע פון אנאפאָליס פון אלטען דריטען קאָנגרעס־דיסטריקט פון מיזורי אין 1873 און האָט גראַדואירט אין 1877, האָט געדיענט מיט אויסצייכנונג אין דיא פיליפינען; און אַ קראַנק־הייט מיט וועלכע ער איז דאָרטען בעלאסטעט געוואָרען האָט איהם געצוואונגען זיך צוריק צו ציהען פון דיענסט, מיט דעם ראַנק פון קאָממאַנדער, פאַר דער צייט. אַן אַנדער אידישער בעאַמטער פון דיא נייווי אין דער צייט פון קריעג, לייטענאַנט דשאָסעף שטרויס, איז איצטער אַ קעפּטעין און שטעהט אַן דער שפּיצע פון דיא אָרדינאַנץ־ביוראָ פון דיא פלאָטע. אַ דריטער בעאַמ־טער פון אידישער אָבשטאַמונג האָט עררייכט נאָך אַ העכערע שטעלונג. עדוואַרד דייוויד טויססיג, (געב. אין סט. לואיס, 1847), איז אריינגעטרעטען אין דיא פלאָטען־אקאדעמיע פון אנאפאָליס אין 1863 און האָט גראַדואירט אין 1867, און איז געווען (זייט 1892) אַ לייטענאַנט־קאָממאַנדער ווען דיא מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען. ער האָט געדיענט אין פערשיעדענע סטאַציאָנען ביז 1893 ווען ער איז געוואָרען דער קאָמאַנדירער פון דיא שיף "בעננינגטאָן." ער האָט גענומען בעזיץ פון וועיק איילענד (אָושיעניקאַ) פאַר יונייטעד סטייטס, און איז געוואָרען דער העכסטער בעאַמטער אין גואם ווען שפּאַניען האָט איבערגעגעבען יענע אינזעל דעם ערשטען פעברואַר, 1899. אין 1902 איז ער געוואָרען אַ קעפּטעין אין דיא נייווי (וועלכעס איז גלייך צו אַ קאָ־לאָנעל אין דיא אַרמעע) און אין 1903 איז ער געוואָרען דער קאָמאַנדירער פון נייווי יאַרד אין פּענסאַקאָלאַ, פלאָרידאַ. ער איז צוריקגעטרעטען פון דיענסט מיט דעם ראַנק פון ריער־אַדמיראַל (קאָנטר־אדמיראַל, גלייך צו בריגאַדיער־גענעראַל אין דיא אַרמעע) ווען ער איז אַלט געוואָרען 62 יאָהר, אין 1909.

דער איד וועלכער האָט געשפּיעלט דיא וויכטיגסטע ראָלע אין דיא פּאַ־סירונגען וואָס האָבען געפיהרט צו דעם שפּאַנישען קריעג, אויב ניט אין דעם קריעג אַליין, איז געווען לייטענאַנט־קאָממאַנדער (איצטער ריער־אַדמיראַל, אין רוהעשטאַנד) אַדאָלף מעריקס, (געב. אין דייטשלאַנד, וואהרשיינליך פון רוסישע עלטערן, 1848), וועלכער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ גאַנץ יונג און איז אריינגעטרעטען אין דיא אַקאַדעמיע פון אַנאַפּאָליס אין 1864, פון וועלכע ער האָט גראַדואירט פיער יאָהר שפּעטער. ער איז געשטיעגען אין דיענסט שריט ביי שריט, ביז ער איז געוואָרען אַ לייטענאַנט אין 1872, און איז נאָכדעם

בעשטימט געוואָרן צו טהאָן שפּעציעלע דיענסטע אין אָפיס פון הויפּט־ריכטער־אַדוואָקאַט וואו ער האָט אָנגעזאַמעלט ווערטהפאָלע ערפאַהרונג און איז גע־וואָרן אַן עקספּערט אין געזעץ־פראַגען וואָס האָבען אַ שייכות מיט דיא פלאָטע. אין 1893 האָט ער ערגרייכט דעם ראַנק פון לייטענאַנט־קאָממאַנדער און אין סעפּטעמבער 1895 איז ער טראַנספערירט געוואָרן פון זיין קאָממאַנדאָ אויף דיא עמפּפאַנגס־שיף "מינעסאָטאַ" צו ווערען דער ערשטער קאָמאַנדירער פון דיא אונגליקליכע קריעגס־שיף "מעין" וועלכע איז דאַן פערטיג געוואָרן. אין יאַנואַר 1898 איז ער טראַנספערירט געוואָרן אויף דיא "סקאָרפּיאָן", איינינע וואָכען איידער דיא "מעין" איז אָנגעקומען אין האַפען פון האַוואַננאַה, קיובאַ, וואו זיא איז צוריסען געוואָרן פון אַן עקספּלאָזיאָן דעם 15טען פעברואַר פון יענעם יאָהר.

לייטענאַנט־קאָממאַנדער מעריקס איז געווען דער סעקרעטערי פון דעם אונטערזוכונגס־געריכט וואָס האָט אויסגעפאָרשט דיא אורזאַכען פון דיא אויפ־רייסונג פון דיא "מעין", און ער האָט אויפגעשריעבען דעם בעריכט וועלכער האָט צום טהייל בייגעטראַגען אַז דיא מלחמה זאָל אָנגעפאַנגען ווערען. ער האָט אַליין פאָרגעלייגט דיעזען היסטאָרישען דאָקומענט פאַר פּרעזידענט מעקקינלעי דעם 26טען מערץ, 1898, און איז דאַן אַוועק זיך בעטהייליגען אין דעם קריעג וועלכער האָט געמאַכט אַן ענדע צו שפּאַניען'ס הערשאַפט אין דיא נייע וועלט. אין דעם זעלבען מאָנאַט איז ער אַוואַנסירט געוואָרן צו דעם ראַנק פון קאָמ־מאַנדער, און איז שפּעטער אויסגעצייכענט געוואָרן פאַר זיין העלדענמוטהיגע אויפפיהרונג אין צוויי שלאַכטען ביי מאַנזאַנילאָ, קיובאַ, דעם 1טען און דעם 18טען יולי, 1898. ווען פּרעזידענט טאַפט איז געווען דער גענעראַל־גאָווער־נאָר פון דיא פיליפּינען איז קאָממאַנדער מעריקס דאָרטען געווען סטאַציאָנירט. ער האָט שפּעטער ערגרייכט דעם ראַנק פון ריער־אַדמיראַל און ווען ער איז גע־וואָרן 62 יאָהר אַלט איז ער פערזעצט געוואָרן אין רוהע־שטאַנד, וויא דאָס גע־זעץ בעשטימט, נאָכדעם וויא ער האָט פערבראַכט זעקס־און־פיערציג יאָהר אין דיענסט. ער וואָהנט איצטער אין ניו יאָרק.

* * *

אין דער צייט ווען דיא מלחמה האָט זיך געענדיגט און שפּאַניען האָט פערלאָרען דאָס לעצטע פון דאָס וואָס זיא האָט געוואונען דורך דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, איז דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא גאַנצע וועלט געווען קאָנ־צענטרירט אויף דיא בעריהמטע דרייפוס־געשיכטע. דער לעצטער פערצוויי־פעלטער פערזוך פון דיא קרעפטען פון רעאַקציאָן ארויפצוצווינגען אַן אַנטי־אידישע פּאָליטיק אויף אַ גרויסע פּראָגרעסיווע נאַציאָן, האָט צום סוף געפיהרט אַז עס זאָל קלאָר בעוויעזען ווערען אַז דיא וועלט איז שוין אַוועק צו וויט פאַר אַזעלכע טאַקטיקס, און אַז דיא שטימע פון גערעכטיגקייט קען ניט דערשטיקט

ווערען אין א ציוויליזירטע מדינה וואו דאס פאלק גיט די ענדליכע ענטשיידונג איבער אלע העכסט-וויכטיגע פראגען. פראנקרייך אליין איז ערשיטערט גע-ווארן ביז צום פונדאמענט און זאגאר די עקזיסטענץ פון איהר רעגירונג איז געשטעלט געווארן אין געפאהר צוליעב דאס גרויסע אונרעכט וואס איז געטהאן געווארן דעם אידישען אפיציער, און אויך די גאנצע ציוויליזירטע וועלט איז אויפגעוועקט געווארן איבער די געשיכטע מעהר וויא דאס האט וואהרשיינליך ווען פאסירט איבער דעם שיקזאל פון אן אונבעדייטענדע איינצעלנע פערזאן. דאס איז געווען דער איינציגער ערשטער פערזוך פון א ווירקליכע "יודענהעצע" אין א מאדערנע פרייע מדינה, און אזוי פיעל איז אפגעהאנגען פון דעם רע-זולטאט אז ניט נור די אידען פון גאנץ וועלט זיינען געווען פעראינטערע-סירט, זאנדערן אויך זייערע פריינד און זייערע שונאים פון אלע לענדער האבען בעגריפען די פולע וויכטיגקייט פון די "אפפעיר" און די בעדייטונג וואס דער סוף וועט האבען פאר די אידישע לאגע איבעראל. ווען אנטיסעמיטיזם וואלט טריאומפירט אין פראנקרייך וואלט עס מיינען אז אפילו פאליטישע פריי-הייט, אלגעמיינע שטים-רעכט און א פאלקס-רעגיערונג קענען אויך ניט לעזען די אידישע פראגע; אז די קולטור פון די מערב-לענדער קען ניט ברייננען די וואהרע עמאנציפאציאן וואס מען האט פון איהר ערווארטעט, און אז אנ-דערע מיטלען וויא די וואס זיינען פארגעליינט געווארן פון די גרויסע לי-בעראלע בעוועגונג פון לעצטען יאהרהונדערט: זיך צופאסען צו די אומשטענ-דען פון די אומגעבונג, און אננעהמען די שפראכע און די לעבענסארט פון די פעלקער צווישען וועלכע זיי לעבען, מוזען געזוכט ווערען צו בעפרייען די אידען פון זייערע אלטע צרות אפילו אין די העכסט-ציוויליזירטע לענדער. גליקליכער-ווייזע פאר פראנקרייך, פאר ציוויליזאציאן און פאר די אידען, איז אנטיסעמיטיזם פאלשטענדיג געשלאגען געווארן אין אן אפענע פאליטישע שלאכט צום ערשטען מאל אין מאדערנע געשיכטע. דער דאס וואס איז גע-בויט געווארן פון פרייהייט האט זיך געוויעזען גענוג שטארק אפצוהאלטען די שטירמישע וועלען פון ברוטאלע אונגערעכטיגקייט; די אויפרעגונג וואס די עוולה האט פעראורזאכט איז אליין געווען די בעסטע ווארנונג געגען די געפאהר וואס די אויפלעבונג פון מיטעל-אלטערליכען פאנאטיזם ברייננט פאר אן ענטוויקעלטע מדינה. פערפאלגונג און אויסנאהמען זיינען צוריקגעשטוי-סען געווארן און זיינען בעשריינקט געווארן אויף די דונקעלערע ווינקלען פון דער ערד, אין די לענדער וואו די מאסען פון פאלק זיינען נאך אונטער-דריקט פון טיראנייע און בעלאסטעט מיט אונוויסענהייט. אין יענע צוריקגע-בליעבענע לענדער האבען די שונאים פון אידען זיך אנגעהאפט אן די דריי-פוס-אגיטאציאן און איהר אויסגעניצט געגען די אידען אזוי ווייט וויא עס איז געווען מעגליך, און אין יענע פלעצער האבען פיעלע אידען אנגעהויבען צו פער-

צווייפלען. אויב פראנקרייך קען ווערען אנטיסעמיטיש צום ענדע פון נײנ־צעהנטען יאהרהונדערט, וועלכע האפנונג קען בלייבען פאר דעם אידען אין הינטערשטעליגע לענדער אז פאליטישער פראגרעס און קולטורעלע ענטוויק־לונג וועט איהם ברייננען פערבעסערונג? דיא פולע מאכט פון דעם זיעג איבער דיא פראנצויזישע רעאקציאנערען איז געווען בעוואוסט און איז געפיהלט גע־וואָרן נור אין דיא פרייע לענדער; אנדערסוואו איז געבליעבען דער איינדרוק אז דיא אידען פון פראנקרייך זיינען איבערגעבליעבען אין א טרויעריגע לאגע, און אז דיא צוקונפט זעהט פאר זיי אויס אזוי דונקעל וויא עס איז געוועהנליך דער פאל אין רוסלאנד נאך א נייעם אויסברוך פון פאגראמען.

דער רעזולטאט פון דיעזע נייע האפנונגסלאזע אנזיכט איבער דיא אידישע לאגע איז געווען דיא פלוצלונגע פערשפרייטונג פון דיא נייע ציוניסטישע בע־וועגונג וועלכע איז דאן אנגעפאנגען געווארן אין אייראפא אונטער דיא פיה־רערשאפט פון דר. טהעאדאר הערצל, (1860—1904). ער אליין און זיינע ערשטע העלפערס זיינען געווען עסטרייכער, און זיי האבען געקריעגען זייערע מייסטע אנהייננער אין רוסלאנד און אין גאליציען, און אין דיא מייסטע גרויסע שטעדט פון אנדערע לענדער וואו עס זיינען פאראן א גרויסע צאהל אידישע אימיגראנטען פון סלאווישע לענדער. ווען דיא בעוועגונג האט אנגעפאנגען צו ווייזען צייכענס פון לעבען אין דיא ענגליש־שפרעכענדע לענדער, זיינען גע־בארענע אדער אסימילירטע אידען אין איהר אריינגעטרעטען און זיינען געווארן איהרע פיהרער. און אזוי איז עס געקומען אז האטש דיא אמעריקאנישע פרע־סע איז, מיט ווענינע און אונבעדייטענדע אויסנאהמען, געווען אזוי שטארק פרא־דרייפוס וויא דיא אידישע פרעסע אליין, און דער זיעג פון גערעכטיגקייט און ליבעראליזם איז אזוי שטארק בעטאנט געווארן היער וויא אין פאריז, איז דא דאך פארבערייטעט געווארן א בעשריינקטעס פעלד פאר דיא ציוניסטישע בע־וועגונג אזוי וויא אין רוסלאנד, עסטרייך און רומעניען. דיא אלטע "חובבי ציון" וועלכע האבען געגלויבט אין דיא קאלאניזאציאן פון ארץ ישראל זיינען דא אויך אריינגעטרעטען אין דיא נייע פאליטישע בעוועגונג, אזוי וויא זיי הא־בען געטהאן אין אייראפא, און דיא משכילים וועלכע זיינען פערדריינגט גע־ווארן אין הינטערגרונד דורך דעם אנקומען פון דיא פאפולערע ראדיקאלע פיה־רער פון דיא נייע פעריאדע, זיינען אויך צוגעצויגען געווארן פון דיא בעוועגונג וועלכע האט געהאלפען צוריקשטעלען א גלייכגעוויכט אין דיא גייסטיגע אידישע קלאסען. דיא ערשטע ציוניסטישע פעראיינען פון ניו יארק זיינען בעשטאנען כמעט אין גאנצען פון אימיגראנטען. אבער ווען דיא פעדעראציאן פון ציוניסטי־שע פעראיינען פון גרויס־ניו־יארק און דיא אומגעגענד (ארגאניזירט 1897), איז אויסגעברייטעט געווארן דורך אריינגעהמען פעראיינען פון אויסערהאלב ניו יארק, און איז געווארן, אויף א קאנווענציאן וועלכע איז געהאלטען געווארן

אין ניו יאָרק אין יולי 1898, אַ "פעדעראַציאָן פון אַמעריקאַנישע ציוניסטען", זיינען אַמעריקאַנישע אידען געשטעלט געוואָרן אַן דער שפּיצע פון דיא בעוועגונג.

פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטטהייל איז ערוועהלט געוואָרן פּרעזידענט פון דיא פעדעראַציאָן און האָט געהאַלטען דיא שטעלע זעקס יאָהר, און זיין נאָכפאָלגער, אין 1904, איז געוואָרן דר. העררי פריעדענוואַלד, (געב. אין באַלטימאָר, 1864), וועמען'ס פאָטער, דר. אהרן פריעדענוואַלד, (געב אין באַלטימאָר, 1836 ; געש. 1902), איז געוועזן איינער פון דיא ערשטע וויים־פּרעזידענטען פון דיא פעדעראַציאָן. דער ערשטער סעקרעטער איז געוועזן ראַבינער סטיווען ווייז, (געב. אין אונגאַרן, 1872) וועלכער איז געבראַכט געוואָרן אַהער אַלס קינד, און איז איצטער דער גייסטליכער פון דיא פרייע סינאַגאָג אין ניו יאָרק. זיינע נאָכפאָלגער זיינען געוועזן אין דיא פאָלגענדע אָרדנונג: איזידאָר ד. מאָריסאָן, דשייקאָב דע האאז, דר. יהודה ל. מאגנעס, (געב. 1877), ראבבי דשאָסעף דשייסין און העגריעטע סאָלד. ווען דיא פעדעראציאָן איז געגרינדעט געוואָרן איז זיא בעשטאנען פון אונגעפעהר פינף־און־צוואנציג פעראיינען, וועלכע האָבען צוזאמען געהאט אַן ערך פון טויזענד מיטגליעדער. אויף דיא זעכצעהנטע יעהרליכע קאָנווענציאָן וועלכע איז געהאלטען געוואָרן אין סינסינעטי אין יוני 1913 איז בעריכטעט געוואָרן אז דיא צאָהל פעראיינען איז 330 און זיי האָבען 14,000 שקל־צאָהלערם.

דער אָרדען "ריטער פון ציון" וועלכער האָט זיין הויפּט־קוואַטיער אין שיקאַגאָ ווערט בעטראַכטעט אַלס אַן אונאַבהייגגיגע וועסטליכע פעדעראַציאָן פון ציוניסטען.

# זיבעטער טהייל

## דער צוואַנציגסטער יאָהרהונדערט. איצטיגע צושטענדע.

## קאַפּיטעל 36

### שולען און אַנשטאַלטען. דיא ענציקלאָפּעדיע. רומעניען און דיא רו־מענישע נאָטע.

שולען און אַנדערע אידישע אַנשטאַלטען — אַלגעמיינע פערבעסערונג און מעסיגקייט — דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע — איהרע רעדאַקטער־ע און מיטאַרבייטער — דיא אינטערעסע פון דיא אַמעריקאַנישע רעגיערונג אין דיא אידישע לאַגע אין רו־מעניען זייט 1867 — בענדשעמין פ. פּיישאָטאָ, דער גענעראַל קאָנסול פון יונייטעד סטייטס אין בוקאַרעסט — דיא דיפּלאָמאַטישע קאָררעספּאָנדענץ צווישען קאַססאָן און עוואַרטס — נייע פערהאַנדלונגען מיט רומעניע אין 1902 — דיא נאָטע וועגען רומעניען צו דיא מעכטע וועלכע האָבען אונטערגעשריעבען דעם בערלינער פערטראַג — דיא פראַגע איז נאָך ביז איצט ניט פערענטפערט.

איבער זעקס הונדערט טויזענד אידען זיינען אָנגעקומען אין יונייטעד סטייטס פון דעם אָנפאַנג פון דיא נייע וואַנדערונג אין 1881 ביז דעם ענדע פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט, און דיא גאַנצע צאָהל אין לאַנד איז שוין איצ־טער געווען אַ היבשע ביסעל איבער אַ מיליאָן. עס האָבען זיך געפונען אידישע געמיינדען אין מעהר וויא פינף הונדערט פערשיעדענע פּלעצער, און זיי האָ־בען געהאַט 791 קאָנגרעגיישענס, 415 ערציהונגס־אַנשטאַלטען און איבער פינף הונדערט וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען וועלכע האָבען געהאַט אַ שפּעציעל אי־דישען כאַראַקטער, לויט אַ ציילונג וואָס איז געמאַכט געוואָרן צום אָנפאַנג פון נייעם יאָהרהונדערט.*) אָבער דיא צאָהל קאָנגרעגיישענס אָדער שולען איז געווען זעהר פיעל גרעסער, וואַהרשיינליך מעהר וויא דאָפּעלט וויא פיעל דיא

*) אַמעריקאַניש־אידישער יאָהר־בוך פאַר תרס"א.

ציילער האָבען דאַן אויפגעזאַמעלט. דער אַמעריקאַנער, און אפילו דער אַמעריקאַנישער איד, האָט זיך נאָך דאַן ניט אויסגעלערנט צו נעהמען ערנסט יענע קליינע שולכלאַך וועלכע זעהען ניט אויס וויא געבעט־הייזער, פון דעם סאָרט קליינע קאָנגרעגיישענס פון וועלכע פינף אָדער זעקס, און אַמאָל נאָך אַ גרעסערע צאָהל געפינען זיך אָפט אין איין איינציגען בלאָק פון אַ געדיכט־בעפעלקערטע אידישע נאַכבאַרשאַפט אין דיא גרויסע שטעדט. אַ צווייטע און גרינדליכערע אויפציילונג וועלכע איז געמאַכט געוואָרן אין 1907, האָט געגעבען דיא שטאָדט ניו יאָרק אליין כמעט אַזאַ גרויסע צאָהל שולען וויא דיא סטאַטיסטיק פון 1900 האָט געגעבען דעם גאַנצען לאַנד; אָבער דער ווירקליכער צו־וואַקס איז געווען זעהר ווייט פון אַזאַ פּראָפּאָרציאָן. וואַהרשיינליך פיער־פינפטעל פון דיא קאָנגרעגיישענס פון ניו יאָרק און פון אַנדערע גרויסע אידישע מיטעלפּונקטען פון דיא איסט און דיא מיטעל־וועסט זיינען עלטער וויא צעהן יאָהר, נור מען האָט זיי איינפאַך פערזעהן ביי דיא ערשטע ציילונג. עס איז איצטער אַרויס פון דער מאָדע צו אָרגאַניזירען קליינינקע שולכאַלאַך; דיא טענדענץ איז צו פערשמעלצען דיא קלענערע און צו בויען גרעסערע און שעהנערע געביידען אין דיא נייערע נאַכבאַרשאַפטען וואו דיא אימיגראַנטען ציהען זיך אַריבער נאָכדעם וויא זיי פערלאָזען דעם טענעמענט־הויז דיסטריקט. אין דעם פעלד פון וואָהלטהאַט און פון ערציהונג פערשווינדעט אויך דיא פאָרליעבע פאַר נייע אָרגאַניזאַציאָנען, און מען מערקט דעם וואונש צו בויען אויף אַ זיכערען פונדאַמענט, צו פערבעסערן און צו פערשטאַרקען גיכער וויא צו גרינדען נייע אינסטיטוציאָנען. נייע שולען ווערען איצטער געבויט מייסטענס אין נייע געמיינדען אָדער אין נייע אידישע נאַכבאַרשאַפטען, אָדער פון אַלטע קאָנגרעגיישענס וועלכע דאַרפען גרעסערע געביידען.

אַמעריקאַ האָט איצטער געהאַט דיא גרעסטע געמיינדע פון פרייע אידען אין דער וועלט, דאָס הייסט פון אידען וועלכע האָבען ניט געליטען פון שפּעציעלע אויסנאַהמען און האָבען ניט געהאַט דיא בעזאָנדערע שוויריגקייטען וואָס זיינען אַ דריקענדע לאַסט אויף דיא אידען פון רוסלאַנד און גאַליציען. דיא גרויסע מאַסען וועלכע זיינען אָנגעקומען אין דיא לעצטע צוואַנציג יאָהר האָבען פּראָגרעסירט זעהר שנעל, און זיינען געוואָרן אַמעריקאַניזירט אין יעדע הינזיכט. מען האָט אָנגעפאַנגען צו פיהלען דיא נייטיגקייט פון גייסטיגע שפּייז; דער עקסטרעמיסט האָט זיך געמוזט אונטערגעבען צו דעם איינפלוס פון דעם וואָס איז מעהר אַקלימאַטיזירט, און אפילו דיא ראַדיקאַלסטע צייטשריפטען האָבען אָנגעהויבען צו רעשפּעקטירען דיא עמפּפינדליכקייט, אפילו אויב ניט דיא מיינונגען, פון אַנדערע קלאַסען. דיא צאָהל פון ערצויגענע און וואָהלהאַבענדע איז שנעל געוואַקסען, און דיא אידישע געמיינדע איז איצטער געווען גענוג פאָרבערייטעט פאַר "דיא וויכטיגסטע פּאַסירונג אין דיא געשיכטע פון אידישע

געלעהרזאמקייט אין אמעריקא" — דיא ארויסגאבע פון דיא אידישע ענציקלאָ־פּעדיע.

דיזע מאָנומענטאלע ליטעראַרישע אונטערנעהמונג, דאָס גרעסטע פון איהר ארט וועגען אידישע געגענשטענדע אין אירגענד וועלכע שפּראַכע, איז פּראָיעקטירט געוואָרן פון דר. איזידאָר זינגער, (געב. אין ווייסקירכען, מעהרען, 1859; געק. 1895) און איז רעדאַקטירט געוואָרן פון א רעדאַקציאָנס־ראַטה פון בעוואוסטע געלעהרטע, פון וועלכע דר. אייזאַק פונק, (געב. 1839; געש. 1912; דער פּרינציפּאל פון דיא פירמא פונק און וואגנאלס וועלכע האבען ארויסגעגעבען דאָס ווערק) איז געוועזן דער פּאָרזיצענדער, און פראַנק ה. וויזיטעלי, (געב. אין מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, 1864), דער סעקרעטער. דיא ערשטע רעדאַקטאָרען זיינען געוועזן: סיירוס אדלער; גאָטהאַרד דייטש, (געב. אין קאָניץ, עסטרייך, 1859; געק. 1891), פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין היברו יוניאָן קאלעדש; לואיס גינצבערג, (געב. אין קאָוונאָ, רוסלאַנד, 1873; געק. 1899), וועלכער איז איצטער פּראָפעסאָר פון תלמוד אין דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי פון אמעריקא אין ניו יאָרק; ריטשארד גאָטהייל; דשאָסעף דשייקאָבס, (געב. אין סידנעי, אויסטראַליע, 1854; געק. 1900), דער פאָלקלאָריסט און סטאַטיסטיקער; מארקוס יאסטראָוו; מאָררים יאסט־ראָוו; קויפמאַן קאָהלער; פרעדריק דע סאָלא מענדעס (געב. אין דשאמייקא, וועסט אינדיען, 1850; געק. 1873), דער ראַבינער פון דיא וועסט ענד סי־נאגאָג פון ניו יאָרק; איזידאָר זינגער; און קראָפּאָרד ה. טאָי, (געב. אין נאָר־פּאָלק, ווירדשיניע, 1836), יעצט פּראָפעסאָר עמעריטוס פון העברעאישע און אָריענטאלישע שפּראַכען פון הארוואַרד אוניווערזיטעט. דיעזער רעדאַקציאָנס־ראַטה ערשיינט אויף דעם טיטעל־בלאַט פון דעם ערשטען באַנד וועלכער איז ערשיענען אין 1901. מיט דעם אָנפאַנג פון צווייטען באַנד איז הערמאַן ראָזענ־טהאל געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דיא נייע אָבטהיילונג פאַר דיא אידען פון רוסלאַנד און פּוילען, און מען האָט איהם צו פערדאַנקען וואָס דיא אידען פון דיא סלאַווישע לענדער זיינען גרינדליכער בעהאַנדעלט געוואָרן אין דיא היסטאָ־רישע און ביאָגראַפישע טהיילען פון דער ענציקלאָפּעדיע וויא עס איז ביז דאַן געוועזן דער פאַל אין ווערקע פון וויסענשאַפט דעם יודענטהומס וואָס זיי־נען ערשיענען אויסערהאלב רוסלאַנד. דר. עמיל ג. הירש פון שיקאַגאָ איז גע־וואָרן יאסטראָוו'ס נאָכפאָלגער אלס רעדאַקטאָר פון דיא ביבעל־אבטהיילונג מיט דעם אָנפאַנג פון דריטען באַנד. פון דעם פיערטען ביז דעם זיעבעטען באַנד ערשיינט דער נאָמען פון סאלאָמאָן שעכטער, (געב. אין פאָקשאַן, רו־מעניע, 1847; געק. 1902), דער פּרעזידענט פון דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי, אלס רעדאַקטאָר פון דיא אבטהיילונג פון תלמוד; און פון אכטען ביז דעם לעצטען באַנד ערשיינט ווילליאַם באַכער פון בודאַפּעסט, (געב. אין

אונגארן, 1850), אלס רעדאקטאר פון דיא אבטהיילונג פון תלמוד און ראַ־ בינישע ליטעראטור, אין וועלכען ער איז געוועזן דער נאכפאלגער פון שעכטער און פון גינצבערג. דיא רעדאקטארען האבען געהאט דיא מיטווירקונג פון פער־ שיעדענע אמעריקאנישע און איירֹאפעאישע געלעהרטע וועלכע האבען געהאלפען מיט זייער ראטה, און אנדערע געלעהרטע פון פערשיעדענע לענדער זיינען געווען צווישען דיא פיער הונדערט מיטארבייטער וועלכע האבען זיך בעטהיי־ ליגט אין פערפערטיגען דאס ווערק אין וועלכע אלעס וואס אנבעלאנגט צו דיא געשיכטע, רעליגיאן, ליטעראטור און זיטען פון אידישען פאלק פון דיא פרי־ העסטע צייטען ביז דער געגענווארט, איז צום ערשטען מאל סיסטעמאטיזירט און קלאסיפיצירט געווארן, און געמאכט געווארן צוגענגליך אויף א מאדערנעם וויסענשאפטליכען אופן.

* * *

דיא לאגע פון דיא אידען אין רומעניען איז געווארן ערגער זייט דעם דארטי־ גען פינאנציעלען קריזיס פון 1899, און אין דעם לעצטען יאהר פון יאהרהונ־ דערט האבען אידען אנגעפאנגען צו לויפען פון יענע מדינה וויא פון פייער, מאנכע זיינען געגאנגען הונדערטע מיילען צו־פוס איידער זיי האבען געפונען א פלאץ וואו זיי האבען זיך געקענט אפרוהען, אדער איידער זיי זיינען געקומען צו א האפען פון וועלכען זיי האבען געקענט אפפאהרען נאך ענגלאנד אדער נאך אמעריקא. דאך האט דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס ניט געהאט דיא מינדעסטע אורזאכע צו ווערען אונרוהיג איבער אידישע איינוואנדערונג בכלל אדער איבער דיא איינוואנדערונג פון אידען פון רומעניען אין יענער צייט. דער שטראם פון אימיגראציאן האט ווידער אנגעהויבען צו שטייגען פון דיא ניעדריגסטע שטופע צו וועלכער ער איז געפאלען זייט 1879 — 229,295 אין 1898 — און ניט דיא 5,613 רומענישע אידען וועלכע זיינען געקומען אין האפען פון ניו יארק אין 1901, אדער דיא 6,395 וועלכע זיינען דארטען גע־ קומען אין 1902, ווען דיא אלגעמיינע אימיגראציאן איז געווען 487,918 אין ערשטען יאהר און 648,743 אין לעצטען, האבען געקענט געגומען ווערען ערנסט אלס אן אורזאכע פאר אריינמישונג אדער א פראטעסט. עס וואלט געווען פיעל מעהר אורזאכע פאר א פראטעסט פון דיעזען סארט נאך דיא גרויסע רציחות אין רוסלאנד מיט עטליכע יאהר שפעטער, ווען עס זיינען אין איין יאהר (1906) געקומען איבער 150,000 אידען. מען גלויבט דעריבער אז דיא אינטערעסע וואס דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האט גענומען אין דיא רומענישע לאגע האט געשטאמט פון דיא פריינד־ליכע נייגונג פון פרעזידענט טהעאדאר רוזוועלט און זיין אויסלענדישען מיניסטער דשאהן העי צו אידען אין אלגעמיין.

עס איז אויך ניט געוועזן קיין נייעס אז דיא אמעריקאנישע רעגיערונג

זאָל זיך אָננעהמען פאַר דיא פערפאָלגטע אידען פון רומעניען. אזוי ווייט
צוריק וויא אין יאָהר 1867 האָט שוין דער אויסלענדישער מיניסטער סיוערד
קאָררעספּאָנדירט מיט מר. מאָררים, דעם אַמעריקאַנישען געזאַנדטען אין קאָנ־
סטאַנטינאָפּאָל, וועגען דיא אידען־פערפאָלגונגען אין רומעניען פון יענעם
יאָהר; און דער לעצטער האָט בעריכטעט אַז ער האָט געזאָגט מ. גאָלעסקאָ,
דעם אַגענט פון מאָלדאַו־וואַללאַכיי אין דיא טירקישע הויפּט־שטאָדט, אַז דיא
ליידען פון דיא אידען אין יענע פּראָווינצען זעהען אוים זעהר עהנליך צו רע־
ליגיאָנס־פערפאָלגונגען, און אַז דער צוטרויען פון דיא רעגיערונג פון יוניי־
טעד סטייטס צו דיא רעגיערונג פון בוקאַרעסט וועט ווערען אָפּגעשוואַכט אויב
דיא שלעכטע בעהאַנדלונג פון אידען זאָל ניט אויפהערען.*)

אין 1870 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אָפיציעלע — אָדער עס איז אפשר
ריכטיגער דאָס צו רופען אַ האַלב־אָפיציעלע — צייטווייליגע פערבינדונג צוויי־
שעןביידע לענדער, מיט דעם וואָס אַן אַמעריקאַנישער גענעראַל־קאָנסול איז ער־
נענט געוואָרן פאַר רומעניען. דער מאַן וועלכער איז אויסגעקליעבען געוואָרן
פון פּרעזידענט גראַנט פאַר דיעזער שטעלע איז געווען אַ פּראָמינענטער אי־
דישער אַדוואָקאַט, בענדשעמין פרענקלין פּיישאָטאָ (געב. אין ניו יאָרק 1834;
געש. דאָרטען 1890), וועלכער איז שפּעטער געווען דער אַמעריקאַנישער קאָנ־
סול אין ליאָן, פראַנקרייך, (1877—85) און האָט צוריקקומענדיג נאָך ניו יאָרק
געגרינדעט (1886) דיא "מנורה" א מאָנאַטליכער אידישער מאַגאַזין וועלכער
האָט עקזיסטירט איבער צוואַנציג יאָהר. דער אידישער בעאַמטער איז געוואָרן
אַן אינטימער פריינד פון פירסט (איצטער קעניג) קאַרל, אָבער רומעניע איז
געגאַנגען אויף איהר אַלטען וועג און דיא איבערפאַלען אויף אידען אין איזמאַיל
און אין בעסאַראַביען זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט ווען פּיישאָטאָ איז גע־
ווען אין בוקאַרעסט. "זיינע בעריכטען צו דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס
האָבען געהאַט דיא ווירקונג אַז זיא זאָל שיקען בריעף צו איהרע געזאַנדטע
אין פערשיעדענע אייראָפּייאישע הויפען זיי זאָלען איינלאַדען דיא רעגיערונגען
מיטצוהעלפען אין דיא מענשליכע שטרעבונג צו מאַכען אַן ענדע צו פער־
פאָלגונגען פון אידען אין רומעניען. פּיישאָטאָ'ס בעריכטען האָבען אויך פער־
אורזאַכט עס זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אַ גרויסע פערזאַמלונג אין "מענשאָן
הויז" אין לאָנדאָן, וועלכע האָט אַרויסגערופען אַ סימפּאַטישע צושריפט פון
לאָרד שייפטסבערי. פּיישאָטאָ האָט אויך געווירקט עס זאָל אָרגאַניזירט ווע־
רען אין רומעניען דער ציון פעראיין, אַ קערפּערשאַפט מיט עהנליכע צוועקען
וויא דער אַמעריקאַנישער אָרדען בני ברית. זיין איינפלוס אַלס אַמעריקאַנישער

*) זעה אַדלער, "אידען אין אַמעריקאַנישע דיפּלאָמאַטישע קאָררעספּאָנדענץ" אין 15טען
באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס", זייטען 73—48.

בעאַמטער, זיין בעקאַנטשאַפֿט מיט אייראָפּייאישע פֿילאַנטראָפּען און זיין מאַגנעטישע פּערזענליכקייט האָבען אויך געהאַט צו טהאָן דערמיט וואָס עס איז איינבערופֿען געוואָרן אַ קאָנפֿערענץ אין בריסעל צו וועלכען ער איז אויך געוועזען אַ דעלעגאַט, וואו עס איז אויפֿגעטהאָן געוואָרן אַז דער בערלינער קאָנגרעס פֿון 1878 זאָל בעשטימען אַז רומעניען קען ווערען אַן אונאַבהייגיגעס קעניגרייך נור מיט דעם בעדינג אַז זיא זאָל אַנערקענען דיא בירגערליכע און פּאָליטישע רעכטע פֿון דיא אידען." (ע. א. קאַרדאָזאָ, דיא איד. ענציקלאָפּעדיע באַנד 9, זייטע 582, אַרטיקעל פּיישאָטאָ.)

פּיישאָטאָ איז געבליעבען אין רומעניען זעקס יאָהר, און צוויי יאָהר נאָך דעם וויא ער איז פֿון דאָרטען אַוועק האָט דשאָהן א. קאַססאָן, דער אַמעריקאַנישער געזאַנדטער אין עסטרייך, געשריעבען צום אויסלענדישען מיניסטער עוואַרטס (דאַטירט דעם 5טען יוני 1878) אַז דייטשלאַנד האָט שוין דאַמאָלס, זיך ריכטענדיג אַז דער בערלינער קאָנגרעס וועט געבען רומעניען איהר אונאַבהייגיגקייט, אָנגעפֿאַנגען צו אונטערהאַנדלען מיט דיא רומענישע רעגיערונג וועגען אַ האַנדעלס־פֿערטראַג. אָבער דיא אונטערהאַנדלונגען זיינען אָפּגעבראָכען געוואָרן ווייל רומעניען האָט זיך ענטזאַגט צו געבען דייטשע אידען דיא זעלבע פּריווילעגיען וויא אַנדערע דייטשע אונטערטהאַנען. דאָך שלאָגט קאַססאָן פֿאָר אין דעם זעלבען בריעף אַז עס וואָלט געווען אַן עהרע פֿאַר יונייטעד סטייטס ווען איהר רעגיערונג זאָל אָנפֿאַנגען דורכצופֿיהרען אַ פּלאַן דורך וועלכען דיא לאַגע פֿון אַמעריקאַנישע אידען וועלכע וואָהנען אָדער רייזען אין רומעניען און דיא לאַגע פֿון דיא דאָרטיגע געבאָרענע אידען זאָל אין דער זעלבער צייט פֿערבעסערט ווערען, און גלייכהייט פֿאַר'ן געזעץ זאָל מינדעסטענס צום טהייל פֿערזיכערט ווערען. אין דעם פֿאָלגענדען יאָהר בעריכטעט ער וועגען אַ פֿערזוך אַריינצוטרעטען אין דיפּלאָמאַטישע בעציהונגען מיט רומעניען, און וועגען אַן אונטעררעדונג וואָס ער האָט געהאַט מיט מ. באַלאַטשאַנאָ, דעם רומענישען געזאַנדטען אין עסטרייך, אין וועלכען עס איז דערמאָנט געוואָרן וועגען דיא פֿאָדערונגען פֿון דעם בערלינער פֿערטראַג אין בעצוג אויף אידען. לויט יענעם בריעף (דאַטירט דעם 16טען פֿעברואַר 1879) האָט דער פֿערטרעטער פֿון רומעניען דאַרויף געענטפֿערט: "אַז דיא נייטיגע ענדערונגען אין זייערע געזעץ ווילען געמאַכט ווערען צו געבען פֿולע צופֿריעדענהייט אין דיעזער הינזיכט, און צו געבען דיא אידען אַבסאָלוטע גלייכהייט מיט אַלע ראַסען." דעם 28טען נאָוועמבער, 1879, האָט מיניסטער עוואַרטס געשריעבען צו מר. קאַססאָן:

אין פֿערבינדונג מיט דיא פֿראַגע פֿון רומענישע אַנערקענונג שיק איך אייך דאָ צו דיא קאָפּיע פֿון אַ בריעף פֿון 30טען פֿון לעצטען מאָנאַט, פֿון מר. מייער ס. אייזאַקס, פּרעזידענט, און אַנדערע בעאַמטע פֿון דיא דעלעגאַטען פֿאַר דיא בירגערליכע און רעליגיעזע רעכטע פֿון דיא אידען, אין וועלכען זיי בעטען אַז דיא רעגיערונג פֿון

יונייטעד סטייטס זאָל אָנווענדען איהר איינפלוס צו קריעגען פאַר דיא אידישע אונטערטהאַנען און איינוואָהנער פון רומעניען דיא גלייכע בירגערליכע און רעליגיעזע רעכטע וועגען וועלכע מען האָט מיט איהר אָפּגעמאַכט אין אַרטיקעל 44 פון בערלינער פערטראַג.

וויא איהר ווייסט האָט דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס זיך אימער שטאַרק אינטערעסירט אין דעם וואָהלזיין פון דיא אידישע ראַסע אין אַנדערע לענדער, און האָט אימער בעטראַכטעט אַלס אַבשייליך דיא עוולות פון וועלכע זיי האָבען געליטען אין פערשיעדענע פּעריאָדען פון דיא אַנהייגגער פון אַנדערע רעליגיאָנען אין דיא מזרח-לענדער. דיעזער מיניסטעריום איז דעריבער געניייגט צו בעטראַכטען גינסטיג דעם ערזוך פון דיא פערטרעטער פון אַ פּראָמינענטע אידישע אָרגאַניזאַציאָן דאָ אין לאַנד זיך אָנצונעהמען פאַר זייערע בריעדער אין רומעניען, און אָבגלייך איך פיהל זיך ניט בערעכטיגט צו שטעלען דיא ערפילונג פון דיעזען וואונש אַלס אַ בעדינגונג אָהן וועלכע מיר ווילען ניט אריינטרעטען אין אָפיציעלע פערבינדונגען מיט יענעם לאַנד, דאָך וועט יעדער גינסטיגער פּונקט וואָס איהר קענט געווינען אין דיא איצטיגע אונטערהאַנדלונגען מיט דיא רומענישע רעגיערונג פאַר יענעם פיעל-פערלעצטען פאָלק, זיין אַנגענעהם און צופריעדענשטעלענד פאַר דיעזען דעפּאַרטמענט.

איך פערבלייבע א. ז. וו.

וויליאַם מ. עוואַרטס.

מען קען דערפון זעהן אַז עס איז נור געווען אַ פאָרטזעצונג פון איהר אַלטע פּאָליטיק ווען דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס וועלכע האָט — וויא מר. עוואַרטס האָט עס אויסגעדריקט אין 1879 — "זיך אימער שטאַרק אינטערעסירט אין דעם וואָהלזיין פון דיא אידישע ראַסע אין אַנדערע לענדער", האָט וויעדער אָנגעפאַנגען, אין 1902, צו שיינקען אויפמערקזאַמקייט דיא טרויעריגע לאַגע פון דיא רומענישע אידען. עס האָט נאָך אַלץ ניט עקזיסטירט קיין פערטראַג און קיינע דיפּלאָמאַטישע בעציהונגען צווישען יונייטעד סטייטס און רומעניען, און אַ נייער פערזוך איז געמאַכט געוואָרן ביי אונזער אויסווערטיגען מיניסטעריום צו שליסען אַ נאַטוראַליזאַציאָנס-פערטראַג (פאַר דיא געגענזייטיגע אַנערקענונג פון דאָס רעכט צו ווערען בירגער פון אַן אַנדער לאַנד) און פילייכט דורך דיעזען מיטעל צו בעאיינפלוסען רומעניען זיא זאָל בעהאַנדלען איהרע אידען בעסער. דיא פערהאַנדלונגען זיינען געפיהרט געוואָרן דורך דיא אַמעריקאַנישע געזאַנדשאַפט אין אַטהען, דיא הויפּט-שטאָדט פון גריעכענלאַנד, און מר. העי האָט דעם 17טען יולי 1902 געשיקט צו דעם דאָרטיגען שטעלפערטרעטענדען אַמעריקאַנישען געזאַנדטען, מר. טשאַרלז ל. ווילסאָן, אַ לאַנגע פערטרויליכע דעפּעשע וועלכע האָט ענטהאַלטען דעם גרעסטען טהייל פון דיא בעריהמטע "רומענישע נאָטע" צו דיא מעכטע וועלכע האָבען אונטערגעשריעבען דעם בערלינער פערטראַג. ווילסאָן'ס ענטפער איז געווען דאַטירט דעם 8טען אויגוסט, און ער מעלדעט אַז "זייט דער ענטוואורף פון אַ

פערטראַג וואָס איז גוט געהייסען געוואָרן אין וואַשינגטאָן איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דעם רומענישען מיניסטער פאַר אויסווערטיגע אַנגעלעגענהייטען, איז מעהר גאָר נישט אויפגעטהאָן געוואָרן, ווייל דיא רומענישע רעגיערונג האָט זיך ענטזאגט צו בעטראַכטען דעם פאָרשלאַג גינסטיג." דער רומענישער געזאנדטער אין גריעכענלאַנד האָט אָפענהערציג מודה געווען פאַר דעם אַמעריקאַנישען פערטרעטער אַז דער קעניג איז געגען דעם פאָרגעשלאָגענעם פערטראַג, ווייל "נאָך דיא מיינונג פון זיינער מאַיעסטעט וואָלט אַ נאַטוראַליזאַציאָנס־פערטראַג געווען זעהר שעדליך פאַר רומעניען, ווייל דאָס וואָלט נאָך מעהר פערוויקעלט אין שוויריגקייטען דיא לעסטיגע אידישע פראַגע פון רומעניען."

דריי טעג נאָך דיעזער דעפּעשע האָט דשאָהן העי ארויסגעגעבען, דעם 11טען אויגוסט, 1902, דיא רומענישע נאָטע, וועלכע איז געשיקט געוואָרן צו דיא פערטרעטער פון יונייטעד סטייטס אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, איטאַליען, רוסלאַנד און טירקיי. דער פולער נוסח פון דיעזע אייגענאַרטיגע צירקולאַר־נאָטע, וועלכע האָט געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, איז וויא פאָלגט:

מיניסטעריום דעם אויסווערטיגען.

וואַשינגטאָן, 11טער אויגוסט, 1902.

"עקסעלענץ: — אין פערלויף פון אַן אינסטרוקציאָן וועלכע איז מיט אַ קורצע צייט צוריק געשיקט געוואָרן צו דעם געזאַנדטען וועלכער איז בעפאָלמעכטיגט צו פערהאַנדלען מיט רומעניען, וועגען דעם באַזיס פון אונטערהאַנדלונגען מיט יענע רעגיערונג מיט דעם צוועק צו שליסען אַ נאַטוראַליזאַציאָנס־פערטראַג צווישען יונייטעד סטייטס און רומעניען, זיינען דערמאָנט געוואָרן אייניגע פונקטען אָן וועלכע דער געזאַנדטער זאָל זיך האַלטען, וועלכע האָבען אַ שייכות מיט דיא איינוואַנדערונג פון יענעם לאַנד, מיט דיא אורזאַכען וואָס מאַכען אַז מען זאָל אויסוואַנדערן פון דאָרטען, און דיא פאָלגען דערפון אַזוי ווייט וויא זיי זיינען שעדליך פאַר דיא יונייטעד סטייטס.

"דער פּרעזידענט דיינקט אַז עס איז פּאַסענד דאָס דיעזע בעטראַכטונגען וועלכע בעציהען זיך אויף פערפליכטונגען וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן פון דיא וואָס האָבען אונטערצייכענט דעם בערלינער פערטראַג פון 13טען יולי, 1878, זאָל געבראַכט ווערען צו דיא אויפמערקזאַמקייט פון יענע רעגיערונגען, און זיי זאָלען געבעטען ווערען זיך וועגען דעם צו בעדענקען, מיט דיא האָפנונג אַז אויב דיא בעטרעפענדע מעכטע זאָלען גליקליכער־ווייזע איינשטימען דערצו, זאָלען זיי נעהמען אַזעלכע שריטע וויא זייער ווייזהייט וועט בעשטימען, צו איבערצייגען דיא רעגיערונג פון רומעניען זיא זאָל נעהמען אַן אַנדער שטעלונג וועגען דיא אונרעכטען איבער וועלכע מיר בעקלאָגען זיך.

"עס זיינען ביי דיא יונייטעד סטייטס איצטער ווילקאָמען, אַזוי וויא עס זיינען געווען ווילקאָמען זייט דיא רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרן, אַלע פריידוויליגע

פרעמדע איינוואַנדערער וועלכע קומען אַהער אונטער דיא בעדינגונגען וואָס מאַכען זיי פּאַסענד צו ווערען אַ טהייל פון דעם פּאָליטישען קערפּער פון לאַנד. אונזערע געזעץ בעזאָרגען דיא מיטלען וויא אַזוי זיי זאָלען ווערען פערקערפּערט אין דיא מאַסע פון אונזערע בירגער אַז מען זאָל ניט דערקענען דעם אונטערשייד, און זיי האָבען אויך אַבסאָלוטע גלייכהייט מיט דיא געבאָרענע, עס ווערט זיי גאַראַנטירט גלייכע בירגערליכע רעכטע אין דער היים און גלייכע בעשיצונג אין אויסלאַנד. דיא בעדינגונגען זיינען וועניגע, עס ווערט נור געפאָדערט אַז זיי זאָלען קומען אַהער דורך זייער פרייען ווילען, אין דעם קערפּערליכען און מאָראַלישען צושטאַנד אין וועלכען זיי קענען בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ געזונדעס און אינטעליגענטעס מאַטעריאַל פאַר אַ פרייען בירגערטהום. דער בעטלער, דער פערברעכער, דער וואָס ליידעט פון אַן אַנשטעקענדע אָדער פון אַן אונהיילבאַרע קראַנקהייט ווערט אויסגעשלאָסען פון דעם בענעפיט פון אימיגראַציאָן נור דאַן ווען זיי קענען ווערען אַ קוועלע פון געפאַהר אָדער אַ לאַסט אויף דיא געזעלשאַפט. עס איז דערצו ערפאָדערליך אַז זיי זאָלען קומען אַהער פרייוויליג; דעריבער שליסען מיר אויס יעדע אימיגראַציאָן וועלכע ווערט אונטערשטיצט אָדער געצוואונגען פון אויסלענדישע אַגענטורען. דער צוועק פון אונזער ליבעראַלע בעהאַנדלונג פון דעם פרעמדען אימיגראַנט איז צו ברייניגען נוצען פאַר אונז און פאַר איהם צוזאַמען — ניט צו פערזאָרגען אַן אַ-דער לאַנד מיט אַ פעלד אויף וועלכען זיא קען אַרויפוואַרפען איהרע אונגווינשענסווערטהע עלעמענטען. דער פרעמדער וועלכער קומט אַהער פרייוויליג און איז בערייט צו נעהמען אויף זיך פריהער דיא פאָרבערייטענדע און דערנאָך דיא ענדגילטיגע פליכטען פון בירגערשאַפט, בלייבט אויף ווייטער, אין אינערליכע און אין אויסווערטיגע בעציהונגען, אַ פרייע פּערזאָן, און עס איז דיא פליכט פון זיין אַדאָפּטירטען שטאַאט איהם צו בעשיצען אין דעם פולען גענוס פון זיין פרייהייט.

"דיעזע בעטראַכטונגען וועלכע פּאַסען זיך ווען מען מאַכט אויספאָרשונגען און פערהאַנדלונגען וועגען אַ נאַטוראַליזאַציאָנס-פּאָרטראַג, האָבען אויך אַ ווייטערען צוועק. מיר דאַרפען אונטערזוכען זעהר אייפערזיכטיג דעם כאַראַקטער פון דיא אימיגראַציאָן פון אַ פרעמדעס לאַנד, און אויב זיא געפעלט אונז ניט דאַרפען מיר דערגעהן דיא אורזאַכען פאַר וואָס עס איז אַזוי. אויב דיא אורזאַכען וועלכע ברייננגען אונז אונגעווינשטע אימיגראַנטען שטאַמען פון אַ האַנדלונג פון אַן אַנדער אונאַבהייגיגען שטאַאט, וועלכע איז שעדליך פאַר איהרע שכנים, האָבען מיר אַ רעכט אַלס דער שטאַאט וועלכער ליידעט אָנצוציייגען דעם איבעל און צו פּראָטעסטירען; ווייל דאָסזעלבע געזעלשאַפטליכע געזעץ דאַרף אָנגעווענדעט ווערען פאַר נאַציאָנען וויא פאַר איינצעלנע פּערזאָנען, אַז דיא רעכטע פון יעדען איינעם זיינען בעגרענעצט פון דיא רעכטע פון זיין נאַכבאַר.

"דיא וונייטעד סטייטס האָט זיך זייט פיעלע יאָהרען ערנסט אינטערעסירט אין דעם צושטאַנד פון אַ גרויסען טהייל פון דיא איינוואָהנער פון רומעניען. איך בעציה זיך דערמיט אויף דיא רומענישע אידען, וועלכע ציילען אונגעפעהר 400,000. מיט אַ לאַנגע צייט צוריק, ווען מאָלדאַווא און וואַלאַכיי האָבען אַליין געליטען פון אַ צושטאַנד פון בעדריקונג פון וועלכע זיי זיינען בעפרייט געוואָרען נור דורך מלחמה און דורך דיא פעראייניגטע האַנדלונג פון דיא אייראָפּייאישע מעכטע, האָט דיא פערפאָלגונג פון דיא דאָרטיגע געבאָרענע אידען אונטער דיא טירקישע הערשאַפט אַרויסגערופען אין 1872 אַ שטאַרקען פּראָטעסט פון יונייטעד סטייטס. דער בערלינער פערטראַג איז בעגריסט געוואָרען מיט פריידע אַלס אַ רפואה פאַר יענעם אונרעכט, ווייל דיא שפּעציעלע בעשטימונג פון זיין פיער-און-פיערציגסטען אַרטיקעל וועלכער האָט פאָרגעשריעבען

אַז אין רומעניען זאָל דער אונטערשייד פון רעליגיאָן ניט פאָרגעבראַכט ווערען געגען אירגענד וועלכע פערזאָן אַלס גרונד איהם אויסצושליסען פון עטוואָס וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם גענוס פון בירגערליכע און פּאָליטישע רעכטע, מיט קריעגען אַן עפענטליכעס אַמט אָדער עהרע, מיט דיא אויסאיבונג פון אַלערליי פּראָפעסיאָנען אָדער אינדוסטריעלע בעשעפטיגונגען אין אירגענד וועלכען פּלאַץ פון גאַנצען לאַנד, אויך שטענדיג אַלס אַ בעדינגונג דיא פרייהייט אין רעליגיאָנס־אַנגעלעגענהייטען פאַר רומענישע אונטערטהאַנען און פאַר אויסלענדער גלייך, מיט אַ גאַראַנטיע אַז אַלע אויסלענדער אין רומעניען זאָלען בעהאַנדעלט ווערען אָהנע אונטערשייד פון רעליגיאָן, גלייך איינער וויא דער אַנדערער.

”ווען עס איז אַריבער אַ שטיק צייט זיינען דיעזע גערעכטע פאָרשריפטען פערניכטעט געוואָרן צום גרעסטען טהייל, אַזוי וויט וויא עס אָנבעטרעפט דיא געבאָרענע רומענישע אידען, דורך געזעץ און שטעדטישע רעגולאַציאָנען פון רומעניען. אָננעהמענדיג דעם ווילקירליכען און ניט־ריכטיגען כלל אַז דיא געבאָרענע אידען פון רומעניען וועלכע וואָהנען דאָרטען זייט יאָהרהונדערטע, זיינען ”פרעמדע וועלכע שטעהען ניט אונטער אויסלענדישען שוץ“, האָט מען גראַדענווייז געמאַכט דעם אידען אונפעהיג צו פערדיענען אפילו דאָס וועניגע וואָס עס איז נייטיג אויפצוהאַלטען דיא עקזיסטענץ פון אַזאַ שפּאַרזאַמע ראַסע, ביז יעדע געלעגענהייט צו פערדיענען אויף לעבענסמיטעל איז צוגענומען געוואָרן; און ביז דיא הילפלאָזע אָרעמקייט פון דעם אידען האָט געצוואונגען דיא אויסוואַנדערונג פון אַזאַ גרויסע צאָהל אַז מען זאָל זיך אין אַלגעמיין אָנהויבען אין דעם צו אינטערעסירען.

”דיא פּאָליטישע בעגרענצונגען פון דיא אידען פון רומעניען, זייער אויסגעשלאָסענהייט פון עפענטליכען דיענסט און פון דיא געלעהרטע פּראָפעסיאָנען, דיא בעשריינקונג פון זייערע בירגערליכע רעכטע און זייער בעלאַסטונג מיט בעזונדערע שטייער, האָבען צו טהאָן מיט עוולות וואָס זיינען געגען דיא מאָראַלישע געפיהלען פון ליבעראַלע מאָדערנע פעלקער, אָבער זיי בעריהרען ניט אַזוי דירעקט דעם פּונקט וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך איצטער, וויא דיא געזעץ וועלכע גרייפען אָן דיא רעכטע פון אַ מענשען צו פערדיענען זיין ברויט דורך ערד־אַרבייט אָדער געווערב. עס איז דיא אידען פערבאָטען צו האָבען לאַנד אָדער אפילו צו אַרבייטען אויף לאַנד וואָס געהערט צו אַנדערע. זיי טאָרען ניט וואָהנען אויסערהאַלב דיא שטעדט. פיעלע צווייגען פון קליין־האַנדעל און פון האַנדווערק זיינען פאַר זיי פערשלאָסען, אפילו אין דיא איבערפילטע שטעדט אין וועלכע זיי זיינען געצוואונגען צו וואָהנען און צו פיהרען, אונטער פירכטערליך אונגינסטיגע אומשטענדען, אַ פערצווייפעלטען קאַמפּף אום עקזיסטענץ. אפילו אַלס פּשוטע בעלי מלאכה אָדער געדונגענע אַרבייטער קענען זיי נור קריעגען בעשעפטיגונג אין דער פּראָפּאָרציאָן פון איין ”אונבעשיצטען פרעמדען“ צו צוויי ”רומעניער“ אונטער אַן איינציגען אַרבייטסגעבער. קורץ, דער סך הכל פון דיא אַלע בעשריינקונגען האָט געבראַכט דערצו אַז דיא אידען פון רומעניען זיינען רעדוצירט געוואָרן צו אַ לאַגע פון גרויס עלענד. אויסגעשלאָסען כמעט פון יעדען וועג וואָס פיהרט צו זעלבסט־הילפע, און צוריבען פון דיא אָרעמקייט וואָס איז דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון דיא אויסנאַהמס־בעהאַנדלונג, זיינען זיי געמאַכט געוואָרן אונפעהיג זיך אליין אויפצוהויבען פון דיא געצוואונגענע ערניעדריגונג פון וועלכע זיי לײדען. אפילו ווען דיא פעלדער פון ערציהונג און אַמטליכע בעשעפטיגונג וואָלט פאַר זיי געבליעבען אָפען אַזוי וויא פאַר דיא ”רומענישע בירגער“, וואָלט זייער

אָרעמקייט זיי אויך געשטערט זיך צו ערהויבען דורך אייגענע אָנשטריינגונג. מענשליכע בעשעפעניסען וועלכע געפינען זיך אין אַזעלכע אומשטענדען האָבען קיין אַנדער ברירה וויא צו לײדען אונטערטהעניג אָדער צו אַנטלויפען אין אַן אַנדער לאַנד וואו דיא בעהאַנדלונג וועט ניט זיין אַזוי שלעכט. אַוועקצוגעהן פון דער היים אונטער אַזעלכע בעדינגונגען קען ניט מיינען דאָסזעלבע וויא דיא געזונדע, אינטעליגענטע עמיגראַציאָן פון פרייע מענשען וועלכע פערלאָזען זיך אויף זייערע אייגענע קרעפטע. אין דיא מייסטע פעלע מוז דאָס זיין נור דאָס איבערפלאַנצען פון אַ קינסטליך־פּראָדוצירטען קראַנקהאַפטען געוואוקס אויף אַ נייעם פּלאַץ.

״ווען מען זאָל אפילו צוגעבען אַז אין אַ בעסערע און געזינדערע אומגעבונג וועט דיעזער קראַנקהאַפטער צושטאַנד זיך שפּעטער ענדערן צום בעסערען, איז דאָך אַזאַ עמיגראַציאָן נויטווענדיגער־ווייזע פאַר אַ געוויסע צייט אַ לאַסט פאַר דיא געזעלשאַפט אויף וועלכע זיא ווערט אַרויפגעוואָרפען. צוטרויען צו זיך זעלבסט, און דיא קענטניס און דיא פעהיגקייט וועלכע גיבען דיא קראַפט זיך אליין צו העלפען מוזען פריהער ענטוויקעלט ווערען, און אין דער זעלבער צייט מוזען געעפענט ווערען וועגען פאַר בעשעפטיגונג אין פּלעצער וואו דיא קאָנקורענץ איז שוין זעהר שטאַרק און דיא געלעגענהייטען זיינען וועניג. דיא געשיכטע און דיא ערפאַהרונג פון אונזער אייגענע נאַציאָן לערנען אונז אַז דיא אידען בעזיצען אין אַ הויכען גראַד דיא גייסטיגע און דיא מאָראַלישע מעלות וואָס זיינען נויטיג צו מאַכען געוויסענהאַפטע בירגער. קיין אַנדער קלאַס פון אימיגראַנטען איז מעהר ווילקאָמען צו אונזערע ברעגעס, ווען זיי קומען אויסגעשטאַטעט גייסטיג און קערפּערליך אַריינצוגעהן אין דעם קאַמפּף פאַר ברויט, און זיינען בעגייסטערט מיט דעם הויכען צוועק צו געבען דיא בעסטע אַרבייט פון האַרץ און פון מאַרך צו דעם לאַנד וואָס זיי האָבען אָנגענומען מיט זייער אייגענעם פרייען ווילען. אָבער ווען זיי קומען אַלס אויסגעשטויסענע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען דאָפּעלט פאַר בעטלערס דורך קערפּערליכע און מאָראַלישע בעדריקונג אין זייער געבורטס־לאַנד, און ווערען אַרויפגעוואָרפען אויף דיא לאַנג־ליידענדע גרויסמיטהיגקייט פון אַ גינסטיגערע געזעלשאַפט, פעהלט זייער אימיגראַציאָן דיא הויפּט־בעדינגונגען וועלכע מאַכען דיא איינוואַנדערונג פון פרעמדע אַלס ערטרעגליך אָדער ניצליך. דיעזעס ווערט אַזוי גוט בעגריפען אויף דעם איוראָפּיאישען קאָנטינענט, אַז אפילו אין דיא לענדער וואו אַנטיסעמיטיזם האָט נאָך ניט אריינגעשטעקט קיין פוס, איז עס אויך שווער פאַר דיעזע פליהענדע אידען צו קריעגען אַ פּלאַץ. אַמעריקאַ איז זייער איינציגער ציעל.

״דיא יונייטעד סטייטס באָט אָן אַן אזיל צו דיא אונטערדריקטע פון אַלע לענדער. אָבער איהר סימפּאַטהיע מיט זיי נעהמט ניט אַוועק איהר גערעכטע פרייהייט און איהר רעכט אָפּצושאַצען דיא טהאַטען פון דעם אונטערדריקער נאָך דעם איינדרוק וואָס דאָס מאַכט אויף דיעזעס לאַנד, און צו אורטהיילען אין איינקלאַנג מיט דעם.

״ווען מיר נעהמען צוזאַמען דיא פאַקטען וועלכע זיינען אויף אַזאַ שמערצהאַפטען אופן געבראַכט געוואָרן צו דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיעזער רעגיערונג אין דיא לעצטע עטליכע יאָהר, אַז פיעלע פון דיא איינוואָהנער פון רומעניען ווערען געצוואונגען, דורך קינסטליכע שעדליכע אויסנאַהמען, צו פערלאָזען זייער געבורטס־לאַנד; דאָס דער גאַסטפריינדליכער מקום מקלט וואָס ווערט אָנגעבאָטען פון דיעזעם לאַנד איז כמעט דער איינציגער פּלאַץ וואָס איז אָפען פאַר זיי; אַז זיי קומען אַהער אונפאַסענד, דורך דיא בעדינגונגען פון זייער פערטרייבונג, זיך צו בעטהייליגען אין

דעם נייעם לעבען פון דיעזען לאנד אונטער אומשטענדען וואס זאלען זיין נוצליך פאר זיי אליין אדער פאר דער געזעלשאפט; און דאס מען דארף זיי פון אנפאנג אן און פאר א לאנגע צייט אויסהאלטען מיט צדקה — איז עס קלאר בעוויעזען אז דיעזע רעגיערונג האט א רעכט צו פראטעסטירען געגען דיא רומענישע רעגיערונג. אויב זיא טהוט עס מיט א בעשטימטע אבזיכט אדער ניט, בלייבט דער פאקט אז דיעזע הילפלאזע לייטע, וועלכע זיינען געווארן בעלעסטיגט און פערשטויסען פון זייער געבורטס־לאנד, ווערען ארויפגעצוואונגען פון דיא אונאבהייניגע מאכט פון רומעניען אויף דיא צדקה פון יונייטעד סטייטס. דיעזע רעגיערונג קען ניט זיין א שטיל־שווייגענדער בעטהייליגטער אין אזא אינטערנאציאנאלע עוולה. זיא איז געצוואונגען צו פראטעסטירען געגען דיא שלעכטע בעהאנדלונג פון וועלכע דיא רומענישע אידען ליידען ניט נור וויל זיא האט אן אונצווייפעלהאפטעס רעכט צו פראטעסטירען געגען דעם שאדען וואס זיא אליין האט דערפון, זאנדערן אויך אין נאמען פון מענשליכקייט. דיא יונייטעד סטייטס האט קיין אויטהאריטעט צו אפעלירען צו דיא בעדינגונגען פון בערלינער פערטראג, וועלכען זיא האט ניט אונטערצייכענט און ניט געקענט אונטערצייכנען, אבער זיא אפעלירט ערנסט צו דיא פרינציפען וואס זיינען דארטען פערשריעבען געווארן, וויל זיי זיינען דיא פרינציפען פון אינטערנאציאנאלעם געזעץ און פון אייביגע גערעכטיגקייט, זיא פאדערט דיא ברייטע טאלעראנץ וואס יענער וויכטיגער אפמאך האט בעשטימט, און איז בערייט צו געבען איהר מאראלישע שטיצע אז דיא מעכטע וואס האבען איהם אונטערגעשריעבען זאלען ווירקען אז דיעזע פאדערונגען זאלען ערפילט ווערען, וויל דיא האנדלונגען פון רומעניען אליין האבען געמאכט אז יונייטעד סטייטס זאל צושטעהן צו זיי אלס א פעראינטערעסירטע פארטיי אין דיעזער הינזיכט.

"איהר זאלט בענוצען א פריהע געלעגענהייט פארצולעזען דיעזע אינסטרוקציאן פאר דעם מיניסטער פון אויסווערטיגע אנגעלעגענהייטען און, אויב ער וועט פערלאנגען, לאזען ביי איהם א קאפיע דערפון.

"איך האב דיא עהרע צו פערבלייבען

אייער געהארזאמער דיענער,

דשאהן העי.

דיעזע נאטע האט געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף דיא גאנצע ציוויליזירטע וועלט, אבער זיא האט ניט געפיהרט צו א פראקטישען רעזולטאט. דיא איינציגע רעגיערונג וועלכע האט גענומען נאטיץ פון דער זאכע איז געוועזען — וויא מען האט געקענט ערווארטען — דיא ענגלישע. מר. דשאהן ב. דשעקסאן, וועלכער איז אונטערדעסען ערנענט געווארן אלס אמעריקאנישער געזאנדטער אין גריעכענלאנד און איז אויך געוועזען אקרעדיטירט צו רומעניען, שרייבט פון אטהען, (דעם 31טען מערץ 1903), דאס אזוי וויא ער איז געוועזען דער פארשטעהער פון דיא אמעריקאנישע געזאנדשאפט אין בערלין אין דער צייט ווען דיא נאטע איז עמפפאנגען געווארן, האט ער ערפאהרען אז גלייך וויא דיעזע אינסטרוקציאן איז געקריעגען געווארן אין לאנדאן האט דיא בריטישע

רעגיערונג, אָהנע צו לאָזען וויסען איהרע אייגענע אבזיכטען וועגען דער פראגע, געשיקט אַ צושריפט צו דיא אַנדערע רעגיערונגען וועלכע האָבען זיך בעטהיי־ליגט אין דעם בערלינער אָפּמאָך פון 1878, אָנפרעגענדיג וואָס זיי דיינקען צו טהאָן אין דיעזער זאכע. "אזוי ווייט וויא איך וויים — שרייבט ער — האָט קיינע פון דיעזע רעגיערונגען ניט געמאַכט קיין שריט וועגען דעם, און דער אינ־האַלט פון דעם צירקולאַר איז קיינמאָל ניט געבראַכט געוואָרן אָפּיציעל צו דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא רומענישע רעגיערונג..."

דיעזער בריעף און נאָך איינער וועלכער איז דאַטירט דעם 18טען אַפּריל, און נאָך איינער וועלכער איז דאַטירט דעם 7טען סעפּטעמבער, 1903, ענטהאַל־טען בעהויפּטונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון רומענישע שטאַאטסמענער אין וועלכע זיי האָבען ערקלערט דיא לאַגע פון זייער שטאַנד־פּונקט, און דיא בעאָבאַכטונגען וואָס מר. דשעקסאָן אליין האָט געמאַכט אויף זיינע רייזען דורך רומעניען. דער לעצטער בריעף, מיט וועלכען דיא קאָררעספּאָנדענץ ווערט גע־שלאָסען, ענדיגט זיך מיט דיא בעמערקונג אז "דיא אַלגעמיינע אַנזיכט (אין רומעניען) איז אַז דיא נאַטוראַליזאַציאָן פון אידען קען דורכגעפיהרט ווערען גראַדען־ווייז, אין פערלויף פון דער צייט וואָס זיי וועלען ווערען ערצויגען צו זיין רומעניער" — אַן אַנזיכט וואָס מען קען גיכער געפינען אין אַמעריקא וויא אין רומעניען.

עס איז נאָך אימער ניטאָ קיין פערטראַג מיט רומעניען, אָבער אַן אַמערי־קאַנישער געזאַנדטער וועלכער איז געשיקט צו רומעניען און איז אויך אַקרע־דיטירט צו סערביען און בולגאַריען, וואָהנט אין בוקאַרעסט, און עס איז אין יענער שטאָדט אויך דאָ אַן אַמעריקאַנישער גענעראַל־קאָנסול. דיא פערטרע־טונג איז אָבער נאָך אַלץ איינזייטיג, אזוי וויא אין דיא צייטען פון פּיישאָטאָ, ווייל דיא רומענישע רעגיערונג האָט קיין פערטרעטונג אין יונייטעד סטייטס. מען קען דעריבער דיא רומענישע פראַגע ניט בעטראַכטען אַלס געלעזט און אויך ניט אַלס אויפגעגעבען; זיא בלייבט אונענטשיעדען ביז עס וועט פּאָרקומען אַ גינסטיגע געלעגענהייט פאַר וויטערע אונטערהאַנדלונגען וועלכע וועלען ענדליך פיהרען צו דעם איינציגען אויסגלייך וואָס קען צופריעדענשטעלען יונייטעד סטייטס אזוי גוט וויא דיא אידען.

# קאפיטעל 37

## הילפע פאר דיא אָפּפער פון דיא רוסישע שחיטות אין 1903 און אין 1905. אַנדערע צייכענס פון סימפּאַטהיע.

דיא אויסשלאַכטונג אין קישינעוו — אָפיציעלע זאָרגזאַמקייט און אַלגעמיינע סימ־פּאַטהיע — דיא "קישינעוו ביטשריפט" און איהר שיקזאַל — וועניגער אויפ־מערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען צו שפּעטערע פּאָגראָמען, פון וועלכע דיא אָפּפער ווערען געהאָלפען פון לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך דאָ אין לאַנד — דער איינ־פלוס פון דיא פּאָגראָמען אויף איינוואַנדערונג — דיא שווידערהאַפטע שלאַכטע־רייען אין רוסלאַנד אין הערבסט פון 1905 און דיא הילפע וואָס איז געגעבען געוואָרען פון אַמעריקאַ — אַ סימפּאַטהיע־רעזאָלוציאָן ווערט אַנגענומען אין קאָנגרעס — דער יום טוב ווען עס איז געוואָרען 250 יאָהר זייט אידען האָבען זיך בעזעצט אין יונייטעד סטייטס — דיא רעגיערונג מאַכט אַ פאָרשלאַג צו גונסטען פון דיא אידען פון מאַראָקאָ — אָסקאַר ס. שטרויס אין קאַבינעט.

אין דער צייט וואָס דער בריעף־וועקסעל וועגען דיא אידען פון רומעניען איז נאָך געפיהרט געוואָרען פון אויסלענדישען מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן, איז דיא ציוויליזירטע וועלט ערשטוינט געוואָרען פון דיא בעריכטען פון א ברוטאַלע אויסשלאַכטונג פון אידען אין קישינעוו אין דיא דריי טעג פון 19טען ביז 21טען אפּריל 1903. דיעזע שחיטה וועלכע יעדער פון אונז געדיינקט נאָך האָט אויפגעוועקט דיא פּרעסע און דיא בעפעלקערונג פון יונייטעד סטייטס נאָך מעהר וויא דיא פּאָגראָמען פון 1881. "כמעט גלייך פון אָנפאַנג האָט זיך דיא ענטריסטונג פון דעם וועלט קאָנצענטרירט אין דיא יונייטעד סטייטס. געדיענט פון אַ קרעפטיגע פּרעסע וואָס איהר ליבעראַלער גייסט דריקט אויס דיא שטעלונג וואָס ווערט גענומען פון דיא הערשענדע מאַסען; בעלעבט פון דיא מענשענפריינדליכקייט וועלכע ליעגט צום גרונד פון אַלע אונזערע עפענטליכע איינריכטונגען; איינזעהענדיג אַז אַמעריקאַ איז דער איינציגער מקום מקלט פון אַלע אָפּפער פון פערפאָלגונגען; איז דאָס פאָלק פון יונייטעד סטייטס ווידער געוואָרען דער לאָגישער פיהרער פון דער וועלט אין אַ בעוועגונג צו גונסטען פון

מענשליכקייט."*) פרעזידענט רוזוועלט'ס ערשטע בעמערקונג אין זיין רעדע צו דיא עקזעקיוטיוו קאָמיטע פון אָרדען בני ברית דעם 15טען יוני 1903, ווען ער האָט געזאָגט: "איך האָב ניעמאָלס אין מיין ערפאַהרונג דאָ אין לאַנד געוואוסט פון אַ שנעלערען און טיעפערען אויסדרוק פון סימפּאַטהיע פאַר דיא אָפּפער אָדער אַזאַ אויסדרוק פון אבשיי איבער דעם שרעקליכען אונגליק וואָס עס איז פאָרגעקומען" איז געווען פאָלשטענדיג בערעכטיגט.

דיא נייעס איז אין אָנפאַנג אָנגעקומען זעהר לאַנגזאַם דורך דיא געוועהנ־ליכע וועגען און מעהר וויא אַ וואָך איז אַריבער איידער דיא פולע מאָס פון דעם רוסישען פערברעכען איז בעקאַנט געוואָרן. דעם 29טען אַפּריל איז דיא פאָלגענדע דעפּעשע אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אויסווערטיגען מיניסטעריום:

מעקקאָרמיק, אַמבאַסאַדאָר, סט. פּעטערסבורג:

עס ווערט נאָכאַנאַנד בעריכטעט פון וואָס עס שיינט צו זיין געניגענדע אויטהאָ־ריטעט אַז עס הערשט גרויס נויטה און ליידען צווישען דיא אידען אין קישינעוו. פריינדע דאָ אין לאַנד וואָלטען וועלען וויסען אויב פינאַנציעלע הילפע אָדער נויטיגע אַרטיקלען וועלען אַריינגעלאָזען ווערען צו דערגרייכען דיא ליידענדע.

ביטע דיעזעס אויסצוגעפינען אָהנע צו דיסקוסירען וועגען דיא פּאָליטישע זייטע פון דיא האַנדלונג. ה ע י.

אַמבאַסאַדאָר מעקקאָרמיק האָט געענטפערט צעהן טעג שפּעטער, אַז עס ווערט "אויטהאָריטאַטיוו אָפּגעלייקענט אַז עס הערשט נויטה אָדער ליידען צווישען דיא אידען פון זיד־וועסט־רוסלאַנד, און אַז הילפע פון אירגענד וועל־כען סאָרט איז אונניטיג." אָבער דאָס פאָלק דאָ האָט פערשטאַנען אַז דער אַמבאַסאַדאָר גיט נור איבער דיא אָפּיציעלע אַנזיכט פון דיא רוסישע רעגיערונג, און מען האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט צו זאַמלען געלד פאַר דיא טויזענדע פאַמיליען וועלכע זיינען פעראָרעמט געוואָרן דורך דיא רויבערייען, און פאַר דיא הונדערטע אַלמנות און יתומים פון דיא מאַרטירער, און גרויסע סומען זיינען אַריינגעקומען אין ניו יאָרק אַזוי גוט וויא אין אַנדערע פּלעצער. מעהר וויא פינף־און־זיעבציג פערזאַמלונגען פון פּראָטעסט און ענטריסטונג זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרן אין פופציג פערשיעדענע שטעדט אין זיעבען־און־צוואַנציג סטייטס (און דעם דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא) אין דיא מאָנאַטען מאַי און יוני. דיא וויכטיגסטע פערזאַמלונג איז געווען אין ניו יאָרק דעם 27טען מאַי, וואו דער בירגערמייסטער סעטה לאָו איז געווען פּאָרזיצענדער און דער געוועזענער פּרעזידענט גראָווער קליוולענד איז געווען דער הויפּט־

*) ראבבי מאַקסימילאַן העללער אין אַמעריקאַניש־אידישען יאָהרבוך פאַר תרס"ד, זייטע 21.

רעדנער. צווישען די גרעסטע פערזאַמלונגען אין אַנדערע פּלעצער איז געווען איינע אין באַלטימאָר (דעם 17טען מאַי), איינע אין פילאַדעלפיא (דעם 3טען יוני) און איינע אין ניו אָרלינס (דעם 13טען יוני). אין דיא מייסטע פעלע האָבען פּראָמינענטע ניט־אידישע בירגער, דאַרונטער הויכע בעאַמטע און גייסטליכע, געהאַלטען רעדעס אָדער האָבען אויסגעדריקט זייערע געפיהלען אין בריעף. אין פיעלע קירכען זיינען פּרעדיגטען געהאַלטען געוואָרן געגען רוסלאַנד, און הונדערטע לייט־אַרטיקלען זיינען וועגען דעם ערשיענען אין אַלערליי צייט־שריפטען. דיא עפענטליכע מיינונג איז איצטער ווידער געווען, אַזוי וויא מיט צוויי־און־צוואַנציג יאָהר צוריק, טהאַטזעכליך איינשטימיג אין פערדאַמען רוסלאַנד און אין ערמוטהיגען יעדע אונטערנעהמונג צו העלפען דיא וואָס ליידען פון איהר באַרבאַריזם.

דיא אַנטוואָרט אויף דעם אויפרוף נאָך מאַטעריעלע הילפע איז געקומען שנעל און גרויסמוטהיג. בייטרעגע זיינען געשיקט געוואָרן ענטוועדער דירעקט צו דיא אַלליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל אין פּאַריז, אָדער צו איינע פון דיא דריי קערפּערשאַפטען אין ניו יאָרק — צו דיא הילפס־קאָמיטע פון וועלכע עמנואל לעהמאַן איז געווען פּאָרזיצענדער און דניאל גוגענהיים שאַצמייסטער, און וועלכע איז געשטאַנען אין פערבינדונג מיט דיא "אַלליאַנס"; צו דיא הילפס־קאָמיטע פון וועלכע כ. ה. שרהזאָהן איז געווען פּאָרזיצענדער און אַרנאָלד קאָהן, שאַצמייסטער, וועלכע איז געשטאַנען אין דירעקטע פערבינדונג מיט דיא צענטראַלע הילפס־קאָמיטע פון קישינעוו; אָדער צו מר. וו. רענדאָלף הוירסט, וועמען'ס צייטונגען אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ און סאַן פראַנציסקאָ האָבען פיעל געהאָלפען צו ערוועקען דיא עפענטליכע מיינונג, און וועלכער האָט איבערגעגעבען דאָס געזאַמעלטע געלד צו אַרנאָלד קאָהן. דיא סומע וועלכע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן נאָך קישינעוו דורך דיעזע דריי אַגענטורען איז אָנגעגעבען געוואָרן אין אַ בעריכט פון 7טען יוני 1903 וועלכע דיא קאָמיטע פון קישינעוו האָט געגעבען צום הילפס־פעראיין דער דייטשען יודען אין בערלין, אין 192,443 רובעל. דאָס האָט אויסגעמאַכט אונגעפעהר אַ העלפט פון דיא סומע וואָס איז אויפגעזאַמעלט געוואָרן אין רוסלאַנד אַליין, און אַ פיערטעל פון דאָס וואָס איז אריינגעקומען פון אַלע לענדער פון דער וועלט.

מען האָט אין אַלגעמיין פערשטאַנען אַז זעהר ווייניג קען אויפגעטהאָן ווערען דורך פערווענדונגען אָדער פּראָטעסטען צו רוסלאַנד, אָבער דער וואונש צו טהאָן עטוואָס מעהר וויא קלייבען נדבות איז געווען זעהר שטאַרק, און דאָס געפיהל האָט זיך אויף אַ נאַטירליכען אופן קריסטאַליזירט אין אַ פערזוך צו בעטען דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס זיא זאָל עטוואָס טהאָן פאַר דיא אידען פון רוסלאַנד. אַ ביטשריפט איז פערפערטיגט געוואָרן פון דיא עקזעקיוטיוו־קאָמיטע פון אָרדען בני ברית און איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דעם

פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס מיט דעם געזוך ער זאָל איהר אריבערשיקען צום קייזער פון רוסלאַנד. דער פרעזידענט האָט עמפפאנגען דיא קאָמיטע זעהר פריינדליך און האָט געזאָגט צום ענדע פון זיינע בעמערקונגען: "איך וועל בעטראַכטען זעהר פאָרזיכטיג דעם פאָרשלאַג וואָס איהר האָט פאר מיר פאָר־געלייגט, אויב דיא בעדינגונגען וועלכע עקזיסטירען איצטער זיינען אזעלכע אז א וויטערער אָפיציעלער אויסדרוק זאָל זיין ניצליך פאר דיא אונגליקליכע איבערלעבענדע, מיט וועמען מיר סימפּאַטיזירען אַזוי טיעף."

דיא ביטשריפט איז פערפאסט געוואָרען מיט דיא העפליכסטע אויסדריקע און פול מיט שבחים פאר דעם צאר פערזענליך, בעטענדיג אז "ער וועלכער האָט געפיהרט זיין אייגענעם פאָלק און אַלע אַנדערע פעלקער צו דעם אָרון פון שלום, זאָל צוגעבען א נייעם גלאַנץ צו זיין ממשלה און זיין עהרע מיט דעם וואָס ער וועט ווערען דער פיהרער פון א נייע בעוועגונג וואָס זאָל צוזאַמענ־ברייגגען דיא גאַנצע וועלט אין אָפּאָזיציאָן צו רעליגיעזע פערפאָלגונגען." דיא ביטשריפט איז צירקולירט געוואָרן אין זעקס־און־דרייסיג סטייטס און טערי־טאָריעס, און מען האָט געקריעגען אויף איהר 12,544 אונטערשריפטען. צווי־שען דיא לייטע וועלכע האָבען איהר אונטערגעשריעבען זיינען געווען סענאטאָ־רען, מיטגליעדער פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז, גאָווערנאָרס (22), הויכע גע־ריכטליכע בעאַמטע, מיטגליעדער פון דיא סטייטס־געזעצגעבונגען, בירגער־מייסטער פון שטעדט (150), גייסטליכע פון אַלע סעקטען איינשליסליך דריי ערצבישאָפס און זיעבען בישאָפס, א גרויסע צאָהל אַנדערע בעאַמטע און פיעלע פּראָמינענטע לייטע אין דיא פּראָפעסיאָנען און אין דיא געשעפטס־וועלט. פרע־זידענט רוזוועלט האָט צוגעשטימט איבערצוגעבען דיא ביטשריפט, אָבער דיא רוסישע רעגיערונג האָט זיך ענטזאַגט איהר אָנצונעהמען, און דיא זאַכע איז דערמיט געווען צו ענדע. מיט דיא ערלויבניס פון פרעזידענט זיינען דיא בע־זונדערע בויגענס פון דיא ביטשריפט מיט אַלע איהרע אונטערשריפטען אין א פּאַסענדע איינבינדונג און פערפּאַקונג, אַוועקגעלייגט געוואָרן אין דיא אַר־כיווען פון אויסווערטיגען מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן.*)

עס איז געווען אונמעגליך אויפצו־וועקען דעם אַלגעמיינעם פובליקום אָדער אַפילו דעם גרויסען אידישען פובליקום וועגען דיא פּאָגראָמען און מערדערייען וואָס זיינען פאָרגעקומען איינע נאָך דיא אַנדערע א קורצע צייט נאָך דיא

*) זעה אדלער, "דיא שטימע פון אמעריקא וועגען קישינעוו", פילאדעלפיא 1904. צווישען דיא ביכער וועלכע זיינען ערשיענען אין יונייטעד סטייטס איבער דיעזען געגענשטאַנד געהערען אויך "רוסלאַנד פאר דעם געריכט פון אמעריקאַנישען פאָלק", פון איזידאָר זינגער, ניו יאָרק, 1904, און אין דעם "אידישען תחום", ניו יאָרק 1903, פון דעם איירישען פּאַטריאָט מייקעל דעוויט, וועלכער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן נאָך רוסלאַנד באַלד נאָך דיא שחיטה אלס בעריכטערשטאַטער פון מר. הוירסט'ס צייטונגען.

בלוטיגע געשיכטע פון קישינעוו. אָבער אַזוי וויא עס איז אימער דער פאַל מיט רוסישע אָדער גאַליציאַנער אָדער רומענישע שטעדט ווען זיי ווערען גע־טראָפען פון שריפות, איז איצטער געוואָרען דער מנהג פאַר אַלע געבאָרענע פון אַ פּעראונגליקטע שטאָדט צו בילדען אַ סאָרט אָרגאַניזאַציאָן אין יענע זעל־טענע פעלע ווען עס האָט שוין ניט פון פריהער עקזיסטירט אַ שול אָדער אַן אונטערשטיצונגס־פעראיין פון לאַנדסלייט, און צו זאַמלען געלד צו העלפען דיא אונגליקליכע פאַמיליען פון דיא אָפּפער אין דער היים. יעדע פון דיא רייאָטס און הריגות צווישען קישינעוו און דיא פירכטערליכע אָקטאָבער־טעג פון דריטהאַלבען יאָהר שפּעטער, פון וועלכע דיא גרעסטע זיינען פאָרגעקומען אין האָמעל, (פון 10טען ביז 14טען סעפּטעמבער, 1903) ווען מען האָט ער־מאָרדעט אַכט אידען און פערוואונדעט אונגעפעהר הונדערט; אין בענדער (ערשטען מאַי 1904) און אין זשיטאָמיר (זעקסטען מאַי 1905) ווען ניין־און־צוואַנציג אידען זיינען ערמאָרדעט געוואָרן — יעדער פון דיעזע רייאָטס איז געוועזען אַ מיניאַטור קישינעוו צווישען דיא געבאָרענע פון דעם פּעראונגליקטען פּלאַץ אָדער פון זיין אומגעבונג דאָ אין אַמעריקאַ. אַמעריקאַ איז געוואָרן פאַר דיא ליידענדע אידען פון רוסלאַנד דיא מצרים פון דיא צייטען פון יעקב אָבינו, און דער רוסישער אימיגראַנט וועלכער האָט זיך דאָ בעזעצט פריהער איז גע־וואָרן דער גליקליכער ברודער יוסף וועמען גאָט האָט געשיקט אין דיא נייע וועלט צו ערהאַלטען דעם לעבען פון זיין פאַמיליע. צו דיא משולחים פון ארץ ישראל און פון רעליגיעזע אַנשטאַלטען פון רוסלאַנד, בעזאָנדערס פון ישיבות, וועלכע פלעגען קומען רעגעלמעסיג נאָך יונייטעד סטייטס זייט פיעלע יאָהרען צו זאַמלען געלד צווישען דיא קאָנסערוואַטיווע אימיגראַנטען וועלכע זיינען דאָ געוואָרן וואָהלהאַבענד, זיינען איצטער צוגעקומען משולחים פון דיא ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פון רוסלאַנד, וועלכע זיינען עמפּפאַנגען גע־וואָרן מיט ענטהוזיאַזם ביי דיא אַרבייטער קלאַסען און דיא ראַדיקאַלע עלע־מענטען און האָבען געקריעגען ליבעראַלע בייטרעגע פאַר דיא צוועקען פאַר וועלכע זיי האָבען פּראָפּאַגאַנדירט.

דיא וויכטיגסטע און דיא ניצליכסטע פאָרם פון הילפע וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דאַנען נאָך רוסלאַנד איז אָבער ניט געגעבען געוואָרן אַלס אַנטוואָרט צו אויפרופען דורך צייטונגען אָדער דורך פּערזענליכע פערטרעטער פון פּאַר־טייען אָדער פון אַנשטאַלטען, נור צו פאָדערונגען וואָס זיינען פון דאָרטען געמאַכט געוואָרן צו קרובים און צו פריינדע מען זאָל זיי העלפען ארויסקומען פון רוסלאַנד אַזוי שנעל וויא מעגליך. אין דיא עפענטליכקייט האָט מען געגעב־טען געלד פאַר פערשיעדענע מינים צדקה, פאַר זעלבסט־שוץ און פאַר עהנליכע צוועקען, אָבער אין דיא פּריוואַט בריעף האָט מען געבעטען נור איין זאַך — שיפסקאַרטען. און דיא אַנטוואָרטען פון דיא פּריוואַט לייטע, חאָטש זיי האָבען

צוגעצויגען וועניגער אויפמערקזאַמקייט, זיינען געווען מעהר גרויסמוטהיג, און אין פיעלע פעלע זיינען זיי געקומען נאָהענט צו זעלבסט־אויפאָפּפערונג. מען קען דיעזעם אָפּלערנען פון דיא רעזולטאַטען, דאָס הייסט פון דיא פערגרעסער־טע אידישע איינוואַנדערונג וועלכע איז לייכט אבסאָרבירט געוואָרן און איז וועניגער געפאַלען צום לאַסט דעם אַלגעמיינעם אידישען פּובליקום אָדער אפילו דיא גרויסע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, ווייל דיא מייסטע פון דיא נייע־געקומע־נע האָבען דאָ געהאַט נאָהענטע קרובים אָדער פריינדע וועלכע האָבען פאַר זיי געזאָרגט אין דיא קורצע צייט וואָס עס איז אַריבער ביז זיי האָבען געפונען בעשעפטיגונג. דער צו־וואַקס פון דיא אידישע איינוואַנדערונג צוליעב דיא פּאָגראָמען קען אָם בעסטען געזעהן ווערען פון אַ פערגלייך פון דיא אידישע אנגעקומענע אין האַפען פון ניו יאָרק, וואו כמעט ניין־צעהנטעל פון זיי קומען אָן, מיט דיא אַלגעמיינע איינוואַנדערונג, פאַר דיא פינף יאָהר 1903—07 (יע־דעם יאָהר ענדיגט זיך דעם 30טען יוני). דיא ציפער פאַר 1903 זיינען: אידען 58,079, אין גאַנצען 857,046; פאַר 1904: אידען 80,885, אַלגעמיין 812,870; פאַר 1905: אידען 103,941 אַלגעמיין 1,027,421; פאַר 1906: אידען 133,764, אַלגעמיין 1,100,735; פאַר 1907: אידען 117,486, אַל־געמיין 1,285,349. מען קען דערפון זעהן אַז אין דער צייט וואָס דיא אַלגעמיי־נע איינוואַנדערונג אין 1904 איז געווען אַרום 45,000 וועניגער וויא אין 1903, איז דיא אידישע איינוואַנדערונג אין ניו יאָרקער האַפען געווען אַרום 22,000 מעהר. פון אַנדערען זייט ווען דיא אַלגעמיינע איינוואַנדערונג האָט עררייכט איהר העכסטע שטופע אין 1907, און איז געווען מיט 185,000 גרעסער וויא דעם פריהערינען יאָהר, איז דיא אידישע איינוואַנדערונג געווען מיט אונגעפעהר 16,000 וועניגער. דער אידישער אימיגראַנט איז ניט דער מאַן וועלכער האָט זיך ניט געקענט דורכשלאָגען אין דער היים אָדער דער אבענטויירער וועלכער קימערט זיך ניט פאַר אַ היים; ער וואָלט געקענט עקזיסטירען זעהר גוט וואו ער איז ווען מען וואָלט איהם נור לאָזען צופריעדען, און דיא אידישע איינוואַנדע־רונג פון רוסלאַנד וואָלט געוואָרן אַזוי אונבעדייטענד וויא דיא אידישע איינ־וואַנדערונג פון דייטשלאַנד ווען דיא ערשטע וואָלט זיך געקענט אויפהויבען צו דיא פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע מדרגה פון דיא לעצטע.

* * *

דיא קליינע פּאָגראָמען וועלכע זיינען בעצייכענט געוואָרן אויבען אַלס "מיניאַטור קישינעווס", און אפילו קישינעוו אליין זיינען שנעל פערגעסען גע־וואָרן אָדער האָבען אָנגעהויבען אויסצוזעהן זעהר קליין אין פערגלייך מיט דיא פירכטערליכע שחיטות פון דעם לעצטען טאָג פון אָקטאָבער און דיא ערשטע טעג פון נאָוועמבער, 1905, מיט וועלכע דיא רוסען האָבען אָנגעהויבען זייער

כלומרשט-קאנסטיטוציאנעלע ארדנונג. דיעזעס מאל זיינען אונגעפעהר טויזענד אידען ערמארדעט געווארן, פיעלע טויזענדע זיינען פערוואונדעט געווארן, און דער פערלוסט דורך צושטערונג פון אייגענטהום איז זיך בעלויפען אויף הונדערטע מיליאנען. אמעריקא האט ווידער זיך אפגערופען זעהר פיין ווען דער געשריי פון דיא ליידענדע איז אהער אנגעקומען, און א קאמיטע פון וועלכע אסקאר ס. שטרויס איז געוועזען פארזיצענדער און דשייקאב ה. שיף, שאצמייסטער, האט אנגעזאמעלט א רעכטע ביסעל איבער א מיליאן דאלאר, פון אידען און קריסטען, מייסטענס דורך דיא זעלבע אגענטורען און מיט דיא זעלבע מעטהאדען וויא דיא פאנדס פאר דיא ליידענדע פון קישינעוו זיינען געזאמעלט געווארן. עס זיינען ווידער געהאלטען געווארן מאסען-פערזאמלונגען אויף וועלכע בעריהמטע קריסטען האבען געשפראכען ווערטער פון סימפאטהיע פאר דיא מארטירערס און פאר זייערע פאמיליען, און האבען פערדאמט דיא רעגיערונג וועלכע האט ערלויבט אזעלכע שלאכטערייען. דיא אלגעמיינע פרעסע איז געוועזען אזוי פריינדליך און סימפאטהיש צו אידען וויא ביי פריהערע געלעגענהייטען. ווען דער ריעזיגער מארש פון אידען וועלכע האבען געטרויערט נאך דיא קדושים פון רוסלאנד איז פארגעקומען דורך דיא גאסען פון ניו יארק, אין וועלכען אן ערך פון הונדערט טויזענד פערזאן האבען זיך בעטהייליגט, (פיערטען דעצעמבער 1905), האבען איינינע קריסטליכע קירכען געקלונגען מיט דיא גלאקען אלס א צייכען פון מיט-געפיהל פאר דיא וויינענדע אידישע מאסען וועלכע זיינען פארבייגעגאנגען.

דער קאנגרעס האט אויך אפיציעל אויסגעדריקט זיין סימפאטהיע. דיא קאנגרעסמען הענרי מ. גאלדפאגעל און וויליאם זולצער האבען ביידע פארגעלייגט פאר דיא רעפרעזענטאנטען-הויז רעזאלוציאנען פאר דיעזען צוועק, און א דריטער פארשלאג פון דעם זעלבען סארט איז אריינגעבראכט געווארן פון קאנגרעסמען טשארלז א. טאוני, וועלכער האט, אזוי וויא יענע צוויי, אויך פערטראטען א דיסטריקט פון דיא שטאדט ניו יארק. דיא קאמיטע איבער אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען האט דעם אכטען פעברואר, 1906, געהאלטען אן עפענטליכע זיצונג צו הערען אלע וועלכע ווילען ריידען וועגען דיעזען געגענשטאנד. אין איהר לעצטע פארם איז דיא רעזאלוציאן פארגעלייגט געווארן אין סענאט פון אנסעלם דש. מעקלארין פון מיסיסיפי, און אין הויז פון ראבערט ג. קאזינס פון אייאווא, און איז געוועזען וויא פאלגט:

בעשלאסען פון דעם סענאט און דיא רעפרעזענטאנטען-הויז פון דיא יונייטעד סטייטס פון אמעריקא פערזאמעלט אין קאנגרעס, אז דאס פאלק פון יונייטעד סטייטס איז ענטזעצט פון דיא בעריכטען פון דיא שחיטות פון אידען אין רוסלאנד, צוליעב זייער ראסע און רעליגיאן און אז דיא טרויערענדע בערויבטע האבען דיא הערצליכע סימפאטהיע פון פאלק פון דיעזעס לאנד.

דיזע רעזאָלוציאָן איז אָנגענומען געוואָרן אָהן אַ דעבאַטע און איינשטימיג, איןביידע הייזער דעם 22טען יוני, און איז אונטערגעשריעבען געוואָרן פון פּרעזידענט דעם 26טען יוני, 1906.

דיא פריינדליכע נייגונג פון דיא בעפעלקערונג און דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס צו אידען איז אונגעפעהר אין דיזער צייט בעוויעזען געוואָרן פּאָר דער וועלט ביי צוויי אַנדערע געלעגענהייטען. דיא ערשטע געלעגענהייט איז געווען נור האַלב־אָפיציעל, ווען דיא אידען פון לאַנד האָבען געפייערט דעם יום טוב ווען עס איז געוואָרן 250 יאָהר זייט אידען האָבען זיך בּעזעצט אין יונייטעד סטייטס. דער טאָג פון דעם יום טוב איז געווען "דאַנקזאַגונגס־טאָג" (30טער נאָוועמבער), 1905. פערזאַמלונגען און שפּעציעלע גאָטעס־דיענסט זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין מעהר ווִיא זיעבציג שטעדט צווישען דעם 24טען נאָוועמבער און דעם 10טען דעצעמבער; אָבער דיא הויפּט־פייערליכקייט איז פאָרגעקומען אין דיא אויבען דערמאָנטע דאַטע אין ניו יאָרק, אין קאַרנעגיע האָל, וואו דענקווירדיגע רעדען זיינען געהאַלטען געוואָרן פון פאָריגען פּרעזידענט גראָווער קליוולענד, גאָווערנאָר פראַנסיס וו. היגינס פון סטייט ניו יאָרק, בירגער־מייסטער דשאָרדש ב. מעקלעללען פון שטאָדט ניו יאָרק, און דעם פּראָטעסטאַנטישען בישאָף דייוויד גריער. פריינדליכע בריעף זיינען ערהאַלטען געוואָרן פון פּרעזידענט רוזוועלט און וויצע־פּרעזידענט טשאַרלז וו. פעיר־בענקס. דער פעסט־רעדנער איז געווען ריכטער מייער זולצבערגער פון פילאַ־דעלפיא. אונזער שפּעטערער אמבאסאדאָר אין רוסלאַנד, קוירטיס גיילד, דשו־ניאָר, וועלכער איז דאַן געווען דער לייטענאַנט־גאָווערנאָר פון סטייט מאַסאַ־טשוסעטס, איז געווען איינער פון דיא רעדנער אויף אַ פייערליכקייטס־פער־זאַמלונג וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין באָסטאָן אַ טאָג פאַר דיא ניו יאָרקער פערזאַמלונג.*)

דיא צווייטע געלעגענהייט האָט צוגעצויגען וועניגער אויפמערקזאַמקייט, אָבער זיא איז געווען שטרענג אָפיציעל. אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנ־פערענץ איבער מאַראָקאָ וועלכער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן אין אַלזשעסיראַז, שפּאַניען, פון דעם זעקסטען יאַנואַר ביז דעם זיעבעטען אַפּריל, 1906, איז יונייטעד סטייטס געווען איינע פון דיא בעטהייליגטע מעכטע, און איהר ערש־

*) דער 14טער באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" איז אין גאַנצען געווידמעט דיא פער־האַנדלונגען און דיא רעדען פון דיזער פייערליכקייט. דאַסזעלבע איז אויך ערשיענען אין אַ בעזונדערען באַנד מיט דעם טיטעל: "דער צוויי הונדערט און פופציגסטער יאהרעס־פעסט פון דיא בעזעצונג פון אידען אין יונייטעד סטייטס", ניו יאָרק, 1906.

טער דעלעגאט, הענרי ווהייט, (דער אמבאסאדאר נאך איטאליען), האט געקריע־
נען אינסטרוקציאנען דורך א שפעציעלען בריעף פון אויסווערטיגען מיניסטער
(איצטער סענאטאר) עליהו רוט, צו ארבייטען פאר דיא בעשיצונג פון דיא אידען
אין מאראקא. דיעזע אינסטרוקציאנען זיינען געווען בעגלייטעט מיט א בריעף
וועלכען סעקרעטערי רוט האט געקריגען פון דשייקאב ה. שיף, אין וועלכען דיא
טרויעריגע לאגע פון דיא אידען אין מאראקא איז בעשריעבען געווארן און האט
אויך ענטהאלטען אן אויפצייכנונג פון דיא געזעצליכע בעשריינקונגען פון
וועלכע זיי ליידען. דורך דיא אנשטריינגונג פון מר. ווהייט איז דעם צווייטען
אפריל אריינגעשטעלט געווארן א פונקט אין דעם פערטראג מיט וועלכען דער
קאנפערענץ האט זיך שפעטער געענדיגט, לויט וועלכען דיא מעכטע וועלכע
אונטערצייכנען דעם פערטראג גאראנטירען פאר דיא זיכערהייט און דיא
גלייכע פריווילעגיען פון דיא אידען פון מאראקא, סאי פאר דיא וואס וואהנען
אין דיא האפען־שטעדט אדער דיא וואס וואהנען ווייטער אין לאנד. (זעה
דעם אמעריקאניש־אידישען יאהר־בוך פאר תרס"ז, זייטען 98—92.) דער
הויפט־ווערטה פון דיעזען פונקט בעשטעהט אבער טאקי ניט מעהר וויא אין
דעם בעווייז פון גוטען ווילען פון דיא אמעריקאנישע רעגיערונג. זיין פראקטי־
שער ווערטה פאר דיא אידען פון מאראקא, אזוי ווייט וויא עס אנבעלאנגט צו
שוץ געגען רייאטס אדער מערדערייען, איז ניט פיעל גרעסער וויא פון דעם
בעקאנטען "ארטיקעל 44" פון דעם בערלינער פערטראג וועגען דיא אידען פון
רומעניען. דיא אידען פון מאראקא האבען פון דעם פונקט וואהרשיינליך קיינ־
מאל ניט געהערט, און דיא אנערקענונג פאר דיא פערבעסערונג פון זייער לאגע
געהערט מיט רעכט צו פראנקרייך, וועלכע איז נאך דיא לעצטע אפמאכען
צווישען דיא אייראפעאישע מעכטע געווארן דיא בעשיצערין אדער הערשערין
פון מאראקא.

נאהענט צום ענדע פון דעם זעלבען יאהר (1906) האט פרעזידענט רוזוועלט
ערנענט אסקאר ס. שטרויס, דעם פערפאסער און דיפלאמאט, אלס מיניסטער
פון האנדעל און ארבייט. דער ערשטער איד וועלכער איז בעעהרט געווארן מיט
א זיץ אין קאבינעט האט פריהער צוויי מאל געדיענט אלס אמעריקאנישער גע־
זאנדטער (און זייט ער האט פערלאזען דעם קאבינעט, וויעדער אלס אמבא־
סאדאר) נאך טירקיי, און איז אויך געווארן דער נאכפאלגער פון בענדשעמין
הערריסאן, פריהעריגען פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, אלס מיטגליעד פון
שטענדיגען אינטערנאציאנאלען פריעדענס־געריכט פון האאג. זיין עלטעסטער
ברודער, איזידאר שטרויס (געב. 1845; געש. 1912) איז געווען א בע־

וואוסטער קויפמאַן און פילאַנטראָפּ פון ניו יאָרק, וועלכער איז געווען אַ מיט־גליעד פון דריי־און־פופציגסטען קאָנגרעס, און איז געווען פיעלע יאָהרען דער פּרע־זידענט פון "עדיוקיישאָנעל אַלליענס." אַ צווייטער ברודער, נייטהען שטרויס (געב. אין בייערן 1848; געק. 1854) וועלכער איז אויך אַ בעוואוסטער פילאַנ־טראָפּ און האָט געדיענט אַלס פּאַרק־קאָמישיאָנער און איינגע מאָנאַט אַלס פּרעזידענט פון געזונדהייטס־דעפּאַרטמענט פון ניו יאָרק, איז צוויי יאָהר עלטער וויא דער געוועזענער קאַבינעט־מיניסטער.

# קאַפּיטעל 38

## די אַמעריקאַניש־אידישע קאָמיטע. ערציהונגס־אַנשטאַלטען און פעדעראַציאָנען.

די גרינדונג פון די אַמעריקאַניש־אידישע קאָמיטע — איהרע ערשטע 15 מיט־גליעדער און איהרע מיטגליעדער פאַר דעם יאָהר 1911 — די עקספּערימענטען מיט די "קְהלה" אָרגאַניזאַציאָנען — די רע־אָרגאַניזירטע אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי — דער פאַקולטעט פון היברו יוניאָן קאַלעדש — דער דראָפּסיע קאַלעדש פאַר העברעאישע און פערוואַנדטע געלעהרזאַמקייט — די ישיבת רבינו יעקב יוסף — אַנדערע אָרטאָדאָקסישע ישיבות — תלמוד תורות און חדרים — היברו אינסטיטוט — זיי ווערען מעהר אידיש וויל אַנדערע אַנשטאַלטען טהוען איצטער די אַרבייט פון אַמעריקאַניזירען דעם אימיגראַנט — טעכנישע שולען — אידישע יונגע־מענער־פעראיינען און יונגע־פרויען־פעראיינען — פעדעראַציאָנען פון פערשיעדענע סאָרטען.

די שלאַכטערייען פון 1905 האָבען אויפגעוועקט און פעראייניגט די אידען פון די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט, און מען האָט אָנגעפאַנגען אין אַלגעמיין צו פיהלען די נויטהווענדיגקייט פון אַן אָרגאַניזאַציאָן וועלכע זאָל קענען נעהמען די ריכטיגע מיטלען אין אַזאַ לאַגע אָדער ווען עטוואָס עהנליכעס זאָל פאָרקומען אין די צוקונפט. די צייט ווען די אלליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל מיט איהרע פראַנצויזישע פיהרער און פראַנצויזישע מעטהאָדען האָט געקענט אַרויסטרעטען פאַר די אידען פון אַלע לענדער, איז שוין איצטער געוועזען פאַרביי, און נור אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן אין וועלכע יעדעס לאַנד איז אונאַבהייענגיג פערטרעטען האָט געקענט בעפריעדיגען די איצטיגע פאָדערונגען. דאָסזעלבע איז אויך געוועזען ריכטיג, אין אַ מעהר בעשריינקטען זין, אין די יונייטעד סטייטס אליין. קיינע פון די נאַציאָנאַלע אידישע קערפּערשאַפטען, אפילו ניט דער אָרדען בני ברית מיט זיין דעלעגאַטען־ראטה, האָט איצטער געקענט זיך אונטערנעהמען צו ריידען מיט אונבעשטריטענע אויטהאָריטעט אין דעם נאָמען פון דעם גאַנצען אַמעריקאַנישען יודענטהום. אַ פערזוך צו גרינדען אַן אינטערנאַציאָנאַלע אידישע קאָמיטע איז געמאַכט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיינעם קאָנפערענץ וועלכער איז זיך צוזאַמענגעקומען אין בריסעל, בעלגיען,



Photo by Gutekunst, Phila.

ריכטער מייער זולצבערגער

Judge Mayer Sulzberger

אין דיא לעצטע טעג פון יאנואר, 1906, וואו א בעשלוס פאר דיעזען צוועק איז אנגענומען געווארן. אבער מען האט דעם פלאן ניט דורכגעפיהרט.

ווענינגער וויא א וואך נאך דעם בריסעלער קאנפערענץ (פעברואר 4—3) איז אפגעהאלטען געווארן א קאנפערענץ אין ניו יארק "זיך צו איבערלייגען וועגען דיא פארמירונג פון אן אלגעמיינע אידישע קאמיטע אדער אן אנדער רעפרעזענטאטיווע קערפערשאפט פון דיא אידען פון יונייטעד סטייטס."*) א קאמיטע וועלכע איז ערנענט געווארן פון דעם פארזיצענדען, ריכטער מייער זולצבערגער פון פילאדעלפיא, האט פארגעלייגט איהר בעריכט פאר דעם קאנ־פערענץ אויף א שפעטערע פערזאמלונג, (דעם 19טען מאי) וועלכער איז אי־בערגעגעבען געווארן צו א קאמיטע פון פינף, מיט דיא אינסטרוקציאן אויסצו־קלייבען א קאמיטע פון פופצעהן, וועלכע זאל פערטרעטען אלע אידישע גע־זעלשאפטען פון יונייטעד סטייטס, און זאל שפעטער פערגרעסערט ווערען ביז דיא צאהל פון פופציג, אויב מען וועט עס געפינען פאר ווינשענסווערטה. אונגע־פעהר א מאנאט שפעטער האט דער פארזיצענדער אנאנסירט דיא פאלגענדע קאמיטע אלס דעם קערן פון דיא אמעריקאניש־אידישע קאמיטע וועלכע איז שפעטער פערגרעסערט געווארן ביז זעכציג: סיירוס אדלער, וואשינגטאן, ד. ס.; נייטהען בידשור, ניו יארק; דשאסעף ה. קאהען, ניו יארק; עמיל דש. הירש, שיקאגא; ד. ה. ליעבערמאן, ניו יארק; דשוליאן וו. מאק, שיקאגא; י. ל. מאגנעס, ניו יארק; לואיס מארשאל, ניו יארק; איזידאר ניומאן, ניו ארלינס; סיימאן וו. ראזענדייל, אלבאני, ניו יארק; מאקס סעניאר, סינסינעטי, אהייא; דשייקאב ה. שיף, ניו יארק; אסקאר ס. שטרויס, ניו יארק; מ. ס. סלאס, סאן פראנציסקא; און סיימאן וואלף, וואשינגטאן, ד. ס. דיא אמעריקאניש־אידישע קאמיטע איז ארגאניזירט געווארן מיט זעכציג מיטגליעדער און האט אנגענומען א קאנסטיטוציאן (11טען נאוועמבער 1906) וועלכע פאנגט זיך אן: "דער צוועק פון דיעזע קאמיטע איז צו פערהינדערן דיא פערלעצונג פון דיא בירגערליכע און רעליגיעזע רעכטע פון אידען און צו לינדערן דיא פאלגען פון פערפאלגונגען. אין פאל ווען דיעזע רעכטע ווערען געדראהט אדער ווירקליך אנגעגריפען, אדער ווען עס עקזיסטירען אירגענד וואו בעדינגונגען וועלכע מאכען עס נייטיג אז מען זאל העלפען אידען וועלכע זיינען געטראפען געווארן פון אן אונגליק, זאל דיא קאמיטע אריינטרעטען אין קאררעספאנדענץ מיט לייטע וועלכע זיינען בעקאנט מיט דער לאגע, און אויב דיא פערזאנען וועלכע זיינען דארטען אויף'ן פלאץ געפינען זיך פעהיג צו נעהמען דיא נייטיגע שריט, זאל דיא קאמיטע ווע־גען דעם מעהר גאר נישט טהאן. אבער אויב, פון אנדערען זייט, יענע בעטען הילפע, זאלען גענומען ווערען שריטע זיי צו העלפען." דיא קאמיטע איז שפע־

*) זעה דעם אמעריקאניש־אידישען יאהר־בוך פאר תרס"ז, זייטען 34—230.

טער ווייטער פערגרעסערט געוואָרן צוליעב דיא פערגרעסערטע פערטרעטונג פון דיא שטאָדט ניו יאָרק וועלכע איז פעראורזאַכט געוואָרן דורך דיא אָרגאַני־זירונג פון דיא "קהלה", און לעצטעס יאָהר איז זיא בעשטאַנען פון דיא פאָל־גענדע פערטרעטער פון דיא פיערצעהן דיסטריקטען אין וועלכע דאָס לאַנד איז פאַר דיעזען צוועק איינגעטהיילט געוואָרן:

ערשטער דיסטריקט: פלאָרידאַ, דשאָרדשיע, נאָרטה קאַראָליינאַ, סאוטה קאַראָליינאַ, 4 מיטגליעדער*): לעאָנאַרד האאז, אַטלאַנטאַ; סיזאַר קאָון, גרינס־באָראָ, נאָרטה קאַראָליינאַ; מאַנטאַגיו טריעסט, טשאַרלסטאָן, סאוטה קאַראָליינאַ.

צווייטער דיסטריקט: אַלאַבאַמאַ, מיסיסיפּי, טענעסי, דריי מיטגליעדער: אָטטאָ מאַרקס, בירמינגהעם; יוליוס לעמקאָוויץ, נאַטשעז; נייטהען קאָהן, נאַש־וויל, טענעסי.

דריטער דיסטריקט: אַריזאָנאַ, לואיזיענע, ניו מעקסיקאָ, אָקלאַהאָמאַ, טעק־סאַס, פינף מיטגליעדער: לעאָן מ. דשייקאָבס, פעניקס; דש. ה. סטאָלפער, אָקלאַהאָמאַ סיטי; מאָרים שטערן, ניו אָרלינס, לואיזיענע; אייזאַק ה. קעמפנער, גאַלוועסטאָן, טעקסאַס.

פיערטער דיסטריקט: אַרקאַנסאַו, קאָלאָרעדאָ, קענזעס, מיזורי, פיער מיט־גליעדער: מאָרים מ. קאָהען, ליטל ראָק, אַרקאַנסאַו; דייוויד ס. לעהמאַן, דענווער, קאָלאָרעדאָ; עלייאַס מייקאַעל, סט. לואיס, מיזורי. (זייט דאַן געשטאָרבען).

פינפטער דיסטריקט: קאַליפאָרניע, איידאַהאָ, נעוואַדאַ, אָרעגאָן, יוטאַה, וואַשינגטאָן, זיעבען מיטגליעדער: מאַקס ס. סלאָסס, סאַן פראַנציסקאָ, קאַלי־פאָרניע; הערדים וויינשטאָק, סאַקראַמענטאָ, קאַליפאָרניע; בען. סעללינג, פאָרטלענד, אָרעגאָן; ל. נ. ראָזענבוים, סיאַטל, וואַשינגטאָן.

זעקסטער דיסטריקט: אייאָוואַ, מישיגען, מינעסאָטאַ, מאָנטאַנאַ, נעב־ראַסקאַ, נאָרטה דאַקאָטאַ, סאוטה דאַקאָטאַ, וויסקאָנסין, ווייאָמינג, ניין מיט־גליעדער: הענרי מ. בוטצעל, דיטראָיט, מישיגען; עמנואל קאָהען, מינעאַפּאָליס, מינעסאָטאַ; וויקטאָר ראָזוואָטער, אָמאָהאַ, נעבראַסקאַ; מאַקס לאַנדאַוער, מילוואָקי, וויסקאָנסין.

זיעבעטער דיסטריקט: אילינאָיז, אַכט מיטגליעדער: עדווין דש. פאָר־מאָן, מ. ע. גרינעבוים, ב. האָרוויטש, דשוליאָן וו. מאַק, דשוליוס ראָזענוואַלד, דשאַסעף שטאָלץ, אַלע פון שיקאַגאָ, און וו. ב. וואָולנער, פון פּיאָריא, אילינאָיז.

אַכטער דיסטריקט: אינדיענע, קענטאָקי, אָהייאָ, וועסט ווירדשיניע, זעקס מיטגליעדער: לואיס ניובערגער, אינדיאַנאַפּאָליס, אינדיענע; אייזאַק וו. בערנ־היים, לואיסוויל, קענטאָקי; דייוויד פיליפסאָן, סינסינעטי, אָהייאָ; דש. וואָל־טער פרייבערג, סינסינעטי; און ע. מ. בייקער, קליוולענד, אָהייאָ.

נייענטער דיסטריקט: די שטאָדט פילאַדעלפיא, זעקס מיטגליעדער: סיירוס

*) דיא צאָהל צו וועלכע דער דיסטריקט איז בערעכטיגט.



Photo by Trover-Weigel, Salem, Oregon.

האָנ. בענדשעמין סעללינג

Hon. Benjamin Selling

אדלער, אפרים לעדערער, וויליאם ב. האקענבורג, ב. ל. לעווינטהאל, מ. ראָזענ־בוים, מייער זולצבערגער.

צעהנטער דיסטריקט: דעלעווער, דיסטריקט אָוו קאָלאָמביע, מערילענד, ווירדשיניע, פינף מיטגליעדער: הערי פריעדענוואלד, דשייקאָב ה. האָללאנדער, ביידע פון באלטימאָר, מערילענד; טשארלז וואן ליער, סיעפאָרד, דעלעווער; הענרי ס. הוטצלער, ריטשמאָנד, ווירדשיניע.

עלפטער דיסטריקט: קאָנעקטיקוט, מעין, מאסאטשוסעטס, ניו העמשיר, רהאָוד איילענד, ווערמאנט, זעקס מיטגליעדער: אייזאק מ. אולמאן, ניו הייווען, קאָנעקטיקוט; ליע מ. פריעדמאַן, באָסטאָן, מאסאטשוסעטס; הערי קאָטלער, פראָווידענס, רהאָוד איילענד.

צוועלפטער דיסטריקט: שטאָדט ניו יאָרק, פינף־און־צוואנציג מעמבערס: יאָזעף באראָנדעס, לואיס באָרגעניכט, סעמיועל דאָרף, בערנארד דראכמאן, הערי פישעל, וויליאם פישמאן, איזראעל פריעדלענדער, סעמיועל י. היימאן, מ. יאר־מולאָווסקי, לעאָן קאמאיקי, פיליפ קליין, אדאלף לואיזאָהן, י. ל. מאגנעס, מ. ז. מרגליות, לואיס מארשאל, ה. פעריירע מענדעס, סאלאָמאָן ניומאן, דשייקאָב ה. שיף, בערנארד זעמעל, פ. א. סיעגעלשטיין, יאָזעף סילווערמאן, ס. מ. סטרוק, סיירוס ל. זולצבערגער, איזידאָר אונטערבערג, פעליקס מ. ווארבורג.

דרייצעהנטער דיסטריקט: ניו יאָרק (אויסערהאלב דער שטאָדט), צוויי מיטגליעדער: אברם דש. קאטץ, ראטשעסטער.

אלגעמיינע מיטגליעדער: נייטהען בידשור, ניו יאָרק; ליע ק. פרענקעל, ניו יאָרק.

פיערצעהנטער דיסטריקט: ניו דשוירסי און פענסילווענידע (אויסער פילא־דעלפיא): פיער מיטגליעדער: דשאָסעף געץ, נוארק; אייזאק וו. פראנק, פיטס־בורג; איזידאָר סאָבעל, איריע; א. לעאָ וויל, פיטסבורג.

דיא בעאמטע פון דיא קאָמיטע זיינען: לואיס מארשאל, פרעזידענט; דשוליאן וו. מאק און דשייקאָב ה. האָללאנדער, וויצע־פרעזידענטען; אייזאַק וו. בערנהיימער, שאצמייסטער; הערמאן בערנשטיין, סעקרעטערי. דיא עקזעקיוטיוו קאָמיטע בעשטעהט פון סיירוס אדלער, הערי קאָטלער, סעמיועל דאָרף, י. ל. מאגנעס, לואיס מארשאל, דשוליוס ראָזענוואלד, דשייקאָב ה. שיף, איזאדאָר סאָבעל, סיירוס זולצבערגער, מייער זולצבערגער און א. לעאָ וויל.

דיא מיטגליעדערשאפט פון דיא גרויסע מיטעלפונקטען וויא ניו יאָרק, פילאדעלפיא און שיקאגאָ, ענטהאלטען אויך פערטרעטער פון דיא אימיגראנטען פון דיא לעצטע פעריאָדע, און דער פלאן פון דיא אידישע אלליאנס פון צוואנ־ציג יאהר צוריק*) צוזאמענצובריינגען דיא עלטערע און דיא אינגערע טהיילען

*) זעה אויבען, קאפיטעל 31.

פון דער געמיינדע איז דערמיט ביז א געוויסען גראד פערווירקליכט געוואָרן אין דיא קאָמיטע. זיא האָט געמאכט אייניגע ווערטהפאָלע אנשטריינגונגען צו העלפען ליידענדע אידען אין אנדערע לענדער און אויך אין דיא אינטערעסע פון א שנעלע לעזונג פון דיא פערשלעפּטע רוסישע פּאספּאָרט־פראגע, און זיא ווערט אימער מעהר אנערקענט אלס דיא רעפּרעזענטאטיווע אידישע קערפּער־שאפט פון יונייטעד סטייטס.

ווען דיא אידישע געמיינדע אָדער "קהלה" איז געשאפען געוואָרן אין ניו יאָרק אין 1909, בעשטעהענד פון פערטרעטער פון שולען, בריעדערליכע און ערציהונגס־אָרגאניזאציאָנען, איז דערמיט צום טהייל דורכגעפיהרט געוואָרן דער פּלאַן פון דיא לייטע וועלכע האָבען געפאָדערט אז דיא אמעריקאניש־אידישע קאָמיטע זאָל רע־אָרגאניזירט ווערען אויף א מעהר דעמאָקראטישען אופן, און זיא זאָל דערמיט ווערען דיא ערוועהלטע און אויטהאָריזירטע פערטרעטערין פון דיא אידישע מאסען. דיא פינף־און־צוואנציג מיטגליעדער פון דיא עקזעקיוטיוו־קאָמיטע פון דיא ניו יאָרקער קהלה זיינען דיא ניו יאָרקער מיטגליעדער פון דיא אמעריקאניש־אידישע קאָמיטע. דיא אידען פון פילאדעלפיא האָבען אויך גע־גרינדעט א קהלה אויף דעם זעלבען באזיס פון פערטרעטונג, און אנדערע גרויסע געמיינדען האָבען עס נאָכגעטהאָן אָדער פּלאנעווען עס נאָכצוטהאָן. אָבער דיזע נייע פאָרם פון פערשמעלצען דיא גרויסע קהלות און צו בילדען אויטהאָרי־טאטיווע אידישע צענטראל־קערפּערשאפטען, איז דערווייל ניט מעהר וויא א פּראָבע, וואהרשיינליך וועלען אייניגע צעהנדליג יאָהר מוזען אוועקגעהן איידער זייער שטענדיגע עקזיסטענץ וועט זיין געזיכערט אָדער בערעכטיגט. דער גרויסער אונטערשייד צווישען דיא קאָמיטע און דיא קהלות איז אז אין פאל פון דיא ערשטע האָבען לייטע מיט מאכט און איינפלוס וועלכע האָבען פריהער ווירקזאם געארבייט פאר אידישע אינטערעסען יעדער בעזונדער אָדער אלס פיהרערס פון געמיינדע־קערפּערשאפטען, זיך פעראייניגט צו ארבייטען צוזא־מען אין דער זעלבער ריכטונג. דיא קהלות, פון אנדערען זייט, דארפען נאָך ערשט בעשאפען דיא קרעפטען וואָס זאָלען זיי אויפהאלטען און זיי געבען זייער שטארקייט. דער הויפּט־ווערטה פון דיא קהלות בעשטעהט אין דעם וואָס זיי זיינען ציייכענס פון דער צייט, בעווייזענדיג אז מיר קומען צום ענדע פון דיא פעריאָדע פון תהו ובהו אין אלגעמיינע אידישע אנגעלעגענהייטען, און אז עס ווייזט זיך א נייגונג זיך צו שטעלען אונטער א פערטרעטענדע אויטהאָרי־טעט אין ענינים וואָס האָבען צו טהאָן מיט דיא גאנצע געמיינדע. דיא אויפ־פאלענדסטע זאך וואָס דיא ניו יאָרקער קהלה האָט אויפגעטהאָן איז דיא גרינ־דונג פון אן ערציהונגס־ביורא אונטער דיא דירעקציאָן פון דעם בעקאנטען אי־דישען ערציהער, דר. ש. בענדערלי, (געב. אין צפת, ארץ ישראל, 1876), וועל־כער האָט געפיהרט אידישע מעדכען־שולען אין באלטימאָר מיט בעדייטענדען

ערפאָלג, אָבער דיא זעלבע צווייפעל וועלכע עקזיסטירען וועגען דיא קהלה אליין זיינען אויך פאראן וועגען זיינע פלענער: עס דארף נאָך ערשט בעוויעזען ווערען אזביידע זיינען צוגעפאסט צו זייערע אויפגאבען אָדער פראקטיש.

פיעלע אנדערע ווערטהפאָלע ארבייט איז געטהאָן געוואָרן פאר אידישע ערציהונג אין דיא לעצטע צעהן יאָהר. דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי וועלכע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 1902, ווען דער בעריהמטער רומענישׂ־אידישער געלעהרטער, סאָלאָמאָן שעכטער, איז געוואָרן איהר פרעזידענט, האָט איצטער אין איהר פאַקולטעט דיא פאָלגענדע פראָפעסאָרען: פרעזידענט און פראָפעסאָר פון אידישע טהעאָלאָגיע, סאָלאָמאָן שעכטער; ביבלישע ליטעראַטור און עקסעגעזיס, איזראַעל פריעדלענדער; תלמוד, לואיס גינצבערג; געשיכטע, אַלעקסאַנדער מאַרקס; האָמילעטיקס, מרדכי מ. קאַפּלאַן; לעהרער אין תלמוד, יהושע א. יפה; לעהרער פאר העברעאיש און ראבּיניקאַ, איזראַעל דייווידסאָן; ענגלישע ליטעראַטור און רהעטאָריק, דשאָסעף דשייקאָבס. עס איז אויך פאראַן אַ לעהרער־אינסטיטוט פערבונדען מיט דיא סעמינאַרי, פון וועלכען פראָפעסאָר מרדכי מ. קאַפּלאַן איז דער פרינציפּאַל.

דער גראַטץ קאַלעדזש פון פילאַדעלפיא, געשטיפטעט פון היימאַן גראַץ (1776—1857) איז געעפענט געוואָרן אין 1895, און איז זייט דאַן אונטער דעם פרינסיפּאַל הענרי מ. ספּיקער. עס איז אַ סאָרט אידישע האָכשולע וואו שילער ווערען אויך פּאָרבערייטעט פאר דיא ניו יאָרקער סעמינאַרי.

דער איצטיגער פאקולטעט פון היברו יוניאָן קאַלעדזש פון סינסינעטי בעשטעהט פון דיא פאָלגענדע פראָפעסאָרען: האָמילעטיקס, טהעאָלאָגיע און העלעניסטישע ליטעראַטור, (פרעזידענט) קויפמאַן קאָהלער; אידישע געשיכטע און ליטעראַטור, גאָטהארד דייטש; עטהיקס און פעדאַגאָגיע, לואיס גראָססמאַן; אידישע פילאָזאָפיע, דאַוויד ניימאַרק; ביבלישע עקסעגעזיס, (געהילפע) מאָזעס בוטענוויזער; ביבלישע ליטעראַטור, הענרי ענגלאַנדער; לעהרער פון ביבלישע און סעמיטישע שפּראַכען, דשוליאַן מאָרגענשטערן.

דיא איינגסטע פון אידישע אַנשטאַלטען פאר העכערע ערציהונג אין יונייטעד סטייטס איז דער דראָפּסיע קאָלעדש פאר העברעאישע און פערוואַנדטע געלעהרזאַמקייט, וועלכער איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אין 1907. מאָזעס אהרן דראָפּסיע, (געב. אין פילאַדעלפיא, 1821; געש. דאָרטען אין 1905) אַן אדוואָקאַט און שטראַסען־באַהן־אייגענטהימער פון האָלענדישער אבשטאַמונג, האָט איבערגעלאָזען זיין פערמעגען פון נאָהענט אַ מיליאָן דאָלאָר פאר דיא גרינדונג פון דיעזען קאָלעדש, וועלכער איז געעפענט געוואָרן אין 1909. דיא פאַקולטעט בעשטעהט פון: פרעזידענט סיירוס אַדלער; מאַקס ל. מאַרגאָליעס,

פארשטעהער פון ביבלישען דעפארטמענט; העברי מאלטער פון ראבינישען; דשייקאב האשאנדער פון דערפארטמענט פון פערוואנדטע שפראכען; ריכטער מייער זולצבערגער, וואהנהאפטער לעקטשורער איבער אידישע יוריספרודענץ און רעגיערונגס־אינסטיטוציאנען.

א גאנץ אנדער סארט אנשטאלט איז די ישיבת רבנו יעקב יוסף פון ניו יארק, ארגאניזירט אין 1901, פון וועלכע דער גרינדער, ר׳ שמואל ש. ענדראן, איז נאך איצטער דער פרעזידענט. עס איז די איינציגע בעדייטענדע אידישע רעליגיאנס־שולע נאך דעם פלאן פון ניט־אידישע קירכען־שולען, וואו מען לערנט אויך ענגליש און אלע אנדערע למודיות פון די עפענטליכע שולען, צוזאמען מיט לשון קודש, תנ״ך, גמרא און ראבינישע ליטעראטור. דאס איז דער ערשטער פערזוך צו פערבינדען א שטרענג־ארטאדאקסישע מיט א גרינדליכע אמעריקא־נישע ערציהונג, און אויב מעגליך, צו ערציהען אמעריקאנישע רבנים וועלכע זאלען צופריעדען שטעלען דעם פארצייטיגען פרומען אימיגראנט אזוי גוט ווי דעם דור וואס איז דא אויפגעוואקסען. עס זיינען דא אנדערע ישיבות אין אלע גרויסע שטעדט פון יונייטעד סטייטס, אבער די מייסטע פון זיי זיינען מאדער־לירט נאך די ישיבות פון די סלאווישע לענדער, וואו עס ווערט אפיציעל ניט געלערנט קיין אנדער געגענשטאנד ווי ש״ס ופוסקים, און מען בעשעפ־טיגט זיך מיט וועלטליכע שטודיען שטילער־הייד אדער גאר ניט. אין אנדערע היעגע ישיבות, אזוי ווי די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן פון ניו יארק, זיינען געמאכט געווארען געוויסע הנחות צו גונסטען פון וועלטליכע בילדונג, אבער מען מאכט ניט דעם פערזוך און מען האט וואהרשיינליך גאר ניט דעם וואונש צו הארמאנירען די סיסטעם און צו פערזארגען די תלמידים מיט א גוטע אמע־ריקאנישע ערציהונג.

די אריגינעלע פארם פון אידישע עלעמענטאר־שולען, דער חדר, און די קהל׳שע אדער האלב קהל׳שע תלמוד תורה, געפינען זיך דא צווישען די אידען פון די סלאווישע לענדער אין אלע זייערע פערשיעדענארטיגקייטען, פון דעם אלטמאדישען רוסישען חדר וואו אלעס ווערט פערטייטשט אויף טראדיציאנעלע־אידיש וואס דער היעגער געבארענער תלמיד פערשטעהט נור צום טהייל; ביז דעם אמעריקאניזירטען פלאץ וואו מען לערנט אין ענגליש, און דעם מא־דערנעם רוסישען חדר מתוקן וואו מען לערנט עברית בעברית אין טעקסט־ביכער וואס זיינען שפעציעל פערפערטיגט געווארען פאר דיעזען צוועק. עס איז נא־טירליך אז די עלטעסטע און גרעסטע תלמוד תורה פון ניו יארק, די מחזיקי תלמוד תורה פון איסט בראדוויי, פון וועלכע מאזעס ה. פיליפס איז פרעזידענט און ר׳ ישראל א. קאפלאן דער פרינציפאל, זאל בעטראכטעט ווערען אלס א מוסטער־אנשטאלט פון איהר סארט. עס זיינען דא נאהענט פון פיערציג תלמוד תורות

אין ניו יאָרק אליין, מאַנכע פון זיי זיינען פערבונדען מיט שולען אָבער דיא מייסטע פון זיי זיינען בעזונדערע אינסטיטוציאָנען מיט אייגענע געביידען, און אייניגע פון זיי וויא דיא אָפּ־טאָון תלמוד תורה און דיא בראָנזווילער (ברוקלין) זיינען פּרעכטיגע אַנשטאַלטען מיט איינגאַהמען וועלכע ווייזען דיא גוטע מאַ־טעריעלע לאַגע פון דיא איינגעוואַנדערטע אידען, און זייער וויליגקייט צו צאָה־לען פאַר אידישע ערציהונג.

עס זיינען דאָ גרויסע תלמוד תורות אין יעדע שטאָדט וואו עס איז פאַראַן אַ בעדייטענדע אידישע בעפעלקערונג, און אַזוי וויא אין דיא מייסטע אַנדערע הינזיכטען איז אין דעם אויך דיא לאַגע פון שיקאַגאָ, פילאַדעלפיא און אַנדערע גרויסע מיטעל־פּונקטען אונגעפעהר אַזוי וויא אין ניו יאָרק. אין דיא קלענערע שטעדט ווערט איצטער געגרינדעט אַ תלמוד תורה גלייך נאָכדעם וויא עס ווערט עטאַבלירט אַ שול אָדער קאָנגרעגיישענס, און דער פּריוואַט־לעהרער, וועלכער איז אָפט אויך דער שוחט און חזן אָדער מוהל, קומט פריהער פאַר ביידע. עס איז אָבער דאָ איין וויכטיגער אונטערשייד צווישען דיא תלמוד תורה אין דיא אַלטע וועלט, בעזאָנדערס אין רוסלאַנד, און דיא זעלבע אַנשטאַלט דאָ אין אַמעריקאַ. דאָרטען איז דיא תלמוד תורה מייסטענס פאַר גאַנץ אָרעמע קינדער, פאַר עלענ־דע יתומים א. ז. וו. דאָ וואו עס איז שווערער צו קריעגען גוטע פּריוואַט־לעהרער, וואו זיי פאָדערן אַ ציעמליך הויכע בעלוינונג און וואו דיא צייט וואָס מען קען געבען פאַר לערנען אידיש איז בעשריינקט, ווערט דיא אָרגאַניזירטע שול פאַר־געצויגען אפילו ביי עלטערן וועלכע זיינען פעהיג און בערייט צו צאָהלען שכר למוד. מאַנכע תלמוד תורות וועלכע ווערען אויסגעהאַלטען פון איינציגע שולען פאַר זייערע מיטגליעדער, בעזאָנדערס אין קלענערע שטעדט, זיינען זאָגאַר עהנ־ליך צו דיא שבת־שולען אָדער זאָנטאַגס־שולען וואָס געפינען זיך כמעט אין יעדען רעפאָרם־טעמפּעל, און זיינען בעשריינקט נור אויף בעל הבית'שע קינ־דער. פאָלקס־שולען אָדער העברעאישע שולען פאַר מיידלאַך זיינען אין דיא לעצטע צייט געגרינדעט געוואָרן אין פערשיעדענע טהיילען פון ניו יאָרק און אויך אין אַנדערע שטעדט.

עס זיינען אויך דאָ אין יעדע גרויסע שטאָדט און אין דיא מייסטע טהיילען פון גאַנץ גרויסע שטעדט ערציהונגס־אַנשטאַלטען וואָס זייער הויפּט־אויפגאַבע איז צו פערלייכטערען דיא אַמעריקאַניזירונג פון דעם אימיגראַנט. דיא מוס־טער־אינסטיטוציאָן פון דיעזען סאָרט איז דער "עדיוקיישאָנעל אַלליינס" (פרי־הער דער "היברו אינסטיטוט") פון ניו יאָרק. מאַנכע פון זיי טראָגען דעם נאָמען "עדיוקיישאָנעל סאָסייעטי" און אַנדערע, אַזוי וויא דיא אַנשטאַלט פון שיקאַגאָ פון וועלכע דשוליוס ראָזענוואַלד, (געב. אין ספּרינגפיעלד, אי־לינאָיז, 1862), איז דער הויפּט שטיצער, ציהען פאָר דעם אַלטען נאָמען "היברו אינסטיטוט." דיעזע קלאַס אַנשטאַלטען האָבען זיך פיעל געענדערט

אין פערלויף פון דיא לעצטע צעהן אדער פופצעהן יאהר, און דיא וואס זיינען געגרינדעט געווארן אין דיא לעצטע צייט זיינען גאנץ אנדערס וויא דיא וואס שטאמען פון דיא פריהערע פעריאדע. דיא פורכט דאס דער ניי־געקומענער וועט ניט אמעריקאניזירט ווערען שנעל גענוג איז אין גאנצען פערשוואונדען; און אויסערדעם האבען דיא שטעדט אליין איבערגענומען דיא ארבייט פון אמעריקא־ניזירונג וואס פלעגט פריהער געטהאן ווערען פון פריוואט צדקה, וויא צום ביישפיעל, אויסצוהאלטען אבענד־קלאסען אדער זאגאר טאג־קלאסען פאר ער־וואקסענע אימיגראנטען וועלכע ווילען לערנען ענגליש. דיא אנשטריינגונג פון פריוואט לייטע איז איצטער מעהר אין דער ריכטונג פון אידישע ערציהונג, און פון רעליגיעזע אדער האלב־רעליגיעזע טהעטיגקייטען. מאנכע פון דיא היברו אינסטיטוטס, בעזאנדערס דיא איינגערע און דיא וואס ווערען אויסגעהאלטען פון דיא אימיגראנטען אליין, זיינען כמעט תלמוד תורות און זיינען אפט פערבונ־דען מיט א שול; דער רעליגיעזער עלעמענט איז אין זיי פראמינענט און אין אייניגע פון זיי פערנעהמען ראבינער דיא וויכטיגסטע פלעצער.

עס איז אויך דא א קלאס פון גרויסארטיגע ערציהונגס־אנשטאלטען, גע־גרינדעט און בערייכערט פון אידישע פילאנטראפען, פאר דיא טעכנישע ענט־וויקלונג פון דיא יונגע אידישע אימיגראנטען. דיא וויכטיגסטע פון דיזע אין ניו יארק זיינען: דיא באראן דע הירש געווערב־שול, דער אידישער טעכנישער אינסטיטוט, (ארגאניזירט 1883) און דיא אידישע טעכנישע שול פאר מעדכען. שיקאגא האט איהר אידישע "טריינינג סקול", (אינקארפארירט 1887), באלטי־מאר איהר מאקאבעאישעם הויז (1900); באסטאן איהר אידישע אינדוסטריע־שולע (1889), און דיא אידישע אלליאנס פון סט. לואיס האט א גרויסע אינ־דוסטריעלע שולע; סינסינעטי האט אן אינדוסטריעלע שולע פאר אינגלאך; און פילאדעלפיא האט א בני ברית האנדווערקער־שול און אן אינדוסטריעלע היים פאר אידישע מעדכען. דיא פעראייגען פון אידישע יונגע מענער און פון אידישע יונגע פרויען און אנדערע פעראיינען פון דיזען סארט אין מעהרע־רע שטעדט האלטען אויס פערשיעדענע קלאסען, רעליגיעזע, טעכנישע א. ז. וו. און גיבען געלעגענהייטען פון ערציהונג פאר ניי־געקומענע און פאר ארבייטער וועלכע קענען ניט מאכען דעם געברויך פון געווערגליכע עפענטליכע ערציהונגס־אנשטאלטען.

דיא אנשטריינגונגען צו ארגאניזירען און צו פעראייניגען וועלכע האבען גע־פיהרט צו דיא גרינדונג פון דיא אמעריקאניש־אידישע קאמיטע, האבען אויך פראדוצירט אייניגע אנדערע פעדעראציאנען פון פערשיעדענע מינים. דיא

עלטעסטע און דיא בעדייטענדסטע פון זיי איז דער פערבאַנד פון גאַליציאַנער און בוקאָווינער אידען (אָרגאַניזירט 1904), וועלכער האָט געגרינדעט און האַלט אוים דעם הר מוריה האָספיטאַל פון ניו יאָרק. עס זיינען אויך אין דיא לעצטע יאָהרען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פערבאַנד פון רומענישע אידען, און נאָך איינער פון רוסיש־פוילישע אידען. ניו יאָרק האָט אויך אַ פעדעראַציאָן פון בייטרע־גער צו אידישע געמיינדע־אַנשטאַלטען און אַ פעדעראַציאָן פון אידישע אָרגאַ־ניזאַציאָנען,ביידע פון זיי געגרינדעט אין 1906.

# קאַפּיטעל 39

## דיא אידען פון קענעדע.

דיא לעגענדע פון דיא אידישע אָפּשטאַמונג פון שעוואַליע דע לעווי — אהרן האַרט, דער ענגלישער קאָמיסער, און אברהם גראַדיס, דער פראַנצויזישער באַנקיער — דיא ערשטע אידען פון מאָנטרעאָל — איהר ערשטע קאָנגרעגיישען — דיא שוויריגקייטען פון יחזקאל האַרט, דעם ערשטען איד וועלכער איז דאָרט ער־וועהלט געוואָרן אַלס געזעץ־מאַכער — ענדליכע גלייכשטעלונג אין 1832 — אידען קעמפּפען אויף דער זייט פון דער רעגיערונג געגען פּאַפּינאָ'ס רעבעלליאָן — פּראָמינענטע אידען אויף פערשיעדענע פעלדער פון טהעטיגקייט — דיא קאָנגרע־גיישען שער השמים — טאָראַנטאָ — דיא ערשטע שול אין וויקטאָריאַ, בריטיש קאָלאָביאַ, אין 1862 — האַמילטאָן און וויניפּעג — אַנדערע קהלות — אַגרי־קולטורעלע קאָלאָניעס — אידישע צייטונגען.

דער אָנפאַנג פון דיא געשיכטע פון אידען פון קענעדע דערגרייכט ביז צו אַלטע לעגענדען. עס איז דאָ אַ טראַדיציאָן אַז דער גרינדער פון דאָס הויז פון לעווי, (לעווים) פון וועלכע עס האָבען געשטאַמט הענרי דע לעווי, דער הערצאָג פון וואַנטאַדיר, וועלכער איז געוועזן וויצע־קעניג פון קענעדע אַ געוויסע צייט נאָך 1626, און זיין מעהר בעריהמטער קרוב שעוואַליע (ריטער) דע לעווי, וועלכער איז געוועזן מאָנטקאַם'ס נאָכפאָלגער אַלס קאָמאַנדירער פון דיא פראַנ־צויזישע אַרמעען אין קענעדע (1759), און איז שפּעטער געוואָרן אַ מאַרשאַל פון פראַנקרייך, האָט געשטאַמט פון לוי בן יעקב און איז געוועזן אַ קאָזין פון מרים פון נצרת.*)

דיא ערשטע זיכערע בעריכטען וועגען דיא אידען פון קענעדע פאַנגען זיך אָן אין דיא צייטען ווען ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען געפיהרט זייער לעצטע מלחמה איבער דעם בעזיץ פון דיא ריעזיגע קאָלאָניע אין צפון זייט פון נאָרד אַמעריקאַ. אהרן האַרט, (געב. אין לאָנדאָן, 1724), איז געוועזן אַ קאָמיסער אָדער פּראָוויאַנט־בעאַמטער אין דיא אַרמעע פון גענעראַל אַמהערסט וועלכע איז

*) זעה קאָהלער, אין פיערטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטע 87. פאַר אַנדערע קוועלען פון דיזען קאַפּיטעל זעה דעם ערשטען באַנד זייטען 20—117 און דעם אַרטיקעל "קענעדע" אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע.

אריינגעקומען אין קענעדע פון דרום זייט. עס האָבען זיך אין יענע אַרמעע אויך געפונען נאָך דריי אידישע אָפיציערען: עמנואל דע קאָרדאָווא, חנניאל גארסיא און אייזאַק מיראַנדאַ. הארט האָט שפּעטער געהערט צו דיא קאָמ־מאַנדאָ פון גענעראל האלדימאַנד אין טהרי ריווערס, און ווען דיא מלחמה איז געווען צו ענדע האָט ער זיך בעזעצט אין יענער שטאָדט און איז געוואָרן אַ גוטס־בעזיצער.

עס זיינען זעלבסט־פערשטענדליך ניט געווען קיין אידען פון אַנדערען זייט פון דער מלחמה, ווייל פראַנקרייך האָט אין יענער צייט ניט אריינגעלאָזען קיינע אידישע איינוואָהנער אין איהרע קאָלאָניעס און קיינע אידישע סאָלדאטען אין איהרע אַרמעען. דאָך איז עס געווען אַ איד, אברהם גראַדים (געש. 1780), דער פאָרשטעהער פון דעם גרויסען פראַנצויזישען באַנק־געשעפט וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן פון זיין פאָטער דוד גראַדים (נאַטוראַליזירט אין באָרדאָ, 1731; געש. 1751), וועלכער האָט געגעבען דעם קעניג פון פראַנקרייך דאָס געלד מיט וועלכע דער ניט־ערפאָלגרייכער קריעג מיט ענגלאַנד איז געפיהרט געוואָרן. אברהם גראַדים האָט געגרינדעט, אין 1748, דעם קענעדע־פעראיין, אַ האַנדעלס־אָרגאַניזאַציאָן אונטער דעם שוץ פון דיא פראַנצויזישע רעגיערונג, און האָט אויפגעבויט מאַגאַזינען אין קוויבעק. ער און זיין פאַמיליע האָבען געקריעגען בעזונדערע פּריווילעגיען אין דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס, און ער האָט געקריעגען פולע בירגער־רעכטע אין מאַרטיניק אין 1779. אָבער דאָס הויז פון דיא ״ראָטהשילדס פון אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט״ איז אַם ענדע רואינירט געוואָרן דורך דיא מרידות אין סאַנטאָ דאָמינגאָ און אין מאַרטיניק, צוזאַמען מיט דיא פערלוסטען וואָס זיינען פעראורזאַכט געוואָרן אין דער היים דורך דיא פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן. (זעה וואָלף, ״דער אַמעריקאַנישער איד...״ זייטען 82—476.)

אונגעפעהר אין דער צייט ווען ענגלאַנד האָט איינגענומען קענעדע, (אַרום 1760), האָבען זיך מעהרערע אידען בעזעצט אין מאָנטרעאָל, צווישען זיי זיינען געווען לאַזארוס דייוויד (געב. 1734), אוריאל מאָרעסקאָ, סעמיועל דשייקאָבס, סיימאָן ליוואַי, פערנאַנדעץ דאַ פאָנסעקאַ, אברהם פראַנקס, ענדרו היים, דשייקאָב דע מאָרערא, דשאָסעף בינדאָנאַ, ליוואַי סאַלאָמאָנס און אוריה דשודאה. לאַ־זארוס דייוויד איז געווען אַ גרויסער לאַנד־אייגענטהימער און איז געווען בעקאַנט אַלס בעל צדקה און כלל־טהוער. איינינע פון דיא אַנדערע זיינען געווען אָפי־ציערען אין דיא ענגלישע אַרמעע; עס זיינען אויך צווישען זיי געווען וויכטיגע סוחרים וועלכע האָבען בייגעטראָגען צו דיא ענטוויקלונג פון האַנדעל אין דיא ניי־געוואונענע קאָלאָניע. נאָכדעם וויא עס זיינען צוגעקומען אַנדערע אידען איז אין 1768 אָרגאַניזירט געוואָרן דיא קאָנגרעגיישען שארית ישראל וועלכע איז כמעט הונדערט יאָהר געווען דיא איינציגע אידישע געמיינדע אין קענעדע.

דיא מייסטע מיטגליעדער זיינען געוועזען ספרדים און זיי זיינען געשטאַנען אין אינטימע פערבינדונג מיט דיא שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידען פון לאָנדאָן, וועלכע האָבען זיי פּרעזענטירט צוויי ספרי תורה פאַר דיא נייגעגרינדעטע קהלה. אין אָנפאַנג האָבען זיי געדאַוונט אין אַ האָל אויף סט. דשיימס סטריט; אָבער אין 1777 איז אויפגעבויט געוואָרען דיא ערשטע שול אויף דער עקע פון דיעזע גאַס און נאָטר דאַם, נעבען דאַס איצטיגע געריכטס־הויז, אויף אַ פּלאַץ וואָס האָט געהערט צו דיא דייוויד פאַמיליע. איהר גרינדער, דער אויבען־דערמאַנטער לאַזאַרוס דייוויד איז געשטאָרבען מיט אַ יאָהר פריהער און איז געוועזען דער ערשטער בעערדיגט צו ווערען אויף דעם בית עולם וואָס איז געקויפט געוואָרען אין 1775. זיין זאָהן, דייוויד דייוויד (1764—1824), איז געוועזען איינער פון דיא גרינדער פון דיא באַנק פון מאָנטרעאָל אין 1808.

דער ראַבינער יעקב רפאל כהן איז דער ערשטער גייסטליכער פון דיא געמיינדע פון מאָנטרעאָל וועגען וועמען מיר ווייסען עטוואָס. ער איז דאָרטען געקומען אין 1778 און איז פערבליעבען ביז 1782, ווען ער איז אַוועק נאָך פילאַדעלפיא, צו ווערען דער ראַבינער פון דיא קאָנגרעגיישען מקוה ישראל. דער פּרעזידענט אָדער פּרנס פון דיא קאָנגרעגיישען פון מאָנטרעאָל אין 1775 איז געוועזען דשייקאָב סיילסביי (אָדער סאָליסבורי) פראַנקס, אַ מיטגליעד פון דיא פאַמיליע וואָס איהרע אַנדערע צווייגען האָבען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין פילאַדעלפיא אין דער צייט פון די רעוואָלוציאָן. אברהם פראַנקס (1721—1797) האָט געהאָלפען דיא ענגלענדער צוריקשלאָגען דעם אַנגריף פון דיא אַמעריקאַנער, און זיין שוויגער־זאָהן, ליוואי סאָלאָמאָנס, האָט געקריגען דעם בעפעהל פון דעם אַמעריקאַנישען גענעראַל מאָנטגאָמערי פון דיא אַרמעע וואָס איז אריין אין קענעדע, ער זאָל צושטעלען אַלעס וואָס איז נייטיג פאַר דיא האָספּיטעלער פון דיא אַמעריקאַנישע סאָלדאַטען. אָבער נאָך דעם טויט פון גענעראַל מאָנטגאָמערי און דיא צוריקטרעטונג פון זיין אַרמעע, האָט ליוואי סאָלאָמאָנס, חאָטש ער האָט קיינמאָל ניט געקריגען בעצאָהלט פאַר אַלעס וואָס ער האָט געליפערט דיא אַמעריקאַנער, צוגעצויגען אויף זיך דעם כעס פון דיא ענגלענדער אַלס איינער וואָס איז פערדעכטיגט אַז ער האָט געהאַלטען מיט דיא רעוואָלטירענדע קאָלאָניעס. גענעראַל בורגאָין האָט איהם און זיין פאַמיליע אַרויסגעטריעבען פון מאָנטרעאָל, אָבער שפּעטער האָט מען זיי ערלויבט צוריק צו קומען.

אין 1807 איז עזעקיעל האַרט, איינער פון דיא פיער זיהן פון קאָמיסערי אהרן האַרט, ערוועהלט געוואָרען צו פערטרעטען טהרי ריווערס אין דיא לעדשיסלייטשור (געזעצגעבונג). ער האָט ניט געוואָלט איינגעשוואָרען ווערען אין דיא געוועהנליכע פאָרם, "אויף דעם טרייען גלויבען פון אַ קריסט", אָבער ער האָט געשוואָרען נאָך דעם אידישען מנהג, אויף אַ חומש, און מיט אַ צוגעדעקטען קאָפּ. עס האָט זיך גלייך געגען איהם אויפגעהויבען אַ שטורם פון אָפּאָזיציאָן,

וואָס האָט געשטאַמט ניט אַזוי פון רעליגיעזען פּאָראורטהייל אָדער אינטאָלעראַנץ, נור ווייל זיינע פּאָליטישע געגנער האָבען געזעהן אַ געלעגענהייט צו געווינען אַ זיץ פאַר זייער פּאַרטיי אויב ער זאָל אויסגעשלאָסען ווערען. נאָך אַ היציגע דיסקוסיאָן און דיא פּאָרמאַליטעט פון אַ פּראָצעס איז ער אויסגעשלאָסען געוואָרן, און ווען זיינע קאָנסטיטועגטען האָבען איהם וויעדער־ערוועהלט איז געמאַכט געוואָרן אַ פּאָרשלאַג אָנצונעהמען אַ שפּעציעלען געזעץ אַז אידען קענען ניט ערוועהלט ווערען אַלס מיטגליעדער, עס זאָל וועגען דיעזען פּונקט ניט זיין מעהר קיין צווייפעל. אָבער דער גאָווערנאָר, סער דשאָהן קרעיג, האָט אויפגעלעזט דיא קאַמער איידער דער פּאָרשלאַג האָט געקענט אָנגענומען ווערען. נאָכדעם וויא אַ פּאָרשלאַג וועלכער האָט געשטימט מיט די ביטע וואָס אידען האָבען אריינגעגעבען איז אָנגענומען געוואָרן אין 1829, און איז בעשטעטיגט געוואָרן דורך אַ קעניגליכע פּראָקלאַמאַציאָן אין יאַנואַר 1831, וועלכער האָט אויטהאָריזירט דיא אידען צו האַלטען אַן אייגענע פערצייכנונג פון געבורטען, חתונות און טויטען־פעלע, האָבען זיי זיך געפיהלט ערמוטהיגט און געמאַכט אַ נייעם פערזוך צו קריעגען דיא אַנערקענונג פון זייערע בירגערליכע רעכטע. ווען אַ נייער פּאָרשלאַג צו געבען אידען דיא זעלבע פּאָליטישע רעכטע וויא קריסטען איז פּאָרגעבראַכט געוואָרן אין דיא לעגיזלאַטיווע אַסעמבלי אין 1831, איז קיינער ניט געווען דאַגעגען. ער איז שנעל דורכגעגאַנגען ביידע קאַמערן און האָט געקריעגען דיא קעניגליכע צושטימונג דעם פינפטען יוני 1832. דיא אידען פון קענעדע זיינען דערמיט עמאַנציפּירט געוואָרן אונגעפעהר אַ פיערטעל יאָהרהונדערט פריהער וויא זייערע גלויבענס־גענאָסען אין ענגלאַנד. מר. נאַטהאַן פון בריטיש קאָלאָמביאַ איז געווען דער ערשטער אידישער מיטגליעד פון קענעדער פּאַרליאַמענט.

אַ היבשע צאָהל אידען האָבען זיך געשלאָגען אויף דער זייטע פון דיא טרייע בריטישע בירגער אין דיא שטירמישע צייטען פון דעם אויפשטאַנד וועלכער איז אָנגעפיהרט געוואָרן פון פּאַפּינאָ און אַנדערע אין 38—1837. צוויי מיטגליעדער פון דיא דייוויד פאַמיליע האָבען קאָמאַנדירט אַבטהיילונגען קאַוואַלעריע אונטער וועטהערעל אין דיא שלאַכט ביי סט. שאַרל, און האָבען זיך שפּעטער אויסגעצייכענט אין דיא שלאַכט פון סט. אייסטאַש. אהרן פיליפּ האַרט, אַן אייניקעל פון דעם קאָמיסערי, האָט צייטווייליג אויפגעגעבען זיין גרויסע פּראַקטיק אַלס אַדוואָקאַט, און איז אַוועק אין קריעג אַן דער שפּיצע פון אַן אַבטהיילונג מיליץ וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט. דשייקאָב הענרי דשאָסעף און זיין ברודער דשעסי זיינען געווען אין דער אַרמעע ביי רישעליע און ביי שאַמבלי. עטליכע קענעדישע אידען האָבען זיך אויסגעצייכענט אויף פערשיעדענע אופנים אין ערשטען העלפט פון לעצטען יאָהרהונדערט. דר. אהרן האַרט דייוויד, (געב. אין מאָנטרעאָל 1812 ; געש. דאָרטען 1882) אַן אייניקעל

פון לאזארוס דייוויד, איז געווען דער דיען אדער הויפט־פראפעסאר פון מעדי־צינישען פאקולטעט פון בישאפ׳ס קאלעדש; סעמיועל בענדשעמין איז געווען דער ערשטער איד וועלכער איז ערוועהלט געווארן אין שטאדט־ראטה פון מאנטרעאל, דשעסי דשאסעף (געב. אין בערטהיע, קענעדע, 1817; געש. אין מאנטרעאל, 1904), איינער פון א פאמיליע פון פירסטען אין דיא געשעפטס־וועלט, האט געגרינדעט דיא ערשטע דירעקטע ליניע פון שיפען צווישען אנטווערפען און מאנטרעאל, און איז ערנענט געווארן אלס בעלגישער קאנסול אין דיא לעצטע שטאדט. זיין ברודער דשייקאב איז געווען פערבונדען מיט דיא ערשטע אייזענבאהן און טעלעגראף ליניען פון קענעדע, און אן אנדער ברודער, גרשום, איז געווען דער ערשטער אידישער אדוואקאט וועלכער איז געווארן א "קווינ׳ס קאונסעל" אין קענעדע. אלע דיעזע מענער זיינען געווען בעאמטע אין שול, אין דער צייט ווען איהר ראבינער, ר׳ אברהם דע סאלא (געב. אין לאנדאן, 1825; געש. אין ניו יארק, 1882), איז געווען פראפעסאר פון אידישע שפראכען און ליטעראטור אין דיא מעקגיל אוניווערזיטעט.

דיא קאנגרעגיישען שארית ישראל האט דורכגעמאכט א קריזיס ווען דיא אלטע שול האט געמוזט אראפגעווארפען ווערען ווייל דער פלאץ אויף וועלכען זיא איז געשטאנען איז צוריקגעפאלען צו דיא יורשים פון דייוויד דייוויד נאך זיין טויט אין 1824. מען האט ווידער געמוזט דאווגען אין א האל ביז דיא נייע שול אויף שעננעוויל סטריט איז איינגעווייהט געווארן אין 1838. זיא האט ניט געהאט קיין רעגעלמעסיגען ראבינער זייט רבבי כהן האט זיך צוריק־געצויגען, ביז נאהענט פון זעכציג יאהר שפעטער, ווען ראבבי דייוויד פיזא איז ערוועהלט געווארן אין 1840 און איז נאכגעפאלגט געווארן זעקס יאהר שפע־טער פון ראבבי אברהם דע סאלא, וועלכער איז שפעטער אליין נאכגעפאלגט געווארן פון זיין זאהן, דר. מעלדאלא דע סאלא (געב. 1853), וועלכער איז נאך איצטער איינער פון דיא ראבינער פון דיא קאנגרעגיישען, מיט ראבינער איי־זאק דע לא פעניהא אלס זיין געהילפע.

א צווייטע קאנגרעגיישען פון פוילישע און דייטשע אדער אשכנזי׳שע אידען, איז ארגאניזירט געווארן אין מאנטרעאל אין 1846, אבער זיא האט עקזיסטירט נור א קורצע צייט. א צווייטער פערזוך איז געמאכט געווארן מיט צוועלף יאהר שפעטער מיט מעהר ערפאלג, און דער רעזולטאט איז געווען דיא קאנגרעגיישען שער השמים וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין 1858. אברהם האפנונג, מ. א. אלעגדארף און סעמיועל סילווערמאן זיינען געווען צווישען דיא טהעטיגסטע מיטגליעדער, און רעוו. סעמיועל האפנונג איז געווען דער ערשטער ראבינער, וועמען׳ס פלאץ עס איז א קורצע צייט שפעטער פערנומען געווארן פון ראבינער מ. פאס. דיא ערשטע שול־געביידע פון דיא קאנגרעגיישען איז געווען אויף סט. קאנסטאן סטריט, און איז פערטיג געווארן אין 1860. אין

1886 איז זיא אריבערגעצויגען אין איהר איצטיגע געביידע אויף מעקגיל עווענו. זיא האָט איצטער צוויי ראַבינער, דר. הערמאַן אַבראַמאָוויץ און ש. גאָלדשטיין. אין 1863 איז געגרינדעט געוואָרן דער וואָהלטהעטיגער פעראיין פון אידישע יונגע לייטע (וועלכער הייסט איצטער באַראָן הירש אינסטיטוט און אידישער וואָהלטהעטיגקייטס־פעראיין) דורך וועלכע באַראָן הירש און דיא וועלכע פיהרען דורך זיינע פלענער האָבען געטהאָן פיעל פאַר דיא ערציהונג און קאָלאָניזאַציאָן פון דיא רוסישע אימיגראַנטען וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו קומען אין קענעדע נאָך 1881. דיא איצטיגע אידישע בעפעלקערונג פון מאָנטרעאָל בעלויפט זיך אויף אונגעפעהר 40,000, און זיא האָט צעהן שולען אויסער דיא צוויי וואָס זיינען אויבען דערמאָנט געוואָרן. פון דיעזע ווערט דיא קאָנגרעגיישען בית דוד (געגרינדעט 1888) בעצייכענט אַלס אַ רומענישע; דיא בית ישראל, פון וועלכע ר' הירשעל כהן איז דער רב, הייסט: חברה ש"ס; דיא בני יעקב שול, (געגרינדעט 1885) איז מייסטענס אַ רוסישע. עס איז אויך דאָ אַן עסטרייך־אונגאַרישע קאָנגרעגיישען, אַ גאַליציאַנער, (חברה קדישא ישרון) און אַ רעפאָרם טעמפעל, (עמנואל, געגרינדעט 1882). עס זיינען דאָרטען אויך דאָ דיא געווענליכע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, ערציהונגס, בריעדערליכע און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך אויך אַ תלמוד תורה, אַ צווייג פון דיא אידישע טהעאָלאָגישע סעמינאַרי פון ניו יאָרק, און אַ בריגאַדע פון אידישע אינגלאַך. דיא אידישע געמיינדען פון מאָנטרעאָל און פון קענעדע אין אַלגעמיין זיינען אין פיעלע הינזיכטען עהנליך צו קהלות פון דיא יונייטעד סטייטס פון דיא זעלבע מאָס. אָבער אַזוי וויא דאָרטען קומען פאָר שטרייטיגקייטען צווישען דיא קריסטליכע סעקטען און בעזאָנדערס צוליעב דיא פערפלאָנטערטע ערציהונגס־פראַגע, איז דאָרטען דאָ מעהר אָפענע פאַרטייליכע פיינדשאַפט צו אידען, אין דיא פרעסע און אין עפענטליכען לעבען וויא אין דיא יונייטעד סטייטס, וואו דיא רעגיערונג מישט זיך אין גאַנצען ניט אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען.

אַרום 1845 האָבען שוין געגוג אידען געוואָהנט אין טאַראָנטאָ, אָנטעריאָ, אַז מען זאָל דאָרטען אָנהויבען צו דיינקען וועגען גרינדען אַ שול. אָבער וועניג איז אויפגעטהאָן געוואָרן ביז 1852, ווען אַ בית עולם איז געקויפט געוואָרן און מען האָט אויך אָרגאַניזירט אַ קאָנגרעגיישען. מאַרק סעמיועל, לואיס סעמיועל און אַלעקסאַנדער מילער האָבען פיעל בייגעטראָגען צו העלפען דיא יונגע געמיינדע אין איהרע ערשטע שוויריגקייטען. זיא איז געוואַקסען אין שטאַרקייט און אין צאָהל אין דער צייט ווען אַלפרעד ד. בענדשעמין איז געוועזען איהר פרעזידענט אין דיא לעצטע יאָהרען פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט, און עס איז נייטיג געוואָרן אַרויסצוציהען פון דיא ערשטע שול אויף ריטשמאָנד סטריט נאָך דיא איצטיגע גרויסע געביידע אויף באָן סטריט (1902). טאַראָנטאָ,

וועלכע האט געהאט 1,425 אידען אין 1891 און 3,038 אין 1901, האט איצטער א רעכטע צאהל איבער 10,000, מיט אונגעפעהר צעהן קאנגרעגיישענס און עטליכע וואהלטהעטיגע און בריעדערליכע ארגאניזאציאנען.

די ענטדעקונג פון גאלד אין בריטיש קאלאמביא אין 1857 האט געבראכט אהין א היבשע צאהל אידען, וועלכע האבען אויפגעבויט א שול אין וויקטאריא אין 1862. אין 1882 איז אויפגעבויט געווארן א שול אין האמילטאן, און איי־ניגע יאהר שפעטער האבען די אידען פון וויניפעג (וועלכע זיינען געווען 645 אין 1891) ארגאניזירט צוויי קאנגרעגיישענס. איצטער האט וויניפעג זיעבען קאנגרעגיישענס מיט א אידישע בעפעלקערונג פון ארום אכט טויזענד. זיא האט אויך צווישען אנדערע ארגאניזאציאנען א אידישען ליבעראלען קלוב און א אידישען קאנסערוואטיווען קלוב. נארד וויניפעג איז איצטער פערטרעטען אין פראווינציעלען פארליאמענט פון מאניטאבא פון א. הארט גרין (געב. ארום 1885), דער עהרען־סעקרעטערי פון די קאנגרעגיישען שער השמים און דער פרעזידענט פון די לאקאלע בני ברית לאדש.

עס זיינען איצטער פאראן אידישע קהלות אין מעהר וויא פינף־און־צוואנ־ציג בעזונדערע פלעצער אין קענעדע, און די צאהל אידען איז ארום 70,000 און וואקסט זעהר שנעל, (אין 1901 זיינען דארט נור געווען 16,060). אויסער די אויבען דערמאנטע שטעדט זיינען דא אידען אין בערלין, (אנטעריא), בעלוויל, בראנדפארד, קאלגארי (אלבערטא), טשעטהעם, נ. ב.; דאסאן (יוקאן טעריטארי), גלאס בעי, ס. ב.; העליפאקס, לאנדאן, מאגנעטאוואן, אנט.; אטטעווע, קוויבעק, רעדשינא (סאסקאטשעוואן), סט. קעטהרינס, סט. דשאהן, סידנעי, שערברוק, ווענקואווער, וואודסטאק און סאלט ריווער, נ. ב.; יארמוטה און יארקטאן.

עס זיינען אויך דא אין קענעדע אונגעפעהר א דוצענד אידישע אגריקולטור קאלאניעס, פון וועלכע די מייסטע זיינען געגרינדעט אדער געהאלפען געווארן פון באראן הירש פאנד. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען בענדער, הירש, אקס באו און ק'אפעלל. צוזאמען זיינען דא אן ערך פון 700 אידישע פארמס וועל־כע פערנעהמען מעהר וויא 110,000 אקער לאנד און זיי האלטען אויס א פארם־בעפעלקערונג פון ארום 3,000 נפשות.

מאנטרעאל האט א אידישע טעגליכע צייטונג, "דער קענעדער אדלער", און אן ענגליש־אידישעס וואכענבלאט, "די אידישע טיימס." וויניפעג האט אויך א אידישעס וואכענבלאט, "דער קענעדער איד."

# קאַפּיטעל 40

## אידען אין סאַוטה אַמעריקאַ, מעקסיקאָ און קיובאַ.

דער ערשטער מנין אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, אין 1861 — אַן אָפּשאַצונג פון דיא אידישע בעפעלקערונג פון אַרגענטינע — דיא בעשעפטיגונגען און דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון פערשיעדענע גרופּען — כשר׳ע פלייש און ציטשוויליגע שולען אַלס אַ בעווייז פון דיא רעליגיעזע צושטענדע — אידישע קהלות אין זעקס־און־צוואַנציג אַנדערע שטעדט — דיא אַגריקולטור קאָלאָניעס — בראַזיליען — דיא בעריכטען אַז גענעראַל פלאָריאַנאָ פּיישאָטאָ, דער צווייטער פּרעזידענט פון דיא נייע בראַזיליאַנישע רעפּובליק, האָט געשטאַמט פון אידען — אידישע קהלות אין איניגע שטעדט — דיא קאָלאָניע פיליפּסאָן — אידען אין מאָנטע־ווידאָ, אורוגוואַי — אַנדערע סאַוטה אַמעריקאַנישע רעפּובליקען — איזידאָר באָראָווסקי, וועלכער האָט געקעמפּפט אונטער באָליוואַר — פּאַנאַמאַ — אידען פון מאַראַקאָ געפינען חן ביי דיא אינדיאַנער פון פּערו — אַרום צעהן טויזענד אידען אין מעקסיקאָ — דיא צאָהל וואַקסט לאַנגזאַם אין קיובאַ, וואו אידען העלפען פערשפּרייטען דעם אַמעריקאַנישען איינפלוס.

דיא מאָדערנע אַרגענטינישע רעפּובליק האָט אָנגעהויבען צו זאַמלען סטאַטיסטיק פון אימיגראַציאָן אין 1854, אָבער אידען זיינען ניט געציילט געוואָרען בעזונדער, און עס איז דעריבער ניטאָ קיין פערצייכנונג פון דיא ערשטע בעזעצונג פון אידען, וועלכע איז פאָרגעקומען אין צווייטען העלפט פון נייטצעהנטען יאָהרהונדערט. עס ווערט דערציילט אַז אַ מנין איז געהאַלטען געוואָרען אין בוענאָס איירעס אום יום כפור פון יאָהר 1861, וועלכער איז אָנגעהאַלטען געוואָרען אונרעגעלמעסיג פאַר אונגעפעהר צעהן יאָהר, און איז בעשטאַנען מייסטענס פון ענגלישע, פראַנצויזישע און דייטשע אידען. כמעט אַלע פון זיי, וועלכע זיינען געווען פערטרעטער פון געשעפטס־הייזער, זיינען אַנטלאָפען פון דיא הויפּט־שטאָדט אין דער צייט פון דיא עפּידעמיע פון געלען פיעבער אין 1871, און דער מנין איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אַ קליין שטעדטעל וואו דיא מייסטע פון זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. דיעזע קליינע קהלה האָט אָרגאַניזירט אַ "קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ" און האָט אויפגעבויט דיא ערשטע שול איידער דיא אידען פון רוסלאַנד האָבען אָנגעהויבען אהין צו קומען אין

היבשע מאסען. א קאנגרעגיישען פון מאראקאנישע אידען, "קאנגרעגאסיאן איזראעליטא לאטינא" איז ארגאניזירט געווארן אין 1891.

דער רעפארט פון די יק"א (אידישע קאלאניזאציאנס־געזעלשאפט) פאר דעם יאהר 1909 וועלכער ענטהאלטעט אן אויספארשונג וועגען די אידישע בעפעלקערונג פון ארגענטיניע, שאצט די צאהל אידען וואס וואהנען אין בוענאס איירעס אויף 40,000 און די וואס וואהנען אין אינלענדישע שטעדט — אויסערהאלב די קאלאניעס — אויף נאך 15,000. ווען מען זאל דערצו צורעכענען די 20,000 וועלכע לעבען אין די קאלאניעס מאיזוויל (סאנטא פע), קלארא, סאן אנטאניא, סאנטא איזאבעל, לוסיענוויל (ענטר ריאס), מאריסיא, באראן דע הירש (בוענאס איירעס), און בעררי אסקאני (פאמפא), צוזאמען מיט די אידישע איינוואנדערונג פון די לעצטע דריי יאהר, וועלכע בעלויפט זיך דורכשניטליך אויף ניין אדער צעהן טויזענד יעהרליך, שיינט עס זיכער אז עס זיינען איצטער דא אין די ארגענטינישע רעפובליק איבער הונדערט טויזענד אידען, וועלכעס מיינט מעהר וויא אין יעדע אנדערע מדינה פון די נייע וועלט אויסערהאלב יונייטעד סטייטס. נאהענט פון אכט צעהנטעל פון די אידישע בעפעלקערונג פון בוענאס איירעס שטאמען פון רוסלאנד. די וואס האבען זיך דארטען צום ערשטען בעזעצט, וועלכע זיינען אויך די וואהלהאבענדסטע, זיינען פריהעריגע קאלאניסטען פון די יק"א. די איבריגע זיינען צוטהיילט אין אונגעפעהר 3,000 טירקישע, אראבישע און גריכישע אידען; 1,000 מאראקאנישע און איטאליענישע; 1,500 פראנצויזישע, דייטשע, ענגלישע, האלענדישע א. ז. וו. די ערשטע צוויי גרופען ענטהאלטען פיעלע רייכע קויפלייטע, אבער א גרויסע מעהרהייט האנדעלט מיט אלטע זאכען אדער בעשעפטיגט זיך מיט פעדלען. די לעצטע גרופע, וועלכע איז די עלטעסטע פון אלע, בעשטעהט פון געשעפטסלייט פון העכסטען גראד. צווישען די רוסישע איז אויך דא א גרויסע צאהל געשעפטסלייטע, אבער א פיעל גרעסערע צאהל זיינען בעלי מלאכה פון פערשיעדענע סארטען. אין דער צייט פון אנקומען זיינען די ענגלענדער, פראנצויזען און דייטשען געווען די ערשטע, וויא עס איז שוין פריהער בעמערקט געווארן. מאנכע פאמיליען פון מאראקא און איטאליען וואהנען שוין דארטען אויך ארום דרייסיג יאהר, אבער די מייסטע פון יענער גרופע זיינען געקומען אין די לעצטע צעהן יאהר. די ערשטע טירקישע אידען זיינען דארטען אנגעקומען ווענינער וויא פופצעהן יאהר צוריק, אבער די גרויסע מעהרהייט איז געקומען ארום 1905. די רוסישע אידען האבען אנגעהויבען צו קומען אין היבשע מאסען אין דער צייט ווען עס זיינען געגרינדעט געווארן די ערשטע קאלאניעס, און זיי האלטען נאך אין קומען אין א שטייגענדע צאהל.

עס זיינען דא אין בוענאס איירעס אונגעפעהר הונדערט אידען אין די

ליבעראַלע פּראָפעסיאָנען, פון וועלכע צוויי דריטעל זיינען געבאָרן געוואָרן אין רוסלאַנד. דיא קהל'שע אַנשטאַלטען האָבען געמעגט זיין פיעל בעסער וויא זיי זיינען, אָבער עס זיינען אין דיא לעצטע צייט פאָרגעקומען פערבעסערונגען, און עס ווערט אויך בעריכטעט אַז אַ גרויסער אידישער האָספּיטאָל וועט דאָרטען אויפגעבויט ווערען אין דיא נאָהענטע צוקונפט. מען קען בעגרייפען דיא רע־ליגיעזע צושטענדע פון דעם פאַקט אַז אונגעפעהר 7,000 קילאָגראַם כשר'ע פלייש פלעגט דאָרטען פערקויפט ווערען טעגליך אין 1909, און אַז מען האָט אין יום כפור פון יענעם יאָהר געדאַווענט אין ניט וועניגער וויא פיער־און־צוואַנציג פערשיעדענע פּלעצער, איינשליסליך דעם טעמפּעל. מ. שמואל חלפן, אַ פריהעריגער רעליגיאָנס־לעהרער, איז אין דער לעצטער צייט ערוועהלט גע־וואָרן אַלס ראַבינער פון בוענאָס איירעס, און דר. הערבערט אשכנזי, וועלכער האָט שטודירט אין בערלין, און איז ערוועהלט געוואָרן פון דיא יק"א אַלס אויבער־ראַבינער פון דיא קאָלאָניעס, וואָהנט אויך אין דיא זעלבע שטאָדט.

אידען זיינען איצטער פערשפּרייט איבער גאַנץ אַרגענטיניע, און איינ־צעלנע קענען געפונען ווערען כמעט אין יעדען פּלאַץ, בעזאָנדערס אין דיא פּראָווינצען בוענאָס איירעס, סאַנטאַ פע, ענטר ריאָס און קאָרדאָבאַ. דיא אויב־בען דערמאָנטע אויספאָרשונג*) בעהאַנדעלט דיא אידישע בעפעלקערונג פון זעקס־און־צוואַנציג שטעדט אויסער דיא הויפּט־שטאָדט, אָנפאַנגענדיג מיט ראָ־זאַריאָ, אין פּראָווינץ סאַנטאַ פע, וועלכע האָט צווישען איהרע 173,000 איינ־וואָהנער עטוואָס איבער 3,000 אידען פון וועלכע 2,500 זיינען רוסישע, 359 אָריענטאַלישע און מאַראָקאַנישע און אַרום 100 פראַנצויזישע און דייטשע. אַ בית הקברות איז דאָרטען געקויפט געוואָרן אין 1905, און אַ געמיינדע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1907. אין סאַנטאַ פע, וועלכע האָט וועניגער וויא 600 אידען, האָבען דיא מאַראָקאַנער שוין געקויפט אַ בית עולם אין 1895. פּאַראַנאַ האָט אַ קליינע קהלה פון וועניגער וויא 300 מיט אַ אידיש־אַרגענטי־נישען וואָהלטהעטיגקייטס־פעראיין וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897. אָבער דיא מייסטע אינסטיטוציאָנען פון דיא געמיינדען און דיא געמיינדען אַליין זיינען וועניגער וויא צעהן יאָהר אַלט, וועלכעס מיינט אַז דיא אידען פאַנגען ערשט אָן זיך צו פערשפּרייטען איבער'ן לאַנד. אַ גרויסער טהייל פון דיא אידען אין דיא אינלענדישע שטעדט פון אַרגענטיניע זיינען פריהערע קאָ־לאָניסטען, און עס געהט דיא מייסטע פון זיי ציעמליך גוט. זייער אַנוועזענהייט אין אַ פרייע פּראָגרעסיווע לאַנד וואו זיי קענען זיין ניצליך פאַר זיך אַליין און

*) זעה "דיא אויספאָרשונג וועגען דיא אידישע בעפעלקערונג אין אַרגענטיניע" אין דעם רעפּאָרט פון דיא סענטראַלע אַדמיניסטראַציאָן פון דיא יק"א פאַר דעם יאָהר 1909, פּאַריז 1910, זייטען 308—251.

פאַר זייערע שכנים דאַרף דערמיט צוגערעכענט ווערען צו דיא גוטע אַרבייט פון דיא יק״א, וועלכע האָט דערמיט אויפגעטהאָן עטוואָס גוטעס אפילו פאַר יענע לייטע וועלכע זיא האָט צוליעב פערשיעדענע אורזאַכען ניט געקענט פערוואַנדלען אין ערפאָלגרייכע פאַרמערס.

דיא גרעסטע אויפמערקזאַמקייט איז אָבער אין דיא לעצטע צוואַנציג יאָהר געשאָנקען געוואָרן יענעם טהייל פון דיא אידישע בעפעלקערונג פון אַרגענטיניע וועלכע האָט זיך בעזעצט אין דיא קאָלאָניעס וואָס דיא יק״א האָט דאָרטען געגרינדעט. אידישע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד האָבען שוין געהאַט געמאַכט דעם פערזוך, אַזוי פריה וויא אין יאָהר 1889, צו גרינדען אונאַבהייננגיגע קאָלאָניעס אין אַרגענטיניע, אָבער דער פּלאַן איז ניט געווען גוט איינגעאָרדנעט, און די קאָלאָניעס און דיא קאָלאָניסטען זיינען דערנאָך אריינגעקומען אונטער דיא יק״א. דיא עלטעסטע און ערפאָלגרייכסטע קאָלאָניע, מאָיזוויל, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון רוסישע אימיגראַנטען אין 1890, איידער דיא יק״א איז געשטיפטעט געוואָרן, איז איבערגענומען געוואָרן פון דיא לעצטע אין 1891. מאָריסיאָ, אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, איז עטאַבלירט געוואָרן אונגעפעהר אין דער זעלבער צייט, און דיא גרויסע גרופּע קאָלאָניעס אין פּראָווינץ ענטר ריאָס וועלכע ווערט גערופען מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען קלאַראַ, (נאָך דיא באַראָנעסע דע הירש) איז געגרינדעט געוואָרן אין 1894. טראָץ דיא שטרייטיגקייטען וועלכע האָבען פּעראורזאַכט אַז פיעלע קאָלאָניסטען זאָלען פערלאָזען דיא פּלעצער וואו עס האָט געקאָסט גרויסע סומען זיי צו בעזעצען, און טראָץ דעם פּאָראורטהייל וואָס איז ערוועקט געוואָרן געגען דעם גאַנצען קאָלאָניזאַציאָנס־פּלאַן צוליעב דיא מחלוקות וואָס האָבען געשיינט צו זיין אונענדליך, זיינען דיא קאָלאָניעס פון אַרגענטיניע אין אַלגעמיין אַן ערפאָלג און זייער צוקונפט איז העל. דיא קאָלאָניסטען צאָהלען שנעל אָפּ זייערע שולדען צו דיא געזעלשאַפט וועלכע האָט זיי דאָרטען געהאָלפען זיך בעזעצען, און פיעלע פון זיי ווייזען אַרויס אונצופריעדענהייט מיט דיא בעשריינקונגען וועלכע ערלויבען זיי ניט אויסצוצאָהלען זייערע חובות נאָך שנעלער.

דיא מיטעל־פונקטען פון אידישע בעפעלקערונג, אין דיא קאָלאָניעס און — אינדירעקט — אין דיא שטעדט, וואָס זיינען קינסטליך געשאַפען געוואָרן דורך דיא וואָהלטהאַטען פון באַראָן דע הירש, זיינען געוואָרן געזונדע און נאַטירליכע אידישע פּלעצער, און זיי ציהען איצטער צו אַן אונאַבהייננגיגע אימיגראַציאָן.

עס זיינען איצטער פאַראַן, וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרן, נאָהענט פון 20,000 זעלען אין דיא קאָלאָניעס, אָבער אַ פיערטעל פון זיי ווערען בעצייכענט אַלס ניט־קאָלאָניסטען. עס זיינען דאָ פיער־און־פיערציג ערציהונגס־שולען מיט 3,000 שילער און שילערינען אין דיא קאָלאָניעס, און דיא סטאַטיסטישע טאַבעלען ווייזען פון יאָהר צו יאָהר אַ לאַנגזאַמען סאָלידען

פאַרשריט פון וועלכען מען קען זעהר פיעל האָפען פאַר דיא צוקונפט פון דיא אידען אין אַרגענטיניע.

* * *

אַזוי ווייט וויא מען ווייס זיינען געווען זעהר ווייניג אידען אין דיא מאָדערנע בראַזיליען, אפילו אונטער דעם גוטהערציגען און געלעהרטען קייזער דאָם פעדראָ דעם צווייטען (1825—91) וועלכער האָט געקענט גוט העברעאיש און איז געשטאַנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט אייניגע אידישע געלעהרטע אין אייראָפּאַ. דיא אונגעהייער גרויסע מדינה האָט אויך צוגעצויגען ווייניג אידען נאָכדעם וויא דער קייזער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען און אַ רעפּובליקאַנישע פאָרם פון רעגיערונג איז איינגעפיהרט געוואָרען אין 1889. עס האָט זיך אין יענער צייט געהערט אַז גענעראַל פלאָריאַנאָ פּיישאָטאָ, איינער פון דיא פיהרער פון דיא רעוואָלוציאָן, וועלכער איז געווען דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט און דער צווייטער פּרעזידענט פון די נייע רעפּובליק (1891—94), האָט געשטאַמט פון אידען. אָבער אַזוי וויא דיא בעהויפּטונגען וועגען דיא אידישע אָפּשטאַמונג פון קריסטאָפער קאָלאָמבוס און אַנדערע בעריהמטע לייטע, איז עס כמעט אונמעגליך צו בעווייזען אַז זיי זיינען וואהר, און עס איז ניטאָ גענוג מאַטעריאַל וועגען דיא גענעאַלאָגיע אָדער פאַמיליען־געשיכטען איןביידע פעלע, אַז מען זאָל קענען מיט זיכערהייט בעווייזען אָדער אָפּלייקענען אַזעלכע בעהויפּטונגען.

אין 1900 זיינען אַ געוויסע צאָהל רומענישע אידען אַוועק נאָך בראַזיליען, אָבער זיי האָבען זיך דאָרטען ניט בעזעצט אויף שטענדיג. אַ ליסטע פון דיא גרעסטע קויפלייטע אין פערשיעדענע שטעדט פון בראַזיליען, וועלכע איז פערעפענטליכט געוואָרען פון דיא ביוראָ פון אַמעריקאַנישע רעפּובליקען אין וואַשינגטאָן אין 1901, ענטהאַלטעט אַ גרויסע צאָהל נעמען וועלכע זיינען אונצווייפעלהאַפט אידישע, וואהרשיינליך מייסטענס פון דייטשער אָבשטאַמונג (אידישע ענציקלאָפּעדיע, אַרטיקעל ״בראַזיל״). דיא גרינדונג פון אַ אידישע געמיינדע אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, דיא הויפּט־שטאָדט פון בראַזיליען, איז בעריכטעט געוואָרען אין יאַנואַר 1905, (אין ״סאַוטה אַמעריקען דשוירנעל״ פון לאָנדאָן), און אַ בעריכט אין ״יודישען עמיגראַנט״ פון סט. פּעטערסבורג, דעם אָרגאַן פון דיא יק״א אין רוסלאַנד, פינף יאָהר שפּעטער (נומער 20, 1910), דערציילט פון אידישע קויפלייטע אין פיעלע גרויסע שטעדט פון בראַזיליען, אונטער וועלכע עס געפינען זיך ריאָ גראַנדע, פּעלאָטאַס, סאַאָ גאַבריעל, א. ז. וו. און פון פופצעהן אָדער צוואַנציג גרויסע געשעפטס־הייזער וואָס געהערען צו אידען אין פּאָרטאָ אַלעגראַ, ריאָ גראַנדע דאָ סול, וואו מען האָט דאַן געהאַלטען ביים אָרגאַניזירען אַ געמיינדע. דיא עקזיסטענץ פון אַ שול אין פּאַראַ, ״וואו

מען דאַווענט ימים טובים" ווערט דערמאָנט אין 1910 ("דשואיש קראָניקעל", לאָנדאָן, אָקטאָבער 21).

דיא הויפּט־אינטערעסע פון דיא אידישע וועלט אין דיא אידען פון בראַזיליען איז קאָנצענטרירט אויף דיא ערד־ארבייטער קאָלאָניע פיליפּסאָן, אין סטייט ריאָ גראַנדע, וואו עס זיינען איצטער בעזעצט ארום פיער הונדערט רוסישע אידען, מייסטענס פון בעסאַראַביען. זיא איז געגרינדעט געוואָרן פון דיא יק"א מיט זעקס יאָהר צוריק, און איז איצטער אונטער דיא דירעקציאָן פון מ. לייבאָוויץ, איינער פון איהרע פריהערע עלטעסטע אַנגעשטעלטע אין אַרגענטיניע. דיא קאָלאָניע איז אין אַ בליהענדען צושטאַנד און זיא ווערט שטענדיג פערגרעסערט, און עס ווערען אויך פּראָיעקטירט נייע קאָלאָניעס אין דעם זעלבען געגענד. דאָ אויך, אזוי וויא אין אַרגענטיניע, ציהט דיא קאָלאָניע צו אידישע איינוואַנדערער פון רוסלאַנד, און זיא האָט אויך פעראורזאַכט עס זאָלען זיך בעזעצען קליינע גרופּען אידען אין דיא דערבייאיגע שטעדט פּינהאַל, סאַנטאַ מאַריאַ, קרוץ אַלטאַ און אַנדערע. דיא צאָהל אידען אין בראַזיליען ווערט איצטער געשאַצט אויף 3,000.

עס זיינען אויך פאַראַן, נאָך דעם אויבען־דערמאָנטען רעפּאָרט פון דיא יק"א, אַן ערך פון 150 אידען אין מאָנטעווידאָ, דיא הויפּט־שטאָדט פון דיא זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליק אורוגאַי, פון וועלכע דיא מייסטע זיינען געקומען פון בוענאָס איירעס. אונגעפעהר אַ העלפט פון זיי זיינען פון רוסלאַנד, דיא איבריגע קומען פון גריעכענלאַנד, פראַנקרייך און עלזאַס, און רומעניען. זיי פערנעהמען זיך מיט פערשיעדענע בעשעפטיגונגען און זייער מאַטעריעלע לאַגע איז ניט שלעכט. צעהן יונגע רוסישע אידען זיינען אַריינגעטרעטען אין דער אַרמעע און דריי פון זיי זיינען געוואָרען סערדשאַנטען. עס איז כמעט אין גאַנצען ניטאָ ביי זיי קיין רעליגיעזע טהעטיגקייט, אויסער וואָס עס ווערט געמאַכט אַ מנין אום יום כפור. מצות פאַר פּסח ווערט געבראַכט פון בוענאָס איירעס, און אַ מוהל קומט אויך געוועהנליך אַריבער פון דאָרטען ווען מען דאַרף איהם האָבען.

איינציגע טויזענד אידען זיינען פערשפּרייט איבער דיא אַנדערע רעפּובליקען פון סאַוטה אַמעריקאַ, אָבער זיי זיינען דאָרטען מייסטענס געקומען אין דיא לעצטע צייט, זיינען ניט אָרגאַניזירט און מען וויים וועגען זיי זעהר ווייניג. עס איז וואַהרשיינליך אַז דער פּויליש־אידישער מיליטערישער אַבענטיירער, איזידאָר באָראָווסקי, (געב. אין וואַרשאַ, 1803; אומגעקומען ביי דיא בעלאַגערונג פון הערעראַ, אַפּגאַניסטאַן, 1837) וועלכער האָט געקעמפּפט אונטער דעם גרויסען העלד פון זיד־אַמעריקאַנישע אונאַבהייגיגקייט, סימאָן באָליוואַר (1783—1830) אין פיעלע שלאַכטען*) איז אין יענער צייט געווען דער איינ־

*) אידישע ענציקלאָפּעדיע, דריטער באַנד, זייטען 27—326.

ציגער איד אין יענעם טהייל וועלט. אפילו איצטער איז דיא צאָהל פון אידען אין דיא לענדער וואָס באָליוואר האָט בעפרייט, זעהר קליין. עס זיינען פאַראַן אונגעפעהר 500 אידען אין ווענעזועללאַ, מייסטענס אין דיא הויפּט־שטאָדט קאַראַקאַס, וואו דיא ערשטע געמיינדע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1899. (אַמעריקאַניש־אידישעס יאָהר־בוך פאר תר"ס, זייטע 289.) נאָך דיא פערפאַסער פון דעם קאַפּיטעל וועגען אַמעריקאַ אין דיא קורצע אידישע געשיכטע פון ליידי מאַגנוס, פאַר וועלכען, — וויא עס ווערט דערמאָנט אין דיא פאָררעדע — דיא פערפאַסערין איז ניט פעראַנטוואָרטליך, זיינען געווען אידישע געמיינ־דען אין קאַראַקאַס און אין קאָראָ, ווענעזועללאַ, אינמיטען פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט, וועלכע זיינען בעשטאַנען פון אידען וועלכע האָבען דאָרטען פריהער געלעבט אַלס מאַראַנאָס. אָבער אויב יענע קהלות האָבען איבערהויפּט עקזיסטירט, האָבען זיי ניט לאַנג געלעבט, און עס איז אפילו א צווייפעל אויב דיא "ערשטע קאָנגרעגיישען" פון 1899 עקזיסטירט נאָך איצטער.

מען ווייס כמעט גאָר נישט פון דיא אידען פון באָליוויאַ אָדער קאָלאָמביאַ, אָבער עס איז זיכער אַז אַ בעדייטענדע צאָהל געפינען זיך איצטער אין דיא קליינינקע רעפּובליק פּאַנאַמאַ, דורך וועלכע עס ציהט זיך דער גרויסער קאַנאַל וואָס ווערט איצטער געענדיגט פון יונייטעד סטייטס. עס זיינען שוין געווען גענוג אידען אין דיא שטאָדט פּאַנאַמאַ פאַר יענער צייט צו קויפען אַ בית עולם אין יאָהר 1905. דיא אַלליאַנס איזראַעליט פון פּאַריז האָט פערהאַלפען אַ געוויסע צאָהל אידען פון מאַראָקאָ זיך צו בעזעצען אין פּערו, און מען בעריכטעט אַז עס געהט זיי דאָרטען ציעמליך גוט און אַז דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען זיי מעהר גערן וויא אייראָפּייער און כינעזער. אָבער זיי פערטראָגען ניט גוט דעם קלימאַט און פיעלע פון זיי פערלאָזען פּערו אַזוי שנעל וויא זיי האָבען אָפּגעשפּאָרט אַ גענוגענדע סומע געלד. אין איקיטאָס, פּערו, וואָס איז אַמאָל געווען אַ אינדיאַנישער דאָרף, געפינען זיך אַרום הונדערט אידישע איינוואָהנער, פון מאַראָקאָ, פראַנקרייך און ענגלאַנד, און זיי זיינען דיא אייגענטהימער פון דיא גרעסטע געשעפטען און גומי פּלאַנטאַציעס. אין לימאַ, אין דיא זעלבע רעפּובליק, איז דאָ אַ קליינע געמיינדע פון רוסישע אידען. אַ היבשע צאָהל וואָהלהאַבענדע אידישע סוחרים געפינען זיך אין סאַנטיאַגאָ, טשילי, און אין אַנדערע שטעדט פון יענער רעפּובליק, אָבער עס איז ניטאָ קיין פערצייכנונג פון אירגענד וועלכע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציאָן אָדער טהעטיגקייט פון אַ גע־מיינדע.

דיא צאָהל אידען אין מעקסיקאָ ווערט אָפּגעשאַצט אויף ניט ווייט פון צעהן טויזענד, מייסטענס סיריער, מאַראָקאַנער און פראַנצויזישע עלזאַסער. אָבער אַזוי ווייט וויא מען ווייס איז דאָרטען ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציאָן און קיין רעליגיעזע טהעטיגקייט, אויסער אַמאָל אַ מנין אום ימים נוראים.

עס זיינען אויך פֿאַראַן אַ לאַנגזאַם־וואַקסענדע צאָהל אידען אין קיובאַ, מייסטענס אין האַוואַנאַה, וואו מאַראָקאַנישע און סירישע אָדער טירקישע אי־דען פּלעגען שוין זייט לאַנגע צייטען קומען האַנדלען. אָבער זייט דיא יונייטעד סטייטס האָט בעפֿרייט קיובאַ פֿון שפּאַנישען יאָך האָבען אָנגעהויבען צו קור־מען אַהין אייראָפּייאישע אידען וועלכע האָבען פֿריהער געוואָהנט אין דיעזעם לאַנדע, און זיי העלפֿען דאָרטען פֿערשפּרייטען דעם אַמעריקאַנישען איינפֿלוס.

# קאַפּיטעל 41

## בעריהמטע אידען אין קונסט, וויסענשאַפט און דיא געלעהרטע פּראָ־פעסיאָנען.

אידען וועלכע זיינען געוואָרן פּראָמינענט אין דיא וועלט פון קונסט און וויסענ־שאַפט — מאָזעס דש. עזעקיעל — אפרים קייזער — איזידאָר קאָנטי — וויקטאָר ד. ברענער — בוטענסקי און דייווידסאָן — מאָלערס: הענרי מאָסלער, קאָנסטאַנט מייער, ה. נ. היינעמאַן און דשאָרדש ד. מ. פּיישאָטאָ — מאַקס ראָ־זענטהאַל און זיין זאָהן אַלבערט — מאַקס וויל, טאָובי ע. ראָזענטהאַל, לואיס לאָעב און קאַטהערינע מ. קאָהען — איינינע קאַרטוניסטען און קאַריקאַטוריסטען — מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָרס און מוזיק־דירעקטאָרען — דיא דאַמראָש פאַמיליע, גאַברילאָוויטש, האָפמאַן און עלמאַן — פּערוואַלטער פון טהעאַטערע און אָפּעראָס — דראַמאַטורגען און שוישפּיעלער — וויסענשאַפטס־מענער: א. א. מייקעלסאָן, מאָררים בלומפּיעלד, דשייקאָב ה. האָללאַנדער, טשאַרלז וואַלדשטיין און זיין פאַמיליע — טשאַרלז גראָס — עדווין א. ר. זעליגמאַן, אַדאָלף קאָהן, זשאַק לאָעב, סיימאָן פלעקסנער און אברהם יאַקאָבי — פּאַביאַן פרענקלין — אינ־דשיניערען: זוטראָ, גאָטליעב און דשייקאָבס — בעריהמטע ערצטע און אַד־וואָקאַטען — קויפלייטע און פינאַנסיערען.

דער געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער ערפאָלג פון אידען אין אַ לאַנד ווערט געוועהנליך אָנגענומען אַלס אַ בעווייז פון איהר ליבעראַליזם און פון דיא גלייכהייט פון איהרע בירגער אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן; און דער ביימראַג פון דיא אידען צו איהרע גייסטיגע און קינסטלערישע שעפּפונגען איז דער בעסטער בעוויז אַז דיעזע גלייכהייט בריינגט מיט זיך איהר בעסטע בעלוי־נונג פאַר דעם נוצען פון גאַנצען פאָלק. מיר האָבען געזעהן אין דיא פריהעריגע קאַפּיטלען וויא דיא אידען פון יונייטעד סטייטס האָבען מיטגעהאָלפען צו דיא מאַטעריעלע ענטוויקלונג פון לאַנד, וויא זיי האָבען זיך בעטהייליגט אין דיא מלחמות פאַר איהר אונאַבהייננינקייט און איהר ערהאַלטונג, און וויא זיי טהוען איצטער זייער חלק פון דיא ניצליכע אַרבייט פון לאַנד אַלס אַרבייטער, אַלס געשעפטסלייט, אַלס פּראָפעסיאָנעלע לייטע א. ז. וו., פון וועלכע מאַנכע האָבען פריהער פערנומען, און אַנדערע פערנעהמען איצטער פּראָמינענטע פּלעצער אויף

פערשיעדענע וועגען פון לעבען. עס בלייבט איצטער נור צו ציטירען אייניגע ביישפּיעלע פון אידען וועלכע זיינען געוואָרען בעריהמט אין דיא אײדעלע בעשעפ־טיגונגען פון דעם קינסטלער און דעם מאַן פון וויסענשאַפט, און האָבען געבראַכט עהרע זייער פּראָפעסיאָן אַזוי גוט וויא דאָס לאַנד פון זייער געבורט אָדער אַדאָפּטירונג.

מאָזעס דשייקאָב עזעקיעל, (געבאָרן אין ריטשמאָנד, ווירדשיניע, 1844), דער סקולפּטאָר וועלכער וואָהנט איצטער אין רוים, איז וואַהרשיינליך דער גרעסטער אידישער קינסטלער וואָס דיעזעס לאַנד האָט פּראָדוצירט. ער איז ערצויגען געוואָרען אין מיליטערישען אינסטיטוט פון ווירדשיניע, פון וועלכען ער האָט גראַדואירט אין 1866, נאָכדעם וויא ער האָט געדיענט אין דיא קאָנפעד־דערירטע אַרמעע אין בירגער־קריעג. ער האָט דאַן געשטודירט אַנאַטאָמיע אין מעדיצינישען קאָלעדש פון ווירדשיניע און האָט זיך אין 1868 בעזעצט אין סינסינעטי, פון וואַנען ער איז אַ יאָהר שפּעטער אַוועק נאָך בערלין, וואו ער האָט געשטודירט אין דיא קעניגליכע אַקאַדעמיע דער קונסט. ער איז אַריינגענומען געוואָרען אַלס מיטגליעד פון דיא בערלינער קינסטלער־געזעלשאַפט אַלס אויסצייכנונג פאַר אַ קאָלאָסאַלע ביוסטע פון וואַשינגטאָן וואָס ער האָט געמאַכט, (זיא געפינט זיך איצטער אין קונסט־מוזעאום פון סינסינעטי), און איז געווען דער ערשטער אויסלענדער צו געווינען דעם מיכאעל־בעער־פּרייז. ווען ער האָט בעזוכט אַמעריקאַ אין 1874 האָט ער דאָ געמאַכט דיא מאַרמאָרנע גרופּע וועלכע שטעלט פאָר "רעליגיעזע פרייהייט" — דער בייטראַג פון אינ־דעפּענדענט אָרדער בני ברית צו דעם געדענק־פייער פון דיא הונדערט־יעהריגע עקזיסטענץ פון דיא אַמעריקאַנישע רעפּובליק. דיא שטאַטוע איז אויפגע־דעקט געוואָרען אין 1876 אין פעירמאָונט פּאַרק, פילאַדעלפיא (זעה דעם פּראָנט־בילד פון דיעזעס ווערק). ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך רוים האָט עזעקיעל אָפּגעדונגען אַ טהייל פון דיא רואינען פון דיא בעדער פון דיקלעטנוס קיסר, וועלכער האָט געהערשט איבער דיא אַמאָליגע רוים פון יאָהר 284 ביז 305, און האָט זיי פערוואַנדעלט אין איינע פון דיא שענסטע שטודיאָס אין אייראָפּאַ. ער איז אַ מיטגליעד פון פערשיעדענע אַקאַדעמיעס און האָט געקריעגען פערשיעדענע אויסצייכנונגען. צווישען זיינע בעסט־בעוואוסטע פּראָ־דוקציאָנען געפינען זיך ביוסטען פון חוה, האָמער, דוד המלך, יהודית און ליסט; דער פאָנטאַן פון נעפּטון אין דיא שטאָדט נעפּטון, איטאַליען; דער דשעפּער־סאָן מאָנומענט פון לואיוויל, קענטאָקי; "ווירדשיניע טרויערנד נאָך איהרע טויטע" אין לעקסינגטאָן, ווירדשיניע, און אַ דוצענד הערצאָגישע שטאַטוען (פון פידיאַס, ראַפאַעל, מיכעל אַנגעלאָ, טיציאַן, רעמבראַנדט א. ז. וו.) אין דיא קאָרקאָראַן קונסט גאַלעריע אין וואַשינגטאָן.

אפרים קייזער, (געב. אין באַלטימאָר, מערילענד, 1850), איז אַן אַנ־

דער פּראָמינענטער אידיש־אַמעריקאַנישער סקולפּטאָר. ער איז ערצויגען געוואָרן אין דיא פּאַבליק סקולס און דעם סיטי קאַלעדש פון באַלטימאָר, און האָט שפּעטער שטודירט אין דיא קעניגליכע אַקאַדעמיעס פון מינכען און בערלין. ער האָט געהאַט אַ שטודיאָ אין רוים פון 1880 ביז 1886 און האָט געוואָהנט אין ניו יאָרק פון 1887 ביז 1893, ווען ער האָט זיך בעזעצט אין זיין געבורטס־שטאָדט אַלס לעהרער פון מאָדעלירען אין מערילענד אינסטיטוט קונסט־שולע און (זייט 1902) אויך אַלס לעהרער אין דיא ריינהארט שול פאַר סקולפּטור. צווישען זיינע בעסטע אַרבייטען איז אַ שטאַטוע פון גענעראַל מאַיאָר באַראָן דע קאַלב וואָס דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט אויפגעשטעלט אין אַנאַפּאָליס, מערילענד; דער מאָנומענט אויף דעם קבר פון פּרעזידענט אַרטהור אין אָלבאַני, ניו יאָרק, און פּאָרטרעט־ביוסטען פון בעקאַנטע פּערזאָנען.

איזידאָר קאָנטי (געב. אין וויען 1862; געק. 1890) האָט געשאַפען זיינע וויכטיגסטע ווערקע נאָכדעם וויא ער איז געקומען נאָך יונייטעד סטייטס. ער האָט געטהאָן פיעל דעקאָראַטיווע, מאָנומענטאַלע און אידעאַלע אַרבייט פאַר דיא וועלט־אויסשטעלונג פון שיקאַגאָ אין 1893, פאַר דעם דיוואי אַרטש פון ניו יאָרק, פאַר דיא באַפּלאָ אויסשטעלונג פון 1901, און דיא סט. לואיס אויס־שטעלונג פון 1904, האָבענדיג געמאַכט פאַר דיא לעצטע מעהר וויא צוואַנציג פערשיעדענע גרופּען. צווישען זיינע אַנדערע אַרבייטען איז אַ מאַרמאָר פאָנ־טאַן אין יאָנקערס, ניו יאָרק, וואו ער וואָהנט, און אַ גרופּע וועלכע רעפּרעזענ־טירט סאוטה אַמעריקאַ פאַר דיא געביידע פון דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ פון אַמעריקאַנישע רעפּובליקען אין וואַשינגטאָן. קאָנטי האָט ערהאַלטען פערשיע־דענע מעדאַלען פאַר זיינע אַרבייט דאָ און אין אייראָפּאַ, און איז אַ מיטגליעד פון מעהרערע געזעלשאַפטען פון קינסטלער, נומיזמאַטיקער א. ז. וו.

וויקטאָר דייוויד ברענער (געב. אין שאַוועל, רוסלאַנד, 1871; געק. 1890), דער מעדאַליסט און סקולפּטאָר, איז איצטער אַם בעסטען בעקאַנט צום אַלגע־מיינעם פּובליקום דורך זיין מוסטער פון דעם נייעם "לינקאָלן סענט." ער האָט געקריעגען פּרייזען און מעדאַלען פון דיא אויסשטעלונג און דעם סאַלאָן פון פּאַריז אין 1900; פון דיא באַפּלאָ אויסשטעלונג אין 1901 און דיא סט. לואיס אויסשטעלונג אין 1904. זיינע אַרבייטען געפינען זיך אין דיא מינץ פון פּאַריז, אין גליפּאָטהעק פון מינכען, ביי דער נומיזמאַטישען געזעלשאַפט פון וויען, אין מעטראָפּאָליטען קונסט מיוזעאום פון ניו יאָרק און אין באָסטאָנער מוזעאום פון שעהנע קינסטע.

דשוליוס בוטענסקי (געב. אין נאָוואָהראָדאָק, רוסלאַנד; געק. 1905) איז נאָך אַ סקולפּטאָר און מעדאַליסט פון איינגערען דור וועלכער האָט געטהאָן זיין בעסטע אַרבייט זייט ער איז געקומען דאָ אין לאַנד, פון וועלכע דיא בעקאַנטעסטע זיינען דיא גרופּע אין מעטראָפּאָליטען מוזעאום פון ניו יאָרק וועלכע שטעלט

פאַר דעם געדאַנקען פון פּסוק "וכתתו חרבותם לאתים", און אַ מעדאַל וואָס איז פּרעזענטירט געוואָרן צו הענרי רייס (געב. אין דייטשלאַנד 1835) ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דיא פּרעזידענטשאַפט פון דיא יונייטעד היברו טשאַריטיס פון ניו יאָרק. דשאָסעף דייווידסאָן, וועלכער איז אויך געבאָרן אין רוסלאַנד און איז געקומען אהער אַלס קינד, און האָט ענטוויקעלט זיין טאַלענט אין ניו יאָרק, איז איינער פון דיא איינגסטע סקולפּטאָרען וואָס זייער אַרבייט ציהט צו גינסטיגע אויפמערקזאַמקייט.

הענרי מאָסלער (געב. אין ניו יאָרק 1841), דער זשאַנר מאַלער, פערנעהמט אַ פּראָמינענטען פּלאַץ צווישען אַמעריקאַנער קינסטלער. מען האָט איהם אַלס קינד געבראַכט אין סינסינעטי, וואו ער האָט אָנגעהויבען צו שטודירען קונסט ווען ער איז אַלט געווען צעהן יאָהר. אין 1863 איז ער אַוועק נאָך אייראָפּאַ וואו ער האָט פּאָרטגעזעצט זיינע שטודיען אַלס קינסטלער פריהער אין די־סעלדאָרף און דערנאָך אין פּאַריז. ער האָט זיך אומגעקעהרט נאָך סינסינעטי אין 1866 אָבער ער איז ווידער אַוועק נאָך אייראָפּאַ אין 1874, און האָט דיא פאָלגענדע צוואַנציג יאָהר פערבראַכט אין מינכען און פּאַריז. אַ בילד וואָס ער האָט אין דיא לעצטע שטאָדט אויסגעשטעלט אין 1879 איז דערנאָך אָפּגעקויפט געוואָרן פון דיא פראַנצויזישע רעגיערונג פאַר דיא לוקסעמבורג גאַלעריע, דאָס ערשטע בילד וואָס איז אַזוי געקויפט געוואָרן פון אַן אַמעריקאַ־נישען קינסטלער.

קאָנסטאַנט מייער (געב. אין בעזאַנסאָן, פראַנקרייך, 1832 ; געש. 1911), דער פראַנצויזישער מאַלער וועלכער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ אין 1857 און האָט דאָ געוואָהנט איינִיגע צעהנדליג יאָהר איידער ער איז אַוועק צוריק נאָך זיין געבורטסלאַנד, איז דאָ געווען אין זיין צייט צווישען דיא בעסט בעקאַנטע קינסטלער. הערמאַן נפתלי היינעמאַן (געב. אין פילאַדעלפיא, 1849), וועלכער האָט שטודירט אַכט יאָהר אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, און דשאָרדש ד. מ. פּיישאָטאָ (געב. אין קליוולענד, אָהייאָ, 1857), דער עלטעסטער זאָהן פון בענ־דשעמין פ. פּיישאָטאָ, זיינען אָנערקענט אַלס מייסטערס צווישען אַמעריקאַנישע פּאָרטרעט מאַלערס, דער לעצטער האָט אויך געטהאָן בעדייטענדע אַרבייט אין וואַנד־געמעלדען. אַנדערע גוט בעקאַנטע אידישע קינסטלער זיינען מאַקס ראָ־זענטהאַל (געב. אין טורעק, רוסיש־פּוילען, 1833 ; געק. 1849), וועלכער האָט אַלס קינסטלער פאַר דיא רעגיערונג אין דער צייט פון בירגער קריעג געמאַכט אילוסטראַציאָנען פאַר דיא בעריכטען פון דיא מיליטערישע קאָמיסיאָן, און האָט דערנאָך געמאַכט עטצונגען פון פיעלע היסטאָרישע פּאָרטרעטען און האָט אַליין געמאָלען אַ היבשע צאָהל בילדער. אַלבערט ראָזענטהאַל (געב. אין פילאַדעלפיא, 1863) וועלכער איז גוט בעקאַנט אַלס עטצער און פּאָרטרעט־מאַלער, איז זיין זאָהן און זיין תלמיד. מאַקס וייל (געב. אין דייטשלאַנד, 1837 ; געס. 1855),

איז אם בעסטען בעוואוסט אַלס לאַנדשאַפט־מאַלער, און טאָבי עדוואַרד ראָזענטהאַל, (געב. אין ניו הייווען, קאָנעקטיקוט, 1848), וועלכער האָט געוואונען מעדאַלען אין איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ, איז אַ זשאַנר און פּאָרטרעט מאַלער וועלכער וואָהנט אין מינכען, בייערן. לואיס לאָעב (געב. אין קליוולענד, 1860; געש. אין ניו יאָרק, 1909), איז געווען אַ מאַלער און אילוסטראַטאָר. פריילײן קאַטהערינע מ. קאָהען (געב. אין פילאַדעלפיא, 1859), איז גוט בעקאַנט פאַר אַרבייט אין סקולפּטור און מאַלעריי.

צווישען דיא קאַריקאַטוריסטען און קאַרטוניסטען פון איצטיגער צייט פערדיענען דערמאָנט צו ווערען פרעדריק באָרר אָפּפּער (געב. אין מעדיסאָן, אָהייאָ, 1857); הענרי אָדער "היי" מייער (געב. אין וואָרמס, דייטשלאַנד, 1868; געקומען 1886) און ראובן לוסיוס גאָלדבערג (געב. אין סאַן פראַנציסקאָ, 1883).

דיא צאָהל אידען וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אַלס מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָרס, מוזיק־דירעקטאָרען א. ז. וו. איז זעהר גרויס און נור װעניג פון זיי קענען דאָ דערמאָנט ווערען. דר. לעאָפּאָלד דאַמראָש (געב. אין פּרייסען, 1832; געש. אין ניו יאָרק, 1885), איז געקומען אין ניו יאָרק אין 1871 אַלס דיריגענט פון דיא אַריאָן געזעלשאַפט, און איז שנעל געוואָרן זעהר ערפאָלגרייך אַלס וויאָלינִיסט און אויך אַלס דיריגענט פון זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציאָנען. ער איז געווען דער דירעקטאָר פון דיא פילהאַרמאָנישע געזעלשאַפט, פון דיא סימפאָני געזעלשאַפט און דאַן פון מעטראָפּאָליטען אָפּעראַ הויז פון ניו יאָרק. זיין עלטערער זאָהן, פראַנק ה. (געב. אין ברעסלוי, דייטשלאַנד, 1859), וועלכער איז אַכט יאָהר געווען דער דירעקטאָר פון מוזיק אין ניו יאָרקער עפענטליכע שולען, שטעהט (זייט 1905) אָן דער שפּיצע פון אינסטיטוט פון מוזיקאַלישע קונסט אין דער זעלבער שטאָדט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ פאָנד וואָס איז פאַר דיעזען צוועק איבערגעלאָזען געוואָרן פון סאָלאָמאָן לאָעב. אַ צווייטער זאָהן, וואַלטער יאָהאננעס דאַמראָש, (געב. אין ברעסלוי), דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, האָט געהייראַטעט מאַרגאַרעט דש. בלעין, דיא טאָכטער פון דעם גרויסען אַמעריקאַנישען שטאַאַטסמאַן דשיימס דש. בלעין, וועלכער איז געווען אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט אין 1884. אַ טאָכטער פון דר. דאַמראָש איז פערהייראַטהעט מיט דייוויד מאַננעס, דעם דירעקטאָר פון ניו יאָרקער "מיוזיק סקול סעטלמענט."

צווישען דיא בעוואוסטע אידישע מוזיקער וועלכע בעזוכען אָפט יונייטעד סטייטס זיינען דער פּיאַניסט יאָזעף גאַברילאָוויטש, אַ געבירטיגער פון רוסלאַנד, וועלכער האָט געהייראַטהעט דיא איינציגע איבערלעבענדע טאָכטער פון דעם גרויסען אַמעריקאַנישען הומאָריסט סעמיועל ל. קלעמענס (1835—1910, בעסער בעקאַנט אַלס "מאַרק טוועין"); יאָזעף האָפמאַן און מישא עלמאַן, וועלכער איז אויך אַ געבאָרענער פון רוסלאַנד.

אין דער וועלט פון אפערא און טהעאטער זיינען אידען פארהערשענד אלס פערוואלטער און אונטערנעהמער. דיא בעסט בעוואוסטע צווישען זיינען: דייוויד בעלאסקא (געב. אין סאן פראנציסקא, 1859), וועלכער איז אויך א פערפאסער פון דראמען; אברהם לינקאלן ערלאנגער (געב. אין באפלא, ניו יארק, 1860), וועמען'ס ברודער מיטשעל לואיס, איז ערוועהלט געווארען א ריכטער פון סופרים קאורט פון ניו יארק קאונטי אין 1906; דניאל פראהמאן (געב. אין סענדאסקי, אהייא, 1853) און זיין ברודער טשארלז (געב. דארטען אין 1860).

טשארלז קליין (געב. אין לאנדאן, ענגלאנד, 1867), איז א בעוואוסטער דראמאטורג וועמען'ס צוויי ערפאלגרייכסטע שטיקער, "דער אוקציאניערער" און "דער מוזיק-מייסטער" זיינען געשריעבען געווארען שפעציעל פאר דייווידווארפיעלד (געב. אין סאן פראנציסקא, 1866) אויך א איד, וועלכער שטעהט אין דיא פאדערסטע רייהע צווישען דיא שוישפיעלער פון לאנד. דיעזע שטיקער זיינען אויפגעפיהרט געווארען אונטער דיא פערוואלטונג פון דייוויד בעלאסקא, און דאס איז נור איינער פון דיא פיעלע פעלע אויף דער אמעריקאנישען ביהנע אין וועלכע דער פערפאסער, דער שוישפיעלער אדער שוישפיעלערין וואס שפיעלט דיא הויפט-ראלע, און דער אונטערנעהמער, זיינען אלע אידען. אסקאר האממערשטיין (געב. אין בערלין, 1847; געק. 1863), איז אן ערפינדער, דראמאטורג, אויפבויער און פערוואלטער פון טהעאטערע און אפערא הייזער, וועלכער האט געלייסטעט ווערטהפאלע דיענסטע אין דיא ענטוויקלונג פון אפערא פראדוקציאן אין יונייטעד סטייטס. סידנעי ראזענפעלד (געב. אין ריטשמאנד, ווירדשיניע, 1855) איז דער פערפאסער פון דראמאס, אפערעטען און מוזיקאלישע שטיקער וועלכע זיינען גינסטיג אויפגענומען געווארן פון פובליקום.

אין דער וועלט פון וויסענשאפט זיינען פיעלע אידען געווארן הערפארראגענד אלס אריגינעלע פארשער און אלס פראפעסארען אין אוניווערזיטעטען. פראפעסאר אלבערט אברהם מייקעלסאן (געב. אין סטרעלנא, דייטשלאנד, 1852) איז געבראכט געווארן אלס קינד נאך סאן פראנציסקא, און איז פון דארטען ארייננעטרעטען אין דיא פלאטען-אקאדעמיע פון יונייטעד סטייטס אין אנאפאליס, מערילענד, פון וועלכע ער האט גראדואירט אין 1873. ער איז געוועזען א לעהרער פון פיזיק און כעמיע אין דיא זעלבע אקאדעמיע פון 1875 ביז 1879 און האט געהאלטען אן אנדער שטעלע אלס געלעהרטער ביי דיא רעגירונג אין וואשינגטאן ביז 1880, ווען ער האט רעזיגנירט פון דיענסט אין דיא יונייטעד סטייטס נייווי. נאכדעם וויא ער האט פערבראכט אייניגע יאהרען שטודירענדיג אין דייטשלאנד און פראנקרייך, איז ער געווארן א פראפעסאר **פון פיזיק אין א וויסענשאפטליכע אנשטאלט אין קליוולענד, אהייא (9—1883).**

אין דיא פאָלגענדע דריי יאָהר האָט ער געהאַט אַן עהנליכע שטעלע אין דיא קלאַרק אוניווערזיטעט אין וואוסטער, מאַסאַטשוסעטס. זייט 1892 איז ער פּראָפעסאָר און פאָרשטעהער פון דעם דעפּאַרטמענט פון פיזיק אין דיא אוניווערזיטעט פון שיקאַגאָ. ער איז אַ מיטגליעד פון פערשיעדענע געלעהרטע געזעלשאַפטען אין אַמעריקאַ און אין אויסלאַנד, און איז איינער פון דיא קאָרעספּאָנדירענדע מיטגליעדער פון דיא אַקאַדעמיע דער וויסענשאַפט פון פראַנצויזישען אינסטיטוט. ער האָט געוואונען פיעלע פרייזען און מעדאַלען פאַר זיינע אויפטהואונגען אין וויסענשאַפט, פון וועלכע איינינגע, אַזוי וויא דער קאָפּלעי מעדאַל פון דיא קעניגליכע געזעלשאַפט פון לאָנדאָן, און דעם נאָבעל פרייז פאַר פיזיק (ביידע אין 1907), בעווייזען אַז ער איז אַנערקענט אַלס איינער פון דיא גרעסטע וויסענשאַפט־מענער פון אונזער צייט. ער איז אם בעסטען בעוואוסט אַלס דער ענטדעקער פון אַ נייע מעטהאָדע צו בעשטימען דיא געשווינדיגקייט פון ליכט. זיין איינגערער ברודער, טשאַרלז מייקעלסאָן (געב. אין ווירדשיניע סיטי, נעוואַדאַ, 1869), איז דער רעדאַקטאָר פון "שיקאַגאָ אַמעריקען", און זייער שוועסטער, פריילין מרים (געב. אין קאַלאַווערעאַס, קאַליפאָרניע, 1870) האָט פערפאַסט איינינגע נאָוועלען און שרייבט אויך קורצע געשיכטען און דראַמאַטישע קריטיק.

מאָרים בלומפיעלד (געב. אין ביעליץ, עסטרייך, 1855), וועלכער איז געבראַכט געוואָרן אַהער ווען ער איז געווען צוועלף יאָהר אַלט, איז אַ פּראָמינענטער סאַנסקריט געלעהרטער, און איז אַנערקענט אַלס דער גרעסטער לעבענדער אויטהאָריטעט איבער דיא אַטהאַרוואַ וועדאַ. ער האָט געשריעבען איינינגע וויכטיגע ווערקע איבער זיין שפעציעלען געגענשטאַנד, און איז פּראָפעסאָר פון סאַנסקריט און פערגלייכענדע פילאָלאָגיע אין דזשאַהנס האָפּקינס אוניווערזיטעט אין באַלטימאָר זייט 1881. דזשייקאָב ה. האָללאַנדער (געב. אין באַלטימאָר, 1871), וועלכער איז ערנענט געוואָרן פון פּרעזידענט מעקקינלעי אַלס שפעציעלער קאָמיסיאָנער פאַר פּאָרטאָ ריקאָ און איז שפּעטער געווען דער שאַצמייסטער פון יענע אינזעל־קאָלאָניע, איז פּראָפעסאָר פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע אין דיא זעלבע אוניווערזיטעט. פּראָפעסאָר האָלאַנדער איז ערנענט געוואָרן פון פּרעזידענט רוזוועלט אַלס שפעציעלער שטייער־אַגענט פון דיא רעגיערונג פאַר דיא אינדיאַנישע טעריטאָריע (1904) און איז דעם פאָלגענדען יאָהר אַוועקגעשיקט געוואָרן אַלס שפעציעלער קאָמיסיאָנער צו דיא רעפּובליק סאַן דאָמינגאָ, צו אונטערזוכען איהרע נאַציאָנאַל־שולדען, ווירקענדיג אין דער זעלבער צייט אַלס פערטרויטער אַגענט פון אויסווערטיגען מיניסטעריום אין בעצוג אויף דיא אַנגעלעגענהייטען פון יענער רעפּובליק. זייט 1908 איז ער דער פינאַנציעלער ראַטהגעבער פון סאַן דאָמינגאָ. פּראָפעסאָר האָללאַנדער נעהמט אַן אַקטיווען טהייל אין אידישע אַנגעלעגענהייטען, און האָט בייגעטראָגען ווערטה־

פאלע ארבייטען צו דיא פובליקאציאנען פון דיא אמעריקאניש־אידישע היס־טארישע געזעלשאפט, פון וועלכע ער איז א בעאמטער.

פראפעסאר טשארלז וואלדשטיין (געב. אין ניו יארק, 1856), דער גרויסער אויטאריטעט איבער גריעכישע קונסט און ארכעאלאגיע פון קיימברידזש יוניווער־סיטי אין ענגלאנד, איז נאך אן אמעריקאניש־אידישער געלעהרטער פון העכסטען גראד וועלכער איז פעראינטערעסירט אין אידישע אנגעלעגענהייטען. צווישען פיעלע אנדערע ביכער האט ער אויך געשריעבען "דיא אידישע פראגע און דיא מיססיאן פון דיא אידען" (1899). לואיס וואלדשטיין דער פאטהאלאגיסט און פערפאסער (געב. אין ניו יארק, 1853), און מארטין וואלדשטיין (געב. אין ניו יארק, 1854), דער כעמיקער, זיינען זיינע עלטערע בריעדער. ליואיס איינ־שטיין (געב. אין ניו יארק 1877), געוועזענער סעקרעטערי פון דיא אמעריקאנישע געזאנדשאפט אין קאנסטאנטינאפאל, וועלכער איז שפעטער געווען לעגאציאנס־סעקרעטער אין פעקינג, און איז דערנאך ערנענט געווארען פון פרעזידענט טאפט אלס געזאנדטער פון יונייטעד סטייטס אין דיא רעפובליק קאסטא ריקא, איז א שוואגער פון פראפעסאר וואלדשטיין.

טשארלז גראס (געב. אין טראי, ניו יארק, 1857; געש. 1909), פראפעסאר פון היסטאריע און פאליטישע וויסענשאפט אין הארווארד יוניווערסיטי, וועל־כער איז אין דער צייט פון זיין טויט בעטראכטעט געווארען אלס דער גרעסטער אויטאריטעט אין דער וועלט איבער דיא מיטעל־אלטערליכע און עקאנאמישע געשיכטע פון ענגלאנד, איז געווען איינער פון דיא וויצע־פרעזידענטען פון דיא אמעריקאניש־אידישע היסטארישע געזעלשאפט, און האט בייגעטראגען צו אונ־זער היסטארישע ליטעראטור א גרינדליכעס ווערק איבער דיא פינאנציעל־געזעצליכע לאגע פון דיא אידען אין ענגלאנד אין מיטעל־אלטער, און אן ענגלישע איבערזעצונג פון דר. קייזערלינג'ס בעריהמטעס ווערק איבער דעם אנטהייל פון אידען אין דיא ענטדעקונג פון דיא נייע וועלט.

פראפעסאר עדווין ר. א. זעליגמאן (געב. אין ניו יארק, 1862), א מיט־גליעד פון דיא בעוואוסטע פאמיליע פון פינאנסיערען און פילאנטראפען, וועל־כער האט אנגעפאנגען צו האלטען פארטרעגע איבער עקאנאמיע אין קאלאמביא יוניווערסיטי אין 1885, און איז דארטען פראפעסאר פון פאליטישע עקאנאמיע זייט 1891, איז אנערקענט אלס אויטהאריטעט איבער דיא פראגע פון שטייער, און דער פערפאסער פון וויכטיגע ווערקע איבער דיעזען געגענשטאנד. אדאלף קאהן (געב. אין פאריז, פראנקרייך, 1851; געק. 1871), א זאהן פון דעם פראנצויזיש־אידישען פילאנטראפ אלבערט קאהן (1814—77), איז פראפעסאר פון ראמאנישע שפראכען און ליטעראטורען אין קאלאמביא זייט 1891. זשאק לאעב (געב. אין דייטשלאנד, 1859), דער בעריהמטער ביאלאגיסט, וועלכער איז געווען א פראפעסאר אין אמעריקאנישע אוניווערזיטעטען פאר צוואנציג יאהר, איז

איצטער אָן דער שפּיצע פון דיא אַבטהיילונג פון עקספּערימענטאַלע ביאָלאָגיע אין ראָקיפעלער אינסטיטוט פאַר מעדיצינישע פאָרשונגען אין ניו יאָרק. דער פאָרשטעהער פון דיעזען אינסטיטוט איז אויך אַ איד, דר. סיימאָן פלעקסנער (געב. אין לואיוויל, קענטאָקי, 1863). זיין סערום צו היילען מענינגדשיטיס אָדער געהירן־הויט־ענטצינדונג איז איינע פון דיא גרויסע מעדיצינישע ענטדעקונגען פון אונזער צייט. דר. אברהם יאַקאָבי (געב. אין וועסטפאַלען, 1830; געק. 1853), וועלכער איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק נאָך זיין בעטהייליגונג אין דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין דייטשלאַנד אין 1848, איז געווען איבער פופציג יאָהר פּראָפעסאָר פון קינדער־קראַנקהייטען אין דיא אוניווערזיטעט פון ניו יאָרק (קאָלאָמביא 1870—1902). ער איז הויך בעעהרט געוואָרן פון דיא מעדיצי־נישע וועלט צו זיין אַכציגסטען געבורטסטאַג אין 1910, און איז אין דעם פאָל־גענדען יאָהר ערוועהלט געוואָרן פרעזידענט פון דיא אַמעריקאַנישע מעדיצינישע געזעלשאַפט.

פאַביאַן פרענקלין (געב. אין עגער, אונגאַרן, 1853), אַ נעפפע פון מיכאל היילפּרין, איז אַהער געקומען אַלס קינד און איז ערצויגען געוואָרן אין וואַ־שינגטאָן. ער איז געווען אַן אינדשיניער און פעלד־מעסטער פון 1869 ביז 1877, און פּראָפעסאָר פון מאַטהעמאַטיק אין דזשאָהנס האָפּקינס יוניווערסיטי פון 1879 ביז 1895. דיא פאָלגענדע דרייצעהן יאָהר איז ער געווען דער רע־דאַקטאָר פון דיא "באַלטימאָר ניוס" און איז איצטער איינער פון דיא רעדאַק־טערע פון דיא "ניו יאָרק איוונינג פּאָסט".

אַדאָלף היינריך יאָזעף זוטראָ (געב. אין אאַכען, רהיין־פּרייסען, 1830; געש. אין סאַן פראַנציסקאָ, 1898), איז ערצויגען געוואָרן אין דיא פּאָליטעכנישע שולען פון זיין געבורטס־לאַנד, און ווען ער איז געקומען נאָך אַמעריקאַ איז ער צוגעצויגען געוואָרן פון דיא גאָלד־ענטדעקונגען פון קאַליפאָרניע, און איז פון דאָרטען אַוועק נאָך נעוואַדאַ. ער האָט פּראָיעקטירט און שפּעטער (1869—79) אויפגעבויט דעם זוטראָ טונעל אונטער דיא קאָמסטאָק גאָלד־מיענע, און ווען ער האָט געענדיגט דיעזע אַרבייט האָט ער זיך בעזעצט אין סאַן פראַנציסקאָ, וואו ער איז ערוועהלט געוואָרן בירגער־מייסטער אין 1894. עס איז בעהויפּ־טעט געוואָרן אַז אונגעפעהר אַ צעהנטעל פון דעם גרונד־אייגענטהום פון סאַן פראַנציסקאָ האָט צו איהם געהערט, און ער האָט געשאָנקען דיא שטאָדט דעם שיינעם גרויסען פּאַרק וואָס איז בעקאַנט אַלס "זוטראָ הייהטס". ער האָט אי־בערגעלאָזען אַ ביבליאָטהעק פון איבער 200,000 בענדער אין וועלכע עס זיינען אויך געווען איבער הונדערט זעלטענע העברעאישע מאַנוסקריפּטען.

אברהם גאָטליעב (געב. אין בעהמען 1837; געק. 1866; געש. אין שיקאַגאָ 1894) האָט גראַדואירט פון פּראַגער אוניווערזיטעט און איז געווען בעשעפטיגט אין בויען אַן עסטרייכישע אייזענבאַהן ווען ער איז אַוועק נאָך אַמעריקאַ און

האט זיך בעזעצט אין שיקאגא. ווען ער איז ערוועהלט געווארן פרעזידענט פון דיא קיסטאָון בריק קאמפאניע האט ער זיך בעזעצט אין פיטסבורג (1877) און האט אין זיין נייע שטעלונג געבויט פיעלע בריקען אין פערשיעדענע טהיילען פון לאנד, דארונטער דעם מעדיסאָן עוועני בריק אין ניו יארק. ער האט זיך צוריק בעזעצט אין שיקאגא אין 1884 און איז געווען פאר א געוויסע צייט פערבונדען (פריהער אלס בעראטהענדער אינדשיניער און דערנאך אלס הויפט־אינדשיניער פון בוי־דעפארטמענט) מיט דיא וועלט־אויסשטעלונג פון שיקאגא אין 1893. ער האט אויך גענומען א לעבהאפטע אינטערעסע אין אידישע אנ־געלעגענהייטען, און איז פאר א געוויסע צייט געווען דער פרעזידענט פון דיא רודף שלום קאנגרעגיישען אין פיטסבורג און שפעטער פון דיא ציון קאנגרעגיישען אין שיקאגא.

טשארלז מ. דשייקאבס (געב. אין הולל, ענגלאנד, 1850), וועלכער האט גע־מאכט דיא פלענער פאר דיא טונעלען וואס פערבינדען דיא פענסילווועניע־איי־זענבאהן און דיא לאנג איילענד אייזענבאהן מיט דעם מיטעלפונקט פון ניו יארק, איז אן ענגלישער איד וועלכער ווערט בעטראכטעט אלס דער גרעסטער אין זיין פאך פון בויען טונעלען, דא אין לאנד אזוי גוט וויא אין אייראפא.

אידען זיינען גוט פערטראטען אין דיא פאדערסטע רייהען פון דיא מעדי־צינישע און יוריסטישע פראפעסיאנען. צווישען דיא פראמינענטע דאקטוי־רים, אויסער דיא וואס זיינען שוין פריהער דערמאנט געווארן, געפינען זיך לייטע וויא דר. אייזאק אדלער (געב. אין אלזעי, דייטשלאנד, 1849; געק. 1857); דר. מאקס איינהארן (געב. אין גראדנא, רוסלאנד, 1862; געק. 1884)ביידע פון ניו יארק; דר. דשייקאב דע סילווא סאלים־קאהען (געב. אין ניו יארק 1838) און זיין ברודער סאלאמאן (געב. אין פילאדעלפיא, 1857) וועלכע וואה־נען אין פילאדעלפיא, און דר. נאטהאן דשייקאבסאן (געב. אין סיראקיוז, ניו יארק, 1857, געשטארבען דארטען אין 1913). סעמיועל אונטערמייער (געב. אין לינטשבורג, ווירדשיניע, 1858) פון ניו יארק; לואיס ד. בראנדעיס (געב. אין לואיוויל, קענטאקי, 1856) פון באסטאן; ליוואי מייער (געב. אין ריטשמאנד, ווירדשיניע, 1858) פון שיקאגא, און ריכטער מאקס ס. סלאס (געב. אין ניו יארק 1869, וועלכער איז ניט לאנג צוריק ווידערערוועהלט געווארן אלס ריכטער פון העכסטען געריכט פון קאליפארניע) פון סאן פראנציסקא, זיינען נור עטליכע פון דיא אידישע אדוואקאטען וועלכע האבען עררייכט א הויכע שטופע אין זייער פראפעסיאן.

דיא צאהל אידען וועלכען זיינען פראמינענט אין האנדעל, פינאנס און אינדוסטריע איז ציעמליך גרויס, און מאנכע פאמיליען וויא דיא גוגענהיימס, לואיזאהנס, שיפס און שטרויסעס פון ניו יארק, און לייטע וויא דשוליוס ראָ־זענוואלד און עדווארד מאררים (געב. 1866) פון שיקאגא, שטעהען הויך אין

דיא וועלט פון גרויסע געשעפטען, דאָך ווערט קיינער פון זיי ניט אריינגערעכענט אין דיא קליינע צאָהל פון דיא אונגעהייער רייכע אַמעריקאַנער. דיא גינסטיגע לאַגע פון דיא אידען זעהט זיך דאָ בעסער אַרויס דורך דיא פערשפרייטונג פון רייכטהום, דורך דיא גרויסע צאָהל און דעם גרויסען פראָצענט בעמיטעלטע און וואָהלהאַבענדע, וויא דורך דיא העכסטע שטעלע צווישען דיא גרויסע קאַפּיטאַליסטען וואָס אידען פערנעהמען אַנדערסוואו.

# קאַפּיטעל 42.

## ליטעראַטור: העברעאישע און ענגלישע. צייטשריפטען.

קוריאָזיטעטען פון דיא פריהעסטע אַמעריקאַניש־אידישע ליטעראַטור וועלכע געהערען אַם מייסטען אויף דעם פעלד פון ביבליאָגראַפיע — רבנישע ווערק: תשובות, פירושים און ספרי דרוש — לשון קודש'דיגע ווערקע פון מאָדערנעם סאָרט — עהרליך'ס "מקרא כפשוטו" און אייזענשטיין'ס "אוצר ישראל" — נייהעברעאישע פּאָעטען און ליטעראַטען — אידישע שרייבערס אין ענגליש — "געהעטאָ־געשיכטעס" — שרייבערס איבער ניט־אידישע געגענשטענדע — וויסענשאַפטליכע ווערקע — שרייבערס איבער אידישע געגענשטענדע און מיטאַרבייטער פון דיא "אידישע ענציקלאָפּעדיע" — א. ז. פריידוס — ניט־אידישע שרייבער וועגען אידען — דיולי — פרעדריק און האפגוד — זשורנאַליסטען, רעדאַקטערע און אַרויסגעבער — דיא בריעדער אָקס; דיא ראָזוואַטערס — פּוליטצער און דע יאָנג פון אידישער אַבשטאַמונג — דיא אידישע רעליגיעזע פּרעסע אין ענגליש — דער "סאַנאַטאָריום."

דיא אידישע ליטעראַטור פון דיא נייע וועלט, אַזוי וויא אין דיא מייסטע לענדער פון דיא אַלטע וועלט, פאַנגט זיך אָן מיט לשון קודש'דיגע ספרים איבער רעליגיעזע ענינים, און פערצווייגט זיך שפּעטער פון איין זייט אין דיא שפּראַכע וואָס אידען ריידען צווישען זיך, און פון דער אַנדערער זייט אין דער לאַנדעס־שפּראַכע. רעליגיעזע ספרים זיינען ניט דיא איינציגע וואָס אידען שרייבען פאַר אַ לאַנגע צייט אויף לשון קודש, ווייל עס איז אימער דאָ אַ בעוועגונג צו וועלטליכע קענטנים וועלכע פאַנגט זיך אָן געוועהנליך מיט אַ טענדענץ צו שטודירען לשון קודש צוליעב איהר וויסענשאַפטליכען ווערטה מעהר וויא צו־ליעב איהר הייליגקייט. אין מאָדערנע צייטען האָט מען געקענט זעהן קלאָר דיעזען פּראָצעס פון ענטוויקלונג אין דייטשלאַנד, האָללאַנד, פּוילען און רוס־לאַנד, אַזוי גוט וויא אין אַמעריקאַ, חאָטש מיר האַלטען דאָ נאָך ערשט גאָר אין אָנפאַנג פון אונזער ליטעראַרישע טהעטיגקייט, און דאָס וואָס איז אויפגעטהאָן געוואָרן ביז איצטער קען אין דיא צוקונפט האָבען מעהר אינטערעסע פאַר דעם ביבליאָגראַף וויא פאַר דעם היסטאָריקער פון ליטעראַטור. אַלעס וואָס איז דאָ געשריעבען געוואָרן פון אידען פאַר אידען אין לשון קודש, שפּאַניאָליש

אָדער ענגליש ביז אונגעפעהר דעם מיטען פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, איינשליסליך דיא ווערקע און דיא צייטשריפטען וואָס זיינען דערמאָנט געוואָרן אין פריהערע קאַפּיטלען ווען דיא פערפאַסער אָדער רעדאַקטערע זיינען דערמאָנט געוואָרן, געהערען מיט ווייניג אויסנאַהמען צו דעם פעלד פון קוריאָזיטעטען.*) ערשט אין צווייטען העלפט פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען דיא צאָהל אָרטאָדאָקסישע אידען און פון אַזעלכע וואָס קענען לעזען מאָדערנע העברעאיש האָט אָנגעפאַנגען שנעל צו וואַקסען, האָט מען דאָ געמאַכט אַן ערנסטען פערזוך פאַר זיי צו שרייבען ביכער דאָ אין לאַנד.

דיא רבנישע ווערקע, אַזוי וויא "שאלות ותשובות", חדושים אויף טהיילען פון תלמוד און ספרי דרוש, שטעלען פאַר דיא פאָרטזעצונג פון דיא עלטעסטע פאָרם פון אידישע ליטעראַטור, און פערדיענען דעריבער בעהאַנדעלט צו ווערען צום ערשטען. לויט מר. אייזענשטיין געהערט דיא עהרע פון צו זיין דער ערשטער מחבר פון תשובות אין אמעריקאַ צו הרב ר' יוסף משה אהרנסאָן (געש. אין ניו יאָרק, 1874), דעם פערפאַסער פון "מטעי משה", אַ ווערק וועלכע איז וויא פיעלע אַנדערע ווערקע פון היעגע אָרטאָדאָקסישע רבנים, געדרוקט געוואָרן אין ירושלים. צווישען אַנדערע רבנישע ספרים, פון וועלכע עס איז דאָ געשריעבען געוואָרן אַ גרעסערע צאָהל וויא מען שטעלט זיך געוועהנליך פאָר, געפינען זיך דער "חקר הלכה" (ניו יאָרק, 1886) פון ר' אהרן ספּיוואַק, וועלכער איז פריהער געווען אין אָמסק, רוסלאַנד; "ספר הר־אל" אויף מסכת בכורים ירושלמי, פון ר' אברהם אליעזר אַלפּערשטיין, (שיקאַגאָ, 1886); "שואל כענין" פון ר' שלום אלחנן יפה; "הפותח והחותם" פון ר' בנימין גיטעלסאָן פון קליוולענד (ניו יאָרק 1898); "תורת מאיר" אויף רש"י פון גמרא, פון מאיר פריימאַן (ניו יאָרק, 1904); "יגיעות מרדכי", אויף תלמוד, פון מרדכי גאַרפּיל (פּיאָטרקאָוו, 1907); "בית אברהם" פון ר' אברהם עבער הירשאָוויץ (ירושלים, 1908). דער אַלטער ר' אברהם יעקב גרשון לעסער איז דער פערפאַסער פון "בית המדרש" (שיקאַגאָ, 1907), וועלכער ענטהאַלטעט דרוש און הלכה, און ר' משה שמעון זיוויץ פון פּיטסבורג האָט געשריעבען פיער ספרים איבער פערשיעדענע רבנישע געגענשטענדע, וועלכע זיינען אַלע געדרוקט געוואָרן אין ירושלים. דיא צאָהל ספרי דרוש איז נאָך גרעסער, און מען געפינט צווישען זיי "האמת העבריה" (שיקאַגאָ, 1877) און "אור חיי לבבות" (ניו יאָרק, 1885) פון יחיאל יהודה לעווינסאָן (געש. אין ניו יאָרק, 1895); "עטרת

---

*) דיא וואָס ווילען פערפאָלגען ווייטער דיעזען געגענשטאַנד, וועלכער איז קיינעסוועגס אונאינטערעסאַנט, ווערען אַנגעוויעזען אויף "פריהע אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ" פון ג. א. קאָהוט, אין דריטען באַנד פון דיא "פּאַבליקיישענס" זייטען 47—103, און צו י. ד. אייזענשטיין'ס "ענטוויקלונג פון פלפול־ליטעראַטור אין אַמעריקאַ", דאַרטען אין צוועלפטען באַנד, זייטען 47—139.

צבי״ פון ר׳ צבי לאַס (ניו יאָרק, 1902); ״נחמד למראה״ פון זאב דוב וויי־טענשטיין (קליוולענד, 1903); ״שביל הזהב״ פון ר׳ ברוך כהן (ניו יאָרק, 1903); ״מעשה חשב״ פון ר׳ חיים שרגא בראָדסקי פון נואַרק (ניו יאָרק, 1907). ״תאמי צביה״ (שיקאַגאָ 1891) אויף איינינע שווערע מאמרים אין אגדתא, פון ברוך עטעלזאָהן (1815—91), און ״שערי דעה״ (ניו יאָרק, 1899) פון ר׳ שבתי סופר, געהערען צו דעם זעלבען קלאַס, חאָטש זיי זיינען עטוואָס אַנדערש.

דער ערשטער בעדייטענדער ספר אין לשון קודש וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין אַמעריקאַ, דער ״אבני יהושע״ (ניו יאָרק, 1860), פון יהושע פאַלק בן מרדכי הכהן, איז אפילו נאָך׳ן נאָמען אַ רבנישער בוך, אָבער אין אמת גע־הערט ער צו דיא מעהר װעלטליכע ליטעראַטור װעלכע גרענעצט זיך מיט השכלה. דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט װערען פון האָלצמאַן׳ס ״עמק רפאים״ (ניו יאָרק, 1865), און אפשר אויך פון ״טוב טעם״, צו פערטהיידיגען שחיטה, פון אהרן צבי פריעדמאַן פון סטאַוויסק, (1822—66) וואָס עס װערט װעגען איהם בעהויפּטעט אַז מען האָט איהם איבערזעצט אין ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש.*) ״המחנים״ (ניו יאָרק, 1888) פון מאיר ראַבינאָוויץ, און וואָלף שור׳ס ״נצח ישראל״ קומען נעהענטער צו דעם מאָדערנעם גייסט פון אויפ־קלערונג, און װערקע וויא ״הדת והתורה״ (ניו יאָרק, 1887) און ״מציאת השם והעולם״ (1893), פון שלום יוסף זילבערשטיין (געב. אין קאָוונאָ, 1846; געק. 1881), געהען װייט אין דער ריכטונג פון אפיקורסות. װערטהפאָלע בייטרעגע צו דיא וויסענשאַפט דעם יודענטהומס זיינען געמאַכט געוואָרן פון נחמיה שמואל ליבאָוויטש (געב. אין קאַלנאַ, רוסיש־פּוילען, 1862; געק. 1881), דער פּערפאַסער פון אַ ביאָגראַפיע פון יהודה אריה דיא מודינאַ (ניו יאָרק, 1901) און אַנדערע װערקע; פון בן ציון אייזענשטאַדט, (פערפאַסער פון ״חכמי ישראל באַמעריקאַ״ (1903); פון אַרנאָלד ב. עהרליך (געב. אין וולאַדאָווקאַ, רוסיש־פּוילען, 1848) דער פערפאַסער פון אַ מערקווירדיגען פירוש אויף תנ״ך וואָס ער רופט ״מקרא כפשוטו״ (בערלין); פון אברהם חיים ראָזענבערג (געב. אין פינסק, 1838; געק. 1891) פון װעמען׳ס ״אוצר השמות״, אַ ביבלישע ענ־ציקלאָפּעדיע עס זיינען ערשיענען פיער בענדער אין ניו יאָרק; און פון יהודה דוד אייזענשטיין, אַ פּרוכטבאַרער שרייבער אין לשון קודש און ענגליש, װעל־כער גיט איצטער ארויס דעם ״אוצר ישראל״ אַ העברעאישע ענציקלאָפּעדיע, וואָס איז היינטיגעס יאָהר פערטיג געוואָרן און פאַר װעלכע דער רעדאַקטאָר אַליין האָט געשריעבען דיא מייסטע אַרטיקלען. דער ראַבינער מרדכי זאב

*) זעה, דר. ב. דראַכמאַן, ״נייהעברעאישע ליטעראַטור אין אַמעריקאַ״, אַז אַנהאַנג צו דעם זיעבעטען צוויי־יעהרליכען בעריכט פון אידישען טהעאלאָגישען סעמינאַר ניו יאָרק 1900.

אָדער מאַקס רייזין (געב. 1879) איז דער פערפאַסער פון אַ קורצע "תולדות היהודים באמיריקה" וועלכע איז ערשיענען אין ווארשאַ אין 1902.

פון ליטעראַטור אין דעם בעשריינקטען זין, דאָס הייסט ערצעהלונגען, איז אין העברעאיש כמעט גאָר ניט געשריעבען געוואָרן אין אַמעריקאַ וואָס זאָל זיין ווערטה צו דערמאָנען. אָבער מען קען ניט דיינקען פון שטודירען אָדער שרייבען ניי-העברעאיש אָהן דיא פּראָדוקציאָן פון פּאָעזיע, און אייניגע זאַמלונגען פון שירים, מייסטענס פון פערפאַסער וועלכע האָבען זיך געמאַכט אַ נאָמען אין איירָאפּאַ איידער זיי זיינען אַהער געקומען, זיינען דאָ ערשיענען. דיא פּאָעטישע ווערקע פון נפתלי הערץ אימבער, מנחם מענדעל דאָליצקי און יצחק ראַבינאָוויץ ("איש קאָוונאָ", געש. אין ניו יאָרק, 1900, 54 יאָהר אַלט), געהערען צו דיעזען קלאַס. דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען פון דיא האַלב-וויסענשאַפטליכע ווערקע פון יוסף ליב זאָסניץ (1837—1910) און אפרים דיינאַרד (געב. 1846), וועלכער האָט אין דיא לעצטע צייט צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסט פון דיא נעמען פון זעקס הונדערט ווערקע אין העברעאיש און אידיש וואָס זיינען ערשיענען אין יונייטעד סטייטס. עס זיינען אויך געוועזען אייניגע פריהערע שרייבער פון העברעאישע פּאָעזיע אין אַמעריקאַ, וויא צום ביישפּיעל משה אהרן שרייבער וועלכער האָט פערפאַסט דעם שיר "מנחת יהודה" פאַר דיא וועלט אויסשטעלונג פון פילאַדעלפיאַ אין 1876, און חיים וויינשעל (1834—1900) דער פערפאַסער פון "נטעי נעמנים" (ניו יאָרק 1891). גרשון ראָזענצווייג, דער עפּיגראַמאַטיסט און פערפאַסער פון דיא אויסגעצייכענטע תלמודישע פּאַראָדיע "מסכת עמיריקאַ", און וועלכער האָט אויך איבערזעצט דיא אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַל-לידער אין לשון קודש, איז געקומען אַהער אַלס יונגער מאַן, און זיין טאַלאַנט האָט זיך צום גרעסטען טהייל ענטוויקעלט דאָ אין אַמעריקאַ.

דיא העברעאישע פּעריאָדישע ליטעראַטור וועלכע הויבט זיך אָן מיט הירש בערנשטיין'ס "הצופה בארץ החדשה" (1870—76) וועלכע איז דערמאָנט געוואָרען אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל, האָט דאָ קיינמאָל ניט געהאַט קיין זיכערע עקזיסטענץ ביז איצטיגע צייט. דיא מייסטע לשון קודש'דיגע זשורנאַלען און מאַגאַזינען, וויא דיינאַרד'ס וועכענטליכער "הלאומי" און ראָזענצווייג'ס מאָנאַטליכער "קדימה" האָבען עקזיסטירט ווענינגער וויא אַ יאָהר. דער "היכל העבריה", ארויסגעגעבען פון נחמן בער עטעלזאָהן און ש. ל. מארקוס אין שיקאַגאָ, איז ערשיענען פון 1877 ביז 1879 אַלס אַ ביילאַגע צו זייער "איזראַעליטישע פּרעסע" וועלכע איז ערשיענען אין אידיש. מיכאל לוי ראָדקינסאָן (פרומקין, געש. אין ניו יאָרק, 1904, 59 יאָהר אַלט) וועלכער האָט שפּעטער פערפערטיגט אַן ענגלישע איבערזעצונג פון טהיילען פון תלמוד בבלי, האָט ארויסגעגעבען זיין וועכענטליכען "הקול" אין ניו יאָרק אונגעפעהר צוויי יאָהר (1889—90). וואָלף שור'ס "הפסגה", וועלכע האָט שפּעטער געהייסען "התחיה" איז ער-

שיענען אונרעגעלמעסיג פריהער אין ניו יאָרק, דערנאָך אין באַלטימאָר און צום סוף אין שיקאַגאָ, אין דיא לעצטע צעהן יאָהר פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט. דער מאָנאַטליכער "נר המערבי", ארויסגעגעבען פון אברהם ח. ראָזענבערג און דערנאָך פון ש. שווארצבערג האָט עקזיסטירט וועניגער וויא דריי יאָהר (1895—97) און אַן אנדער מאָנאַטס־שריפט, "המודיע לחדשים" פון וועלכען הערמאַן ראָזענטהאַל און אברהם ח. ראָזענבערג זיינען געווען דיא רעדאַקטאָרען (1—1900), האָט געלעבט נאָך וועניגער. דער וועכענטליכער "העברי" וועל־כער איז געגרינדעט געוואָרן פון כתריאל ה. שרהזאָהן און איז רעדאַקטירט געוואָרן פון גרשון ראָזענצווייג איז ערשיענען רעגעלמעסיג פון 1892 ביז 1898. מאָזעס גאָלדמאַן (געב. 1863; געק. 1890) האָט אָנגעפאַנגען ארויסצוגעבען זיין "הלאום" מאָנאַטליך אין 1901; שפּעטער איז עס ערשיענען איינינגע יאָהר אַלס אַ וואָכענשריפט און דערנאָך אַ קורצע צייט טעגליך. זייט ער איז אונטער־געגאַנגען האָט אַמעריקאַ ניט געהאַט קיין אַנדערע העברעאישע צייטונג ביז דער בעקאַנטער שריפטשטעלער ראובן בריינין האָט אָנגעפאַנגען ארויסצוגעבען (1911) אין ניו יאָרק זיין וועכענטליכען "הדרור" פון וועלכען עס זיינען ערשיענען פיערצעהן נומערן. ראָזענצווייג'ס מאָנאַטליכע "הדבורה" האָט אויך עקזיסטירט נור אַ קורצע צייט, און איז געווען דער איינציגער הומאָריסטישער העברעאישער זשורנאַל אין אַמעריקאַ.

* * *

דיא בייטרעגע פון אידען צו דיא אַמעריקאַנישע ליטעראַטור בעשטעהט מייסטענס פון בעשרייבונגען פון אידישען לעבען, און פון דאָס וואָס ווערט אין דיא לעצטע צייטען בעצייכענט אַלס "געהעטאָ־געשיכטען." עממאַ לאַזארוס, וועמען'ס ארבייט עס איז בעשריעבען געוואָרן אין אַ פריהערען קאַפּיטעל, האָט זיך ניט בעשריינקט אין גאַנצען אויף אידישע טהעמען, און זיא איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן אין דיזער הינזיכט פון אַנדערע אַמעריקאַניש־אידישע שריפט־שטע־לערינס, וויא מערי מאסס, וועלכע שרייבט קריטיקען; מארטהאַ מאָרטאָן, וועל־כע שרייבט דראַמאַס, און עמילי גערסאָן גאָלדסמיטה, דיא פערפאַסערין פון געשיכטעס פאַר קינדער. ענניע נייטהען מייער, דיא גרינדערין פון באַרנאַרד קאָלעדש (קאָלאָמביאַ יוניווערסיטי, ניו יאָרק), געהערט אויך צו דיזען קלאַס, אָבער מארטהאַ וואָלפענשטיין (1869—1906) שטעהט אין דיא פאָדערסטע רייהע פון דעם צווייטען קלאַס שרייבער וועלכע האָבען געפּרובירט מאָלען דעם אידישען לעבען פון דאָנען אָדער פון אויסלאַנד. צו דיזען קלאַס געהערט אויך הערמאַן בערנשטיין (געב. 1876; געק. 1893) וועלכער שרייבט וועגען רוסישע אַזוי גוט וויא וועגען אידישע אַנגעלעגענהייטען; רודאָלף בלאָק (געב. אין ניו יאָרק, 1870), דער זשורנאַליסט, וועלכער שרייבט אונטער דעם פּסיידאָנים



Photo by Elton, Cleveland, O.

מאַרטהאַ וואָלפענשטיין
Martha Wolfenstein

"ברונאָ לעסינג" ; עזרא ס. ברודנאָ (געב. 1877) ; אברהם קאהאַן, דער אַר־בייטער־פיהרער און אידישער זשורנאַליסט ; אייזאַק ק. פריעדמאַן (געב. אין שיקאַגאָ, 1870) ; און דשיימס אָפּענהיים (געב. אין סט. פּאָול, מינעסאָטאַ, 1882), וועלכער שרייבט אויך וועגען ניט־אידישע געגענשטענדע. צו דעם זעלבען קלאַס קען אויך צוגערעכענט ווערען ראַבבי הענרי איליאָוויצי (געב. אין רוסלאַנד, 1850 ; געש. אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, 1911), וועלכער האָט געוואָהנט אין יונייטעד סטייטס איבער צוואַנציג יאָהר, און האָט געשריעבען ענגלישע פּאָעטישע און פּראָזאַ־ווערקע, מייסטענס איבער אידישע און אָריענטאַלישע ענינים. ברעט הארט, דער אַמעריקאַנישער פּאָעט און נאָוועליסט, האָט גע־שטאַמט פון אידען, אָבער ער קען ניט בעטראַכטעט ווערען אַלס אַ אידישער פערפאַסער.

וויסענשאַפטליכע ווערקע וואָס זיינען געשריעבען געוואָרן פון אידישע גע־לעהרטע, פון וועלכע אייניגע זיינען דערמאָנט געוואָרן אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָבען עררייכט אַ העכערע מדרגה פון פאָרטרעפליכקייט. מען קען צו זיי צורעכענען דיא ווערקע פון דעם קונסט־קריטיקער בערנהארד בערענסאָן (געב. אין ווילנאַ, רוסלאַנד, 1865), וועלכער וואָהנט איצטער אין איטאַליען ; פון דעם אַנטהראָפּאָלאָגיסט פראַנץ באָאַז (געב. אין דייטשלאַנד, 1858), פון קאָ־לאָמביאַ יוניווערסיטי, און פון דעם סטאַטיסטיקער אייזאַק א. הורוויטש (געב. אין ווילנאַ, 1860 ; געק. 1891), וועלכער איז אויך אַן אָפטער מיטאַרבייטער אין דיא אידישע פּרעסע. מאָרים הילקוויט, דער סאָציאַליסטישער פיהרער און היסטאָריקער פון סאָציאַליזם אין יונייטעד סטייטס, האָט אויך אָפט גע־שריעבען פאַר פערשיעדענע ראַדיקאַלע צייטשריפטען. אַרנאָלד וו. ברוננער (געב. אין ניו יאָרק, 1857), דער אַרכיטעקט, האָט געשריעבען ווערקע איבער בויען הייזער און איבער אינערליכע דעקאָראַציאָנען.

אַ בעדייטענדע צאָהל ווערקע איבער פערשיעדענע אידישע געגענשטענדע זיינען געשריעבען געוואָרן פון אַמעריקאַניש־אידישע געלעהרטע. דייוויד ווער־נער אמראם (געב. אין פילאַדעלפיאַ, 1866) האָט געשריעבען איבער "דיא אי־דישע געזעצע פון גטין" (1896) ; מאָרים פישבערג (געב. אין רוסלאַנד, 1872 ; געק. 1890), איז דער פערפאַסער פון "דיא אידען : אַ שטודיע פון ראַסע און אומגעבונג" (1911) ; דשוליוס ה. גרינסטאָון (געב. אין רוסלאַנד, 1873) האָט געשריעבען איבער דעם "משיח־געדאַנקען אין אידישע היסטאָריע" (1906) ; וועהרענד מאַקס דש. קאָהלער, הענרי ס. מאָראַיס, דשאָרדש אַלעקסאַנדער קאָהוט און פיעלע אַנדערע האָבען געשריעבען וועגען אַמעריקאַניש־אידישע גע־שיכטע אין בעזונדערע ווערקע, אין דיא "פּאָבליקיישענס" און אין דיא אידישע ענציקלאָפּעדיע. אייזאַק מאַרקענס (געב. אין ניו יאָרק, 1846) איז דער פער־פאַסער פון "דיא אידען אין אַמעריקאַ" (1888), וואָס פון זיינע ווערטהפאָלע

מאַטעריאַל און פון דיא אַנדערע ווערקע וואָס זיינען דערמאָנט דאָ און אין דיא נאָטיצען, איז פיעלעס בענוצט געוואָרן צו פערפערטיגען דיעזעס ווערק. אברהם זלמן פריידוס (געב. אין ריגאַ, רוסלאַנד, 1867; געק. 1889), דער בעריהמטער אידישער ביבליאָגראַף וועלכער שטעהט אָן דער שפּיצע פון דיא אידישע אַב־טהיילונג אין דיא עפענטליכע ביבליאָטהעק פון ניו יאָרק, וואו עס געפינט זיך איינע פון דיא ווערטהפאָלסטע זאַמלונגען פון העבראַיקאַ און יודאַיקאַ אין דער וועלט, (געשאָנקען פון דשייקאָב ה. שיף), איז דער פערפאַסער פון ביבליאָגראַ־פישע ליסטען פון אידישע געגענשטענדע, און פון "אַ סיסטעם פון קלאַסיפי־צירונג פון אידישע ליטעראַטור" וועלכע האָט אַ גרויסען ווערטה פאַר אידישע ביכער־זאַמלער און ביבליאָטהעקאַרען. אַלאַיז קייזער (1840—1908) און וויליאַם שפּאַרגער זיינען דיא פערפאַסער פון "אַ זאַמלונג פון דיא הויפּט־מעלאָ־דיען פון סינאַגאָג" (שיקאַגאָ, 1893), און פּלאַטאָן ג. ברונאָף (געב. אין רוסלאַנד, 1863) דער קאָמפּאָזיטאָר, האָט צווישען אַנדערע ווערקע, ארויסגעגעבען אַ באַנד אידישע פאָלקס־ליעדער מיט מעלאָדיען.

דער בעדייטענדסטער פון דיא ביכער איבער אידישע געגענשטענדע וואָס זיינען געשריעבען געוואָרן פון ניט־אידען אין יונייטעד סטייטס, איז "דיא בעזעצונג פון אידען אין נאָרד אַמעריקאַ" פון טשאַרלז פּ. דיילי (1816—99) וועלכע איז איינע פון דיא קוועלען פאַר דיעזעס ווערק. דר. מעדיסאָן ס. פּי־טערס האָט געשריעבען אייניגע פּאָפּולערע און סימפּאַטהישע ווערקע וועגען אידען; און האַראָלד פרעדריק אין זיין "נייע אויסוואַנדערונג" (ניו יאָרק, 1892), גיט אַ לעבהאַפטע בעשרייבונג פון דיא צושטענדע אין רוסלאַנד אין דער צייט פון דיא בענייטע אויסווייזונגען פון מאָסקוואַ און אַנדערע פּלעצער אין 1891. האַטשינס האַפּגוד, דער פערפאַסער פון דעם "גייסט פון גהעטאָ" און מיירא קעללי (מרס. אַללאַן מעקנאַהטאָן, געש. 1910) זיינען צווישען דיא וואָס האָבען געפּרובירט בעשרייבען דעם אידישען אימיגראַנט אין זיינע נייע, געדיכט־בעזעצטע געגענדען, ווען ער איז אין מאַנכע הינזיכטען אונפערשטענד־ליך פאַר זיך אַליין אַזוי גוט וויא פאַר אַנדערע.

אַ היבשע צאָהל אידען האָבען פערנומען און פערנעהמען איצטער פּראָמי־נענטע שטעלונגען אַלס זשורנאַליסטען, רעדאַקטערע, און ארויסגעבער פון צייטונגען. מרדכי עמנואל נאָאַה איז געווען איינער פון דיא איינפלוסרייכע צייטונגס־לייטע אין ניו יאָרק אין זיין צייט (זעה אויבען זייטע 141). עדווין דע לעאָן, וועלכער איז אויך דערמאָנט געוואָרן אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל, איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דיא "סאַוטהערן פּרעס" אין וואַשינגטאָן, וועלכע איז אין זיין צייט בעטראַכטעט געוואָרן אַלס דער אָרגאַן פון דיא איינוואָהנער פון דיא סאַוטה אין דיא הויפּט־שטאָדט. באַרנעט פיליפּס (געב. אין פילא־דעלפיא, 1828; געש. 1905) איז מעהר וויא דרייסיג יאָהר געווען פערבונדען

מיט דיא "ניו יאָרק טיימס" וועלכע ווערט איצטער אַרויסגעגעבען פון אַדאָלף ס. אָקס (געב. אין סינסינעטי, 1858), וועלכער האָט געהייראַטהעט אַ טאָכטער פון ראַבבי אייזאַק מ. וויז. זיין איגגערער ברודער, דשאָרדש וואַשינגטאָן אָקס (געב. אין סינסינעטי, 1861) איז איצטער אַן דער שפּיצע פון פילאַדעל־פיער "פּאָבליק לעדשער", און אַ דריטער ברודער, מילטאָן באַרלאָו אָקס (געב. אין סינסינעטי, 1864), איז פריהער געוועזען דער רעדאַקטאָר פון "טשאַטאַנוגאַ טיימס" און גיט איצטער אַרויס דעם "נאַשוויל אַמעריקען". מאָררים פיליפּס (1834—1904), איז געוועזען דער הויפּט־רעדאַקטאָר און אייגענטהימער פון "ניו יאָרק האָום דשוירנעל" פאַר צעהנדליגע יאָהרען. עדוואַרד ראָזוואָטער (געב. אין בעהמען 1841; געק. 1854; געש. אין אָמאַהאַ נעבראַסקאַ, 1906), איז פיעלע יאָהרען געוועזען דער רעדאַקטאָר פון "אָמאַהאַ ביע" וועלכע איז אונטער איהם געוואָרן איינע פון דיא גרעסטע צייטונגען פון דיא מיטעל־וועסט, און ווערט איצטער אַרויסגעגעבען פון זיין זאָהן, וויקטאָר ראָזוואָטער (געב. אין אָמאַהאַ, 1871), וועלכער איז אַ מיטגליעד פון דיא רעפּובליקאַנישע נאַציאָנאַלע קאָמיטע פאַר דעם סטייט נעבראַסקאַ און איז געוואָרן איהר פּאָרזיצענדער אין 1912. פיליפּ ראַפּאָפּאָרט (געב. אין דייטשלאַנד, 1845) איז אונגעפעהר צוואַנציג יאָהר געוועזען דער רעדאַקטאָר פון דיא "אינדיאַנאַפּאָלים טריביון." סעמיועל שטרויס, פון דעמאָין, אייאָוואַ, איז דאָרטען געוועזען דער אייגענטהימער פון "רעדשיסטער ענד ליעדער" און איז שפּעטער געוועזען דער אַרויסגעבער פון דיא "ניו יאָרק גלאָוב". דשאָסעף פּוליצער (געב. אין אונגאַרן, 1847; געק. 1864; געש. 1911), פון דיא "ניו יאָרק וואָירלד" איז געוועזען פון אידישער אָב־שטאַמונג, און אַזוי איז אויך מייקעל העררי דע יאָנג (געב. אין סט. לואיס, 1848), דער אייגענטהימער און רעדאַקטאָר פון "סאַן פראַנציסקאָ קראָניקל". סאַלאָמאָן סאָלים קאַרוואַלהאָ (געב. אין באַלטימאָר, 1856), דער זאָהן פון דעם קינסטלער, סאַלאָמאָן נ. קאַרוואַלהאָ, איז דער הויפּט־פערוואַלטער פון וו. ר. הוירסט'ס צייטונגען. אַ גרויסע צאָהל אידען פערנעהמען פערשיעדענע שטעלען אין דיא רעדאַקציאָנען פון צייטונגען און מאַגאַזינען איבער'ן גאַנצען לאַנד, פון רעדאַקטערע, ליטעראַרישע, דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע קריטי־קער ביז רעפּאָרטערס. פיעלע זיינען אויך פערבונדען מיט דיא געשעפטליכע טהיילען פון זשורנאַליזם, אַלס אַרויסגעבער, פערוואַלטער א. ז. וו.

דיא וויכטיגסטע פון דיא עלטערע אידישע צייטונגען אין דיא לאַנדעס־שפּראַכע זיינען דערמאָנט געוואָרן אין פריהערע קאַפּיטלען. דיא "מאָנאַטליכע מנורה" וועלכע איז פאַר פיעלע יאָהרען אַרויסגעגעבען געוואָרן פון מאָריטץ עללינגער, איז געוועזען דער בעסטער אידישער מאַגאַזין אין אַמעריקאַ און האָט אויך עקזיסטירט לייגגער וויא אַנדערע פון דיעזען סאָרט. דער "ניו אירא אילאָסטרייטעד מאַגאַזין" וועלכער איז איייניגע יאָהר אַרויסגעגעבען געוואָרן

פון איזידאָר ליוואַי (געב. אין אָלבאַני, ניו יאָרק 1850), פון דיא רעדאַקציאָן פון דיא "ניו יאָרק טריביון", איז אויך געווען אַ ווערטהפאָלע צייטשריפט. דער ציוניסטישער "מאַקאַבעאַן" איז איצטער דיא איינציגע אידישע מאָנאַט־שריפט אין ענגליש וואָס ווערט אַרויסגעגעבען אין אַמעריקאַ. עס איז דאָ אַ האַלב־מאָנאַטליכע צייטונג, דער "בני ברית מעסענדשער" פון לאָס אַנדשעלעס, קאַליפאָרניע (געגרינדעט 1897) און איבער צוואַנציג וואָכענשריפטען, פון וועל־כע דיא מייסטע האָבען נור אַ לאָקאַלע אינטערעסע. דיא וויכטיגסטע פון זיי זיינען: דער "אַמעריקען היברו" געגרינדעט 1879, פון פיליפ קאָוען (געב. אין ניו יאָרק, 1853); דער "אַמעריקען איזראַעליט" און זיין שיקאַגאָ׳ער אויס־גאַבע, געגרינדעט פון אייזאַק מ. ווייז אין 1854; דער "עמנואל" פון סאַן פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1895 פון ראַבבי דזשייקאָב פאָארזענגער (געב. אין אַמסטערדאַם, האָללאַנד, 1852; געש. 1908); דער "היברו סטענדאַרד" פון ניו יאָרק, געגרינדעט 1883, פון דשייקאָב פ. סאַלאָמאָן (געב. אין מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, 1838; געש. אין ניו יאָרק, 1909); דער "דשואיש קאַממענט" פון באַלטימאָר, געגרינדעט 1895, פון וועל־כע לואיס ה. לעווין (געב. אין באַלטימאָר, 1866) איז דער רעדאַקטאָר; דער "דשואיש עקספאָנענט" פון פילאַדעלפיאַ, געגרינדעט 1886; דער "דשואיש וואָיס" פון סט. לואיס, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1884 און ווערט נאָך איצטער אַרויסגעגעבען פון ראַבבי מאָריטץ שפּיץ (געב. אין אונגאַרן, 1848); דער "רעפאָרם אַדוואָקייט" פון שיקאַגאָ, געגרינדעט אין 1891 פון דר. עמיל ג. הירש, וועלכער איז נאָך איצטער זיין רעדאַקטאָר. אַ צייטשריפט וואָס ערשיינט נור איינמאָל אין אַ פאָר מאָנאַט און פערדיענט דערמאָנט צו ווערען איז דער "סאַנאַטאָריום", וועלכער ווערט אַרויסגעגעבען זייט 1907 פון דר. ס. ד. ספיוואַק, אַלס דער אָרגאַן פון דיא געזעלשאַפט צו העלפען אי־דישע שווינדזיכטיגע פון דענווער, קאָלאָרעדאָ.

# קאַפּיטעל 43

## אידישע ליטעראַטור, דראַמאַ און דיא פּרעסע.

אידישע פּאָעטען אין יונייטעד סטייטס קענען זיך פערגלייכען מיט דיא פּאָעטען פון דיא זעלבע שפּראַכע אין אַנדערע לענדער, אויב זיי שטייגען זיי ניט אַריבער — מאָררים ראָזענפעלד — "יהואש" און שאַרקאַנסקי — באָוושאָווער און אַנדערע ראַדיקאַלע — צונזער — אַלט־מאָדישע ערצעהלונגס־שרייבער — סקיצען־שרייבער וועלכע זיינען אונטער דעם איינפלוס פון רוסישע רעאַליסטען — אבנר טאַנענ־בוים — אַלעקסאַנדער האַרקאַווי — "קראַנץ", הערמאַליז, זעווין און אַנדערע — אברהם גאָלדפאַדען און דיא דראַמען־שרייבער וואָס זיינען געוואָרן זיינע נאָכפאָלגער — יעקב גאָרדין און דיא רעאַליסטען — אידישע שוישפּיעלער און שוישפּיעלערינען — דיא אידישע פּרעסע — דיא הויכע שטעלונג וואָס איז עררייכט געוואָרן פון דיא טעגליכע צייטונגען — וועכענטליכע און מאָנאַטליכע צייטשריפטען.

דיא אידיש־דייטשע אָדער אידישע ליטעראַטור האָט דאָ אין לאַנד עררייכט אַ ציעמליך הויכע שטופע פון ענטוויקלונג, און מאַנכע פון דיא בעסערע אַר־בייטען פון דאַנען קענען זיך פערגלייכען גינסטיג מיט דיא זעלבע סאָרט אַרבייט פון רוסלאַנד. דיעזעס איז בעזאָנדערס וואהר פון פּאָעזיע און דיא דראַמאַ, חאָטש דיא ערשטע בעשטעהט מייסטענס פון באַללאַדען אָדער קורצע לירישע ליעדער, און דיא לעצטע געהט זעלטען ווייטער וויא אַדאַפּטירונג. מאָררים ראָזענפעלד (געב. אין רוסיש־פּוילען, 1862; געק. 1886), ווערט בעטראַכטעט אַלס דער בעסטער אידישער פּאָעט פון דיא נייע וועלט, און אַ טהייל פון זיינע ווערקע זיינען איבערזעצט געוואָרען אין ענגליש און אייניגע אַנדערע אייראָפּיי־אישע שפּראַכען. סעמיועל בלומגאַרדען ("יהואש", געב. אין ווירבאַללען, רוס־לאַנד, 1870; געק. 1892), איז עבענזאָ בעגאַבט, און דיא ליעדער פון אברהם מ. שאַרקאַנסקי (1867—1907) געהערען צו דיא בעסטע פון דיא אידישע שפּראַך. דער פערשטאָרבענער דוד עדעלשטאַט, מאָררים ווינטשעווסקי (געב. אין רוסלאַנד, 1856; געק. 1893) און י. באָוושאָווער (געב. אין רוסלאַנד, 1874; קראַנק זייט 1899), זיינען דיא ראַדיקאַלע פּאָעטען וואָס דיא טענדענץ אין

זייערע געזענג פערדונקעלט אָפט דיא קונסט. דער אַלטער פּאָפּולערער דיכ־טער, אליקום צונזער (געב. אין ווילנא ארום 1840 ; געש. 1913), האָט געשריע־בען מאַנכע אויסגעצייכענטע ליעדער זייט ער איז אהער אָנגעקומען. דער אידישסטער, און אין מאַנכע הינזיכטען דער גרעסטער, פון אַלע אידישע ליעדער־שרייבער, אברהם גאָלדפאדען (געב. אין רוסלאַנד, 1840 ; געש. אין ניו יאָרק, 1908), געהערט אלס פּאָעט, נאָך מעהר וויא אלס שוישפּיעל־פערפאסער, צו דיא אַלטע וועלט.

נחום מאיר שייקעוויטש (שמ״ר, געב. אין רוסלאַנד, 1849 ; געש. אין ניו יאָרק 1905); מ. זייפערט (געב. אין ווילקאָמיר, רוסלאַנד, ארום 1850 ; געק. 1887); און דער העברעאישער פּאָעט דאָליצקי פערטרעטען דיא אַלט־מאָדישע ערצעהלונגס־שרייבער אין דיא היעגע אידישע ליטעראַטור. דיא וואָס געהען נאָך נייערע מעטהאָדען זיינען מייסטענס סקיצען־שרייבער אונטער דעם איינ־פלוס פון רוסישע רעאַליסטען, און עס געהערען צו זיי צווישען אַנדערע: יעקב גאָרדין (געב. אין רוסלאַנד, 1853 ; געק. 1890 ; געש. אין ניו יאָרק, 1909) ; בערנהארד גאָרין (געב. אין לידא, רוסלאַנד, 1868 ; געק. 1893); לעאָן קאָברין (געב. אין רוסלאַנד, 1872 ; געק. 1892) ; ז. ליבין (געב. אין רוסלאַנד, 1872 ; געק. 1893) און דוד פּינסקי, וועלכע האָבען אַלע אויך געשריעבען פאַר דער ביהנע און פאַר פערשיעדענע צייטשריפטען. פון דיא פיעלע שרייבער, אָדער ריכטיגער געזאָגט איבערזעצער און אדאָפּטירער, פון דיא לאַנגע סענסאַציאָנעלע ערצעהלונגען וועלכע זיינען ערשיענען אין העפטען און אין צייטונגען, און שפּע־טער אין דיקע בענדער, פערדיענט נור איינער, וועלכער האָט זיי איינגעפיהרט, דערמאָנט צו ווערען.

דיעזער איינער איז אבנר טאַנענבוים, (געב. אין שירווינט, רוסלאַנד, 1848 ; געש. 1913), דער ניצליכסטער אידישער שרייבער אין אמעריקא. זיין גייכטער סטיל האָט געמאַכט אַז אפילו דיא וואָס זיינען אין גאַנצען ניט גע־ווען געוואָהנט צו לעזען זאָלען איהם פערשטעהן, און ער האָט דערמיט געהאָל־פען שאַפען דעם פּובליקום וועלכען ער האָט בעלעהרט זייט מעהר וויא צוואַנציג יאָהר מיט זיינע איבערזעצונגען פון ערצעהלונגען וואָס ענטהאַלטען פיעלע איינ־פאָרמאַציאָן וועגען דיא פיזישע און דיא טעכנישע וועלט, אַזוי וויא זשול ווערן׳ס, און זיינע אונצעהליגע פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע און היסטאָרישע ארטיקלען אין פערשיעדענע צייטשריפטען.

אַלעקסאַנדער הארקאַווי (געב. אין נאָוואָהראָדאָק, רוסלאַנד, 1863 ; געק. 1882), האָט געטהאָן פיעל ניצליכע ארבייט פאַר דעם אידישען אימיגראַנט פון דיא סלאַווישע לענדער אין אַן אַנדער ריכטונג, דורך שרייבען האַנד־ביכער צו ערלערנען דיא ענגלישע שפּראַכע, אידיש־ענגלישע, רוסיש־ענגלישע,

העברעאיש־ענגלישע מעטהאָדען, ווערטער־ביכער, פאָלקס־לעהרערס, בריעפען־שטעלער א. ז. וו. ער איז אויך געווען א מיט־ארבייטער אין פערשיעדענע אידישע צייטונגען און דער רעדאַקטאָר פון איינינע פון זיי, איינשליסליך דיא אידיש־אַמעריקאַנישע וואָכענבלאַט (ניו יאָרק, 1894), אין וועלכע דיא אידיש איז ער־שיענען מיט אַן ענגלישע איבערזעצונג, שורה אויף שורה.

"פיליפ קראַנץ" (פסיידאָנים פאַר יאַקאָב ראָמבראָ, געבאָרן אין פּאָדאָליען, 1858; געק. 1890), איז דער פערפאַסער פון איינינע בעלעהרענדע ווערקע, דאַרונטער געפינט זיך אַ קולטור־געשיכטע און אַן "ענגלישער לעהרער" פאַר אידען. ד. מ. הערמאַלין (געב. אין וואַסלין, רומעניען, 1865; געק. 1886), האָט געשריעבען און איבערזעצט פיעלע ווערקע איבער אַלערליי ענינים, פון מעטהאַפיזישע אָבהאַנדלונגען ביז עקסטרעם־רעאַליסטישע ערצעהלונגען. ישראל י. זעווין ("תשר"ק", געב. אין רוסלאַנד, 1872; געק. 1889), וועלכער האָט ענטוויקעלט אַ כאַראַקטעריסטישען אַמעריקאַניש־אידישען הומאָר, האָט אָפּגע־דרוקט זאַמלונגען פון זיינע הומאָריסטישע סקיצען און בעשרייבונגען פון דעם לעבען פון דיא האַלב־אַמעריקאַניזירטע אידישע אימיגראַנטען. עהנליכע זאַמ־לונגען פון אַנדערע הומאָריסטען, וויא א. ד. אָגוז און דוד אַפּאָטהעקער (געש. 1911), זיינען אויך ערשיענען אין דיא לעצטע עטליכע יאָהר. ב. פייגענבוים, דר. א. קאַספּע און אַנדערע ראַדיקאַלע פּראָפּאַגאַנדיסטען האָבען געשריעבען פיעלע ביכער און פּאַמפלעטס וועלכע קענען בעטראַכטעט ווערען אַלס האַלב־וויסענשאַפטליך, מייסטענס מיט דעם צוועק צו ערקלערען זייערע טהעאָריען צו דיא מאַסען. ב. ר. ראַבבינס איז געווען דער אַרויסגעבער פון אַ "אידישע געשיכטע" אין אידיש, דיא איינציגע פון דעם סאָרט וואָס איז פערפאַסט גע־וואָרן אין אַמעריקאַ.

דער פּאָפּולערער רעדנער, צבי הירש מאַסליאַנסקי (געב. אין סלוצק, רוסלאַנד, 1856; געק. 1895), געהערט צו אַ בעזונדערע קלאַס פאַר זיך אליין אַלס דער פערפאַסער פון אַ בוך פון אידישע "דרשות" (1908).

דיא אידישע דראַמאַ וועלכע איז אויפגעוואַקסען ווענינער אונאַבהייננינג וויא יעדער אַנדער טהייל פון אידישע ליטעראַטור, האָט ערריכט איהר פריי־עסטע און העכסטע ענטוויקלונג דאָ אין אַמעריקאַ. דיא מעלאָדראַמאַס און אָפּערעטאַס פון אברהם גאָלדפאַדען, פון וועלכע איינינע זיינען דאָ געשריעבען גע־וואָרן, בלייבען נאָך אימער דיא בעסטע שטיקער פון אידישען רעפּערטואַר, און עס שיינט אַז זיי וועלען איבערלעבען דיא ערנסטערע ווערק פון דיא שפּע־טערע פּעריאָדע. אַ גרויסע מעהרהייט פון דיא שטיקער וואָס זיינען געשריעבען אָדער איבערזעצט אָדער אַדאַפּטירט געוואָרן פאַר דיא אידישע ביהנע אין יוניי־טעד סטייטס געהערען צו דעם זעלבען קלאַס וויא גאָלדפאַדען׳ס, און אין דיא

מייסטע פון זיי קען מען לייכט בעמערקען זיין איינפלוס. די פראָדוקטיווסטע און ערפאָלגרייכסטע דראַמאַטורגען פון דיעזען קלאַס זיינען נאָך דיא אָרדנונג פון זייער אָנקומען אהער: יאָזעף לאַטיינער (געב. אין רומעניע ארום 1855; געק. 1883); מאָזעס הורוויץ (געב. אין סטאַניסלאַו, גאַליציען, 1844; געש. אין ניו יאָרק, 1910); נחום מאיר שייקעוויטש און אין דיא לעצטע צייט אויך זיין זאָהן אברהם שמר; רודאָלף מאַרקס (ראָדקינסאָן), פיינמאַן און טהאָמאַשעווסקי, דיא שוישפּיעלער; זייפערט, שאַרקאַנסקי, הערמאַלין, זאָלאָטערעווסקי, אַנשעל שאָר און אַנדערע האָבען דאָ אויך געשריעבען און שרייבען איצטער פאַר דיא אידישע ביהנע מיט מעהר אָדער וועניגער ערפאָלג.

יאַקאָב גאָרדין איז געווען אַן דער שפּיצע פון דיא ערנסטערע שולע פון אידישע דראַמאַטורגען אין אַמעריקא וועלכע האָבען געמאַכט אַ פערזוך אריינצובריינגען — אויך דורך איבערזעצונגען און אַדאַפּטירונגען — דיא פּראָבלעם־דראַמאַ, דיא פּסיכאָלאָגישע און רעאַליסטישע שטיקער אויף דער אידישער ביהנע. זיי האָבען אָנגעפאַנגען אַ נייע עפּאָכע וועלכע איז שוין איצטער כמעט צו ענדע. גאָרדין'ס גוטער סטיל און טעכניק האָבען געמאַכט מאַנכע פון זיינע שטיקער ציעמליך פּאָפּולער, און זיי ווערען איצטער אויך פיעל געשפּיעלט אין דעם אויפגעלעבטען אידישען טהעאַטער אין רוסלאַנד. ז. ליבין און ל. קאָברין זיינען פאַר אַ געוויסע צייט געווען זיינע טרייעסטע נאָכפאָלגערס, און אייניגע אַנדערע ליטעראַטען האָבען געפּרובירט געהן אויף זיין וועג. אָבער אויסער דיא צייטווייליגע פּאָפּולאַריטעט פון אייניגע שטיקער האָט דיעזע שולע זיך דאָ ניט געקענט איינוואָרצלען, ווייל איהר פונדאַמענט שטעהט אויף רוסישע בעגריפע און רוסישע אידעאַלען וואָס האָבען דאָ קיין פּלאַץ. בערנהאַרד גאָרין און דייוויד פּינסקי האָבען אויך געשריעבען שטיקער וועלכע האָבען ליטעראַרישע מעלות, און אזוי האָבען געטהאָן נאָך אייניגע וועלכע קענען ניט קלאַסיפיצירט ווערען אַלס אַנהייננגער פון דיא נייע שולע.

דיא בעגאַבטעסטע אַקטיאָרען און אַקטריסעס פון דיא אָריגינעלע טרופּען וועלכע דער גרינדער פון אידישען טהעאַטער, גאָלדפאַדען, האָט אָרגאַניזירט אין רומעניען, רוסלאַנד, און שפּעטער אין עסטרייך, זיינען געקומען נאָך אַמעריקא אין פערשיעדענע צייטען אין פערלויף פון דיא לעצטע דרייסיג יאָהר. זיי צוזאַמען מיט אַנדערע פעהיגע שוישפּיעלער און פערוואַלטער וועלכע האָבען פיעל געלערנט פון זייערע אַמעריקאַנישע קאָלעגען, האָבען דאָ געבראַכט דיא אידישע ביהנע אויף אַ העכערע שטופע פון ענטוויקלונג וויא זיא האָט עררייכט אין אַנדערע לענדער. דיא פּראָמינענטעסטע צווישען זיי זיינען: יאַקאָב פּ. אַדלער (געב. אין אָדעסאַ, 1855; געק. 1886) און זיין פרוי סערעה; זיגמונד מאָגולעסקאָ (געב. אין בעסאַראַביען, 1858), וועלכער איז געקומען אונגעפעהר

אין דער זעלבער צייט; מאַדאַם ק. ליפּצין; מאַדאַם בערטהאַ קאַליש, וועלכע איז אַריבער פון דיא אידישע אויף דיא אַמעריקאַנישע ביהנע; באָריס טהאָ־מאַשעווסקי (געב. אין קיעוו, 1866; געק. 1881) און זיין פרוי בעססיע; דייוויד קעסלער, רעגינאַ פּראַגער, מאַדאַם לאָבעל, בערנהארד בערנשטיין, מאָסקאָוויטש, טהאָרנבערג (געש. 1911), מאַדאַם עפּשטיין, מאַדאַם אבראַמאָוויטץ, בלאַנק, גליקמאַן, פישקינד, הערר און מאַדאַם טאַבייאַס, הערר און מאַדאַם טאַנצמאַן און אַנדערע. מאָריטץ מאָריסאָן, דער דייטשער שוישפּיעלער, ערשיינט גע־לעגענטליך אויף דער אידישער ביהנע, און לעצטענס רודאָלף שילדקרויט, אַ געבאָרענער פון רומעניען, וועלכער איז געווען פּראָמינענט אויף דער דייטשער ביהנע אין אייראָפּאַ, האָט זיך בעזעצט אין ניו יאָרק אַלס אַן אידישער שוי־שפּיעלער

כמעט אַלע פּערפאַסערס פון אידישע ווערקע וועלכע זיינען דאָ אויבען דער־מאָנט געוואָרן, און פיעלע פון דיא דראַמאַטורגען, האָבען געשריעבען אָדער שרייבען נאָך איצטער פאַר דיא אידישע פּרעסע, וועלכע האָט דאָ עררייכט איהר העכסטע ענטוויקלונג. דיא אידישע פּרעסע וועלכע איז בעאיינפלוסט געוואָרן פון דעם ביישפּיעל פון דיא אַמעריקאַנישע צייטונגען, איז אין דיא לעצ־טע צוואַנציג יאָהר דורך דיא אויפמערקזאַמקייט וואָס זיא האָט געשאָנקען צו נייעס און צו טאַגעס־פראַגען וואָס קענען אינטערעסירען איהרע לעזער, דורך איהר שאַרפקייט און קלאָרקייט, און דורך איהר נאָהענטקייט צו דעם שטראָם פון לעבען, געקומען אויף אַ העכערע מדרגה וויא דיא אידישע צייטונ־גען אין לענדער וואו זיי קענען האָבען אַ גרעסערעס פּובליקום. דיא "אידישע גאַזעטען" פון ניו יאָרק איז איצטער דיא עלטעסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט וואָס ווערט געדרוקט מיט אידישע בוכשטאַבען, און דיא אינגערע פּאָפּולערע וואָכען־צייטונג, "דער אַמעריקאַנער", אַפּעלירט וואהר־שיינליך צו אַ גרעסערעס פּובליקום וויא אַלע אידישע מאַגאַזינען פון דער פערגאַנגענהייט אָדער געגענוואַרט. דיא אידישע טעגליכע צייטונגען שטעהען אין דיא פאָדערסטע רייהע פון אַלע ניט־ענגלישע צייטונגען פון אמעריקאַ אין בעצוג אויף צירקולאַציאָן, וואהרשיינליך ווייל דיא צרות פון דיא אידען אין סלאַווישע לענדער פעראורזאַכען אַז דער אידישער אימיגראַנט זאָל דאָ בלייַ־בען פעראינטערעסירט אין צייטונגען וועלכע ברייגגען דיא נייעס און בעהאַנדלען דיא פראַגען פון דיא אַלטע היימאַטה, לייכטער וויא דאָס איז דער פאַל פון דעם ניט־אידישען אימיגראַנט. דיא עלטעסטע אידישע טעגליכע צייטונג איז "דאָס אידישע טאַגעבלאַט" וועלכע ווערט איצטער רעדאַקטירט פון לעאָן זאָלאָטקאָף, דער גרינדער און מעהרערע יאָהרען דער רעדאַקטאָר פון שיקאַגאָ'ער "אידישען קוריער" (געגרינדעט אַלס אַ וואָכענשריפט 1887; טעגליך זייט 1891). דיא צווייטע אין פּונקט פון עלטער איז דער "פּאָלקס־אַדוואָקאַט" וועלכער איז גע־

גרינדעט געוואָרען אַלס אַ וואָכען־צייטונג אין 1887, פון וועלכע עס איז אַרויס־געקומען דער "טעגליכער אידישער העראַלד" (1894) וואָס איז אין 1905 געוואָרען דיא "וואַהרהייט" אונטער דיא רעדאַקציאָן פון לואיס מילער. דער סאָציאַליסטישער "פאָרווערטס" פון וועלכען אברהם קאַהאַן איז דער רעדאַקטאָר, איז געגרינדעט געוואָרען אין 1897, און ער ערשיינט, אַזוי וויא יענע צוויי, נאָכמיטאָג. "דער אידישער מאָרגען זשורנאַל", דיא פיערטע טעגליכע אידישע צייטונג פון ניו יאָרק איז געגרינדעט געוואָרען אין 1901 פון יעקב סאַפּירשטיין (געב. אין ביאַליסטאָק, רוסלאַנד, 1853; געק. 1887), וועלכער שטעהט נאָך איצטער אָן דער שפּיצע פון דיא רעדאַקציאָן. עס איז אויך דאָ אַ פילאַדעלפיער "מאָרגען זשורנאַל" אונטער דיא לייטונג פון דשייקאָב גינסבורג.

דיא "אידישע פּרעסע" פון שיקאַגאָ, דיא "אידישע טעגליכע פּרעסע" פון קליוולענד, אָהייאָ, און דער טעגליכער "קענעדער אַדלער" פון מאָנטרעאָל, קענעדע, פון וועלכען ראובן בריינין איז דער רעדאַקטאָר, זיינען דיא אַנדערע טעגליכע אידישע צייטונגען וועלכע עקזיסטירען אין אַמעריקאַ. פון דיא וועכענטליכע צייטונגען איז דיא "פרייע ארבייטער שטימע" (געגרינדעט 1899) מילד אַנאַרכיסטיש; דיא "אידישע ארבייטער וועלט" (1909) איז דער אָרגאַן פון דיא ראַדיקאַלע פון שיקאַגאָ; "דער קיבעצער" איז דיא עלטעסטע אילוסטרירטע הומאָריסטישע צייטונג וועלכע ערשיינט אין ניו יאָרק. עס זיינען אויך דאָ איינינע פאַך־צייטונגען, וויא "דיא נייע פּאָסט" פון דיא קליידער־אינדוסטריע אַרבייטער, און "דער אידישער בעקער" פון דיא בעקערס יוניאָן א. ז. וו.

דער קאָנסערוואַטיווער "פאָלקספריינד", אַרויסגעגעבען פון יוסף זעליג גליק, ערשיינט אין פּיטסבורג זייט 1889. "דאָס אידישע פאָלק" איז דער ציוניסטישער אָרגאַן וועלכער ערשיינט זייט 1909 און ווערט רעדאַקטירט פון אב. גאָלדבערג; "דער אידישער רעקאָרד" פון שיקאַגאָ האָט אָנגעהויבען צו ערשיינען אין 1910. דיא מאָנאַטליכע "צוקונפט" ערשיינט מיט געוויסע אונטערברעכונגען זייט 1892, און דיא "יום טוב בלעטער" פון חנן י. מיניקעס ערשיינען איינינע מאָל אַ יאָהר זייט 1897.

אַ קלאַס פּראָפעסיאָנעלע שרייבער און רעדאַקטאָרען פון וועלכע מאַנכע זיינען שפּעציאַליסטען מיט בעדייטענדע פעהיגקייטען, איז אויפגעוואַקסען צו ערפילען דיא פאָדערונגען פון דיא אידישע פּובליקאַציאָנען, בעזאָנדערס פון דיא טעגליכע צייטונגען. אויסער דיא וואָס זיינען פריהער דערמאָנט געוואָרען געפינען זיך אונטער זיי צווישען אַנדערע, גדליה בובליק, י. ל. דאַלידאַנסקי, וויליאַם עדלין, ל. עלבע, דשייקאָב פישמאַן, דר. פאַרנבערג, יוסף פריעדקין, י. פריעדמאַן, י. גאָניקמאַן, דר. ב. האָפמאַן, ש. יאַנאָווסקי, אפרים און נ. קאָפּ־

לאַן, ז. קאָרנבליטה, א. ליעסין (וואלט), דשייקאָב מאַגידאָוו, חיים מאַליץ, אברהם רייזען, בערנהארד שעלווין, יואל סלאָנים, נייטהען זווירין, י. מ. וואָלפסאָן, דר. ח. זשיטלאָווסקי און ישראל ציוני. פון דיא פערשטאָרבענע אידישע זשורנאַליסטען פערדיענען דערמאָנט צו ווערען מ. בוקאַנסקי (1841—1904) און יונה פאַליי (1871—1907) צווישען דיא לייטע וועלכע האָבען בייגעטראָגען צו דיא ענטוויקלונג פון אידישען צייטונגס־וועזען אין אַמעריקאַ.

# קאפּיטעל 44

## איצטיגע צושטענדע. דיא צאָהל און דיא פערשפּרייטונג פון אידען אין אַמעריקאַ. שלום־וואָרט.

דיא פערשפּרייטונג פון דיא אידען איבער'ן לאַנד און אין דיא קאָלאָניעס — דיא צאָהל אידען אין יונייטעד סטייטס איז אונגעפעהר דריי מיליאָן — דיא צאָהל אידישע קהלות אין דיא פערשיעדענע סטייטס — דיא צאָהל אידען אין דיא גרויסע שטעדט — דיא צאָהל שולען אָדער קאָנגרעגיישענס איז פיעל גרעסער וויא מען געפינט אין דיא פערצייכנונגען — דער פּראָצעס פון אויפלעזונג און דיא קרעפטען וועלכע אַרבייטען דאַגעגען — נייע שול־געביידען — צדקה־אַרבייט פערדונקעלט ניט מעהר דיא אַנדערע טהעטיגקייטען פון דיא געמיינדע וויא אין דיא פריהערע פעריאָדע, און מען שיינקט מעהר אויפמערקזאַמקייט צו ענינים פון אידישקייט — בעסערע בעציהונגען צווישען פערשיעדענע עלעמענ־טען און דיא טענדענץ זיך צו פעראייניגען — זעלבסט־קריטיק און אונצו־פריעדענהייט וועלכע העלפען מען זאָל זוכען פערבעסערונגען — אונזער גרויסע געלעגענהייט — דיא האָפנונג אויף אַ העברעע ציוויליזאַציאָן אין וועלכע דיא אונגערעכטיגקייטען פון דיא עלטערע אָרדנונגען וועלען ניט ווידער ערשיינען.

עס וואָהנען איצטער (1913) אידען אין יעדען סטייט און טעריטאָרי פון יונייטעד סטייטס, און עס זיינען דאָ קליינע געמיינדען אין האַוואַייאי, פּאָרטאָ ריקאָ און אויף דיא פיליפּינען אינזלען. עס זיינען פאַראַן אידישע אָרגאַניזאַ־ציאָנען אין דיא פאָרם פון אַ שול, אַ לאַדש אָדער אַ חברה קדישא אין מעהר וויא זיעבען־הונדערט־און־פופציג פערשיעדענע פּלעצער, פון דיא שטעדטלאַך וואו עס איז דאָ אַ מנין נור אום ימים נוראים ביז דיא ריעזיגע אידישע געמיינדע פון ניו יאָרק וועלכע ווערט געשאַצט אויף נאָהענט פון אַ מיליאָן נפשות. וואו עס איז מעגליך געווען צו קריעגען ריכטיגע ציפער וועגען דיא צאָהל אידישע איינוואָהנער אין קלענערע שטעדטלאַך און וועגען דיא צאָהל שולען אין גרע־סערע שטעדט, זיינען זיי מייסטענס גרעסער וויא דיא פערעפענטליכטע ציפער און אָפּשאַצונגען, און עס שיינט צו זיין בערעכטיגונג צו שטעלען דיא צאָהל אידען אין לאַנד אויף ניט ווייט פון דריי מיליאָן, אויב דיעזע צאָהל איז שוין ניט ווירקליך עררייכט געוואָרן. דיא גרעסטע קהלות און דיא גרעסטע צאָהל

קהלות בלייבען אין דיא איסט און דיא מיטעל־וועסט, אָבער דיא פערשפּרייטונג איבער׳ן גאַנצען לאַנד איז פיעל גרעסער וויא מען נעהמט געוועהנליך אָן.

עס זיינען צום ביישפּיעל פאַראַן פיערציג שטעדט און שטעדטלאַך אין סטייט טעקסאַס וואו עס עקזיסטירען אידישע געמיינדען; אַנדערע סטייטס פון דער סאוטה וויא אַלאַבאַמאַ, לואיזיענע, מיסיסיפּי און ווירדשיניע, האָבען יעדער אונגעפעהר אַ העלפט פון דיעזער צאָהל, און אַרקאַנסאָו, דשאָרדשיע, נאָרטה קאַראָליינאַ, סאוטה קאַראָליינאַ און טענעסי האָבען אונגעפעהר יעדער צו צעהן. עס געפינען זיך צו דריי אָדער פיער אידישע געמיינדען אין יעדען פון דיא צוויי נייע סטייטס, אַריזאָנאַ און ניו מעקסיקאָ; אָקלאַהאָמאַ האָט פינף; פלאָרידאַ ביים ברעג פון דרום זייט און מעין אין ווייטעסטען צפון זייט פון מזרח האָבען יעדער צו האַלבע דוצענד; קאַליפאָרניע האָט מעהר וויאביידע פון זיי צוזאַמען, וואַשינגטאָן האָט דריי און אָרעגאָן איינע. פון דיא אַנדערע סטייטס אין דיא ווייטע וועסט האָט יוטאַה צוויי געמיינדען, מאָנטאַנאַ צוויי, איידאַהאָ איינע, ווייאָמינג איינע און קאָלאָרעדאָ ניין. קומענדיג נעהענטער צו דיא מיטעל־וועסט און צו דיא סטייטס וועלכע גרענעצען זיך מיט דער סאוטה, געפינען מיר פיער קהלות אין נעבראַסקאַ, אַכט אין קענזעס, צוועלף אין מיזורי, דרייצעהן אין אייאָוואַ, אַכט אין קענטאָקי און פינף אין וועסט ווירדשיניע. נאָרד דאַקאָטאַ האָט פינף, מינעסאָטאַ אַכט, אין דער צייט וואָס ניינצעהן קהלות אין וויסקאַנסין און פיער־און־צוואַנציג אין מישיגען ווייזען דעם איינפלוס פון דיא נאָהענטקייט צו דיא גרויסע מיטעל־סטייטס וואו אידען וואָהנען שוין פון צוויי דורות. צווישען דיעזע סטייטס האָט אילינאָיז דיא גרעסטע צאָהל אידען, ווייל זיא ענטהאַלטעט דיא גרויסע געמיינדע פון שיקאַגאָ, אָבער דיא צאָהל שטעדט מיט אידישע קהלות, דריי־און־צוואַנציג, איז דאָרטען עטוואָס קלענער וויא אין סטייט אינדיענע, וואו עס זיינען דאָ זעקס־און־צוואַנציג אָדער אָהייאָ, וואו עס זיינען פאַראַן זיעבען־און־צוואַנציג. מיר זעהען אויך דאָס זעלבע אין דיא צוויי גרעסטע שטעדט אין מזרח פון לאַנד, וואו, אויב מיר זאָלען רעכנענען גרויס־ניו־יאָרק אַלס איין איינציגע געמיינדע, איז דיא צאָהל שטעדט וואָס ענטהאַלטען בעזונדערע געמיינדען עטוואָס קלענער וויא אין פּענסילוועניע, וואו עס זיינען דאָ צוויי־און־זעכציג אַזעלכע פּלעצער. ניו דשוירסי האָט מעהר וויא פיערציג; פון דיא ניו ענגלאַנד שטאַאטען איז מאַסאַטשוסעטס דער ערשטער מיט פינף־און־דרייסיג, און קאָנעקטיקוט קומט נאָך איהם מיט צוואַנציג. רהאָוד איילענד האָט זיעבען, ווערמאָנט און ניו העמשיר צו פיער. איין געמיינדע אין דיסטריקט אָוו קאָלאָמביע (דיא הויפּט־שטאָדט וואַשינגטאָן), פינף אין מערילענד און איינע אין דעלעווער ענדיגען דיא ליסטע.*)

*) דיעזע ציפער זיינען געגרינדעט אויף דיא אונפאָלשטענדיגע ליסט פון אידישע

פילאדעלפיא און שיקאגא זיינען אויסער ניו יארק די איינציגע צוויי שטעדט וועלכע האבען יעדע מעהר וויא הונדערט טויזענד אידען. באסטאן האט אונגעפעהר דריי פיערטעל פון דיעזע צאהל, באלטימאר, קליוולענד און סט. לואיס האבען יעדע אן ערך פון פופציג טויזענד, און נאך זיי קומען נוארק, סאן פראנציסקא, פיטסבורג און סינסינעטי מיט אונגעפעהר דרייסיג טויזענד יעדע. דיטראיט, באפלא, פראווידענס און דשוירסי סיטי קומען נאך זיי יעדע מיט א העלפט דערפון, און ראטשעסטער, סיראקיוז, ניו הייווען, מילוואקי, לואיוויל, ניו ארלינס און קענזעס סיטי געהערען צו די קלאס שטעדט מיט צעהן טויזענד אדער מעהר אידישע איינוואהנער. די צווילינג־שטעדט מינעא־פאליס און סט. פאול וואלטען אויך געהערט צו דיעזען קלאס ווען מען זאל זיי רעכענען פאר איין שטאדט, וועלכעס זיי זיינען אויך אין דער ווירקליכקייט. די נאציאנאלע הויפט־שטאדט, וואשינגטאן, געהערט צו די שטעדט וועלכע האבען צווישען פינף און צעהן טויזענד אידישע איינוואהנער, צו וועלכע עס געהערען אויך אלבאני, ניו יארק; קאלאמבוס, אהייא; דאלאס, טעקסאס; דענוועך, קאלארעדא; פאל ריווער, מאסאטשוסעטס; הארטפארד, קאנעקטיקוט; אינדיאנאפאליס, אינדיענע; לאס אנדשעלעס, קאליפארניע; מעמפיס, טענעסי; אמאהא, נעבראסקא; פעטערסאן, ניו דשוירסי; פארטלענד, ארעגאן; סקרענטאן, פענסילווניע; סיאטל, וואשינגטאן און טרענטאן, ניו דשוירסי. עס זיינען דא אלטע און וויכטיגע געמיינדען וועלכע בעשטעהען פון וועניגער וויא פינף טויזענד, אבער זיי געהערען צו א קלאס וואס איז צו גרויס דא אויסגערעכענט צו ווערען.

קאנגרעגיישענס אדער שול־געמיינדען ווערען נאכאנאנד ארגאניזירט און שולען ווערען אויפגעבויט אין פלעצער וואו קיינע האבען פריהער עקזיסטירט, וועלכעס ווייזט א גראדענווייזע פערשפרייטונג פון אידען איבער אלע טהיילען פון לאנד, און אין די גרויסע שטעדט ווערען געבויט נייע שולען אלס דער רע־זולטאט פון פעראייניגונגען אדער פון בעזעצונגען אין נייע נאכבארשאפטען. אבער די וואס פערצייכענען די צאהל שולען בעמערקען געוועהנליך נור די געביידען וועלכע זיינען געווידמעט אין גאנצען פאר רעליגיעזע צוועקען, און די קליינע קאנגרעגיישענס וועלכע דאווענען אין געדונגענע פריוואט־פלעצער ווערען מייסטענס פערזעהן. די סטאטיסטיקס וועגען קאנגרעגיישענס אין יונייטעד סטייטס זיינען דעריבער מעהר פעהלערהאפט וויא די ציפער וועגען יעדען אנדערען טהייל פון אידישע טהעטיגקייט, און דער סך הכל פון דעם אויבען־דערמאנטען יאהר־בוך (פאר תרס"ט, זייטע 65), וואו די צאהל ווערט

---

לאקאלע ארגאניזאציאנען אין יונייטעד סטייטס וועלכע איז ערשיענען אין אמעריקאניש־אי־דישען יאהרבוך פאר תרס"ח (1907), און אויסער וואס עס איז דארטען פערפעהלט געווארן דארף מען אויך צורעכענען דעם צו־וואקס פון די לעצטע פינף יאהר.

אָנגעגעבען אַלס 1745 דאַרף פערדאָפּעלט ווערען צו זיין נעהענטער צום אמת, אפילו אויב מען זאָל אָננעהמען דיא קלענסטע אָפּשאַצונג אַזוי ווייט וויא עס אָנבעלאַנגט צו דיא צאָהל אידען אין לאַנד.

אויב מען מוז צוגעבען אַז עס געהט אָן אַ פּראָצעס פון אויפלעזונג אין וועלכען דער פּעסימיסט זעהט עטוואָס ערגערעס וויא אָן איבערגאַנג אָדער אַ צו־פּאַסונג צו נייע בעדינגונגען אין אַ נייע וועלט, איז עס פון אַנדערען זייט אויך אויפפאַלענד אַז עס ווערט געמאַכט פיעל אָנשטרענגונג צו ווירקען געגען דיא קרעפטען פון פערניכטונג. דיא פערשיעדענע עלעמענטען פון דיא אידישע געמיינדע, וועלכע רעפּרעזענטירען פיעלע לענדער און פערשיעדענע פּעריאָדען פון איינוואַנדערונג, קומען זיך איצטער צוזאַמען און פאַנגען זיך אָן צו פערשטעהן איינער דעם אַנדערען אַזוי וויא דער אינסטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג וואָלט זיי געטריעבען צו פעראייניגונג. דיא גרויסע טהעטיגקייט אין בויען שולען און בתי מדרשים, אין וועלכע עס בעטהייליגען זיך פיעלע וועלכע זיינען פריהער געוועזען גלייכגילטיג אָדער גאָר פיינדליך, איז איינע פון דיא סימנים פון דעם פערזוך צו ערהאַלטען דעם יודענטהום דאָ אין לאַנד. פיעלעס ווערט געטהאָן פאַר צדקה און פאַר אידישע ערציהונג, דיא לעצטע קריעגט מעהר אויפמערק־זאַמקייט וויא אירגענד ווען אין דער פערגאַנגענהייט. דיא עפענטליכע שולען פון דיא גרויסע שטעדט, נאָכפאָלגענדיג דעם ביישפּיעל פון ניו יאָרק, האָבען איבערגענומען דעם גרעסטען טהייל פון דיא ארבייט פון אַמעריקאַניזירען דעם אימיגראַנט וואָס פלעגט פריהער געטהאָן ווערען אין אידישע אַנשטאַלטען. דער פּראָצענט און אויך דיא ווירקליכע צאָהל פון דיא וואָס זיינען אַבהייגגיג פון וואָהלטהאַט ווערט קלענער, און חאָטש דיא צדקה־אַנשטאַלטען דאַרפען נאָך אימער זעהר פיעל, קען מען דאָך געבען איצטער מעהר אויפמערקזאַמקייט צו שפּעציעלע אידישע ענינים וויא אין דיא פּעריאָדע ווען דיא פראַגע פון דיא מאַטעריעלע נויטה פון דיא אימיגראַנטען האָט פערדונקעלט יעדע אַנדערע טהע־טיגקייט פון דיא אידישע געמיינדע.

דיא פּראָבעס וואָס ווערען געמאַכט זיך צו אָרגאַניזירען אויף אַ מעהר אַלגעמיינעם אופן, צו פערשמעלצען אָדער צו פערבינדען עקזיסטירענדע אָר־גאַניזאַציאָנען, ווערען אונטערנומען פיעל אָפטער און זיינען אויך ערפאָלגרייך אין מעהר פעלע וויא אין פריהעריגע פּעריאָדען, וועלכעס צייגט אויף זעהר קלאָר דעם גייסט פון דער צייט אין אַמעריקאַנישען יודענטהום. אין דיא מייסטע גרויסע שטעדט אויסערהאַלב ניו יאָרק זיינען דיא וויכטיגע לאָקאַלע צדקה־אַנשטאַלטען פעראייניגט געוואָרען אין אַ פעדעראַציאָן, און דיעזער פּלאַן געפינט אימער מעהר אַנהיינגער אין אַנדערע פּלעצער וואו ער איז נאָך ניט אָנגענומען געוואָרען. דיעזע פעדעראַציאָנען, פון וועלכע עס זיינען שוין איצטער דאָ מעהר וויא אַ דוצענד, און פיעלע אַנדערע וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען פון גרעסערע

און קלענערע שטעדט, זיינען פערטראטען אין דעם נאציאנאלען קאנפערענץ פון אידישע טשאריטיס פון יונייטעד סטייטס (ארגאניזירט 1899).

מען מערקט אויך אין אונזער געמיינדע־לעבען, אזוי וויא אין אמעריקא־נישען עפענטליכען לעבען בכלל, די טענדענץ פון זעלבסט־קריטיק וועלכע ענטשטעהט אפט אין פערליימדונג, די אייביגע אונצופריעדענהייט מיט אלעם וואס מען האט אויפגעטהאן ביז איצטער און מיט די איצטיגע אומשטענדען, סימנים פון אן אויפריכטיגען וואונש צו ערגרייכען נאך בעסערע רעזולטאטען. חאטש די אונצופריעדענהייט און די שלעכטע מיינונג וואס פיעלע פון אונז האבען וועגען די גייסטיגע לאגע פון די אידען אין אמעריקא האבען אן אונשעצבארען ווערטה אלס א טריעב־קראפט צו פערבעסערונגען, פערדונקלען זיי אפט די אויגען פון דעם פרעמדען בעאבאכטער, בעזאנדערס אויב ער קומט פון א לאנד וואו עס איז א מנהג מען זאל זיך אליין לויבען און מען זאל זיין צופריעדען מיט די הערשענדע אומשטענדען. עס איז נאך אפשר צו פריה צו מאכען דעם באלאנס פון די געמיינשאפטליכע טהעטיגקייטען פון די אידען פון אמעריקא, אדער צו פרובירען אנצווייזען וויא ווייט מיר זיינען געקומען צו די לעזונג פון די דרינגענדסטע פראבלעמען. אבער מען זעהט איבעראל צייכענס פון א קרעפטיגעם לעבען, און די אינטערעסע פון דעם איינצעלנעם אידען אין אידישע אנגעלעגענהייטען ווערט שטענדיג גרעסער. עס איז דעריבער דא יעדע אורזאכע צו גלויבען און צו האפען אז די געלעגענהייט וואס מיר האבען דא צו ברייננגען דאס אידישע הויז אין ארדנונג — די בעסטע און פיעללייכט די ערשטע געלעגענהייט אין גלות — וועט אויסגענוצט ווערען אויף דעם בעסטען אופן פון די צוקונפטיגע דורות פון געבארענע אמע־ריקאנישע אידען.

מיר דארפען זיך שעצען גליקליך וואס מיר האבען דא קיינע אידישע פראב־לעמען אין דעם זין וויא מען פערשטעהט דיעזעס אין די הינטערשטעליגע לענ־דער פון די אלטע וועלט. מיר דארפען ניט פערשווענדען א טהייל פון אונזער בעסטע ענערגיע אין צוריק שלאגען אנגריפע פון אן אנטיסעמיטישע פרעסע אדער פון א אידענפיינדליכע פארטיי, און אונזער ניצליכקייט פאר זיך אליין אזוי גוט וויא אונזערע שכנים איז דערמיט פיעל גרעסער. מיטגליעדער פון פרעמדע און פיינדליכע ראסען פערטראגען זיך דא אין לאנד פיעל בעסער וויא אירגענד אנדערסוואו אין איצטיגער צייט אדער אין די פערגאנגענהייט, און זייערע קינדער וועלכע זיינען דא געבארן קומען ארויס פון דעם ״שמעלץ־טאפ״ פער־איייניגט דורך א פאטריאטיזם און א וואונש פאר פערבעסערטע בעדינגונגען און פריינדליכערע בעציהונגען וועלכע כאראקטעריזירען דעם אמעריקאנער. די וועלטליכקייט פון דער רעגיערונג און די פערשיעדענארטיגקייט פון די גלויי־בענס וועלכע הערשען דא מאכען עס פאר אונמעגליך אז עס זאל זיך דא פער־

שפּרייטען דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם וואָס איז דיא ווירקליכע אורזאַכע פון אידישע פערפאָלגונגען אין אַנדערע לענדער; דיא פרייהייט און גלייכהייט וואָס זיינען דאָ גאַראַנטירט יעדען בירגער מוזען אליין פערלאָרען ווערען איידער עס קען דאָ פאָרקומען אַז דיא צושטענדע זאָלען ווערען אַזוי אונגינסטיג וויא אַנדערסוואו. דער איד קען ווערען אַן אַמעריקאַנער און בלייבען אין רעליגיעזער הינזיכט אָפּגעזונדערט פון אַנדערע, און ער קען דיעזע אָפּגעזונדערטקייט פערליערען נור דורך זיינע אייגענע נאַכלעסיגקייט אָדער אונטרייהייט. לאָמיר האָפען אַז דיא וואָס אַרבייטען איצטער ערנסט צו בעפעסטיגען און אויפצובויען אידישקייט אין אַמעריקאַ וועלען זיין ערפאָלגרייך, און אַז דער שיקזאַל אָדער דיא געטליכע השגחה וואָס האָט אונז ערהאַלטען זייט טויזענדע יאָהרען, האָט אונז געבראַכט אַהער זיך צו בעטהייליגען אונטער נייע אומשטענדען אין דיא ענטוויקלונג פון אַ העכערע ציוויליזאַציאָן אין וועלכע דיא אונגערעכטיגקייטען פון דיא פריהעריגע וועלען ניט ווידער ערשיינען.

ע נ ד ע.

